THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE





MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| AUTHOR | Stein, Abraham Samuel, 1912-1960. |
| TITLE | Pinkas Bendin / ha-'orekh, A. Sh. Shtain. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Hotsa'at Irgun yots'e Bendin be-Yiśra'el, 719 [1959] |
| DESCRIPT | 431 p. : ill., facsims. ; 31 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Będzin -- History. |
| | Będzin (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Będzin. |
| ADD'L TITLE | Pinkes Bendin, a memorial to the Jewish community of Bendin (Poland) |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING

PRINTED IN THE U.S.A.

# פנקס בנדין

העורך:

**א. ש. שטיין**

חברי המערכת:

**דוד ליור, מרדכי המפל**



כותל המזרח בבית הכנסת

אֵלֶּה אֶזְכְּרָה וְאֶשְׁפְּכָה עָלַי נַפְשִׁי...

(תהלים מ"ב, ה')

**הוצאת ארגון יוצאי בנדין בישראל**

**תל־אביב, תשי"ט - 1959**

# תוכן ענינים - אינהאלט

## ח.
## השואה



## ט.
## נפש לנופלים על הגנת הארץ



## י.
## ארגוני יוצאי בנדין בעולם
## בענדינער לאנדסלייט אין דער וועלט

# ירושלים ד׳זגלמביה

מה ניתן לומר, בפתח הספר הזה, ולא נאמר בדפיו, האוצרים בתוכם את זכרי עברה ואת דמויות אישיה, את רטט חייה ושאר רוחה ונפשה, ואת פרשיות וכליונה של אם קהלות היהודים בדרומה־מזרחה של פולין, של בנדין, ירושלים ד׳זגלמביה?

אכן, יהודים בנוה ופיתוחה. דורות שיקעו בה מרצם וכושרם והיא היתה עיר יהודית, כוורת של פעלתנות ויצירה, של חמדת חיים ומידות טובות של שאיפות נעלות ואהבת ציון וישראל.

יהודי שביקש כרטיס־נסיעה ברכבת לבנדין, היה המוכר הנכרי מתלוצץ ואומר: — לירושלים...

מבין השטין עולה לעיני רוחו של הקורא סערת־חיים, פועם של כשרון־עשייה וחריצות, מלחמת־קיום תדירה עקשנות ואופטימיות, אהבת עם־ואדם, עולם של חסידות ותורה, ציונות וחלוציות, תנועות פועלים ונוער — עם יהודי בזעיר אנפין, עם לוחם ויוצר, גאה ואמיץ. והוא שוכן בתוך מלכות הפחם והברזל, בסמוך לגבול הדמים.והוא ניבט אליך מן התצלומים הרבים אשר בספר, מהמון־העם הנקהל להקביל פניו של הרבי מגור, מקבוצות הפעילים לזרמיהם ולדגליהם, מחבורות הצעירים ועסקני הצבור, מפניהם המאירות, הגלויות, הנאות של נשים וגברים, זקנים וצעירים, ודומה, מאחוריהם אורב להם מלאך המוות, אך הם אינם מעלים על הדעת...

וגם כאשר כבר נתונים היו בצפרניו, ועד לאחרית נשימתם, הם נאבקו, האמינו, קיוו, עמדו על נפשם. אין לקרוא ללא ריגשה פנימית עמוקה פרקיו האותאנטיים של דוד ליור (מתוך הספר „עיר המתים", תל־אביב, תש״ו), אשר חרדת ההשמדה ואימותיה עומדת בהן בכל חריפותה ומעטים כמותם ב„ספרות" החורבן; ואת ספורו של אריה ליור, על מערכת הגבורה בה עמד הנוער היהודי החלוצי עם משמידי עמנו מזה ועם משרתיהם מקרב היהודים מזה; ואת אסופת־הדמויות המקורית והמאלפת של מרדכי המפל ואת תרגומיו; ואת תרומתו של מ. ש. גשורי, שערכה להיסטוריוגרפיה של יהדות פולין בכללה; ואת פרקי ההוד של הנוקמים הבודדים ומבריחי־הנשק והבונקרים הלוחמים, ושל הצעירות המורדות בתוככי אושויץ, קברם של יהודי זגלמביה — מבחנים טראגיים, חד־פעמיים, נוראי־הוד גם בתולדות המרטירולוגיה היהודית בחורבן השלישי.

אילו לא היו בודדים ומבודדים, אילו, לפחות, סייעו בידם להשיג נשק! — קובלנה מרה זו חוזרת ועולה מרשימותיהם של הניצולים, שלא שכחו.

בנדין של מטה איננה עוד. דללו מעיינות של חיים וחיות. חרבו אוצרות של מרץ יוצר, נכרתה תפארת אדם, ואולם לעד יחיה זכרה בספר החיים של יהדות פולין, אֵם הגלויות, של מלחמת עמנו ותרבותו, של יצירתו ותרומתו לבנין המולדת.

הספר הזה מופיע ט״ז שנה אחרי החורבן, פרי עמלם הנאמן של בני בנדין ושרידיה, הדור האחרון של ילידיה, מאיר כנר־נשמה דולק לזכר הקהלה הקדושה שנכרתה, ועיקר שליחותו אולי לדור הבנים.

תהי נשמתה של קהלת בנדין צרורה בצרור חיי הנצח של בית ישראל!

**העורך**

*

וואָס נאָך קען מען זאָגן אינעם אריינפיר און ס'איז נישט געזאָגט געוואָרן אין די עמודים פון דעם ספר בענדין? אנטהאלטן זיי דאָך די זכרונות פון איר פאַרגאַנגענהייט און די געשטאַלטן פון אירע פערזענליכקייטן, דעם ריטם פון איר לעבן און גייסט און נשמה, און אויך די פרשיות פונעם גערא‍נגל און אומקום פון דער מאמע פון די יידישע קהלות אין דרום־מזרח פוילן, פון בענדין ירושלים ד'זאַגלעמביע.

יאָ, יידן האָבן זי פונאַנדערגעבויט און פונאַנדערגעבליט. דורות האָבן אריינגעלייגט אין איר זייער ענערגיע און פעהיקייטן און נשמה און זי איז געוואָרן אַ יידישע שטאָט, אַ בינשטאָק פון אַקטיווקייט און שאַפונג, פון לעבנסלוסט און גוטע מידות, פון דערהויבענע שטרעבונגען און אהבת ציון וישראל. פלעגט אַ ייד בעטן אַ באַן־בילעט קיין בענדין, פלעגט זיך דער גויישער פאַרקויפער וויצלען: — קיין ירושלים...

פון צווישן די שורות פונעם בוך אנטפלעקט זיך פאַר די גייסט־אויגן פונעם לעזער אַ לעבנס־שטורעם, וואָס פולסירט מיט פלייס און טאַט־פעהיקייט, אַן עקזיסטענץ־קאַמף דורכגעדרונגען מיט עקשנות און אָפּטימיזם, פאָלק־און־מענטש־ליבע, אַ וועלט פון חסידות און תורה, ציוניזם און חלוציזם, ארבעטער־און יוגנט־ באַוועגונגען, אַ יידיש פאָלק אין מיניאַטור, אַ קעמפעריש און שעפעריש פאָלק, שטאָלץ און מוטיק, אינערהאַלב דעם קעניגרייך פון קוילן און אייזן, ביים בלוטיקן גרענעץ. און ער קוקט ארויס צו דיר פון די פילע בילדער פונעם בוך, פון דער מאַסע, וואָס איז מקבל פנים דעם גערער רבי'ן, פון די גרופּן אַקטיוויסטן אויף זייערע שאַטירונגען און פענער, פון יוגנטלעכע און געזעלשאַפטלעכע טוער, פון די ליכטיקע, אָפענע שיינע פנימער, פון פרויען און מענער, אַלט און יונג, און ס'שיינט ווי דער מלאך המות לויערט הינטער זיי, הגם ס'קומט זיי כלל נישט אויפ'ן געדאַנק...

און אויך ווען זיי זענען שוין געווען אין זײַנע נעגל, און ביז צו זייער לעצטן אָטעם־הויך, האָבן זיי זיך געראַנגלט, געהאָפט, געגלויבט, זיך פאַרטיידיקט. אוממעגלעך צו לייענען אָן אַ טיף־אינערלעכער אויפטרייסלונג די אויטענטישע קאַפּיטלעך פון דוד ליוור (פונעם בוך „עיר המתים" ת"א, תש"ו), וואָס דער ציטער פון דער פאַרניכטונג און אירע שוידערלעכקייטן לעבט אין זיי, אין זייער גאַנצער שאַרפקייט, און ווייניק זענען פאַראַן ענלעכע קאַפּיטלען אין דער חורבן־ליטעראַטור; און דאָס וואָס ס׳דערציילט אריה ליוור וועגן דער העלדישער דאָפּלטער מערכה פון דער חלוצישער יוגנט מיטן מערדערלעכן שונא און זײַנע יידישע משרתים; און די זעלטענע געשטאַלטן־גאַלעריע פון מרדכי האַמפּעל און זײַנע איבערזעצונגען; און דעם בייטראַג פון מ. ש. גשורי, וואָס באַרייכערט די יידישע היסטאָריאָגראַפיע בכלל; און די לייכטנדיקע קאַפּיטלען פון די פאַראייניזאַמטע נקמה־נעמער און געווער־שמוגלער און קעמפּענדיקע בונקערס, און פון די אויפשטענדלעריגס אין סאַמע אושוויץ, דעם קבר פון זאַגלעמביער יידנטום. טראַגישע, איינמאַליקע, שרעקלעך־דערהויבענע נסיונות אויך אין דער מאַרטיראָלאָגיע פונעם דריטן חורבן.

וואָלטן זיי נישט געווען איינזאַם און פאַראייניזאַמט, וואָלט מען זיי געהאָלפן, לכל הפחות, צו באַקומען געווער! — אָט די ביטערע טענה חזרט זיך איבער אין אַ ריי רשימות פון די געראַטעוועטע, וואָס האָבן נישט פאַרגעסן.

בענדין־של־מטה איז מער נישט פאַראַן. אויסגעטריקנט זענען די קוואַלן פון לעבן און חיות, חרוב די אוצרות פון שעפערישער ענערגיע, פאַרשניטן די מענטשן־פּראַכט, אָבער אויף אייביק וועט לעבן איר זכר אינעם לעבנס־ספר פון פּוילישן יידנטום, די מאַמע פון די גלותן, פונעם קאַמף פון אונזער פאָלק און זײַן קולטור, פון זײַן שאַפונג און בייטראַג צום אויפבוי פון אונזער היימלאַנד.

דאָס בוך, וואָס דערשיינט זעכצן יאָר נאָכן חורבן, אַ פּראָדוקט פון אויפריכטיקן אָנשטרענג פון די געראַטעוועטע און איבערגעבליבענע בענדינער, דער לעצטער דור פון די אין־איר־געבוירענע, וועט לייכטן ווי אַן אייביק אָנדענק־ליכט לזכר דער פאַרטיליקטער קהלה. און זײַן עיקר־שליחות איז אפשר פאַרן דור פון די זין.

**דער רעדאַקטאָר**

# דבר מאת המוציאים לאור

לא בנקל עלתה בידינו הוצאת הספר „פנקס בנדין", שהננו מגישים ברגשי סיפוק ובחרדת קודש לשרידי בנדין בישראל ובעולם כולו.

עוד לפני שנים ,כאשר הגיעונו הידיעות המחרידות על האימה ברחובות בנדין ועל חורבן העיר, הגינו את הרעיון על הוצאת ספר על קהילתנו הנכרתת, שישקף את תולדותיה, מאות שנות קיומה על אדמת פולין, יפרוש את מלוא יריעת חייה התוססים ברוח ובמעשה. אולם נתקלנו במכשולים לאין ספור, והעיקר — לא נמצאו האנשים, שיהיו נכונים להטיל על עצמם עבודה קדושה ואחראית זו.

קהילות חרבות רבות, גדולות־וקטנות, הונצחו בספרי־עדות ותודות למאמצי בניהן הניצולים, אבל זגלמביה פיגרה בשטח זה. אמנם, גם אנו הנצחנו את הקדושים והטהורים, בהציבנו בבית־הקברות בתל־אביב מצבה מפוארת לזכרם היקר, אך שאפנו ליצירה גדולה בכתב, ושתחיה לעד בתולדותיו של עם הספר.

חרדנו ודאגנו שתשאר למען הדורות הבאים תעודת־אמת על קהילתנו הנכחדת. ורב חלקם של ידידינו המסורים דוד ליור ומרדכי המפל, שהביעו נכונותם ליטול על עצמם את העול הכבד והאחראי של הוצאת הספר שלא על מנת לקבל פרס. שניהם השקיעו בו שנות יזמה ועמל, לא חסכו מרץ וטרחה, שקדנות והתמדה בחיפוש וליקוט החומר, התחקו על כל מקור מוסמך בארכיונים ובספריות, כדי למצוא מיסמכים, מחקרים, רשימות, תצלומים על עברה של עיר־הולדתנו, ואספו עדויות מפי השרידים, שחזו מבשרם את זוועות האכזריות הנאצית. הרי כל פרט ותג מוסיף להרחבת התמונה השללגונית של בנדין המפוארת, שהיתה ואיננה עוד.

אנו, המהדירים, מלאים הערכה למאמצם שנעשה מתוך יראת־הכבוד וחרדה לשלמותו המכסימלית של פנקס בנדין. תודתנו הנאמנה להם.

*

בעיה רצינית עוררה לשון הספר: בני־עירנו בישראל — והם הרוב — דרשו, שיופיע בעברית, אולם בני־עירנו בחוץ לארץ תבעו חיבורו ביידיש, כדי שכל הכתוב בו יהא מובן להם. החלטנו, איפוא, להוציא את הספר בשני חלקים ובשתי לשונות. כל חלק לחוד הוא יצירה כשלעצמה, משלים את משנהו, והתוכן העיקרי נכלל בשניהם. מחמת קשיים כספיים נבצר מאתנו להוציא שני ספרים מיוחדים.

תודתנו נתונה לכל אלה שסייעו לנו בביצוע מפעלנו: לסופר ולעורך א. ש. שטיין על דאגתו לרמת הספר ועיצוב דמותו; למחבר ולחוקר הנגינה היהודית מ. ש. גשורי (ברוקנר) מירושלים, שתרם מפרי עטו מחקר על החסידות, בתי־תפלה, חזנים ואישים; לידידנו הנאמן יוסף רוזנזפט (שווייץ), שנחלץ תמיד לעזרתנו בסיוע חמרי ניכר, למר שלמה ליור (מגדיאל) ולאלה מיוצאי בנדין בישראל, אירופה, אמריקה, אוסטרליה ובכל אתר ואתר, שעמדו לימיננו בהוצאת „פנקס בנדין", שבדפיו פועם הולם־חייה הדינאמיים של קהילתנו, שהספר משמש לה אספקלריה נאמנה ומצבת־עולם.

**ארגון יוצאי בנדין—זגלמביה**

תל־אביב, תשי"ט—1959, בשנה ה־16 לשואה ובשנה ה־11 לקיום מדינת ישראל.

# א ווארט פון די ארויסגעבער

נישט לייכט איז אונז אָנגעקומען ארויסצוגעבן דעם „פנקס־בנדין", וואָס מיר דערלאנגען איצט מיט א געפיל פון צופרידענקייט און דערפילטן חוב צו די רעשטלעך פון בענדין אָפּשטאמיקע יידן אין ישראל און אין גאָר דער וועלט.

נאָך מיט יאָרן צוריק, באלד ווי מיר האָבן באקומען די דערשיטערנדיקע ידיעות וועגן חורבן, האָבן מיר געטראכט ווי אזוי ווירדיק צו פאראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונזער אומגעקומענער קהילה אין דער פאָרם פון א בוך, וואָס זאָל דערציילן אויף דור דורות די געשיכטע פון דעם אזוי רייכן יידישן לעבן פון אונזער שטאָט במשך פון איר לאנגן קיום און די מארטיראלאגיע און פארניכטונג פון דעם איבער פערציק טויזנט־קעפּיקן דינאמישן ישוב.

נאטירלעך איז עס געווען אומגעהויער שווער צו רעאליזירן דעם געדאנק. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף כלערליי מכשולים און בעיקר עס זענען נישט געווען די מענטשן, וואָס זאָלן זיין גרייט צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע הייליקע און פאראנטוואָרטלכע שליחות.

א סך אומגעבראכטע קהילות, גרעסערע און קלענערע, זענען פאראייביקט געוואָרן אין ספּעציעלע יזכור ביכער, א דאנק די באמיונגען פון די ניצול־געוואָרענע שרידים. זאגלעמביע דאקעגן איז אָבער געווען אויף דעם געביט, צו אונזער באדויערן, הינטערשטעליק. אייגנטלעך, האָבן מיר אויך פאראייביקט אונזערע קדושים וטהורים, אויפבויענדיק אויפ'ן בית־הקברות אין תל־אביב א גראנדיעזן מאָנומענט פאר זייער טייערן אנדענק, אָבער בלויז דאָס האָט אונז נישט באפרידיקט. מיר האָבן געשטרעבט צו נאָך א גרויס ווערק, וואָס זאָל זיך געפינען צווישן די ספרים פון יעדן בענדינער ייד, וואָס איז פארבונדן און באהאפטן מיט זיין היים־שטאָט דורך אזוי פיל חלומות און זכרונות, און זאָל לעבן אויף אייביק אין דער געשיכטע פון עם הספר.

מיר האָבן געזאָרגט, אז ס'זאָל בלייבן פאר דער צוקונפט א טריי אויטענטיש ווערק וועגן אונזער פארניכטעטער קהילה, פון די רומפולע קהילות אין פוילן. איז עס דעריבער דער גרויסער פארדינסט פון אונזערע ליבע פריינט דוד ל י וו ע ר און מאָטעק ה א מ פ ע ל, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך די שווערע און פאראנטוואָרטלעכע אויפגאבע צו פארווירקלעכן דעם געדאנק פון יזכור־בוך, שלא על מנת לקבל פרס. זיי האָבן אריינגעלייגט אינעם ווערק יאָרן פון זאָרג און מי, פון איניציאטיוו און ארבעט, פון זוכן און נישטערן און צונויפזאמלען דאָקומענטארע מאטעריאלן, דאָקומענטן, באשרייבונגען, גביית־עדות פון על־פי־נס לעבנס־פארבליבענע שרידים; גיט דאָך צו דער קלענסטער עפּיזאָד א שטריך צום בילד פון פארצווייגטן יידישן בענדין. מיר שאצן אָפּ די אָנגעשטרענגטע, די פלייסיקע ארבעט, סיי ליטעראַרישע און סיי טעכנישע, וואָס איז דורך זיי געטון געוואָרן מיט יראת־הכבוד און זאָרג פאר מאקסימאלסטער שלימות.

*

וואָס שייך דער שפּראך פון בוך, האָבן די בענדינער אין מדינת ישראל — און זיי זענען דאָך דער רוב — פארלאנגט, אז עס זאָל דערשיינען אין עברית. דאקעגן האָבן אונזערע הונדערטער בני־עיר אין חוץ לארץ געוואָלט עס זאָל דערשיינען אין יידיש, כדי יעדעס געדרוקטע וואָרט וועגן זייער היים־שטאָט זאָל זיין פאר זיי פארשטענדלעך. האָבן מיר באשלאָסן ארויסצוגעבן דאָס בוך אין צוויי טיילן, אין ביידע שפּראכן. יעדער טייל איז א ווערק פאר זיך, דערגענצט דעם צווייטן און דאָס עיקרדיקסטע געפינט זיך אין ביידע חלקים. מחמת פינאנציעלע שוועריקייטן זענען מיר נישט ביכולת ארויסצוגעבן צוויי באזונדערע ביכער.

מיר האלטן פאר א חוב צו דאנקען אלע וואָס האָבן אונז געהאָלפן אויף פארשידענע אופנים: דעם שרייבער און רעדאקטאָר א. ש. ש ט י י ן פארן אויספורימען דאָס בוך און זאָרגן פאר זיין ניוואָ; דעם מחבר און פאָרשער פון חסידישער נגינה, אונזער געטרייען פריינט מ. ש. ג ש ו ר י (ב ר ו ק נ ע ר) פון ירושלים, וואָס האָט בייגעטראָגן צום בוך א גרעסערע, גלענצענדיקע פאָרשונגסארבעט וועגן חסידות, בתי־תפילות, רבנים און חזנים פון בענדין; דעם טייערן פריינט יוסף ר אָ ז ע נ צ ו ו י י ג? 

ארגון יוצאי בענדין—זאגלעמביע

תל־אביב, תשי"ט—1959, אין 16־טן יאָר נאָכן אומקום פונעם בענדינער יידנטום און אין 11־טן יאָר זינט דער אנטשטייונג פון מדינת ישראל.

# א. די געשיכטע פון יידן אין בענדין

## וועגן „אלמאנאך זאגלעמביע״ און זיין מחבר

דער געדאַנק פון ארויסגעבן דעם „אלמאנאך״, אדער „פנקס״, איז נישט קיין נייער. ער איז געבוירן געווארן מיט יארן צוריק, און איז אויך גרייט געווען צום דרוק, אבער דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האט צונישט געמאכט די פארווירקלעכונג פון געדאנק, וואס שמעון ראטענבערג האט אויף זיך גענומען און געווידמעט איבער צען יאר ארבעט.

נאך אין יאר 1929 האט ראטענבערג אנגעהויבן שרייבן די געשיכטע פון יידישן זאגלעמביע בכלל און פון זיין געבורטס־שטאט בענדין בפרט. איינער אליין האט ער איבער 10 יאר געפארשט און גענישטערט אין די ארכיוון פון די זאגלעמביער שטאט־ראטן, אין די ווערק פון פוילישע היסטאריקער און אין אלטע פנקסים פון די חברה קדישות און אנדערע חברות, וועלכע זענען געווען טעטיק אויף דער יידישער גאס. אלץ וואס איז אמאל געשריבן געווארן וועגן זאגלעמביע און איר הויפט־שטאט, האט ש. ר. דורכגעפארשט. און ווען נאך צען יאר שווערער ארבעט האט ער ענדלעך פארטיק געמאכט דאס מאנומענטאלע ווערק, וואס האט אנטהאלטן 500 זייטן אלבום־פארמאט, און איז צוגעטראטן ארויסצוגעבן דאס בוך אין דרוק, איז געקומען דאס גרויסע און שרקליכע אומגליק פארן פוילישן יידנטום. צוזאַמען מיטן יידישן זאגלעמביע איז אויך אומגעקומען דער זאגלעמביער אלמאנאך.

איך ווייס נישט, צי עס האט ווער פון דער בענדינער שארית הפליטה געזען דעם „זאגלעמביער אלמאנאך״. עס שיינט, אז איך בין דער איינציקער בענדינער וועלכער האט דאס מאנומענטאלע ווערק געזען פארטיק אין דרוק. אין דעם הויז ווו איך האב געוווינט, מאלאכאווסקי 56, האט ראטענבערגס יינגערער ברודער, הערש לייב, געהאט א קליינע דרוקעריי. דארט האט ש. ר. אפגעדרוקט 3 עקזעמפלארן פון דעם בוך. איך געדענק ווי שימעלע (אזוי פלעגן מיר אים רופן) פלעגט קומען יעדן טאג אין דער דרוקעריי און העלפן זיין ברודער אין דער ארבעט, יעדן טאג געבראכט נייע דאקומענטן, געמעקט און צוגעשריבן גאנצע שפאלטן, אויף די שוין אפגעדרוקטע בלעטער. עס האבן נישט געהאלפן די פראטעסטן פון זיין ברודער, אז דאס בוך וועט קיינמאל נישט פארטיק ווערן צום דרוק. שימעלע איז נישט מיד געווארן צו איבערדרוקן נאך א מאל און נאך א מאל די שוין־פארטיקע בלעטער, צוליב א ניי קאנטראלירטער ידיעה. איך געדענק זיין פרייד ווען עס איז געלונגען אויפקלערן א לעגענדע, אדער אויפנעמען א מעשה׳לע פון די בענדינער זקנים.

סוף כל סוף איז דאס בוך פארטיק געווארן צום דרוק אין יאר 1939. פון די דריי פראבע־עקזעמפלארן וואס ער האט אפגעדרוקט, האט ער איינס איבערגעגעבן דעם סטאראסטע פון בענדין פאר דער פוילישער צענזור, וואס אן איר הסכמה האט מען נישט געטארט דרוקן. דעם צווייטן עקזעמפלאר האט ער צעטיילט אין בלעטער און צעשיקט צו בענדינער אין דער גארער וועלט. ליידער איז מיר נישט געלונגען אפצוזוכן די צעשיקטע בלעטער, חוץ איינצלנע בלעטלעך ביי זיין ברודער אין פאריז, און ביי מ. האמפעל אין ישראל.

דעם דריטן עקזעמפלאר האט ער איבערגעלאזט ביי זיך, און ווארטענדיק אויף דער באשטעטיקונג פון דער פוילישער צענזור, כדי צוצוטרעטן אפצודרוקן דעם „זאגלעמביער אלמאנאך״, איז אויסגעבראכן די שרעקלעכע מלחמה, און דאס דרוקן דעם בוך איז שוין נישט געקומען אין באטראכט, ווייל די דייטשן האבן נישט דערלויבט דרוקן יידישע ביכער.

דאס לעצטע מאל האב איך זיך געטראפן מיט שימעלע ראטענבערג דעם 30־טן יולי 1943, אין געטא אויפן שטח פארן הויז פון יודענראט. מיר זענען געזעסן, דער שרייבער פון די שורות, ישראל גערטלער און ש. ראטענבערג, און געטראכט ווי־אזוי צו ראטעווען דאס ווערק פון אונטערגאנג. מיר האבען שוין דאן זיך אפגעגעבן א רעכנונג, אז די טעג פון געטא זענען געציילטע, אז מיר שטייען פאר טאטאלער אויסזידלונג — מיר האבן דאן געטראכט — אפשר בלייבט ווער פון אונז ביים לעבן, איז זאל ער וויסן ווו דאס בוך געפינט זיך. מיר האבן דאן באשלאסן, אז ישראל גערטלער זאל ברענגען דעם נעכסטן טאג א מילך־קאַן, אין וועלכן מיר וועלן אריינלייגן דעם „אלמאנאך״ און אויך דאס טאגבוך וואס ש. ראטענבערג האט געשריבן אין געטא. ליידער אבער, איז אונז נישט געלונגען צו פארווירקלעכן דעם פלאן, ווייל צומארגנס איז פארגעקומען די אויסזידלונג, און די לעצטע רעשטלעך פון בענדינער יידן זענען פארשלעפט געווארן אין די גאַז־קאמערן פון אוישוויץ.

א וואך שפעטער איז מיר געלונגען צו קומען צוריק אין געטא־לאגער, ווו עס זענען געבליבן א 150 יידן וועלכע האבן געהאט די אויפגאבע צו ליקווידירן די יידישע פארמעגנס, — אין דעם זכות האבן די יידן געהאט דאס רעכט צו לעבן נאך פיר מאנאטן.

איך האב זיך גלייך געלאזט אין ראטענבערגס וווינונג, ווו איך האב געהאפט צו געפונען דעם „אלמאנאך״, אבער גרויס איז געווען מיין אנטוישונג: דאס בוך האב איך נישט געפונען. ערשט נאכן קריג קומענדיק קיין ישראל, האב איך באנייט מיינע זוכענישן און געשריבן בריוו צו דער שארית הפליטה אין בענדין, אז זיי זאלן אפזוכן דעם פארלוירענעם „אלמאנאך״, אבער ווייטער אן ערפאלג. ערשט נאך לאנגע פארשונגען ביי די בענדינער וואס זענען געקומען אין לאנד אריין, פון איינעם צום צווייטען, איז מיר געלונגען צו דערגיין, אז דער „אלמאנאך״ געפינט זיך ביי א געוויסן ר. איך האב זיך דאן געווענדעט צום הרב האגער ז״ל, און מיט דער הילף פון „ארגון עולי זגלמביה״ איז געלונגען, נאך שווערער מי, ארויסצובאקומען דאס בוך פון דעם ה׳ ר. ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן, איז דאס געווען דער עקזעמפלאר וואס האט זיך געפונען אין דער סטאראסטווא. נאכן קריג האבן די פוילישע בעאמטע געפונען דאס בוך. מיינענדיק אז דאס איז א רעליגיעז בוך, האבן זיי עס איבערגעגעבן דעם יידישן קאמיטעט. ליידער איז אונזער פרייד ביים געפינען דאס בוך נישט געווען בשלמות, ווייל פון דעם גרויסן מאנומענטאלן ווערק וועגן לעבן פון זאגלעמביער יידענטום, וואס האט אנטהאלטן 500 זייטן, זענען געבליבן נאר 100 זייטן. זעט אויס, אז די וואס האבן דאס בוך באקומען האבן עס נישט געוווסט ווי אפצוהיטן. אזוי ארום איז געגאנגען לאיבוד א גרויסע ארבעט, א צען־יאריקע פארשונג וועגן דער געשיכטע פון זאגלעמביער יידענטום.

מיר פארעפנטלעכן דא דעם געראטעוועטן טייל אזוי ווי ש. ראטענבערג האט עס געשריבן, נישט קוקנדיק דערויף וואס עס שטערט, אין א געוויסער מאס, די סיסטעמאטישקייט פון בוך. שוין דער הייליקער אנדענק פון שמעון ראטענבערג ז״ל פאדערט עס פון אונז. מיר האבן געמאכט בלויז קליינע אויסבעסערונגען און באגלייט מיט נויטיקע באמערקונגען.

ד. ל.

**שמעון ראטענבערג**

# / אלמאנאך זאגלעמביע



## I
## יידן אין בנדין

געשיכטלעכער איבערבליק פון די עלטעסטע צייטן,
ביזן אנטשטיין פון ווידעראויפגעלעבטן פוילן.

פארשידענע נעמען פון דער שטאט בענדין. — די אנטשטייונג פון דעם ישוב און זיין כאַראַקטער. — דער הילצערנער און שטיינערנער שלאס. — די גרינדונג פון דער שטאט און דאס אויפשטעלן שוץ־מויערן ארום איר. — בענדין אונטער אַן אפיציעלער קעניגלעכער השגחה, אנטוויקלט זיך צו אַ וויכטיקן האנדלס־צענטער. — די צאל הייזער און איינוווינער אין יאר 1549. — די שטייערן וואס די שטאט האט דעמאלט געצאלט. — די ירידה פון דער שטאט נאך די שוועדישע מלחמות. — די צאל הייזער מיט איינוווינער און די שטייערן וואס זיי האבן געצאלט אין יאר 1789. — די אנטוויקלונג פון דער שטאט זינט 1826. — בענדין אונטער דער פרייסישער אקופאציע און בעת נאפאלעאנס הערשאפט. — די ירידה פון דער שטאט נאכן אויפשטאנד פון 1831. — די ווידעראויפלעבונג בעתן אויפשטאנד פון 1863. — די באטייליקונג פון דער בענדינער באפעלקערונג אינעם אויפשטאנד. — די שפעטערדיקע יארן.

**א**ידער מיר טרעטן צו צו דער געשיכטע פון יידן אין בענדין, וועלן מיר צוערשט געבן א געשיכטלעכן איבערבליק וועגן דער אַנטשטייונג פון דער שטאָט. בענדין איז אַ פּאוויאַט־שטאָט, וואס געהערט צו דער קיעלצער וואיעוואדשאפט. די שטאָט ליגט אויפן לינקן ברעג פון דער „שווארצער פשעמשא״ און צופוסנס די גרויסע חורבות פונם אלטן שלאָס. אין 14 י.ה. האט מען די שטאט גערופן באַנדיען, אין 15־טן י.ה. באַנדין, באַנדזען, באַנדזין, אין 16־טן און 17־טן י.ה. — בענדין, בענדזים, בענדזין. ערשט אין 18־טן י.ה. בענדזשין.

בענדין איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין פוילן. דער ישוב איז דאַ ווארשיינלעך אַנטשטאַנען ביים סוף פון עלפטן י.ה. די באפעל־קערונג וועלכע האט זיך פארנומען מיט פירן סחורות אויף דער פשעמשע און אויך מיט פיש־פאנג, האט זיך באזעצט ארום דער פעסטונג, וועלכע האט זיך געפונען אויפן הויכן שטיינערנעם באַרג. אין די צייטן פון באלעסלאוו דעם שעמעוודיקן (1238—1279), איז אויף די חורבות פון דער פעסטונג אויפגעבויט געווארן א הילצערנער שלאָס מיט געבויטע שטארקע פונדאמענטן און פאַרטן. באלעסלאוו האט גענומען אונטערן שוץ דעם ישוב ארום שלאָס, געבנדיק דעם ישוב אַ כאראקטער פון א דארף מיט א רעכט אויף א יריד.

דאס אויסוויילן דאָס־דאזיקע אָרט אלס ישוב איז נישט געווען קיין צופעליקער, ווייל אין די אלטע צייטן איז דא געלאָפן א וואַסער־וועג, וואס האָט געפירט פון דער פשעמשע צו דער וואַרטע און פון דאָרט, דורך דער אָדער — צו דער ווייסל. חוץ דעם איז דער עלטסטער יבשה־וועג, וועלכער האט פארבונדן קראקע מיט גרויס פוילן דורך שלעזיע, געלאָפן דורך בענדין. ערשט דער פוילישער קעניג קאַזשי־מיעזש דער גרויסער וועלכער האָט פארשטאנען די וויכטיקייט פון דעם בארג אלס סטראטעגישן פונקט, — האט צעשטערט די היל־צערנע פארטן, און אויף זייער אָרט אויפגעשטעלט, ארום דעם יאָר 1358, א מעכטיקן שטיינערנעם שלאָס, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די פוילישע גרענעצן, אָפּהיטנדיק זיי פון די אָנפאלן מצד די פארדייטשטע און אגרעסיווע שלעזיער. דאָס איז געווען אַ ריזיק שלאָס, געבויט פון שטיין מיט 3 שטאַקיקע פאַרטן, און 4 מעטערדיקע דיקע מויערן; דער שלאָס איז געוואָרן ארומגענומען מיט א 10 ביז 12 מעטער הויכע מויער. אין דער דאָזיקער צייט האט נאָך די שטאָט נישט פארמאָגט קיין שוץ־מויערן, נאר ערד־וואַלן מיט הילצערנע טויערן; ערשט ווען קאַזשימיעזש דער גרויסער האָט געגרינדעט די שטאָט, האט ער אריבערגעטראָגן אהין די איינוווינער פון פריערדיקן בענדין, וואס האט זיך געפונען אויפן שטח פונם היינטיקן מאלאבאנדז. וואַר־שיינלעך אין יאר 1364 זענען אויפגעשטעלט געוואָרן שטיינערנע שוץ־מויערן, פון וועלכע א טייל זענען נאך געבליבן ביזן היינטיקן טאג. אזוי האָבן זיך געפונען אויף דער זאמקאָווא גאס הייזער וועלכע זענען געבויט געוואָרן אויף דער מויער. אויך אינם געסל זאולעק, און אויפן אַלטן בית־עולם אויף זאוואלע, האט מען געקענט זען ביז די לעצטע יאָרן די שפורן פון די מויערן.

בענדין אלס גרענעץ־שטאָט, ליגענדיק אויף א פונקט ווו ס'האָבן זיך געקריצט האַנדלס־וועגן וועלכע האָבן געפירט אין די פארשי־דענסטע ריכטונגען, האָט זיך געפונען אונטער א ספעציעלער קעניג־לעכער השגחה; א דאנק דעם איז די שטאט זייער שנעל געוואַקסן אין וווילשטאַנד און איז געוואָרן א וויכטיקער האנדלס־צענטער. אויפן סמך פון א פריווילעגיע, געגעבן דורך קאזשימיעזש יאגיעלא, אין יאָר 1464, האט בענדין באַקומען דאס רעכט צו באזיצן אַ זאלץ־לאגער; יעדער סוחר, וועלכער האט געפירט זאלץ קיין שלעזיען, האט אונטער דער דראָונג פון א הויכער שטראָף נישט געטאָרט אויסמיידן בענדין און זיך געמוזט אין משך פון 3 טעג אויפהאַלטן אין דער שטאָט און פארקויפן זאלץ. ס'איז אינטערעסאנט, אז אין יאָר 1540 האָבן זיך געפונען אין בענדין אין ערך 100 הייזער מיט 800 איינוווינער, אין דער זעלבער צייט האט קיעלץ פארמאָגט 84 הייזער מיט אן ערך 600 איינוווינער. די קעניגלעכע קאָנטראָלערן, וועלכע זענען אין יאָר 1564 געקומען קיין בענדין איינמאָנען שטייערן פארן קעניגלעכן אוצר, האָבן באַשטימט, אז די קצבים דארפן געבן 24 שטיין חלב, (א שטיין = 32 פונט), 16 בעקער צו 5 זילבער גראשן, 10 שוסטער צו 4 זילבער גר. די שטאָט באַד 2 גזשיוונעס (א גזשיוונע = 48 זילבער גר.) די ביער־ברויער 2 גזשיוונעס, די קרעמער פון הילצערנע און ליימענע כלים 2 גזשיוונעס פאר 5 מאָל האַנדלען אויפן יריד.

אין בענדין פלעגן אָפט פארקומען גרויסע ירידן, ווו סוחרים אפילו פון ווייטן ברעסלאו פלעגן קומען פארקויפן זייערע סחורות און קויפן פוילישע סחורות. אזוי איז די שטאָט געוואַקסן און געוואָרן איינע פון די רייכסטע שטעט, אָבער ליגנדיק נאָענט פון דער דייטשער גרענעץ, פלעגט זי אָפט חרוב ווערן פון די באַרבארישע דייטשע אָנפאלן, וועלכע עס האט געצויגן צו דער רייכער גרענעץ־שטאָט. אויך די שוועדישע

מלחמות האָבן גורם געווען צו אַ פולשטענדיקער ירידה פון בענדין. ס'איז פארשוונדן דער אמאָליקער גלאַנץ און ווילשטאַנד. דער האנדעל און מלאכה זענען שטארק געפאלן. אין יאָר 1673 האט די שטאט געציילט בלויז 40 הייזער מיט 346 איינוווינער. די סיבה דערפון איז געווען, וואס א באדייטנדיקע צאל בעלי־מלאכות זענען אוועק פון דער שטאָט. אין יאר 1683 איז דורך בענדין אדורכגעצויגן דער פוילישער קעניג יאַן סאָביעסקי דער דריטער מיט זיין ארמיי. דער קעניג וואס האט געאיילט מיט הילף דער שטאָט ווין, וואס איז געווען באַלאַגערט דורך די טערקן, האָט זיך אויפגעהאַלטן א קורצע צייט אין היגן שלאָס. צום אָנדענק פון קעניג סאָביעסקיס זיין אין בענדין איז דאמאָלט אויפגעשטעלט געוואָרן א דענקמאָל, וועלכער שטייט נאך ביזן היינטיקן טאָג אויף דער קאלאנטאיא גאס 45. די לעצטע לוסטראַציע, וועלכע איז אדורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1789 האָט באוויזן, אז אין בענדין זענען דאמאָלט געווען 279 הייזער מיט העכער 1200 איינוווינער וועלכע האָבן געצאָלט 27 גל. מיט 15 גר. באָדן־שטייער און 200 גל. האַנדל־שטייער. די יידישע קצבים (קיין קריסטלעכע זענען דעמאָלט איבערהויפט נישט געווען אין בענדין) האָבן געצאָלט 253 גל. מיט 10 גר. שחיטה־שטייער, און די קהלה האָט געצאָלט 700 גל. פון דער שול.

ערשט אין דריטן צענדליק פונם 19־טן י.ה. ווען מ'האָט ארום בענדין אָנגעהויבן גראבן קוילן, און עס זענען אַנטשטאַנען אין יאָר 1825 צינקהוטעס, האט די שטאט ווידער זיך אנגעהויבן צו אַנטוויקלען.

אין אדמיניסטראטיווער הינזיכט האט בענדין אין די יאָרן 1795—1807 אָנגעהערט צום שעווערער פּאָוויאַט, וועלכע די פרייסישע אָקופּאַנטן האבן צוגערעכנט צו ניי־שלעזיע. נאכדעם ווי די פרייסן האבן פארלאָזט די פוילישע געביטן, און עס זענען אין פוילן, אויפן באפעל פון נאַפּאָלעאָנען, געשאפן געווארן 6 דעפּאַרטאמענטן — האט בענדין געהערט צו לעלעוו־שעווערער פּאָוויאט. אין יאָר 1808 איז בענדין צוגעטיילט געווארן צום פיליצער פּאָוויאט. ביי דער צווייטער אדמיניסטראטיווער צעטיילונג אין 1813 ווערט בענדין איינגעגלידערט אין אלקושער פּאָוויאַט.

נאכן אויפשטאַנד אין 1831 איז די שטאָט אריינגעפאלן אין אַפּאַטיע. די רוסישע מאכט האט נישט צוגעלאזט צו וועלכער ס'איז איניציאַטיוו צו פארבעסערן די לאגע אין שטאט. ערשט אין יאָר 1858 ווען עס זענען געקומען די פארשטייער פון דער ווארשע־ווינער אייזנבאַן דירעקציע, וועלכע האט אנגעהויבן בויען די ליניע זאמקאוויץ־סאָסנאָוויץ — האט די שטאָט ווידער אויפגעלעבט. אָבער נאך דעם איז די שטאט ווידער אריינגעפאלן אין א גלייכגילטיקייט, פון וועלכער זי האָט זיך ערשט ארויסגעריסן בעת די היסטאָרישע געשעענישן אין יאָר 1863.

אין מאָמענט, ווען דער אויפשטאנד איז אויסגעוואקסן, האט די שטאט פלוצלינג אויפגעלעבט. אַ גרויסער טייל פון דער שטאטישער באפעלקערונג, צווישן זיי אַ באדייטנדיקער טייל יידן, איז מיט געווער אין דער האנט ארויסגעטרעטן קעגן די צארישע אונטערדריקער.

דעם 5־טן מאי 1864 איז נישט ווייט פון דער שטאט פארגעקומען א צוזאמענשטויס פון פוילישע אויפשטענדיקע מיט רוסן. אויף דער זייט פון די אויפשטענדיקע האט גענומען אַ לעבהאפטיקן אָנטייל א גרויסע צאָל איינוווינער. דער פארביסענער קאמף האט זיך געענדיקט מיט א מפלה פון די רוסן.

אויפן זעלבן אָרט (נעבן דער היינטיקער באַן־סטאציע) זענען באגראבן געוואָרן די אומגעקומענע אויפשטענדיקע און שפעטער איז דארט אלס אָנדענק אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קאַפּליטשקע. צוליב דעם, וואָס די קאפליטשקע האט געשטערט די באוועגונג, איז זי אין יאָר 1936 באזייטיקט געוואָרן און אלס אנדענק פאר די אומגעקומענע אויפשטענדיקע איז נעבן דעם אָרט, אביסל אין א זייט, אויפגעשטעלט געוואָרן א דענקמאל, וואס שטעלט פאָר די „הייליקע מוטער".

ס'דארף אויך עפעס דערמאנט ווערן וועגן דער אזוי גערופענער „סיבערקע".

אויף דער לינקער זייט וועג, וואס פירט פון בענדין קיין טשעלאדזש, האט מען נאך מיט א צייט צוריק געקאנט זען די חורבות פון אן אלטער געביידע, וועלכע די ארטיקע באפעלקערונג האָט אָנגערופן „סיבערקע".

דער נאָמען שטאמט דערפון, וואס די צארישע מאכט האט דארט מיט געוואַלט באזעצט א געוויסע צאָל אַדעליקע פוילישע משפחות אויס דער געגנט ארום דעם טייך ניעמאַן, וועלכע זענען פארמשפט געוואָרן, צוליב זייער אנטייל אינם אויפשטאנד פון יאָר 1831, אויף צוואַנגס־ארבעט אין די זאַגלעמביער קוילן־גרובן.

אין די שפעטערדיקע יאָרן האט זיך דארט געפונען א רוסישע צאָל־קאַמער, און מיט א צייט צוריק איז דער דערמאנטער סימבאל פון דער צאַרישער הערשאפט געגצלעך באזייטיקט געוואָרן.

די שפעטערדיקע יאָרן האָבן כמעט נישט אריינגעטראָגן קיין שום נייעס. אין דער שפיץ פון דער שטאָטישער זעלבסט־פארוואלטונג זענען געשטאנען נאָמינירטע בורמיסטשעס, וועלכע ס'האָט מער אינטערעסירט זייערע אייגענע ענינים ווי די שטאָטישע.

א שיין בלעטל געשיכטע האט אין די יאָרן 1905—1907 אריינגעטראָגן די זאגלעמביער ארבעטערשאפט, וועלכע איז אקטיוו ארויסגעטרעטן קעגן די צארישע אונטערדריקער.

זייט אויגוסט 1914 ביז סוף 1918 געפינט זיך בענדין אונטער דער דייטשער (טיילווייז אויך אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאציע), וועלכע האט מיט עכט פרייסיש־יונקערישער ברוטאליטעט אונטערדריקט די היגע באפעלקערונג.

## II

## יידן אויפן שטח פון זאגלעמביע

ווען האבן זיך יידן באוויזן אויפן שטח פון זאגלעמביע? — זייער באשעפטיקונג, צאל פון יידן. — די פארגרעסערונג פון דער צאל יידן אין בענדין צום סוף פון 13־טן י"ה. — די יידישע קהלות אין פוילן. — דער בענדינער דעפוטאט צום „ועד ארבע ארצות". — פוילישע יידן אונטער דער דירעקטער השגחה פון קעניג. — די יידישע געריכטן. — די באגרענצונגען פאר יידן און די ערשטע פריווילעגיעס. — בענדינער יידן אין האנדל. — דער „קאַלישער סטאַטוט". — די שפעטערדיקע פריווילעגיעס. — דער אינטענסיווער קאמף פון די בענדינער יידן פאר זייערע רעכט און די סיבות דערפון. — דאס „קאַדוק געזעץ". — דער „קוימען שטייער". — די „דערפינדונג" פון בענדינער יידן. — די „רעוואלוציע" פון בענדינער יידן. — קריסטלעכע „מוכרי־ספרים".

צום ערשטן מאל האבן זיך יידן באוויזן אויפן שטח פון זאגלעמביע אין מערץ פון יאָר 1226. אין די ערשטע צייטן האבן זיך די נייאָנגעקומענע יידן באשעפטיקט מיט לאנדווירטשאפט און צוזאמען מיט די איבעריקע בירגער זענען זיי מחויב געווען צו צאָלן מעשר.

ס'איז כאראקטעריסטיש, אז אין זעלבן יאר ווען יידן האבן זיך באוויזן אין זאגלעמביע, האט דער אָפּאָלער פירשט באשטימט א צאָל פון יידן, וועלכע זענען אדורכגעגאנגען שלעזיע.

מיר ציטירן דאָ א דאָקומענט, וועלכער רעדט קלאר וועגן דעם. פון יאָר 1227. (Aronins: Regesten Nr. 408)

„לויט דער פאדערונג און באשטעטיקונג פון אָפּאָלער פירשט און נאכן אויסהערן די זאכקענער, באשטימט דער ברעסלער בישאָף וואַווזשינעץ אויפסניי די אלטע און גערעכטע צאָלן אין ראָזענבערג און סיעווערזש. לויט דעם דארף מען צאָלן אין ראָזענבערג פון פרויען



ארום דעם פאדזאמטשע אין יאר 1867
סביבת פודזמטשה, 1867



פאדזאמטשע גאס אין יאר 1936
רחוב פודזמטשה, 1936



דער שלאס אין יאר 1916
המבצר בשנת 1916

אייל־בילד פון ארטור ווינער
תמונת־שמן מאת ארטור וינר



א פראגמענט פון פאדזאמטשע געסל (אונטערן בארג) 1936
קטע מהרחוב פודזמטשה, 1937

אָון פּאַראַבקעס, וועלכע מען פירט צום פּאַרקויף, 1 שקאָיעץ זילבער [1], אַזויפיל דאַרף מען אויך צאָלן פון יידן, הגם מען פירט זיי נישט צום פּאַרקויף. פרעמדע רייטער אדער פוסגייער מיט סחורות, צאָלן, פונוואַנען זיי זאָלן נישט קומען און אומאָפּהענגיק פון מין, סיי קריסטן, סיי יידן, צוויי אָפּאָלער גראָשן, דאַקעגן אָרטיקע רייזנדע צאָלן גאָר־נישט. דאָס זעלבע איז שייך רייטער און פוסגייער, קריסטן און יידן פון סיעווערזש".

אין א דיפּלאָם פון יאָר 1227 לייענען מיר וועגן יידן פויערים, וואָס אַקערן אויף דעם פירשטס נחלאות אין דער געגנט פון בויטן און צאָלן מעשר פון סנאָפּ דעם ברעסלער בישאָף.

אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן איז געקומען קיין בענדין צום סוף פון 13־טן י.ה. אין אנפאנג פון 14־טן י.ה. האָבן יידן פאַרלאָזט די לאַנדווירטשאַפט און אָנגעהויבן זיך צו באַשעפטיקן מיט האַנדל. זיי האָבן געעפנט קרעמלעך און זיך אויך פאַרנומען מיט געלט־טוישן.

אין 17־טן י.ה. ווערט צווישן די שאלות ותשובות פון ב"ח (בית חדש) דערמאָנט „ק"ק בענדין" אין צוזאַמענהאַנג מיט א גבית עדות [2].

די העכסטע אויטאָריטעט פון יעדן יידישן קיבוץ איז געווען די קהלה, וועלכע איז געוויילט געוואָרן דורך די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים. אין דער שפּיץ פון יעדער קהלה איז געשטאַנען אַ רב און א סינדיק (אַ יורידישער ראַטגעבער). אין די שפּעטערדיקע צייטן טרעפט מען שוין אפילו אין די קלענסטע שטעטלעך אונטער־קהלות, וועלכע זענען געווען אונטערגעוואָרפן צו די נאָענטסטע קהלות.

אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י.ה. שיקט שוין בענדין ארויס אַן אייגענעם פאָרשטייער קיין קראָקע צו דער יידישער לאַנד־פאַר־טרעטונג, וועלכע האָט זיך גערופן „ועד ארבע ארצות". דער בענדינער דעלעגאַט צום ועד אין יאָר 1666 האָט זיך גערופן: ר' ישראל בן שמואל (סאַמועלעוויטש).

די יידן אין פּוילן זענען באַטראַכט געוואָרן אַלס אויסלענדער. צוליב דער סיבה זענען זיי געווען אונטערגעוואָרפן דירעקט דעם קעניג, וועלכער האָט באַשטימט די וואָיעוואָדעס אַלס זיינע פאַרטרע־טער. די וואָיעוואָדעס ווידער, האָבן, אין אַזעלכע שטעט ווי בענדין, איבערגעגעבן די מאַכט די סטאַראָסטעס. צוליב דעם זענען די יידן נישט געווען אונטערגעוואָרפן קיין שטאָטישן געריכט.

אין דער ערשטער אינסטאַנץ זענען יידן געמשפּט געוואָרן דורך א יידיש געריכט. קעגן אַן אורטייל פונם יידישן בית־דין האָט געדינט דאָס רעכט צו אַפּעלירן צום וואָיעוואָדע אדער סטאַראָסטע און צום סוף ערשט צום קעניג.

דאָס יידישע געריכט איז באַשטאַנען פון א רב, סינדיק און לאַווניקעס (בייזיצנדע אין געריכט), וועלכע זענען דעלעגירט געוואָרן דורך דער קהלה. אַלע סכסוכים צווישן א קריסט און א ייד זענען אויך געמשפּט געוואָרן, אין דער ערשטער אינסטאַנץ דורך א יידיש געריכט, נאָר מיט דער באַטייליקונג פון א וואָיעוואָדע אדער סטאַראָסטע.

די משפטים זענען געווײנלעך פאָרגעקומען אין דער שול, ווו עס זענען אויך אָפּגעהיטן געוואָרן די אַקטן. די תפיסה, וועלכע די יידן האָבן געמוזט אויסהאַלטן אויף זייער חשבון, האָט זיך אויך געפונען ביי דער שול. א געריכט־זיצונג אָן דער באַטייליקונג פון די לאַווניקעס איז געווען אומגילטיק.

אין יאָר 1591 זענען אין דער בענדינער שול געהאַנגען די פאַרשריפטן פאַרן יידישן געריכט. די דאָזיקע פאַרשריפטן זענען באַשטאַנען פון 12 פונקטן און זענען געווען געשריבן אין דער העברעיִשער און פּוילישער שפּראַך.

די בענדינער יידן האָבן געגעבן דעם וואָיעוואָדע פאַר די משפטים, וועלכע זענען דורך אים פערזענלעך געפירט געוואָרן, 100 גילדן ווי אויך 10 פונט זאַפרען מיט צימערינג יערלעך. צי דאָס איז געווען אַ טאַקסע אדער א פרייוויליקע מתנה, איז אומבאַוווסט.

אין אנפאַנג זענען די בענדינער יידן שטאַרק באַגרענעצט געווען אין זייערע רעכט. זיי האָבן נאָר געמעגט וווינען אין געוויסע ראַיאָנען פון דער שטאָט און עס זענען פאַר זיי באַשטימט געוואָרן געוויסע טעג פאַרן מסחר. אויך די צאָל סחורות, מיט וועלכע זיי האָבן געמעגט האַנדלען אין געווען באַגרענעצט. ערשט ווען זיי האָבן זיך געפילט שטאַרקער, פאַר די צייטן פון קאַזשימיעזש יאַגיעלאַ, באַמיען זיי זיך — צוזאַמען מיט די קראָקעווער יידן — צו באַקומען פאַרשידענע פּריווילעגיעס. זייערע באַמיונגען זענען געקרוינט געוואָרן מיט דער־פאָלג און קאַזשימיעזש יאַגיעלאַ האָט זיי אין יאָר 1453 אַנערקענט זייערע פּריווילעגיעס.

די פּריווילעגיעס האָבן אויך דערלויבט אָרטיקע יידן זיך צו פאַרנעמען מיטן האַנדל פון אויסלענדישע סחורות, אבער נאָר אין הורט. זיי זענען אויך צוגעלאָזט געוואָרן צום האַנדל פון פּוילישע סחורות, אבער די צאָל אַרטיקלען, מיט וועלכע זיי האָבן געמעגט האַנדלען, איז געווען שטאַרק באַגרענעצט.

פון אויסלענדישע סחורות, האָבן יידן געמוזט אָפּצאָלן א העכערן צאָל, ווי די קריסטלעכע סוחרים.

אז בענדינער יידן האָבן שוין דעמאָלט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אויסלענדישן האַנדל, באַווייזט דער פאַקט, דאָס אין יאָר 1695 ווערט אויפן לייפּציקער יריד דערמאָנט א בענדינער סוחר מיטן נאָמען משה בענדינער.

די ערשטע באַקאַנטע פּריווילעגיע איז געווען די אַזוי גערופענע „קאַלישער פּריווילעגיע", ארויסגעגעבן דורכן פירשט באָלעסלאַוו דעם פרומען אין יאָר 1264.

די יידן זענען, לויטן קאַלישער סטאַטוט, דאָס אייגנטום פונם פירשט („שקלאַפן פון מלוכה־אוצר"), זיי זענען מחויב צו באַצאָלן דעם פירשט שטייערן, דערפאַר געניסן זיי פון זיין שוץ. די פּריווילעגיע פאַרזיכערט די יידן פערזענלעכן און אַלגעמיינעם שוץ ווי אויך זיכערקייט פון אינדיווידועלן און קהלשן פאַרמעגן. איינע פון די וויכטיקסטע סטאַטוט־פאַרשריפטן איז דער באַשלוס, וועלכער שטיצט זיך אויף אַ בולע פונם פּויפּסט אינאָצענט III, וואָס וואַרפט אָפּ די בייזוויליקע עלילת־דם בלבולים.

לויטן מוסטער פונם קאַלישער־סטאַטוט זענען געווען רעדאַגירט די שפּעטערדיקע פּריווילעגיעס פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן, וועלכע האָבן אָנגעטראָפן אויף א שטאַרקע אָפּאָזיציע מצד דער קאַטוילישער גייסטלעכקייט, וואָס האָט געשטרעבט אָפּצוווענדן די יידן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אין יאָר 1527 האָט זיגמונט I מיט א ספּעציעלער פּריווילעגיע אויסגעגלייכט די יידישע סוחרים מיט די קריסטלעכע אין דער הינזיכט פון צאָל, אָפּצאָלן, שטייערן אאז"וו. אין אַן ערך פון 15 יאָר שפּעטער טרעפט מען שוין יידן אַלס אַרענדאַרן פון קרעטשמעס און ספּירט־ברענערייען, אַלס פאַקטאָר פון יאַטקעס און מילן ווי אויך אַלס איינמאָנער פון קעניגלעכן צאָל.

אין די צייטן פונם קעניג סטעפאַן באַטאָרי באַקומען די בענדינער יידן א דערלויבעניש צו וווינען אין צענטער פון דער שטאָט, ווי אויך צו האַנדלען אין מאַרק צוגלייך מיט די קריסטלעכע סוחרים.

אין יאָר 1592 האָט דער בענדינער מאַגיסטראַט באַקומען אַ באַפעל

1. א שקאָיעץ האָט צוערשט באַטייט א געוויסע צאָל זילבער, וואָס אַנטשפּרעכט דעם ווערט פון אַן אָקס, דערנאָך האָט ער אַנטשפּראָכן $^{1}/_{24}$ חלק פון אַ גזשיוונע.

2. שו"ת ב"ח הישנות, סימן פ"א.

פון זיגמונט III צו פאַרטיידיקן די אַרטיקעל ייִדן קעגן עולות און אַנפאַלן ווי אויך אָפּצוהיטן די רעכט, וואָס זענען זיי געגעבן געוואָרן.

צומייסטן פריַיהייטן האָבן ייִדן אין פּוילן באַקומען אין די צייטן פון וולאַדיסלאַוו I, וועלכער האָט זיי אויסגעגליַיכט אין דער הינזיכט פון רעכט מיט די איבעריקע בירגער פון לאַנד.

איינע פון די גרעסערע ייִדישע דערגרייכונגען איז געווען, דאָס אָפּשאַפן, דורך יאַן קאַזשימיעזש, דאָס אַזוי גערופענע „קאַדוק־געזעץ"[3].

יעדעס מאָל, ווען אויפן פּוילישן טראָן איז אַרויפגעטרעטן אַ נייַער קעניג, האָבן די בענדינער ייִדן גלייַך צו אים געשיקט אַ דעלעגאַציע מיט אַ בקשה צו באַשטעטיקן די שוין באַקומענע רעכט. אַזוי איז עס אויך געשען נאָכן איבערנעמען די הערשאַפט אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט דורך יאַן סאָביעסקי. דאַסמאָל זענען אָבער די ייִדישע פאָרשטייער צוריקגעקומען מיט גאָרנישט, ווייַל דער קעניג איז געווען פאַרנומען מיט וויכטיקערע ענינים און האָט דאָס באַשטעטיקן פון די רעכט אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. די בענדינער קהלה האָט אָבער דעם ענין נישט פאַרנאַכלעסיקט און אין 11 יאָר שפּעטער האָבן זיי דערוואָרבן אַ פרישן פאַרמעט מיט דער באַשטעטיקונג פון זייערע רעכט.

דער דאָזיקער פאַרמעט געפינט זיך הייַנט צו טאָג אין בענדינער מאַגיסטראַט, וווּ ער ווערט אָפּגעהיטן אין אַן אייַזערנער פייַערזיכערער קאַסע, וועלכע איז פאַרזיגלט מיט לאַק־חתימות.

נאָכן איבערטרעטן דעם טראָן דורך סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, איז אַ דעפּוטאַציע פון בענדינער ייִדן געפאָרן קיין וואַרשע מיט די אַלטע פאַרמעטן, כּדי דער קעניג זאָל זיי באַשטעטיקן. די דעפּוטאַציע איז צוריקגעקומען אין יולי 1766 מיט אַ פרישן פאַרמעט, וועלכער האָט אַנטהאַלטן אַ סך אַלטע און נייַע פּריווילעגיעס.

דער דערמאָנטער פאַרמעט האַלט 80 צענטימעטער די לענג און 35 צענטימעטער די ברייט, מיט אַ חתימה־שנור, וועלכע איז טיילווייַז באַשעדיקט. ער געפינט זיך אין בענדינער אַרכיוו און איז אייגנהענטיק אונטערגעשריבן דורכן קעניג, ווי אויך באַשטעטיקט דורכן קעניגלעכן וויצע־נאָטאַר, אויגוסטין קאָריטאָווסקי.

די סיבה פון דער אינטענסיווער באַוועגלעכקייט פון די בענדינער ייִדן אין די ענינים פון זייערע אַלטע און נייַער רעכט דאַרף מען זוכן אין די דעמאָלסטיקע געזעצן, אונטער וועלכע זיי זענען געווען אונטערגעוואָרפן. ווען מ'נעמט אין באַטראַכט, אַז פון די עלטסטע צייטן אָן האָבן זיך די ייִדן געמעגט באַזעצן נאָר אין באַשטימטע ראַיאָנען, אַז אויפן מאַרק און אין די אַרומיקע גאַסן האָבן זיי נישט געטאָרט קומען, אַז אין האַנדל זענען זיי געווען שטאַרק באַגרענעצט, אַז אין די פאַרשטעט און אין די דערפער איז זיי פאַרבאָטן געווען צו האַנדלען, דערבייַ האָבן זיי געמוזט צאָלן כּלערליי מלוכהשע און קאָמונאַלע שטייַערן אין אַ פיל גרעסערער פּראָפּאָרץ צו די איבעריקע איינוווינער, קאָן שוין אונדז נישט וווּנדערן די אויסערגעוויינלעכע רירעוודיקייט פון די בענדינער ייִדן בייַם דערווערבן פאַר זיך וואָס אַ מאָל אַלץ נייַע פּריווילעגיעס.

אַ געוואַלטיקע ענערגיע האָבן די בענדינער ייִדן, צוזאַמען מיט די קראָקעווער, אויסגענוצט אויף מבטל צו מאַכן דאָס דערמאָנטע „קאַדוק־געזעץ". דאָס דאָזיקע געזעץ האָט פעסטגעשטעלט, אַז נאָכן טויט פון אַ ייִד, אַלס אויסלענדער, גייט זייַן גאַנץ פאַרמעגן אַריבער אַלס אייגנטום פון קעניג, אַז ווען אַ ייִד באַגייט אַ געוויינלעכן פאַרברעך און ער ווערט פאַרמשפּט דורכן געריכט, האָט אים דאָס „קאַדוק־געזעץ" באַרויבט פון זייַן פאַרמעגן. אמת, אַז דאָס „קאַדוק־געזעץ" איז אויך אָנגעווענדעט געוואָרן לגבי נישט ייִדן, אָבער נאָר דעמאָלט ווען עס זענען נישט געווען קיין יורשים אַזש ביז צו דער אַכטער מדרגה פון קרובהשאַפט.

אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערער צוקונפט האָבן די בענדינער ייִדן אָפּטמאָל זיך באַנוצט מיט פאַרשידענע אָריגינעלע אייַנפאַלן, כּדי אויסצומייַדן די ספּעציעל פאַר זיי באַשטימטע שווערע געזעצן.

ס'איז באַקאַנט, אַז אין פּוילן האָט אין אַמאָליקע צייטן עקזיסטירט אַן אָפּצאָל, וועלכער האָט זיך גערופן: „קוימען־שטייַער". דער דאָזיקער שטייַער האָט פאַרפליכטעט יעדן ייִד אין פּוילן צו צאָלן 30 גראָשן פון יעדן קוימען אין הויז (נישט ייִדן האָבן געצאָלט 6 גר.). די נויט מאַכט אָבער דערפינדעריש, זענען די בענדינער ייִדן די ערשטע געפאַלן אויף דער המצאה צו פאַרייניקן עטלעכע אויוונס אין איין קוימען. די דאָזיקע „דערפינדונג" איז אָבער אַנטדעקט געוואָרן, די שולדיקע זענען פאַרטריבן געוואָרן פון דער שטאָט און זייערע הייַזער זענען קאָנפיסקירט געוואָרן לויט די פאָרשריפטן פונם „קאַדוק־געזעץ".

אין דער פאַרטיידיקונג פון זייערע רעכט האָבן די היגע ייִדן זיך נישט אָפּגעהאַלטן אַרויסצוטרעטן אַפילו קעגן „ועד ארבע ארצות" ווען יענער האָט געהאַנדלט קעגן זייערע אינטערעסן. אַזוי איז אין יאָר 1666 אויסגעבראָכן אַ „רעוואָלוציע" פון בענדינער ייִדנטום קעגן ועד און ס'האָט געמוזט קומען צו אַן אינטערווענץ מצד דעם שלאָסגאַרניזאָן.

דער ענין שטעלט זיך אַזוי פאָר:

נאָך די שוועדישע מלחמות האָט מען אַרויפגעלייגט אויף די פּוילישע בירגער אַ שטייַער אויף צו באַצאָלן דאָס פאַרלעגענע געהאַלט פאַר די סאָלדאַטן. אַ טייל פון די מיליטערישע אָפּטיילונגען האָט באַקומען פון מלוכה־אוצר אַסיגנאַטן, וועלכע די ייִדן אין לאַנד האָבן געדאַרפט דעקן. אַזוי ווי ס'האָט אָפט פּאַסירט, אַז די אָפּטיילונגען האָבן אָנגעווענדעט געוואַלט, כּדי אַרויסצובאַקומען געלט פון די ייִדן, האָט דער „ועד ארבע ארצות" באַשלאָסן מיט אַ מאָל אויסצוקויפן אַלע אַסיגנאַטן. צו דעם צוועק האָט דער ועד געבאָרגט בייַם קעניגלעכן סעקרעטאַר קאַזשימיעזש קאָוואַלקאָווסקי די סומע פון 26,000 פּוילישע גילדן. די הלוואה האָט געזאָלט אויסגעצאָלט ווערן דורך אַ געלט־זאַמלונג צווישן די ייִדישע מאַסן אין פּוילן, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורכן ועד. די בענדינער ייִדן זענען געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן אַרייַנגעטראָגן זייער חלק, זיכער זייַענדיק, אַז דערמיט איז דער ענין דערליידיקט. אין אַ געוויסער צייַט אַרום האָבן זיי זיך אָבער דערוווּסט, אַז דער חוב איז נישט באַצאָלט געוואָרן און, אַז די ייִדישע ראשים האָבן אַרויסגעגעבן אַ ציראָגראַף (אַן אייגנהענטיקע שריפט), וועלכער האָט געזאָגט, אַז אויב אין באַשטימטן טערמין וועט די הלוואה נישט ווערן צוריקגעצאָלט, האָט קאָוואַלקאָווסקי דאָס רעכט אין גאַנצן קעניגרייַך צו רויבן, כאַפּן, אַרעסטירן און פּייַניקן יעדן ייִד אַזוי לאַנג ביז דער חוב וועט נישט ווערן דרייַפאַכיק געדעקט. אחוץ דעם, אויב די הלוואה וועט פאָרט נישט באַצאָלט ווערן, האָט דער קעניגלעכער סעקרעטאַר געמעגט קאָנפיסקירן דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די ייִדן אין פּוילן, שליסן זייערע שולן און בתי־תפילות, אַרויסטרייַבן זיי פון זייערע הייַזער און דאָרט באַזעצן קריסטן.

ווען די בענדינער קהלה האָט זיך דערוווּסט וועגן דער שריפט, האָט זי מאָביליזירט אירע מיטגלידער, וועלכע האָבן באַלאַגערט דאָס הויז פון זייער פאָרשטייער צום ועד, כּדי זיך נוקם צו זייַן אין אים פאַר זייַן פאַראַט. דער באַלאַגערטער דעפּוטאַט, וועלכער האָט זיך געפונען אין זייַן אייגענער וווינונג אויף דער סלאָווקאָווער־גאַס (הייַנט קאָלאָנטאַיאַ), האָט גערופן צו הילף די שטאָטישע וואַך, נאָר איידער זי איז געקומען איז דער ראש שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן און זייַן וווינונג איז דעמאָלירט געוואָרן. אַזוי ווי ס'איז אַנטשטאַנען אַ מורא

3. אַ ביסל אויספירלעכער וועגן „קאַדוק־געזעץ" וועלן מיר שרייַבן ווייטער.

פאר אומרוען און א זעלבסט־געריכט. האט זיך אין דעם ענין אריינ־געמישט דער בורמיסטש, וועלכער האט גערופן צו הילף דעם שלאס־גארניזאן אונטערצודריקן די „רעוואלוציע". דער עפילאג פון דעם געשעעניש איז געווען פאלגנדיקער: דער דעפוטאט ישראל סאלא־מאנאוויטש איז אראפגעווארפן געווארן פון זיין אמט און איז צוזאמען מיט זיין פאמיליע פארטריבן געווארן פון דער שטאט.

אן ענלעכע „רעוואלוציע" האבן די בענדינער יידן געמאכט א ביסל פריער, נאך אין יאר 1539 צוליב רעליגיעזע ספרים. דער קעניג זיגמונט I האט ארויסגעגעבן די מיטגלידער פון א געוויסער פוילישער משפחה א פריווילעגיע, וועלכע האט זיי געגעבן דאס אויס־שליסלעכע רעכט צו פארקויפן די יידן אין דער קראקעווער וואיע־וואדשאפט אלערליי ספרים ווי: סידורים, מחזורים, סליחות, הגדות אאז"וו. ס'ווייזט אבער אויס, אז די יידן האבן די דאזיקע טאט באטראכט אלס א פראפאנאציע פון זייער דת. און ווען די הענדלער זענען געקומען קיין בענדין פארקויפן די ספרים זענען זיי באפאלן געווארן דורך די ארטיקע יידן, וועלכע האבן ביי זיי צוגענומען די ספרים און עפנטלעך פארברענט. ס'איז צוליב דעם אנטשטאנען א גרויסער טומל און ס'איז ווידער געקומען צו אן אינטערווענץ מצד דעם שלאס־גארניזאן.

## III

## דאס לעבן פון בענדינער יידן פון 15־טן י.ה. ביזן סוף פון 19־טן י.ה.

ווו האבן געוווינט די ערשטע בענדינער יידן? — די הילצערנע שול. — דאס בית־הקברות אויף דער זאוואלע־גאס. — דער „קברות־שטייער" און א גרויסער פראצעס צוליב אים. — די בענדינער יידישע קהלה און די חברות אין 16־טן י"ה. — די חדרים און די ישיבה ביי דער בענדינער שול. — דער פאפולערער רב ר' נתן מייטעלעס. — די קליידונג פון פוילישע יידן אין 16־טן און אין 17־טן י"ה. בענדינער יידן אלס ארענדארן און קרעטשמער. — די נייע שול. — די חשובסטע בענדינער יידן צום סוף פון 18־טן י"ה. — דאס בית־הקברות אונטערן שלאס־בארג. — מצבות מיט פוילישע אדלערס. — די פארשידענע בענדינער רבנים פון 1765—1846. — די לאגע פון די פוילישע יידן בעת דעם ווארשעווער פירשטענטום. — א פרייסיש געזעץ, וועלכעס האט שטארק באגרענעצט יידן חתונה צו האבן. — די ערשטע צארישע גזירות. — בענדין ווערט א פאוויאט־שטאט.

די ערשטע גרופע יידן, וועלכע איז געקומען קיין בענדין, האט מען באזעצט הינטער די מויערן און שוץ־וואלן פון דער שטאט, אין דער געגנט פון דער היינטיקער גאס זאוולעק און אין דעם אונטערשטן טייל פון דער מאנדזשעווער־גאס. שפעטער האט מען די אנגעקומענע באזעצט אין דער געגנט פון דער היינטיקער זאוואלע־גאס און צום סוף אין די ראיאנען פון די היינטיקע גאסן ריבנא און בערעק יאסע־לעוויטש (פריער קאזאנסקא).

אין 15־טן י.ה. איז אויף דער בערעק יאסעלעוויטש גאס אויפ־געשטעלט געווארן א הילצערנע שול. אין דער זעלבער צייט איז אונטער די שוץ־מויערן פון דער שטאט געגרינדעט געווארן א בית־הקברות, וועלכעס עקזיסטירט טיילווייז נאך ביז היינט אויף דער זאוואלע־גאס[4]. אויף דעם בית־הקברות האט מען באגראבן ביז ארום דעם יאר 1831. מ'האט דארט קובר געווען, נישט בלויז די יידישע מתים פון בענדין, נאר אויך פון דער גאנצער אומגעגנט, ווי פון מיסלאוויץ, בויטן, טיכוי, כאזשוו און שיעלצע.

היות דאס בית־הקברות איז געלעגן אויפן שטאטישן באדן, פון וועלכן די שטאט־פארוואלטונג האט געמוזט צאלן מעשר דער קירכן־פאראפיע. האט די בענדינער קהלה שוין אין יאר 1588 געמוזט אריינ־טראגן אין דער קירכע־קאסע א ספעציעלן מס, וואס האט זיך גערופן „קברות־שטייער", פון יעדן בר־מינן באזונדער.

אויפן גרונט פון מעשר און „קברות־שטייער" איז אפטמאל געקומען צו א מחלוקה צווישן דעם פלעבאן (פאראפיע־גלח) און דער בענדינער קהלה.

ס'האט פאסירט, אז די בויטענער יידן האבן אין געהיים באגראבן זייערע מתים אויפן בענדינער בית־עולם, כדי פטור צו ווערן פון באצאלן די שטייערן. די בענדינער קהלה האט זיך נישט געאיילט מיטן איינצאלן די שטייערן, וועלכע זי האט נישט געקאנט איינמאנען פון די בויטענער יידן. צוליב דעם האט דער בענדינער פלעבאן, יאן קאטולעצקי, פארקלאגט די קהלה און וועגן מיסברויכן קעגן די עקזיסטירנ־דיקע געזעצן. אלס עדות האט דער גלח געשטעלט א יידישע פרוי, וועלכע האט דעם 5־טן מאי 1687 באשטעטיקט אונטער א שבועה, אז פרעמדע יידן קומען קיין בענדין און זענען קובר זייערע מתים אויפן דארטיקן בית־הקברות.

דער משפט האט זיך געצויגן אין משך פון 8 יאר און האט דערגרייכט אזש ביז צו דער קאנצעלאריע פון קראקעווער בישאף.

דער גלח האט באוויזן, אז א גרויסער טייל פון די בויטענער יידן זענען פאראייניקט מיט דער בענדינער קהלה און, אז אין מיסלאוויץ איז איבערהויפט נישט פאראן קיין שול און קיין בית־הקברות.

כדי אויפצוקלערן דעם ענין, האט דער קראקעווער בישאף דעלע־גירט אין יאר 1692 אלס ארביטער דעם מיסלאוויצער פלעבאן סטאניס־לאוו זיגמונטאוויטש, און אין יאר 1694 דעם גרויצער גלח מיקאלאי יעזשיארקאוויטש. דער לעצטער האט אויסגעהערט פארשידענע עדות און האט באפוילן צו שווערן אין דער שול אייניקע מיסלאוויצער יידן; די בויטענער יידן האבן זיך איבערהויפט נישט צוגעשטעלט.

נאכן אויספארשן דעם גאנצן ענין, איז ארויסגעגעבן געווארן א פסק, לויט וועלכן די בענדינער קהלה איז מחויב צו באצאלן דעם שולדיקן מס און „קברות־שטייער". ס'איז אבער נישט באקאנט צי מיט דעם דאזיקן אורטייל האט זיך שוין דער פראצעס געענדיקט.

אין דער שול אויף דער בערעק יאסעלעוויטש גאס האט זיך קאנצענטרירט דאס גאנצע יידישע לעבן פון בענדין און דער אומגעגנט.

אין דער שפיץ פון דער קהלה האט זיך געפונען א רב מיט 4 דיינים, וועלכע זענען, אין דער ערשטער ריי, מחויב געווען צו שטיין אויף דער וואך פון די קהלשע אינסטיטוציעס, וואס זענען באשטאנען פון פארשידענע חברות. אין 16־טן י.ה. זענען ביי דער בענדינער שול געווען פאלגנדיקע 7 חברות: חברה קדישא, תלמוד תורה, ביקור חולים, מעוז לדל (וועלכע האט פארזארגט ארימע מיט עסן), הכנסת כלה, מלביש ערומים און הלואת חן (א מין גמילת חסדים־קאסע). אין דער שפיץ פון יעדער חברה איז געשטאנען א גבאי.

די אויסגערעכנטע חברות האבן גוט פונקציאנירט און זייער גרויסע צאל דערקלערט זיך מיט דעם, וואס קיין בענדין, אלס א גרע־נעץ־שטאט, זענען געקומען א סך פליטים, וועלכע זענען גערודפט געווארן אין די שכנותדיקע לענדער און האבן דא געפונען א צייט־ווייליקן מקום־מקלט.

צוליב דעם גרויסן צופלוס פון אויסלענדישע יידן, האט זיך די בענדינער קהלה אפטמאל געפונען אין א זייער שווערער מאטעריעלער לאגע און געמוזט אנקומען צו הלוואות, כדי צו ראטעווען אירע ברידער אין א נויט.

ביי דער בענדינער שול האט צום סוף פון 16־טן י.ה. עקזיסטירט א חוץ געוויינלעכע חדרים אויך א גרויסע ישיבה.

זייער פאפולער איז געווען דער רב ר' נתן מייטעלעס, וועלכער איז דעמאלט געווען דער ראש הישיבה. ווען אין יאר 1587 איז בענדין

4. אין יאר 1940 אויסגעגלייכט מיט דער ערד דורך די דייטשן (באמ. פון רעדאקציע.

באַדראָט געוואָרן דורכן מיליטער פון מאַקסימיליאַן דעם עסטרייכער, האט דער רב צונויפגעזאַמלט צווישן די בענדינער יידן 50 דוקאַטן און זיי איבערגעגעבן דעם שלאָס־סטאַראָסטע אויף צו באַפעסטיקן די שטאָט־מויערן. ר׳ נתן איז נפטר געוואָרן אלט זייענדיק 105 יאָר און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן אלטן בית־עולם אויף דער זאַוואַלע גאַס.

ס׳דאַרף דערמאַנט ווערן, אַז אויפן זעלבן בית הקברות רוען אויך די ביינער פון די באַרימטע שלוחים: שלמה מאַרקאָוויטש און יהונתן סאַמועלעוויטש, וועלכע האָבן מיט שווערער מי און סכנות נפשות געבראַכט די פּריווילעגיע, וואָס האָט באַשטעטיקט די אַלטע געזעצן. די דאָזיקע פּריווילעגיע איז געווען אייגנהענטיק אונטערגעשריבן דורכן קעניג יאַן סאָביעסקי III.

ביזן יאָר 1538 האָבן די בענדינער יידן — פּונקט ווי די איבעריקע יידן אין פּוילן — זיך געקליידעט גלייך מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. ערשט דער פּיעטריקאָווער סטאַטוט האָט באַפוילן די יידן — אונטער דער דראָונג פון אַ געלט־שטראָף — צו טראָגן בערעטן, מיצקעס אָדער אַנדערע היטלעך פון געלן קאָליר.

ס׳איז שווער פעסטצושטעלן וויפל יידן ס׳האָבן זיך געפונען אין בענדין, ווי אויך אין גאַנץ פּוילן אין 16־טן י.ה. צוליבן הויכן קאָפּ־שטייער, וועלכער האָט באַטראָפן 3 גל. פון א נפש, האָבן די יידן ניט אויפגעגעבן די ריכטיקע צאָל מיטגלידער פון זייערע קהלות. אויסער דעם, האָבן דאָ אויך מיטגעווירקט פּאָליטישע און רעליגיעזע סיבות. צוליב דעם האָבן זיך די יידן אין פּוילן באַמיט ,אַז מ׳זאָל פאַר זיי באַשטימען א ריטשאַלט (אַן איינמאָליקן אָפּצאָל). זייערע באַמיונגען האָבן געהאַט דערפאָלג, און ווירקלעך האָט דער סיים אין יאָר 1590 אָפּגעשאַפט דאָס אינדיווידועלע איינמאָנען פון קאָפּ־שטייער, באַשטימענדיק א ריטשאַלט פון 20,000 גל. יערלעך פאַר אַלע יידן אין קעניגרייך.

אין דער העלפט פון 18־טן י.ה. האָבן שוין די בענדינער יידן געבילדעט א מערהייט פון די שטאָט־איינוווינער. אין זייערע הענט האָבן זיך געפונען אַלע יאַטקעס, קרעטשמעס און שענקן. אויסער דעם, האָבן זיי געהאַלטן אין אַרענדע די ברויערייַ פאַר דער סומע פון 1379 גל., די סטאַראָסטע־מילן פאַר 576 גל. און די שלאָס־גערטנער פאַר 54 גל. אין דערזעלבער צייט זענען זיי צוגעטרעטן אויפצובויען א נייע שול אויף דער שול גאַס, אויפן זעלבן אָרט וווּ זי שטייט היינט. אין די קעלערן פון דער שול האָט זיך אויך געפונען די יידישע תפיסה.

אין איר ערשטער פאָרם איז די שול געווען א הילצערנע, ערשט אין יאָר 1881 איז זי פונאַנדערגענומען געוואָרן און אויף דעם זעלבן אָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרן די איצטיקע שול פון שטיינער און ציגל.

אין יאָר 1921 איז די שול רעסטאַווירט געוואָרן און ס׳איז באַזייטיקט געוואָרן דער אַריינגאַנג דורך דער באַריערע לענגאויס דער דרום־מויער.

אין די יאָרן 26/1925 איז די שול אויסגעמאָלט און באַצירט געוואָרן דורך די קינסטלער־מאָלער: משה אַפּעלבוים, שמואל ציגלער און דעם מעטאַל־פּלאַסטיקער חיים האַנפט.

די מאָלעריי און פּלאַסטיק אין דער שול שטייען אויף א הויכן קינסטלערישן ניוואָ. דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך א גאַנצע ריי קינסטלער און קונסט־קריטיקער, וועלכע האָבן די שול באַזוכט.

רעפּראָדוקציעס פון די אַרבעטן געפינען זיך אין בצלאל־מוזיי אין ירושלים, אין תל־אביבער מוזיי, ווי אויך אינם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ) אין ווילנע).

צו די חשובסטע בענדינער יידןביים סוף פון 18־טן י.ה. האָבן געהערט: הערשל און דוד אַראָנאָוויטש, יעקב לעווקאָוויטש, מאיר שפּירא, הערשל רובין, יעקב ערליך, יצחק גיטלער, שמעון לאָנדנער. לייב זענדלאָוויטש, וואָלף און דוד ברוינער.

פון די שאלות ותשובות אין „נודע ביהודה״ [5] דערוויסט מען זיך אַז אין יאָר תקל״ה (1775) איז געווען אין בענדין אַ רב מיטן נאָמען ר׳ מאיר. פון אַנדערע קוועלן ווידער, ווערט מען געוווירע, אַז ר׳ מאיר האָט זיך גערופן אויפן ביינאָמען אורבאַך.

אין פנקס פון דער „חברה קדישא״ איז פאַרשריבן, אַז אין יאָר תקכ״ה (1765) איז דורך דער דאָזיקער חברה אויסגעוויילט געוואָרן אַלס על גביהם (אויבער־גבאי) דער רב ר׳ משה. אין זעלבן פנקס פיגורירט, אין יאָר תקמ״ג (1783), אַלס על גביהם, דער רב ר׳ טוביה און אין די יאָרן תקמ״ד—תקנ״ו, זיין זון ר׳ דוד.

נאָך ר׳ דודן איז במשך פון 30 יאָר געווען בענדינער רב ר׳ משה האַמבורגער, אַ שוואָגער פונם רבין ר׳ אלימלך פון ליזשענסק.



א מצבה מיט א פוילישן אדלער פון יאר תר״ג (1843)
מצבה שעליה חרות נשר פולני משנת תר״ג (1843)

אין די פנקסים פון דער „חברה תהלים״, „חברה חיטים״ און „חברה קדישא״ טרעפט מען אין די יאָרן תקס״ז—תקצ״ה (1807—1835) די אונטערשריפט פון א מורה הוראה מיטן נאָמען ר׳ מנחם נחום רוזאַניס, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן רב אין בענדין.

אין יענער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן דאָס בית־הקברות אונטערן שלאָס־באַרג [6].

וועגן דעם לייענען מיר אינם פנקס פון דער „חברה־קדישא״, אַז אין יאָר תקצ״א (1831) איז ביי די שטאָט־איינוווינער אָפּגעקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ אויף אַ בית־הקברות פאַר 300 גילדן. אויסער דעם האָט מען געדאַרפט אָפּצאָלן פון פּלאַץ 20 גל. יערלעך.

אויפן דערמאָנטן בית־הקברות געפינען זיך אייניקע מצבות מיט פּוילישע אָדלערס. לויט א ווערסיע, זענען די אָדלערס אויף די מצבות געמאַכט געוואָרן אויפן פאַרלאַנג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, צוליב דעם, וואָס די געשטאָרבענע זאָלן זיך האָבן פאַרדינט געמאַכט לטובת די פּוילישע אויפשטענדיקע אין די יאָרן 1831 און 1863.

5. נודע ביהודה, מהדורה קמא, אבן העזר, שאלה ס״ב.
6. עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג (באַם. פון רעדאַקציע).

אין זעלבן פנקס ווערט אויך דערמאָנט, אַז אין יאָר 1831 זענען אין בענדין, במשך פון 2 וואָכן, אומגעקומען העכער 100 יידישע נפשות פון אַ מגפה, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט, ווי אויך צוליבן אויפשטאַנד אין יענעם יאָר.

נאָך ר' נחום רוזאַניס איז געווען, אין משך פון אַ קורצער צייט רב אין בענדין, ר' אברהם הירש רוזאַניס. דער דאָזיקער רב איז צוליב אומבאַוווסטע סיבות גערודפט געוואָרן דורך אַ טייל בעלי־בתים און איז צום סוף פאַרטריבן געוואָרן פון דער שטאָט.

שפּעטער איז געווען בענדינער רב ר' בעריש הערציגער. מיר טרעפן זיין אונטערשריפט אין פנקס פון דער חברה „הכנסת כלה", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תר"ב (1842).

דער רב הערציגער איז נפטר געוואָרן אין כ"ה שבט תר"ו (פעברואַר 1846) און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן בית־עולם אונטערן שלאָס־באַרג. אויף זיין קבר איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אהל.

אין יאָר תקצ"ט (1839) איז אין בענדין געבוירן געוואָרן דער באַרימטער גאון און גרינדער פון דער סאָכאַטשעווער דינאַסטיע, ר' אברהמעלע באָרנשטיין. ר'איז געווען אַ זון פונם ביאַלער רב ר' זאב וואָלף און אַן איידעם פונם קאָצקער רבין ר' מענדעלע. דעם סאָכאַטשעווער רבינס מוטער, דאָבריש, איז געווען אַ טאָכטער פונם היגן תושב ר' מרדכי הערש ערליך.

אין דער צייט פונם וואַרשעווער פירשטנטום (1807—1813) זענען די יידן אין פוילן געווען באַגרענעצט אין זייער פּאָליטיש און בירגער־לעך רעכט. ס'איז געבליבן אין קראַפט אַן אַלט פרייסיש געזעץ, וואָס האָט פאַרווערט יעדן ייד חתונה צו האָבן אָן אַ ספּעציעלער דערלויי־בעניש פון דער מאַכט. אַ ייד, וועלכער האָט געוואָלט חתונה האָבן, האָט געמוזט, לויטן דערמאָנטן געזעץ, באַזיצן אַ קאַפּיטאַל פון טויזנט טאַלער, ער האָט געמוזט אַלט זיין 25 יאָר און דערביי איז דער חתונה־קאַנדידאַט מחויב געווען צו באַווייזן, אַז זיין פאָטער און זיידע זענען געווען תושבים אין זיין געבורט־שטאָט.

ווען פוילן איז נאָכן ווינער קאָנגרעס (1815) איבערגעגאַנגען אין די צאַרישע הענט, איז אין יאָר 1823 אַרויס אַ געזעץ, לויט וועלכן קיין פרעמדע צוגערייזטע יידן האָבן זיך נישט געטאָרט באַזעצן אין בענדין אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער צענטראַלער־מאַכט צוליב דעם, וואָס די שטאָט האָט זיך געפונען אינם 21 וויאָרסטיקן גרענעץ־פּאַס. יידן האָבן זיך דעריבער געמוזט באַזעצן אין דער געגנט אַרום בענדין, וואָס איז געווען ווייטער פון 21 וויאָרסט פון דער דייטשער אָדער עסטרייכישער גרענעץ.

צוליב דעם שווערן געזעץ, האָבן אין יענער צייט אָנגעהערט צו דער בענדינער קהלה די דערפער: שיעלצע, מאָנדזשעוו, לאָגישע, גזשיכאָוו, שעווער, סטשעמיעשיץ, סלאַווקאָוו א"א. בענדין האָט דעמאָלט געציילט 2440 יידן און 1780 קריסטן.

דאָס דערמאָנטע געזעץ איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דורכן צאַר אַלעקסאַנדער II.

אין יאָר 1867 איז בענדין געוואָרן אַ פּאָוויאַט־שטאָט, וועלכע איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער פּיעטריקאָווער גובערניע, ביז דעמאָלט האָט די שטאָט אָנגעהערט צום אָלקושער פּאָוויאַט און צו דער

די סטאַטיסטיק פון יאָר 1880 האָט אויפגעוויזן, אַז אין בענדין האָבן זיך געפונען 5424 איינוווינער, דערפון 3800 יידן.

ביים היינטיקן טאָג ציילט בענדין מיט דער אומגעגנט אַן ערך פון 50,000 איינוווינער, דערפון צירקאַ 24,000 יידן [7].

7. 1932 (באַמ. פון רעדאַקציע).

IV

## די בענדינער קהלה אין די יאָרן 1850—1914.

דער רב ר' חיים דוד לאַנגפוס. — דאָס בית־המדרש. — דער קהלה־בודזשעט אין יאָר 1854. — דער עטאַט אין יאָר 1855. — די דאָזאָרעס אין יאָר 1848. — די מסירה אויף די דאָזאָרעס. — אַ פּראָצעס קעגן דער „חברה קדישא". — די פאַרשידענע קאַנדידאַטן אויפן בענדינער כסא הרבנות. — ר' איטשעלע קימעלמאַן אַלס בענדינער רב. — די דאָזאָרעס אין יענער צייט. — די שנעלע אַנטוויקלונג פון בענדין און די צאָל יידן אין יאָר 1897. — די פּטירה פון ר' איטשעלע קימעלמאַן. — ר' יששכר בעריש גרויבאַרט ווערט אויפגענומען אַלס רב אין בענדין. — די דאָזאָרעס אין יענער צייט. — הרב גרויבאַרט אַלס באַרימטע רבנישע אויטאָריטעט און געזעלשאַפטלעכער עסקן. — ר' יששכר בעריש ווערט דעלעגירט צום פּעטערבורגער רבנים צוזאַ־מענפאָר. — דער בענדינער רב פאָדערט אַ בילדונגס־צענז פאַר רבנים. — די אינטערווענץ מצד גער. — כאַראַקטעריסטיק פון הרב גרויבאַרט. — ר' יששכר בעריש אַלס מיטגרינדער פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. — די פּטירה פון רב. — די רבנות וואַלן אין דעצעמבער 1913. — די 2 קאַנדידאַטן און דער רעזולטאַט פון די וואַלן. — דער פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר איז מבטל די וואַלן. — די צווייטע וואַלן און דער דריטער קאַנדידאַט. — הרב יקותיאל זלמן גרויבאַרט ווערט אויסגעוויילט אַלס בענדינער רב.

אין יאָר 1850 איז אַלס בענדינער רב אויסגעוויילט געוואָרן דער שעראַדזער רב ר' חיים דוד לאַנגפוס, פאַר וועלכן ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ יערלעכע פּענסיע פון 180 רובל אַחוץ פרייע דירה און אַנדערע רבנישע הכנסות.

דער רב לאַנגפוס האָט פאַרנומען דאָס בענדינער כסא הרבנות אין משך פון 14 יאָר. ער איז נפטר געוואָרן דעם 10־טן דעצעמבער 1864 אין עלטער פון 60 יאָר און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן בית־עולם אונטערן שלאָס־באַרג.

אין דער צייט פון הרב לאַנגפוס איז אויפגעבויט געוואָרן דאָס נייע בית־המדרש (1859), וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַן ערך פון 2500 רובל.

דער פּלאַץ ווו ס'געפינט זיך דאָס בית־המדרש האָט אָנגעהערט צו וואָלף פעלדמאַן, וועלכער האָט אים געשאָנקען דער קהלה.

דאָס פריערדיקע בית־המדרש איז געווען פיל קלענער פונם היינטיקן און האָט זיך געפונען האַרט נעבן דער מזרח־וואַנט פון דער הילצערנער שול.

דער גאַנצער קהלה־בודזשעט פאַרן יאָר 1854 האָט באַטראָפן 672 רובל. אַ טייל פונם בודזשעט האָבן געדעקט די הכנסות פון דער מקוה און פון אַנדערע קוועלן, ווי צב"ש פונם הויז נומ' 120 אויף דער יידן־גאַס (שול־גאַס), וואָס איז פאַרשריבן געוואָרן דורך דעם בענ־דינער קצב הערשל קשאָנאָווסקי לטובת דער קהלה. קשאָנאָווסקי האָט אויך געשאָנקען פאַר דער שול אַ ספר תורה מיטן באַדינג, אַז מ'זאָל האַלטן זיין יאָרצייט. מיטן איבעריקן טייל פון בודזשעט זענען באַלאָס־טעט געוואָרן די בעלי־בתים פון גליל.

דער גאַנצער עטאַט פון יאָר 1855 האָט באַטראָפן 495 רובל. עס זענען דעמאָלט געווען אין בענדין 374 רעגיסטרירטע עטאַט־צאָלער, פון וועלכע ס'האָבן נאָר געצאָלט 209 בעלי־בתים, די איבעריקע זענען דיסקוואַליפיצירט געוואָרן אַלס אָרימע.

אין יאָר 1848 זענען אין בענדין אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע דאָזאָרעס: אייזיק ביאַלער, אהרן נונבערג, הערשל לאַנדנער, בענדעט פישל און עובדיה שאַנצער.

אין יאָר 1856 האָט אַ געוויסער לייב פּאָטאָק איינגעטראָגן אַן אָנקלאַגע צום ראַדאַמער גובערנאַטאָר, אַז די דאָזאָרעס הערשל לאַנד־נער, בענדעט פישל און עובדיה שאַנצער נעמען צו פאַר זיך פאַר־שידענע געלטער.

ס'איז געקומען צו אַן אויספאַרשונג, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט, אַז די אַנקלאַגע פון לייב פּאַטאַק איז אַ בייזווילליקע. פּאַטאַק איז צוליב דעם צוגעצויגן געוואָרן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר בייזווילליקע רכילות און פאַלשער באַשולדיקונג.

דאָס האט נישט געשטערט לייב פּאַטאַקן, אַז ער זאָל אין יאָר 1859 אויסגעוויילט ווערן אלס דאַזאָר.

א זייער כאַראַקטעריסטישער פּרצעס איז פאָרגעקומען אין בענדין, אין די יאָרן 55/1854, קעגן דער „חברה קדישא".

די געשיכטע שטעלט זיך אזוי פאָר:

א ברעסלער ייד, מיטן נאָמען יעקב רייכמאַן, האָט זיך אין אויגוסט 1853 געבאָדן אין גזשיכאָווער טייך און איז דערטרונקען געוואָרן. ווען מ'האָט געבראַנגט דעם מת קיין בענדין האָט אים די „חברה קדישא" געלאָזט ליגן ביז זי האָט באַקומען פונם דערטרונקענעמס איידעם 130 רייכסטאַלער. דאָס געלט האָט צוגענומען הענדל ערליך און דער בר מינן איז געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל.

האָט דאָס פאַרדראָסן די שטאָט און מ'האָט די גאַנצע „חברה קדישא" פאַרמסרט פאַר דער מאַכט און ס'איז קעגן די גבאים פאַרפירט געוואָרן אַן אויספאַרשונג (1854). הענדל ערליך איז שטרענג אויפגעפּאָדערט געוואָרן בייצולייגן דאָס געלט, וואָס האט באַטראָפן 17 רובל, אין דער מלוכה־קאַסע.

דער ראַדאָמער גובערנאַטאָר האָט פאַראָרדנט דעם אָלקושער פּאָוויאַטאָווער נאַטשעלניק אריינצושטעלן צו הענדל ערליך א מיליטערישע עקזעקוציע אויף זיינע קאָסטן און זי זאָל דאָרט אזוי לאַנג פאַרבלייבן, ביז ערליך וועט צוריקגעבן דאָס קבורה־געלט.

דער בענדינער בורמיסטש, צו וועלכן דער נאַטשעלניק האָט זיך געווענדעט וועגן אויספירן דעם באַפעל, האָט זיך אָבער נישט צוגעאיילט מיט דער עקזעקוציע, וועלנדיק איבערוואַרטן דעם רעזולטאַט פון דער אויספאָרשונג, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך 2 אינסטאַנצן, דורך דער אַדמיניסטראַטיווער און געריכטס־מאַכט.

דעם 28־טן יאַנואַר 1855 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס קעגן די אויבן דערמאָנטע גבאים פון דער „חברה קדישא", אינם אזוי גערופענעם „איינפאַכן פּאָליצײַ געריכט" אין אָלקוש און די גבאים זענען באַפרייט געוואָרן, צוליב מאַנגל אין באַווייזן.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך אָבער נישט גערעכנט מיטן פּסק פון געריכט און האָט באַפוילן אומבאַדינגט צו צווינגען הענדל ערליך, דורך א מיליטערישע עקזעקוציע, צוריקצוצאָלן דאָס קבורה־געלט. ער האָט אויך געמאַכט א שטרענגן פאָרוואורף דעם בורמיסטש פאַר פאַרנאַכלעסיקן די עקזעקוציעס און געמאַכט אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די קאָנסעקווענצן.

אינצווישן צייט איז הענדל ערליך געשטאָרבן און דער בורמיסטש האָט איינקוואַרטירט א מיליטערישע עקזעקוציע ביי זיין זון דוד ערליך.

האָט זיך דוד ערליך אין 24 אַפּריל 1856 געווענדעט מיט א בקשה צום אָלקושער נאַטשעלניק וועגן באַפרייען אים פון דער עקזעקוציע, פאַרשטעלנדיק א דאָקומענט, ווו דעם דערטרונקענעמס איידעם ווענזל, באַשטעטיקט, אַז ער האט זיך גוטוויליק פאַרגלייכט מיט הענדל ערליך וועגן די 130 רייכסטאָלער קבורה־געלט.

אויסער דעם, האָט דוד ערליך צוגעשטעלט א רעכענונג, וואָס ער האָט געפונען נאָך זיין פאָטערס טויט, ווו ס'איז געווען אויסגערעכנט אלע הוצאות פון דער לויה און קבורה פונם פאַרשטאָרבענעם רייכמאַן. און באַווייזנדיק מיט די דאָזיקע דאָקומענטן, אַז זיין פאָטער האט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ר'האָט באַקומען פון פאַרשטאָרבענעמס איידעם אויסגעגעבן לצרכי המת, האָט דער נאַטשעלניק פּראָלאָנגירט די עקזעקוציע ביז ס'וועט אנקומען אַן אויפקלערונג וועגן דעם גאַנצן ענין.

ערשט אין אויגוסט 1856 האט דער בורמיסטש געגעבן אַן ענטפער דעם נאַטשעלניק, אַז הענדל ערליך האט געהאַט דאָס פולע רעכט צו פאַרווענדן דאָס קבורה־געלט לויט זיין איינזען, ווייל ווענזל האט דאָס אים שריפטליך דערלויבט.

וואָס ס'איז ווייטער געוואָרן מיט דעם ענין אין דער אַדמיניסטראַטיווער־מאַכט, איז נישט באַקאַנט. וואַרשיינלעך איז די מיליטערישע עקזעקוציע צוריקגעצויגן געוואָרן צוליב דער קרוינונג־אַמנעסטיע פון אַלעקסאַנדער II.



די גרויסע שול אין יאָר 1910
בית הכנסת הגדול בשנת 1910

נאָך דער פּטירה פון הרב לאַנגפוס האָט די בענדינער קהלה נישט בדעה געהאַט אויפצונעמען אַ נייעם רב, צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט געהאַט קיין מיטלען דערויף. די קהלה האָט געבעטן ביי דער מאַכט, אַז זי זאָל דערלויבן צו פאַרטרעטן דעם פאַרשטאָרבענעם רב, דעם דיין ר׳ דוד שלעזינגער, וועלכער איז שוין געווען בענדינער מורה הוראה זייט 1849.

דער ראַדאָמער גובערנאַטאָר האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין, אַז דער דיין שלעזינגער זאָל פאַרטרעטן דעם רב און ר׳האָט דרינגענד אויפגעפאָדערט די בענדינער קהלה, אַז זי זאָל במשך פון אַ קורצער צייט פאָרשטעלן אַ קאַנדידאַט פאַרן בענדינער כסא הרבנות.

האָט די בענדינער קהלה, אין יאָר 1865, פאָרגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט דעם שטשעקאָטשינער רב ר׳ מאיר ענגלאַרד, וועלכער האָט זיך זייט אַ געוויסער צייט געפונען אין בענדין.

אינצווישן איז הרב ענגלאַרד צוריקגעפאָרן קיין שטשעקאָטשין, כדי צו דערליידיקן זיינע פּריוואַטע ענינים און ר׳איז דאָרט נפטר געוואָרן.

איז ווידער דורך דער קהלה פאָרגעשטעלט געוואָרן אַלס קאַנדידאַט דער פּיעטריקאָווער מורה הוראה ר׳ איטשעלע קימעלמאַן, וועלכער האָט אין 1866 איבערגענומען דאָס בענדינער כסא הרבנות מיט 360 רובל אַ פּענסיע, אחוץ פרייע וווינונג און אַנדערע הכנסות.

אין דער צייט פון ר׳ איטשעלען זענען אין בענדין געווען פאָלגנדיקע דאָזאָרעס: אלעזר רינסקי, מרדכי פּלעסנער, משהל הערמאַן און בעריש שטאַטלער.

דעמאָלט האָט זיך בענדין אָנגעהויבן שטאַרק צו אַנטוויקלען, אַ דאַנק דער פאַרגרעסערטער קוילן־פּראָדוקציע און אייזן־אינדוסטריע, וואָס האָט גורם געווען צו אַ גרויסער שפע פון פּרנסה פאַר אַלע איינוווינער פון דער גאַנצער אומגעגנט. די באַפעלקערונג אין בענדין האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט און באַטראָפן אין יאָר 1897 צירקאַ 24 טויזנט, דערפון 11 טויזנט יידן, ד״ה העכער 45% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

הרב קימעלמאַן איז נפטר געוואָרן דעם 30־טן יוני 1893.

נאָך ר׳ איטשעלעס פּטירה איז אַלס צייטווייליקער ממלא מקום באַשטימט געוואָרן דער מורה הוראה ר׳ יהושעלע טעלנער.

דעם 2־טן סעפּטעמבער 1893 האָבן אַן ערך פון 300 בעלי־בתים, וואָס האָבן דעמאָלט רעפּרעזענטירט די שטאָט, אויסגעקליבן אַלס רב דעם — זייט 1887 -- שעדלעצער רב ר׳ ישכר בעריש גרויבאַרט.

די קהלה האָט זיך מתחייב געווען צו צאָלן דעם רב אַ יערלעכע פּענסיע פון 1500 רובל, אויסער דעם 800 רובל אויף איבערציען זיך פון שעדלעץ קיין בענדין און נאָך 400 רובל פאַר אַ מורה הוראה אין סאָסנאָוויץ, וואָס איז דעמאָלט פאַררעכנט געוואָרן אַלס דאָרף, און האָט אָנגעהערט צום בענדינער גליל. אין דעצעמבער 1893 האָט הרב ר׳ ישכר בעריש גרויבאַרט איבערגענומען דאָס בענדינער כסא הרבנות.

אין די צייטן פון הרב גרויבאַרט זענען געווען פאָלגנדיקע דאָזאָרעס: בעריש שטאַטלער, ראובן ליווער, יהושע לייב וויינגאַרט, אברהמעלע טראָפּויער און ישעיה ראָטנער.

הרב גרויבאַרט איז פאַררעכנט געוואָרן צו די אָנגעזעענסטע רבנים אין פּוילן. זיין נאָמען איז געווען באַרימט ווייט אויסער די גרענעצן פון לאַנד. באַקאַנט אין דער רבנישער וועלט אַלס גאון און בקי, ווענדן זיך צו אים מיט שאלות, רבנים פון גאַנצן לאַנד און אויך פון אויסלאַנד. אַ גרויסער טייל פון זיינע תשובות איז אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדער ספר: שו״ת „דברי ישׂשכר״.

הרב גרויבאַרט האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויס רירעוודיקייט און פאַרשטענדניש פאַר געזעלשאַפטלעכע פראַגן. מען באַגעגנט זיין נאָמען ביי כמעט יעדער וויכטיקער כלל־טוער פאַרזאַמלונג אָדער רבנים־אסיפה. זייער אָפט קומען די אסיפות פאָר לויט זיין איניציאַטיוו און אונטער זיין פאָרזיץ (פּיעטריקאָוו 1909, וואַרשע 1910 א״א). ביי דעם פּעטערבורגער רבנים־צוזאַמענפאָר, וועלכן דער צאַרישער פּרעמיער און צורר היהודים סטאָליפּין האָט אין 1910 צוזאַמענגערופן פון גאַנץ רוסלאַנד, כלומרשט אויף צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן, האָט הרב גרויבאַרט — אַלס איינער פון די 5 דעלעגאַטן פון גאַנץ פּוילן — גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל. ער איז אויך געווען פאָרזיצער אין פאַרשידענע קאָמיסיעס. ס׳איז אינטערעסאַנט זיין וועלטלעכע אַנשויונג און שטעלונג צו די דאָרט באַהאַנדלטע ענינים. אַזוי למשל האָט הרב גרויבאַרט באַזונדערס זיך איינגעשטעלט דערפאַר, אַז רבנים זאָלן מוזן באַזיצן אַ געוויסן בילדונגס־צענז, הגם פון פאַרשידענע זייטן, ובתוכם פון סאַמע גער, האָט מען געפּרוווט צו ווירקן אויפן רב, טעלעגראַפירנדיק צו אים קיין פּעטערבורג — אַז ער זאָל שטימען דאַקעגן. ר׳ ישכר בעריש האָט אָבער מאָטיווירט זיין שטעלונג מיט דעם, וואָס ס׳איז אַ פּחיתת־הכבוד פאַר אַ רב, דאָס ער זאָל מוזן אָנקומען צו אַן איבערזעצער בעת ער דאַרף פאַרטיידיקן דעם דת אָדער דאָס פאָלק.

הרב גרויבאַרט איז, טראָץ זיין רבנישער אויטאָריטעט, לגמרי נישט געווען קיין פאַנאַטיקער. ר׳איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקער אינטעליגענץ און גלייכצייטיק מיט אַן אויסערלעך אימפּאָזאַנט אויסזען. צוליב דעם, וואָס ר׳איז אויך געווען אַ נוח לבריות, האָט ער זיך דערוואָרבן אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט, סיי ביי יידן און סיי ביי קריסטן, וועלכע זענען אָפט געקומען צו אים דין תורות האַלטן.

אין אונזער שטאָט איז דער רב געווען איינער פון די ערשטע מיטגרינדער פון פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס ווי: לינת החולים, לינת הצדק, מלביש ערומים, חברה עירובין א״א.

הרב גרויבאַרט איז נפטר געוואָרן אין ברעסלע דעם 12־טן דעצעמבער 1913. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין בענדין און אויף זיין קבר איז אויפגעשטעלט געוואָרן איין אוהל.

דעם 30־טן דעצעמבער 1913 זענען אין בענדין פאָרגעקומען רבנות־וואַלן. ס׳האָבן פיגורירט 2 קאַנדידאַטן: ר׳ יקותיאל זלמן גרויבאַרט, אַ זון פונם פאַרשטאָרבענעם בענדינער רב ר׳ ישכר בעריש און דער ווישעגראָדער רב באָרנשטיין, וועלכער איז געשטיצט געוואָרן דורך די סאָכאַטשאָווער חסידים.

פון די 1062 וויילער האָבן געשטימט 707. פון די דאָזיקע שטימען האָט הרב גרויבאַרט באַקומען 478 און הרב באָרנשטיין 229. אַזוי אַרום איז ר׳ יקותיאל זלמן מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען אויסגעוויילט געוואָרן אַלס בענדינער רב.

צוליב אַ פּראָטעסט פון צד שכנגד, אַז דער ניי־אויסגעוויילטער רב איז נאָך מינדעריעריק, האָט דער פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר מבטל געמאַכט די וואַלן און באַשטימט פרישע אויפן 20־טן יוני 1914.

ביי די צווייטע וואַלן האָבן קאַנדידירט, אויסער דעם ווישעגראָדער רב און הרב גרויבאַרט, אויך דער מאָנדזשעווער מורה־הוראה ענגלאַרד.

אין רעזולטאַט האָט ווידער הרב ר׳ יקותיאל זלמן גרויבאַרט באַקומען אַ גרויסע מערהייט און איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס בענדינער רב.

הרב גרויבאַרט האָט פאַרנומען דאָס בענדינער כסא־הרבנות ביז סעפּטעמבער 1920. שפּעטער איז ער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע און ביים היינטיקן טאָג איז ער רב אין ברוקלין [8].

8. 1936 (באַמ. פון רעדאַקציע).

V

## פאליטישע גרופירונגען פאר דער וועלט־מלחמה

1. ציוניסטן.

די ערשטע ציוניסטן און זייער טעטיקייט. — דער ערשטער לאקאל פון די ציוניסטן. — ציוניסטן גרינדן די „דייטשע שול". — די צאל קאלאניאל־באַנק אקציעס, וואס זענען דעמאלט פארקויפט געווארן אין בענדין. — די יינגע ציוניסטן און זייער טעטיקייט. — ציוניסטישע ליטעראטור ווערט געשמוגלט פון דייטשלאנד קיין רוסלאנד. — די ערשטע „חיבת־ציון" קאנפערענץ אין קאטאוויץ. — די 25 יעריקע יובילײ־קאנפערענץ.

**צו די ערשטע ציוניסטן אין אונזער שטאָט האָבן אָנגעהערט: ש. ווּדאָווינסקי, יאקוב שטאָטלער, וואלף בער פישל, י. גאָלדפעלד, ווילבושעוויטש, שלמה פרענקל, יעבץ און בעריש קאַהאַן.**

**אין די צאַרישע צייטן האָט נישט עקזיסטירט קיין לעגאלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. די גאנצע טעטיקייט איז דער עיקר באַשטאַנען אין זאמלען געלט פארן נאַציאָנאַל־פאָנד און פארן „אָדעסער קאָמיטעט". ביי דער דאָזיקער ארבעט זענען געווען טעטיק אויסער די דערמאנטע ציוניסטן, אויך די מזרחיסטן: בעריש פרעגער, שלום קליינער און ישעיה הענדל ערליך.**

**אין די לעצטע יאָרן פאר דער וועלט־מלחמה איז די ארבעט פארן „אָדעסער קאמיטעט" געפירט געוואָרן דורך א. ק. ליווער, אברהם ליווער און נטע לאַנדנער.**

**דער ערשטער לאָקאַל פון די ציוניסטן (אייגנטלעך פון די מזרחיסטן) האָט זיך געפונען אין הויז פון קלמן לאַנגער, אויפן נייעם מארק (היינט הויז גוטמאן). דאָרט איז אויך געווען א מנין צום דאווענען, אונטערן נאָמען: „הכנסת אורחים". שפעטער האָט זיך געשאפן א באזונדער מנין פון רעליגיעזע ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין „חדר מתוקן" פון יצחק פינק, אין נחום צוקערמאַנס הויז.**

**דורך די ציוניסטן איז געגרינדעט געוואָרן די אזוי גערופענע „דייטשע שול", ביי וועלכער ס'האָט זיך אויך געפונען אַ ביבליאָטעק. דאָרט זענען געהאלטן געוואָרן פארשידענע רעפעראַטן, מייסטנס דורך בעריש פרעגער.**

**אין יאָר 1898 זענען אין בענדין פארקויפט געוואָרן 700 אקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באַנק פאר דער סומע פון 7000 רובל.**

**מיט א גרויסער אקטיוויטעט האָבן זיך אויסגעצייכנט די יינגע ציוניסטן, צו וועלכע ס'האָבן אָנגעהערט: מאיר שוואַרץ, אלימלך ראַטנער, א. ק. ליווער, טעוול קליינמאן, אברהם ליווער, א. מ. וואַטנבערג, בערטשע יאנאָווסקי, אברהם פטאַשניק, יחזקאל לאַסקער, יהודה שניאור, מרדכי וויינריב, איטשע בער קאָקאָטעק, משה פרעגער און נטע לאַנדנער.**

**אויסער א ציוניסטישער טעטיקייט, האָט די יוגנט אויך געפירט א קולטורעלע ארבעט אין דער פאָרם פון פארלעזונגען אויף תנ"ך־טעמעס, וועלכע זענען פאָרגעקומען יעדן שבת אין לאָקאל פון „מזרחי".**

**צו די פרעלעגענטן האָבן אָנגעקערט: ישעיה ווּדאָווינסקי, ווראנצבערג א"א.**

**עס זענען אויך געגרינדעט געוואָרן קורסן פאר דער יידישער און פוילישער שפראך. יידיש האָט געלערנט מאיר שוואַרץ, און פויליש קאַראָל טראַפּויער.**

**היות פאר דער וועלט־מלחמה איז די ציוניסטישע טעטיקייט אין רוסלאנד געווען שטארק באשווערט, איז דעריבער אנטשטאַנען אַ פראבלעם ווי אזוי צו באַזאָרגן די רוסישע צענטראל־קאָמיטעטן מיט ציוניסטישער ליטעראטור, וועלכע איז דעמאָלט געדרוקט געוואָרן אין דייטשלאנד.**

**לויט דער אָנווייזונג פון די ציוניסטישע עסקנים: יאַנאָווסקי (פעטערבורג) און גאָלדבערג (ווילנע), איז אין קאַטאָוויץ אָפּגעהאלטן געוואָרן א באַראַטונג צווישן די דאָרטיקע ציוניסטן: ד"ר וויסמאן און אַרנאָלד ווינער מיט די זאגלעמביער ציוניסטישע**



**דער אלטער מארק מיט 75 יאר צוריק**
**השוק הישן לפני 75 שנה**

עסקנים: ישראל משה וויינריב, בעריש טענצער (סאָסנאָוויץ), א. ק. ליוער און טעוול קליינמאַן (בענדין). ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אז קליינמאַן זאָל זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די שמוגלער, וועלכע זאָלן, פאַר אַ באַשטימטן פּרייז, באַזאָרגן די ליטעראַטור קיין בענדין. א. ק. ליוערס אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן די טראַנספּאָרטן קיין רוסלאַנד, לויט די אַנגעגעבענע אַדרעסן פון קעלן.

די ציוניסטישע ליטעראַטור איז צוגעשיקט געוואָרן דורכן הויפּט־ביוראָ פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד אין קעלן, אויף דער אַדרעס פונם קאַטאָוויצער ציוניסטישן עסקן, אַדוואָקאַט ד״ר וויסמאַן (וווינט היינט אין בויטן[9] און פון דאָרט זענען די טראַנספּאָרטן אַדורכגעשמוגלט געוואָרן קיין בענדין.

אויף אַזאַ אופן זענען במשך פון 2 יאָר אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד פון דער זאַמבקאָוויצער פּאָסט, דורך דער פאַרמיטלונג פון א. ק. ליוער, טויזנטער פּאַקעטן מיט ציוניסטישער ליטעראַטור.

שפּעטער, ווען די אַרבעט איז שטאַרק קאָמפּליצירט געוואָרן, האָט די נאַציאָנאַל־פאָנד־צענטראַלע אין קעלן אַליין געמאַכט די פּאָסט־פּאַקעטן, זיי אַדרעסירט און אַלס אָפּזענדער אויפגעגעבן א. ק. ליווערן.

אין יאָר 1914 איז אויף דער גרענעץ אין טשעלאַדזש אַנטדעקט געוואָרן א טראַנספּאָרט מיט אַזעלכע פּאַרטיקע פּאַקעטן. אַזוי ווי אויף די פּאַקעטן האָט פיגורירט אַלס אָפּזענדער א. ק. ליווער, האָט די רוסישע זשאַנדאַרמעריע אָנגעהויבן צו זוכן ליווערן, וועלכער האָט זיך איינצווישן אויסבאַהאַלטן. צוליב דעם, וואָס אין א קורצער צייט נאָך דעם פאַרפאַל איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, איז צו קיין פּראָצעס נישט דערגאַנגען.

די ערשטע „חיבת ציון״ קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין קאַטאָוויץ, אין י״ח חשון תרמ״ה (נאָוועמבער 1884).

אין כ״ח חשון תר״ע (נאָוועמבער 1909) איז אין קאַטאָוויץ פאָרגעקומען די 25 יעריקע יובילייִ־קאָנפערענץ, אין וועלכער ס׳האָבן זיך אויך באַטייליקט דעלעגאַטן פון זאַלגעמביע.

## 2. מזרחיסטן.

די ערשטע רעליגיעזע ציוניסטן און זייער טעטיקייט. — דער „מזרחי״־עסקן הרב י. ניסנבוים קומט קיין בענדין אין יאָר 1899. — זיינע איינדריקן. — הרב ניסנבוים מיט בעריש פּרעגער ביים רב ר׳ ישכר בעריש גרויבאַרט וועגן א דערלויבעניש צו האַלטן א דרשה. — די דעמאַלסדיקע „מזרחי״־טוער.

שוין אין יאָר 1898 האָבן אין בענדין עקזיסטירט רעליגיעזע ציוניסטן, אָבער ערשט אין יאָר 1908 האָבן זיי זיך גרופּירט אין אַן אייגענעם לאָקאַל.

די מזרחיסטן האָבן געפירט א קולטור טעטיקייט אין דער פאָרם פון „שעורי תלמוד״. אחוץ דעם, האָבן זיי קאָנספּיראַטיוו אויך געפירט א ציוניסטיש־מזרחיסטישע אַרבעט.

אין זיין ווערק „עלי חלדי״ שרייבט דער באַקאַנטער „מזרחי״־עסקן הרב יצחק ניסנבוים, אז ווען ר׳איז אין ווינטער 1899 געקומען קיין בענדין, האָט אים אויף דער באַן־סטאַציע אָפּגעוואַרט א לאַנג־געקליידעטער ייד פון אַ יאָר פערציק, מיט א יידיש היטל און גלאַנ־ציקע שטיוול, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס בעריש פּרעגער. דער מחבר דערציילט ווייטער, אז ווען ר׳האָט געגעסן ביי בעריש פּרעגער האָט ער באַמערקט, אז זיין פרוי און טאָכטער זיצן נישט צוזאַמען מיט די מענער, נאָר אין א באַזונדער חדר. ס׳איז פאַר אים אויך מאָדנע געווען די פראַגע פון בעריש פּרעגער, ווי אַזוי אַ רב, אַ תלמיד חכם, דערלויבט זיך צו דאַווענען אָן אַ גאַרטל.

9. 1936 (באַמ. פון רעדאַקציע).



דער האַנדל אויפן אַלטן מאַרק מיט 75 יאָר צוריק
המסחר בשוק הישן לפני 75 שנה

לויט ווי ס׳שרייבט דער רב ניסנבוים, האָט ער זיך אין בענדין צום ערשטן מאָל אין לעבן געפונען אין א סביבה פון ריין פּוילישע יידן און דאָס אַלץ, וואָס ר׳האָט געזען און געהערט איז פאַר אים — דעם רוסישן ייד — געווען אַבסאָלוט ניי.

הרב ניסנבוים מיט בעריש פּרעגער זענען אויך געגאַנגען צום רב ר׳ ישכר בעריש גרויבאַרט וועגן א דערלויבעניש צו האַלטן א דרשה. הרב ניסנבוים שרייבט, אז דער רב גרויבאַרט איז געווען א פאַרבאָרגענער חובב ציון און ר׳האָט אים די דערלויבעניש גערן געגעבן.

צו די אָנגעזעענסטע „מזרחי״־טוער האָבן דעמאָלט אָנגעהערט: בעריש פּרעגער, ישעיה הענדל ערליך, בנימין יצחק שפּיראָ, שלום קליינער, לייביש דימאַנט, איסר הירשזאָן, יעקב ניימאַרק, יחיאל נאַפּאַרסטעק און שלמה ראַפּאַפּאָרט.

## 3. די פּועלי־ציון.

די פּ״צ אָרגאַניזאַציע אין יאָר 1905 און איר טעטיקייט. — דער בענדינער דעלעגאַט צו דער פּ״צ קאָנפערענץ אין וואַרשע. — דער דעלעגאַט י. ל. פיינער שטעלט צו דער דיספּאָזיציע 300 רובל לטובת דער שאַפונג פון א פּ״צ אָרגאַן. — פיינער „ספּעציאַליזירט״ זיך אין אַריבערשמוגלען סאָציאַליסטישע טוער קיין אויסלאַנד. — דער צוזאַמענשטעל פונם בענדינער אויספיר־קאָמיטעט. — דער אַרעסט פון הערשל שטאַטלער. — די ערשטע אַקטיווע פּ״צ־טוער. — די ערשטע גרופּע בענדינער, וועלכע זענען אין 1906 געפאָרן קיין א״י.

אין אָנהויב 1905 טרעפט מען שוין אין בענדין א „פּועלי־ציון״ אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געציילט א גרויסע צאָל מיטגלידער. בעת דער אָקטאָבער רעוואָלוציע פון דערמאָנטן יאָר זענען די פּ״צ געווען שטאַרק אַקטיוו, זיי האָבן אַרויסגעלאָזט פאַרשידענע אויפרופן און דעמאָנסטרירט אונטער אַן אייגענער פאָן.

אַלס דעלעגאַט צו דער פּ״צ קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען

אין דעצעמבער 1905 אין ווארשע, שטרענג קאָנספּיראַטיוו, איז אויס־געוויילט געוואָרן יהודה לייב פּיינער.

דער בענדינער דעלעגאַט האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער דאָרטיקער פּ״צ גרופּע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אחוץ א לעב־האַפטיקע אַקטיוויטעט, וואָס די גרופּע האָט געפירט, איז זי אויך געווען פינאַנסיעל די שטאַרקסטע אין לאַנד. בעת די קאַסעס פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס זענען מייסטנס געווען פּוסט אָדער האָבן פאַרמאָגט מינימאַלע סומעס, האָט די בענדינער אָרגאַניזאַציע דיס־פּאָנירט מיט א סכום פון גאַנצע 300 רובל. די דאָזיקע סומע האָט זי געשטעלט צו דיספּאָזיציע לטובת דעם פאָנד צו שאַפן אַ פ״צ אָרגאַן.

פּיינער האָט זיך אויך „ספּעציאַליזירט״ אין אַריבערשמוגלען קיין אויסלאַנד סאָצ. טוער, וועלכע זענען געוואָרן גערודפט מצד דער צאַרישער מאַכט. אַזוי צב״ש האָט ער אין 1907 אַריבערגעשמוגלט פאָלגנדיקע פּ״צ פירער: בער באַראָכאָוו מיט זיין פרוי, בן צביען, יאַרבלומען, די פרוי פון יצחק טאַבענקין און כאשינען. אויסער דעם אויך אַ גאַנצע ריי טוער פון אַנדערע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען.

דער אויספיר־קאָמיטעט פון דער פּ״צ אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַ־נען פון פאָלגנדיקע 3 מיטגלידער: י. ל. פּיינער, טעוול קליינמאַן און הערשל שטאַטלער. דער לעצטער איז, פאַר פירן אַ רעוואָלו־ציאָנערע טעטיקייט, אָרגאַניזירן שטרייקן און פאַרשפּרייטן אומ־לעגאַלע ליטעראַטור, אַרעסטירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1907 און איינגעזעצט געוואָרן אין סאָסנאָוויצער פּאָליציי־אַרעסט.

לויט א באַפעל פון צאַרישן אינערן־מיניסטער, איז שטאַטלער פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ דריי יעריקער פאַרשיקונג אין דער אַרכאַנגעלסקער גובערניע. די דערמאָנטע שטראָף איז אים שפּעטער פאַרביטן געוואָרן אויף צו פאַרלאָזן די גרענעצן פון רוסלאַנד.

צו די ערשטע אַקטיווע פּ״צ טוער דאַרף מען אויך צורעכענען פאָלגנדיקע פּערזאָנען: הענריק וואָלף, מנשה האַמבורגער (געווען אַרעסטירט 16 חדשים פאַר פּאָליטישער טעטיקייט), מאיר נתן קליינ־מאַן, חיים פּערעץ, משה ווייסלער, שמחה לוסטיק, משה און מרדכי שטיינפעלד, פּרל׳ קורלאַנד, מאיר צימבערקנאָפּ, אברהם מיעכאָווער, אהרן שווייצער, בעלאַ שיינטאַל, שרה לאה בלאַט, קאַראַל שטאַטלער (דעמאָלט נאָך א יינגער שילער), געשוויסטער האַמפּל און געשוויס־טער שניידערמאַן.

די ערשטע גרופּע בענדינער, וועלכע זענען אין 1906 געפאָרן קיין א״י איז באַשטאַנען פון: אליעזר האַמפּל, משה שטיינפעלד, די שוועסטערן האַמפּל, אריה שווייצער, יוסף קאַלושינסקי, די ברידער שלמה און דב שניידערמאַן און מאיר נתן קליינמאַן.

### 4. ס״ס[10] (ציוניסטן־סאָציאַליסטן), ס״ד (סאָציאַל־דעמאָקראַטן), „בונד״.

די ס״ס שאַפן א פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. — די אָנגעזעענסטע ס״ס־טוער. — וואַלטער שאַלץ ווערבירט צווישן דער יידישער יוגנט מיטגלידער פאַר ס״ד. — די אַקטיווע ס״ד־טוער. — מיטגלידער פון „בונד״ פירן א לעבהאַפטיקע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט.— א יידישע זעלבסטשוץ. — דער קאַמף מיט די „ווילדע יינגען״. — די „בער־זעס״. — דער אַטענטאַט אויף יאַקוביקן. — די הריגה אין גערער שטיבל.

אויך די ס״ס האָבן דעמאָלט געפירט א שטאַרקע טעטיקייט אין בענדין. א דאַנק זיי איז געשאַפן געוואָרן א פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע, מאַלאַזשעס און פורמאַנעס.

10. דער נאָמען ס״ס איז אַנטשטאַנען פון רוסישן „סיאָניסטי סאָציאַליסטי״ אָבער שפּעטער האָט זיך געבילדעט א באַזונדערע גרופּע פון סאָציאַליסטן טעריטאָריאַליסטן, וועלכע מ׳האָט אויך גערופן ס״ס.

צו די אָנגעזעענסטע ס״ס־טוער האָבן געהערט: מאיר שוואַרץ, משה מערקין (פון סאָסנאָוויץ), אַלטער טענענבוים, יאַקיב און חיימל שטאַטלער, אַדעלע ערליך, מאַקס אַראָנאָוויטש, הערמאַן שטראַכליץ, מאיר פּאָטאַש, צעשע זמיגראָד, ראָמאַן נונבערג, רעגינע פּרעגער און ישראל דוד שייער (דער לעצטער איז געווען 3 יאָר אויף פאַרשיקונג אין אַסטראַכאַן).

אַ שטאַרקע גרופּע האָבן אויך געבילדעט די ס״ד. דער ערשטער, וועלכער האָט ווערבירט מיטגלידער צווישן דער יידישער יוגנט פאַר די ס״ד איז געווען וואַלטער שאַלץ.

צו די אַקטיווע ס״ד־טוער האָבן געהערט: אינזש. הענריק מייטעלעס, מאַניע שערלינג, דענטיסטין מאַלעווא, ד״ר פיל׳ סאַמעק ווינציהער, אירענע פרידע, אדעלע מאַנדלקאָרן, מאָטל טענענבוים, משה פוקסברוינער, בעלאַ סוקעניק, לייבל אַראָנאָוו און משה פראַכצוויג.

דער „בונד״, אלס אָרגאַניזאַציע, האָט נאָך דעמאָלט אין בענדין נישט עקזיסטירט. עס זענען אָבער פאַראַן געווען איינצעלנע בונ־דיסטן, וועלכע האָבן געפירט א לעבהאַפטיקע רעוואָלוציאָנערע טעטי־קייט. זיי זענען געווען אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן שטרייקן און פאַר־שפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור.

די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן געפירט א שטאַרקע אַנטי־פּאָגראָם אגיטאַציע און האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ. אין די געפערלעכסטע מאָמענטן זענען באַוואָפנטע יינגעלייט גע־שטאַנען אויף דער וואַך און אָפּגעהיטן די יידישע באַפעלקערונג פון כוליגאַנישע איבערפאַלן. זיי האָבן אויך געפירט א קאַמף און אויס־געראָטן די אַזוי גערופענע „ווילדע יינגען״, וועלכע האָבן טעראָריזירט די יידישע באַפעלקערונג, און באַזונדערס די יידישע פרעמדע בעלי־מלאכות, וואָס זענען געקומען קיין בענדין זוכן אַרבעט. די אָרימע אַרבעטער האָבן געמוזט צאָלן מס די דערמאָנטע ליידיקגייער, אין קעגנפאַל זענען די בעלי־מלאכות נישט זיכער געווען מיטן לעבן.

ס׳האָבן אין די יאָרן 1905—1906 עקזיסטירט אין בענדין די אַזוי גערופענע „בערזעס״. דאָס זענען געווען געוויסע פּונקטן אין דער שטאָט, ווו די יוגנט האָט שפּאַצירט און ווו די פּאַרטיי־טוער האָבן ווערבירט נייע מיטגלידער. דאָס איז געטון געוואָרן צוליב דעם, ווייל אין אַ לאָקאַל האָט שטענדיק געדראָט א געפאַר אַנטדעקט צו ווערן דורך די צאַרישע שפּיאָנען. אויף די „בערזעס״, וועלכע זענען מייסטנס טעטיק געווען אין די שבת־פאַרנאַכטן, זענען אויך געפירט געוואָרן דיסקוסיעס און פונאַנדערגעשפּרייט געוואָרן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור.

צווישן די צאַרישע פּאָליציאַנטן אין בענדין האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זיין אכזריות לגבי דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, דער עלטערער פּאָליציאַנט יאַקוביק, אויף וועלכן ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַן אַטענטאַט.

דער פאַרלויף פונם אַטענטאַט האָט זיך אַזוי פאָרגעשטעלט:

אין אַ שבת־טאָג פון אויגוסט 1906, אַרום 10 אַזייגער אין דער פרי, איז די שטאָט פּלוצלינג אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ מוראדיקן קנאַל. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען פון אַ באָמבע, וועלכע איז געוואָרפן געוואָרן אויף דער סלאַווקאָווער גאַס (היינט קאָלאָנטאַיאַ) אויפן דערמאָנטן פּאָליציאַנט.

דער אַטענטאַט איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די מיטגלידער פון דער טעראָריסטן־גרופּע ביי דער פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), וועלכע האָט יאַקוביקן פאַרמשפּט צום טויט.

גלייך נאָכן וואַרפן די באָמבע איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע מהומה, און די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די גאַסן האָבן שנעל געאיילט צו זייערע היימען.



דער האנדל אויפן
נייען מארק מיט
70 יאר צוריק

המסחר בשוק החדש
לפני 70 שנה



דער נייער מארק
(3־טער מאי פלאץ)
אין יאר 1937

השוק החדש
(ככר השלושה במאי)
בשנת 1937



דער אלטער מארק
אין יאר 1937

חשוק הישן ב־1937

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אין דער שטאָט באַוויזן אַ סאָטניע (הונדערט) קאָזאַקן, וועלכע האָבן געשאָסן אין יעדן איינעם, וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג. עס זענען דעמאָלט אומגעקומען אַן ערך פון 7 יידישע נפשות, צווישן זיי אויך פרויען און קינדער.

אין ווינטער פון יאָר 1907 האָבן די פאַרשידענע יידישע סאָציאַליסטישע־גרופּירונגען איינגעאָרדנט אין גערער שטיבל אַ דיסקוסיע־פאַרזאַמלונג. צוליב אַ פּראָוואָקאַציע, איז די צאַרישע פּאָליצייַ פּלוצלינג איבערפאַלן די פאַרזאַמלונג און געשאָסן אויף די אָנטיילנעמער. פון דער שיסעריי זענען אומגעקומען אייניקע יידישע יינגעלייט.

### 5. די פאַרשטאַרקטע רעאַקציע נאָך די שטורעם־יאָרן 1905—1906

די צאַרישע רעגירונג הויבט אָן אַן אָפענסיווע קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. — אַ מאַסן־עמיגראַציע, אַלס פועל־יוצא פון די רעפּרעסיעס. — דער קריזיס פון די יידישע סאָצ.־פּאַרטייען. — די עמיגראַציע פון זאַגלעמביע. — די יידישיסטישע באַוועגונג צווישן דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ.

נאָך די שטורמישע אָקטאָבער־געשעענישן איז די צאַרישע רעגירונג, וועלכע איז צו זיך געקומען נאָך די קלעפּ, וואָס זי האָט באַקומען, אַריבער אין אַן אָפענסיווע און האָט זיך מיט גרויזאַמע רעפּרעסיעס נוקם געווען אויף די אָנטיילנעמער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון אַרעסטן, רדיפות, פאַרשיקונגען און סאַדיסטישע פּייניקונגען. אין נאָמען פון „צאַר באַטיושקאַ״ האָט די צעיושעטע שוואַרצע מאה איינגעאָרדנט פּאָגראָם־וואַקכאַנאַליעס איבערן גאַנצן „תחום המושב״[11].

פּאַראַלעל מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע האָט זיך פאַרגרעסערט די עמיגראַציע. אויך פון זאַגלעמביע, און באַזונדערס פון בענדין, איז געגאַנגען אַ שטאַרקע עמיגראַציע אין די פאַרשידענע מדינות, דער עיקר אָבער קיין אַמעריקע. אַזוי, אַז ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך אין אַ סך לענדער שטאַרק אָרגאַניזירטע זאַגלעמביער־לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע ציילן טויזנטער מיטגלידער.

נאָכן קראַך פון דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905 האָבן די יידישע סאָצ־פּאַרטייען, אַ דאַנק די פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס, דער עמיגראַציע און דעם דערווייטערן זיך פון דער אינטעליגענץ, וועלכע האָט פריער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַוועגונג, איבערגעלעבט אַ שטאַרקן קריזיס.

אין די יאָרן פון דער רעאַקציע איז אין יידישן לעבן שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן די קולטור־באַוועגונג, דער אַזוי גערופענער יידישיזם, וועלכער האָט געפונען אַ סך אָנהענגער אויך צווישן דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ.

אין בענדין האָבן זיך די פריערדיקע פּאַרטיי־טוער און יוגנט גרופּירט אַרום דעם מוזיק און געזאַנג־פאַריין „הזמיר״, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכן קולטורעלן ניוואָ.

אַ ווידעראויפלעבונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג לאָזט זיך מערקן אין יאָר 1913, וועלכע איז אָבער צוריק אַריינגעפאַלן אין אַ דעפּרעסיע ביים אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה.

11. דעם „תחום המושב״ אויף רוסיש: „טשערטא אסיעדלאסטי״ איז געווען אַ דערפינדונג פון די צאַרישע־סאַטראַפּן, וועלכע האָבן באַשטימט געוויסע גובערניעס אין דער רוסישער אימפּעריע וווּ יידן האָבן געמעגט וווינען.

VI

## דאָס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע

### 1. דער בירגער־קאָמיטעט

די גרינדונג פון אַ יידן־ריינעם קאָמיטעט. — צומאַרגנס לאָזט מען איין יידישע פאַרשטייער. — דער צוזאַמענשטעל פון דער יידישער רעפּרעזענטאַנץ. — די אַרבעט־פאַרטיילונג אינעם רעאָרגאַניזירטן קאָמיטעט. — די לייטער פון די באַזונדערע קאָמיטעטן. — די קורצע עקזיסטענץ פון די קאָמיטעטן. — דער פּויליש־יידישער אַפּראָוויזאַציע־קאָמיטעט. — די בילדונג פון 2 אונטער־קאָמיטעטן. — די יידן ווערן באַוואָלט און שאַפן אַן אייגענעם קאָמיטעט. — די עקזיסטענץ פונעם יידישן אַפּראָוויזאַציע־קאָמיטעט. — אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט. — ד״ר וויינציהער אין דער שפּיץ פון סאָציאַלן שוץ. — די אַקציע פונעם „וווילטעטיקייט־פאַריין״ לטובת אָרימע. — דער צוזאַמענשטעל פונעם אַפּראָוויזאַציע־קאָמיטעט.

אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1914, גלייך ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזט בענדין, האָט זיך אַ גרופּע בירגער מיט די ענדעקעס בראָש, אָן דער מיטבאַטייליקונג פון די יידן — פאַרזאַמלט אין מאַגיסטראַט און געשאַפן דעם אַזוי גערופענעם „בירגער־קאָמיטעט פון דער שטאָט בענדין״. זיי האָבן געבילדעט די מוניציפּאַל־מאַכט און געשאַפן אַ בירגער־מיליץ. אין דער שפּיץ פון דער דערמאָנטער אינסטיטוציע איז געשטאַנען דער ענדעק נאָבלין.

אויפן צווייטן טאָג נאָכן אַנטשטיין פונעם יידן־ריינעם בירגער־קאָמיטעט, האָבן זיך זיינע מיטגלידער אַרומגעזען, אַז ס'איז אומעגלעך צו פירן די שטאָט־ווירטשאַפט אָן דער מיטבאַטייליקונג פון די יידן. דער קאָמיטעט איז דעריבער געצוווּנגען געווען זיך צו ווענדן צו דער יידישער געזעלשאַפט, אַז זי זאָל שיקן פאָרשטייער אין קאָמיטעט.

די יידישע רעפּרעזענטאַנץ האָט געהאַט פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: ד״ר וויינציהער, אַדוואָקאַט רידער, גוסטאַוו וויינציהער, ישעיה ראָטנער א״א.

דער רעאָרגאַניזירטער קאָמיטעט האָט צווישן זיך איינגעטיילט די אַרבעט אויף אַזאַ אופן, אַז אייניקע מיטגלידער האָבן זיך פאַרנומען מיט דער עפנטלעכער זיכערקייט, שאַפנדיק אַ בירגער־מיליץ, אַן אַנדערע גרופּע האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער אַפּראָוויזאַציע פון דער שטאָט און ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן דער אַזוי גערופענער „בירגער־קאָמיטעט פאַר די אַדמיניסטראַטיווע ענינים פון דער שטאָט״.

די באַזונדערע קאָמיטעטן האָבן גלייך אָנגעהויבן זייער אַרבעט. בראָש פון דער עפנטלעכער זיכערקייט איז געשטאַנען נאָבלין. מיטן סאָציאַלן שוץ האָט זיך פאַרנומען ד״ר וויינציהער, מיט דער אַפּראָוויזאַציע — גוסטאַוו וויינציהער.

די עקזיסטענץ פון די דערמאָנטע קאָמיטעטן איז פאַרהעלטניסמעסיק געווען אַ קורצע. אויסער די קאָמיטעטן פון סאָציאַלן שוץ און אַפּראָוויזאַציע האָט די פונקציעס פון די איבעריקע קאָמיטעטן איבערגענומען די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט. די סיבה דערפון דאַרף מען זוכן דערין, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן זיך זייער ווייניק געזאָרגט וועגן דער אַפּראָוויזאַציע און סאָציאַלן שוץ פון דער ציוויל־באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטן.

אין אָנהויב איז דער אַפּראָוויזאַציע־קאָמיטעט געווען אַ בשותפותדיקער, און ס'האָבן זיך אין אים באַטייליקט פאָרשטייער סיי פון דער יידישער, און סיי פון דער פּוילישער באַפעלקערונג

ס'האָט זיך אָבער גלייך אַרויסגעוויזן, אַז אַפילו ביים אָנווענדן פון אַ מאַקסימאַלער שפּאָרזאַמקייט לויט אַ קאַרטן סיסטעם, וועט דער לעבנסמיטל־זאַפּאַס גענוגן העכסטנס אויף 6 וואָכן.

אויפן פאַרלאַנג פון די קריסטלעכע פאַרשטייער זענען געשאַפן געוואָרן 2 אונטער־קאָמיטעטן — אַ יידישער און אַ קריסטלעכער.

און די לעבנסמיטלען זענען איינגעטיילט געוואָרן אין גלייכע חלקים פאַרביידע קאָמיטעטן.

די איינטיילונג איז אָבער נישט געווען קיין גערעכטע, ווייל די קריסטלעכע באַפעלקערונג, וועלכע האט נאר געבילדעט א דריטל פון די שטאָט־איינוווינער, האָט באקומען פונקט אזויפיל פּראָדוקטן, ווי די יידן, וואָס האָבן באַטראָפן 2 דריטל פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג.

דער דאזיקער פאקט האָט געצוווּנגען דעם יידישן אונטער־קאָמיטעט זיך אָפּצורייסן פונם אלגעמיינעם און צו שאפן פאר זיך אַן אייגענע ארגאניזאציע, וואס זאָל זארגן פאר א געהעריקע אַפּראָוויזאציע פון דער יידישער באפעלקערונג און בענדין. דאָס איז געשען אין 3 חדשים ארום נאָכן אַנטשטיין פונם אלגעמיינעם קאָמיטעט.

דער יידישער אַפּראָוויאציע־קאָמיטעט האָט עקזיסטירט 7 יאָר; פון 1914 ביז 1921.

ס'איז כדאי צו דערמאנען פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן פאַל:

בעת אין הערבסט 1916 האָט אין קריסטלעכן קאָמיטעט אויסגעפעלט קאַרטאָפל און ס'האט געדראָט מיט א הונגער פאר זיינע מיטגלידער, האט דער יידישער קאָמיטעט געשטעלט צו דיספּאָזיציע זיינע זאפאסן פאר דער גאַנצער בענדינער באַפעלקערונג. ס'איז דורך פּלאַקאַטן געמעלדעט געוואָרן, אז יעדער בירגער, אָן אונטערשיד פון גלויבן וועט, נאָכן פארשטעלן אן אפיציעלע רשימה פון זיינע פאַמיליע־מיטגלידער, באקומען די אַנטשפּרעכנדיקע צאָל קאַרטאָפל.

אין דער שפּיץ פון סאָציאלן שוץ, וועלכע האָט זיך קאָנצענטרירט ביי דער יידישער „וווילטעטיקייט־געזעלשאפט", איז געשטאַנען ד"ר וויינציהער.

די „וווילטעטיקייט־געזעלשאפט" האָט אויך ארויסגעגעבן אומזיסטע פּאָרציעס לעבנסמיטלען פאר ארימע. די געזעלשאפט איז געשטאַנען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן יידישן אַפּראָוויזאציע־קאָמיטעט.

דער אַפּראָוויזאציע־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע מיטגלידער: גוסטאַוו וויינציהער (פּרעזעס), אברהם ליווער, יחיאל וואָלף קאָוואַלסקי, ל. רובינליכט, אינזש. ה. מייטעלעס, ל. נאָוואָגרודזקי, שלמה פרענקל און זיגמונט אינוואַלד.

## 2. די קהלה.

דער „דאזאר בוזשניטשני" פון די רוסישע צייטן. — די אקופאנטן הויבן זיך אן צו אינטערעסירן מיט די קהלות. — צו בענדין ווערט צוגעטיילט א ריי דארפישע געמיינדעס. — די אקופאציע־מאכט נאמינירט א קהלה־פארוואַלטונג. — א נארמאלער און א ספעציעלער בודזשעט. — די קהלה־וואלן אין 1918. — דער קהלה־סעקרעטאר פסחזאן פירט א קאמף קעגן דעם ספעציעלן שטייער. — פסחזאן ברענגט אריין אַן ארדענונג אין די מעלדונגען. — די גרינדונג פונם נייעם בית־עולם אויפן טשעלאדזשער־וועג.

ביז צו דער וועלט־מלחמה האָט לויט די רוסישע געזעצן עקזיסטירט א „דאָזאָר־בוזשניטשני". די קהלה־קאַסע און די ביכער האָט געפירט דער מאַגיסטראַט.

מיטן מאָמענט פון קריג־אויסברוך האָט זיך אלץ אָפּגעשטעלט. דער דאָזיקער שטילשטאַנד האָט געדויערט ביז יוני 1916, ווען די דייטשע אקופאציע־מאכט האט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט די קהלות. אין יענער צייט האָט די ציוויל־פארוואלטונג אין ווארשע אויסגעארבעט פאר די קהלות דעם אזוי גערופענעם: „בעזעלער סטאַטוט"[12].

צו בענדין זענען געוואָרן צוגעטיילט: טשעלאַדז, שעווער און אַ גאנצע ריי דאָרפישע געמיינדעס, ווי אויך האלב זאָמבקאָוויץ. דאָמבראָווע און די אנדערע העלפט זאָמבקאָוויץ זענען אפּגעפאלן פון בענדין צוליב דעם, וואס זיי האָבן אָנגעהערט צום עסטרייכישן אָקופּאציע־געביט.

די קהלה־פארוואלטונג, וועלכע איז נאָמינירט געוואָרן דורך דער אָקופּאציע־מאכט איז באַשטאנען פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: פּלטיאל אונגער, יחיאל וואלף קאוואלסקי, חיים דוד ראָזנבלום און דודל סערצאַזש. דער לעצטער האָט זיך, צוליב זיין הויכן עלטער, אָפּגעזאגט פון זיין אמט און אין אַ צייט ארום איז אויף זיין ארט באַשטימט געוואָרן יאַקוב גוטמאַן.

כדי צו ברענגען אין אָרדענונג די פינאַנסן, האָט דער קרייז־אַמט באַשלאָסן צו שאַפן, אויסער דעם נאָרמאלן בודזשעט, אויך אַ ספּעציעלן בודזשעט אויף צו דעקן די הוצאות אויסצוהאַלטן די יידישע קראַנקע, וואָס לויט אן אלט רוסיש געזעץ זענען די קהלות מחויב געווען צו פארזארגן.

ס'מוז באַמערקט ווערן, אז פאר די קריסטלעכע קראַנקע האָבן געצאָלט די מאַגיסטראַט־קאַסעס.

דער ספּעציעלער בודזשעט האָט באַטראָפן 10,000 מאַרק, וואָס איז דעמאלט געווען א גאר גרויסע סומע.

אין 1918 זענען באַשטימט געווארן קהלה־וואלן לויטן „בעזעלער־סטאַטוט", וועלכע זענען אבער שפּעטער אנולירט געוואָרן דורך דער אויפזיכט־מאכט.

אזוי ארום האָבן ביז צו די נייע וואַלן לויטן פּוילישן סטאַטוט, אַמטירט די פריערדיקע נאָמינירטע דאָזאָרעס, אדער זייערע פארטרעטער.

בעת יצחק פסחזאָן האָט אין יאָר 1917 איבערגענומען דעם אמט פון אַ סעקרעטאַר אין דער בענדינער קהלה, האָט ער אָנגעהויבן אַן ענערגישן קאמף קעגן דעם אומגעזעצלעכן „ספּעציעלן־שטייער" אויף צו היילן די יידישע קראַנקע. פון די פארשידענע אינסטאַנצן איז דער ענין אריבער צו דער ציוויל־פארוואלטונג אין ווארשע און נאך לאנגע פּראָצעסן איז ענדלעך די בענדינער קהלה באפרייט געוואָרן פונם שענדלעכן שטייער.

אין 1921 זענען די מעלדונג־ביכער צוגענומען געוואָרן פון ראַבינאַט און זענען אריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער קהלה.

אדאנק דעם סעקרעטאר פסחזאָן איז אויך איינגעפירט געוואָרן אַן ארדענונג אין די מעלדונגען. ביז דעמאָלט זענען יידישע נעמען פאַרשריבן געוואָרן אין אַ חוזק־אַרט און פארגרייזט. אזוי צב"ש האט מען געשריבן איצעק אנשטאט יצחק, מאָשעק אנשטאט משה אאז"וו. איצט איז דאָס אלץ אויסגעבעסערט געוואָרן.

ס'איז אויך פארלייכטערט געוואָרן די פּראָצעדור ביים איינמעלדן געבורטן, חתונות און רעגיסטרירן טויט־פאַלן. ס'איז באַשטימט געוואָרן א מינימאַלער אָפּצאָל און ארימע זענען איבערהויפּט באפרייט געוואָרן. די דאָזיקע ענדערונג האט געשאפן א מעגלעכקייט איינצומעלדן יעדן איינעם אָן אונטערשיד פון שטאַנד.

א דאנק דער מי פונם דאָזאר חיים דוד ראזנבלום איז אין יענער צייט אויך געגרינדעט געוואָרן דאָס נייע בית־הקברות אויפן טשעלאַדזשער וועג און ס'איז באַשטימט געוואָרן א פעסט־געזעצטע טאָקסע פאר קרקעות, לויט די באזונדערע אָפּטיילונגען.

12) לויטן נאמען פון גענעראל בעזעלער, וועלכער איז געווען גענעראל־גובערנאטאר אין ווארשע בעת דער דייטשער אָקופּאציע.

### 3. די שטאָט־ראַט־וואַלן.

6 קוריעס ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן אין 1916. — ענדעקעס באַיקאַטירן די וואַלן. — דער קאַמף צווישן די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. — דער רעזולטאַט פון די וואַלן. — די אויסגעוויילטע ראַט־מענער. — דאָס פּרעזידיום און די לאַווניקעס. — דער שטאָט־ראַט גיט זיך אָן אין דימיסיע. — די טעטיקייט פון שטאָט־ראַט.

אין ווינטער 1916 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום ערשטן שטאָט־ראַט. ס'האָבן דעמאָלט עקזיסטירט 6 קוריעס. צו די ערשטע 5 קוריעס האָבן אָנגעהערט: די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטן און אַנדערע פּריווילעגירטע שיכטן. צו דער לעצטער קוריע האָבן אָנגעהערט אַרבעטער און סתם אָרימע מענטשן.

צוליב דעם, וואָס ס'איז נישט געקומען צו קיין הסכם צווישן די יידישע ליסטעס און די ענדעקעס, האָבן די לעצטע צוריקגעצויגן זייער ליסטע און ס'זענען אויטאָמאַטיש אויסגעוויילט געוואָרן אַלע קאַנדידאַטן פון די יידישע בירגערלעכע ליסטעס.

א וואַל־קאַמף איז פאָרגעקומען בלויז צווישן די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען: „פּועלי־ציון”, „בונד” און ס"ד. אדורכגעפירט האָבן די פּ"צ 3 ראַט־מענער: י. ל. פיינער, הערשל שטאַטלער און הענריק וואָלף און דער „בונד” יצחק פסחזאָן.

פאָלגנדיקע ראַטמענער זענען אויסגעוויילט געוואָרן פון די ערשטע 5 קוריעס: גוסטאַוו וויינציהער, ד"ר וויינציהער, גרשון רעכניץ, ל. רובינליכט, סאָלאָמאָן פּאָטאַק, לאַקס, א. פּערלמוטער, ד. שטאַק־באַנד, הענדל נונבערג, הערמאַן נונבערג, יאַקוב שטאַטלער, א. לידז־באַרסקי, ל. גאָלדשטיין, ד. זמיגראָד, יחיאל קורלאַנד, י. גאָלדפעלד, מיכאל לעווין, י. רעגירער, לאַזאַר סערצאַזש און איזידאָר סערצאַזש.

פּרעזעס פון שטאָט־ראַט איז געוועזן גוסטאַוו וויינציהער. אַלס ערשטער בירגערמייסטער איז נאָמינירט געוואָרן דורך דער אָקופּאַ־ציע־מאַכט דער ד"ר שרעטער, אַלס צווייטער בירגערמייסטער איז באַשטימט געוואָרן ריפּ, וועלכער איז נאָך געווען בורמיסטש אין די רוסישע צייטן.

אַלס לאַווניקעס זענען אויסגעוויילט געוואָרן: ד"ר וויינציהער, אַדוואָקאַט רידער, לאַזאַר סערצאַזש, ישעיה ראַטנער און זאַלעסקי.

נאָכן אַנטשטיין פון ווידעראויפגעלעבטן פּוילן האָט זיך דער שטאָט־ראַט, פון אייגענער איניציאַטיוו, אָפּגעגעבן אין דעמיסיע און האָט אויסגעקליבן א צייטווייליקע קאָמיסיע, וועלכע איז געווען טעטיק ביזן מאָמענט פון אויסוויילן א נייעם שטאָט־ראַט אויפן סמך פון דער פּוילישער וואַל־אָרדינאַציע.

דער שטאָט־ראַט האָט אויסגעצייכנט פונקציאָנירט און האָט געפירט א פּרוקטבאַרע טעטיקייט, פון וועלכער ס'זענען געווען צופרידן, סיי די יידישע און סיי די פּוילישע געזעלשאַפט.

### 4. די געזעלשאַפט „עבריה”.

די גרינדונג פון דער געז. „עבריה”. — דער ציל און די טעטיקייט פון דער געז. — פּ"צ־קרייזלעך ביי דער „עבריה”. — די גרינדער פון דער געזעלשאַפט.

די געזעלשאַפט „עבריה” איז געגרינדעט געוואָרן סוף 1914. דער ציל פון דער געז. איז געווען, דאָס פאַרשפּרייטן צווישן דער יוגנט די העברעאישע שפּראַך, ליטעראַטור און יידישע געשיכטע.

ס'איז אויך ביי דער „עבריה” געעפנט געוואָרן א ביבליאָטעק און ס'איז געגרינדעט געוואָרן א דראַמאַטישער־קרייז, וועלכער האָט אויסגעפירט א ריי איינאַקטערס פון שלום עליכם, שלום אש א"א. אויסער דעם זענען אָפט פאָרגעקומען רעציטאַציע־אָוונטן ווו ס'זענען רעציטירט געוואָרן די שאַפונגען פון פאַרשידענע העברעאישע דיכטער.

עס זענען אויך געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן אויף וויסנשאַפט־לעכע און ליטעראַרישע טעמעס דורכן איינזש. זשמודזקי, דעם העב־רעאישן לערער יאַנאָווסקי, טעוול קליינמאַן, ראַזנקוויט, י. ל. טרויב און אַנדערע.

די געז. „עבריה” איז דעמאָלט געווען דער איינציקער קולטור־צענטער אין בענדין, וועלכער האָט צו זיך צוגעצויגן גרויסע מאַסן פון דער יידישער יוגנט.

אין דער „עבריה” האָבן זיך געבילדעט קרייזלעך פון פּ"צ, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אָרגאַניזירט אַלס א באַזונדערע גרופּע.

צו די גרינדער פון דער „עבריה” האָבן אָנגעהערט: טעוול קליינמאַן, משה ראָטנבערג, משה ראָזענקער, חנה לאה קאָוואַלסקאַ און ישראל לייביש טרויב. שפּעטער זענען אויך צוגעקומען פאָלגנדיקע „עבריה”־טוער: מרים טענענבוים, רעכל גרויבאַרט, בערטע טראַ־פּויער, מאַטל ערליך, אלימלך ראַטנער, יידל שענבערג, יחיאל דאַמב, יחיאל טענצער, משה דוד מאַלעץ און אסתר לאַסקער. אַלס לערער זענען געווען טעטיק: משה זיידעמאַן, קלמן זילבערבערג, י. ל. טרויב, כורגל, ש. סאַבוטקי און יאַנאָווסקי.

### 5. די געזעלשאַפט „עזרה”.

די גרינדונג פון דער געז. „עזרה”. — איר טעטיקייט אויפן פילאַנ־טראָפּישן און קולטורעלן־געביט.

אין אָנהויב 1915 איז אַנטשטאַנען די געז. „עזרה”, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו שטיצן מיט לעבנס־מיטלען פאַראָרימטע בעלי־מלאכות און קרעמער, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע פּרנסות צוליב דער מלחמה.

אַרום דער „עזרה” האָבן זיך גרופּירט מענטשן, וועלכע האָבן געפילט אַ דראַנג צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און פון וועלכע ס'האָבן זיך שפּעטער רעקרוטירט פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע טוער אין בענדין.

אויסער א פילאַנטראָפּישער טעטיקייט האָט די „עזרה” אויך געפירט א קולטור־אַרבעט. ס'האָט זיך ביי דער געז. געגרינדעט אַ דראַמ.־קרייז און ס'זענען פאָרגעקומען שמועסן אויף פאַרשידענע ליטעראַרישע טעמעס.

פּרעזעס איז געווען דער טאַלאַנטפולער פאָלקס־רעדנער משה קאַמינער וועלכער איז יונג געשטאָרבן אין עלטער פון 25 יאָר.

### 6. דער „השומר”.

דער „השומר” אין די רוסישע צייטן און זיין טעטיקייט. — די פאַרמלחמהדיקע שומרים. — דער אויפשוואונג אין די יאָרן 1915־16. — דער „השומר” פאַרוואַנדלט זיך אין „השומר הצעיר”. — די שפּעטער־דיקע „השומר”־טוער. — דער בענדינער „השומר” אַלס די ערשטע אָרגאַניזאַציע אין לאַנד, שיקט אינסטרוקטאָרן אין פאַרשידענע שטעט.

נאָך אין 1913 האָט זיך א גרופּע יידישע שילער פון דער אַמאָ־ליקער האַנדל־שול אין בענדין אָפּגעריסן פון דער אַלגעמיינער סקויטן־אָרגאַניזאַציע און געשאַפן דעם „השומר”, וועלכער האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אין גאַליציען.

די טעטיקייט, וועלכע איז געווען אַן אומלעגאַלע איז געפירט געוואָרן אין אַ בוידעם־שטיבל אין זמיגראָדס הויז אויף דער סלאַווי־קאָווער־גאַס.

צו די פאַרמלחמהדיקע שומרים האָבן אָנגעהערט די דעמאָלטדיקע

שילער: מאַקס זמיגראַד, לוציאַן רעכטמאַן, אישעק ברוינער, אהרן האמפעל, יאַקוב ערליך און משה קראַסמאַן.

א גרויסער אויפשוואונג איז פאָרגעקומען אין דער באַוועגונג אין די יאָרן 16/1915, בעת ס'איז אַנטשטאַנען א מעגלעכקייט פאַר א לעגאַלער טעטיקייט, כמעט די גאַנצע שול־יוגנט איז דעמאָלט אַריינ־געצויגן געוואָרן אין די רייען פון „השומר".

די טעטיקייט פון „השומר" איז באַשטאַנען פון ציוניסטישער און סקויטן־אַרבעט.

אָנהויבנדיק פון 1918 גייט דער „השומר" — א דאַנק זיין קאָנ־סטרוקטיווער אַרבעט — שטופנווייז אַריבער פון זיין אידעאַליסטישער איינשטעלונג צו דער איבערגעשטאַלטונג פונם היינטיקן „השומר הצעיר".

שפּעטער זענען צוגעקומען פאָלגנדיקע „השומר" טוער: יוזעף אַבראַמזאָן, לאַלעק גליק און אסתר לאַסקער, וועלכע האָט די ערשטע אין זאַגלעמביע אָרגאַניזירט ביים „השומר" א פּרויען־אָפּטיילונג.

ס'דאַרף נאָך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די בענדינער „השומר" אָרג. איז געווען די ערשטע אין פּוילן. די היגע אָרג. האָט שפּעטער אַרויסגעשיקט אינסטרוקטאָרן אין א גאַנצע ריי שטעט ווי: דאָמ־בראָווע, קיעלץ, טשענסטאָכאָוו א״א צו גרינדן „השומר" אָרגאַניזאַ־ציעס.

### 7. די „צעירי ציון"

די גרינדונג פון דער „צעירי־ציון" אָרג. — די אַקטיווע טוער פון דער אָרג. — דער דעלעגאַט צו דער „צעירי־ציון"־קאָנפערענץ.

גלייכצייטיק מיטן אַנטשטיין פון דער „צעירי־ציון"־באַוועגונג אין פּוילן, האָט זיך אויך אין בענדין געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון יינגעלייט, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט אויסלעבן אין די ראַמען פון „השומר".

צו די אַקטיווע „צעירי־ציון" טוער האָבן געהערט: טעוול קליינ־מאַן, אהרן האמפעל, כורגעל, יצחק טענצער, משה אָפּענהיים, משה לייב קאָזלאָווסקי, משה ראָזענקער און משה קאַמינער.

אויף דער ערשטער „צעירי־ציון" קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָר־געקומען אין 1917 אין וואַרשע, איז געווען פאַרטראַטן פון דער בענדינער אָרג. דער דעלעגאַט משה ראָזענקער.

### 8. דער „החלוץ"

די אַנטשטייונג פון „החלוץ". — דער „החלוץ" באַקומט א פּלאַץ צו זיין דיספּאָזיציע און טרעט צו פּראַקטישער אַרבעט. — „החלוץ" מיט־גלידער פאָרן קיין א״י און עפענען די דריטע עליה. — א צווייטע גרופּע פאָרט קיין א״י. — די גרינדער פון „החלוץ".

אין אָנהויב 1918 איז אַ גרופּע יינגעלייט פון „צעירי־ציון" און פון דער „עבריה" צוגעטרעטן צו פּראַקטישער אַרבעט און געשאַפן די אָרגאַניזאַציע „החלוץ".

דער „החלוץ" האָט באַקומען צו זיין דיספּאָזיציע א גרויסן פּלאַץ פון יאַקוב גוטמאַן און אונטער דער לייטונג פון א ספּעציאַליסט האָבן די מיטגלידער אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן די ערד.

פיל שטאָט־איינוווינער האָבן גערן געקויפט די גוט־געראָטענע פּרוכטן און ירקות, וואָס זענען געוואַקסן אויפן שטח פון „החלוץ"־גאָרטן.

אין אָקטאָבער 1918, ווען אין די אָקאָפּאַס זענען נאָך געלעגן מיליטערישע אַרמייען און די ימים זענען נאָך פול געווען מיט מינעס, איז אַ גרופּע החלוץ־מיטגלידער געפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען די ערשטע פּאַרטיע עולים אין דער גאָרער וועלט, וועלכע האָט געעפנט די דריטע עליה קיין א״י.

די גרופּע איז געפאָרן דורך לעמבערג, אָדעס, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און פון דאָרט, מיט א קוילן־שיף, קיין יפו. די רייזע, וועלכע איז געווען פול מיט געפאַרן, האָט געדויערט 6 וואָכן.

די ערשטע גרופּע איז באַשטאַנען פון: סענדער לובלינג, יאַקוב לאַסקער, ישראל אָפּענהיים, יצחק האַנדעלסמאַן, יאַקוב זמיגראַד, דוד מייטליס און אישעק בירענצווייג.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אָפּגעפאָרן א צווייטע גרופּע. די רייזע האָט געדויערט 6 חדשים, צוליב דעם, וואָס די עולים זענען געווען אינטערנירט אין איטאַליע און אין אַנדערע לענדער. ערשט נאָך לאַנגע וואַגלענישן זענען זיי אין ערב פּסח 1919 אָנגעקומען קיין יפו.

צו דער צווייטער גרופּע האָבן אָנגעהערט: די ברידער משה און יעקב ראַטענבערג, אברהם גאָלדבערג, מרדכי ווינער, הערשל טענענבוים, יוסף זאַבוסקי א״א.

צו די גרינדער פון „החלוץ" האָבן אָנגעהערט: סענדער לובלינג, יאַקוב ערליך, יעקב לאַסקער, יעקב ראַטענבערג, ישראל שטראַכליץ, יוזעף אַבראַמזאָן מירל ראַטענבערג און דוד מייטליס.

### 9. די „פּועלי־ציון"

די רעאָרגאַניזירונג פון דער פּ״צ פּאַרטיי. — די גרינדונג פון דער גאַז. „אַרבעטער־היים". — ס'ווערט געעפנט א טיי־האַלע. — די אונטערשטיצונג פאַר פּליטים פון דייטשלאַנד. — פּ״צ טעטיק ביי אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע אַקציעס.

אין 1915 זענען די אַלטע פּ״צ טוער צוגעטרעטן צו דער רע־אָרגאַניזירונג פון דער פּאַרטיי. זייער טעטיקייט איז באַשטאַנען אין אָנפירן מיט געהיימע קרייזלעך, דאָס האָט געדויערט ביז צו די ערשטע שטאָט־ראַט־וואַלן, בעת וועלכע די פּ״צ האָבן אָנגעהויבן עפנטלעך אַרויסצוטרעטן פּאָליטיש.

נאָך די שטאָט־ראַט־וואַלן, בעת וועלכע די פּ״צ האָבן באַקומען 3 ראַטמענער, איז געעפנט געוואָרן די גענאָסנשאַפט „אַרבעטער־היים" די ניי־אַנטשטאַנענע גאַז. האָט אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע פּאָלי־טישע און קולטור־אַרבעט און האָט צו זיך צוגעצויגן א גרויסן טייל פון די יידישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ.

ביי דער „אַרבעטער־היים" איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ טיי־האַלע, ווו די מיטגלידער האָבן פאַר א מינימאַלן אָפּצאָל באַקומען טיי מיט א צובייס. די טיי־האַלע האָט גוט פונקציאָנירט און איז געפירט געוואָרן ביי גוטע היגיענישע באַדינגונגען, וואָס איז צוליב דער מלחמה־צייט געווען זייער א שווערע אויפגאַבע. די טיי־האַלע האָט אויך אַרויסגעגעבן אומזיסטע אָונט־ברויטן און קליינע שטיקעס פאַר די אַנטלאָפענע אַרבעטער פון דייטשלאַנד, וועלכע זענען פאַר־שיקט געוואָרן אויף צוואַנג־אַרבעט. מאַסן אַנטלאָפענע זענען געקומען קיין בענדין אין 1917, בעת אין דייטשלאַנד האָט שוין געהערשט א שטאַרקער הונגער. די „אַרבעטער־היים" האָט אויך געהאָלפן די פּליטים זיך אַדורכשמוגלען דורך די דייטשע פּאָסטנס, וועלכע האָבן באַוואַכט דעם אַרויספאָר פון דער שטאָט בענדין. א טייל איז באַאַרגעט געוואָרן מיט פּעסער און א טייל איז סתם אַדורכגעשמוגלט געוואָרן.

שפּעטער האָט אויך די „אַרבעטער־היים" געעפנט א לעבנס־מיטל־קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער האָט באַזאָרגט אירע מיטגלידער מיט פּראָוויאַנט, וואָס די גאַז. האָט באַקומען פונם הויפּט אָפּראָוויזאַציע־קאָמיטעט.

די פּ״צ האָבן אַנטייל גענומען אין אַלע ווירטיקע פּאָליטישע און סאָציאַלע אַקציעס, וועלכע זענען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דער גאַנצער זאַגלעמביער אַרבעטערשאַפט.

## 10. דער „בונד".

די ערשטע פּרוּוון צו שאַפן אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. — די קאָנ־פערענץ וועגן דעם ענין. — עס שאַפט זיך אַ גרופּע, וועלכע שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט דער צייטונג „לעבנס־פראַגן" און מיט וו. מעדעם. — ס'ווערט געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון „בונד". — די טעטיקייט אין די ערשטע צייטן. — די ווערבירונג פון מיטגלי־דער. — די פּאָליטיש־קולטורעלע אַרבעט. — דער „בונד" בעת די שטאָט־ראַט וואַלן. — די גרינדונג פון „גראַסער־קלוב" און פון דער „קול'טור־ליגע".

אנהויב 1915 זענען דורך אַ גרופּע אַרטיקע פּאָליטיש־געזעל־שאַפטלעכע טוער געמאַכט געוואָרן פּרוּוון אויפצושטעלן אַן אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציע, כדי צו פירן אַ פּאָליטיש־קולטורעלע־טעטיקייט צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

צו דעם צוועק איז גערופן געוואָרן אַ ריי קאָנפערענצן מיט דער באַטייליקונג פון איינגעלאַדענע אַרבעטער. אויסער מיט ריין אָרגאַני־זאַציאָנעלע ענינים און מיט פאַרשידענע אַקטועלע פראַגן, האָבן זיך אויך די קאָנפערענצן פאַרנומען מיט דעם פּראָבלעם: „נאַציאָנאַל קולטורעלע אויטאָנאָמיע".

אַלס פּועל־יוצא פון די געפירטע דיסקוסיעס האָט זיך געשאַפן אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט דער ספּעציפיש־יידישער נאַציאָנאַלער־פראַגע. די דאָזיקע גרופּע האָט זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דער וואָכנשריפט „לעבנס־פראַגן", דעם צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד" אין פּוילן, אויף וועמענס שפּאַלטן ס'זענען דעמאָלט באַהאַנדלט געוואָרן די דערמאָנטע פּראָבלעמען. אחוץ דעם, האָט זיך די גרופּע אויך געשטעלט אין פּערזענלעכן קאָנ־טאַקט מיטן פאַרשטאָרבענעם פירער פונם „בונד" וו. מעדעם.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָבן די איניציאַטאָרן, וועלכע זענען באַשטאַנען פון די ברידער: יחיאל און מ. וו. קאַמינסקי, ל. קאָרנ־פעלד, מ. וו. פישל און גאָלדמאַן, באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען די דערמאָנטע גרופּע אין אַן אַרטיקע אָפּטיילונג פון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער בונד" אין פּוילן.

אין דער ערשטער צייט איז די טעטיקייט פון דער אָרג. באַשטאַ־נען אין פאַרשפּרייטן די „לעבנס־פראַגן" און ווערבירן מיטגלידער.

אין משך פון עטלעכע וואָכן איז געלונגען צו ווערבירן פאַר דער באַוועגונג אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער, פאַר וועלכע ס'איז איינ־געאָרדנט געוואָרן לעקציעס פאַר פּאָליטישע עקאָנאָמיע און די גרונט־יסודות פון מאַרקסיזם און סאָציאַליזם.

אַלס פּרעלעגענטן זענען דעמאָלט געווען טעטיק: י. פּסחזאָן, ליפּסאָן און די סטודענטן: ח. פּערל, ש. בערקאָוויטש און ליפשיץ. שפּעטער זענען אויך געווען טעטיק: מ. אַראָנאָוויטש, י. בראָקנער און י. פריילעך.

אויסער דעם זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ריי עפנטלעכע פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. ס'זענען אויך געגרינדעט געוואָרן אָוונט־קורסן, מיט וועלכע ס'האָבן אָנגעפירט: ח. פּערל, י. פריילעך און ד. פייערמאַן.

ווען אין 1916 זענען פאָרגעקומען די שטאָטראַט־וואַלן, זעט מען דעם „בונד", צום ערשטן מאָל, אַלס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן כח מיט אַ פּלאַנמעסיקער און פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַציע, און אויף די פיל מיטינגען ווערט געפירט אַן אויפקלערונגס־אַרבעט און פּראָ־פּאַגאַנדע פאַרן סאָציאַליזם.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן האָט געגעבן דעם „בונד" אַ ראַטמאַן אין דער פּערזאָן פון יצחק פּסחזאָן, איינער פון די פעיקסטע און שטאַרקסטע פּערזענלעכקייטן אין אונזער שטאָט. פּסחזאָן האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע מוטיקע אַרויסטרעטונגען און גלענצנד צוגעטראַכטע פאָרשלאָגן אויפן פאָרום פון שטאָט־ראַט לטובת דער שטאָטישער ווירטשאַפט.

אין 1917 איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער „גראַסער־קלוב", וועלכער האָט געפירט אַ שיינע אַרבעט אויפן געביט פון טעאַטער און ליטעראַטור. דעמאָלט איז אויך געשאַפן געוואָרן די אָפּטיילונג „קולטור ליגע", וועלכע פירט ביזן היינטיקן טאָג אַ געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אַרבעט.

## 11. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן (ס"ד)

די טעטיקייט פון די ס"ד ביי דער ביבליאָטעק „קולטורא". — דער טרעפפונקט פון די ס"ד. — הילף פאַר אָרימע. — די אַקטיווע־טוער.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן בעת דער אָקופּאַציע געפירט אַ פּאָליטיש־קולטורעלע טעטיקייט ביי דער ביבליאָטעק „קולטורא", וווּ ס'זענען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן אויף פּאָליטישע און ליטע־ראַרישע טעמעס. ס'זענען אויך פאָרגעקומען דיסקוסיע־אָוונטן, מיטן אָנטייל פון מיטגלידער פון פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען.

דער טרעפפונקט פון ס"ד־טוער איז געווען אַ טיי־האַלע אויף דער מאַלאַכאָווסקי גאַס.

אויסער דעם האָבן זיך די ס"ד־מיטגלידער פאַרנומען מיט ברענ־גען הילף פאַר אָרימע אַרבעטער, אין דער פאָרם פון אַרויסגעבן ביליקע שפּייז־פּראָדוקטן און מיטאָגן.

די טיי־האַלע איז שפּעטער געשלאָסן געוואָרן דורך דער אָקו־פּאַציע־מאַכט, צוליב דעם, וואָס זי האָט געטראָפן די מיטגלידער ביי אַ לעקציע פון דער פּוילישער שפּראַך, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך פּערל' סערזשאַנט.

מיט דער טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק און טיי־האַלע האָבן אָנגעפירט: וואַלטער שאַלץ, זיגמונט אינוואַלד (געווען אינטערנירט אין מאָדלין), י. קאָזלאָווסקי, ל. נאָוואָגרודזקי א"א.

## 12. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

די גרינדונג פון דער לעגאַלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. — דער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג. — די הויפּט עסקנים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

די לעגאַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז ערשט געשאַפן געוואָרן אין 11־טן מערץ 1917. דעמאָלט איז פאָרגעקומען די גרינדונג־פאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פון צ"ק מיטגליד אין וואַרשע — מ. י. פריידי.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָקאַל פון האָטעל „מאָנאָפּאָל" (היינט געפינט זיך דאָרט דאָס חדר „יסודי התורה").

אין דער פאַרוואַלטונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן: ב. פּראַגער, ד. מ. ראַטנער, מ. ק. ערליך, נ. לאַנדנער, א. ליוועך, ש. קליינער, י. ניימאַרק, א. דיאַמענט, י. שטאָטלער, צ. פעפער, נ. אָולערט, ח. ד. ראָזנבלום און ב. בערלאַך.

די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט זייט 1917 ליגט הויפּטזעכלעך אין די הענט פון י. וויגאָדזקי, א. ליוועך און נ. לאַנדנער.

## 13. די „מזרחי".

די גרינדונג־פארזאמלונג פון „מזרחי" און „צעירי־מזרחי".— ס'ווערט געשאפן אַ בשותפותדיקע פארוואלטונג. — דער צוזאמענשטעל פון דער פארוואלטונג. — די דעלעגאטן צו דער ערשטע „מזרחי" לאנד־קאנפערענץ. — די בילדונג פון א זעלבסטשטענדיקע „צעירי־מזרחי" ארגאניזאציע. — די אקטיווע „צעירי־מזרחי" טוער.

**א שטארקע טעטיקייט פון „מזרחי" האט זיך אָנגעהויבן נאך דער באַלפור־דעקלאַראַציע (1917). דעמאָלט איז פאָרגעקומען די גרינ־דונג־פארזאַמלונג פון „מזרחי" און „צעירי מזרחי", צו וועלכער ס'איז געקומען דער יעצטיקער רב הראשי אין תל־אביב, הרב עמיאל.**

**אין דער ערשטער צייט האבן בײדע ארגאניזאציעס געארבעט צוזאמען און ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן א בשותפותדיקע פארוואל־טונג פון פאָלגנדיקן צוזאמענשטעל: בעריש פרעגער, ישעיה הענדל ערליך, שלום קליינער, לייביש בוכוויץ, יעקב ניימארק, י. מ. קורלאַנד, לייביש דימאַנט, משולם ליווער, לייביש באַנאַך, דוד ערליך, יהושע**



די האלעס (פריער טארגאָוויסקע)
ככר השוק

**משה טענצער, יהושע ראַזענקער (מזרחיסטן), חיים וועלנער, הלל זשאַבנער און ישעיה יונה פשעניצא (צעירי מזרחי).**

**אויף דער ערשטער „מזרחי" לאנד־קאַנפערענץ, וועלכע איז פאר־געקומען אין 1917, איז בענדין געווען פארטרעטן דורך די דעלע־גאַטן: בעריש פרעגער, ישעיה הענדל ערליך, ליפע זאַכאַריאַש און יהושע משה טענצער.**

## 14. די „אגודה".

די „אגודה" פאר דער מלחמה. — די גרינדונג־פארזאמלונג אין 1917. דער צוזאמענשטעל פון דער פארוואלטונג.

**נאָך דער קאַנפערענץ פון דער „אגודת ישראל", וועלכע איז פארגעקומען אין קאַטאָוויץ (1912), איז אין בענדין געשאַפן געוואָרן א גרופּע פון דער דערמאנטער ארגאניזאציע. אין דער שפּיץ זענען געשטאַנען: שלמה יצחק רינסקי, הענעך זילבערשאַץ, משה חיים קאַמינער, בערל רעכט און ליפּע קאַמינער.**

**א גרויסע טעטיקייט הויבט די „אגודה" אָן צו פירן בעת דער אָקופּאַציע.**

**די גרינדונג־פארזאמלונג איז פארגעקומען אין אפּריל 1917 אין זאל „האַרמאָניע".**

**ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן א פארוואלטונג פון פאָלגנדיקן צוזאמענשטעל: שמחה בינם באַנהאַרט (פארזיצער), יאַנקעלע גוט־מאַן (וויצע־פארזיצער), בערל רעכט (סעקרעטאַר), בעריש ליוואָר (קאַסירער), אַברהם ליוואָר, דוד סקורניק, דודל טורנער, וואָלף נחום גוטשטיין, זלמן ערנסט, זיסמאַן לאַנדנער חיים מאיר זיידנער, ישראלקע ציגלער, ליפּע קאַמינער, מענדל שפּיראַ, מענדל דאַמב, משה נייבערג, מענדל איילנבערג, שלום לאַסקער, נחום אברהם ארנער, שלמה זילבערבערג, שלמה יצחק רינסקי און משה חיים קאַמינער.**

## VII
## בענדינער יידן אין די פוילישע לעגיאָנען

מ. פרענקל געווען טעטיק אין שווייצאַריע. — בעתן קריג־אויסברוך טרעט ער אריין אין די לעגיאָנען. — פרענקל זאגט זיך אָפּ צו שווערן טרייהייט די דייטשן און ווערט אינטערנירט. ער קניפּט אָן א קאָנטאַקט מיטן קאָמענדאַנט פּילסודסקי. — פרענקל ווערט באַ־שטימט אלס וויצע־קאָמענדאַנט פון בענדין. — אהרן פרענקל געווען טעטיק אין שווייצאריע. — אין אנפאנג 1914 טרעט ער אריין אין די לעגיאָנען. — דער לעגיאָניסט יצחק יונגערמאַן. — זיין אנטייל און העלדישקייט אין פיל קאַמפן. — ער פאַלט אויפן שלאַכטפעלד און ווערט אויסגעצייכנט מיט „ווירטוטי מיליטאַרי". — די לעגיאָ־ניסטן: ש. שווייצער, דוד מאנעטא, שמעון באַזשיקאָווסקי, ב. אנדזלאַ־וויטש און סענדער גוטמאַן.

**נאָך פאר דער וועלט־מלחמה זענען א סך מיטגלידער פון דער יידישער סטודענטשאַפט אין אויסלאַנד געווען טעטיק אין דער באַפרייאונג־באַוועגונג פון פוילן.**

**צו די וויכטיקסטע אַקטיווע־טוער האט געהערט מתתיהו פרענקל, וועלכער איז געווען טעטיק אין שווייצאַריע אין דאָרטיקן „פאַרבאַנד פון אַקטיווען קאַמף", ווו ער איז געווען זייט 1913 אַן אינסטרוקטאָר.**

**בעתן קריג־אויסברוך איז ער געקומען קיין קראָקע און אריינ־געטרעטן אין 5־טן לעגיאָנען פּולק פון דער ערשטער בריגאַדע. ער האט העלדיש געקעמפט אין אלע שלאַכטן, וועלכע דאָס פּולק האט געפירט.**

**ווען די דייטשן האבן געפאָדערט פון די לעגיאָניסטן, אז זיי זאָלן שווערן טרייהייט פאר די צענטראַל־מלוכות, האט זיך פרענקל קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט דאָס צו טון און ר'איז דערפאר אינטערנירט געוואָרן אין א געפאַנגען־לאַגער. דאָרט איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אלס עלטסטער פון די געפאַנגענע און האט אָנגעפירט מיטן גאַנצן לאַגער. ס'איז אים אויך געלונגען אָנצוקניפּן א קאָנטאַקט מיטן קאָמענדאַנט פּילסודסקי, פון וועלכן ער האט באַקומען אינסטרוקציעס פאַרן גאַנצן לאַגער.**

**נאָכן אנטוואָפענען די דייטשן אין יאָר 1918 איז פרענקל באַ־שטימט געוואָרן אלס וויצע־קאָמענדאַנט אין בענדין.**

**שפּעטער האט ער אויך אדורכגעמאַכט די קריג־קאַמפּאַניע אין יאָר 1920 און דערנאָך זיך צוריקגעקערט צו זיין פעדאַגאָגישן באַרוף. ביזן היינטיקן טאָג איז פרענקל טעטיק אלס דירעקטאָר פון א פּריוואַטער פּרויען־גימנאַזיע אין וואַרשע.**

**מ. פרענקל איז אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן „אומאַפּהענגיקייט־קרייץ", ווי אויך מיטן „שטשיפּיאָרנע־קרייץ".**

**אויך זיין ברודער אהרן פרענקל איז געווען אַקטיוו אין שווייצאַריע אין די אומאָפּהענגיקייט־ארגאַניזאציע, איז אויך שפּעטער אריינגעטרעטן אין די לעגיאָנען, ווו ער האט אנטייל גענומען און זיך אויסגעצייכנט אין פיל שלאַכטן.**

**יצחק יונגערמאַן האט געהערט צו די העלדישסטע לעגיאָנען־סאַניטאַרן. ער איז אריינגעטרעטן אין די לעגיאָנען דעם 26־טן**

**אוגוסט 1914. אלס סאניטאר־קאפראל, און אלס אָנפירער פון א סאניטאַר־פּאַטראָל האט ער אנטייל גענומען אין אלע שלאכטן, ווו ער האט מיט געוואלטיקער מסירת נפש זיך פארנומען מיט די פאר־וואונדעטע לעגיאנערן. בעת א שטארקער שיסעריי האט ער, איינ־שטעלנדיק זיין לעבן, ארויסגעראטעוועט דעם שווער־פארוואונדעטן קאפיטאן האַלער פון דער ערשטער פייער־ליניע. ווען ר׳איז שוין אליין געווען פארוואונדעט האט ער ווייטער געטון זיין פליכט ביז ר׳איז געפאלן אויפן שלאכט־פעלד אין 1919.**

**אדאנק דער אינטערוועניץ פון גענעראל רידז־שמיגלי איז יונגער־מאן דעקאָרירט געוואָרן מיט דער העכסטער מיליטערישער אויס־צייכענונג „ווירטוטי מיליטאַרי״.**

שמואל שווייצער איז אריינגעטרעטן אין די לעגיאָנען אלס 17 **יעריקער שילער און האט אנטייל גענומען אין א ריי שלאַכטן. ער האט זיך אָפּגעזאָגט צו שווערן טרייהייט די דייטשן און איז צוליב דעם אינטערנירט געוואָרן אין שטשיפּיאָרנע, ווו ער האט אדורכ־געמאכט א שווערע קראנקהייט. שווייצער איז געשטאָרבן דעם 25־טן אפּריל 1922 און איז אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן קרייץ פון דער ערשטער בריגאדע פאר טרייער דינסט.**

**דוד מאָנעטאַ, א סעקציע פירער אין דער פינפטער קאָמפּאניע פון ערשטן פּולק. ער האט אנטייל גענומען אין פארשידענע שלאכטן און איז אומגעקומען אין 10־טן יולי 1916 הינטער אָפּאטוו.**

שמעון באזשיקאווסקי איז אריינגעטרעטן אין די לעגיאָנען דעם **20־טן דעצעמבער 1914. ער האט זיך באטייליקט אין א ריי שלאכטן און איז פארוואונדעט געוואָרן אין 1915 אויפן בעסאַראבישן פראָנט.**

**בערנארד אנדזלאָוויטש איז געווען אין די לעגיאנען זייט 1914, האָט אנטײיל גענומען אין א ריי שלאַכטן און איז פארוואונדעט געווארן אין 1915 אויפן בעסאראבישן פראנט.**

**סענדער גוטמאן איז געווען אין די לעגיאנען זייט 1915, האט מיטגעמאכט אייניקע שלאכטן און איז שפּעטער געשטאָרבן פון דער־שעפונג. צוליב דער מיטגעמאכטער שווערער קריג־קאָמפּאניע.**

## VIII
## בענדינער לעגענדעס

### 1. דער ריטער בענדא.

אין די צייטן פון באלעק כראָברי האט געלעבט א ריטער איבער **אלע ריטערס מיטן נאמען בענדאַ. ער איז געווען אן אומצעשיידבארער חבר פון קעניג, אין אלע זיינע קריגצוגן, וועלכע ער האט אונטער־גענומען, מיטן צוועק צו פאראייניקן די סלאווישע שבטים אונטער זיין סצעפּטער. פאר אָפּפערפולן און געטרייען דינסט האט דער ריטער באקומען פון קעניג אלס מתנה אַ גרויס שטיק פונם ווילדן וואלד, ארום דער שווארצער פּשעמשע, צוזאמען מיט אייניקע ישובים, וועלכע זענען געווען פונאנדערגעוואָרפן דאָ און דאָרט, אין דער פוסטער וואלד־שטילקייט. ווען דער ריטער איז געקומען איבערנעמען די מתנה, האט ער לאנג געזוכט א פלאַץ, ווו ער וואלט געקאנט פאר זיך אויפשטעלן א זיץ־אָרט. מיט אמאל האט ער זיך פלוצלינג ארומ־געזען, אז ער געפינט זיך אונטערן בענדינער־בארג. באמערקנדיק ארום זיך אסך פעלזן, וואס האבן ארויסגעשטייגט ווייט איבער די ארומיקע וועלדער, האט ער באשלאָסן אויפצושטעלן צווישן זיי פאר זיך א הויף. דעם באשלוס האט ער אין קורצן פארוואנדלט אין א טאַט. נישט דיספּאָנירנדיק מיט א גענוגנדיקער צאָל מענטשן, וואס איז אים נויטיק געווען כדי אויפצושטעלן דעם שלאָס, האט ער פונאנדער־געשיקט איבער דעם וואלד דינער, מיט א באפעל, אז זיי זאָלן — מיט גוטן אדער בייזן — צוזאמענטרייבן די באפעלקערונג פון די**

**ישובים הינטערן בארג. ווען דאָס איז געשען, האט ער באפוילן די צוזאמענגעטריבענע אויסצוהאקן די ביימער און צעשפּאַלטן די פעלזן. דערנאך האט ער זיי געצוואונגען — אונטער זיין אייגענער השגחה — אויפצובויען א באפעסטיקטן־שלאָס. ווען נאך שווערער און לאנגער מי האָבן זיי די ארבעט געענדיקט, האט ער די מחנה פונאנדערגעלאזט, נישט געבנדיק זיי דעם מינדעסטן לוין. דאָס איז געווען די ערשטע עוולה, וואס דער ריטער איז באגאנגען לגבי יענע, וועלכע האבן זיך נאך מיט א קורצער צייט צוריק געפילט אלס פרייע מענטשן אינם גרויסן ווילדן וואלד. און שפּעטער זענען שוין כסדר געקומען וואס אמאל גרעסערע און שווערערע עוולות. דאָס פאָלק, קרעכצנדיק אונטערן יאָך פון האַר מיט זיינע דינער, האט פארשאָלטן יענע מינוט, וואס האָט זיי פון פרייע מענטשן פארוואנדלט אין שקלאַפן.**



דער אלטער בית עלמין אויף דער זאַוואַלער גאס
בית העלמין הישן ברחוב זאַוואַלה

**דאָס האט אזוי לאנג געדויערט ביז דאָס מעסטל איז איבערפולט געוואָרן. מיט גאטס ווילן איז אויפן אכזר און פּאָלקס־פייניקער געפאלן א גרויס אומגליק. אין א געוויסן טאָג האט ער פארלוירן זיין ווייב מיט אלע קינדער, וועלכע זענען צעשמעטערט געוואָרן דורך א שטיק אַראָפּגעפאלענעם פעלז.**

**נאך דעם פארפאל איז דער חרטהפולער אכזר פארשוואונדן געווארן פון שלאָס אויף אייביקע צייטן.**

**פון דעם דאָזיקן בענדא — לויט ס׳דערציילט די לעגענדע — האט דער שלאָס, ווי אויך די שטאָט, באקומען דעם נאמען בענדין, וואס האט זיך שפּעטער פארוואנדלט אויף בענדזין.**

### 2. די נסיעה פון קעניג קאזשימיעזש..

**א צווייטע לעגענדע דערציילט, אז ווען דער קעניג קאזשימיעזש דער גרויסער מיט זיין סוויטע איז אמאל געפאָרן קיין ברעסלע, האט ער זיך אויפגעהאלטן אין דער היגער געגנט. דעם קעניגס באַאַמטע זעענדיק, אז ס׳וועט זיין ווייניק וווינונגען פארן קעניג מיט זיינע הויפלייט, האָבן אים געראטן צו טוישן דאָס אָפּרו־אָרט. אויף דעם האָט דער קעניג געענטפערט: „מי סטאַטש בעדנזשעם טאַם אַלבאָ טאַם, יאַק טו מיעיסצאַ מאַלאָ בענדזשע — טו ניעך סטאַניע טשעלאַדזש״ (אויב ס׳איז פאַראן ווייניק פּלאַץ וועלן מיר זיך אוועקשטעלן ווו ס׳זאָל נישט זיין, דאָ אבער זאל בלייבן שטיין די דינערשאפט).**

**דעם קעניגס ווערטער זענען אויפגעכאפּט געוואָרן, און דערפון זענען אנטשטאַנען די נעמען: בענדין, מאַלאָבאָנדז און טשעלאַדזש.**

3. וועגן די אוצרות פון דער פרוי שיטקאַ.

דאָס איז געווען אין יענע צייטן, ווען אויפן בורמיסטש־בענקל איז געזעסן דער בארימטער יאַן האַלער, וועמענס יועצים ס׳זענען געווען קלימונט סטראַך, וווּיטשעך זארעמבא, אורבאן פּיראַזשעק און דער וואַיט לוקאש סענדזשיצקי.

גראד דעמאלט איז אין דער שטאָט געשטאָרבן א געוויסע פרוי שיטקאַ, אן אייגנטימערין פון א הויז, וואס האט זיך געפונען אויפן מארק, בשכנות מיטן קיילער וואנקאַ און קושישטאָף גאראַצי. היות זי איז אוועקגעגאנגען פון דער וועלט קינדערלאָז, האט איר גאנץ פארמעגן — לויט די פאַרשריפטן פון „קאַדוק־געזעץ״ — געזאָלט איבערגיין אלס אייגנטום פון פּראָספּער פּראַוואַני, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען בענדינער סטאַראָסטע און א באאמטער פון קראָקעווער זאַלץ־אַמט. איידער אלע פאָרמאליטעטן זענען אדורכגעפירט געוואָרן, איז דאָס הויז פון דער פארשטאָרבענער פארחתמעט און שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. צוליב דעם האט מען זיך שוין אין דער שטאָט דערציילט, אז אחוץ דעם הויז, האָט נאָך די פרוי שיטקאַ איבערגעלאָזט צוויי פולע טעפּ מיט געלט, וועלכע זי האט אויסבאהאלטן אין א פארשלאָסענעם קאַסטן.

אין דריטן זונטאָג, נאָך דער חגא פון הייליקן מיכאל, אין יאָר 1579, האָט זיך צונויפגעזאַמלט דאָס גרויסע מאַרגראַביע־געריכט, מיטן לאַנדוואָיט אין דער שפּיץ און מיט די לאַוועניקעס באַרטלאַמיי שטשיגיעל, יאַקוב שוואַנצער, אלבערט לופּאַ, באַרטלאַמיי גניעטשי־שוויניאַ, יאַן לאַגינסקי און לאָורענטי וואַרמוס. דאָס געריכט האט אויפן סמך פון פּראַוואַניס א בריוו געזאָלט איבערגעבן דער פרוי שיטקאַס הויז צו לוקאש סענדזשיצקי, וועלכער האט עס געקויפט ביים סטאַראָסטע פאר 32 פּוילישע גילדן.

ווען דאָס רומפּולע געריכט, מיט יאַן האַלער בראש, איז דערשינען פאר דער שיטקאָוואַס הויז, האט זיך ארויסגעוויזן, אז עמעץ האט שוין דאָרט געבאַלעבאַטעוועט, ווייל די הינטער־טיר איז געווען אויפגעבראָכן, דאָס שלאָס אראָפּגעריסן, דער קאַסטן צעשמעטערט און פּוסט. די אדורכגעפירטע אויספאָרשונג האט נישט אַנטדעקט דעם איינברעכער. ערשט אין א פּאָר חדשים ארום איז פּלוצלינג אין דער שטאָט געפאַלן די ידיעה, אז דער סטאַראָסטע האט זיך אויפן טויטנבעט מודה געווען, דאָס ער אליין האָט עס אין יענער נאכט ארויסגעגנבעט די צוויי טעפּ מיט געלט, נאָר צוליב מורא, אז מ׳זאָל אים נישט אַנטדעקן, האט ער זיי באַגראָבן הינטער דער קירכע פון הייליקן טאָמאַש. נאָך זיין טויט האט די שטאָט־מאכט אָנגעהויבן צו זוכן דאָס געלט, אבער אלע באמיונגען עס צו געפינען זענען געבליבן אָן דערפאָלג.

שפּעטער האָבן אָנגעהויבן צו זוכן דעם אוצר פארשידענע גבירים־קאַנדידאַטן. אזעלכע אָמאַטאָרן זענען במשך פון יעדע פּאָר יאָר געווען אייניקע, אבער אויך די דאָזיקע גליק־זוכער האָבן גארנישט געפונען.

דעריבער ליגט טאקע נאָך שיטקאָוואַס אוצר אין דער ערד, נעבן דער קירכע, און וואַרט געדולדיק אויף אן אַנטדעקער.

4. דער צדיק ר׳ אורילע.

א מענטש פארגייט און א שטיין בלייבט. און עס טרעפט, אז א טויטער שטיין דערמאָנט וועגן די גוטע מידות און מעשים טובים פון א מענטש, וואס האט געלעבט אמאָל־אמאָל מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

איינער פון אזעלכע „רעדעוודיקע״ שטיינער ליגט זיך אויפן בענדינער אור־אַלטן בית־עולם. וואס געפינט זיך היינט אין מיטן שטאָט, אויף דער זאַוואַלע־גאַס.

נאָענט פון דער מויער ליגט דער שטיין — א טיף איינגעבויגענע מצבה, וועלכע איז שטענדיק פאַרליגט מיט „הימל־קוויטלעך״, שטיקלעך ליכט, שטיינדלעך און שמות. די אלע סגולות לייגן אוועק יידן און יידענעס פון זאגלעמביע און אויבערשלעזיע, וועלכע קומען, פון צייט צו צייט צו דער דאָזיקער מצבה, אויסבעטן פאר זיך און פאר זייער פאַמיליע — געזונט און פרנסה. באזונדערס גרויס איז די צאָל הילפזוכנדיקע, אין זיבעטן טאָג פון חודש אדר, ווען ס׳פאַלט אויס ר׳ אורילעס יאָרצייט.

מען ווייסט, אז אונטער דער איינגעזונקענער מצבה האט מען אַמאָל קובר געווען דעם צדיק ר׳ אורילע. און ווייל מען נאָך היינט אָפּקראַצן דעם פייכטן מאָך פון דעם אלטן שטיין, קאָן מען נאָך דייטלעך איבערלייענען דעם אָנהויב פון דער אויסגעהעמערטער אויפשריפט:

„האי מאן דאורי לא אתי אלא מלויה״

דער געוויינלעכער פשט פון דעם גמרא־ווערטל איז: „דער, וועלכער האָט געפסקנט קומט ארויס פון שבט לוי״.

דאָס פאָלקס־מויל אבער האָט די אויפשריפט אויסגעטייטשט, אז: „ס׳איז געווען ליכטיק ביז נאָך דער לויה״.

פארוואָס דאָס פאָלק האט עס אזוי, און נישט אנדערש פארשטאַנען, וועט קלאָר ווערן, ווען מיר וועלן די לעגענדע ווייטער שפּינען ביז צום סוף.

געלעבט האָט ר׳ אורילע אין דעם שטעטל בויטן (אויבער־שלעזיע). ר׳איז געווען א פשוטער, אבער זייער אָפּגעהיטענער ייד. חיונה האט ער געצויגן פון דאָרפס־האנדל. געקויפט אַמאָל ביי דעם אדער יענעם פויער א קערץ קאַרטאָפל, א מעסטל תבואה, א פורל האָלץ אדער גאר א פּאָר האָזן־פעלעכלעך. קוים אבער האט ער פארדינט מער וויפל ס׳איז אים געווען נויטיק אויף איבערצולעבן דעם טאָג צוזאמען מיט זיין פאמיליע, האט ער די רעשט אוועקגעגעבן צו אָרימעלייט.

באזונדערס האָט ר׳ אורילע שטאַרק אָפּגעהיטן דעם שבת. שוין פרייטאָג, נאָך צוועלף אזייגער בייטאָג, ווען ס׳איז אים אפילו פארגעשטאַנען צו פארדינען א פארמעגן, האָט ער מער נישט געוואָלט הערן פון קיין שום וואָכעדיקע עסקים. און ווײסנדיק פון זיין גרויסער ערלעכקייט, און וועגן זיין איינשטעלן זיך פארן אמת, איז מען צו ר׳ אורילען געקומען מיט די שווערסטע דין־תורה׳ס. און געקומען זענען נישט בלויז יידן, נאר אויך גוים, וועלכע האבן זיך פארלאָזט אויף זיין פסק.

און ווען ס׳איז געקומען די צייט פון ר׳ אורילעס פּטירה, האָט מען ערשט דערזען, וואָס פאר א גרויסער צדיק ס׳איז אוועק פון דער וועלט.

אזוי ווי די בויטענער קהלה האט נאָך אין יענע אלטע צייטן נישט געהאט קיין אייגענעם בית־עולם, האָט מען די דאַרטיקע מתים געפירט אדער געטראָגן קיין בענדין. ר׳ אורילען האט מען, פארשטייט זיך, געטראָגן די גאנצע צייט. ס׳איז פאר יעדן ייד געווען די גרעסטע זכיה, כאָטש עטליכע מינוט צו טראָגן אויף זיינע אקסלען דעם הייליקן נפטר.

פון בויטן צום בענדינער בית־הקברות איז אבער א מהלך־רב און דערצו איז נאָך דער וועג א שלעכטער. און אָט, ווען די לויה האָט זיך ערשט געפונען אויפן האלבן וועג, האט מען פּלוצליג דערזען,

אז ס׳ווערט שוין נאכט. און די נאכט איז גראָד געווען אזא שטאָק־פינסטערע, אז איינער האָט נישט געזען דעם אנדערנס פנים, און ס׳איז אומעגלעך געווען צו שטעלן א שריט פאָרויס. די לויה איז שטיין געבליבן, און מיט די מיטה אויף די אקסלען האָבן די יידן זיך געשטעלט דאַווענען מנחה־מעריב.

אבער פלוצלינג איז געשען אן אויסערגעוויינלעכע זאך. איידער די מלוים האָבן אָפּגעדאוונט, האָבן זיי דערהערט, ווי איבער זייערע קעפּ נעמט עפּעס פלאטערן מיט אזא צאַרט גערויש. און ווען זיי האָבן דערהויבן זייערע אויגן, האָבן זיי דערזען, ווי איבער ר׳ אורילעס מיטה פליען א מחנה ווייסע טויבן מיט אנגעצונדענע ליכטלעך אין די שנאָבעלעך. דער עולם האט פארשטאנען, אז דאָס האט גאט אראָפּגעשיקט מלאכים, וועלכע זאָלן מיט אָנגעצונדענע ליכט באגלייטן ר׳ אורילען צו די טויערן פון גן־עדן.



דער אוהל אויפן קבר פון הרב ר׳ יששכר בעריש ז״ל
האוהל על קברו של הרב יששכר בריש ז״ל

## 5. די ברכה פון רב ר׳ משהלע.

אין ווינטערדיקע פארנאכטן,ביים ווארעמען בית־המדרש אויוון, הערט מען עס נאך פון זקנים דערציילן, אבער אויך יונגע מענטשן ווייסן דערפון און אפילו אין ספרים איז עס פארשריבן לזכרון, אויף אייביקע צייטן.

מיט דורות צוריק, איז אויפן בענדינער כסא־הרבנות געזעסן דער רב ר׳ משהלע. א ייד איז דאָס געווען — די פארקערפּערונג פון צדק און יושר — נישט געקאָנט קיין צורת־המטבע, און דערצו א גרויסער עניו. די בענדינער קהלה איז נאך אין יענע אלטע צייטן געווען א קליינע און אן ארימע, און די פּאָר גילדן חודש־געלט, וואָס זי האט געצאָלט דעם רב, האבן אים קוים געגוגט אויף לחם־עוני. האט ער טאקע שטענדיק געליטן דחקות, אבער קיינמאל נישט מתרעם געווען און פאר א בשר ודם זיך נישט געזשאָלעוועט.

אזוי זענען זיך יאָרן פארגאנגען, ביז ס׳איז געקומען א צייט, ווען דעם רב ר׳ משהלעס טעכטער זענען ראויות לחופה געוואָרן, און דאָ פארמאָגט ער נישט קיין פרוטה ביי דער נשמה. אבער דעם רב האָט עס ווייניק געאַרט. זיין באליבטער ענטפער אויף אלע טענות פון דער רביצין איז געווען: „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד״ (אלץ וואס דער אויבערשטער טוט איז צום גוטן). די רביצין האט אבער נישט געקאָנט פארטראָגן אזא בזיון און אים גענומען כסדר צורעדן: — ווער רב אין א גרעסער שטאָט, אזויפיל קהלות רייסן זיך איבער דיר, זיי ווילן דיר געבן פרנסה בריוח און אפילו פאר אונזערע כלה־טעכטער ווילן זיי זאָרגן.

סוף כל סוף האָט ר׳ משהלע שוין מער נישט געקאָנט פארטראָגן דעם צער פון דער רביצין, און ווען ס׳זענען אָנגעקומען פרישע שליחים, האָט ער מסכים געווען צו ווערן רב אין א גרעסערער קהלה.

איז די גאנצע שטאָט — אנשים נשים וטף — ארויס מיט א געוויין און א יללה, בעת זי האָט געדארפט זיך געזעגענען מיט איר לאנג־יעריקן און באליבטן מרא דאתרא. — אויף וועמען, הייליקער צדיק, לאזט דו אונז איבער! גיב אונז כאָטש דיין ברכה פארן אוועקפאָרן!

ר׳ משהלע איז שוין אבער געבליבן ביי זיין באשלוס צו פאר־לאָזן בענדין. און ווען דאָס פורל האט גענומען רירן פון אָרט, האָט ער אויפגעהויבן די הענט צום הימל און געבענטשט די בענדינער יידן, און אזוי געטאָן זאָגן: — אויב עס וועט חס וחלילה נגזר ווערן א שריפה אויף אייער שטאָט, זאָל דאָס נישט קיין שליטה האָבן מער ווי אויף איין הויז.

און טאקע ביז היינט האלט נאך אָן דעם צדיקס ברכה. אויב ס׳ברעכט אין בענדין אמאָל אויס א שרפה, ווערט בלויז אָפּגעברענט איין הויז. צוויי הייזער מיט אמאל האָבן נאך נישט זייט דעמאָלט געברענט אין אונזער שטאָט...

## מקורות און ביבליאגראפיע:


ארכיוון פון דער שטאָט בענדין. / פנקס פון דער „חברה קדישא״. פנקס פון דער „חברה חיטים״. / פנקס פון דער „חברה תהלים״. פנקס פון דער חברה „הכנסת כלה״. / דערציילונגען פון בענדינער זקנים. / געשפּרעכן מיט בענדינער פּאָליטישע און געזעלשאפטלעכע טוער. / „אוצר ישראל״, נויארק, תרע״ב. / „יעווריעיסקאַיאַ ענציק־לאָפּעדיא״, פּעטערבורג. / „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ״, בערלין 1929. / משה פיינקינד, „די געשיכטע פון דער בענדינער קהלה אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן י״ה, א סעריע אַרטיקלען געדרוקט אין דער „זאַגלעמביער צייטונג״, 1934 נומען 1—4. / ד״ר ר. מאַהלער און ד״ר ע. רינגעלבלום, „געקליבענע מקורות פון די יידן אין פּוילן און מזרח אייראָפּע, ווארשע 1930. / ד״ר י. שיפּער, „די ווירטשאפטס־געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בעתן מיטלאַלטער״, ווארשע 1926. / „היסטאָרישע שריפטן״ I באנד, ווארשע 1929. / גרשם באדער, „דרייסיק דורות יידן אין פוילן, ניו־יארק 1927. / נ. א. בוכבינדער, „די געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער באוועגונג אין רוסלאנד״, ווילנע 1931. / יצחק ניסנבוים „עלי חלדי״, וורשה, תרפ״ט. / M. Kantor-Mirski, „ Z Przeszlosci Zaglebia Dabrowskiego i Okolicy", Sosnowiec, 1931 / „Zydzi w Polsce Odrodzonej", Warszawa 1932. / Stanislaw Kutrzeba, „Historja Ustroju Polski w Zarysie", tom III, Lwów 1917.

פּראָפ׳ ד״ר מאיר באלאבאן

# א בענדינער ייד אלס אָפיציר אין די פּוילישע לעגיאָנען בעת נאַפּאָלעאָנ׳ס הערשאַפט

וויפל מאָל ס׳קומט אויס צו רעדן וועגן קאָשטשיושקאָס אויפשטאַנד, וועגן די לעגיאָנען און נאַפּאָלעאָנס קאַמפּאַניע, דערמאָנט מען נאָר שטענדיק בערעק יאָסעלעוויטשן, גלייך ווי אנדערע יידן וואלטן איבערהויפּט נישט קיין אנטייל גענומען אין די דערמאַנטע קאַמפּאַניעס. די נייע פאָרשונגען אבער ברענגען ארויס אויף דער אויבערפלאך אויך אנדערע נעמען פון סאָלדאַטן און אָפיצירן, און ס׳איז צו האָפן, אז ביים היינטיקן טאָג — ווען די ארכיוון זענען אָפן פאר שטודירנ־דיקע און די צאָל געשיכטע־פאָרשער איז באדייטנדיק געוואקסן — וועט זיך די ליסטע פארגרעסערן, אדער ריכטיקער געזאגט — ערשט פעסטגעשטעלט ווערן.

צו איינעם פון די העלדישסטע יידישע אָפיצירן אין די פּוילישע לעגיאָנען האט געהערט יאקוב שפּאָט, א זון פון אן אָרימען בעל־מלאכה אין בענדין. דער דערמאנטער אָפיציר האט מיטגעמאכט די שפּאנישע קאָמפּאַניע, ווו ר׳האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אן אויסער־געוויינלעכער העלדישקייט און אויסדויער, צוליב וואס ר׳איז דורך נאַפּאָלעאָנען דעקאָרירט געווארן מיטן אָרדן פון ערן לעגיאָן. ער האט אויך אנטייל גענומען אין דער קאמפאניע אויף מאסקווע און איז אומגעקומען אין יאר 1812.

וועגן זיין מוטיקייט דערציילט היסטאָריקער בעראָווסקי, א בירגער פון לובלינער געגנט, אין „יוטשענקא" פון יאר 1861 [1] פאָלגנדיקעס:

„אין יאר 1808 האט אין שפּאניע מיט מיר צוזאמען געדינט דער פּאָדפּאָרוטשניק יאקוב שפּאָט. דאָס איז געווען איינער פון די העלדישסטע פּולק און מיליטער־אָפיצירן, און גלייכצייטיק איינער פון די ערלעכסטע מענטשן. ר׳איז דער ערשטער געגאנגען אין פייער, און אין די היציקסטע שלאַכטן האט ער קאָמאנדירט אזוי רויק ווי אויף א פּאַראַד־פּלאַץ. ער האט נישט געהאט קיין פארמעגן, און דאָך האט ער א פערטל פון זיין געהאלט צעטיילט צווישן סאָל־דאטן, וועלכע האבן זיך אויסגעצייכנט מיט העלדישקייט און גוטער אויפפירונג. פון די פיל ביישפּילן מכח זן בראַווקייט, וועל איך ציטירן איינעם: אין יאנואר פון 1808 איז ער ארויסגעשיקט געווארן דורכן גענארל כלאָ...[2] כדי צו באזעצן דאָס קלייטע שטעטל קוּענקאָ, א וויכטיקן מיליטערישן פונקט, וועלכער האט געדארפט דעקן אונזער מארש אויף סאַראַגאָסע — מיט א באפעל — אים צו פארטיידיקן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט. שפּאט האט פארנומען די אנגעוויזענע שטעלונג אין דער שפּיץ פון 200 מענטשן, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען 60 פראנצויזן, צוזאמענגעקליבענע פון פארשידענע פּולקן. אין קורצן האָבן אים ארומגערינגלט 3000 שפּאניער, מיט וועלכע ס׳האָבן זיך אויך פארבונדן די ארטיקע איינוווינער, אזוי אז שפּאט האט געהאט צו קעמפן מיט א טאָפּלטן שונא— אן אויסער־לעכן און אן אינערלעכן. פונדעסטוועגן האט ער זיך נישט געוואַקלט, ר׳האָט פארנומען איניקע געמויערטע הייזער און אויסברעכנדיק די מויערן האט ער זיי פארייניקט.. ר׳האט צונויפגעזאמלט לעבנסמיטלען וויפל ס׳איז געווען מעגלעך און געווארט אויף אן אָנפאל. די שפּאַ־ניער, וויסנדיק וואָסערע קליינע צאָל מיר זענען, האָבן אונז אָנגעגריפן מיט פארביסנקייט. נאך א דריי שעהדיקן, העלדישן קאמף האבן זיך די שפּאניער צוריקגעצויגן אין מארק אריין, איבערלאזנדיק 300 טויטע און אזויפיל פארוואונדעטע. אבער אויך שפּאָטס אָפּטיילונג האט באדייטנדיק געליטן, א העלפט איז אומגעקומען אדער שווער פאר־וואונדעט געוואָרן, און ער אליין האט באקומען א שאָס אין פוס און אויך א שניט אין קאפּ מיט א שווערד. טראָצדעם האט ער זיך ווייטער פארנומען מיט דער פארטיידיקונג. ווען מ׳האָט אים צוויסן געטון, אז אין מיטלסטן הויז ווילן די פראנצויזן מער נישט קעמפן, איז ער דארט אהינגעגאנגען און האט געטראָפן פון די 60 מענטשן, 20 טויטע און אזויפיל פארוואונדעטע, די רעשט איז געווען מיד און אָפּגעשוואכט. אומזיסט האט ער צו זיי גערעדט: „לאָמיר אומקומען, נאר לאמיר דערפילן דעם באפעל פון גענעראל". און ווייזנדיק אים די שפּאַניער, וואס האָבן זיך צוגעגרייט צו א נייעם אנפאל, און וועלכע האבן געזאָמלט מאטעריאלן צו פארברענען דאָס הויז מיט די באלאגערטע, האבן זיי צוגערופן די שפּאַניער און זיך אונטערגעגעבן.

בלויז דרייסיק סאָלדאטן זענען איבערגעבליבן שפּאָטן. מיט זיי האט ער זיך באזעצט אין דריי הייזער און זיך צוגעגרייט צו א נייעם קאמף. דער דאָזיקער קאמף איז געווען א שרעקלעכער און האָט געדויערט צוויי שעה. אָפּטרעטנדיק פון צוויי הייזער, האָבן זיך די איבערגעבליבענע 15 מוטיקע סאָלדאטן באפעסטיקט אין דריטן הויז, און אויפגעמונטערט דורכן קאָמענדאנט, האבן זיי געשטעלט אַן איבערנאטירלעכן ווידערשטאנד. שפּאָט האט באקומען צוויי פרישע וואונדן, און טראָצדעם, וואס די זעלנער האבן אים גערעטן, אז ער זאָל זיך אביסל אָפּרוען, האָט ער זיי איבערגעחזרט: „כ׳האָב צוגעזאָגט דעם גענעראל צו קעמפן ביז צום טויט". קעגן אָוונט איז די צעיושעטע שפּאַניער געלונגען אונטערצוציגדן דאָס הויז, און כאָטש דער דאך האט געקנאקט און איז איינגעפאלן אויף די קעפּ פון די קעמפנדיקע, כאָטש דאָס פייער האט חרוב געמאכט די אויבערשטע שטאָקן, האט מען זיך נאך אין די אונטערשטע שטאָקן פארטיידיקט, אן דער מינ־דעסטער האָפענונג זיך צו ראטעווען.

אויף א וואונדערבארן אופן איז דערשינען דער העלדישער !!! אולאַנער־פּולק, וועלכער האט בעתן מארש דערהערט די שיסערייען פון דער שלאכט, און איילנדיק מיט הילף, האט ער געראטעוועט שפּאטן מיט זיין אפּטיילונג. אבער דאָס איז געווען א גאר קליין הייפל, בלויז 9 לעבעדיקע, שווער פארוואונדעטע, שוין ארייגרעכנדיק דעם אָנפירער.

באלוינענדיק די העלדישקייט פון די קעמפער, האט נאַפּאָלעאָן אלע דעקאָרירט מיטן ארדן פון ערן לעגיאָן.

כ׳מוז נאך צוגעבן, אז שפּאָט איז געווען פון משהס גלויבן, א זון פון אַן ארימען בעל־מלאכה אין שטעטל בענדין, און ר׳איז אומגע־קומען אין דער קאמפאניע פון יאָר 1812".

1. Jutrzenka 1861
2. כלאָפּיצקי.

# ד״ר עמנואל רינגעלבלום / יידן בארגבוי־ארבעטער אין זאגלעמביע

איינע פון די אַנאַמאַליעס פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן, דאָס איז די אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער ארבעטערשאַפט. אומזיסט וועט מען זוכן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער יידן אלס ארבעטער אין דער גרויס־אינדוסטריע, אין בארגבוי א״א. די דאָזיקע דערשיינונג, וואס יידישע ארבעטער זענען קאָנצענטרירט אין געוויסע צווייגן דער רוב פון דער קליינאינדוסטריע, האט שוין פעסטגעשטעלט באָראָכאָוו. מיט וואס דערקלערט זיך די דאָזיקע דערשיינונג? מיר וועלן נישט איצט באַטראַכטן די פראַגע, ווייל דאָס איז א טעמע פאר זיך, וועלכע איז שוין איבעריקנס באלויכטן געוואָרן דורך א ריי עקאָנאָמיסטן.

איינע פון די סיבות, די גאַנץ פשוטע רעכטלעכע באַגרענצונגען, וויל איך דאָ אילוסטרירן מיט א ביישפיל פון זאגלעמביע.



דאס פאדוואלע געסל
סימטת פודואלה

אין יאָר 1824 איז די פּאַרוואַלטונג איבערן בארגבוי, וואס האט זיך געפונען אין דעם געוועזענעם קאָנגרעס־פּוילן, אריבער אין די הענט פון דעם בארימטן פינאַנס־מיניסטער, פירשט לובעצקי. דער דאָזיקער מיניסטער, ווילנדיק זיך באַקאַנען מיטן מצב פונם פּוילישן בארגבוי, מיט זיינע באַדערפענישן און נויטן, האט זיך גלייך געלאָזט אין וועג. אומעטום ווו ער איז געקומען האט ער אָפּגעהאַלטן א באַראַטונג מיט די אינזשעניערן און די פאַרוואַלטער. צווישן די פאַרשידענע פראַגן, אויף וועלכע ער האט זיך אנגעשטויסן, איז אויך געווען די פראַגע פון יידישע ארבעטער אין פּוילישן בארגבוי. עס איז א באַקאַנטע זאַך, אז די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האבן חרוב געמאַכט דאס וואַרשאַווער פירשטנטום, וואס דער גרעסטער טייל פון אים איז דאן אריבער צו רוסלאַנד אלס קאָנגרעס־פּוילן. די יידישע מאַסן זענען שטאַרק רואינירט געוואָרן צוליב די מלחמות, שטייערן און קאָנטריבוציעס פון די קעמפנדיקע חיילות. די אָרימע פאַרהונגערטע מאַסן האבן געזוכט אן אויסוועג אויף פאַרשידענע אופנים. מען האט זיך געריסן צו לאַנדווירטשאַפט, הגם עס האבן געפעלט טראַדיציעס אויף דעם געביט, אנדערע האבן זיך געריסן צו דער ארבעט אין דער דעמאָלט זיך אַנטוויקלנדיקער בארגבוי־אינדוסטריע.

אין דער דאָזיקער אינדוסטריע האט דעמאָלט געפעלט ארבעטער־כוחות. מען האט געמוזט אַראָפּברענגען פון אויסלאַנד קוואַליפיצירטע פאַכלייט און גלייכצייטיק אויפן אָרט אויסבילדן ארבעטס־קרעפטן.

ווי געזאָגט, האבן זיך אָרימע יידן פון זאגלעמביע, דער עיקר פון בענדין, געריסן צו דער ארבעט אין בארגבוי, און אומעטום ווו דער מיניסטער פירשט לובעצקי איז געקומען האט מען אים געפרעגט ווי אזוי מען דאַרף האַנדלען אין דער פראַגע.

אָט וואס מיר לייענען אין דעם בוך פון דער באַקאַנטער פאָרשערין פּראָפ. נאַטאַליאַ גאָנשיאָראָווסקאַ אין איר בוך וועגן „בארגבוי און הוטעס אין קאָנגרעס־פּוילן אין די יאָרן 1815—30״.

„וואס שייך דער פראַגע פון יידישע ארבעטער האט מען (דעם מיניסטער) אויפמערקזאַם געמאַכט, אז א באַדייטנדיקע צאָל אָרימע יידן זוכן באַשעפטיקונג אין בארגבוי. צוליבן מאַנגל אין ארבעטס־הענט האט מען באַשלאָסן זיי צוצולאָזן צו די בארגבוי ארבעטן מיט דעם באַדינג, אז זיי דאַרפן באַנוצט ווערן אלס טאָג ארבעטער — אבער נישט אלס סטאַבילע ארבעטער מיט א וואָכן שכירות — אלס בארגבוי־ארבעטער אדער אלס הוטניקעס״.

אויך אויף אנדערע ערטער אינם בוך לייענען מיר וועגן באַמיונגען פון בענדינער יידן אריינצודרינגען אין בארגבוי. אָט למשל דערוויסן מיר זיך, אז די בענדינער אָרימע לייט זוכן ארבעט אין דעם קוילנגרובן קסאַווערי, וועלכער איז דעמאָלט אויפגעבויט געוואָרן.

ביי אן אנדערן צוזאַמענטרעף מיטן פירשט לובעצקי, האָט ער אָנגעוויזן, אז „מען וואָלט געקאָנט די אָרימע יידן באַנוצן צום באַדינען די קוילנגרובנס אין דערמיט וואָלט מען א סך ארבעטער געווינען צו די אייגנטלעכע ארבעטן אין די בארגבוי־גרובנס און הוטעס״. דער באַשלוס אין דער פראַגע האט געלויטעט ווי פריער, אז יידן קאָנען אָנגענומען ווערן בלויז אלס טאָג־ארבעטער.

ווי אזוי עס האט זיך דער ענין ווייטער אנטוויקלט איז נישט באַוווּסט. צי זענען טאַקע יידישע ארבעטער געווען באַשעפטיקט אלס גרובן־ארבעטער אין זאגלעמביע אדער די אלע באַשלוסן זענען געבליבן אויפן פּאַפּיר איז מיר נישט באַקאַנט. זקנים פון בענדין וואָלטן עפּעס געקאָנט זאָגן אין דער פראַגע. אויך זענען נויטיק ווייטערדיקע פאָרשונגען איבער דער זייער אינטערסאַנטער פראַגע.

דער ביישפיל בענדין, ווו מען האט די יידישע אָרימקייט אוועקגעשטעלט אין ערגערע באַדינגונגען ווי די קריסטן, פאר וועלכע מען האט געבויט ספּעציעלע דירות און באַמיט זיך מיט אנדערע מיטלען, ווי שכירות א״א, צו שאַפן פאר זיי גוטע ארבעטס־באַדינגונגען, איז א בולטע אילוסטראַציע דערצו, וואָס פאַרא חורבנות עס האט אָנגעטון אין יידישן לעבן דער עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם. די פאַרקריפּלונג פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג איז א פועל־יוצא, צווישן אנדערן, אויך פון דעם עקאָנאָמישן אנטיסעמיטיזם, וואס האט אין יענע צייטן געבושעוועט און בושעוועט אויך היינט.

באַמערקונג פון דער רעדאַקציע.

**לויט ווי מיר האָבן דעם ענין ווייטער אויסגעפאָרשט, טרעפט מען אין יענע צייטן זעלטן יידישע בארגבוי־ארבעטער. ס׳ווייזט אויס, אז טראָץ דער באַמיונג פון בענדינער אָרימע יידן צו באַקומען ארבעט אין די זאגלעמביער קוילנגרובן, און טראָץ דער רעקאָמענדאַציע פון**

מיניסטער לובעצקי זיי צוצולאָזן אלס טאַג־ארבעטער — האָבן די לאָקאלע מאָסגעבנדיקע ספערן אלץ געטון, כדי צונישט צו מאכן דעם דראנג פון זאגלעמביער יידן אין דער באַרגבוי־אינדוסטריע. די סיבה דערפון איז — ווי ס׳ווייזט ריכטיק אָן ד״ר רינגעלבלום — דער עקאָנאָמישער אנטיסעמיטיזם.

מיט אן ערך 60 יאָר צוריק טרעפט מען אבער אין בענדין פיק־טיווע יידישע קוילנגרעבער. דאָס זענען געווען יידישע יינגעלייט, מייסטנס בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן זיך געברויכט צו שטעלן צום פריזיוו. אזוי ווי ס׳האָט דעמאלט עקזיסטירט א געזעץ, לויט וועלכן קוילנגרעבער זענען פטור געווען פון מיליטער דינסט, האבן זיך יידישע יינגעלייט פארשריבן אלס קוילנגרעבער אין די זאגלעמביער גרובן, ווו זיי האבן 3 מאל וואכנטלעך געארבעט. דאָסמאל האבן די גרובן־אייגנטימער שוין יא באוויליקט צוצולאָזן יידישע ארבעטער, ווייל זיי האָבן געארבעט אומזיסט, אבי נישט צו דינען.

ווען מ׳נעמט אין באטראכט, אז אין יענע צייטן האָבן יידישע יינגעלייט פון 21 יאָר שוין לאנג געהאט חתונה געהאט און מאנכעס־מאָל אפילו שוין געווען טאטעס פון עטלעכע קינדער, און אחוץ דעם, דער פאקט, וואָס די צארישע רעגירונג האט מוראדיק גערודפט יידן, פאר זיי באשטימט אויסנאם־געזעצן און ארגאנזשירט פאָגראָמען — איז נישט קיין ווונדער, וואס יידן האבן אויסגעמיטן צו דינען זייער „באשיצער", דעם „צאר באטיושקאַ".

אייניקע הונדערט יידישע קוילנגרעבער טרעפט מען אין יאָר 1912 אין די אויבערשלעזישע קוילנגרובנס. גענויערע פרטים וועגן דעם ווערן מיר געוווּיר פון א קאָרעספאָנדענץ צווישן דעם קאַטאָ־וויצער ציוניסטישן עסקן אַרנאָלד ווינער און דעם בענדינער — דעמאָלט נאָך יינגן ציוניסטישן טוער א. ק. ליווער.

אין א בריוו (געשריבן אין דער דייטשער שפראך), דאטירט דעם 19־טן סעפטעמבער 1912, שרייבט ווינער צו ליווערן פאָלגנדיקעס:

„אויף אייער שרייבן פון 17־טן ד. ח. בין איך אייך מודיע, אז כ׳וויל אייך ענטפערן אויף אייערע פראגן אין שייכות מיט דער באשעפטיקונג פון יידישע באַרגבוי־ארבעטער".

„כדי צו שאפן ארבעט פאר יידישע ארבעטער פון מזרח, וועלכע זענען אָן באשעפטיקונג, האט זיך ביי דער קאַטאָוויצער סינאַגאָגע־געמיינדע געשאפן א קאָמיטעט, וועלכער האט זיך געשטעלט אין קאָנטאקט, סיי מיט די קוילנגרובן־אייגנטימער און סיי מיט די יידישע קהלות אין רוסיש־פוילן און גאליציע, כדי אויף אזא אופן צו שאפן באשעפטיקונג פאר א פאָר הונדערט נויטבאדערפטיקע".

„דער מינדעסטער טאָג־לוין האט באטראָפן 2,80 מארק. דער דאָזיקער לוין איז געווען באשטימט פאר יענע, וועלכע מען האט ערשט געמוזט אויסלערנען ארבעטן. נאך 14 טעג איז דער ארבעטלוין דורכשניטלעך געשטיגן ביז 3.50 מארק און נאך 4 וואָכן האבן א סך ארבעטער אפילו דערגרייכט א לוין פון 5 מארק טעגלעך".

„במשך פון דער גאנצער צייט זענען געווען באשעפטיקט אַן ערך פון 300 ארבעטער".

„צום סוף בין איך אייך נאָך מודיע, אז די גאנצע אונטערנעמונג איז אין א געפאַר ליקווידירט צו ווערן, ווייל די פרייסישע רעגירונג וויל נישט צולאָזן, אז אויסלענדישע יידן זאָלן זיין סטאַביל באשעפ־טיקט אויפן שטח פון דער פרייסישער מלוכה".

„עס זענען אונטערגענומען געוואָרן שריט ביים אינערן מיניס־טעריום אין בערלין, כדי צו באקומען א דערלויבעניש אויף א ווייטער־דיקער באשעפטיקונג פאר די יידישע ארבעטער. ס׳איז אבער א גרוי־סער ספק, אויב די באמיונגען וועלן געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. די אין די קוילנגרובן באשעפטיקטע יידישע ארבעטער זענען שוין אין אנפאנג פון דער וואך געצוווּנגען געוואָרן דורך דער פאָליציי צוריקצוקערן צו זייערע היימען".

מ׳דארף נאך צוגעבן, אז צווישן די 300 ארבעטער האבן זיך געפונען אן ערך 50 פון בענדין און דער אומגעגנט.

ווי מען זעט איז אויך אין די אויבערשלעזישע גרובנס געווען די סיבה דער עקאנאמישער אנטיסעמיטיזם. אָנער דאָסמאָל נישט מצד



א פראגמענט פונם ריבנע געסל (דאס יאטקע געסל)
מראה בקרן סימטת ריבנא (סימטת האיטליזים)

די גרובן־אייגנטימער, נאר מצד די פרייסישע רעגירונגס־ספערן. מ׳האָט די יידן נישט גערודפט אלס אויסלענדער נאר אלס יידן, ווייל א פאקט איז, דאָס הונדערטער קריסטלעכע ארבעטער פון פוילן און גאליציע האָבן אן שום שטערונג סטאַביל געארבעט אין די אויבער־שלעזישע קוילנגרובנס.

אן אויסנאם האָבן די דייטשן געמאכט בעת דער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָט זיי אויסגעפעלט ארבעטס־הענט צוליב דעם, וואס כמעט אלע יינגע מענער זענען געווען אויף די שלאַכט פעלדער. אזוי טרעפט מען אין יענע צייטן אייניקע הונדערט יידישע ארבעטער פון זאג־לעמביע וועלכע זענען באשעפטיקט אין דער אויבערשלעזישער, און טיילווייז אויך אין דער זאגלעמביער בארגבוי־אינדוסטריע.

ביים היינטיקן טאָג זענען אין דער דאָזיקער אינדוסטריע כמעט נישט בנמצא קיין יידן.

**מ. קאַנטאָר־מירסקי**

# פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט אויפן שטח פון זאַגלעמביע און אומגעגנט

(XIV—XVI י״ה)

אויפן שטח פון זאַגלעמביע און דער אומגעגנט באַווייזן זיך יידן, דאָ און דאָרט, אלס רייזנדע סוחרים, שוין אין 10־טן י״ה. צום סוף פון 11־טן י״ה, נאָך די רדיפות אין טשעכיע, פליסט צו די ערשטע כוואַליע פליטים קיין זאַגלעמביע, וואָס ווערט פאַר זיי א מין מקום־מקלט, און ווי הינטער א פעסטונג געפינען זיי א באַהעלטעניש און אפילו שוץ.

אן אנדערע גרופּע יידן קומט אויפן שטח פון זאַגלעמביע נאָכן יאָר 1226, ד. ה. נאָך די צווייטע פאַרפאָלגונגען אין טשעכיע. איינצעלנע פאַמיליעס באַזעצן זיך אין בענדין, טשעלאַדזש, שעווער, קאָזשעגלווו זשאַריק און פּילץ. אויפן סמך פון קאַזשימיעזש דעם גרויסנס א פּריווילעגיע, אין יאָר 1368, באַזעצן זיך אַ פּאָר משפחות אין בענדין און איינע אין שיעלצע [1].

אין אנהויב פון 15־טן י״ה, ווען אין דייטשלאַנד האָט מען אויפסניי אָנגעהויבן ארויסצוטרייבן יידן מיט דער הילף פון פּאָגראָמען, ווען אין קעלן, מיינץ, אויגסבורג, ערפורט, ווירצורג און מאַגדעבורג איז מען זיך אומברחמנותדיק באַגאַנגען מיט יידן, באַזייטנדיק זיי פון דאָרט, און שפּעטער, ווען אין דייטשלאַנדס דרכים זענען נאָכגעגאַנגען אונגאַרן, די אַלפּישע מדינות, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל — האָבן זיך אין זאַגלעמביע געפונען גרעסערע גרופּעס יידן, דער עיקר אין בענדין, ווו זיי זענען אנגעקומען פון טשעלאַדזש, שעווער און קאָזשעגלווו, ווערנדיק פון דאָרט באַזייטיקט לויט א באַפעל פון די קראָקעווער ביסקופּן. אין דערזעלביקער צייט באַזעצן זיך יידן אין וואָלבראָם און אביסל שפּעטער אויך אין אָלקוש, ווו זיי זענען בקרוב דערגאַנגען צו באַדייטנדיקע איינפלוסן, ווייל אפילו אין זאַלץ־אַמט האָבן זיי געהאַט אן אייגענעם פאַרטרעטער, אין דער פּערזאָן פונם אונטער זאַלץ־באַאַמטן הערמאַן זעליק (אין יאָר 1437).

שוין ביים סוף פון 15־טן י״ה, זענען די בענדינער יידן געווען זייער שטאַרק אָרגאַניזירט און האָבן געהאַלטן די מאַכט איבער זייערע מיטגלויביקע, וואָס האָבן געוווינט אין דער סביבה פון זאַגלעמביע, ווי אויך אין מיסלאָוויץ, בויטן, כאָזשוו און טיכוי. בענדין איז געווען דער צענטער פון יידנטום. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט זייער געזעלשאַפטלעך, פּאָליטיש און רעליגיעז לעבן, ווי אויך דאָס געריכט. צו דער בענדינער קהלה האָבן אנגעהערט די אונטער־קהלות אין מיסלאָוויץ, בויטן, כאָזשוו, אָלקוש, וואָלבראָם און פּילץ.

אויפן סמך פון סטעפאַן באַטאָריס א פּריווילעגיע, אין 16־טן י״ה, איז די יידן דערלויבט געוואָרן איבעראַל צו וווינען, עס זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן די גרענעץ־פּאָסטנס אין די שטעט, און יידישע סוחרים זענען אויסגעגלייכט געוואָרן — אין רעכטלעכער הינזיכט — מיט די קריסטלעכע. אין אָלקוש האָט מען יידן דערלויבט צו ווערן גרובן־אייגנטימער און אויך זיך צו פאַרנעמען מיט מעטאַל־האַנדל. אַרום דעם יאָר 1596 האָט דער אַמט פונם קעניגלעכן מס־איינמאַנער ביי דער אָלקושער גרובנס פאַרנומען דער ייד משה עזרה.

אויב ס׳האַנדלט זיך וועגן בענדין, האָבן די היגע יידן גענאָסן פון באַטאָריס פּריווילעגיעס, ווייל אין די „בענדינער אייביקע ביכער״, די אַזוי גערופענע לאַנדוואָיטישע, טרעפט מען זיך, אין יאָר 1584, צום ערשטן מאָל מיט דעם נאָמען „יאָסעק דער אומגלויביקער ייד״ [2], וועלכער באַזיצט א הויז נעבן „רויזן מאַרק״. אין פאָלגנדיקן יאָר, פיגורירט אין די דערמאָנטע ביכער א צווייטער הויז באַזיצער נעבן מאַרק, דאָס איז „דער אומגלויביקער ייד יאַקוב״. אין יאָר 1587 האָט אן אנדערער ייד, יעקב ברוך, געקויפט א הויז אין דער שטאָט ביי מאַרטשין ראַטשיבאַרסקי, ווידער די יידישקע רויזע אַבראַמאָוואַ האָט געקויפט ביי מאַרטשין שאַניאַווסקי אַ הויז מיט א ברויעריי און א סטאָדאָלע פאַר 700 פּוילישע גילדן. צום סוף פון יאָר 1593 טרעפט מען ווידער אין די „אייביקע ביכער״ דעם נאָמען „מאַרעק, דער אומגלויביקער ייד״, וועלכער האָט געקויפט א הויז הינטערן שלאָס, ביי וואַווזשינעץ וואַרמוז. פון דעם מאָמענט אָן, באַווייזן זיך יידן אין דער שטאָט אויף פאַרשידענע גאַסן, און אויך אין מאַרק אַלס הויז אייגנטימער, ווי צב״ש די יידן יצחק זלמן, רויזע לעווקאָוואַ, איצעק מאַרקאָוויטש, אברהם מייעראָוויטש, יעקב און יוסף אַבראַמאָוויטש, ווי אויך פיל אנדערע.

אין אָלקוש איז צו א גרויסן איינפלוס אין דער באַרגבוי־אינדוסטריע דערגאַנגען דער ייד מאַרעק פאַקטאָר מיט זיינע זין עליאַש און יאַקוב, און די זאַלץ־אַמט־ביכער דערמאָנען דעם נאָמען נתן



א פראַגמענט פון דער פישער געגנט אויף דער זאַוואַלע גאַס (די קאַסטענעס) מראה של איזור הדייגים ברחוב זאוואלה

געבלער, א גרובן אייגנטימער און באַזיצער פון א בליי־הוטע, וואָס האָט זיך גערופן „שמידאָווסקאַ״.

אויב ס׳האַנדלט זיך וועגן פּריווילעגיעס, וואָס זאַגלעמביער יידן האָבן באַקומען, אדאַנק דער השתדלות פון בענדינער יידישע ראשים, איז די עלטסטע פּריווילעגיע געווען פון קאַזשימיעזש דעם יאַגיעלאָנער, אין יאָר 1453. די דערמאָנטע פּריווילעגיע זאָגט, אז די יידן אונטערליגן דער קעניגלעכער מאַכט, און דעם קעניגס פאַרטרעטער איז דער וואָיעוואָדע אדער דער סטאַראָסטע. די יידן אונטערליגן נישט קיין שטאָטישן געריכט, נאָר זייער אייגענעם בית־דין, מיט אַפּעלאַציע־רעכט צו די סטאַראָסטע אדער וואָיעוואָדזקע־געריכטן. אן אנדערע פּריווילעגיע פון אלעקסאַנדער דעם יאַגיעלאָנער, אין יאָר 1505, גלייכט אויס די יידן אין הינזיכט פון שטייערן, צאָל, אָפּצאָלן, מאָסטאָווע, מיט די קריסטלעכע סוחרים. אין יאָר 1532 גיט דער קעניג זיגמונט I ארויס א מאַניפעסט, וועלכער זאָגט, אז די יידן, טראָגנדיק אויף זיך אלע לאַסטן און שטייערן לטובת דער רעפּובליק, זענען מחויב צו געניסן פון אלע רעכט, וואָס דינען אנדערע מלוכה־אונטערטאַנען. אין זעלבן מאַניפעסט דערלויבט דער קעניג יידן זיך צו פאַרנעמען מיט האנדל און פירן געשעפטן.

1. 3 קילאָמעטער פון בענדין.
2. אין די אלטע אַמטלעכע אַקטן זענען ביי א יידישן נאָמען שטענדיק צוגעגעבן געוואָרן די ווערטער „אומגלויביקער ייד״.

# משה מאנעלע און ש. ראטענבערג / די פנקסים פון די בענדינער חברות

די אלטע יידישע פנקסים פון פארשידענע חברות אנטהאלטן אין זיך — אויסער ידיעות, וואס האבן א דירעקטן שייכות צו דער באטרעפנדיקער חברה און אירע מיטגלידער — אויך באדייטנדיקע געשיכטלעכע מאטעריאלן, וועלכע זענען פון גרויסער וויכטיקייט פאר די געשיכטע פון די יידן אין דער שטאט און אפילו פאר דער געשיכטע פון די יידן אין לאנד.

די פנקסים געבן אפט א בילד פונם קולטורעלן, עקאנאמישן און טיילמאל אויך פון פאליטישן מצב פון די יידישע קהלות פאר דער צייט, אויף וועלכער די רשימות און איינשרייבונגען אין די פנקסים באציען זיך.

פאר אונז ליגן די פנקסים פון די בענדינער יידישע חברות און פון די דאזיקע פנקסים ווערן מיר געוווירע, אז זייט אלטע צייטן געפינט זיך אין אונזער שטאט א גאנצע ריי קולטורעלע, עקאנאמישע און פילאנטראפישע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען פארצייטנס אנגערופן געווארן „חברות". ליידער זענען אבער אין די פנקסים פון די חברות נישט שטענדיק פארצייכנט געווארן די וויכטיקסטע היסטארישע געשעענישן, וואס וואלטן געקאנט אינטערעסירן דעם געשיכטע־פארשער. דאקעגן געפינט מען גאנץ אפט פארצייכענונגען פון א קלענערער וויכטיקייט. ס'קאן זיין, אז גראד די ווייניק וויכטיקערע געשעענישן האבן ארויסגערופן א געוויסן אינטערעס ביי די חברות־מיטגלידער, וועלכע האבן זיי פארשריבן לזכרון אין פנקס פון דער חברה.

צו דער דאזיקער ארבעט האבן מיר זיך באנוצט מיט די פאלגנדיקע פנקסים: „פנקס מאנשי חסד של אמת דפה בענדין" (חברה קדישא), „חברה חייטים", „חברה הכנסת כלה", „חברה תהלים", „חברה נושאי המטה" און „חברה מלביש ערומים".

## I.

## „פנקס מאנשי חסד של אמת דפה בענדין"

(חברה קדישא)

דער דאזיקער פנקס איז דער וויכטיקסטער און עלטסטער מקור פאר אונזער ארבעט.

דאס איז א קליין דיק ספרל, געבונדן אין לעדער, נומערירט פון 1—178, אויף אלטע, מאטע בלעטער, וואס זענען טיילווייז פארגעלט און טיילווייז גרין־גרוי פון אלטקייט. די ווייטערדיקע בלעטער זענען שוין סאטינירטע, שווערן און גלאט־ווייסן פאפיר. די ערשטע בלעטער, וואס האבן די נומעראציע, שטעלן מיט זיך פאר א קנקן ישן מלא ישן נושן, דאקעגן די ווייטערדיקע נייע בלעטער זענען זייער ווייניק באשריבן און בילדן א חדש שאפילו חדש אין בו. דער פארמאט פון פנקס איז 14X18 צענטימעטער, די דיק — צוזאמען מיט די אין לעדער און ברוינע לייוונט איינגעבונדענע טאוולען — האלט 11 צ"מ, קיין שער־בלאט איז נישט פאראן. אויפן בלאט, וואס געפינט זיך פארן נומער 1 איז פארצייכנט, מיט א שפעטערדיקע האנטשריפט, פאלגנדיקעס: „פנקס דח"ק מ"ק בענדין מימים קדמונים", ד"ה „דער פנקס פון דער חברה קדישא פון דער קהלה בענדין זייט אלטע צייטן". אחוץ דעם, איז פאראן אויף דעם דאזיקן בלאט פאלגנדיקע נאטיץ: „בזה הפנקס נמצא כמה אנשים שנכתבו בפנקס הח"ק בשנת תמ"ז לפ"ק כמו שנמצא בדף 16 וגם 17 וגם בכמה דפים גם בדף ה' ע"ב נמצא חשבון משנת ת"מ לפ"ק". עס הייסט: „אין דעם פנקס געפינען זיך מענטשן, וואס זענען איינגעשריבן געווארן אין פנקס פון דער חברה קדישא אין יאר תמ"ז (1687), אזוי ווי ס'איז צו זען פון בלאט 16 און 17 און אויך אויף פיל אנדערע בלעטער, אויך אויפן בלאט 5, זייט 2 געפינט זיך א חשבון פון יאר ת"מ (1680)".

אויף דער זייט נומער 1 געפינען זיך פאלגנדיקע וויכטיקע געשיכטלעכע פארצייכענונגען, וועלכע זענען איינגעפאסט אין א שטארקער, העברעאישער מליצה־שפראך:

„בעז"ה.

„חקקתי על לוחות העדות בתוך הפנקס דחברה קדישא דגומלי חסדים טובים של ביקור חולים ועושים חסד עם החיים והמתים: גם להעלות נר תמיד בביהכ"נ הקדושה, אש תמיד תוקד בו ודומיא דכי הוא זה, אות באות כתבתי בפנקס הגבאים דק"ק למען תהי' לאות ולמשמרת, לדורי דורות ויהי' להם למזכרת: קבעתי ביתדות ומסמרות. האויב דבר וחרב ורעב ויגון אשר קרנו במדינתנו מדינת פולין מיום התחלת השערורי' ותרועת מלחמה בשנה זו תקצ"א. והסימן „קצתא" כי קצנו בחיינו מצר ומצוק אשר הציקנו. ודבקה לארץ בטנינו. חסדי ד' כי לא תמנו: ולא כלו רחמיו. וברוב רחמיו ורוב חסדיו הושיענו: וכל טוב גמלנו: ואשא קינה והספד על כל המתים אשר בעירנו נגוועו בעוונינו מבין המצרים עד כ"ב מנחם אב גוועו וגם מתו בתוך הדבר פה יותר ממאה נפשות והיום נגילה ונשמחה כי שוד גמר והמגפה נעצרה פנחס זה אליהו הנביא יבא אלינו ויגאלינו לפרט.

ובזה החילותי: אהה תבל התפלשי בעפר רדי ושבי על הארץ. בכי חלד וספדי כי נמוס כל לב ונמוגו כל הארץ. מכליון הדבר והמגה וחרץ: אשר ממש כמוהו לא נהייתה במדינותינו משמי שמי ערץ: ולא עלינו בלבד החרון אף יצא רק על הכלל כולה יצא ממש קהלות הקדושות גדולות ונפלאות עלה הפורץ: ולו ישחית והרבה להשיב אפו ויעיר כל חמתו. בכלל ובפרט שתינו קובעת כוס התרעילה מיד ד' וידינו תרפינה. היראה איש שוט מכות עליון נגדו ועמודי לבבו לא תמוטינה: הילך איש על גחלי אש עליון ורגליו לא תכווינה: היאכל איש מרורת ראש ולענה מסוכה עם חמת פתנים ולא נודע כי באו אל קרבנה: לכן אחי ורעי חקקו זאת על לבכם בעט ברזל ועופרת. ותהי זאת לכם למזכרת: למען האמת לא יהי' נעדרת .... הצרות רבות ורעות: ויגון ואנחות: משנה זו: קצתא לפ"ק קצנו בחיינו ..... כוס התרעילה ושתינו מי המאררים המרים .... ותרועת מלחמה מהתנגדות המדינה לבין הקייזר מרוסיא אויב דבר וחרב ורעב ויגון תכפו עלינו. תלאות רבות עברו על ראשינו. ויום ליום יביע אומר יום צרה ותוכחה: יום בכי ומספד גדול ואבל ליהודים. כי גדע בחרי אף את קרן ישראל ועברתו כי קשתה מחוץ שכלה חרב ובבית כמות רעב כי יהי': דבר כי יהי'. גם כל חלי וכל מכה ידכאו נפש גבר. שושנה ממעל ומתחת זכו נזיר. ומשלג צחו מחלב טרם עתו. עלה הכורת עליו. ארז אשר בלבנון עלי באר מים שתולה. והאדמה תתן יבולה: פתאום זעם ד' עבר עליו ושטף. ובעודו באבו יקטף. פתאום יצאו הגזירה ויבא המשחית בסופה ובסערה. וחרבו שלופה

מתער השכירה. בשצף קצף ובגערה. ויאמר כה דיבר המלך רדה מהרה. ובתוך ששה שעות ולא יותר ממעת לעת מפקידה לפקידה ... ולך לך אל ארץ הגזירה. אל ארץ צוקה וצרה. בכיחו וניעו מלמעלה ובשילשל יצאה מלמטה. נשא ..... עליו את עוונותיו אל ארץ הגזירה. ופור התפוררה. וכל רודפי׳ השיגו פה בין המצרים בצוקה וצרים. ומבלי אין קברים במיצרים בבית עלמין אשר נתיסד פה יותר ממאתים שנה חוץ הבית עלמן ישן בושן הוכרחנו לקבור את מתינו בבית עלמן חדש ובכסף מלא ימכרו לו העירונים דפה שלשה מאות זהו׳ במחיר כסף וחוץ לזה צינש לכל שנה עשרים זהו׳ ויהיו המתים במגפה אצל יהודים תוך שתי שבועות יותר ממאה נפשות ובתוכם יראים ושלימים צדיקים וצדקניות זכרים ונקבות נערים וילדים זקנים עם נערים בחורים וגם בתולות ילדים וילדות והיום גילה מגפה נעצרה לפרט. ומעתה תכלה שנה וקללותי׳ ותחל שנה וברכותי׳ ומובטחים אנחנו אי״ה בשנה הבא תקצ״ב לפ״ק לפרט דוי סר גם החרון. ואז אולם בשיר ירון ויהי׳ ג״כ הפרט אליהו הנביא יבא ומלך המשיח ... ויבולע המות לנצח ומחה ד׳ דמעה מעל כל פנים וחטאותינו יכופר. גילה מגפה נעצרה לפרט פ״ק בענדין.

נאום הק׳ נחום רוזאניס רב דפה חלוש מאוד ותש כוחי מחמת הצרות ד׳ יהפוך הכל לששון ולשמחות ונס ממנו יגון ואנחות.

אתה ד׳ תזכיר לנו החסד והאמת פ״ק יצ״ו כי המתים אשר מתו בשתי שבתות כפו הנכרים להוציאם בשבת ובשבת קודש פ׳ עקב תקצ״א באו הנכרים בחרבות ורמחים עלי השדה במקום אשר היו מוטלים על פני השדה פרוצה בלי חומה כי עדיין נתחדש מהתחלת המגפה והיו הקברים פתוחים מיום ו׳ עש״ק ושומרים היו משמרים חמשה מתים שתי נשים וילדה אחת ושני זכרים אשר לא היה אפשר לקברם קודם שבת קודש מחמת שנחשך ונתקדש היום שבת. וקשרו הנכרים חבלים ברגלי המתים וסחבו וגררו המתים ככלבים ערומים בלי תכרי־כים חרקו אותם זעג״ז וזכרים עם הבתולה הילדה יחדיו אומללו: והכו היהודים במכות הרצח ועם כל זה לא חללנו את השבת והנכרים היו מכסים אותם בעפר ואח״כ בחול פתחנו אותם בצנעה ונהגנו בהם כבוד כפי המבואר בספר חסידים ...... ובבאר היטב סוף סי׳ שמסג בי״ד ...... ובפרט בשעת המגפה משום פקוח נפש ושמרנו השתי שבתות ובודאי בזכות זה נזכה לגאולת המשיח ולחי׳ העוה״ב אמן סלה״.[1]

אין די אויבנדערמאָנטע נאָטיצן געפינט זיך א באשרייבונג פון געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין בענדין אין דער צייט פון די שלאַפקייטן אינם אויפשטאַנד־יאָר 1831 ווען ס'האָט זיך צעפלאַ־קערט דער באפרייאונגס קאַמף קעגן דעם צאַרישן אָקופּאַנט.

דער קורצער אינהאַלט פונם אויבן ציטירטן העברעישן טעקסט איז פאָלגנדיקער:

„איך קריץ איין אין דעם פנקס פון דער חברה קדישא פון גומלי חסדים און בקור חולים און וואָס טון חסד מיט די לעבעדיקע און טויטע און וואָס זייער אויפגאבע איז אויך צו זאָרגן דאָס עס זאָל שטענדיק ברענען דער נר תמיד אין דעו הייליקער שול און גלייך צו דעם דאָזיקן אינהאלט אות באות האב איך איינגעשריבן אין פנקס פון די גבאים פון אונזער הייליקער קהלה, כדי ס'זאָל בלייבן א צייכן און אן איבער־ליפערונג פאר אלע קומענדיקע דורות צום אנדענק. דאָס אומגליק האט אונז געטראָפן דורך דעם שונא אין שווערן קאמף און הונגער אין אונזער מדינה, פוילן זייט עס זענען אויסגעבראָכן די קאַמפן און אומרוען אין יאָר תקצ״א (1831). און דער סימן איז „קצתא״, ווייל ס'איז מיאוס געוואָרן אונזער לעבן פון דעם ענגעניש און אין גרויסע ליידן — ביז דער אויבערשטער האָט אונז געהאָלפן אין זיין גרויס דערבארעמ־קייט, וואס הערט קיינמאָל נישט אויף פון אונז. איך וויל דעריבער דאָ אָפּהאלטן דעם הספד איבער די מתים, וואָס זענען געפאלן אין אונזער שטאָט אלס קרבנות פון אונזערע זינד.

געווען איז דאָס צווישן די 3 וואָכן (ד. ה. זייט דעם 17־טן תמוז) ביז כ״ב מנחם אב. עס זענען געשטאָרבן און אומגע־קומען פון די שלאַפקייטן מער פון הונדערט נפשות. און היינט פרייען מיר זיך דאָס דער רויב האט זיך געענדיקט און די מגפה איז אויפגעהאַלטן געוואָרן. און מיט דעם וויל איך אָנ־הויבן: אָ! וועלט, דארפסט זיך וואלגערן אין שטויב, נידער אַראָפּ און זעץ זיך אויף דער ערד. די גאנצע מענטשהייט דארף וויינען און קלאָגן, ווייל יעדעס פילנדיקע הארץ מוז צעגיין און די גאנצע ערד מוז צעשטערט ווערן פון דער פארניכטונג פון דער שווערט און מגפה, וואס אזעלכעס איז ממש נאָך נישט געווען אין אונזער מדינה זייט אלטע צייטן. און נישט בלויז ביי אונז איז דער דאָזיקער צאָרן אויסגעגאנגען, נאָך אויך אויף דעם גאנצן כלל פון פיל גרויסע און הייליקע קהלות. דעריבער געדענקט ליבע ברידער די צרות פון יאָר תקצ״א ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון דער מדינה אנטקעגן דעם רוסישן צאַר. יעדער טאָג איז געווען ערגער פונם פריערדיקן. די יידן זענען געווען אין די גרעסטע צרה. פון דרויסן האט די שווערט אומגעבראכט און פון אינ־ווייניק האט דער הונגער פארפייניקט צום טויט. דעמאָלט זענען אויסגעבראָכן די שלאפקייטן. געווען איז דאָס אין א רויקער צייט, ווען פלוצלינג איז אויסגעגאָסן געוואָרן גאָטס צאָרן און עס זענען פאַרטריבן געוואָרן מחנות אין פארלויף פון 6 שעה לויט א באפעל... און זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן אין לאנד פון גזרות. און ווייל ס'האָבן אויסגעפעלט קברים צוליב די שלאפקייטן אויפן היגן בית עלמין וואס איז דאָ געגרינדעט געוואָרן שוין מיט העכער 200 יאר צוריק, אחוץ דעם גאָר אלטן בית עלמין, זענען מיר געצוווּנגען געווען צו באגראָבן די מתים אויפן נייעם בית־עולם, וואס מיר האבן געקויפט פארן פולן פרייז ביי די היגע מיעשטשאַנעם (שטאָט־איינוווינער). 300 גילדן האָבן מיר באַצאָלט אין זילבער־ווערט, אויסער דעם אויך מס פון 20 גילדן יערלעך. און עס זענען אומגעקומען פון די יידן אין דער מגפה במשך פון 2 וואָכן מער פון 100 נפשות. צווישן זיי האָבן זיך געפונען יראים און שלימים, צדיקים און צדקניות, מענער און פרויען, יינגע קינדער און אלטע לייט, בחורים און אויך מיידלעך. און היינט פרייען מיר זיך, ווייל די מגפה האט אויפגעהערט און זאָל שוין דאָס קומענדיקע יאָר תקצ״ב זיין גליקלעך און ס'זאָל אוועק־גיין דאָס אלטע יאָר מיט זיינע קללות און ס'זאָל זיך אָנהויבן דאָס נייע יאָר מיט ברכות.

דאָס זענען די ווערטער פון היגן רב ה״ק נחום רוזאניס, וועלכער איז זייער שוואך מחמת די צרות. דער אויבערשטער זאָל אלץ איבערדרייען צו פרייד און צום גוטן״.

1. די פּונקטירטע ערטער באצייכענען אומלעזבארע ווערטער פונם שטארק אפגריבענעם טעקסט.

ווייטער ווערט אין דער נאָטיץ דערציילט, אז —

„די נישט יידן האָבן געצווונגען די יידן ארויסצופירן די מתים, וואָס זענען געשטאָרבן אין די 2 שבתים. אין שבת פ׳ עקב תקצ״א זענען די נישט יידן געקומען מיט שווערדן און פיקעס אויפן פעלד, ווו מ׳האט פרייטאג נעבן די אָפענע קברים אוועקגעלייגט די מתים, ביי וועלכע עס זענען אוועקגעשטעלט געוואָרן שומרים. עס זענען דאן געבליבן 5 מתים, 2 פרויען, א מיידעלע און 2 מענער, וועלכע מ׳האט שוין נישט באוויזן קובר צו זיין פאר שבת, ווייל ס׳איז שוין געוואָרן פינסטער און דער שבת איז איינגעטרעטן. די נישט יידן האָבן דאן אָנגעבונדן שטריק אין די פיס פון די מתים און האבן זיי ארומגעשלעפט נאקעטע אָן תכריכים און ארומגעוואָרפן איינעם אויפן אנדערן, מענער מיט דעם מיידעלע צוזאמען. זיי האבן אויך די יידישע שומרים געשלאָגן מכות רצח. און דאָך האבן מיר נישט געוואָלט מחלל שבת זיין. די נישט יידן האָבן צוגעדעקט די מתים מיט ערד. נאָך שבת האבן מיר אין געהיים צוריק ארויסגענומען די מתים און געטון זייער רעכטס בכבוד, לויט ס׳איז אָנגעוויזן אין די יידישע ספרים. מיר האָבן די 2 שבתים אָפגעהיטן און בזכות זה וועלן מיר זוכה זיין דאָס משיח וועט קומען און צו האָבן עולם הבא, אמן״.

נאָך דעם גייט א ליסטע, וואָס רעכנט אויס 118 נפטרים ביי די נעמען, אדער די עלטערנס און קרובימס נעמען.

אויף די פאָלגנדיקע בלעטער פון פנקס געפינט מען איינשרייבונגען פון מיטגלידער אין דער חברה. אַזאַ מין איינשרייבונג אַנטהאַלט געווינלעך דעם נאָמען און פאָטערס נאָמען פונם נייעם חבר, דערביי ווערט אויך באצייכנט וויפל ער האט געגעבן איינשרייבגעלט אין באר און וויפל ער איז שולדיק געבליבן, אחוץ דעם, אויך וויפל ער איז זיך מתחייב צו צאָלן וועכנטלעך. ביי יעדער איינשרייבונג געפינט זיך א באמערקונג, אז דער באַטרעפנדיקער האָט אויף זיך גענומען די פליכט אויסצופירן אלע תקנות פון דער חברה און, אז ער איז אַ גלייכבאַרעכטיקטער חבר צו אלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות צום לעבן פון די חברה מיטגלידער.

צום סוף קומט געווינלעך די איינשרייב־דאַטע און די אונטערשריפט פונם איינשרייבער.

אויף דער צווייטער זייט פון בלאט נומער 18 געפינט מען איינגעשריבן א געוויסן מיטגליד יוסף בר׳ מאיר, מיט דער צושריפט: „מע״ק (מעות קדימה) חי״ג (ח״י גדולים), נתן ו״ג עי״כ תמ״א, נמצא נ״ח (נשאר חייב) י״ב ג״. נאָך דעם גייט א גאנצע ריי פון חשבונות, וואס ער האָט איינגעצאָלט אין די פאָלגנדיקע יאָרן: תמ״ב, תמ״ג אאז״וו און וואָס ער איז שולדיק געבליבן (נתן ......... ג׳ ......... ונ״ח ......... ג׳).

אויף זייט 26 געפינט זיך פאָלגנדיקע נאָטיץ, דאטירט פון תרי״א, פארצייכנט דורכ׳ן דעמאָלסטיקן רב הרב חיים דוד לאנגפוס ז״ל.

„לזכרון זאת רשום בספר בעט סופר שבגמול הטוב והחסד שעשו הני תרי חברי ה״ה היקר כ״ה צבי הירש נ״י פוטרמן וחברו ה״ה היקר כ״ה משה יוסף נ״י פירשט לבקר את החולים בעת יצא הזעם ר״ל בשנת תר״ט ושמו נפשם בכפם להציל נפשות עמנו ב״י בכל כוחם, וגם היקר ר׳ משה יוסף הנ״ל משמש את החברא כמה שנים באמונה, לכן הסכימו כל בני הח״ק לרשום זאת למזכרת, ובעת התאסף הח״ק אל המשתה כמנהגם יבואו האנשים האלה אתם בהקהל בלא מחיר כסף, ויאכלו את פירותיהם בעוה״ז והקרן קימת לעוה״ב״.

איבערזעצונג:

„דאָ זענען נאָטירט געווארן צום אנדענק פאר זייערע גוטע מעשים די 2 חברים ר׳ צבי הירש פוטערמאן און ר׳ משה יוסף פירשט, וועלכע האָבן אין יאָר תר״ט (1849) בעת ס׳זענען אויסגעבראָכן די שלאַפקייטן כסדר מבקר חולים געווען, איינשטעלנדיק זייער אייגן לעבן, כדי צו ראַטעווען די קראַנקע. אויך איז דער דערמאָנטער ר׳ משה יוסף זייט לאנגע יאָרן משמש די ח״ק באמונה. דעריבער איז באשלאָסן געוואָרן, ווען די ח״ק קומט זיך, לויט זייער מנהג, צוזאַמען צו דער משתה, זאָלן די אויבנדערמאָנטע חברים האָבן דאָס רעכט זיך צו באטייליקן אן יעדן אָפצאָל. און זאלן זיי עסן די פירות אויף דער וועלט און דאָס קרן זאל זיי בלייבן לעולם הבא״.

אויף זייט 27 געפינט מען פאָלגנדיקע נאָטיץ אן אונטערשריפט:

„ע״ד שהח׳ הנ״ל במשתה החברה בש״ע (שמיני עצרת) העבר שנת תקכ״ז לפ״ק פער פיו לבלי חוק בדברים אשר לא כדת אשר אין להעלותן על הכתב גלל כן עלה במוסכם המשגיחים בח״ק והגבאים ושאר בח״ק לענוש אותו תחלה בגופו שיהיו נדחה מן הח״ק פגול הוא לא ירצה לעולם חוץ שאר עונשים לעונשו כשיהיה שעת הכושר ולמען תהיו זאת למשמרת כתבנו את המאורע״.

איבערזעצונג:

„ווייל דער אויבנדערמאנטער חבר האט אויף דער משתה פון די חברים אין שמיני עצרת פון יאָר תקכ״ז (1767) זיך דערלויבט אויסצודריקן מיט ווערטער, וואָס מ׳קאָן זיי נישט איבערגעבן שריפטלעך — איז באַשלאָסן געוואָרן, אין הסכם מיט די משגיחים, גבאים און אנדערע חברים, צו באשטראָפן אים מיט דערווייטערן פון דער חברה קדישא, ער איז פאר אינז אומווירדיק און אומגעוואונשן אויף אייביק, אויסער אנדערע שטראָפן, וואס קומען אים ווען ס׳וועט זיין דערצו א געלעגנהייט, און כדי דאָס זאָל בלייבן לזכרון האָבן מיר דעם פאַקט דא איינגעשריבן״.

אויפן בלאט 24 געפינט מען פאָלגנדיקע נאָטיץ:

„היום יום ג׳ חה״מ פסח תק״ג לפ״ק הוגבה מעות הקידוש סך ששה עשר זה׳ וי״ב ג׳ אשר מזה הוציאו שמונה ז״ה על כלי הבית חיים שני זה, לאב״ד בעד הדרשה... ח״ג פ״ג בעד דבש להחברא ולהבוררים ששה פ״ג בעד דגים והמותר א׳ זה׳ כ׳ ג׳... נשאר ת״י כב׳ הרב אב״ד יצו״.

די דאָזיקע נאָטיץ דערציילט, אז אין חול המועד פסח תק״ג (1743) איז איינקאַסירט געווארן קידוש־געלט 16 גילדן מיט 12 פוילישע גראָשן, פון וועלכע, 8 גל. זענען אויסגעגעבן געוואָרן אויף בית־חיים כלים, 2 גל. דעם רב פאר דער דרשה, 18 פוילישע גראָשן אויף מעד פאר דער חברה און די בוררים, 6 פ. ג. אויף פיש און די רעשט איז איינגעלייגט געוואָרן ביים רב.

אויפן בלאט 54 זייט 1 געפינען זיך פאָלגנדיקע חברים איינשרייבונגען פון תקס״א (1801): 2 ברידער, איינער ר׳ יהודא לייב ב״ר גרשון סג״ל, און דער צווייטער ר׳ שמעון סג״ל, וועלכער איז געווען א רופא און האָט מבקר חולים געווען.

אויפן בלאַט 53 זייט 1 געפינט מען 2 איינשרייבונגען פון חברים, וואָס זענען געמאכט געוואָרן דורך דעם דעמאָלסדיקן מו״ץ ר׳ נחום רוזאניס, וועלכער שרייבט זיך אונטער, אין די שפעטערדיקע יאָרן, אלס רב דק״ק בענדין. אין די דערמאָנטע איינשרייבונגען ווערט אָנגעגעבן דער פאַקט, אז דאָס דאָזיקע בוך (פנקס) פון דער ח״ק איז געהאט פארלוירן געגאנגען און ס׳האָט געפעלט במשך פון 5 יאָר.

פון בלאַט 61 זייט 1 איז אויך צו זען, דאָס אין בענדין איז אין

יאָר תנ"א (1691) געפירט געוואָרן א קהלה פנקס. אויף דעם זעלביקן אָרט געפינט מען א גענויע אָפּשריפט פונם אָפּמאַך צווישן דער קהלה מיט דער ח"ק, לויט וועלכן די קהלה האָט — אלס דעקונג פון איר חוב פון 100 גל. וואָס זי איז שולדיק געווען דער חברה קדישא — איר געגעבן א טייערע ספר תורה, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף הערשן־פּאַרמעט, די עמודים האָבן זיך אָנגעהויבן מיט וואוון (אות ואו) און די אזכרות (ד"ה די שמות הקדושים) זענען געווען געשריבן מיט א ספּעציעלער פען און טינט.

פון דער וויטערדיקער נאָטיץ אויף דער זעלבער זייט איז צו זען, אז מיט דער הלואה האָט די ח"ק געטון א גרויסע טובה דער קהלה, ווייל דאָס געלט איז געווען דרינגענד נויטיק פאַר א דבר גדול און די מנהיגים פון דער קהלה האָבן זיך געפונען אין א שווערער לאגע, נישט קאָנענדיק זיך פון אַנדערשוווּ שאַפן געלט.

די בלעטער 62 און 63 אַנטהאַלטן די וויכטיקסטע פאַרצייכענונ־גען, געשריבן אין יאָר תמ"ו (1686). דאָ איז פעסטגעשטעלט געוואָרן א גענויע אָרדענונג אין דער פירונג פון דער ח"ק. עס ווערט נאָר־מירט דער צוטריט פון נייע חברים צו דער חברה, ס'ווערט פאַר־געשריבן דער סדר פון די סעודות, וואָס די ח"ק אָרדנט איין יעדן שביעי של פסח און שמיני עצרת. ס'איז אפילו אָנגעגעבן לויט וועלכן סדר די חברה מיטגלידער דאַרפן זיצן ביים טיש. די גבאים האָבן געמוזט שטאַרק אכטונג געבן, אז די חברים זאָלן נישט רעדן קיין נאַרישקייטן ביים טיש, נאָר זיי זאָלן זיך האַלטן ערנסט און ווירדיק. ס'ווערן אויך קלאָר אָנגעגעבן די פליכטן פון יעדן חבר. כאַראַקטעריס־טיש זענען די פאָלגענדע פאַרשריפטן:

„8 טעג פאַר דער משתה דאַרף געמאַכט ווערן דער צעטל וויפל יעדער פון דער ח"ק דאַרף געבן געלט אויף מעד. די באַשטימטע סומע האָט יעדער געמוזט איינצאָלן אין באַר, אפילו יענע, וואָס האַנדלען מיט מעד".

„יעדער איז מחויב פינקטלעך צו קומען צו דער משתה. אויב איינער קומט נישט, מוז ער געבן טאָפּלט אַזויפיל מעד פון דעם, וואָס מ'האָט אים באַשטייערט. דאַקעגן אויב ער ווערט אויסוויזן, אז ער איז נישט געווען אין דער היים, דאַרף ער צוגעבן בלוי א העלפט".

„דער שמש טאָר קיינעם פון די חברים נישט באַזונדער איינלאַ־דענען אויף דער משתה, נאָר נאָך דעם ווי ער רופט אויס אין דער שול ווו די משתה קומט פאָר — דאַרפן אלע חברים אליין קומען אָן באַזונדערע איינלאַדונגען".

„קיינער פון די חברים — און אויך נישט די גבאים — טאָר נישט מיטברענגען קיין פרעמדן אויף דער משתה".

אויפן בלאט 66 זייט 1 געפינט זיך אַן אָפּמאַך מיט א שמש, וואָס וועלנדיק זיך איינשרייבן אין דער ח"ק און נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט איינצוצאָלן דאָס איינקויף־געלט, וואָס איז פאַרגעזען אין די תקנות פון דער חברה — האָט ער זיך פאַרפליכטעט צו באַדינען די חברה במשך פון 2 יאָר, פון תנ"ב ביז תנ"ד (1692—1694).

אויפן בלאט 66 זייט 2 איז נאָטירט, אז אין יאָר תנ"ד (1694) האָט א געוויסער ר' משה מאיר בר' אליעזר מקדיש געווען בהקדש גמר פאַר דער ח"ק א זילבערן בלעכל, אויף וועלכן ס'איז אויס־גראַווירט געוואָרן זיין נאָמען.

איינשרייבונגען פון חברים און רשימות פון געוויילטע ראשי השגחות, גבאים, רואי חשבונות, געפינט מען צוואָרפן אָן א כראָנאָ־לאָגישן סדר איבערן גאַנצן פנקס. די חברים איינשרייבונגען ציען זיך פון יאָר תמ"א (1681) ביז צו דער היינטיקער צייט. דאָס זעלבע איז אויך מיט די רשימות פון די געוויילטע, דורך די קלפות, גבאים פון דער חברה קדישא. די וואָלן זענען פאָרגעקומען יעדעס יאָר אין חוה"מ פסח. דער הויפּט ראש השגחה אדער דער על גביהם איז שטענדיק דער מרא דאתרא. וועלכער ווערט אָפּט נישט אָנגערופן ביים נאָמען, נאָר בלויז „הרב הגדול דקהלתנו" און דעריבער איז נישט שטענדיק מעגלעך פעסטצושטעלן ווער ס'איז דעמאָלט געווען דער רב.

אויפן בלאט 85 זייט 2 איז איינגעשריבן געוואָרן א שטרענגע פאַרשריפט, וועלכע פאַרווערט די חברים — אונטער די שטרענגסטע קאָנסעקווענצן — דאָס שפּילן אין קאָרטן. די דאָזיקע תקנה איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין חוה"מ פסח פון יאָר תפ"ח (1728).

אין יאָר תרכ"ח (1868) איז איינגעשריבן געוואָרן אויפן בלאַט 141, זייט 1, א תקנה, דאָס קיינער פון די ממונים אדער גבאים, וועלכע באַטייליקן זיך אויף א זיצונג פון ועד, טאָר קיינעם נישט דאַרט אהין מיטברענגען, אפילו נישט קיין חבר פון דער חברה קדישא. אונטער א שטרענגע שטראָף, וואָס איז דערגאַנגען ביז צום דערוייטערן דעם שולדיקן פון דער חברה, איז פאַרבאָטן געווען צו דערציילן וועגן די פאַרהאַנדלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף דער זיצונג. א נייער חבר איז מחויב געווען צו באַדינען די ח"ק אויף די סעודות במשך פון 3 ימים טובים (שלוש רגלים). ער האָט זיך געקאָנט אויסקויפן דערפון, אויב ער האָט איינגעצאָלט אין דער חברה 18 ר"כ (רובל כסף) אדער מינדעסטנס 10 ר"כ, לויטן איינזען פון די גבאים.

אויפן בלאט 148 זייט 2 געפינט מען פאָלגנדיקע נאָטיץ פון יאָר תר"ח (1848), געשריבן דורך דעם דעמאָלסטיקן רב, הרב ר' חיים דוד לאנגפוס ז"ל:

„אויף א פאַרזאַמלונג פון די גבאים פון דער ח"ק, צוזאַמען מיט די משגיחים, די דאָזאָרעס פון דער קהלה און אויך יחידי סגולה איז באַשלאָסן געוואָרן, דאָס אזוי ווי ביז דעמאָלט איז געווען א תקנה, אז על כל צרה שלא תבא פלעגט די קהלה נעמען פון דער הכנסה 2 חלקים און די ח"ק 1 חלק — זאָל איצט די ח"ק צונעמען די גאַנצע הכנסה, ווייל די ביז איצטיקע איינקונפטן האָבן נישט געדעקט די אויסגאַבן פון דער ח"ק, וואָס איז צוליב דעם פאַרזונקען געוואָרן אין גרויסע חובות".

אונטערגעשריבן זענען די דעמאָלסדיקע דאָזאָרעס און די גבאים פון דער חברה קדישא.

אויפן בלאט 177 זייט 2 געפינט מען א נאָטיץ, דאָס הרב ר' ישכר בעריש ז"ל (גרויבארט), וועלכער איז פריער געווען שעדלעצער רב, איז אויפגענומען געוואָרן אלס בענדינער רב אין יאָר תרנ"ג (1893).

באַלד אויפן צווייטן בלאט נומער 178 זייט 1 געפינט מען א נאָטיץ וועגן דער אויפנאַמע פון הרב ר' צבי חנוך הכהן ז"ל (לעווין) אַלס רב אין בענדין, אין יאָר תרפ"א (1931).

נעבן דער דאָזיקער נאָטיץ געפינט זיך די אייגנהענטיקע איינ־שרייבונג פון הרב לעווין ז"ל אלס חבר פון דער חברה קדישא.

אויף זייט 2 פון בלאט 178 ביז זייט 1 פון בלאט 179 ווערט דערמאָנט וועגן א 25 יעריקער יובליי־פייערונג פאַרן ח"ק גבאי מענדל פערענס, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר תרפ"ד (1924) אין לאָקאַל פון דער קהלה, מיטן אָנטייל פון ד"ר ש. ווינציהער, וועלכער איז דעמאָלט געווען ראש הקהל. אויפן באַנקעט האָט מענדל פערענס באַקומען פון זיינע פריינט א זילבערנעם אָנדענק־בעכער מיט א געהעריקער אויפשריפט.

אויף די וויטערדיקע בלעטער געפינען זיך נאָטיצן פון דער לעצטער צייט וועגן הקפות פון נייע פלעצער, וואָס זענען צוגעקויפט געוואָרן צום בית החיים. די לעצטע נאָטיץ איז דאַטירט פון 7־טן דעצעמבער 1936.

ווי ס'איז בולט פון איינציקע וויטערדיקע נאָטיצן, איז לעצטנס פאַרלייגט געוואָרן א נייער פנקס פון דער חברה קדישא. פונם דאָזיקן

פנקס זענען איבערגעטראָגן געוואָרן אינם אַלטן פנקס געוויסע תקנות, וואָס זענען לעצטנס אָנגענומען געוואָרן דורך דעם ועד און גבאים.

די נאָטיצן אינם אויבן באַשריבענעם פנקס ווייזן, אַז פאַר דער צייט פון יאָר 1681, זייט ווען מיר האָבן באַריכטן אין פנקס, האָט די בענדינער יידישע באַפעלקערונג געפירט אַן אינטענסיווע גייס־טיקע, געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע טעטיקייט. באַזונדערע שפּורן האָבן איבערגעלאָזט אויף דעם געוויינלעך אידיליש־יידישן לעבן אין בענדין, די פאַרשידענע אומרוען, אויפשטאַנדן און רדיפות, וואָס זענען פון צייט צו צייט אויסגעבראָכן און האָבן שווער געטראָפן די רויקע בענדינער יידישע באַפעלקערונג.

II

## פנקס פון דער חברה חייטין

א גענויען איינבליק אינם לעבן פונם יידישן מיטלשטאַנד און בעלי מלאכות גיט אונז דער „פנקס מהחברא חייטין" — דער דאָזיקער פנקס האָט א פאָרמאַט פון 18 × 28 צענטימעטער, 5 צ"מ דיק, און אין געבונדן אין איינפאַכער טונקל בלויער לייוונט. דער פנקס מאַכט דעריבער אויפן ערשטן בליק דעם איינדרוק פון א ספר, וואָס געהערט צו געוויינלעכע פאָלקס־מענטשן און בעלי מלאכות.

דער עלטסטער טייל פון פנקס, וואָס איז פאַרלייגט געוואָרן אין יאָר תקס"ז (1807) באַשטייט פון 98 בלעטער, וועלכע זענען אדורכגעצויגן מיט א שנור און פאַרזען מיט א ליאַק־חתימה פון „קהל בענדין". די ווייטערדיקע בלעטער, טיילווייז נומערירט און די רעשט אָן נומעראַציע, זענען שוין שפּעטערדיקע, וואָס זענען צוגעגעבן געוואָרן אין די לעצטע 30—40 יאָר.

אויפן ערשטן בלאַט געפינט זיך פאָלגנדיקע שיינע איינלייטונג, געשריבן אין יאָר תקס"ז (1807) דורכן דעמאָלסטיקן מו"ץ פון בענדין ר' נחום רוזאַניס ז"ל, וועלכער דערקלערט די סיבות, וואָס האָבן באַוויגן צו שאַפן אין אונזער שטאָט א חברה חייטין און אויך דעם ציל, וואָס די גרינדער האָבן זיך דערביי געשטעלט.

ער שרייבט דאָרט:

„הנה נודע לכל שבכל נפוצות בית יהודה וישראל התנדבו להיות חברא קדישא דחיוטין ושאר בעלי מלאכות ויש להם ספר להיות קורין בו בכל שבת וי"ט ומכח זה איש את רעהו יעזורו באם יבאו להם דבר הנוגע כנגד דת ישראל כ'... הבעלי מלאכות יש להם התחברות עם ערלים בצעך ויוכל לצמוח להם איזה הפסידא וגרם בנזיקין ואף גם מכח התחברות אהבת רעים... כל דבר הנוגע ליראת ד' ושלמים הם עם ד' ועם בני אדם ע"כ עלה במוסכם אצל בעלי מלאכות פ"ק יצ"ו לעשות מבהכ"נ הקדושה והתחייבו עצמם על שלשה שנים אף אמנם, דומיא דכי הכי הוא ולהתחבר באהבה ואחוה וריעות וליקח ספר שיקנו לעצמם ספר משך שנה ראשונה אעפ"כ יתנו לקופת צדקה גבוה סך חמשה עשר ר"ט לשלם בכל שנה סך חמשה ר"ט ובפירוש מותנה ביניהם בתנאי גמור שיותרו להם רצועה להיות תוך החברה הנ"ל אנשים שאינם בעלי מלא־כות... פני הקהל בצירוף המ"ץ ליתן להם הסכמה על זה בדבר שאינו חסר לכלל קהל ובד"ץ (ובית דין צדק) כי הנוגע לדין תורה קבלו על עצמם לשמוע ולשמור ולעשות כל אשר יהי' עפ"י דת תורתינו הקדושה וכן הנוגע בדבר שהוא לכלל... מקבלים עליהם לציית כדין כל ישראל רק עיקר מגמותם שיהי' ביניהם אהבה ואחוה בכדי שלא יכשלו... כל אומן שונא את אמונתו ושיהי' אחד לחברו מגין ומצלו בכל אשר יבא עליהם ואין ביד אחד מהם לעזור כנגדו ועתה כי המה יחדיו קשר אמיץ וחזק לאחיו יאמר חזק ונתחזק ויהי' בטח ושאנן מפחד רעה כל זה... החיוטין וגם שאר בעלי מלאכות וזה תוכן דבריהם ויתר דבריהם אשר בניהם יתוקן עפ"י תקנות אשר יעשו ביניהם עפ"י רוב מנין ורוב בנין אשר הוא לטובתם והנוגע ליראת ד' לעבוד עבודת ד' בשלמות נעשה היום יום ו' עש"ק אסרו חג של פסח תקס"זיין לפ"ק בענדין".

(נאָך דעם קומט א ריי אונטערשריפטן פון די גרינדער).



די מאַלאַכאָווסקי גאַס
רחוב מלכובסקי

איבערזעצונג:

„עס איז באַקאַנט פאַר אַלע, אַז בכל תפוצות ישראל האָבן זיך געשאַפן חברות פון חייטין (שניידער) און אַנדערע בעלי מלאכות, וואָס אָרדענען זיך איין מנינים מיט אייגענע ספרי תורות צו לייענען יעדן שבת און יום טוב, און מיט דעם העלפן זיי זיך איינער דעם אַנדערן. אויך ווען זיי האָבן א רעליגיעזן ענין, ווייל די בעלי מלאכות האָבן פאַר־בינדונגען מיט נישט יידן אין די צעכן (קריסטלעכע בעלי־מלאכות פאַריינען), כדי ס'זאָל נישט אַרויסקומען קיין שאָדן פאַר זייערע אינטערעסן. ווייטער ברענגען די חברות מיט זיך אהבת רעים, גוטפריינטשאַפט און אויך זאַכן, וואָס זענען שייך צו יראת שמים און מענטשלעכע ענינים. צוליב דעם איז אויך באַשלאָסן געוואָרן ביי די בעלי מלאכות אין אונזער שטאָט צו שאַפן אַן ענלעכע חברה און זיך צו פאַראייניקן אין פריינטשאַפט און צו נעמען א ספר תורה פון דער שול. זיי האָבן זיך מתחייב געווען צו צאָלן במשך פון 3 יאָר פאַר דער

צדקה הגבוה (קהלה־קאסע) 15 ר״ט (רייכסטאַלער), און יערלעכע ראטעס צו 5 ר״ט. דעם דאַזיקן אָפּצאָל זענען זיי מחויב אריינצוטראָגן אין דער קהלה קאסע, אפילו ווען זיי וועלן זיך אין ערשטן יאָר קויפן אַן אייגענע ספר תורה. אויסער דעם איז בפירוש באַשטימט געוואָרן, אַז צו דער חברה מעגן אויך געהערן מענטשן, וואָס זענען נישט קיין בעלי מלאכות. די פני הקהל צוזאַמען מיטן מו״ץ, זאָלן זיי געבן דערויף א הסכם, אין פאַל אויב ס׳וועט דורך דעם נישט אַנטשטיין קיין שאָדן פאַר קהל און בית דין צדק, ווייל דאָס, וואָס איז נוגע דעם דין תורה האָבן זיי (די חברה לייט) אויף זיך גענומען מקיים צו זיין און צו הערן אַלץ עפ״י דין תורתנו און אין כלל ענינים האָבן זיי זיך מתחייב געווען צו פאָלגן אַלץ פונקט ווי יעדער ייד. דער עיקר פון זייער שטרעבונג איז, אַז עס זאָל הערשן צווישן די חברים אייניקייט און גוטפריינטשאַפט, כדי זיי זאָלן נישט נכשל ווערן... ווייל יעדער בעל מלאכה האָט פיינט זיין פאַך. און ס׳זאָל זיין איינער פאַרן צווייטן א שוץ און א הילף ביי אַלעם, וואָס וועט קומען אויף זיי, ווייל א מענטש קאָן זיך דאָך אַליין נישט העלפן. איצט אָבער, ווען זיי זענען צוזאַמען אין א פעסטן באַנד און איינער וועט דעם צווייטן שטאַרקן און זיי וועלן זיין זיכער און רויק פון יעדער שלעכטער זאַך. דאָס אַלץ... די חייטין און אַלע אַנדערע בעלי מלאכות. און דאָס איז דער אינהאַלט, וואָס זיי האָבן אָפּגעמאַכט. די ווייטערדיקע תקנות וואָס זיי האָבן מתקן צו זיין וועלן באַשטימט ווערן דורך רוב מנין און ורוב בנין פון די חברים וועגן אַלץ, וואָס איז שייך פאַר זייער טובה און לטובת ענינים, וועלכע זענען נוגע יראת שמים.

דאָס איז געמאַכט געוואָרן היינט, פרייטאָג, ערב שבת קודש, איסרו חג פון פסח תקס״ז (1807) לפ״ק בענדין.

אונטערגעשריבן: מ׳ נחום רוזאַניס מו״ץ דק״ק בענדין״.

צום סוף פון בלאַט 1 געפינט מען פאָלגנדיקע נאָטיץ: „יתר זכיותיהן של החברה חייטין שהשיגו מכבוד המשגיחים דשנת תר״ב לפ״ק תמצאו בדף 94״. ד״ה „די ווייטערדיקע זכיות פון דער חברה חייטין, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די משגיחים (קהלה דאָזאָרעס) פון יאָר תר״ב (1842) געפינען זיך אויפן בלאַט 94״. דאָרט געפינט מען טאַקע פאָלגנדיקע איינשרייבונג:

„כבוד המשגיחים בשנת תר״ב הח״מ (החתומים מטה) ציוו על החברא חיוטין להראות להם זכיותיהם הכתוב בפנקס שלהם. ויהי כי בא הפנקס לידי המשגיחים ויחפשו כל הספר וימצאו מה שכתב לעיל שהסכימו הני עשרה אנשים החתומים לעיל שהיו אז משבעה טובי העיר להיות להם מנין ויקראו בתורת ד׳ רק באופן שיתנו בכל שנה שלשה ר״ט והמה לא נתנו עד הנה כלום ותבעו המשגיחים הח״מ אותם על אודות המכס אשר הושם עליהם שישלמו עתה כי כן ד״ת (דין תורתנו): והתנצלו לפניהם באמרם שמיום נחרתה זאת עד עתה שום פרנס ומשגיח לא תבע מהם זאת והם ג״כ לא ידעו מזה עד היום הזה. לזאת תבעו מהם שמיום משך נשיאתם ישלמו ומה שעבר עבר ומחמת כמה הפצרות שהפצירו בהם ומה גם שראו את טוב לבם אשר התקשרו עצמם וקבלו עליהם להזיל זהבם וכספם לצורך בנין בהמ״ד הקדוש כמבואר בפנקס שלהם וגם קבלו על עצמם שינהגו כשורה ע״פ דינא ישראל ושלא ילכו לערכאות לדין רק כשלא יוכלו להשיג משפט ישראל לזאת מחלים אנחנו המשגיחים בצירוף איזה יח״ס (יחידי סגולה) את המכס הנ״ל מעתה ועד עולם ורשות בידם להתנהג בחברא שלהם כאשר עד הנה עשו רק באופן שיעשו כאשר קבלו ע״ע (על עצמם) אכן אם לא יתנהגו בישרם כאשר קבלו אזי המחילה בטילה ורשות ביד המשגיחים אשר יהי׳ אז לתבוע את כל ר״ט שמשנת תקע״ה לפ״ק עד אותו הזמן.

ולראי׳ באו כבוד הרב המאה״ג אב״ד פ״ק וכבוד המשגיחים ואיזה יח״ס (יחידי סגולה) עה״ח (על החתום) אור ליום ד׳ ח׳ שבט תר״ב לפ״ק בענדין״.

איבערזעצונג:

„די משגיחים פון יאָר תר״ב (1842), וועלכע זענען אונטן אונטערגעשריבן האָבן באַפוילן דער חברה חייטין צו ווייזן זייערע זכיות (פריווילעגיעס), וואָס זענען איינגעשריבן אין זייער פנקס. נאָך דעם ווי זיי האָבן אדורכגעזוכט דעם פנקס, האָבן זיי געפונען דאָס, וואָס איז געווען באַשטעטיקט דורך די אויבן אונטערגעשריבענע צען מענטשן, וועלכע זענען דאַן געווען פון די שבעה טובי העיר, אַז זיי (די חברה חייטין) זאָלן מעגן האָבן א מנין און לייענען אין דער ספר תורה, נאָר בתנאי, אַז זיי זאָלן צאָלן 3 ר״ט (רייכסטאַלער) יערלעך. און אַזוי ווי זיי האָבן ביז איצט גאָרנישט איינגעצאָלט, האָבן די משגיחים וועלכע זענען דאָ אונטערגעשריבן, געפאָדערט פון דער חברה, אַז זיי זאָלן באַצאָלן דעם שטייער, וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן. די פאָרשטייער פון דער חברה האָבן זיך מתנצל געווען, אַז זייט יענער צייט האָט קיין שום פרנס און קיין שום דאָזאָר נישט געמאָנט פון זיי דעם שטייער און זיי האָבן דערפון נישט געוווסט ביז אויפן הייַנטיקן טאָג. דעריבער האָבן זיי געבעטן, אַז זיי ווילן באַצאָלן פאַר דער צייט פון זייער קאַדענץ אַלס חברה גבאים, און דאָס וואָס איז שוין פאַריבער זאָל מען זיי שענקן. נאָך פיל ביטעס און באַמיונגען, און ווייל מ׳האָט געזען זייער גוטן ווילן צוליב דעם וואָס זיי האָבן זיך אויך מתחייב געווען אויסצוגעבן א סך געלט אויף צו בויען א בית המדרש, אַזוי ווי ס׳איז איינגעשריבן אין זייער פנקס, און ווייל זיי האָבן גענומען אויף זיך, אַז זיי זאָלן זיך פירן רעגולער לויטן יידישן דין און זיי זאָלן זיך נישט ווענדן צום אַלגעמיינעם געריכט נאָר אין פאַל ווען זיי וועלן נישט קאָנען דערצילן קיין דין ישראל — האָבן מיר, די משגיחים צוזאַמען מיט אייניקע יחידי סגולה, באַשלאָסן זיי צו שענקן דעם שטייער און זיי האָבן דאָס רעכט זיך צו פירן אין זייער חברה ווי ביז איצט נאָר מיטן באַדינג, אַז זיי זאָלן דערפילן דאָס, וואָס זיי האָבן זיך פאַרפליכטעט. אין קעגנפאַל, אויב זיי וועלן נישט דערפילן, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען, איז בטל די מחילה און עס דינט די משגיחים, וואָס וועלן דעמאָלט זיין דאָס רעכט איינצומאָנען ביי זיי דעם גאַנצן חוב זייט דעם יאָר תקע״ה (1815) ביז צו יענער צייט.

אַלס באַווייז האָבן אונטערגעשריבן כבוד הרב אב״ד און די משגיחים, ווי אויך אייניקע יחידי סגולה, יום ד׳ ח׳ שבט תר״ב (1842) לפ״ק בענדין״.

מכח דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון דער חברה קאָן מען זיך מאַכן א באַגריף פונם פאָלגנדיקן אָפּמאַך, וועלכער איז אונטערגעשריבן דורכן דעמאָלסטיקן מ״ץ און די דאָזאָרעס, וואָס איז איינגעשריבן געוואָרן אין יאָר תקס״ח (1808).

דער אינהאַלט פונם אָפּמאַך, וואָס איז איינגעשריבן געווען אין לשון קודש איז פאָלגנדיקער:

„מיר אונטערגעשריבענע האָבן באַשלאָסן, אַז צוליב דעם, וואָס ס׳איז שטאַרק געשטיגן דער פרייז פון תבואה און די

בעלי מלאכות קאָנען נישט אויסהאַלטן די פועלים (געזעלן), וועלכע פאַרלאָזן אויך די בעלי מלאכות, און דער פאַרקער אין לאַנד איז געשטערט, מען קאָן נישט אַריין און נישט אַרויס, דעריבער דאַרף יעדער בעל מלאכה צו געבן דעם געזעלן אַ דריט חלק פון פאַרדינסט פון יעדן שטיק אַרבעט, נאָכן אַראָפרעכענען די קאָסטן פון די ליכט, וואָס זענען פאַרברויכט געוואָרן צו דער אַרבעט. אויב אַ בעל מלאכה האָט צו דער אַרבעט אויך אַ לערן ייִנגל, דאַרף פאַר אים אַראָפגערעכנט ווערן אַ גראָשן פון יעדן גילדן. אויב דער געזעל וועט נישט מסכים זיין אויף די באַדינגונגען, טאָר ער נישט אָננעמען קיין אַרבעט אין דער שטאָט, און אויך נישט אויפן שטח פון אַ האַלבן מייל אַרום דער שטאָט. דער ממונה פון דער חברה דאַרף זען, אַז די פועלים זאָלן נישט האָבן קיין עולה ביי דער אָפרעכנונג. די לערן ייִנגלעך און געזעלן דאַרפן פאָלגן די באַשלוסן פון דער חברה. דער ממונה האָט דאָס רעכט צו נעמען משכנות פון די, וואָס וועלן זיי נישט פאָלגן, נאָר מיטן באַדינג, אַז עס זאָל נישט זיין קעגן די חוקי התורה און די תקנות פון דער קהלה".

די תקנות פון דער חברה רעגולירן די פליכטן פון די חברים אין רעליגיעזער הינזיכט ווי אויך אין אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו זייער פראָפעסיאָנעלן לעבן.

די וויכטיקסטע און כאַראַקטעריסטישסטע תקנות (געשריבן אין פנקס אין לשון קודש) זענען פאָלגנדיקע.

תקנה 1) יעדער ייד אין אונזער קהלה קאָן צוגענומען ווערן אַלס מיטגליד פון דער חברה חייטין, אויב ער וועט ווערן צוגע־לאָזט דורך אַ רוב דעות פון די חברים. ער מוז דאַן אַריינטראָגן נישט ווייניקער ווי 2 מאָל ח"י (18) גראָשן און איין טאָפ מעד, ער דאַרף אויך באַצאָלן דעם מ"ץ (דיין) פאַרן איינשרייבן זיין נאָמען אויפן בלאַט פון פנקס.

תקנה 2) יעדער מיטגליד צאָלט וועכנטלעך 3 גראָשן, וואָס ווערן איינקאַסירט דורכן שמש, וועלכער דאַרף דאָס געלט יעדן ראש חודש איינצאָלן דעם קאַסירער פון דער חברה. אַ געזעל דאַרף צאָלן 1 גראָשן פון יעדן גילדן, וואָס ער פאַרדינט יערלעך.

אין דער תקנה 4 ווערט באַשטימט די פאָרם פון דער קלפי, וואָס דאַרף איינגעאָרדנט ווערן יעדן חול המועד פסח.

אין דער תקנה 5 רעדט זיך וועגן די 2 סעודות, וואָס די חברה מאַכט יעדעס יאָר, אין 2־טן טאָג שבועות און אין שמיני עצרת, ווען דער רב זאָגט פאַר זיי אַ דרשה כנהוג.

אין דער 6־טער תקנה ווערט באַשטימט די קאָמפעטענץ פון ממונה (אָן אַרט סטאַרשי), וועלכער האָט דאָס רעכט צו צווינגען אויסצופירן זיינע באַשלוסן.

תקנה 7) אויב איינער איז משיג גבול זיין חבר, ווען אַ בעל הבית גיט סחורה צו אַ בעל מלאכה, וועלכער האָט זי צוגעשניטן, און שפעטער קומט אַ צווייטער בעל מלאכה און נעמט צו די אַרבעט — דאַן דאַרף דער באַעוולטער גלייך זיך ווענדן צום גבאי און צום ממונה, וועלכע באַשליסן — צוזאַמען מיטן רב, אַז דער משיג גבול דאַרף באַצאָלן דעם אַרבעטס לוין דעם ערשטן בעל מלאכה. אַ חוץ דעם, לייגן זיי אויף אים אַרויף אַ קנס לטובת דער קאַסע פון דער חברה.

די תקנה 8 רעגולירט די באַציונגען מיט די געזעלן. דער געזעל טאָר נישט אין פאַרלויף פון איין „זמן" איבערגיין פון איין בעל מלאכה צום אַנדערן. עס זענען פאַרגעזען פאַרשידענע שטראָפן און סאַנקציעס קעגן יענע, וואָס וועלן עובר זיין אויף די באַשטימונגען.

תקנה 9) איידער עס זענען נישט אַדורך קיין 3 יאָר נאָך דער חתונה טאָר קיין שום בעל מלאכה נישט צונעמען קיין לערן ייִנגל, כדי אים אויסצולערנען די מלאכה און דערפאַר פון אים באַקומען באַצאָלט. דעם בעל מלאכה איז בלויז דערלויבט צו האַלטן אַ פועל. אַן אויסנאַם ווערט געמאַכט פאַר די מיטגלידער, וועלכע געהערן שוין איצט צו דער חברה.

אין דער תקנה 10 ווערט געזאָגט, אַז עס פאַלט אַ חרם און קנס אויף יעדן, וואָס וועט זיך באַמיען אויף וועלכן ס'איז אופן אָפצושוואַכן די קראַפט פון די דאָזיקע תקנות.

תקנה 11) ווער ס'ברענגט פון דער פרעמד פאַרטיקע מלבושים צום פאַרקויף און דורכדעם מאַכט ער שאָדן די אָרטיקע בעלי מלאכות, מוז איינצאָלן אין דער קאַסע פון דער חברה אַ געהעריקן אָפצאָל.

תקנה 12) ווער ס'וועט גורם זיין צו מחלוקות אין דער חברה, אָדער ווער ס'וועט באַליידיקן און אַרויסטרעטן קעגן דעם ממונה (סטאַרשי, עלטסטער) פון דער חברה און אירע מיטגלידער, דאַרפן אַלע חברים צוזאַמען זיך באַמיען אים צו דערווייטערן פון דער חברה, כדי ס'זאָל שטענדיק הערשן שלום און אחדות.

תקנה 14) יעדער פועל, וואָס קויפט זיך איין אין צעך (קריסטלעכער האַנטווערקער פאַרבאַנד, צו וועלכן ס'זענען אויך צוגעלאָזט געוואָרן יידן), דאַרף איינצאָלן אין דער חברה אַ געוויסן אָפצאָל. דער, וואָס באַקומט פון צעך דעם טיטל מייסטער, מוז אויך אַריינטראָגן אין דער חברה־קאַסע אַ געהעריקן אָפצאָל.

ביי דער דאָזיקער תקנה געפינט זיך אַ באַמערקונג, אַז אויפן בלאַט 9 געפינען זיך די איבעריקע פאַרשריפטן צו דער תקנה.

דאָרט געפינט מען טאַקע פאָלגנדיקע הוספות:

„אַזוי ווי אויפן בלאַט 5, עמוד 2, אין דער תקנה 14 איז באַשטימט, אַז יעדער פועל, וואָס וועט זיך איינקויפן אין צעך, דאַרף געבן אַ געוויסן אָפצאָל פאַר דער חברה — האָבן מיר, די משגיחים, וואָס זענען אונטן אונטערגעשריבן, פעסט־געשטעלט אַ טאַקסע אויף דעם, דהיינו, פון יעדן לערן ייִנגל דאַרף ווערן איינגעצאָלט אין דער חברה־קאַסע 1 גילדן, יעדער געזעל דאַרף איינצאָלן 2 גל., יעדער מייסטער 3 גל. און די משגיחים, וואָס וועלן דעמאָלט זיין דאַרפן געבן די גבאים דעם כוח דאָס אויסצופירן".

ווייטער קומט אַ הוספה צום פונקט 2, לויט וועלכן יעדער פועל דאַרף איינצאָלן אין דער חברה־קאַסע 1 גראָשן פון יעדן גילדן שכירות.

„דעריבער האָבן מיר, די משגיחים באַשלאָסן, אַז יעדער פועל, וואָס עסט ביים מייסטער דאַרף געבן 1 גראָשן פון יעדן גילדן שכירות, און דער פועל, וואָס עסט פאַר זיין אייגן געלט דאַרף נור געבן אַ האַלבן גראָשן פון יעדן גילדן שכירות".

תקנה 15) אויב אַ מיטגליד פון דער חברה לאָזט זיך מאַכן מלבושים ביי בעלי מלאכות, וואָס זענען מחוץ לחברה דאַרף דער מיטגליד אַריינטראָגן אין דער חברה־קאַסע אַ ספעציעלן אָפצאָל, אין קעגנפאַל ווערט ער דערווייטערט פון דער חברה.

תקנה 16) עס ווערט דערלויבט די חברים צו גיין דאַווענען יעדן שבת אין אַ מנין, ווו זיי געפעלט, נאָר בתנאי, אַז אין זייער

אייגענעם מנין מוזן זיי קומען לויט דער רשימה, וואָס דער גבאי מאַכט, כדי עס זאָל שטענדיק זיין א מנין צו דער השכמה (ערשטער מנין).

תקנה 18) א פועל, וואָס קומט פון דער פרעמד און וויל נישט טון קיין שידוך פון אונזער שטאָט און דאַך וויל ער זיך דאָ באַזעצן בקביעות — קאָן נישט לענגער פאַרבלייבן אין דער שטאָט ווי 3 יאָר. דאָס אדורכצופירן מוזן אלע חברים צוהעלפן.

ווייטער קומען תקנות און באשלוסן פון די משגיחים, וואָס איבערגעבן די חברה חייטים דאָס רעכט צו נייען על כל צרה שלא תבא די בגדים פאַר נפטרים, דערביי איז באוואָרנט געוואָרן, אז די וואָס וועלן זיך מיט דעם פאַרנעמען זאָלן אויספירן זייער ארבעט באימה וביראה, זיי זאָלן דאַן זיין ניכטער און נישט רעדן קיין דברים בטלים.

דעם אָפּצאָל פאַר דעם דאַרפן זיי נעמען לויט דעם פאַרמעגן־צושטאַנד פונם פאַרשטאָרבענעמס קרובים און לויט די באַשטימונג פון די משגיחים אָדער גבאים פון דער חברה קדישא. אַן אָרימאַן איז פטור פון אָפּצאָל.

אויפן בלאַט 18 געפינט מען פאָלגנדיקע תקנה, וועלכע איז געשריבן אין דעמאָלסטיקן יידיש געמישט מיט לשון קודש:

„יצא פסק בית דין מאתנו גבאים וממונים דחברא נושאי המיטה וועלכיס בשעת התמניות הקאלפע שלהם טאָהרען די בוררים מן החיוטים נישט מאכן קיין שלושה גבאים נאָר איין גבאי מעג זיין איין חייט און די אנדרי צווייא גבאים מוזין זיין פון דער נעמליכער חברא נאָר זיי טאָהרען נישט זיין קיין חיוטים גם האָבין די בוררים נישט קיין כח דס זייא זאָלין עלייניט מאכין התמניות נאָר זייא מוזין קומען מיט דיא התמניות צו די גבאים מהחברא נושאי המטה די וואָס ווערין דענסמאָל זיין אונד די גבאים מהחברא נושאי המטה מוזין אויף זייערע ממונים מסכים זיין כדי עס זאָל קיין שום מחלוקת פון צווישען דיא חברא חיוטין ואם לא יקיימו החברא חיוטים התקנות והפסק מה שעשינו וברשות הגבאים וממונים דח"ק אזי יוכלו החברא נושאי המטה לבטל את החברא חיוטים לעולם גם בני החברא דחיוטים מחויבים לציית את הגבאים שלהם ואם זייא וועלין נישט ציית זיין להגבאים שלהם אזי האָבין די גבאים דחיוטין כח והרשאה דעם נעמליכין חברא מאַן מרחק צו זיין פון דער חברא אונד האָט שוין גאָהר קיין חלק נישט צו דער חברא חיוטין אויך האט עהר שוין גאָהר קיין טענה ומענה שבעולם גם הפנקס שלהם מוז ליגין אצל גבאי ראשון כדי עס זאָל קיין מכשול נישט ארויס קומען".

„כ"ז אנחנו גבאים וממונים דחברא נושאי המטה עשינו לטובת החברא דחיוטין למען ישמרו ויראו ולא יזידון עוד לעולם יום א' אסרו חג דשבועות ח' אייר לפ"ק פה בענדין".

אויף די ווייטערדיקע בלעטער פון פנקס געפינט מען שוין נור בלויז איינשרייבונגען פון מיטגלידער און רשימות פון די קלפּות, וואָס זענען פאָרגעקומען יעדעס יאָר.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אז סיי ביי די רשימות פון די אויס־געוויילטע גבאים און סיי ביי די איינשרייבונגען פון די מיטגלידער איז נישט פאַראַן קיין מוקדם ומאוחר (כראָנאָלאָגישער סדר). די איינשרייבונגען זענען אָפט אין א שטאַרק פאַרגרייזטן העברעיש. די סיבה דערפון איז, וואָס אין קעגנזאַץ צום פנקס פון דער חברה קדישא, איז דער פנקס פון דער חברה חייטים געפירט געוואָרן דורך געוויינלעכע פאָלקס־מענטשן, נישט קיין תלמידי חכמים, און ממילא איז די שפּראַך א שטאַרק פאַרגרייזטע.

דערביי איז צו באַמערקן בדרך כלל, אז וואָס שפּעטער אַן איינ־שרייבונג איז געמאַכט אַלץ מער די שפּראַך פאַרגרייזט.

אין אלגעמיין ווערט פונם פנקס קלאָר, אז די גרינדער פון דער חברה חייטים האָבן זיך געשטעלט זייער וויכטיקע עקאָנאָמישע און גייסטיקע אויפגאַבן, וועלכע ס'איז זיי נור טיילוויז געלונגען צו דערפילן.

אין דער איצטיקער צייט איז פון דעם אלעם פאַרבליבן די בלויזע פאָרם, וועלכע ווערט טיילוויז אָפּגעהיטן דורך די היינטיקע מיט־גלידער. זיי מאַכן טאַקע יאָר־יערלעך די קלפּי און וויילן גבאים, אָבער די באַדייטונג פון דער חברה און איר איינפלוס אויף די בעלי מלאכות און געזעלן איז כמעט שוין גאָרנישט צו דערקענען.

צום סוף מוז נאָך באַמערקט ווערן, אז ביים איבערגעבן אריגי־נעלע טעקסטן, סיי העברעישע און סיי יידישע האָבן מיר זיך באַמיט אָפּצוהיטן דעם גענויען אויסלייג פון די ווערטער לויט דעם ווי עס ווערט באַנוצט דורך די שרייבער אין פנקס. אזוי צב"ש ווערט דאָס וואָרט „חיטים" (שניידער) אויסגעלייגט א מאָל „חייטים", „חייטין", „חיוטים" און „חיוטין". ווי מיר זעען אַלזאָ געפינען זיך אין איין טעקסט די זעלבע ווערטער אין פאַרשידענע אויסלייגן.

III

## דער פנקס פון דער חברה הכנסת כלה

דער דאָזיקער פנקס פון דער „חברא הכנסת כלה וגמילת חס־דים", ווי די חברה ווערט פאַרצייכנט אין די תקנות — איז פאַרלייגט געוואָרן אינם גרינדונג־יאָר פון דער חברה ד"ה אין תר"ב (1842). דאָס בוך איז דיק 5 צ"מ, פאָרמאַט 22 × 18 צ"מ און איז געבונדן אין לייוונט מיט א לעדערנעם רוקן. דאָס שער בלאַט פעלט.

די זייטן 1—3 זענען פאַרנומען מיט די תקנות פון דער חברה, אין וועלכע ס'ווערט פיל גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון מצות הכנסת כלה און ס'ווערן דאָרט רעגולירט די פליכטן און רעכט פון די חברה מיטגלידער. די אָנפירונג פון דער חברה ווערט אויך רעגו־לירט אויף דעמזעלבן אופן ווי אין אלע אנדערע חברות ד"ה דורך א קלפי, וואָס ווערט יעדעס יאָר איינגעאָרדנט, כדי צו וויילן בוררים, וועלכע באַשטימען די גבאים און אנדערע אמט־לייט פון דער חברה.

דער טעקסט פון די תקנות, געשריבן אין העברעיש, איז מייסטנס שטאַרק אָפּגעריבן כמעט אומלעזבאַר.

אויף דער 4־טער זייט געפינט זיך א הסכמה פונם דעמאָלסטיקן בענדינער רב ר' דוב בעריש הערציגער ז"ל, ווי אויך א באַשטעטיקונג פון די משגיחים (דאָזאָרעס).

די ווייטערדיקע זייטן זענען פאַרנומען מיט איינשרייבונגען פון חברה־מיטגלידער זייט דער ערשטער גרינדונגס־צייט. ווייטער ביז נומער 83 זענען פאַראַן איינשרייבונגען פון דער שפּעטערדיקער צייט, מייסטנס אָן דאַטעס. אויף די זייטן 84 ביז 90 געפינט מען איינשרייבונגען פון מיטגלידער, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורכן דעמאָלסטיקן דיין ר' יהודה לייב טעלנער ז"ל (א פאָטער פון ר' יהושעלע דיין ז"ל).

פון זייט 120 קומען די איינשרייבונגען פון די חברה גבאים, וועלכע ווערן באשטימט דורך די בוררים, וואָס האָבן זוכה בגורל געווען אין דער „קלפי כשירה".

דער רב ר' דוב בעריש הערציגער ז"ל, אין וועמענס צייט און מיט וועמענס מיטהילף די חברה איז געגרינדעט געוואָרן, איז געווען דער ערשטער „על גביהם" (ערן פרעזעס). אחוץ דעם זענען יעדעס מאָל באשטימט געוואָרן 3 „אלופי ראשי השגחות" (א מין אויפזיכט ראט), 3 „אלופי גבאים" (עקזעקוטיוו), 3 „אלופי רואי־חשבון" (רעווידיר־קאָמיסיע) און א קאסירער.

אויף דער זייט 150 געפינט מען פאָלגנדיקע נאָטיץ:
„לזכרון מה שנתנו מהחברה הכנסת כלה לכלות עניות בנות עירנו מיום שנתיסדה". ד"ה „צום אָנדענק, וואָס אונזער חברה האָט



די פילסודסקי גאס
רחוב פילסודסקי

אויסגעצאָלט זייט איר עקזיסטענץ לטובת אָרימע כלות פון אונזער שטאָט".

נאָך דעם קומט א לאנגע רשימה, וועלכע נעמט ארום אונטער־שטיצונגען פון יאָר תר"ב ביז תרכ"ח (1842—1868), וואָס זענען אויסגעצאָלט געוואָרן פארשידענע נויטבאדערפטיקע יידישע משפחות, כדי זיי ארויסצוהעלפן ביים חתונה מאכן זייערע טעכטער.

אויף די ווייטערדיקע זייטן ביזן נומער 160 געפינען זיך די רעזולטאטן פון די יערלעכע קלפיות.

אויף זייט 161 געפינט מען א הסכמה פאר דער חברה, געשריבן אין יאָר תרל"ח (1878) דורך דעם דעמאָלסטיקן בענדינער רב ר' יצחק קימעלמאן ז"ל.

אויף דער זייט 187 ענדיקט זיך דער אלטער טייל פון פנקס און ס'הויבט זיך אָן דער נייער טייל, וואָס איז צוגעגעבן געוואָרן אין יאָר תרל"ט (1879) און איז נומערירט פון 188 ביז 270. די ווייטערדיקע בלעטער זענען גענצלעך אָן נומעראציע.

אין יאָר תרכ"ז (1867) האָבן די חברה מיטגלידער איינגעפירט א נייע תקנה (זייט 188), לויט וועלכער זיי האָבן זיך מתחייב געווען קעגנזייטיק זיך צו העלפן. אין פאל ווען א מיטגליד ווערט קראַנק דארפן צו אים קומען חברים אלס משמורים צו וואכן ביי אים א גאנצע נאכט. קיינער פון די חברים טאָר זיך נישט אָפּזאָגן פון צו גיין אויף א משמור, ווען די גבאים וועלן זיי באשטימען. ווען איינער פון דער חברה שטארבט, דארפן די חברים, וועלכע די גבאים באשטי־מען, שאפן ביי אים אין שטוב א מנין און דאָרט דאווענען במשך פון 4 וואכן. ווער עס וועט זיך נישט צופאסן צו דער דאָזיקער תקנה, האָבן די גבאים דאָס רעכט יענעם צו דערוייטערן פון דער חברה.

אויף די ווייטערדיקע זייטן קומען די רשימות פון די גבאים פון יעדן יאָר.

אין די לעצטע יאָרן, זייט תרפ"ז (1927), ווערן די גבאים רשימות איינגעשריבן מיט כתיבה־אותיות דורך א סופר.

אין יאָר תרפ"ז זענען אויך אריינגעטראָגן געוואָרן פאָלגנדיקע תקנות, געשריבן אין יידיש מיט כתיבה אותיות דורך א סופר, וועלכע מיר געבן דאָ איבער לויט דער אָריגינעלער טראנסקריפּציע.

א) אזויא ווי אין יאָר תרפ"ז האָט זיך גימאכט אין דיא חברה הכנסת כלה פון עטליכע פערזאָן וואָס האָבין גיוואָלט מתקן זיין תקנות וואָס איז קייגן די חברה וואָס עס האָט געקאָנט ברענגען אז די חברה זאָל פאר ניכטעט ווערין דורך דעם ח"ו ע"כ האָבין מיר זיך גישטארקט מיט אללע כוחות אין די חברה הכנסת כלה איז צוריק אוף זיין עגזיסטענץ דריבער האָבין מיר מתקן גיווען ווער עס וועט זיך אנטוואגען אויף צי שטיין קייגין די חברה הכנסת כלה מעגמען דעם פארזאָן אויסמעקין פון פינקס הזהב אָן שים פרעטענציע צי די גבאים וואָס וועלין שולט זיין אין דעהר צייט.

ב) יעדער מיטגליד מיז קימען לכל הפחות 6 מאָהל אין יאָהר צים דאווינען דהיינו 1 מאָהל דוירך 2 חדשים ווען נישט קען ער נישט האָבין קיין וואל ריכט דהיינו ער וועט נישט אריין גיין אין די קלפי אין דיא צייט ווען מען מאכט איין קלפי.

ג) יעדער מיטגליד וואָס וועט נישט ערלעדיגין וואָס ער האָט צי ערלעדיגין צי מיט געלד זאכין צי עפיס אנדרש קען ער ערלעדיגין ביז פ' תולדות אין ער קען ערלעדיגין דוירך א צוויטען אין אויב ער וועט נישט ערלעדיגין ביז צי די צייט קען ער אויך נישט אריין גיין אין די קלפי.

ד) דעהר וואָס זיין הצלחה ברענגט עס וואָס ער קימט ארויס אללעס בורר קען נישט פאר קויפן אין נישט אוועק שענקין אויסער מיט הסכמה פין דיא רוב חברה אין אויב ער וועט האָבין פאר קויפט פאלט אוועק זיין גאנצין רעכט אין די אנדערע 2 בוררים טיען וואָס זיי וועלין ווײל".

דאן קומט די אונטערשריפט פון הרב ר' צבי חנוך לעווין ז"ל.

די אייגנטלעכע טעטיקייט פון דער חברה און די באזונדערע געשעענישן צווישן די חברים זענען לײדער נישט ווי געהעריק באלויכטן געוואָרן אין זייער פנקס. די שרייבער האָבן זיך בלויז באגרענעצט צום איינשרייבן די מיטגלידער און די רשימות פון די גבאים.

IV

# דער פנקס פון דער חברה תהלים

דער פנקס „דחברא תהלים וגמילות חסדים" — ווי די דאָזיקע חברה ווערט באַצייכנט אויפן שער־בלאַט — איז דערהאַלטן אין אַ גוטן צושטאַנד. אויך דאָס שער־בלאַט, וואָס איז פאַרביק אָבער פּרימיטיוו אָרנאַמענטירט, איז גוט דערהאַלטן.

די גרינדונגס־דאַטע פונם פּנקס קאָן מען אויסזוכן אינם פּרט פון פאָלגנדיקן פּסוק, וואָס איז אָנגעגעבן — לויט אַן אַלטן יידישן מנהג — אויפן שער־בלאַט:

בשנת: „למנ׳צח ב׳נ׳גי׳נ׳ות׳ מז׳מו׳ר לד׳ו׳ד׳"

[די מיט די שטריכן באַצייכנטע אותיות שטעלן צוזאַמען דאָס יאָר תקפ"ט (1829)].

די דיק פונם פּנקס איז 5 צמ. דער פאָרמאַט 23×22 צמ. אין אַ גוטן איינבאַנד מיט אַ לעדערנעם רוקן.

אויפן עמוד ב׳ געפינט מען אַ ברייטע, מליצותדיקע פאַרהער־לעכונג פון קדושת שבת קודש און עס ווערט דאָרט אָנגעוויזן, דאָס אַזוי ווי בעוה"ר (בעוונותינו הרבים) לאָזט זיך די בעלדינער יוגנט ווילגיין יעדן שבת קודש מיט טענץ און געזאַנג — דעריבער האָבן די בעלדינער בעלי בתים באַשלאָסן זיך צוזאַמענצוקומען און האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס צו גרינדן אַ חברה תהלים. די מיטגלידער פון דער חברה זענען מחויב, סיי זומער און סיי ווינטער, יעדן שבת זיך צוזאַמענצוקומען אין דער שול און פאַרברענגען די צייט ביי תהלים זאָגן מיט געזאַנג און שמחה.

אויפן עמוד ג׳ געפינט מען 10 תקנות מיט אַ קליינע איינלייטונג, פון וועלכע מיר ציטירן דאָ די וויכטיקסטע:

„תקנות גדולות שיש כאן עשרה תקנות כנגד עשרת הדברות נעשו ונגמרו בזמן מתן תורתנו בא"ח (באחרון) של שבועות תקפ"ט לפ"ק ואל ישראל לפרט מעתה ועד עולם אמן ואמן".

תקנה א) עלה במוסכם אצל בני החברא קדישא של תהלים שכל בני החברא קדישא מחויבים להודות ולהלל ולשבח בשירי דוד עבדך באמירת תהלים מידי שבת בשבתו וגם ביו"ט ובכל ערב ראש חודש וזיין אדר דהיינו מידי שבת ויום טוב איזה ספרי תהלים ובערב ראש חודש ובזיין אדר כל חמשה ספרים בפעם אחת. וכל מי שיעבור בלי סיבה או איזה אונס המונע אותו מלבא בחצרות ד׳ בית אלקים לומר תהלים יוקנס בששה גדולים פוליש לחברא.

תקנה ב) קבלו החברא על עצמם שבאם ח"ו יחלה אחד מהם ר"ל ויהי׳ נצרך לסיוע עם ממון להשיב נפשו ולכלכל מחליהו ולרפאותו מחויבים ליתן לו מקופת החברא כפי ראות עיני הממונים וגם באם ח"ו יהי׳ עת צרה ויהי׳ מהצורך להתפלל עבור החולה אם דל ואם עשיר אשרי משכיל אל דל ואין דל אלא חולה דל מיקרי מחויבים כל בני החברא קדישא להת־אסף יחדיו מותאמים להתפלל עבורו ולומר תהלים ועבור זה מחויב החולה ליתן לקופת הצדקה לחברא הנ"ל שמונה עשר גדולים כמנין ח"י חי יזכור.

תקנה ד) מחויבים לגמול חסד עם החיים דהיינו להלות מתוך הקופה לכל נצרך עני ואביון על משכון באופן שיהי׳ שוה כפלים מכפי הלואתו בלי שום רווחים לשלם החוב אפילו לאחדים. וגם אם יבא אורח הגון יתנו לו כפי ערך אשר יתנו לו החברא קדישא דגומלי חסדים טובים דביקור חולים ונר תמיד דפה חלק שלישי והקאסירער לא יוכל ליתן מדעת עצמו אפילו פרוטה אחת מתוך הקופה מבלי קוויטל בחתימת גבאי חודש והנאמן.

תקנה ה) אם יעשו א׳ מבני חברא קדישא הלוו נשואין לא׳ מבניו הן לבן או לבת מחויב ליתן לתוך הקופת הנ"ל מכל מאה זה׳ (זהובים) נדן ששה גדולים והילדים אשר יוולדו לו לאחד מבני החברא קדישא מבן ששה גדולים ומבת שנים עשר גדולים.

תקנה יוד) וטוב לב משתה תמיד בכל שנה ושנה בשבת ראשון אחר הפסח מחויבים לעשות משתה ושמחה בבית גבאי פרנס חודש לשמוח יחדיו בבשר ויין ודגים בסעודת מצוה וכל אחד מבני החברא קדישא מחויב ליתן לסיום ח"י גדולים קודם עשיית הקלפי ובשמחת לבינו לא יתערב זר חוץ מי שיסכימו הממונים כתיקון בכל החברות.

איבערזעצונג:

די גרויסע (וויכטיקע) תקנות, וואָס געפינען זיך דאָ זענען צען אין דער צאָל אַנטקעגן די צען געבאָט, געמאַכט און אויסגעפּערטיקט אין דער צייט פון מתן תורה אין לעצטן טאָג (אסרו חג) פון שבועות תקפ"ט (1829) לפ"ק ואל ישראל לפרט. פון איצט ביז אייביק אמן ואמן.

ערשטע תקנה) עס איז באַשלאָסן געוואָרן ביי די מיטגלידער פון דער הייליקער חברה תהלים, אַז אַלע חברים זענען מחויב צו לויבן און דאַנקן מיט די געזאַנגען פון דוד המלך, דורך זאָגן תהלים יעדן שבת און אויך יום טוב און יעדן ערב ראש חודש, ווי אויך אינם זיבעטן טאָג פון חודש אדר, (אין דער יאָרצייט פון משה רבינו), דהיינו יעדן שבת און יום טוב דאַרפן אויסגעזאָגט ווערן אייניקע ספרים (טיילן) פון תהלים, און אין ערב ראש חודש, ווי אויך אין זיבעטן אדר — אַלע 5 ספרים פון תהלים מיט אַמאָל. און ווער עס וועט עובר זיין אויף דער תקנה אָן אַ סיבה אָדער אָן אונס, וואָס זאָל אים שטערן צו קומען אין דער שול, אין גאָטס הויז, צו זאָגן תהלים — וועט באַשטראָפט ווערן מיט אַ קנס פון זעקס פּוילישע גראָשן לטובת דער חברה.

צווייטע תקנה) די מיטגלידער פון דער חברה האָבן גענומען אויף זיך אַ התחייבות, אַז ווען ס׳וועט חס ושלום איינער פון זיי קראַנק ווערן און ר׳וועט ברויכן אָנצוקומען נאָך אַן אונטער־שטיצונג, כדי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן און אויסצוהאַלטן זיין קראַנקהייט מיט דער היילונג — זענען זיי מחויב אים צו געבן פון דער חברה־קאַסע לויטן איינזען פון די ממונים (עלטסטע). און אויך ווען ס׳וועט חס ושלום זיין אַן עת צרה און מ׳וועט ברויכן צו בעטן פאַר קראַנקן, סיי אַן אָרי־מאַן און סיי אַן עושר — ווייל איז דעם, וואָס האָט פאַר־שטענדניש פאַרן אָרימאַן — און ס׳איז נישטאָ נאָך אַזאַ אָרימאַן ווי אַ חולה, וואָס ווערט טאַקע אָנגערופן דל (אָרי־מאַן), דאַן דאַרפן זיך אַלע מיטגלידער פון דער חברה צוזאַ־מענקומען, כדי צו בעטן פאַר דעם קראַנקן און זאָגן תהלים. און דערפאַר איז דער חולה מחויב איינצוצאָלן אין דער צדקה־קאַסע פון דער חברה 18 גראָשן, אַזויפיל וויפל ס׳באַ־טרעפט דאָס וואָרט „חי" (לעבן), צום לעבן צו דערמאָנען.

פערטע תקנה) מען דאַרף גומל חסד זיין מיט די לעבעדיקע (געזונטע מיטגלידער), ד"ה צו באָרגן יעדן נויטבאַדערפטיקן אויף אַ משכון, וואָס דאַרף האָבן דעם טאָפּלטן ווערט פון דער הלוואה, אָן שום פּראָצענט אויסצוצאָלן אַפילו אין די קלענס־טע ראַטעס. און ווען ס׳וועט קומען אַן אָנשטענדיקער אורח, דאַרף מען אים געבן אַן אונטערשטיצונג אַ דריטל פון דעם, וואָס ער וועט באַקומען פון דער חברה גומלי חסדים טובים,

ביקור חולים און נר תמיד, פונדאַנען. דער קאַסירער האָט נישט דאָס רעכט אויסצוצאָלן פון דער קאַסע אפילו איין פּרוטה, אָן דער אונטערשריפט פונם גבאי־חודש און דעם נאמן.

פינפטע תקנה) ווען א חברה־מיטגליד מאַכט חתונה זיין קינד, סיי א זון און סיי א טאָכטער, דאַרף ער איינצאָלן אין דער חברה־קאַסע 6 גראַשן פון יעדע הונדערט גילדן נדן. ווען ס'ווערן געבוירן קינדער ביי א חברה־מיטגליד, דאַרף ער איינצאָלן 6 גראַשן פון א זון און 12 גראַשן פון א טאָכטער.

צענטע תקנה) אזוי ווי א משתה ברענגט צופרידנהייט, דאַרף מען יעדעס יאָר, אינם ערשטן שבת נאָך פסח איינאָרדענען א משתה ושמחה אין דער וווינונג פון גבאי, וואָס איז פּרנס החודש, כדי זיך געמיינזאַם צו פרייען אויף דער סעודת מצוה, וווּ ס'וועט זיין פלייש, וויין און פיש. יעדער מיטגליד דאַרף געבן 18 גראַשן פאַרן איינאָרדענען די קלפּי, און אויף אונזער אינטימער שמחה דאַרף זיך קיין פרעמדער נישט באַטייליקן, אחוץ א מענטש, וואָס די עלטסטע וועלן אויף אים מסכים זיין — אזוי ווי עס פירט זיך אין אלע אנדערע חברות.

פונם אריינפיר און פון די אויבן ציטירטע תקנות איז צו זען, וואָס פאַרא וויכטיקע אויפגאַבן די גרינדער פון דער חברה האָבן זיך געשטעלט. דעם הויפּט אימפּולס צו גרינדן די חברה האָט געגעבן דער רעליגיעזער מאָמענט. די גרינדער האָבן קודם כל געוואָלט אָפּציען די יוגנט פון די טענץ און דברים בטלים, ביי וועלכע זיי האָבן פאַרברענגט דעם שבת, און אלס ערזאַץ האָבן זיי פאַרגעלייגט צו זאָגן תהלים אין דער שול „מיט פרייד און געזאַנג" — ווי ס'דריקט זיך אויס דער בעל הקדמה. אָבער נעבן דעם רעליגיעזן מאָמענט זעט מען אויך ארויס פון די תקנות דעם בולט־געזעלשאַפט־לעכן כאַראַקטער פון דער חברה, וועלכע האָט ביי זיך א גמילת חסד קאַסע, וואָס גיט ארויס אירע מיטגלידער אָן פּראָצענטיקע הלוואות אויף משכנות. אחוץ דעם, ערטיילט די צדקה־קאַסע פון דער חברה אונטערשטיצונגען פאַר נויטבאַדערפטיקע חברים, בעת זיי געפינען זיך אין אן עת צרה. די זעלביקע קאַסע שטיצט אונטער דורכ־וואַנדערנדיקע אורחים, וואָס ווענדן זיך נאָך הילף.

די חברה זאָרגט אויך וועגן ארויסהעלפן די חברים מיט אונטער־שטיצונגען אין דער צייט פון א קראַנקהייט. צוליב דעם האָבן זיי ביי זיך איינגעאָרדנט א מין קראַנקן־קאַסע, כדי זיך קעגנזייטיק ארויס־צוהעלפן מיט רפואות, משמורים און זיך צו פאַרזיכערן קעגן אר־בעטסלאָזיקייט.

ווי מען זעט, זענען די הכנסות־קוואַלן פון דער חברה פאַרשידנ־אַרטיקע. מען נעמט אָפּצאָלונגען פון נדבות, פון נייגעבוירענע קינ־דער — דערביי איז כאַראַקטעריסטיש, אז פון א מיידל מוז דער פאָטער צאָלן אן ארט קאָנטריבוציע: אַנשטאָט 6 גראַשן ביים געבורט פון א יינגל, מוז ער צאָלן 12 גר. פון א מיידל. ווייטער קומען הכנסות פון שטראָפן, ווי צב"ש 6 גראַשן פאַר נישט קומען צו דער באַשטימטער צייט תהלים זאָגן.

אין יאָר תר"ה (1845) האָט די חברה באַקומען פון די דעמאָלס־טיקע דאָזאָרעס (משגיחים) א דערלויבעניש אויף איינצואָרדענען א באַזונדער מנין און פאַר דעם זכות, האָט די חברה זיך מתחייב געווען צו צאָלן 25 גילדן יערלעך לטובת דער קהלה.

די ערשטע קלפּי פון דער אויביקער חברה איז פאָרגעקומען אין יאָר תקפ"ט (1829). עס זענען דעמאָלט געוויילט געוואָרן 3 גבאים און 3 רואי־חשבון (רעווידיר־קאָמיסיע).

די ווייטערדיקע דפים פון פנקס זענען פאַרנומען מיט מיטגלידער־איינשרייבונגען און רעזולטאַטן פון די קלפּות, וואָס זענען יעדעס יאָר פאָרגעקומען.

דער פנקס ווערט ווייטער געפירט דורך די הייניטיקע חברה־מיטגלידער, וועלכע באַנוצן זיך אָבער בלויז מיטן איינשרייבן די רעזולטאַטן פון די יערלעכע קלפּות־צערעמאָניע. פון צייט צו צייט ווערן אויך נאָטירט די נעמען פון נייע מיטגלידער, וואָס טרעטן אריין אין דער חברה.

וועגן דער הייניטיקער טעטיקייט פון דער חברה תהלים געפינט מען ליידער נישט קיין שום שפּורן אין זייער פנקס.

V

## דער פנקס פון דער חברה נושאי המטה

דער פנקס האָט א פאָרמאַט פון 20×18 צענטימעטער, 3 צ"מ דיק אין א לעדערנעם איינבאַנד, וואָס איז א ביסל באַשעדיקט צוליב אַלטקייט.

דער דאָזיקער פנקס פאַרמאָגט א שער־בלאַט, אויף וועלכן ס'איז אָנגעגעבן דאָס גרינדונגס־יאָר פון דער חברה, ווי אויך א פּרט, וועלכער באַשטעטיקט די דאַטע.

די אויפשריפט אויפן שער־בלאַט קלינגט:

נתיסד למז"ט באיסרו חג של פסח תקב"ץ לפ"ק,
בשנת „בא יבוא דוד אשר הלך" פה בענדין.

אויף א זייט פאַרן שער־בלאַט געפינט זיך פאָלגנדיקע איינ־שרייבונג אין יידיש געמישט מיט לשון קודש:

„היות לראי' ולזיכרון לחברא נוה"מ וביקור חולים לעדי עד איך שאירע המעשה בין חברא החיוטין וועליכעס עס איז גישעהין איין פסול צווישען די חברא דיא לייט אודות וואָס זיי האָבין אראָב גיגאַנגוועט פון דיא תכריכים אונד דיא זאַך איז בירור ארויס געקומין ע"פ עדים נאמנים לכן האָט דס בית דין מיט דיא גבאים דח"ק גם המשגיחים איין פסק גימאַכט דס דיא חיוטין טאָהרין שוין נישט מעהה נייען ר"ל ווען עס ווערט טרעפין איין בר מינן נאָהר מען האָט דס מוסר לחברה נוה"מ נאָהר ווייל דיא חברא חיוטין זענין דער נאָך גיקומין לפני הרב ולפני הבית דין אונד האָבין זיך גיבעטין דס מען זאָל זייא צו ריק מוסר זיין דיא מצוה ווייל די חברא נוה"מ האָבין זיך זעהר כשורה געפירט לכן האָט זייא דער רב מיט דען בית דין איין כתב גיגעבין גם אין זייער בוך איין געשריבען דס ר"ל ווען עס ווערט זיך טרעפין חלילה צונייען אזוא טאָהרין זייא נישט עליינט נייען רק אצל החברא נוה"מ בבית המדרש שלהם אונד דיא גבאים מן החברא נוה"מ מיזין אויף זייא איין השגחה האָבין כדי עס זאָל ח"ו נישט ווידער זיין איין קלקול בדבר המצוה זו ע"כ זאָל דיא מעשה זיין לזיכרון דס דיא חברא חיוטין טאָהרין שוין קיינמאָהל נישט עליינט נייען בלתי רשות הגבאים דחברא נוה"מ יום עיו"ט שני דפסח".

נאָכן שער־בלאַט קומען די אלטע בלעטער, וואָס זענען נומערירט פון 1—85. ווייטער גייען שפּעטער־צוגעגעבענע בלעטער אָן נומע־ראַציע, צווישן וועלכע ס'געפינט א בלאַט נומער 34, וואָס איז אדורכגעלאָזט געוואָרן פונם אלטן טייל. צום סוף פונם פנקס געפינען זיך גאָר נייע בלעטער, וואָס זענען צוגעגעבן געוואָרן ערשט אין די לעצטע יאָרן.

אויף די בלעטער 1 און 2 געפינט זיך אן אויספירלעכע הקדמה, געשריבן אין א העברעאיש־אראמעישער מליצה־שפראך. דאָרט ווערט אָנגעגעבן די סיבה, צוליב וועלכער ס'איז אין יאָר תקצ"ב געגרינדעט געוואָרן די חברה „נושאי המטה" און ס'ווערן אויך ארומגערעדט די אויפגאבן פון דער חברה.

בקיצור קלינגט די הקדמה אזוי:

„אמת איז, אז אין דער שטאָט געפינט זיך שוין א חברה קדישא, וואָס עקזיסטירט זייט אייניקע הונדערט יאָר. די דאָזיקע חברה האָט איר פנקס, וועלכער באווייזט די וויכטיקייט און גרויסע פארדינסטן פון דער ח"ק. ס'האָט דעריבער קיינער נישט קיין שום רעכט צו גרינדן אנדערע חברות, וואָס זאָלן חס ושלום מיט עפעס שאָדן דער ח"ק. אינם יאָר תקצ"א איז אָבער אין דער שטאָט אויסגעבראָכן א מגפה (באשריבן געַנוי אינם פנקס פון דער ח"ק, וועלכן מיר האָבן דאָ באארבעט), און ווייל די מיעשטשאנעס האָבן נישט דערלויבט ווייטער קובר צו זיין אויפן בית־עלמין, וואָס עקזיסטירט שוין איבער צוויי הונדערט יאָר — האָט מען אין יאָר תקצ"א געמוזט קויפן פאר א סך געלט א נייעם פלאץ אויף א בית עלמין. אָבער צוליב דעם, וואָס דער בית עולם געפינט זיך ווייט פון דער שטאָט (געמיינט דעם בית עולם הינטערן בארג) און ס'איז א גרויסע טרחה דאָרט אהין איבערצופירן די בר מיננס ר"ל, האָבן זיך דעריבער די גרינדער פון דער חברה נושאי המטה געווענדעט צום קהל, בד"ץ און צו דער ח"ק, אז זיי זאָלן זיי דערלויבן זיך צו פארנעמען מיט דער מצוה. די גרינדער פארזיכערן, אז זיי וועלן אין אלע ענינים געהאָרכזאם זיין דער קהלה און ח"ק, און זיי וועלן גאָרנישט טון, וואָס זאָל ח"ו אָנרירן די הכנסות פון בית הכנסת, בית המדרש אָדער די צדקה גדולה (קהלה־קאסע).

אויף דער 2־טער זייט פון בלאט 2 געפינט מען א תקנה פון יאָר תקצ"ה (1835), וועלכע פארפליכטעט אלע מיטגלידער צו זאָגן תהלים אין דער שול אָדער בית המדרש אין פאַל ווען איינער פון זיי ווערט ח"ו קראנק. אויב איינער פון די חברים שטארבט, דארפן די חברה־לייט זיך צוזאמענקומען אין זיין שטוב, דאָרט דאווענען די גאנצע שלושים און יעדן טאָג זאָגן תהלים. זיי זענען אויך מחויב צו דינגען 2 תלמידי חכמים, וועלכע זאָלן במשך פון דער שבעה — יעדן פרימאָרגן און אָוונט — לערנען משניות פאר דער נשמה פון נפטר.

אויפן בלאט 3 געפינט זיך פאָלגנדיקע איינשרייבונג אין אלט־ יידיש:

„אנחנו המשגיחים הח"מ (החתומים מטה) האָבין זיך פר גלייכט עם החברא דנושאי המטה דפה היות דס חברא הנ"ל האָבין זיך ביז דען היינטיג טאָג געפירט אזוי וויא זיירי תקנות זענין ומה גם זייא קומין פיל מאָל צו ניצן די חברא קדישא אונד וואָס זייא האָבין צו גיזאָגט צו געבין לקופת הקהל פין זייער מנין בכל שנה ושנה האָבין זייא זיך אויס גיצאָלט עד יום דלמטה ומה גם דס זייא האָבין זייער אייגינים ספר תורה וואָס זייא האָבין זיך פר זייער געלד גילאָזט שרייבין ע"כ האָבין מיר משגיחים הח"מ זיך מיט זייא משוה גיווען דס זייא זאָלין געבין מהיום והלאה לקופת הקהל מידי שנה בשנה סך ששה ז"ה פויליש אונד דס ברויכין זייא צו געבין בכל חוהמ"ד של פסח עד עולם אונד קיין שום קהל הן מיר ח"מ (חתומים מטה) והן דיא קהלס לייט וואָס ווערין נאָך אונץ זיין קאָנין זייר מנין נישט שטערין וגם מוזין זייא געבין לא יאוחר מחוה"מ של סוכות הבע"ל להמשגיחים הח"מ חמשים ז"ה פויליש אכן וועָן זייא ווערין איינס פון דיא אויבן במעלדי זאכין נישט האלטין הן זיי ווערין דיא חמשים ז"ה בחוה"מ של סוכות נישט געבין אָבר זייא ווערין די ששה ז"ה בכל חוה"מ של פסח בכל שנה נישט געבין אזו קאָנין מיר ח"מ אָדר הקהל וואָס ווערין נאָך אונץ זיין זייר מנין שטערין רק זייא מוזין דאָס ספר תורה געבין לבהכנ"ס (לבית הכנסת) הקדושה דפה אָבר ווען זייא ווערין זיך אויס צאָלין אזו וויא אובין במעלד איזט קאָן זייא קיין שום מענטש אין דער וועלט נישט שטערין ואין ב"ד (בית דין) יכול לבטל דברי ב"ד חברו אלא אם כן גדול המנו בחכמה ובמנין כ"ז נעשה בלב ונפש חפיצה משני צדדים ובאו עה"ח היום אור ליום ה' ד' דחוה"מ של פסח תר"ב לפק פה בענדין. וליתר תוקף ועוז בא המאג"ג אב"ד דפה ג"כ על החותם".

עס קומען דאן פאָלגנדיקע אונטערשריפטן:

דוב בעריש הערציגער אב"ד דפה בענדין
נתן מרדכי סאנזיר משגיח (דאָזאר), דניאל בוגאיר, דוד ערליך, אליקום געצל שטארכאן ג"ר (גבאי ראשון), אהרן ברוינר ג"ש (גבאי שני), יצחק זאב בר"ס גבאי שלישי, פנחס שווארצ־ בעריג, נתן פוזמאנטירר, נחמן ברעס, מרדכי פעלץ, אפרים טעסטילירר, אליעזר ליזר שטארכאן, ר"ח (רואה חשבון) שני.

אויפן בלאט 4 געפינט זיך א באשטעטיקונג פון דער קהלה און דער חברה קדישא, וועלכע דערלויבן צו גרינדן א חברה נושאי המטה, בתנאי, אז זי זאָל אויספירן אירע פארפליכטונגען, לויט ווי ס'איז אָנגעגעבן אין די ווייטערדיקע פונקטן: (געשריבן אין לשון קודש):

1) די מיטגלידער פון דער חברה מוזן זיין יראים ושלמים. עס טאָרן נישט אָנגעהערן צו דער חברה אומפאסנדיקע מענטשן, וועלכע זענען חשוד אלס נישט פרומע און אויך אזעלכע, וואָס זענען נישט מקיים דין ב"ד ישראל.

2) זיי טאָרן נישט שאפן קיין שום נייעס, וואָס זאָל ח"ו ברענגען א שאָדן די איינקונפטן פון דער שול, בית המדרש אָדער דער קהלה־קאסע. אויך טאָרן זיי נישט מתקן זיין קיין תקנה, וואָס קאָן ברענגען א פחיתת הכבוד אָדער התנגדות פאר דער חברה קדישא.

3) די חברה נושאי המטה טאָרן אליין נישט מאכן קיין קלפי, כדי צו באשטימען גבאים, נאָר יעדן ערב יו"ט שני של פסח קומען זיי זיך צוזאמען און די בוררים, וואָס ווערן ארויסגעצויגן פון דער חברה קדישא־קלפי באשטימען פאר דער חברה, נושאי המטה: 2 גבאים, 2 רואי חשבונות און א קאסירער.

4) פון אלע חברה־הכנסות דארפן זיי אראָפגעבן לטובת דער חברה קדישא א דריטל פון נעטאָ איינקונפט, וואָס פאר־ בלייבט נאָכן אראָפרעכענען אלע הוצאות. דער טערמין פון אָפרעכענען זיך מיט דער חברה קדישא איז ערב יו"ט שני פון פסח, און דער ממונה פון דער חברה נושאי דארף זיך שטעלן פאר די גבאים פון דער ח"ק און אָפגעבן א גענויעם דין וחשבון.

5) די בוררים פון דער חברה קדישא קומט — לויט אן אלטע תקנה — יעדעס מאָל ווען זיי ווערן ארויסגעצויגן פון דער קלפי, נישט ווייניקער ווי א האלבן טאָפּ מעד. דעריבער מוז די חברה נושאי המטה — בעתן באשטימען זייערע גבאים — אויך געבן נישט ווייניקער ווי א קוואָרט מעד, מער איז אוודאי גוט.

7) ס'איז בפירוש אויסגערעדט געוואָרן, דאָס אויב א שכיב מרע (א שווער קראנקער) וועט פארלאנגען פארן שטארבן, אז די נושאי המטה זאָלן אים נישט טראָגן, נאָר אנדערע פערזאָנען, וועלכע ער וועט זיך אויסוויילן — קאָנען די חברה־לייט דאָס נישט שטערן. אויב דער קראנקער וועט נישט איבערלאָזן קיין צוואה וועגן דעם, נאָר זיינע קינדער און קרובים וועלן פארלאנגען, אז די גרויסע חברה קדישא אָדער אנשים חשובים זאָלן נושאי המטה זיין — דעמאָלט דארפן די יורשים געבן לטובת דער חברה נושאי המטה 2 מאָל ח"י גדולים, מיט קיין גרעסערע סומע טאָר זיי נישט די חברה באלאסטן. אויב די יורשים וועלן אליין נושאי זיין, טאָר די חברה אומבאדינגט נישט שטערן, ווייל אזוי דארף טאקע זיין, לויט ווי ס'איז דערקלערט אין ספר מעבר יבוק.

8) אויב ס'וועלן וועלן צוטרעטן צו דער חברה נייע מיטגלידער טאָרן זיי נישט צוגעלאָזט ווערן ביז צו דער צייט פון דער חברה קדישא־אסיפה, ד"ה ביז שמיני עצרת אָדער אחרון של פסח און דאן אויך נור, אויב די ממונים און בוררים פון דער ח"ק וועלן דערצו מסכים זיין, ווייל די חברה נושאי המטה איז געשאפן געוואָרן מיט דעם באדינג צו הערן און זיין אונטערגעוואָרפן דער חברה קדישא.

9) ס'זאָל זיין „בלע המות לנצח ומחה ד' דמעה מעל כל פנים" (ד"ה, ס'זאָל נישט מער זיין קיין שום שלעכטס). אין פאל ווען ס'וועט זיין א בר מינן, איז א ממונה פון דער חברה מחויב אכטונג צו געבן, אז ער מיט זיינע מענטשן, וואָס וועלן דערצו באשטימט ווערן זאָלן אלעס באלד אויספירן, ס'זאָל נישט זיין קיין פארשפעטיקונג און ס'זאָל זיין גאָטס רצון, דאָס מיר זאָלן דערלעבן גוטס און פרייד און ביאת המשיח במהרה.

אונטערגעשריבן: הרב מ. נחום רוזאניס רב דפ"ק בענדין.
דאטירט: תקב"ץ לפ"ק נעשה יום גימל ב' ניסן בשנה הנ"ל.

אויף זייט 6 געפינט מען נאָך א צושריפט פונם יאָר תרי"א (1851), אונטערגעשריבן דורכן דעמאָלסטיקן רב ר' חיים דוד (לאנג־פוס) ז"ל און אייניקע גבאים, לויט וועלכער נייע מיטגלידער קאָנען נאָר איינגעשריבן ווערן דורכן רב, צו וועמען די גבאים מוזן ברענגען דעם חברה־פנקס.

אויף דער צווייטער זייט פון בלאט 6 געפינט מען א באשטעטי־קונג פון די ח"ק גבאים און בוררים, געשריבן אין יאָר תקצ"ה (1835), ווו ס'ווערט אויסגעדריקט אנערקענונג די מיטגלידער פון דער חברה נושאי המטה פאר זייער גוטער אויפפירונג. די אנערקענונג האָט זיך אויסגעדריקט מיט דעם, וואָס די גבאים פון דער ח"ק האָבן באשלאָסן צו פארלייכטערן די מיטגלידער פון נושאי המטה דאָס אריינטרעטן אין דער גרויסער חברה קדישא[1] דורך פארקלע־נערן דאָס אָפּצאָל־געלט, וואָס ווערט דערביי פארלאנגט. די פריווילע־גיע איז גילטיק נור פאר די איצטיקע מיטגלידער, אבער נישט פאר די שפעטערדיקע.

אויפן בלאט 7 געפינט זיך א באשטעטיקונג פון רב ר' דוב בעריש (הערציגער) ז"ל, געשריבן אין יאָר תר"ב (1842), אז די חברה האָט איינגעצאָלט די 50 גילדן, וואָס זיי האָבן זיך מתחייב געווען צו באצאָלן דער קהלה, לויט ווי ס'איז פאָרגעזען אין דער תקנה אויפן בלאט 3, זייט 2.

1. כדי זיך אונטערצושיידן פון אנדערע חברות וועלכע האבן פאר זייערע נעמען אויך צוגעשריבן די ווערטער ח"ק — באצייכענט זיך די אייגנטלעכע חברה קדישא מיטן אדיעקטיוו „גרויסע" (חברה קדישא גדולה).

די בלעטער 8—10 זענען פארנומען מיט די אייגנטלעכע תקנות פון דער חברה נושאי המטה. די דאָזיקע תקנות אונטערשיידן זיך נישט פיל פון די אויבן ציטירטע פונקטן. אין די תקנות ווערן נור רעגולירט די אינערלעכע באציונגען צווישן די חברים, דער מיטגליד־אָפּצאָל, דער סדר ביים מתעסק זיין, די פירונג פון דער קאסע אאז"וו.

זייער כאראקטעריסטיש איז די תקנה 8, וועלכע ווארפט א ליכט אויף אן אלטן בענדינער מנהג, נעמלעך, אז יעדער ברית־מילה איז פאָרגעקומען אין דער שול אָדער אינם בית־המדרש און מען איז אנטקעגנגעגאנגען דעם רך הנמול מיט הבדלות בעת דער סנדק איז געקומען אין דער שול אריין צום ברית.

די תקנה 8 זאָגט: די חברים פון נושאי המטה האָבן גענומען אויף זיך, אז ווען ס'וועט ביי איינעם פון זיי געבוירן ווערן למז"ט א בן זכר, דארף דער בעל־ברית געבן ח"י גדולים פאר דער צדקה־קאסע פון דער חברה. דערפאר אבער, דארפן 2 ממונים פון דער חברה אנטקעגנגיין דעם סנדק מיטן רך הנמול (נייגעבוירענעם קינד) מיט אָנגעצונדענע הבדלות, ווען זיי קומען אין דער שול אָדער אין בית־המדרש אריין צום ברית.

פון דער תקנה 11 איז צו זען, אז די חברה האָט געהאט אן אויפגאבע צו געבן ליכט און א נר תמיד פארן פאָליש אין דער שול, אחוץ דעם האָבן זיי באדארפט אָנצינדן א לאמטערן נעבן דער שול, כדי די מתפללים זאָלן האָבן ליכטיק בעתן אהיימגיין פון דאווענען.

די תקנה 12 רעגולירט דאָס איינאָרדענען די סעודות פון דער חברה, דעם אָפּצאָל און די אָרדענונג.

די תקנה 13 באשטימט, דאָס אויב די בני־החברה וועלן זיך פירן כשורה און זיי וועלן פארלאנגען, אז דער רב זאָל פאר זיי האלטן א דרשה אויף זייער משתה אזוי ווי ביי אנדערע חברות — וועט מען דעם רב געבן רשות צו גיין צו זיי, נור בתנאי, אז עס זאָל זיין לכבוד הרב.

צום סוף קומט א דערקלערונג, דאָס די דאָזיקע 13 תקנות זענען מתקן געוואָרן אנטקעגן די שלש עשרה מדות, און ס'ווערט אויסגעדריקט דער ווונטש זוכה צו זיין צו דער גאולה שלמה, צום בנין בית המקדש און צו שמחות און גדולות.

אונטער די תקנות זענען אונטערגעשריבן הרב רוזאניס מיט די גבאים, אין יאָר תקצ"ב (1832).

אויפן דף 10 עמוד 2 געפינט זיך א ליסטע פון 22 מיט־גלידער, וועלכע זענען געווען די גרינדער פון דער חברה. אלס ערשטער מיטגליד פיגורירט א געוויסער ר' אהרן בדחן, וועלכער ווערט דערמאָנט אין דער הקדמה דורכן רב לשבח גדול.

ביי א טייל נעמען פון די גרינדער איז באמערקט, אז זיי זענען נדחה (דערווייטערט) געוואָרן פון דער חברה, אבער באלד דערנעבן געפינט זיך א צושריפט, דאָס דער נדחה געוואָרענער איז צוריקגעשטעלט געוואָרן אין זיינע רעכט.

פון בלאט 11—33 זענען איינגעשריבן די ערשטע מיטגלידער פון דער חברה.

די ערשטע התמנות פון 2 גבאים, 1 קאסירער און 2 רואי חשבונות, געפינט זיך אויפן בלאט 34 זייט 2, דאטירט אין יאָר תקצ"ג (1833).

נאָך דעם קומען ווייטערדיקע איינשרייבונגען פון התמנויות ביזן יאָר תר"ב (1842), וואָס געפינט זיך אויפן בלאט 59, זייט 2.

אויפן בלאט 61 געפינט מען פאָלגנדיקע איינשרייבונג:

„הן היום דלמטה יצא פסק בית דין מהגבאים דחברא נוה"מ (נושאי המטה) ובצירוף ממונים דחברא על ר' משה שטיינהארט אודות המחלוקת וואס ער האָט מזלזל גיווען די חברא נוה"מ וואס ער האָט גיזאָגט דס דיא גאנצי חברא זענין גראָבי יונגען אונד עס קען קיינער נישט קיין וואָרט עברי אונד דער גבאי איז נישט ראוי צו זיין איין גבאי ביי אונץ אונד זעליכע גבאים מעג מען איין שטעקען אונד ער ווערט ביי אונץ אזא מחלוקת מאכען וויא ביי דער חברא תהלים לכן האָבן מיר גבאים וממונים איין פסק גימאכט דס דער ר' משה שטיינהארט דס בשנה זו תרי' איז עהר קיין ממונה אונד זיין התמנות גילט נישט ואחר שנה זו דהיינו תרי"א טאָהר ער קיין קאלפע נישט בעקומען אונד עס טאָהר עהם קיין בורר נישט מאכן פר קיין שום ממונה ואחר שתי שנים דהיינו משנה זו תרי' ושנה תרי"א ווערט ער ייא בעקומען איין קאלפע אונד מען מעג עהם מאכען פר איין ממונה נאָר פר איין גבאי טאָהר מען עהם נישט מאכען ג' שנים רציפת דהיינו תרי"ב עד שנה תרט"ו לפ"ק כי הפסק זה לו נאה ולו יאה ע"ז באנו אנחנו גבאים וממונים עה"ח עש"ק פרשת בהעלותך תר"י לפ"ק".

ס'קומען דאן די אונטערשריפטן פון די גבאים.

אויפן בלאט 68, זייט 2 געפינט מען א חשבון פון יאָר תרכ"ו (1866), ווי ס'זענען אָנגעגעבן די בוי־קאָסטן פונם בית המדרש פאַר דער חברה נושאי המטה.

פאָרן חשבון געפינט זיך פאָלגנדיקע צושריפט:

„חשבנו בחשבון צדק עם הגבאים וקאסירער דחברא קדישא שלנו דהיינו ר' אברהם דניאל ווינר ר' לייביש פיק עם ר' משה וואידסלבקי עם ר' קלמלי קייזר קאסירער מבנין הבית מדרש שלנו כל הקאָסטין לאחדים בפירוש כמה עולה לסך דהיינו".

| | | |
|---|---|---|
| 50 כור קאללעך א $2^{15}$ | — | 125 |
| לעשש געלד מיט וואסער עם ש"ע | 10 | 103 |
| 12000 ציגעל מיט ש"ע (שכר עבודה) | — | 560 |
| 3 קלאפטער שטיינר | — | 105 |
| זאנדט | 10 | 73 |
| 2 שאַק ברעטיר | 20 | 266 |
| בעלקיס | 10 | 53 |
| קראקטוועס | — | 40 |
| באללעס צו טוהרין עם בע"מ (בעלי מלאכות) | — | 40 |
| 70 שאַק שינדלען א $2^{24}$ | — | 196 |
| נעגיל | 25 | 171 |
| טוהרין מיט ראַממען | — | 117 |
| סוממע עולה | 15 | 1851 |
| טראנצפּורט | 15 | 1851 |
| לאַטטעס | 20 | 26 |
| מאָרערס מיט צעצלערש | — | 1140 |
| העלפירס צו איין לייגין אין פונדימענט | — | 50 |
| קאָוואל | — | 20 |
| פענצטער מיט שייבין מיט בישלאג | 20 | 198 |
| לאַם מיט קלאָבין דען באלטין | — | 50 |
| מאָהללין דען באלטין מיט דיא ווענט | 10 | 69 |
| י"ש (יין שרף) 15 טעפּ א 8 | — | 120 |
| קלייננה הוצאות לערך | — | 50 |
| ס"ה קאָסט | 5 | 3576 |

ס'דאַרף באמערקט ווערן, אַז דער חשבון איז געמאַכט געוואָרן אין גילדן מיט גראָשן (1 גילדן — 30 גראָשן).

אונטערן חשבון איז אָנגעגעבן פאָלגנדיקע דאַטע: ולראי' באנו עה"ח (על החתום) היום יום א' דהחו"פ שנת תרך"ו לפ"ק".

דאָנצ קומען פאָלגנדיקע אונטערשריפטן: מאיר ווינר, קלונמוס קלמן רוס, שמעלקי וויינריב, אברהם מרדכי יונגסטער, בנימין מרדכי קריצליר, שלמה פערשט.

אויף די ווייטערדיקע בלעטער קומען נאָטיצן פון רשימות פון שפּעטערדיקע התמניות, ווי אויך נייע חברים־איינשרייבונגען. אָפט ווערן קינדער צוגעשריבן אויפן בלאט פון זייער פאָטער, דעריבער קאָן מען געפינען אויף דעמזעלבן בלאט איינגעשריבן 2 ביז 3 דורות פון דערזעלבער פאַמיליע.

אויפן בלאט 83 געפינט מען פאָלגנדיקע איינשרייבונג:

„היות היקר ר' אלי' ניסן איז גיווען אצל ר' משה וואידעסלעווער ופער פיו על החברא נוה"מ בדברים מכוערים ואמר בזה הלשון איי ער ווערט ברויכען דיא חברא נוה"מ ווערין דער וויל אלע חברא לייט אויס שטארבען אונד מען ווערט ברויכען צו נוצין חוצניקעס (פרעמדע) לכן האָבין מיר חברא נוה"מ דיא זאַך גיוואר גיוואָרין אונד האָבין גובה עדות גיווען ע"פ עדים כשרים ונאמנים האָבין מיר חברא נוה"מ נאָך ר' אלי' ניסן וויסלער הנקרא ליטוואק געשיקט דס ער זאָל צו דער חברא קומין האָט ער משיב גיווען וועין דיא גאנצי חברא ווערט נאָך עהם קומין ווערט ער אויך נישט קומין לכן זענין מיר ממונים דחברא נוה"מ גיגאנגין צו דער חברא קדישא גבאים אונד דיא גבאים פון דער ח"ק האָבין נאָך עהם געשיקט איינמאהל האָט ער משיב גיווען דס דיא חברא קדישא קאנין עהם מעהר נישט טאהין נאר אז ער ווערט שטארבען זאָל מען עהם איין שרייבען האָט מען נאָך עהם עוד הפעם געשיקט האָט עהר ווידער אזוא משיב גיווען דאס ער האָט גאהר קיין מורא פר דער חברא אונד וויל נישט צו זייא גיין אונד האָט גיזאָגט בזה הלשון נעי באַי דאס איז אויף רוסיש אונד אויף אונזער לשון איז דס ווארט דס עהר האָט גאָהר קיין מורא פר דיא חברא אונד ביי דעם איז גיווזין איין עד ר' יוסף הירציגער אונד צווייא שמשים ר' משה יוסף פערשט אונד ר' קלמלע קייזער לכן עלתה בדעתינו במוסכם כל החברא קדישא זוא באלד אז עהר ווערט ברויכין דיא חברא צו עהם אונד צו זיין ווייב אונד צו זיינע קינדער ווערין דיא חברא ווידער צו עהם אזוא ענטפערין בזה הלשון נעי באַי הן עהר ווערט ברויכין ביקור חולים אודר התעסקות דיא חברא קדישא ווערין זיך ברויכין מים עהם מתעסק זיין ווערין מיר חברות ווידער עהם אויך ענטפערין מיט דען נעמליכען לשון וויא עהר האט צו אונץ גיזאגט נעי באַי נקרא אויף אונזער לשון עס מיר האָבין פר עהם אויך קיין מורא ע"ז באנו אנחנו גבאים וממונים דח"ק ובח"ק וב"ח ונ"ת וגבאים דחברא נוה"מ על החותם מש"ק פרשת תצוה ה' ימים בחודש אדר שנת תר"י לפ"ק בענדין".

ס'קומען פאָלגנדיקע אונטערשריפטן:

הענדיל ערליך, מרדכי פרענקיל, מרדכי היידע, יחיאל מיכל שפירא, ארין נאנבערג (משגיח), בענדיט פישלס, משה הירש פישלס, אברהם יוסף פרענקיל הלוי, משה דוד שפירא, מרדכי פעלץ, קלמלי קייזר, משה יוסף פערסט, פנחס שווארצבערג.

באלד אויפן פאָלגנדיקן בלאט 84 געפינט מען א נאָטיץ, דאטירט, יום ד׳ ג׳ דחוה"מ של פסח תרי"ג (1853), ווו ס'ווערט געזאָגט, אז דער דערמאָנטער ר׳ ניסן ווייסלער האָט מפייס געווען די חברה קדישא, וועלכע האָט אים מוחל געווען במחילה גמורה און אים אָנגענומען אלס מיטגליד פון דער חברה מיט פולע רעכט. ס'איז די חברים שטרענג פארבאָטן געוואָרן צו באַליידיקן אָדער שיקאנירן ווייסלערן.

אונטער דער נאָטיץ זענען אונטערגעשריבן די גבאים.

נאָכן בלאט 85 קומען ניי־צוגעגעבענע בלעטער אָן נומעראַציע, ווו ס'געפינען זיך פונאנדערגעוואָרפן פארשידענע נאָטיצן, חברים־איינשרייבונגען און התמניות אָן שום סדר, און אין א שטארק פארגרייזטער שפראך. די איינשרייבונגען ציען זיך ביז צום היינטיקן טאָג.

ווי מיר האָבן שוין באמערקט, איז פאר כמעט אלע פנקסים כאראקטעריסטיש, אז וואָס שפעטער די איינשרייבונגען זענען געמאכט געוואָרן, דעסטאָ מער זענען זיי פארנאכלעסיקט, סיי בנוגע דעם אויסלייג און סיי בנוגע דער פאָרם און אינהאלט. אזוי צב"ש טרעפט מען העברעישע ווערטער מיט א ריין פאָנעטישן אויסלייג. פארשטייט זיך, אז דאָס איז נישט געמאכט געוואָרן מיט דער כונה צו רעפאָרמירן די העברעישע אָרטאָגראפיע, נאָר פשוט צוליב געוויינלעכער עם הארצישקייט. אזוי טרעפט מען אויסגעלייגט דאָס וואָרט „קאלפע" אָנשטאָט „קלפי", „שאהל" אָנשטאָט „שאול", „מאיער" אָנשטאָט „מאיר". אָדער „מאטכאה בען מוישאה" אָנשטאָט „מרדכי בן משה" אָדער „האבאכער שעלוימאה זאלמאה" אָנשטאָט „הבחור שלמה זלמן" אאז"וו.

אויפן 50־סטן בלאט, זייט 2, פון די נישט נומערירטע בלעטער, געפינט מען פאָלגנדיקע איינשרייבונג:

„אנחנו חתומים דלמטה האבין אויף גענומען רוב דעות אז אין דער חברה זאלל מען מעהר קיין קלפות נישט ציהען נאר יעדעס יאהר זאלל מען וועהלין 3 גבאים דורך וואהל צעטלען אין די 3 געוועהלטע גבאים קענען זיך אויס וועהלין איין קאסירער לויט זייער ווינטש, יעדעס יאהר מיז פערעפענטליך ווערין איין בילאנס פיר די גאנצע חברה פין די איינקונפטען מיט דיא אויסגאבען וואס זענין גימאכט גיווארין פר דיא חברה, דער זמן פין דיא וואהלין איז פין היינט אב באשטעטיגט ביז אי"ה ראש חודש טבת הבע"ל אין אזוי אויף ווייטער אי"ה יעדען ראש חודש טבת, דיא וואהלען פין יעדען יאהר וואס ווערין גימאכט ווערין קענין נאר באשטעטיגט ווערין דורך דיא גרעסערע העלפט וועהלער וועלכע ווערין האבין וואהל גלאָססין. די חברה לייט וואס וועלין נישט צאהלין אויף הצתרכות החברה דיא קענין אויף קיין פאהל נישט האבין קיין וואהל גלאָססין אין בוודאי קענען זאלכע נישט גיוועהלט ווערין דורך אנדרע וועהלער פר גבאים.

כל זה נעשה בהסכם ח" דלמטה ביום א׳ לסדר בהר י"ט למב"י (למספר בני ישראל) שנת תרע"ג לפ"ק פה בענדין".

אונטער דעם קומען 26 אונטערשריפטן.

באלד אויף דעם אנדערן באלט געפינט זיך פאָלגנדיקע נאָטיץ:

„למזל טוב דיא נייע גבאים וואס זענין היינט גיוועהלט גיווארין דורך ריכטעק וועהלין וויא אויך אלע קאנדידאטען וואס האבין בעקומען גלאָססען פון דיא חברה וועהלערס אין הש"י זאל העלפין אונזערע אללע מיטגלידער וכל ישראל מיט א גיט געזונד אין מיט גיטע פרנסות אין צי לעבין בשלום ושלוה עד ביאת גואל אמן סלה

| | | |
|---|---|---|
| ר׳ לוי וואלהעגדלער גבאי ראשון | גלאָססען | 29 |
| ר׳ זינדיל וויסמארק גבאי שני | " | 26 |
| ר׳ אהרן ראסס גבאי שלשי | " | 18 |
| ר׳ שלמה לייזעראוויץ | " | 9 |
| ר׳ משה ליוועער | " | 6 |
| ר׳ וואלף ראסס | " | 6 |
| ר׳ שלמה פערשטענפעלד | " | 3 |
| ר׳ משה דוד מערין | " | 1 |

מיר 3 גבאים האבין זיך אויס גיוועהלט איין קאסירער מיט מזל ר׳ איציק פערשטענפעלד".



די קאלאנטאיא גאס („פארן טויער")
רחוב קולונטאי („ליד השער")

אויף די לעצטע באשריבענע בלעטער געפינט מען פאָלגנדיקע נאָטיץ:

„בשנת תקצ"א איז געגרינדעט געווארען דיא חברה נושאי המטה מיט פערשידענע תקונות איין תקונה לויטעט דס יעדערס יאָהר אין חוהמ"פ זאל מען מאכען איין קלפי אין דיא ערשטע 3 קוויטלעך וואס ווערען ארויס געצויגען דיא ריפען זיך בוררים זייא האבען דס רעכט גיהאט צו מאכען גבאים ווי אויך אנדרע ממונים אין דיזעס יאהר דס הייסט תרצ"א איז ארויס געקימען בוררים ר׳ שאול נטע הערצבערג מיט ר׳ שלמה פערשטענפעלד אין האבען זיך אליין געמאכט פר גבאים אויף וועלכעס דיא גאנצע חברה לייט זענען נישט געוועזען איין פערשטאנד דאדורך איז געוועזען גרויסע מחלוקת ביז זייא האבען זיך אין מיטען יאהר געמיסט אב זאגען דאריבער האבען מיר אללע חברה לייט בישטעדיגט דס עס זאלל שוין מעהר קיין קלפי געצויגען ווערען נאר

יעדרעס יאהר זאלל מען מאכען די ממונים דורך וואלען אין ביז חוהמ"פ האט מען דוירך וואלען אויס געוועהלט ר' וואלף רוסס אין ר' יעקב סאפער אין אי"ה אי"ה חוהמע"פ הייריקעס יאהר ווערען מיר זעהען וויא אזוי די וואלען זאללען געמאכט ווערן יעטץ מיזען מיר ערינערין דס דיזעס יאהר איז געווארען 100 יאהר זייט די חברה נושאי המטה האט זיך געגרינדעט האבען מיר איין יובל געפייערט מיט איין גרעסטען פאראד אין דעם נייעם בית המדרש וועלכעס מיר האבען אויף געשטעלט אויף אין תלמוד תורה פלאטץ שנת תרפ"ח פר אונזער אייגען געלד וויא אויך אללע כלים וואס געפינט זיך אין דעם בית המדרש דער בעלעמער דער שטיין לזכר עולם אין דס געהמעליכץ דס אללעס איז פערטיג געווארען צום יובל שנת תרצ"ב אלץ פיר אייגען געלד וועלכעס שדייט ווייטער אויס גערעכענט וויא פיהל איינעם האט געקאסט אין ווער די אנפירער זענען געוועזען פין דעם אלעמען".

לײדער געפינט מען נישט אין פנקס די ליסטע פון די מתנדבים און די אָנפירער. אויף דער צווייטער זייט פון דער אויבן ציטירטער נאָטיץ געפינט זיך די רשימה פון די גבאים און אַמטלייט פון יאָר תרצ"ג.

די לעצטע באַשריבענע זייט פונם פנקס איז פאַרנומען מיט דער רשימה פון די גבאים און אַמטלייט פון יאָר תרצ"ו.

די חברה נושאי המטה עקזיסטירט ווייטער אין אונזער שטאָט, אָבער די אויבן דערמאָנטע 100 יעריקע יובל־פייערונג האט נישט פאַרגרעסערט די באַדײטונג פון דער חברה, וואָס איז מיט העכער הונדערט יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן דורך חשובע בעלי בתים, אלס פועל יוצא פון די דעמאָלסדיקע אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן.

VI

## דער פנקס פון דער חברה „מלביש ערומים"

דער דאָזיקער פנקס איז דער יינגסטער צווישן די, דורך אונז באַאַרבעטע פנקסים. ר'איז געבונדען אין לייוונט, דער רוקן פעלט, האט א פאָרמאַט פון 18×22 צ"מ, 2 צ"מ די דיק און איז נומערירט פון 1—179 (די נומעראַציע גייט נישט לויט די זייטן, נאָר לויט די בלעטער).

וועג דער גרינדונגס־דאַטע פון פנקס ווערט מען געוווּיר פון דער פאַלגנדיקער אויפשריפט, וואָס געפינט זיך אויף דער 2־טער זייט פונם בלאַט 179:

„נעשה ונגמר מרצונינו הטוב יום עש"ק פרשת בלק
ט"ז לחודש תמוז שנת תרנ"ג לפ"ק בענדין"

ד"ה ס'איז געמאַכט און פאַרטיק געוואָרן לויט אונזער גוטן ווילן, אין ערב שבת קודש פרשת בלק, 16 טעג אין חודש תמוז, אין יאָר תרנ"ג (1893) אין בענדין".

אויף דער זעלביקער זייט געפינט זיך אויך דער סטעמפל פון הרב ר' איטשעלע קימעלמאַן ז"ל, ווי אויך דער סטעמפל פון דער חברה מיט דער אויפשריפט:

„חברה בחורים דמלביש ערומים
עבור תינוקות של בית רבן פה בענדין"

**ד"ה די „חברה בחורים פון מלביש ערומים פאַר די קליינע חדר** קינדער אין בענדין".

אויפן 2־טן, ינשט נומערירטן בלאַט, געפינט זיך פאָלגנדיקע, ערשטע איינשרייבונג:

„הבחורים המשכילים היקובים בשמותם למטה התנדבו לבובם לייסד החברה של מלביש ערומים דהיינו להלביש את ילדי עניים מת"ת מעירנו פעם אחת בכל שנה ושנה בר"ח מרחשון וקימו וקבלו עליהם בקושר אומץ וחזק את כל התקנות הנכתבים להלן בהפינקס הלז ובזכות זה יחדל אביון מקרבינו ויבא משיחנו במהרה בימינו אמן".

איבערזעצונג:

„די אויפגעקלערטע יינגעלייט, וועמענס נעמען עס פיגור־רירן אונטן האָבן באַשלאָסן צו גרינדן די חברה מלביש ערומים, ד"ה צו באַקליידן, יאָר־יערלעך אין ראש חודש מרחשון, די אָרימע תלמוד תורה קינדער פון אונזער שטאָט. זיי האָבן באַשטעטיקט און גענומען אויף זיך — מיט אַ פעסטן און שטאַרקן בונד — אַלע תקנות, וואָס ווערן וויטער פאַרשריבן אינם דאָזיקן פנקס. און אין דעם זכות זאָלן צווישן אונז נישט זיין קיין אָרימעלייט און עס זאָל באַלד קומען משיח, אין אונזערע טעג, אמן".

אויפן זעלבן בלאַט געפינען זיך אויך די סטעמפלען פון הרב ר' יצחק קימעלמאַן ז"ל און פון דער חברה.

אויפן 3־טן — נישט נומערירטן בלאַט — זייט 2, הויבט זיך אָן די איינשרייבונג פון די תקנות, וואָס זענען פאַראַן 10, אַחוץ אַ צוגאָב־תקנה.

מיר גיבן דאָ אין אַ יידישער איבערזעצונג די תקנות, וואָס זענען געשריבן אין לשון קודש:

תקנה א) יעדער פון די חברה מיטגלידער איז זיך מתחייב צו צאָלן 5 קאָפּיקעס גראַשאָווע וועכנטלעך. פון יעדן נייעם מלביש, וואָס אַ מיטגליד מאַכט זיך, מוז ער אָפּצאָלן 9 קאָפּ' ווען ער וועט תנאים שרייבן — 27 קאָפּ' און אין חופה־טאָג 54 קאָפּ'.

תקנה ב) מיר זענען זיך מתחייב צו באַקליידן די תלמוד תורה קינדער איין מאָל אין יאָר, און אויב גאָט וועט העלפן און מיר וועלן זיך קאָנען דערלויבן, פאַרפליכטן מיר זיך צו באַקליידן די קינדער 2 מאָל יערלעך. דער אָנהויב פון דער באַקליידונג דאַרף זיין אי ראש חודש מרחשון פונם יאָר תרנ"ה (1895).

תקנה ג) מיר פאַרפליכטן זיך צו דינגען אַ מלמד, וואָס זאָל יעדן שבת, אין דער פרי און נאָכמיטאָג, לערנען מיט די חברה־מיטגלידער, און יעדער חבר איז מחויב אָנטייל צו נעמען אינם לימוד בציבור.

תקנה ד) דאָס שכירות דאַרף מען דעם מלמד אויסצאָלן פון דער חברה־קאַסע, און ווען אין דער קאַסע וועט נישט זיין גענוג געלט, דעמאָלט איז יעדער חבר מחויב צוצוהעלפן דער חברה לויט זיינע מעגלעכקייטן.

תקנה ה) יעדעס יאָר אין חול המועד פסח ווערט דורך אַ גורל געמאַכט אַ קלפי, פון וועלכער ס'ווערט ארויסגעצויגן די

נעמען פון 3 בוררים, וואָס זענען כשר לעדות. די בוררים מאַכן 3 גבאים און אַלע ממונים, וואָס מוזן זיין אַנשטענדיקע מענטשן, צוליב וועלכע ס'זאָל נישט אַנטשטיין קיין מחלוקות. די בוררים טאָרן נישט מער אויסוויילן ווי 12 ממונים.

תקנה ו) די גבאים זענען מחויב יעדע וואָך צו שיקן 2 מיטגלידער פון דעם חברה, כדי צוזאַמענצונעמען דעם אָפּצאָל (גראַ־שאָווע) און דאָס געלט מוזן זיי יעדע וואָך איבערגעבן דעם קאַסירער. די חברים מוזן גיין איינקאַסירן יעדעס מאָל ווען עס שיקן זיי די גבאים.

תקנה ז) יעדער חברה־מיטגליד איז מחויב יעדע וואָך פּינקטלעך צו צאָלן גראַשאָווע צו די 2 חברים, וועלכע די גבאים שיקן, און ער טאָר נישט פאַרשפּעטיקן מער ווי אַ חודש. ווען דער טערמין גייט אַדורך און דער חבר האָט נישט באַצאָלט, האָבן די גבאים און די ממונים — אין הסכם מיט אַלע חברה־מיטגלידער — דאָס רעכט מיט אים צו טון לויט זייער ווילן.

תקנה ח) נאָך דעם ווי די חברה וועט שוין עקזיסטירן און ס'וועט עמעץ זיך וועלן דאָרט איינקויפן, מוז דאָס זיין מיטן וויסן פון דער חברה, און אין דער אַנוועזנהייט פון ווייניקסטנס פון 10 עלטסטע, וועלכע דאַרפן דעם קאַנדידאַט איינשרייבן אין פנקס, און די עלטסטע מוזן זיך דערויף אונטערשרייבן.

תקנה ט) די בוררים טאָרן נישט באַזייטיקן קיין גבאי, כדי אים נישט מביש צו זיין. זיי טאָרן אויך נישט מאַכן קיין גבאי, אויב ר'איז נאָך נישט געווען קיין עלטסטער (ממונה).

תקנה י) יעדעס מאָל ווען ס'וועט געמאַכט ווערן אַ קלפי דאַרף מען דערנאָך מאַכן א משתה און דאָס געלט אויף דעם טאָר מען נישט נעמען פון דער חברה־קאַסע, נאָר יעדער איז מחויב צו געבן פון זיין טאַש. אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן, בעת די חברה וועט זיך צונויפזאַמלען און ס'וועט געמאַכט ווערן אַ משתה, טאָר מען דאָס געלט נישט נעמען פון דער חברה־קאַסע.

אַ צוגאָב תקנה) אויב די גבאים און די עלטסטע ווילן עפּעס טון פאַר דער חברה, מוז דאָס זיין מיטן הסכם פון אַלע חברה־מיטגלידער.

אויפן 5־טן, נישט נומערירטן בלאַט, זענען פאַרשריבן 40 נעמען פון די גרינדער. עס פיגורירן דאָרט, צווישן אַנדערע, אויך פאָלגענדיקע נעמען: חיים וואָלף שטיינהאַרט, אביגדור שווייצער, די ברידער אלי־מלך און חיים שטראַכליץ, יוסף באַזשיקאָווסקי, מאיר בלומענפרוכט, אלי' דוד באַלימאָווסקי, חיים לייב קערנער, נחמיה ווייסזאַלץ.

פון בלאַט 1—99 קומען איינשרייבונגען פון מיטגלידער. אויפן בלאַט 100 איז איינגעשריבן דער רעזולטאַט פון דער ערשטער קלפי, וואָס איז פאַרגעקומען דאָנערשטאָג, דעם 4־טן טאָג חול המועד פסח, תרנ״ד (1894).

די בלעטער 101—146 זענען פאַרנומען מיט די רעזולטאַטן פון די קלפּות אין די יאָרן תרנ״ה—תרצ״ז (1895—1937).

די בלעטער 147—166 זענען אומבאַשריבענע. אויף די בלעטער 167 און 168 זענען איינגעשריבן נייע מיטגלידער, און פון 169 ביז 179 קומען ווידער אומבאַשריבענע בלעטער.

די הויפּט־אידיי פון דער חברה „מלביש ערומים״ ווערט אָפּגעהיטן ביז אויפן היינטיקן טאָג. יעדעס יאָר ווערן אין חודש מרחשון באַקליי־דעט אַ פּאָר הונדערט אָרימע קינדער ווי אויך דערוואַקסענע מענער און פרויען.

פון די פאַרשידענע באַמערקונגען און רשימות אין די אויבן דערמאָנטע פנקסים איז צו זען, אַז ביי דער קהלה אין בענדין האָבן די דאָזיקע חברות אָדער משגיחים — ווי זיי שרייבן זיך אונטער — געפירט אַ קהל פנקס, וווּ ס'זענען איינגעשריבן געוואָרן אַלע וויכטיקע געשע־ענישן פון דער שטאָט, אָפּמאַכן מיט די היגע חברות, פאַרשידענע תקנות און פסקי דינים. דער דאָזיקער פנקס, וועלכער וואָלט אונז געקאָנט געבן אַ שלל מיט מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטלעכער פאָרשונג פון יידישן ישוב אין בענדין און דער אומגעגנט איז ליידער פאַרלוירן געגאַנגען, און אויף ווי ווייט מיר האָבן נאָכגעזוכט איז ער מער נישט בנמצא אין בענדין.

## באַמערקונג:

אַלע דערגענצונגען פון די ראשי תבות, דערקלערונגען, ווי אויך די אייראָפּעישע דאַטעס, וואָס געפינען זיך אין די טעקסטן, זענען געמאַכט געוואָרן דורך די מחברים פון דער אויבנקער אַרבעט.



אַ פראַגמענט פון שמואל ציגלערס מאַלעריי אין דער גרויסער שול
ציור־קיר של שמואל ציגלר מבית־הכנסת הגדול

**מ. ר. בערג** / # א פערטל יארהונדערט בענדינער יידישע כראניק

I

### פאַרן וועלט קריג.

די לעצטע 25 יאָר יידיש לעבן אין זאַגלעמביע זענען — ווי דאָס אַלגעמיינע יידישע לעבן בכלל — רייך און פאַרשידענע פּאַסירונגען. די אַלע געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יידיש־געזעלשאַפט־לעך־פּאָליטישן לעבן, האָבן שטענדיק געפונען אַן אָפּקלאַנג אין זאַגלעמביע. דאָס יידישע זאַגלעמביע האָט שטענדיק רעאַגירט — אַמאָל שטאַרקער, מאָל שוואַכער — אויף אַלע דערשיינונגען, וועלכע זענען ביי אונז פאָרגעקומען.

און איצט ווען מיר האָבן שוין הינטער זיך יענע יאָרן, דאַכט זיך טיילמאָל אויס, ווי מיר וואָלטן אַריינגעקוקט אין אַ לאַנג פאַר־שווונדענער פאַרגאַנגענהייט, פון וועלכער מיר זענען שוין זייער לאַנג אַוועק, אַז די נייע ערע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דער מלחמה וועט אונז שוין מער נישט צוריקברענגען צום טרויעריקן מצב פון פאַרן קריג. אָבער ביים רעאַלן ליכט פון דער צייט פּערספּעק־טיוו זעען מיר, אַז אַ סך פּראָבלעמען זענען פון דער יידישער גאַס נישט פאַרשוווּנדן און, אַז גאָר פיל ברענענדיקע לעבנס־פראַגן זענען געבליבן שטיין פאַר אונז אין דערזעלבער אַקטואַליטעט ווי מיט 25 יאָר צוריק. ס׳ווערט פאַר אונז אויך קלאָר, אַז ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן דער יידישער לאַגע חזרט זיך די געשיכטע איבער, און אַ צייט אָפּשניט פון 25 יאָר איז אַ גאַנץ קנאַפּער מהלך.

די לעצטע יאָרן פון צאַריזם זענען געווען זייער שווערע פאַר דעם יידישן לעבן אין אַמאָליקן רוסלאַנד. נאָכן דערשטיקן די פריי־הייטס־באַוועגונג אין די יאָרן 1906/1905 איז איינגעשטעלט געוואָרן אַן אייזענער רעאַקציאָנערער רעזשים. עס האָבן געהוליעט די שוואַרצע מאה און דער זשאַנדאַרמען קנוט, עס איז נישט דערלויבט געווען קיין שום פרייער געדאַנק, עס איז נישט מעגלעך געווען צו פירן, וועלכע ס׳איז געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אַרבעט אפילו אין די באַ־שיידנסטע ראַמען, ווייל אומעטום האָבן די צאַרישע שפּיאָנען דערזען דעם רעוואָלוציאָנערן שד, די „קראַמאָלע”.

ממילא, ווען ס׳קומט אויס צו שרייבן וועגן דעם יידישן לעבן פאַר די לעצטע יאָרן פון צאַריזם האָבן מיר פאַר זיך אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פון יידן־רדיפות און גזרות, וועלכע וואָלטן זיכער אַדורכ־געפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער ברוטאַלער שאַרפקייט ווען נישט די וועלט מלחמה, וואָס האָט כאָטש טיילווייז געשטערט די צאַרישע סאַטראַפּן צו רעאַליזירן זייערע טייוולאָנישע פּלענער.

אין יאָר 1913 האָט די צאַרישע רעגירונג אָנגעהויבן זיך צו באַנוצן מיט אַן אַלט געזעץ, לויט וועלכן יידן טאָרן נישט וווינען אויף אַ שטח ביז 21 וויאָרסט פון דער גרענעץ. די יידן פון די זאַג־לעמביער דערפער זענען דעריבער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו פאַרלאָזן זייערע וווינערטער.

מיט דער באַטייליקונג פונם בענדינער רב ר׳ יקותיאל זלמן גרויבאַרט איז רעדאַגירט געוואָרן אַ מעמאָראַנדום און טעלעגראַמעס צום אינערן מיניסטעריום וועגן מבטל מאַכן די גזרה. באַזונדערס האָט דער יידישער דעפּוטאַט צו דער „גאָסודאַרסטווענאַ דומאַ” ד״ר באָמאַש אָנגעשלאָגן די הויכע פענסטער אין פּעטערבורג. אויך דער באַראָן דוד גינצבורג איז געבעטן געוואָרן זיך משתדל צו זיין וועגן דעם ענין.

אין אַ בריוו, דאַטירט פון 22־טן מערץ 1914 שרייבט יצחק גרינבוים צו הרב גרויבאַרט וועגן דער גזרה פאָלגענדיקעס:

„איך האָב דערהאַלטן אַ בריעף פון די יודן, וואָס וואוינען אין די דערפער פון בענדינער פּאָוויאַט אין וועלכען זיי בעטען מיך איך זאָל מיך ווענדען צו ד״ר באָמאַש און צו שרייבען אַ טעלעגראַם צום מיניסטער וועגען אָבשטעלען די גירושים און מודיע זיין אייך וועגן דעם. איך בין אַלזאָ אייך מודיע, אַז היינט האָב איך געשריבען צו ד״ר באָמאַש און אויך צוגע־שטעלט דעם נויטיגן מאַטעריאַל. די טעלעגראַמע וועל איך די טעג פאַרטיג האָבען און וועל זי באַלד אָפּשיקן צו אייך”.

גלייכצייטיק מיט די גירושים זענען מיר געווען עדות פון נאָך אַ טרויעריקער דערשיינונג, וועלכע האָט איבערגעלאָזט זייער שווערע שפּורן אין דער יידיש־עקאָנאָמישער סטרוקטור. דאָס איז געווען דער באָיקאָט, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די ענדעקעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג דערפאַר, וואָס בעת די וואַלן צו דער רוסישער דומאַ (פּאַרלמענט) אין יאָר 1912, איז מיט דער הילף פון יידישע שטימען אויסגעוויילט געוואָרן דער פּ. . ס.־שער קאַנדיטאַט יאַגיעלאָ און ס׳איז אַדורכגעפאַלן דער ענדעקישער קאַנדידאַט קוכאַזשעווסקי.

אין דער דאָזיקער „הייליקער” אַנטי־יידישער אַקציע איז איינ־געשפּאַנט געוואָרן די גאַנצע ענדעקישע פּאַרטיי און פּרעסע. אין די זאַגלעמביער פּאָרשטעט זענען געעפנט געוואָרן אַ גאַנצע ריי קאָאָפּע־ראַטיווע געוועלבער, וועלכע האָבן צוגענומען ביי יידישע קרעמער אַ גרויסע צאָל קריסטלעכע קונים. דער באָיקאָט האָט געטריבן טויזנטער קליינהענדלער אויפן ראַנד פון עקאָנאָמישן חורבן און אונטערגאַנג.

די ענדעקעס זענען אין זייער יידן־קאַמף נישט געווען פאַר־איינזאַמט, זיי האָבן געהאַט צו זייער מיטהילף אויך די יידישע אַסימי־לאַטאָרן פון זאַגלעמביע, וועלכע זענען נישט הינטערשטעליק געבליבן לגבי זייערע וואַרשעווער חברים. און אָט וואָס מיר לייענען אין דער ענדעקישער צייטונג „איסקראַ” נומ׳ 287 פון יאָר 1912: „די סאָסנאָ־וויצער אַסימילאַטאָרן האָבן אוועקגעשיקט קיין וואַרשע אַ טעלעגראַם מיט אַ פּראָטעסט קעגן נישט וויילן קוכאַזשעווסקין”. אויך די בענדינער אַסימילאַטאָרן האָבן אוועקגעשיקט אַ טעלעגראַם מיט אַן ענלעכן נוסח.

דער עקאָנאָמישער חורבן אויף דער יידישער גאַס, וועלכער איז געקומען אַלס פּועל יוצא פון די צאַרישע יידן־רדיפות און פונם באָיקאָט, האָט גורם געווען, אַז עס זאָל זיך אָנהויבן אַ מאַסן עמיגראַציע. דורך זאַגלעמביע, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט גרענעצן, זענען אַדורכגעגאַנגען טויזנטער עמיגראַנטען. אָבער אַחוץ די לעגאַלע עמי־גראַנטן, האָט אַ גרויסע צאָל אומלעגאַלע געשוואַרצט די גרענעץ, און ס׳האָט זייער אָפט פּאַסירט, אַז אָרימע עמיגראַנטן פון פאַרשידענע שטעט זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פּראָפעסיאָנעלע שמוגלער, וועלכע האָבן זיי פשוט באַרויבט און זיי געלאָזט הפקר אויף גאָטס באַראָט ערגעץ אויף די טשעלאַדזשער פעלדער. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום וואָרענונגען, די צאָל קרבנות איז כסדר אַלץ מער געוואַקסן. אין סאָסנאָוויץ אויף דער באַן־סטאַציע האָט זיך אפילו אַרומגעדרייט אַן אָנגעשטעלטער פון דער י. ק. א. מיט אַ גלאַנציק מעשערנעם בלעכל אויפן היטל, אָבער קיין ממשותדיקע הילף האָט ער נישט געקאָנט געבן. דורך זאַגלעמביע זענען, איבער מיסלאָוויץ,

געפֿאָרן גרויסע פּאַרטיעס עמיגראַנטן קיין גאַלוועסטאָן, צפון און דרום־אַמעריקע, אַרגענטינע, בראַזיליע און אַנדערע לענדער. מיר האָבן דאָ געזען פאַר זיך דעם „פּאַראַד מאַרש" פון דער יידישער אָרימקייט. וואָס נענטער צו דער וועלט מלחמה, אַלץ מער און מער איז געוואַקסן די צאָל עמיגראַנטן פון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד. ערשט די מלחמה האָט איבערגעהאַקט דעם עמיגראַציע שטראָם און פאַרקערווערט די יידישע מאַסן אויף אַנדערע וועגן פון פּיין און לייד.

אָבער דאָך זענען פאַר זאַגלעמביער יידן געווען אויך מאָמענטן פון פרייד. אַזוי למשל איז געווען אַ גרויסע שמחה צוליב דער באַפרייונג פון מענדל בייליס און מיר לייענען וועגן דעם אין דער בענדינער צייטונג „אונזער טעלעפאָן" פון 14־טן נאָוועמבער 1913 פאָלגנדיקעס:

„די שמחה פון דער יודישער באַפעלקערונג פון בענדין, סאָסנאָוויץ, זאַוויערטשע און אומגעגנט איז גאָרנישט צו בעשרייבען, בעת מען האָט דערהערט, אַז בייליס איז פריי, איבעראַל האָט מען געהערט מזל טוב, מזל טוב. די באַוועגונג אויף די גאַסען איז געווען אַ שטאַרקע ביז 2 ביינאַכט".

מיט דעם באַפרייונג־אורטייל איז טיילווייז אָראָפּגעפאַלן דער קאָשמאַר פונם וויסטן בלבול, וואָס די שוואַרצע מאה מיט די אַלע פינסטערע כחות אין רוסלאַנד האָבן אַראַנזשירט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. דער קיעווער פסק דין איז געווען אַ מאָראַלישער זיג פאַר די יידן אין דער רוסישער אימפּעריע. דער קונציק קאָנסטרוירטער שקר האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז צעשמעטערט געוואָרן אונטער די קלעפּ פון די פּראַכטפולע יידישע און קריסטלעכע פּאַרטיידיקער.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז צוזאַמען מיט דער מפּלה פון די אינסצעניזאַטאָרן פון דער בייליס־אַפּערע, וועט אויך קומען דער סוף פון דער שוואַרצער מאה. אָבער אויך דאָסמאָל האָט מען געהאַט אַ טעות. די בייזע רוחות האָבן ווייטער געבושעוועט און די רוסישע רעאַקציאָנערן האָבן כסדר צוגעטראַכט נייע יעזואיטישע תחבולות, כדי צו פאַרמיאוסן דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ קורצע צייט נאָכן בייליס פּראָצעס איז אין ברעסלוי נפטר געוואָרן דער בענדינער רב ר' ישכר בעריש גרויבאַרט ז"ל. דער טויט פונם רב האָט ארויסגערופן אַ גרויסן טרויער ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין זאַגלעמביע. אין דער לויה האָבן זיך באַטייליקט צענטליקער טויזנטער מענטשען, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען פיל רבנים־דעלעגאַציעס פון לאַנד און אויסלאַנד. ס'זענען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי טרויער־פאַרזאַמלונגען און זיצונגען.

אָבער גלייך נאָכן רבס פּטירה האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף אַרום כסא רבנות. דער קאַמף, וועלכער האָט זיך געצויגן שיינע יאָרן האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס דער אויסגעוויילטער רב ר' יקותיאל זלמן גרויבאַרט — נישט קאָנענדיק מער פאַרטראָגן דעם אינערלעכן קאמף — האָט פרייוויליק פאַרלאָזט זיין כסא רבנות אין בענדין און עמיגרירט קיין אמעריקע, וווּ ר'איז היינט אַן אָנגעזעענער רב אין ברוקלין.

די וואַלן זענען פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1913. די אַטמאָספער פון די וואַלן איז געווען אַ שטאַרק אָנגעגליטע, די 2 צדדים האָבן צווישן זיך געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף. דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען פאָלגנדיקער הרב ר' יקותיאל זלמן גרויבאַרט האָט פון די 707 שטימען באַקומען 478 (צירקאַ 68%) און דער ווישעגראָדער רב באָרענשטיין 229 שטימען (צירקאַ 32%). אויף אַזאַ אופן איז הרב גרויבאַרט מיט אַ גרויסער מערהייט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס בענדינער רב.

די וואַלן זענען דורך דער רוסישער מאַכט סקאַסירט געוואָרן און ס'זענען באַשטימט געוואָרן נייע וואַלן אויפן 20־טן יוני 1914, און אויך דאַן איז הרב גרויבאַרט אויסגעוויילט געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען.

דעם 20־טן דעצעמבער 1913 האָט בענדין געהאַט אַ ליבן גאַסט. צו דער דערעפנונג פון דער „הזמיר"־ביבליאָטעק איז געקומען צו פאָרן דער גרויסער יידישער שריפטשטעלער י. ל. פּרץ, וועלכער האָט דאָ געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט". דער רעפעראַט איז אַדורך מיט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג. אין אָוונט איז פאָרגעקומען די דערעפנונג פון דער „הזמיר"־ביבליאָטעק און שפּעטער איז די פייערונג פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ באַנקעט, אין וועלכן ס'האָט זיך באַטייליקט די יידישע אינטעליגענץ פון דער שטאָט. אויפן באַנקעט האָט פּרץ געלייענט זיין פּאָעמע „מאָניש". דער באַזוך פון גרויסן דיכטער אין אונזער שטאָט האָט אַריינגעבערענגט אַ געוויסע אויפלעבונג צווישן דער יידישער ארבעטנדיקער אינטעליגענץ.

דער „הזמיר" האָט דעמאָלט געפירט זיין טעטיקייט מיט לעקציעס איבער יידישע ליטעראַטור, קאָנצערטן אאז"וו.

דעם 13־טן יאַנואַר 1913 איז, נאָך לאַנגע באַמיונגען, באַשטעטיקט געוואָרן דער סטאַטוט פון דער בענדינער יידישער קרעדיט געזעלשאַפט אונטערן נאָמען: „האַנדל און אינדוסטריע קעגנזייטיקע קרעדיט געזעלשאַפט". די באַשטעטיקונג פון דער קרעדיט געז. האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פרייד צווישן די יידישע סוחרים, וועלכע האָבן שטאַרק געליטן פונם באָיקאָט און ס'איז נויטיק געווען אַ קרעדיטצענטראַלע, וואָס זאָל דורך הלוואות העלפן די יידישע קרעמער און בעלי מלכות. ,

דעם 4־טן מאַי 1914 איז לעגאַליזירט געוואָרן דער בענדינער טורן און ספּאָרט פאַריין „הכח".

גאַנץ האַרט פאַר דער וועלט מלחמה האָט, אויף זיין וועג קיין אויסלאַנד, באַזוכט בענדין דער באַרימטער יידישער שרייבער שלום עליכם. דער רושם פון זיין בזוך אין אונזער שטאָט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. ביי דער באַן־סטאַציע האָבן שלום עליכמן אָפּגעוואַרט הונדערטער מענטשען. שבת נאָכמיטאָג איז ביי אַ פולגעפּאַקטן זאַל פאָרגעקומען דער עפנטלעכער פאָרטראַג. דאָס טעאַטער „קרסאָ" האָט נישט געקאָנט אַריינגעמען אַלע מענטשן און אַ סך זענען דעריבער אַוועק אָן בילעטן. שלום עליכם האָט געלייענט זיי „לך לך" (אַ נייע מעשה פון טוביה דעם מילכיקן), „אַ דאָקטאָר", „קאַסרילעווקער פייערלעשער" און „אַ זעקס און זעכציק". דאָס פּובליקום איז געווען באַגייסטערט און אַנטציקט.ביים אַרויסגאַנג פון טעאַטער האָט דאָס פּובליקום געמאַכט זיין באַליבטן שרייבער שטורמישע אָוואַציעס. אויך אין סאָסנאָוויץ איז דער פאָרטראַג אַדורך מיט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג.

II

## אָקופּאַציע צייט.

דער שאָס אין סאַראַיעוואָ אין די נאָענטסטע מלחמה האָבן ארויסגערופן אַ געוואַלטיקע באַאומרויקונג צווישן דער היגער באַפעלקערונג.

די מלחמה, וואָס איז געקומען פאַר יעדן אומגעריכט, האָט אַרויסגערופן אַ מהומה און אַ פּאַנישע שרעק. אַ גרויסער עולם וואָרט אָפּ ביי יעדן צוג, מען וואַרט אויף פרישע ידיעות. די צייטונגען ווערן מאָמענטאַל צעכאַפּט. מענטשן קומען מאַסנווייז צוריק פון די קורערטער. ערב תשעה באב ביינאַכט זענען די רוסן אַנטלאָפן פון

בענדין און איבערגעלאָזט די שטאָט אויף הפקר. צומאָרגנס, שוין גאַנץ פרי, האָט מען באַמערקט אויף די אַרומיקע פעלדער די ערשטע דייטשע פּאַטרולן און נאָכמיטאָג האָט שוין אריינמאַרשירט אַ פוסגייער־פּולק פון דער רעגולערער דייטשער אַרמיי.

גלייך האָבן זיך באַוויזן מעלדונגען, אַז עס ווערט פאַרבאָטן — אונטער דער דראָונג דערשאָסן צו ווערן — דער פאַרקער אויף די וועגן מאָנדזשעוו—שיעלצע און בענדין—סאָסנאָוויץ. די טויערן פון די הייזער האָבן געמוזט געשלאָסן ווערן 9 אין אָוונט און נאָך דער צייט האָט מען זיך נישט געטאָרט באַווייזן אויף די גאַסן.

די שטאָט געפינט זיך אונטער דער שווערער לאַסט פונם אָקו־פּאַנט. דער יקרות הויבט אָן זייער שנעל צו וואַקסן. דער מסחר האָט זיך אָפּגעשטעלט און ס׳פעלן אויס אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען פון ער׳שטן געברויך. די נויט הויבט זיך אָן צו באַווייזן, דער עיקר ביי די אַרבעטער און בעלי מלאכות, וועלכע זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. טאָג־טעגלעך באַווייזן זיך אַלץ נייע און נייע קריגס־געזעצן, וועלכע מאַכן שווער אָדער אומעגלעך יעדע אַרט פרייע באַוועגונג. אין זאַגלעמביע פילט זיך אַ שטאַרקער ברויט־מאַנגל. די פּאָסט־אַמטן זענען נישט טעטיק, און שפּעטער ווען די פּאָסט הויבט אָן צו פונקציאָנירן מוז יעדע קאָרעספּאָנדענץ געשריבן ווערן אין דער דייטשער שפּראַך און זי ווערט צענזורירט דורך דער אָקופּאַציע מאַכט.

דער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט דערלויבט די דיזשורן פון „לינת הצדק" צו ערטיילן הילף פאַר קראַנקע. די דיזשורן טראָגן אויפן אַרבל אַ רויטן קרייץ. עס ווערט אויך אין בענדין געשאַפן אַ מיליץ פון 250 מאַן, וועלכע דאַרף האַלטן אָרדענונג אין דער שטאָט.

דער מאַגיסטראַט לאָזט אַרויס פּאַפּירענע געלט־שיינען (באָנעס), מיט וועלכע ס׳ווערט געטריבן אַ שפּעקולאַציע.

די נויט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האַלט אין איין וואַקסן. אַ גאַנצע ריי פּרנסה־צווייגן זענען צוליב דער מלחמה אונטער־געגאַנגען. די בעלי מלאכות אַרבעטן נישט, ווייל ס׳פעלן אויס די נויטיקסטע רוישטאָפן.

דער געשאַפענער יידישער בירגער־קאָמיטעט גיט אַרויס 3 מאָל וועכנטלעך צו אַ האַלבן פונט ראַזאָווע ברויט אויף אַ קאָפּ.

דער ערשטער ווינטער אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז זייער אַ שווערער. דעם 2־טן יאַנואַר 1915 ווענדעט זיך די שפּייז־קאָמיסיע ביים שטאָט־ראַט מיט אַן אַפּעל צו דער באַפעלקערונג אויס־צובאָרגן געלט אויף איינצוקויפן שפּייז־פּראָדוקטן.

אין 16־טן אַפּריל ווערט דורך דעם יידישן וווילטעטיקייט פאַריין געעפנט, אין הויז פון דער ברויעריי „קאָראָנאַ", אַ קוך פאַר דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג אין בענדין. די קוך האָט אַרויסגעגעבן 1000 מיטאָגן טעגלעך און האָט אַזויאַרום כאָטש טיילווייז געלינדערט די נויט פון די אָרימסטע פאָלקסמאַסן.

אין פרילינג 1915 האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אויסוואַנדערונג קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט אין די קוילנגרובן און אַמוניציע פאַבריקן. הונדערטער יידישע מענער און פרויען פון זאַגלעמביע האָבן עמיגרירט קיין אויבערשלעזיע און וועסטפאַלן.

די שלעכטע דערנערונג און דאָס פעלן פון זייף האָבן גורם געווען צום אַנטשטיין פון אַ גאַנצע ריי עפּידעמישע קראַנקהייטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער שווערע פאָלגן, דער עיקר ביי דער אָרימער באַפעלקערונג. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך באַנוצט מיט אויסער־געוויינלעך שטרענגע מיטלען ביים באַקעמפן די עפּידעמיעס. מענטשן זענען געכאַפּט געוואָרן אויף דער גאַס און אָפּפירנדיק זיי אין קאָמי־סאַריאַט, האָט מען זיי דאָרט אָפּגעשוירן די האָר און די בערד.

אין יענער צייט האָט דער דייטשער קרייז־אַרצט, ווערלנדיק אַדורכפירן די פאַראָרדענונג מכח דעזינפעקציע, קודם כל זיך אַנעמ־געטון צו יידן. ער האָט צו זיך געלאָזט רופן אַ גרעסערע צאָל יידן און האָט זיי מיט געוואַלט געלאָזט אָפּשערן די בערד. דער דאָזיקער ברוטאַלער אַקט האָט אויפגעשטורעמט דאָס זאַגלעמביער יידנטום. מ׳איז געקומען וועגן דעם צום בענדינער רב גרויבאַרט, וועלכער האָט גלייך איינגעלאַדנט דעם בויטענער ראַבינער ד״ר קאָפּפשטיין און ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסער מיטינג וועגן דעם אין סאָסנאָוויץ. אויף דעם מיטינג איז געווען אַ ריזיקער עולם, צווישן זיי די חשובסטע בעלי בתים ווי אויך דער רב גיטלער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון ד״ר קאָפּפשטיין, הרב גרויבאַרט און סטאַניסלאַוו רייכער איז גלייך אַוועקגעפאָרן צום קרייז־זעף פאָן ביכטינג, וועלכער האָט אויפן אָרט געגעבן דעם קרייז־אַרצט אַ שטרענגע התראה נישט מער צו באַלעסטיקן די יידישע באַפעלקערונג.

אַ פּלאָג איז אויך געווען דאָס כאַפּן אויף אַרבעט און אויפהאַלטן אָפּטמאָל וואָכנלאַנג אין די קאַזאַרמעס.

אין יאָר 1916 האָבן זאַגלעמביער יידן געפאָדערט פון דער רע־גירונג מעל אויף מצות. אַזוי ווי אין יענער צייט איז געווען איינגעפירט ברויט־קאַרטן און די גאַנצע קאָנטראָל איבער די מעל זאַפּאַסן האָט געהאַט די אָקופּאַציע מאַכט, האָט מען ממילא געמוזט אָנקומען וועגן מצה־מעל צו דער רעגירונג.

אַלס ענטפער אויף דער יידישער פאָדערונג, האָט די אָקופּאַציע־מאַכט פאַרלאַנגט פאַרן מצה־מעל דעקונג אין גאָלד־מטבעות. די דאָזיקע אומדערהערטע פאָדערונג האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין די יידישע קהלות איבערן גאַנצן לאַנד און פון אַלע זייטן האָבן זיך דערהערט פּראָטעסטן. מ׳האָט אין דעם דערזען אַ גרויסע באַליידיקונג פאַרן יידישן כבוד און אַ אומדירעקטע באַשולדיקונג, אַז די יידן באַזיצן גרויסע זאַפּאַסן גאָלד.

דער לאָמזער רב ר׳ יהודא לייב גאָרדין האָט אפילו געהאַט באַקאַנט געמאַכט, אַז יידן וועלן גיכער זיך אָפּזאָגן פון מצה־מעל, איידער נאָכצוגעבן די גאָלד פאָדערונג.

צוליב דעם ענין האָט די רעגירונג גערופן אַ קאָנפערענץ מיט די רבנים אין לאַנד, אויפן 16־טן און 17־טן יאַנואַר 1916. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז אַ געווײלטע רבנים־רעפּרעזענטאַנץ זאָל וועגן דעם פאָרן צום דייטשן גענעראַל גובערנאַטאָר אין וואַרשע.

נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט די קהלות אין פּוילן זענען צו דער רעפּרעזענטאַנץ איינגעלאַדן געוואָרן פאָלגנדיקע רבנים: ר׳ ח. י. פּערלמוטער (וואַרשע), ר׳ אליעזר טרייסטמאַן (לאָדזש), ר׳ יחזקאל ליפשיץ (קאַליש), ר׳ נחום אַש (טשענסטאָכאָוו) און ר׳ יקותיאל זלמן גרויבאַרט (בענדין). פון דער וואַרשעווער קהלה זענען איינגעלאַדנט געוואָרן: לייבוש דאַווידזאָן און אליעזר פּריוועס.

די קאָנפערענץ־זיצונגען זענען געפירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פונם פאַרוואַלטונגס־שעף פאָן קריעז. אין דער באַראַטונג האָבן אויך אָנטייל גענומען די קרייז־שעפן פון די גרעסערע יידישע צענטערן און דער לאָדזשער אָבערפּאָליציימייסטער פאָן פּאַפּען.

דער יידישער צד האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט צו געבן גאָלד, אָנווייזנדיק אויף דער אומגערעכטיקייט פון דער פאָדערונג.

די רעגירונג, זעענדיק, אַז זי וועט די פאָדערונג נישט אַדורכפירן, האָט זיך דיפּלאָמאַטיש צוריקגעצויגן פונם גאַנצן ענין.

די לאָקאַלע רעגירונגס־פאַרוואַלטונגען האָבן אָבער געמאַכט פיל שוועריקייטן, און די יידישע קהלות זענען געווען געצוווּנגען טיילווייז

נאָכצוגעבן די רעגירונגס פאָדערונג, און אַ געוויסן פּראָצענט פון דער סומע פאַרן מצה־מעל האָבן זיי באַצאָלט אין גאָלד.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן וועגן דער הילף, וואָס דאָס בענדינער יידנטום האָט באַקומען פון די דייטשע יידן בעת דער וועלט מלחמה. הרב גרויבאַרט האָט זיך פּערזענלעך משתדל געווען ביים ד״ר פּאָול נאַטהאַן, דעם פירער פון „הילפס פעריין דער דויטשן יודען״ אין בערלין, און אַדאַנק די 3 חשובע יידן פון אויבערשלעזיע: דעם בויטנער ראַבינער ד״ר קאַפּפשטיין, סאַלאָמאָן ווינער (קאַטאָוויץ) און יוליוס בערגער (קעניגסהוטע), האָבן פאָלגנדיקע בענדינער אינ־סטיטוציעס: „וואָלטעטיקייט פאַריין״ („דאָבראָטשינאָשטש״), „לינת החולים״, „תלמוד תורה״, „פרויען פאַריין״ א״אַנד. באַקומען אַ מאָ־נאַטלעכע אונטערשטיצונג.

אין אַלגעמיין האָט די יידישע באַפעלקערונג שווער געליטן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

## III
## אין ווידעראויפגעלעבטן פּוילן.

מיטן צוזאַמענברוך פון די דייטשע אַרמייען אויף אַלע פראָנטן, איז אויך געקומען דער פונאַנדערפאַל פונם דייטשן קייזערטום.

דעם 15־טן נאָוועמבער 1918 האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן אָנגע־הויבן צו פאַרלאָזן זאַגלעמביע. עס האָט זיך קיינעם נישט געוואָלט גלויבן, אַז די ענדערונג זאָל פאַרקומען אַזוי שנעל. במשך פון עטלעכע שעה האָט מען מער נישט געזען קיין דייטשן סאָלדאַט אָדער אַ בעאַמטן. בליץ־שנעל האָט די פּוילישע באַפעלקערונג אַלץ איבער־גענומען אין אירע הענט. די דייטשע סאָלדאַטן זענען אַנטוואָפנט געוואָרן אָן שום ווידערשטאַנד. פאַרנאַכט איז אין די קאַזאַרמעס איבערגענומען געוואָרן דאָס גאַנצע געווער און אַ באַשטימטער טייל דערפון איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן דער קריסטלעכער און יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך פאַרשריבן אין דער שטאָטישער מיליץ.

די כסדרדיקע שיסערייען האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די שטאָטישע איינוווינער און די געשעפטן זענען טיילוויז געווען גע־שלאָסן. אָבער ביסלעכוויז האָט מען זיך צוגעוויינט צו די שיסערייען און די באַפעלקערונג האָט זיך באַרויקט.

צומאָרגנס, דעם 16־טן נאָוועמבער האָט דער מיליץ קאָמענדאַנט נאַרבלין צוגענומען דאָס געווער ביי אַלע יידישע מיליציאַנטן.

די דייטשע געפאַנגענען־לאַגערן זענען געעפנט געוואָרן, און צענטליק טויזנטער רוסישע געפאַנגענע, נאַקעטע, באַרוועסע און הונגעריקע זענען אַדורכגעוואַנדערט דורך זאַגלעמביע, אויפן וועג צו זייערע היימען.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס איז געווען באַשוואַרט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו פּולסירן. ס׳זענען גערופן געוואָרן אַ גאַנצע ריי מיטינגען, אויף וועלכע ס׳איז פאַר די ברייטע מאַסן אויפגעקלערט געוואָרן די געשאַפענע לאַגע. אַלע פּאָ־ליטישע גרופּירונגען פירן אַ לעבהאַפטיקע אַרבעט. עס ווערן געשאַפן ביליקע קיכן און טיי־האַלעס.

אין אָנהויב 1919 זענען באַשטימט געוואָרן די ערשטע וואַלן צום פּוילישן סיים. צום ערשטן מאָל איז דער באַפעלקערונג געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט צו וויילן אירע פאָרשטייער אויפן יסוד פונם נייעם וואַל־געזעץ, און צום ערשטן מאָל האָבן זאַגלעמביער יידן אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט.

די סיים וואַלן זענען אויסגעפאַלן נאָענט מיט די שטאָטראַט וואַלן.

בעת די ערשטע סיים וואַלן זענען אין זאַגלעמביע געווען 3 פאָלגנדיקע יידישע ליסטעס: דער אַלגעמיינער יידישער בלאָק, מיט ד״ר ווײַנציהער, ד״ר פּערלמאַן און יצחק גרינבוים, „פּועלי ציון״ און „בונד״.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען פאָלגנדיקער:

| | | |
|---|---|---|
| אַלגעמ. ייד. בלאָק | 12.235 שטימען | (געוויילט ד״ר ווײַנציהער) |
| „פּועלי ציון״ | 1.936 ״ | (אָן מאַנדאַט) |
| „בונד״ | 548 ״ | ״ |

בסך הכל זענען אין זאַגלעמביע אָפּגעגעבן געוואָרן 106.340 שטימען. די וואַלן זענען אַדורך רויק.

אַ ספּעציעלע פּלאָג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג זענען געווען די אָפטע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען, וועלכע האָבן זיך איבער־געחזרט אין אַ גאַנצער ריי שטעט. באַזונדערס בלוטיק זענען די געשעענישן געווען אין לעמבערג, ווו ס׳זענען געפאַלן אַ סך יידישע קרבנות. די בענדינער קהלה האָט בייגעטראָגן אַ גרויסע סומע געלט לטובת די פּאַראָמגליקטע אין לעמבערג.

ו׳ טבת תרע״ט (1919) איז דערקלערט געוואָרן אַלס טרויער־טאָג און טויזנטער יידן אין שטאָט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער שול און בתי מדרשים, ווו זיי האָבן אויסגעדריקט זייער שאַרפן פּראָטעסט קעגן די מעשי תעתועים. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון אַלע יידישע ריכטונגען, וועלכע האָבן געזאַמלט גרעסערע געלט סומעס, ווי אויך קליידער מיט וועש און עס איבערגעשיקט קיין לעמבערג.

אין וואַרשע ווערט געשאַפן דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט, אין וועלכן ס׳איז איינגעלאַדן געוואָרן דער ד״ר ווײַנציהער מיטצואַרבעטן.

דערווייל דערנענטערן זיך די שטאָט־ראַט וואַלן, ווו ס׳פיגורירן 5 יידישע קאַנדידאַטן־ליסטעס.

אין פעברואַר 1919 האָט אין בענדין געוויילט אַן אַמעריקאַנער מיסיע, וועלכע האָט אַדורכגעפירט אַ באַשפּייזונגס־אַקציע פאַר אָרימע און שול קינדער. די באַשפּייזונגס־אַקציע האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע פּאָזיטיווע ווירקונג אויף דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער, וועלכע זענען צוליב דער מלחמה געווען שלעכט דערנערט. בראָש פון דער מיסיע איז געשטאַנען דער באַקאַנטער „דזשאָינט״־טוער ד״ר באָגען.

אויף מערץ 1919 זענען באַשטימט געוואָרן די וואַלן צום בענ־דינער שטאָט־ראַט. צווישן ד יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען און די קריסטלעכע איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן די יידן האָבן רעזיגנירט פון זייער געזיכערטן וואַל־נצחון און ס׳איז פון פריעראַויס באַשטימט געוואָרן אַ פּראָפּאָרץ פון 13 יידן און 14 קריסטן. ס׳דאַרף באַמערקט ווערן, אַז לויט דער דעמאָלסטיקער וואַל־אָרדינאַציע וואָלטן יידן אַדורכגעפירט אַן ערך פון 20 ראַטמענער.

זונטאָג, דעם 9־טן מערץ זענען פאָרגעקומען די שטאָט־ראַט וואַלן. די באַטייליקונג איז געווען זייער אַ שוואַכע. פון 7.200 וואַל־באַרעכ־טיקטע האָבן געשטימט נור 2.932 פּערזאָן.

דער וואַל־רעזולטאַט איז געווען פאָלגנדיקער:

די האַנטווערקער: 860 שטימען, 6 ראַטמענער: גאָלדשטיין, רודאָלער, שטרויסמאַן, רעטמאַן, גראָסמאַן און פּאָטאַש.

די לאָקאַטאָרן: 289 שטימען, 3 ראַטמענער: לאַנדוי, פרידע און קריגשטיין.

„פּועלי ציון״: 401 שטימען, 4 ראַטמענער: פיינער, ד״ר ווידער־מאַן, האַמבורגער און וואָלף.

„בונד״: 238 שטימען, 2 ראַטמענער: פּסחזאָן און אַראָנאָוויטש.

די יידיש־קריסטלעכע ליסטע : 1035 שטימען, אויסגעוויילט זענען געוואָרן 6 קריסטן און 5 יידן.

דער ניי־געוויילטער שטאָט־ראַט האָט אָבער נישט געהאַט קיין אריכות ימים. דעם 7־טן אַפּריל זענען די וואַלן געפּסלט געוואָרן מיט דעם מאָטיוו, אַז בעת די וואַלן זענען ביי דער וואַל־אורנע פון גוטמאַנס רעוויר געזעסן 2 מיטגלידער אנשטאט 3. גלייכצייטיק איז אויך באַשטימט געוואָרן אַ טערמין פון די נייע וואַלן אויפן 18־טן מאַי.

אין זאַגלעמביע קומען כסדר פאָר אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאָבאָר *). ס'האָבן וועגן דעם אינטערווענירט: ד״ר וויינציהער ביים פּולקאָווניק רילסקי און אַ דעלעגאַציע ביים שטאָט־קאָמיסאַר, וועלכער האָט געראַטן די יידן זיך נישט אַקעגנ־צושטעלן און זיך באַמיען אויסצומיידן די רעקרוטן.

דעם 18־טן מאַי זענען צום 2־טן מאָל פאָרגעקומען די שטאָט־ראַט וואַלן. דאָסמאָל איז די פרעקווענץ געווען נאָך אַ קנאַפּערע. פון 7000 וואַל־באַרעכטיקטע האָבן נור געשטימט 1631. די יידן האָבן באַקומען 12 מאַנדאַטן און די קריסטן 15.

אין בענדין ווײלט צום 2־טן מאָל אַן אַמעריקאַנער מיסיע, וועלכע האָט באַשטימט 60 טויזנט שפּייז־פּאָרציעס פאַר שול קינדער. די פּאָרציעס זענען באַשטאַנען פון מילך, רייז, קאַקאַאָ און ווייצן־ברויט. אַחוץ דעם איז פאַר יעדן קינד באַשטימט געוואָרן אַ האַלבער קילאָ זייף אַ חודש.

דעם 28־טן יוני 1919 איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די וועכנטלעכע צייטונג „אונזער טעלעפאָן״, וועלכע איז דערשינען אין בענדין, זייט דעם 14־טן נאָוועמבער 1913. ס'זענען דערשינען איינמאָליקע אויסגאַבעס „פרייטאג״ און „ערב שבת״.

דעם 18־טן יולי 1919 האָט אין בענדין אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ וועכנטלעכע יידישע צייטונג אונטערן נאָמען: „זאַגלעמביער צייטונג״.

אין ווינטער 19/1918 האָט געהערשט אַ שרעקלעכער יקרות אויף אַלע לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. באַזונדערס לאָזט זיך פילן אַ גרויסער ברויט־מאַנגל, וועלכער רופט זיך אָפּ שוידערלעך אויף די אָרימע יידישע מאַסן. דעם דאָזיקן מצב נוצן אויס פאַרשידענע טונקעלע עלעמענטן, וועלכע פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז דאָס האָבן יידן אויפ־געשרויפט די פרייזן. אַלס פועל יוצא פון דער אַנטיסעמיטישער העצע זענען אין פיל שטעט פאָרגעקומען אָנפאַלן און רויבערייען אויף יידן. דער מאַגיסטראַט דערקלערט די סיבה פון יקרות מיט דעם, וואָס ס'איז פאַרן נייעם שניט, ווי אויך צוליב טראַנספּאָרט שוועריקייטן.

ביים סוף פון יאָר 1919 זענען אָנגעקומען די איוב־בשורות וועגן די מוראדיקע פּאָגראָמען, וואָס פּעטליוראַס באַנדעס האָבן איינגע־אָרדנט איבער די שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע, וווּ טויט און פאַרוויסטונג זענען געווען די הערשער איבער דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג. די בלוטיקע כוואַליע פון פיין, וועלכע האָט נישט געהאַט אירס גלייכן אין דער יידישער געשיכטע, האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אויפן זאַגלעמביער יידנטום. עס זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון פאַר אַ הילפס־אַקציע לטובת די געליטענע, אָבער קיין גרויסן פאַרנעם האָט די אַקציע נישט געקאָנט אָננעמען, ווייל צוליב דער מלחמה איז די היגע יידישע באַפעלקערונג שטאַרק פאַר־אָרימט געוואָרן.

אויך אין אָנהויב 1920 הערשט אַ גרויסער יקרות. דער האַנדל איז כמעט אָפּגעשטעלט געוואָרן, אויך טויזנטער בעלי מלאכות זענען געוואָרן אַרבעטסלאָז.

פאַרערגערט די לאַגע האָט נאָך דער פאַקט, וואָס דער לעבנסמיטל־קאָמיטעט, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון די מלחמה יאָרן געטון אַ גרויסע וויכטיקע אַרבעט אויפן געביט פון פאַרזאָרגן די יידישע באַפעלקערונג מיט שפּייז — איז דעם 1־טן פעברואַר 1920 ליקווידירט געוואָרן. אויפן אָרט פון קאָמיטעט, זענען ביי פאַרשידענע אינסטי־טוציעס געגרינדעט געוואָרן אַ גאַנצע ריי קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אריכות ימים.

טראָץ דער מאַטעריעלער נויט, לאָזט זיך אין 1920 באַמערקן אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג אויפן קולטור־געביט. ס'ווערן געגרינדעט ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע קרייזן, ס'קומען פאָר פיל פאָרלעזונגען און טעאַטער פאָרשטעלונגען. אַ באַזונדערע אַקטיווע טעטיקייט האָבן געפירט די „פּועלי ציון״ און דער „גראָסער קלוב״.

די קהלה האָט אויך געוואָלט גרינדן אַ האַנטווערקער־שול. צו דעם צוועק זענען גערופן געוואָרן אַ גאַנצע ריי קאָנפערענצן, צו וועלכע ס'איז אָבער געקומען אַ גאַנץ קליינע צאָל פאַראינטערעסירטע, אַזוי אַז דערפון איז גאָרנישט געוואָרן.

אין פעברואַר 1920 האָט אין בענדין אויסגעפעלט ברויט. ס'איז כמעט אומעגלעך געווען צו באַקומען דאָס באָנע־ברויט (אויף מאַגיס־טראַט־קאַרטן). דער געדראַנג אין די רייען פאַר די ברויט־געוועלבער און בעקערייען איז געווען געוואַלטיק און האָט דערמאָנט די נישט לאַנג פאַרשוואונדענע מלחמה צייטן. ערשט ווען דער מאַגיסטראַט האָט איינגעטיילט די שטאָט אין 60 רעווירן און האָט באַזאָרגט די ניי געעפנטע פאַרקויף־שטעלן מיט מעל, האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט.

זייט מערץ 1920 איז — אַלס רעזולטאַט פון אַ סיים־געזעץ — איינגעפירט געוואָרן אין פוילן דער אָבליגאַטאָרישער זונטאָג רו. די סוחרים האָבן באַקומען שטרענגע אויפפאָדערונגען זיך צוצופּאַסן צום נייעם געזעץ, וועלכעס האָט אויך שווער געטראָפן די יידישע בעלי מלאכות.

די פויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה איז אויך נישט אַדורך אָן אָפּקלאַנגען אין זאַגלעמביע. אויפן חשבון פון די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אַ גאַנצע ריי זינלאָזע באַשולדיקונגען. מיט אַ באַזונדערן אייפער האָט עס געטון דאָס העץ־בלעטל „איסקראַ״, וועל־כעס האָט אין יעדן נומער געוואָרפן אַ גאַנצע ריי שמוציקע בלבולים און „ידיעות״ וועגן יידן שפּיאָנען, ליכוויאַזשעס אאז״וו. אין רעזולטאַט פון דער פיינלעכער העצע, האָבן זיך ווידער באַנייט די עקסצעסן, וועלכע האָבן געדויערט לאַנגע חדשים.

נישט קוקנדיק אויף די אַלע צרות, האָבן דאָך בענדינער יידן געפונען צייט צו פירן אַ רבנות־קאַמף, וועלכער דויערט, מיט פאַר־שידענע פּויזעס, ביזן היינטיקן טאָג **).

אין יאַנואַר 1921 איז, נאָך לאַנגע באַמיונגען, געעפנט געוואָרן ביי דער געז. „אַרבעטער היים״ אין בענדין, אַ קינדערהיים מיט דער יידישער אונטערריכט שפּראַך.

אין דערזעלבער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן די יידישע דראַמאַטישע געז. „מוזע״, וועלכע האָט זיך שפּעטער פּרעזענטירט מיט אַ גאַנצער ריי אויפפירונגען, ווי: „דיבוק״, „דאָרפסיונג״, „ביי־נאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ און אנד.

דעם 1־טן נאָוועמבער 1922 זענען פאָרגעקומען די 2־טע סיים וואַלן. אויף דער אַלגעמיינער יידישער ליסטע נומ׳ 16 האָט קאַנדידירט ד״ר ש. וויינציהער, וועלכער איז צום 2־טן מאָל אויסגעוויילט געוואָרן מיט 17.400 שטימען.

*) רעקרוטירונג צום מיליטער. די רעד.

**) 1936

# די יידישע מיטגלידער פון בענדינער שטאטראט אין 1937
## (חברי העיריה היהודים בשנת 1937)

פון רעכטס צו לינקס:
(מימין לשמאל):

1) ד"ר ש. וויינציהר
2) צירלה שיין
3) ג. רעכניץ
4) א. רובינליכט



1) ה. ל. גאלדשטיין
2) א. ד. באלימאווסקי
3) ח. ד. גראסמאן
4) ה. יאקובאוויטש



1) י. קליינמאן
2) נ. האמפעל
3) א. ל. גרינוואלד
4) ב. זילבערשאץ



1) ח. מ. זילבערבערג
2) י. גערטנער
3) א. האמפעל
4) ד"ר ח. פערעל

פון אלע אויבן־דערמאנטע איז געבליבן לעבן ח. מ. זילבערבערג (אין ישראל)

מכל המנויים לעיל נשאר בחיים ח. מ. זילבערבערג (בישראל)



דער דאָקטוירים פאַריין, צו וועלכן ד"ר וויינציהער האָט אָנגעהערט, האָט אים אויסגעשלאָסן אַלס מיטגליד, צוליב דעם, וואָס ד"ר וויינציהער איז אַלס סיים דעפּוטאַט געווען אַ מיטגליד פון יידישן נאַציאָנאַל ראַט. עטלעכע נאַציאָנאַל־געזאָנענע יידישע דאָקטוירים זענען אַלס פּראָטעסט פרייוויליק אַרויסגעטרעטן פונם פאַרבאַנד. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ העצע מצד דער „איסקראַ", אָבער דאָסמאָל איז שוין דאָס העץ־בלעטל נישט געווען איינזאַם, ווייל ס'האָבן אים צוגעהאָלפן עטלעכע משומדים און די אַסימילאַטאָרן.

אין דעצעמבער 1922 האָבן זיך — נאָך אַ לענגערער שטילקייט אויפן קולטור־געביט — ווידער אָנגעהויבן באַוויזן סימנים פון אַ באַנייטער קולטור־טעטיקייט אין בענדין. ס'איז געגרינדעט געוואָרן די געז. „אוונט קורסן פאַר אַרבעטער", וועלכע האָבן געעפנט אַ גאַנצע ריי קורסן פאַר יידישע אַרבעטער איבער פאַרשידענע קענטשטאַנדן, אין דער יידישער שפּראַך. די קורסן זענען באַזוכט געוואָרן דורך הונדערטער אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

דאָס יאָר 1923 האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערע געשעענישן, וועלכע ס'וואָלט כדאי געווען צו פאַרצייכענען.

אָנהויב יוני 1924 זענען אין בענדין פאַרגעקומען וואַלן צו דער קהלה. דער וואַל יריד האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריער פאַרן באַשטימטן וואַל־טאָג. דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ זייער שאַרפער און דער אינטערעס אַ גרויסער. אין וואַל־טאָג איז די אַגיטאַציע אַנטוויקלט געוואָרן צו אַ גאָר גרויסן מאַסשטאַב. אַ סך וויילער זענען אין אויטאָס און דראָשקעס געפירט געוואָרן צו די וואַל־אורנעס. אין רעזולטאַט זענען געוויילט געוואָרן פון:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ' 1 | (קליינבירגער) | 254 | שטימען | 2 | מאַנדאַטן |
| " " 2 | (אגודה) | 654 | " | 4 | " |
| " " 3 | (פּאַראייניקטע חסידים מיט „מזרחי") | 836 | " | 6 | " |
| " " 4 | (האַנטווערקער) | 691 | " | 5 | " |
| " " 5 | (נאַציאָנאַל־ראַט) | 421 | " | 3 | " |

אַלס פועל יוצא פון דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד, ווערט אויך ערגער דער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג. ס'הויבן זיך אָן קריזיס־יאָרן, די אַרבעטסלאָזיקייט וואַקסט אין אַ שנעלן טעמפּאָ. במשך פון דער ערשטער העלפט יוני זענען אין זאַגלעמביע רעדוצירט געוואָרן העכער 8 טויזנט אַרבעטער.

אויף זיין צוריקרייזע פון ארץ ישראל האָט אין בענדין געהאַלטן אַ פאַרלעזונג דער שריפטשטעלער ה. ד. נאָמבערג, וועגן זיינע דאָרטיקע איינדרוקן. צו דער פאַרלעזונג איז געקומען אַ גרויסער עולם און דער רעפעראַט איז אַדורך מיט אַ גרויסן דערפאָלג.

דעם 31־טן יולי 1924 האָט אין בענדין געוויילט די באַרימטע פוטבאָל מאַנשאַפט פונם ווינער „הכח". כדי מקבל פנים צו זיין די געסט, איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט פאַרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. ס'זענען באַשטימט געוואָרן דעלעגאַציעס, וועלכע האָבן איינגעאָרדנט פאַר די געסט אַ קבלת פנים ביי דער באַן־סטאַציע.

אין אָקטאָבער 1924 איז אין בענדין געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער ייד. שול אָרגאַניזאַציע. צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פון דער וואַרשעווער צענטראַלע דעלעגירט געוואָרן ב. אייסוראָוויטש, וועלכער האָט אויף דער פאַרזאַמלונג רעפערירט וועגן

דער רעכטלעך־פּאָליטישער לאַגע פון דער יידישער שול. ס'איז געוויילט געוואָרן א פּראָוויזאָרישע פאַרוואַלטונג, וועלכע איז גלייך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט צו פּאָפּולאַריזירן דעם געדאַנק פון וועלטלעכן שול־וועזן אין בענדין.

דעם 4־טן יאַנואַר 1925 האָט בענדין באַגריסט אַ חשובן גאַסט, דעם גרויסן דענקער ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. צו זיין פאַרלעזונג אויף דער טעמע: „דער זין פון מענטשלעכן לעבן", איז געקומען אַ ריזיקער עולם, וועלכער האָט אויסגעפילט דעם טעאַטער זאַל.

אין זיין העכער 2 שעהדיקן רעפעראַט האָט זשיטלאָווסקי אַנטוויקלט די מיינונגען פון די גרעסטע פילאָזאָפן און דיכטער איבער דעם אייביקן פּראָבלעם, ווי אויך זיין אייגענעם פילאָזאָפישן צוגאַנג.

אין פעברואַר איז פאַרגעקומען די גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון קליינהענדלער פאַריין, וועלכער איז ביז היינט אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין אונזער שטאָט.

אין אַפּריל 1925 איז דער בענדינער שטאָט־ראַט אויפגעלעזט געוואָרן און אַלס צייטווייליקער קאָמיסאַר איז באַשטימט געוואָרן ה' מיכעל (שפּעטערדיקער שטאָט פּרעזידענט).

דערווייל ווערט די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע נישט בעסער און אַלס פועל יוצא פאָרן אָפּ קיין ארץ ישראל הונדערטער יידן, מיט דער אַזוי גערופענער 4־טער עליה. מייסטנס זענען עס קליינבירגער אָן גרויסע געלט מיטלען און מיט קנאַפּע פאַך קענטענישן. דער פּאַלעסטינע אַמט איז ממש געווען באַלאַגערט דורך גרויסע מאַסן עליה־קאַנדידאַטן.

זונטאָג, דעם 30־טן אויגוסט 1925 זענען פאַרגעקומען וואַלן צום בענדינער שטאָט־ראַט. עס זענען געוויילט געוואָרן פון:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ' 2 | (פּ. פּ. ס.) | 3559 | שטימען | 9 | מאַנדאַטן |
| " " 3 | (ענדעקעס) | 2491 | " | 6 | " |
| " " 5 | (אַרב. סאָלידאַריטעט) | 2472 | " | 6 | " |
| " " 6 | (צעירי ציון) | 525 | " | 1 | " |
| " " 7 | (יידישער בלאָק) | 3869 | " | 10 | " |

פון דער ליסטע נומ' 6 איז געוויילט געוואָרן יאַקוב ערליך, פון דער ליסטע נומ' 7: ד"ר וויינציהער, ל. רובינליכט, פּרוי ראַטנער, ה. גאָלדשטיין, ק. קאַפּלאָוויטש, ר. רעכטמאַן, מ. האַמפּעל, לידזבאַרסקי, א. קליינמאַן און ה. יאַקובאָוויטש.

אין דעצעמבער האָבן דעלעגאַציעס פון יידישע ראַטמענער אין בענדין און סאָסנאָוויץ זיך געווענדעט צו די דאָרטיקע שטאָט־פּרעזידענטן וועגן אָנגאַזשירן יידישע באַאַמטע אין די מאַגיסטראַטן. די שטאָט־פּרעזידענטן האָבן צוגעזאָגט דעם ענין גינסטיק צו דערלעדיקן, אָבער ביז היינט הענגען נאָך די הבטחות אין דער לופט.

אין יאַנואַר 1928 איז אין לאָקאַל פון בענדינער „האַנטווערקער־פאַריין" פאַרגעקומען אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון יידישע בעלי מלאכות פון דער לעדער בראַנזשע. אין דער קאָנפערענץ האָבן אָנטייל גענומען פאַרשטייער פון 16 שטעט אין דער קיעלצער וואָיעוואָדשאַפט.

דעם 18־טן יאַנואַר האָבן אָנגעהויבן צו קורסירן אין זאַגלעמביע די עלעקטרישע טראַמווייען אויף דער ליניע בענדין־סאָסנאָוויץ און צוריק. גלייכצייטיק זענען געמאַכט געוואָרן פּראָבע־רייזעס נאָך דאָמבראָווע.

דעם 30־טן יאַנואַר האָט די בענדינער שטאָט־פאַרוואַלטונג געקויפט אין סלאַווקאָוו אַ פערמע פאַר 32 טויזנט גילדן. אין דער פערמע

ווערן יעדעס יאָר איינגעאָרדנט זומער־קאָלאָניעס פֿאַר קריסטלעכע און יידישע שול־קינדער.

דעם 4־טן מערץ 1928 זענען אין פּוילן פֿאָרגעקומען סיים־וואַלן. אין בענדינער און זאַוויערטשער פּאָוויאַטן האָבן פיגורירט פאָלגנדיקע יידישע ליסטעס: נומ׳ 4 („בונד״), נומ׳ 5 („פּועלי ציון״), נומ׳ 18 (מינדערהייט־בלאָק), נומ׳ 33 (קירשברוין—פּרילוצקי בלאָק).

דער רעזולטאַט איז געווען פאָלגנדיקער:

אין בענדין: ליסטע נומ׳ 4 — 230 שטימען, ליסטע נומ׳ 5 — 519 שט., ליסטע נומ׳ 18 — 4426 שט. און ליסטע נומ׳ 33 — 1833 שט.

אין סאָסנאָוויץ: ליסטע נומ׳ 4 — 334 שטימען, נומ׳ 5 — 620 שט., נומ׳ 18 — 3064 שט., נומ׳ 33 — 2069 שט.

אין דאָמבראָווע: נומ׳ 4 — 123 שט., נומ׳ 5 — 196, נומ׳ 18 — 927, נומ׳ 33 — 544 שט.

דער אַלגעמיינער ס״ה איז געווען פאָלגנדיקער:

אין בענדינער פּאָוויאַט האָט דער נומ׳ 18 באַקומען 9397 שטימען. דער נומ׳ 33 — 4987 שט.

אין זאַוויערטשער פּאָוויאַט: נומ׳ 18 — 1965 שט. און נומ׳ 33 — 1275 שט.

אין רעזולטאַט פון די וואַלן האָט דאָס זאַגלעמביער יידנטום נישט באַקומען קיין מאַנדאַט צום סיים.

די 6 מאַנדאַטן פון זאַגלעמביע האָבן באַקומען: קאָמוניסטן — 3, סאַנאַציע — 2 און פּ. פּ. ס. — 1.

דעם 11־טן מערץ זענען אין זאַגלעמביע פאָרגעקומען וואַלן צום סענאַט. אין בענדינער פּאָוויאַט האָט די ליסטע נומ׳ 18 באַקומען 7740 שט. און נומ׳ 33 — 2431 שט. אין זאַוויערטשער פּאָוויאַט: נומ׳ 18 — 1546 שט. און נומ׳ 33 — 721 שט.

אינם קאַמף קעגן יקרות, וואָס די רעגירונג האָט אונטערגענומען, איז אין דער ערשטער ריי גענומען געוואָרן אין באַטראַכט דער יקרות אין זאַגלעמביע.

לויט אַ סטאַטיסטיק פון יאָר 1928 געפינען זיך אין בענדין 9177 וווינונגען, וואָס באַשטייען פון 17.320 צימערן מיט 43.806 נפשות.

הייזער באַזיצט בענדין 1302, פון זיי — 1065 געמויערט און 237 הילצערנע. האַנדלס־לאָקאַלן זענען פאַראַן 2029.

אין אָנפאַנג אויגוסט האָט מען אין בענדין אָנגעהויבן צו בויען אַ נייע באַן־סטאַציע.

דעם 2־טן אויגוסט האָט די בענדינער שטאָט־פאַרוואַלטונג איבער־גענומען פון דער „פראַנצויזיש־איטאַליענישער געז.״ די שטאָטישע עלעקטראָווניע. מצד דער שטאָט זענען געווען אָנוועזנד: פּרעזידענט מיכעל, פּרעזעס פון שטאָט־ראַט זשעבראָווסקי, מיטגלידער פון דער קאָמיסיע: ד״ר רעכטמאַן און אינזש. בערעשקאַ.

דעם 10־טן דעצעמבער זענען אין בענדין פאָרגעקומען שטאָט־ראַט וואַלן, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַן ערך 60 פּראָצענט וואַל־באַרעכטיקטע.

דער רעזולטאַט איז געווען פאָלגנדיקער:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ׳ 1 | (סאַנאַציע) | 2195 | שטימען | 6 | מאַנדאַטן |
| ״ ״ 2 | (פּ. פּ. ס.) | 2053 | ״ | 5 | ״ |
| ״ ״ 4 | („בונד״) | 299 | ״ | 0 | ״ |
| ״ ״ 5 | (פּ״צ לינקע) | 769 | ״ | 2 | ״ : |

י. ל. פיינער, מ. ב. ראַטענבערג.

ליסטע נומ׳ 6 (פּ״צ רעכטע), 566 שט. 1 מאַנדאַט: יאַקוב ערליך.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ׳ 7 | (מיעטשטשאַנסקאַ) | 420 | שטימען | 1 | מאַנדאַט |
| ״ ״ 10 | (ענדעקעס) | 1425 | ״ | 4 | ״ |
| ״ ״ 11 | (ארב. סאָליד.) | 1894 | ״ | | (געפּסלט) |
| ״ ״ 12 | (האַנטווערקער) | 2136 | ״ | 5 | מאַנדאַטן : |

ש. פירסטענבערג, גאָלדשטיין, האמפּל, קליינמאַן, יאַקובאָוויטש.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ׳ 13 | (געמבאַרסקי) | 313 | שטימען | 0 | מאַנדאַטן |
| ״ ״ 15 | (באָזשיקאָווסקי) | 150 | ״ | 0 | ״ |
| ״ ״ 16 | (התאחדות) | 644 | ״ | 1 | ״ |

ד״ר רעכטמאַן

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ״ ״ 17 | (יידישע סוחרים) | 1791 | ״ | 5 | ״ : |

ל. רובינליכט, לידזבאַרסקי, מ. שטייער, י. גאָלדפעלד, ג. רעכניץ.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ׳ 18 | (צעירי מזרחי) | 292 | שטימען | 0 | מאַנדאַטן |
| ״ ״ 19 | (פּ״א ישראל) | 610 | ״ | 1 | ״ |

ה. ערליך

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ״ ״ 21 | (קלמן זיידמאַן) | 42 | ״ | 0 | ״ |
| ״ ״ 22 | (ציונ. בלאָק) | 494 | ״ | 1 | ״ |

פראוי נ. ראַטנער

אין אָקטאָבער 1929 האָבן הונדערטער יידישע משפּחות, וואָס האָבן געצויגן חיונה פון האַנדל אויפן אַלטן מאַרק, געמוזט פאַרלאָזן זייערע פלעצער און זיך אַריבערטראָגן מיט זייערע סטראַגאַנעס אין די ניי־אויסגעבויטע האַלעס אויף דער מאַנדזשעווער גאַס.

אַסך הענדלער האָבן נישט געהאַט פון פריער קיין אויסגעקויפטע פלעצער אויף בודקעס און ס׳האָט זיי דעריבער געדראָט די געפאַר צו פאַרלירן זייערע האַנדלס־פלעצער. וועגן דעם ענין האָבן אינטער־ווענירט ביים מאַגיסטראַט די יידישע ראַטמענער, אָבער אָן דערפאָלג. ס׳איז אויך געפאַרן וועגן דעם אַ דעלעגאַציע צום וואָיעוואָדע, וועלכער האָט מסכים געווען אָפּצולייגן דאָס איבערטראָגן דעם מאַרק אויף אַ חודש צייט.

דעם 1־טן דעצעמבער איז אין בענדין געעפנט געוואָרן די וואַסער לייטונג. צו דער פייערלעכער דערעפנונג זענען געקומען פאַרשטייער פון אינערן מיניסטעריום, וואָיעוואָדזשטווע און אַ גאַנצע ריי געסט.

אין אָקטאָבער 1930 איז דער בענדינער שטאָט־ראַט אויפגעלעזט געוואָרן, און אַלס קאָמיסאַר איז באַשטימט געוואָרן דער רעפערענט פון דער סאָסנאָוויצער האַנדלס־קאַמער. אין די מאָטיוון איז אָנגעגעבן געוואָרן, אַז צוליב דעם, וואָס דער שטאָט־ראַט האָט נישט געהאַט קיין שטענדיקע מערהייט, האָט זיך דאָס שלעכט אָפּגערופן אויף דער אַרבעט.

אין נאָוועמבער 1930 זענען פאָרגעקומען סיים־וואַלן. צוליב דעם, וואָס ס׳איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע יידישע ליסטע, איז די שטימען צעשפּליטערונג געווען אַ זער גרויסע. צוליב דער סיבה איז דאָס יידישע זאַגלעמביע געבליבן אָן רעפּרעזענטאַנץ צום סיים און סענאַט.

דעם 3־טן יאַנואַר 1931 איז נאָך אַ קורצער קראַנקהייט געשטאָרבן דער באַקאַנטער יידישער מאָלער משה אַפּעלבוים, וועלכער איז געווען דער קינסטלערישער לייטער ביים אויסמאָלן די בענדינער שטאָטישע שול. אַפּעלבוים האָט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געוווינט אין אונזער געגנט און איז געקומען צו קבורה אויפן קאַטאָ־וויצער בית עולם.

**אין מאַי 1931 זענען אין בענדין פאַרגעקומען וואַלן צו דער קהלה.** דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ זייער שאַרפער און די וואַל־פרעקווענץ האָט באַטראָפן 80%. דער רעזולטאַט איז געווען פאָלגנ־דיקער:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ליסטע נומ׳ 5 | („פועלי ציון״־לינקע) | 205 | שטימען | 1 מאַנדאַט |
| ״ ״ 7 | ( ״ ״ רעכטע) | 212 | ״ | 1 ״ |
| ״ ״ 12 | (האַנטווערקער) | 231 | ״ | 1 ״ |
| ״ ״ 13 | („אגודה״) | 657 | ״ | 6 ״ |
| ״ ״ 15 | (האַנטווערקער) | 180 | ״ | 1 ״ |
| ״ ״ 16 | („מזרחי״) | 295 | ״ | 2 ״ |
| ״ ״ 16 | (ציוניסטן) | 545 | ״ | 5 ״ |

**אין יולי 1931** איז געעפנט געוואָרן די נייע בענדינער באַן סטאַציע. ביי דער פייערלעכער דערעפנונג זענען אַנוועזנד געווען פאָרשטייער פון דער מאַכט און פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

**אין אָקטאָבער 1931** האָט געוויילט אין אונזער שטאָט דער באַ־רימטער העברעישער דיכטער חיים נחמן ביאַליק, וועלכער האָט באַזוכט אַ גאַנצע ריי געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און שולן.

**אין אָקטאָבער 1932** איז אין בענדין געעפנט געוואָרן דאָס יתומים הויז, וועלכעס שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן בנין, וווּ ס׳האָבן געפונען אַ וואַרימע היים אַ גרויסע צאָל אָרימע יידישע קינדער. אין דער פייער־לעכער דערעפנונג האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון די געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי אויך אַ גרויסע צאָל איינגעלאַדענע געסט.

**אין יאַנואַר 1933** איז — מיטן אָנטייל פונם „דזשאָינט״־פאָרשטייער גיטערמאַן — אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסע פּראָפּאַ־גאַנדע־אַקציה פאַר דער גמילות חסד קאַסע. עס זענען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי מאַסן פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס׳איז אַרומגערעדט געוואָרן וועגן די באַדייטונג פון די קאַסעס, וואָס ראַטעווען אַ סך הענדלער און בעלי מלאכות פון אונטערגאַנג.

**אין מערץ הויבן אָן אָנצוקומען** טרויעריקע ידיעות פון דייטשלאַנד וועגן שרעקלעכע יידן רדיפות אין צוזאַמענהאַנג מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַרייניקטער קאָמיטעט, וועלכער האָט אָרגאַניזירט אַ פּראָטעסט מאַניפעסטאַציע קעגן די רדיפות. 4 זייגער נאָכמיטאָג זענען אַלע יידישע געשעפטען געשלאָסן געוואָרן און טויזנטער יידן האָבן געשטראָמט צום „הכח״ פּלאַץ, וווּ ס׳איז, אונטערן פריען הימל, אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ גרויסער מאַסן־מיטינג. שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ גאַסן דעמאָנסטראַציע. גלייכ־צייטיק זענען אויך פאָרגעקומען מיטינגען אין אַלע זאַגלעמביער שטעט און ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער באָיקאָט אויף דייטשע סחורות.

**דאָס יאָר 1934** האָט זיך אָנגעהויבן אונטערן צייכן פון גרויסע רעדוקציעס אין דער אינדוסטריע. אין די חדשים יאַנואַר — פעברואַר האָבן טויזנטער אַרבעטער פאַרלוירן זייערע אַרבעטס־פּלעצער און ממילא האָט זיך דאָס געמוזט שלעכט אָפּרופן אויך אויף די יידישע קרעמער און בעלי מלאכות.

**אין יאַנואַר איז** אין זאַגלעמביע פאָרגעקומען אַן אַקציע לטובת דעם יידישן בוך, וועלכע איז דורך מיט אַ באַדייטענדן דערפאָלג.

**דעם 27־טן מאַי 1934** זענען אין זאַגלעמביע פאָרגעקומען שטאָט־ראַט וואַלן, וועלכע האָבן געגעבן אין בענדין פאָלגנדיקע רעזולטאַטן:

ליסטע נומ׳ 1 „בע־בע״ (פּוילישער אומפּאַרטייאישער בלאָק) 1064 שטימען, 3 ראַטמענער.

ליסטע נומ׳ 3 (פועלי ציון רעכטע) 551 שט. אויסגעוויילט אהרן האַמפּעל.

ליסטע נומ׳ 4 (בונד) 321 שט. אויסגעוויילט ד״ר פּערעל.

ליסטע נומ׳ 5 (בלאָק) 1342 שט. אויסגעוויילט: ל. רובינליכט, פּרופ׳ צ. שיין, מ. זילבערבערג און י. מאָנטאַג.

ליסטע נומ׳ 6 (האַנטווערקער) 1220 שטימען, אויסגעוויילט: ה. ל. גאָלדשטיין, א. ד. באַלימאָווסקי און ה. יאַקובאָוויטש.

ליסטע נומ׳ 7 (קליינהענדלער) 756 שטימען, אויסגעוויילט: גרשון רעכניץ און יהושע קליינמאַן.

ליסטע נומ׳ 8 (נייער האַנטווערקער פאַריין) 510 שטימען, אויס־געוויילט: ח. ד. גראָסמאַן.

ליסטע נומ׳ 9 (אגודה) 918 שטימען, אויסגעוויילט: א. ל. גרינ־וואַלד, ב. זילבערשאַץ און ש. פּיעקאַרסקי.

ליסטע נומ׳ 11 (פועלי ציון לינקע) 300 שטימען, געפעלט 7 שטימען צו אַ מאַנדאַט.

אויפן פאַרלאַנג פון „צעקאָבע״ אין וואַרשע האָט דאָס ביוראָ פון דער בענדינער קהלה צוזאַמענגעשטעלט א גענויע רשימה פון אלע פּערזאָנען, וואָס זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן אויף פּסח.

פון דער אדורכגעפירטער סטאַטיסטיק האָט זיך באַקומען א טרויעריק בילד, וועלכעס באַווייזט, אַז די יידישע נויט האָט זיך ביי אונז פאַרגרעסערט אויף טאָפּלט. די צאָל מענטשן, וואָס האָט באַקומען פּסח־שטיצע האָט דערגרייכט ביז 1200. אחוץ דעם זענען — צוליב געלט מאַנגל — נישט געבליבן אויסגעצאָלט עטלעכע הונדערט אסיג־נאַציעס. די גרעסטע צאָל מקבלים האָבן זיך רעקרוטירט פון קליינ־הענדלער און בעלי מלאכות. ס׳דאַרף באַמערקט ווערן, אז אין יאָר 1933 האָט די צאָל מקבלים דערגרייכט נור 700.

**אין פעברואַר 1935** איז נאָך אַ שווערער האַרץ קראַנקהייט נפטר געוואָרן דער בענדינער רב ר׳ צבי חנוך לעווין ז״ל. אין דער לויה האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער מענטשן און פיל רבנים פון פאַרשידענע שטעט. גלייך נאָך דער לויה האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף אַרום דעם היגן כסא הרבנות, וועלכער איז ביז היינט נאָכנישט דערליידיקט.

**דעם 8־טן סעפּטעמבער** זענען פאָרגעקומען די לעצטע סיים־וואַלן. צוליב דער ניי־צוגעשניטענער וואַל־אָרדינאַציע, איז פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין זאַגלעמביע נישט מעגלעך געווען ארויסצושטעלן קיין אייגענעם קאַנדידאַט און דעריבער האָבן גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג געשטימט פאַר דער „בע־בע״־ליסטע, וועלכע האָט אין זאַגלעמביע אַדורכגעפירט עטלעכע דעפּוטאַטן. אין אַלגעמיין האָבן זיך אין די וואַלן באַטייליקט 46 פּראָצענט וואַל־באַרעכטיקטע.

**דעם 17־טן מערץ 1936** איז, אונטערן פאָרזיץ פון קהלה פּרעזעס ל. רובינליכט, פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן אַ ברייטע הילפס־אַקציע לטובת די געליטענע אין פּשיטיק. אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטייליקט: דער גאַנצער ראַבינאַט, דאַזאָרעס, פּרנסים, לאַוניקעס און געזעלשאַפטלעכע עסקנים. ס׳איז געשאַפן גע־וואָרן אַ קאָמיטעט, וועלכער איז גלייך צוגעטרעטן צו דער הילפס־אַקציע.

**דעם 30־טן יוני** איז אין זאַגלעמביע פאָרגעקומען אַ פּראָטעסט־

שטרייק קעגן דער כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם און אויסראַטונגס־גזרות. פונקט 12 אַזייגער זענען אַלע יידישע געשעפטן און וואַרשטאַטן געשלאָסן געוואָרן און די באַוועגונג אויף די גאַסן האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט. דער פּראָטעסט־שטרייק איז אַדורכגעפירט געוואָרן זייער אימפּאָזאַנט, ווירדיק און ערנסט. די זאַגלעמביער יידן האָבן אַזוי אַרום זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער אַקציע פונם פוילישן יידנטום.

אין סעפּטעמבער האָט די בענדינער פּאָליציי אַרעסטירט עטלעכע צענטליק פּערזאָן, פון וועלכע אַ טייל איז איבערגעגעבן געוואָרן דער געריכט־מאַכט, ווייל זיי זענען געשטאַנען אונטערן חשד, אַז זיי האָבן אויסגעפירט באָמבן־אַטענטאַטן אויף דער שול, געשעפטן, יידישע וווינונגען און באַגאָסן די מלבושים פון יידישע בירגער מיט ברען־מאַטעריאַל.

אויפן אָרט פונם פאַרשטאָרבענעם דומ״ץ ר' יהושעלע טעלנער ז״ל איז אין יאַנואַר 1937 נאָמינירט געוואָרן אַלס ציטעווייליקער רב אין בענדין, דער קאַטאָוויצער רב כאַמיידעס.

דעם 21־טן פעברואַר איז אין בענדין פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ מיט דער באַטייליקונג פון „אָרט״־עסקנים פון בענדין, סאָסנאָוויץ, דאָמבראָווע, זאַגלעמביער און קאַטאָוויצער האַנטווערקער פאַריינען, ווי אויך אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטן, וואָס זייער אויפגאַבע איז צו פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן. דער צוועק פון דער קאָנפערענץ איז געווען צו קאָאָרדינירן די געז. „אָרט״ אין איין קערפּערשאַפט און צו פירן אַן איינהייטלעכע אַרבעט.

דעם 10־טן אַפּריל 1937 האָט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע זאַגלעמביע געפייערט דעם יום טוב פון דער 40־יעריקער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון ד״ר ש. וויינציהער. די פייערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אינם גרויסן זאַל פון בענדינער „בית יתומים״, איז אויסגעפאַלן זייער אימפּאָזאַנט. עס איז דאָרט געווער פאַרטרעטן דאָס שענסטע און בעסטע פון דער זאַגלעמביער יידישער געזעלשאַפט. צו דער פייערונג זענען אויך געקומען פיל געסט פון אויבערשלעזיע, וואַרשע און אַנדערע שטעט.

דעם 6־טן יוני איז אין לאָקאַל פון דער בענדינער קהלה פאָר־געקומען — אונטערן פאָרזיץ פון פרעזעס ש. פירסטענבערג — אַ זיצונג מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון דער קהלה פאַר־וואַלטונג, ראַט און פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, כדי צו שאַפן אַ פאַראייניקטן הילפס־קאָמיטעט לטובת די בריסקער געליטענע. אין דער לייטונג זענען אַריין פאָלגנדיקע פערזאָנען: ש. פירסטענבערג (פאָרזיצער), ד״ר רעכטשאַפט, מ. מאַנעלא, נ. לאַנדנער, ל. בוכווייץ, ג. רעכניץ און ש. לעווקאָוויטש.

אין בענדין איז ביז צום חודש אויגוסט געזאַמלט געוואָרן 6.795 גל.

בעת מיר פאַרענדיקן די כראָניק און מיר גיבן אַ בליק הינטער זיך, זעען מיר ווידער פאַר זיך בילדער ווי מיט 25 יאָר צוריק, נאָר אין אַ געענדערטער פאָרם. דער באָיקאָט איז מאָדערניזירט געוואָרן מיט פּיקעטן, וואָס היטן די יידישע געוועלבער, אַז ס'זאָל דאָרט חלילה נישט אַריין קיין קריסטלעכער קונה, אויף די הויכשולן ווערן איינגע־פירט באַזונדערע בענק פאַר יידישע סטודענטן, פון דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אינזשיניערן־פאַרבאַנדן שליסט מען אויס יידן — מיט איין וואָרט. מען ווייל אונז בגוואַלד צוריק אַריינשטופּן אין געטאָ און אונז צוקלעבן אַ געלע לאַטע.

די פּויפּעריזאַציע פון די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַרשאַרפט זיך פון טאָג צו טאָג און טויזנטער יידן ווענדן זייערע בליקן, זוכנדיק אַן אָרט וווהין צו עמיגרירן, ליידער זענען אומעטום די לענדער גע־שלאָסן מיט שווערע עמיגראַציע גזרות.

אָבער אין דער דאָזיקער שווערער אַטמאָספערע פון שנאת חנם און פאַראַכטונג לגבי אונז, לאָזט זיך אויך הערן די שטים פון אַ טייל פון דער פּראָגרעסיווער פוילישער אינטעליגענץ קעגן די יידן־פאַרפאָלגונגען און אַנטיסעמיטיזם. און מעגלעך, אַז בקרוב וועלן אָנהויבן ווייען אַנדערע ווינטן, וועלכע — געזונט מאַכנדיק די אַלגע־מיינע לאַגע — וועלן אויך אַ סוף מאַכן צו דער רעכטלאָזיקייט פון די יידישע מאַסן אין פוילן.

## ביבליאָגראַפיע:

„אַנאָנסן בלאַט״, יאָרגענג: 1911 — 1913 / „אונזער טעלעפאָן״. י״ג 193 — 1919 / „זאַגלעמביער צייטונג״, י״ג 1919 — 1937 / פאַר־שידענע דאָקומענטן.



כלה באַדעקנס — סקיץ פון משה אפּעלבוים

כיסוי־ראש של הכלה בשעת החופה
רישום של הצייר משה אפלבוים

# ל. שפּיגעלמאַן / די אַנטשטייונג פונם יידישן געדרוקטן וואָרט אין זאַגלעמביע

## (כאַראַקטער־שטריכן פון אַ פערטל־יאָרהונדערט קולטורעלער פּיאָנערן אַרבעט)

### 1) אַ קורצער אַריינפיר.

שרייבן די געשיכטע פון דער „זאַגלעמביער צייטונג" איז באַשטימט קיין לייכטער ענין, אויב מ'וויל, אַז די אַרבעט זאָל ווי געהעריק און געוויסנהאַפט אויסגעפירט ווערן, ווייל דאָ קומט אין באַטראַכט אַ גאַנצע תקופה, אַ יובל. ווו מ'דאַרף צוריקמישן בלעטער און אויפפרישן זכרונות פון זעקס, זיבן און צוואַנציק יאָר צוריק.

אין אַזעלכע מאָמענטן באַווייזן זיך אין זכרון פאַרשידנפאַרביקע בילדער, וואָס האַלטן זיך אין איין טוישן, אין איין פאַרביילויפן, וואָס איינס יאָגט דאָס צווייטע און ס'דאַכט זיך, אַז מיר קוקן אַריין אין אַ קאַליידאָסקאָפּ, אין וועלכן מיר באַוווּנדערן אַ פּראַכטפול שפּיל פון אַ קאָלאָריט־סימפאָניע.

אַז מ'נעמט אַ צייטונג אין דער האַנט אַריין און מ'וויל זיך מיט איר באַקענען, גיט מען קודם כל אַ קוק אויף דער איבערשריפט ווי אַלט זי איז, וויפל יאָר זי דערשיינט, און האָט זי דערגרייכט אַ בכבודיקע עלטער, באַקומט מען פאַר איר רעספּעקט און אַכטונג.

פאַרשטייט זיך, אַז וויבאַלד אַ צייטונג עקזיסטירט לאַנג, דאַרף מען צו איר האָבן אַכטונג שוין בלויז צוליב איר עלטער, וואָס זי האָט דערגרייכט, פּונקט ווי מ'האָט דרך ארץ פאַר אַן אַלטן מענטש, וועלכער איז דערפאַרן אין שכל און אין יאָרן.

און אַ צייטונג איז טאַקע פּונקט ווי אַ לעבעדיק וועזן. פונם ערשטן מאָמענט, וואָס זי הויבט אָן צו דערשיינען, מוז מען זי דערציען גראָד ווי אַ קינד פונם געבוירטאָג אָן.

האָט מען טאַקע אַ סך אויסצושטיין פון אָט דעם קאַפּריזנעם צייטונגס־קינד: דאָ האָט עס אַ סוד אַנטדעקט, פון וועלכן די גאַנצע שטאָט און אומגעגנט קלינגט, אַן אַנדערש מאָל וואָרנט דאָסזעלבע קינד, נישט אַריינצוקריכן אין אַ בלאָטע, פונוואַנען ס'וועט זיין שווער אַרויסצוקריכן און זיך ריינצוּוואַשן.

דאָס איז די אייגנטלעכע מיסיע פון אַ צייטונג, צו שטיין אויף דער וואַך, און ווי אַ פילבאַרער סייסמאָגראַף צו פאַרצייכענען די פאַרשידנאַרטיקסטע וויבראַציעס אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די מטבע האָט אָבער אויך אַ צווייטע זייט: די צייטונג דאַרף טון אַלץ, כדי צו דערגרייכן די געהעריקע הויך, אויב זי וויל זיך דערווערבן דאָס מאָראַלישע רעכט צו זאָגן אַ דעה און אַרויסגעבן אַ דעצידירנדיקע מיינונג, מיט וועלכער דער דעת־הקהל זאָל זיך רעכענען.

בכדי צו שטיין אויף דער דאָזיקער מדרגה, מוז מען אָפּהיטן די הייליקייט פונם געדרוקטן וואָרט. יעדעס פּראָבלעם מוז ערלעך און אויפריכטיק באַהאַנדלט ווערן. דער אמת — ווי שרעקלעך און מוראדיק ער זאָל נישט זיין — מוז זיין דער אידעאַל פון די, וואָס דערציען די צייטונג, אָבער גלייכצייטיק מוז דער שקר אויסגעריסן ווערן מיט דער וואָרצל, נישט רעכנענדיק זיך מיט קיין שום שטערונגען און ביי־זוויליקייטן.

האָבן מיר אָפּגעהיטן די דאָזיקע אַקסיאָמעס? איז דאָס געווען דער אידעאַל פון די דערציער? אויף די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכע פראַגע־צייכנס דאַרפן געבען אַן ענטפער די לייענער גופא, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן אויף דער „זאַגלעמביער צייטונג".

### 2) דער פאַרמלחמהדיקער פּעריאָד.

דעם 21־טן יולי 1911, האָט זיך באַוויזן דער ערשטער נומער פון דער „זאַגלעמביער צייטונג". אָבער אין יענע יאָרן איז אַרויסגעבן אַ צייטונג נישט געווען אַזוי איינפאַך, און דאָס צוליב 2 טעמים: ערשטנס, האָט זיך אַ דורכשניטלעכער מענטש מורא געהאַט צוצורירן צום געדרוקטן וואָרט, נישט קוקנדיק, וואָס ר'האָט געקאָנט האָבן אַן אומבאַגרעניצטע ליבע צו דער יידישער קולטור. פאַרקערט, וואָס שטאַרקער ס'איז געווען די באַציאונג, וואָס גרעסער די פאַרשטענדעניש פאַרן געדרוקטן וואָרט, אַלץ מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט מען דערפאַר געהאַט.

פּונקט ווי אַן אָפּגעהיטענער סופר האָט זיך געהאַלטן אין איין טובלען פאַרן שרייבן די הייליקע אותיות אין אַ ספר תורה, האָט אויך אַ שרייבער געהאַלטן פאַר אַ הייליקייט די ווערטער, וואָס האָבן געדאַרפט דורך אים געדרוקט ווערן, און דערפאַר איז ער צו זיין אַרבעט צוגעטרעטן, נישט ווי צו אַ פּראָפעסיע, נאָר ווי צו אַ דערהאַבענעם אידעאַל, צו וועלכן ר'איז באַרופן געוואָרן דורך דער השגחה העליונה.

און צווייטנס, איז אין יענע יאָרן — אין די צייטן פון דער רוסישער מאָנאַרכיע — נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף אַ צייטונג, אַזוי, אַז אונזערע אויסגאַבן זענען נישט געווען גלאַט כשר. דעריבער האָט מען דעמאָלט נישט געקאָנט טראַכטן אפילו וועגן אַזאַ ברייטן זשעסט ווי אָנרופן דאָס קינד מיטן נאָמען „זאַגלעמביער צייטונג". מיר האָבן דעריבער געמוזט אָפּנאַרן די צאַרישע רעגירונג און מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן אונזער צייטונג: „אַנאָנסן בלאַט", וועלכעס מיר האָבן געמאַכט אַלס אַן אומזיסטע ביילאַגע צו די וואַרשעווער צייטונגען, אַנדערש וואָלטן מיר די צייטונג נישט געקאָנט אַדורכשמוגלען.

שפּעטער האָט זיך אונז איינגעגעבן אַרויפצושטעלן אַ פּרייז אויף דער צייטונג און זייט דעמאָלט הויבט זי אָן שפּילן די ראָל פון אַ זעלבסטשטענדיקן אָרגאַן, וועלכער איז געווען פאַרשפּרייט פון סאָסנאָוויץ ביז פּיעטריקאָוו און איז געווען, אַחוץ לאָדזש, די איינציקע יידישע פּראָווינץ־אויסגאַבע אין געוו. קאָנגרעס־פּוילן.

דאָס „אַנאָנסען בלאַט" האָט זיך שנעל אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, אויף אַזוי ווייט. אַז ס'איז געוואָרן נויטיק צו עפענען אַ רעדאַקציע־אָפּטיילונג אין טשענסטאָכאָוו. די אָפּטיילונג האָט זיך געפונען אונטער דער לייטונג פון רפאל פעדערמאַן מיטן אָנטייל פון משה צ. (צעשינסקי, איצט אַ פערלעגער אין אַמעריקע). די צייטונג איז אויך גוט קאָלפּאָרטירט געוואָרן אין פּיעטריקאָוו, ראַדאָמסק, קיעלץ, לובלין און אפילו אין אויבערשלעזיע, וואָס האָט דאַן אָנגעהערט צו דייטשלאַנד.

אמת, אַז די דאָרטיקע יידן זענען דעמאָלט שוין געווען שטאַרק אַסימילירט און זיי האָבן נישט געהאַט דעם מינדעסטן אינטערעס פאַר אַ יידישע צייטונג, נאָר צוליב דעם, וואָס זאַגלעמביע מיט אויבערשלעזיע זענען עקאָנאָמיש געווען געבונדן, האָט דער דאָזיקער פאַקט געצוווּנגען די אויבערשלעזישע יידן צו שטיין מיט אונז אין קאָנטאַקט. די קאַטאָוויצער און בויטענער סוחרים, אינדוסטריעלער, דאָק־

טוירים אאז"ו, האָבן פאַרשטאַנען אויסצונוצן די גינסטיקע פּאַר זיי קאָניונקטור און האָבן פּשוט פאַרוואָרפן די צייטונג מיט אַנאָנסן. דאָס איז געשען אין אַ צייט ווען ביי אונז האָט מען נישט פאַרשטאַנען, צו וואָס מ'דאַרף אומזיסט „אַרויסוואַרפן" געלט אויף אַזעלכע „נאַריש־קייטן".

אויב דער אַנאָנסן־טייל איז געווען גוט אָוועקגעשטעלט, איז אָבער דער אינפאָרמאַטיווער טייל געבליבן זייער הינטערשטעליק און האָט זיך בהדרגה אַנגעהויבן צו אַנטוויקלען. אַזוי צב"ש האָט דער שרייבער פון די שורות איבערגעגעבן אין דער פאָרם פון „בריוועלעך", אונטערן פּסעוודאָנים „אברהם" — אָפּשפּיגלונגען פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן. שפּעטער ווערט די כראָניק פון אַלע שטעט און שטעטלעך כסדר רייכער און אינטערעסאַנטער.

באַלד דערנאָך איז צוגעקומען ליבל גאָלדשטיין, וועלכער האָט אינטענסיוו מיטגעאַרבעט אַלס פעליטאָניסט, טעאַטער־רעצענזענט און האָט אויך אָפט געשריבן לייט־אַרטיקלען.

גלייכצייטיק באַווייזט זיך אויך ישעיה לעווקאָוויטש, וועלכער הויבט אָן, וואָס ווייטער, אַלץ מער, אַנטיילצונעמען אין דער צייטונג.

שפּעטער קומט אויך צו מאַקס אַראַנאָוויטש, וועלכער באַטייליקט זיך אין דער צייטונג מיט דער גרעסטער מסירות נפש, באַמיענדיק זיך איר צו געבן אַ געהעריקן טאָן און פאָרם.

אויך שלמה אַבראַמסאָן, וווינענדיק דעמאָלט אין בענדין, באַטייליקט זיך מיט עקאָנאָמישע אַרטיקלען, וועלכע זענען געווען געשריבן זאַכלעך, אויסגעהאַלטן, און דער לעזער האָט דערפילט, אַז צו אים רעדט אַ באַוווסטזיניקער אינטעליגענט, פון וועלכן מ'האָט געקאָנט פיל לערנען.

איינציקווייז האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו באַטייליקן מיט פּאָ־לעמישע אַרטיקלען: י. וויגאָדזקי, גאָלדמער, יעביץ, י. מ. ווײַנרעב, ב. פּרעגער א"א.

אין קיעלץ, וואָס האָט אַלס אַ גובערניע שטאָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל, האָט אונז רעפּרעזענטירט, דער נאָך דעמאָלט יינגער דיכטער — פישל בימקאָ, וועלכער פאַרנעמט היינט אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער יידיש־ליטעראַרישער משפחה אין אַמעריקע.

דאָס איז דער ערשטער פּעריאָד פונם יידישן געדרוקטן וואָרט אין זאַגלעמביע.

ס'מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז קיינער פון אונזערע מיטאַר־בעטער, אַ חוץ דער שרייבער פון די שורות, האָט נישט געוווּסט, דאָס די צייטונג איז אומלעגאַל און, אַז ס'האָט אונז יעדע מינוט געדראָט אַרעסטירט צו ווערן. וויסנדיק דאָס אַלץ, האָבן מיר נישט גערוט, ביז ס'האָט זיך אונז ענדלעך איינגעגעבן צו באַקומען אַ קאָנצעסיע פון פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר אויף אונזער צייטונג, וועלכע האָט זייט דאַן אָנגעהויבן צו טראָגן דעם נאָמען: „אונזער טעלעפאָן".

אויב מיר האָבן פּראָגרעסירט, מאַכנדיק פונם „אַנאָנסן בלאַט" אַ זעלבסטשטענדיקע צייטונג מיט אַ פּרייז, וואָס האָט דאַן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג — האָבן מיר פּשוט אַ פעסטונג אַדורכ־געבראָכן באַקומענדיק די קאָנצעסיע, וו מיר האָבן שוין געקאָנט לעגאַל אַרבעטן.

פאַר דער דאָזיקער, אומבאַגרייפלעך שווערער, פּיאָנערישער אַר־בעט, האָט דער שרייבער פון די שורות צו פאַרדאַנקען זיין פאָטער, וועלכער האָט זיך פאַר קיינעם און פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט ביז ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צו רעאַליזירן די קאָנצעסיע.

פריער האָבן מיר געמוזט דרוקן אונזער צייטונג אין שלמה בעלכאַטאָווסקיס דרוקעריי אין פּיעטריקאָוו, וואָס ס'איז אגב נישט לייכט אָנגעקומען. באַקומענדיק די קאָנצעסיע אויף „אונזער טעלע־פאָן", האָבן מיר זיך געמוזט אַרומזען וועגן אַ דרוקעריי אין בענדין, צו דעם צוועק האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט אפרים זיידנער, וועלכער איז אין יענע יאָרן געווען דער באַזיצער פון דער גרעסטער דרוקעריי אין בענדין, און דעם 14־טן נאָוועמבער 1913 איז דערשינען דער ערשטער נומער „אונזער טעלעפאָן", אַלס פּולקאָם לעגאַלע צייטונג. די דאָזיקע דאַטע איז די וויכטיקסטע אויפן געביט פונם יידישן צייטונגס־וועזן אין זאַגלעמביע.

ווי נור ס'זענען דערשינען 2 נומערן פון דער לעגאַלער צייטונג איז אָנגעקומען פון ברעסלע די טרויעריקע ידיעה, אַז דאָרט איז נפטר געוואָרן דער בענדינער רב ר' ישכר בעריש גרויבאַרט ז"ל. מיר האָבן דאַן אַרויסגעלאָזט אַן עקסטראַ אויסגאַבע, וועלכע איז פאַר־שפּרייט אין פיל טויזנטער עקזעמפּלאַרן, נישט בלויז אין דער שטאָט, נאָר אויך אין דער גאַנצער אומגעגנט און אין די ווייטערע שטעט. דער אינטערעס צו דער צייטונג איז געוואָרן אַזוי גרויס, דאָס מיר האָבן זי געמוזט אַרויסגעבן טעגלעך, אַזש ביז נאָך דער קבורה פונם גרויסן נפטר.

וואָס ווייטער האָט זיך די צייטונג אַלץ מער און מער איינגע־בירגערט, אין זי האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט די בעסטע מענטשן פון יידישן זאַגלעמביע.

אַלס אַן אומפּאַרטייאישער אָרגאַן האָט זיך אונזער צייטונג שטענ־דיק באַמיט צו שטיין אויף דער געהעריקער הויך און אַזויאַרום געקעמפט פאַר אַ בעסערע עקזיסטענץ און אַ שענערער צוקונפט. אונזערע אַרטיקלען, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן לאָגיש און מיט אַ געהעריקער באַגרינדונג, האָבן אַרויסגערופן אַלזייטיקן רעספּעקט און אינטערעס און אַזויאַרום צוגעצויגן צו אַ שטענדיקער מיטאַרבעט אַזעלכע פערזאָנען ווי: י. פּסחזאָן, מ. האַלפּערן, ג. סטאַווינ־סקי, ב. טענצער, מ. פיינקינד א"א.

אָבער אין מיטן דער אַנטוויקלונג, אינם שענסטן און בעסטן גלאַנץ־פּעריאָד פאַר דער צייטונג, האָט פּלוצלינג אַ בליץ געטון און ס'איז אויסגעבראָכן דאָס העלישע פייער — די וועלט מלחמה פון יאָר 1914.

### 3) אָקופּאַציע פּעריאָד.

פרייטאָג, דעם 31־טן יולי 1914 איז דערשינען די צייטונג און צומאָרגנס, שבת, איז דאָס רוסישע מיליטער, נאַטשאַלסטווע, פּאָליציי רעגירונגס־באַאַמטע אין אַ בהלה אַנטלאָפן קיין וואַרשע.

זונטאָג איז שוין זאַגלעמביע געווען באַזעצט דורך אַ דייטשער מיליטער־אָפּטיילונג. די שרעק איז געווען אין לשער, צוליב דעם וואָס די דייטשן האָבן דערקלערט קריגס און באַלאַגערונגס־צושטאַנד און האָבן רעקווירירט די ערשטע לעבנסמיטל פּראָדוקטן.

מיר זענען גלייך אָפּגעשניטן געוואָרן פון וואַרשע און לאָדזש און האָבן קיין שום פאַרבינדונגען נישט געהאַט, אַזוי, אַז מיר האָבן זיך געפונען ווי אין אַ קאַסטן, ענג, נישט דעם אָטעם צו כאַפּן. דעמאָלט האָבן מיר זיך ווידער געפונען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. וואָס טוט מען? אַרויסגעבן די צייטונג? שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט די דייטשן, פון וועלכע מיר דאַרפן באַקומען די ידיעות און

צושטעלן די צייטונג צו דער צענזור, איז געווען אַ געפאַר, ווייל יעדער איז דאָך געווען זיכער, אַז היינט—מאָרגן קומען די רוסן צוריק, און דאַן וועט מען אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ מגע ומשא מיטן שונא פאַרשיקן אין קאַלטן סיביר. אַוועקשטעלן זיך ווידער אין אַ זייט און נישט אַרויסגעבן די צייטונג אין אַזאַ גורל־מאָמענט, ווען מ׳דאַרף נאָך מער ווי אין אַ נאָרמאַלער צייט נעמען אויף זיך די התחייבות, האָבן מיר ביי זיך אויך נישט געקאָנט פועלן. נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָט געזיגט דער געדאַנק ווייטער אַרויסצוגעבן די צייטונג, און צוליב די אומגעהויערע וויכטיקע געשעענישן, האָבן מיר זי באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען צייטוויייליק אין אַ טאָג צייטונג.

נישט האָבנדיק קיין שום יידישע צייטונג, האָט מען פשוט גע־שלונגען אונזערע אויסגאַבן. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די צייטונג איז דאַן געווען אַ וועג־ווייזער. אין איר זענען געווען געדרוקט די פאַרשידענע באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדנונגען פון דער דייטשער עטאַפּן־קאָמענדאַנטור און אַזויאַרום זענען די לעזער אינפאָרמירט גע־וואָרן, ווען מ׳מעג זיך באַווייזן אין די גאַסן, וואָס מען טאָר נישט האַלטן אין שטוב אָן אַ באַזונדערער דערלויבניש אאז״וו. אונזער אויפגאַבע איז אויך געווען צו וואָרענען די איינוווינער, אַז זיי זאָלן זיך צוהערן צו די באַפעלן פון דער בירגער־מיליץ, ווען אפילו דאָס זענען יידן און דערצו גוט באַקאַנטע. די טעגלעכע צייטונג איז אַלזאָ דעמאָלט געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אונזער טאָג־טעגלעכן לעבן.

וואָס לענגער די דייטשן האָבן זיך געפונען אין פוילן אַלץ מער האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען, באַזונדערס ביי אונז אין זאַגלעמביע, ווו — צוליב דער סטראַטעגישער לאַגע — האָבן זיי זיך געפילט זיכערער און באַקוועמער. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, דאָס זיי האָבן אונז קאָנפיסירט אַ נומער „אונזער טעלעפאָן" און פאַראָרדנט די צייטונג געגנצלעך אָפּצושטעלן. אָבער דערמיט איז די פראַגע נאָכנישט געלעזט געוואָרן. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ קאַמיסיע מיטן שעף פון דער דייטשער פּרעסע־פאַרוואַלטונג אין דער שפּיץ, וואָס האָט אַדורכגעפירט אַ רעוויזיע אין אונזער רעדאַקציע און געפאָדערט די געהיימע טעלעפאָנישע פאַרבינדונג מיט דער רוסישער רעגירונג, פונוואַנען מיר באַקומען די ידיעות פאַר „אונזער טעלעפאָן". אַז מיר האָבן זיי דערקלערט, דאָס בלויז דער נאָמען פון דער צייטונג איז אַזאָ און מיר ווייסן נישט פון קיין שום אונטערערדישע פאַרבינ־דונגען, האָבן זיי אַלץ נישט געגלויבט און זענען געגאַנגען זוכן דעם אונטערערדישן טעלעפאָן אין דער דרוקעריי פון דער צייטונג. פאַר־שטייט זיך, אַז אויך דאָרט האָבן זיי גאָרנישט געפונען. אָבער דער סוף איז געווען, אַז מער האָבן זיי אונז די צייטונג נישט געלאָזט אַרויסגעבן, מיר זענען שוין געווען ביי זיי אָפּגעזענקט...

## 4) אין באַפרייטן פוילן.

מאָנטאָג, דעם 11־טן נאָוועמבער 1918 האָט זאַגלעמביע ממש יעדע שעה אָנגעהויבן צו באַקומען אַן אַנדער קאָליר. יעדע ווײַלע האָבן מיר געזען אַנדערע בילדער און אינסטינקטיוו האָט מען געפילט, אַז ס׳קומט אַן איבערברוך אין דער וועלט־אָרדענונג. במשך פון עטלעכע שעה איז די דייטשע מיליטער־ און ציוויל־פאַוואַלטונג פשוט אַנטלאָפן פון זאַגלעמביע. דאָס איז געשען בליץ־שנעל, לויט דער דייטשער אָרדענונג און פינקטלעכקייט אַזוי, אַז ביז די איינוווינער האָבן באַוויזן זיך צו אָריענטירן, וואָסערע היסטאָרישע געשעענישן עס שפּילן זיך אָפּ, האָט מען שוין קיין דייטש פאַר דער ליכטיקער שיין נישט געזען.

גלייך האָט זיך געשאַפן אַ פאָלקס־מיליץ, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט די בירגער פון זאַגלעמביע, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען צו דערהאַלטן די אָרדענונג און צו דעם צוועק האָבן זיי אויך באַקומען געווער.

גלייך האָבן מיר אָנגעהויבן באַנייען „אונזער טעלעפאָן", וואָס איז פאַר די דייטשן געווען אַן אומגעהויער געפערלעכער משחית. אָבער דער נאָמען האָט שוין קיין גרויס מזל נישט געהאַט. דעם 28־טן יוני 1919 האָט ווידער די פּוילישע מאַכט אָפּגעשטעלט די צייטונג, ביז דער ענין וועגן „אונזער טעלעפאָן" וועט קלאָר ווערן.

מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט פאַרלירן קיין צייט אין אַזאַ וויכטיקן היסטאָרישן מאָמענט, בעת מ׳האָט זיך שטאַרק גענויטיקט אין אַ לאָקאַלן אָרגאַן און מיר האָבן זיך געהאָלפן מיט אַרויסלאָזן איינמאָליקע אויסגאַבעס, אַזוי איז דעם 4־טן יולי 1919 דערשינען דער „פרייטאָג" און דעם 11־טן יולי דער „ערב שבת". היות ווי מיר האָבן ביז דעם טערמין נישט געקאָנט בקומען קיין גענויע אויפקלערונג וועגן פאַרמאַכן „אונזער טעלעפאָן" און מ׳האָט אים אויך נישט דער־לויבט ווייטער אַרויסצוגעבן, האָבן מיר דעם 18־טן יולי 1919 אָנגע־הויבן אַרויסצוגעבן די „זאַגלעמביער צייטונג", וועלכע דערשיינט ביזן היינטיקן טאָג.

מיטן ווידערגעבורט פון דער פּוילישער מלוכה, זענען די בירגער באַפרייט געוואָרן פון יאָך און קנעכטשאַפט און ס׳האָט אָנגעהויבן צו פּולסירן אַ נײַ לעבן. צוזאַמען מיטן פּוילישן פאָלק, האָבן אויך מיר יידן צוגעטראָגן ליים און ציגל צום גרויסן אויפבוי־ווערק, וואָס הייסט אומאָפּהענגיק פּוילן. אין אַזאַ היסטאָרישן מאָמענט האָט אויך אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן אָנגענומען אַנדערע פאָרמען אַזוי. אַז די צייטונג איז געוואָרן דער לעבעדיקער פאַקטאָר, דער וועגווייזער פאַר די בירגער, וועלכע האָבן אויף זיך געמוזט נעמען די התחייבות לגבי דער נײַ־אַנטשטאַנענער מלוכה.

צו יעדער צייט האָבן מיר געדענקט אָפּצוהיטן די ריינקייט פון דער צייטונג און נישט לאָזן דערנידריקן דאָס געדרוקטע וואָרט. מיר האָבן אויסגעמיטן דאָס פירן פון פּערזענלעכע פּאָלעמיק אויף אונזערע שפּאַלטן, פונקט ווי מיר האָבן נישט דערלאָזט, אַז יחידים זאָלן אָפּטון על דעת עצמם, אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט, וואָס זיי וועט נור געפעלן ווערן. דאַקעגן האָבן מיר צו יעדער צייט אַרויסגעוויזן די גרעסטע מאָס אַנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פאַר ערלעכע און איבער־געגעבענע געזעלשאַפטלעכע פאָרשטייער, וואָס זענען אויסן געווען דעם טובת־הכלל.

חניפה־טאָן האָבן מיר פיינט בתכלית השנאה, פונקט אַזוי ווי ס׳עקזיסטירט נישט ביי אונז דער באַפעלערישער טאָן, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פיל פּראָווינצער צייטונגען.

אמת איז, אַז פאַרשידענע אינדיווידואומס נעמען דערפאַר ביי יעדער געלעגנהייט אין אונז נקמה, אָבער מיר רעכענען זיך נישט דערמיט.

פונם ערשטן טאָג זייט אונזער צייטונג דערשיינט ביז היינט, האָבן מיר פון קיין פירמע אָדער גרויס־אינדוסטריעלער נישט פאַר־לאַנגט קיין טובה־אַנאָנס, מיר האָבן אפילו די צייטונג קיינמאָל נישט צוגעשטעלט נישט פאַרלאַנגטערהייט.

בעת ס'איז געוואָרן 25 יאָר זייט די צייטונג דערשיינט האָבן אונז פריינט, לאָקאַלע און פון דער ברייטער וועלט, אויפגעפאָדערט אַרויסצוגעבן אַ רייכן יובל־נומער, ווי ס'פּאַסט פאַר אונזער צייטונג און פאַר אונזער רייכן אינדוסטריע־ראַיאָן. אויב מיר האָבן אַזאַ געלעגנהייט אַדורכגעלאָזט, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס מיר זענען נישט געווען אין דער לאַגע אַרויסצוגעבן אַזאַ אויסגאַבע, וואָס דאַרף פאַרשלינגען אַ סך געלט, און פאַרלאַנגען, אַז מ'זאָל סובסידירן אונזער אויסגאַבע, האָבן מיר נישט געוואָלט.

איצט איז שוין פאַרשטענדלעך פאַרוואָס די צייטונג האָט קיינמאָל נישט געוואָלט דינען די אָדער יענע ריכטונג, נאָר האָט שטענדיק געדינט די אינטערעסן פונם פאָלק און געקעמפט פאַר דער טובה פון די מאַסן, נישט נעמענדיק אין אַכט, צו וועלכער ריכטונג יענע געהערן.

מיר ווייסן נישט צי ס'איז איבריק אָדער נויטיק צו דערציילן, אַז אונזערע לעזער זענען צוגעבונדן צו דער צייטונג, נישט בלויז אין זאַגלעמביע, נאָר אויך מעבר לים, סיי אין ארץ ישראל, סיי אין פאַרשידענע טיילן פון אַמעריקע, ווי אויך אין דער גאַרער וועלט, ווו אונזערע זאַגלעמביער ברידער געפינען זיך, אומעטום מוזן זיי האָבן זייער גייסטיקע חיונה, וואָס זיי געפינען אין דער „זאַגלעמביער צייטונג", דורך וועלכער זיי באַקומען — לויט זיי דריקן זיך אויס — „דעם היימישן, וואַרעמען גרוס פון דער אַלטער היים".

אונזערע שטענדיקע רעדאַקציע־מיטאַרבעטער זענען: ר. לעט, ש. לעוואָקאָוויטש (בן־אָמוץ), סעלעקט, עלעס און ד"ר פּאָפּורי.

אַחוץ דעם באַטייליקן זיך שטענדיק אין אונזער צייטונג פאָלגנדיקע מיטאַרבעטער: י. אָבערזשאַנעק, פ. בלומענקראַנץ, ח. זיעלאַני, ש. ראָטענבערג, ד"ר וויינציהער, ד"ר רעכטמאַן, יהודה יפת, י. וויגאָדזקי, ז. האָבער, ל. גאָלדשטיין, ראָזאַ יאַקובאָוויטש, ל. טענענבוים און נ. שטערנבערג.

באַדייטנדיקע אַרבעטן, אויף וועלכע ס'לוינט זיך באַזונדערס אָפּצושטעלן, זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך פאָלגנדיקע מיטאַרבעטער:

מ. פיינקינד האָט אין יאָר 1934 אָנגעשריבן אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע א. נ. „די בענדינער קהלה אין דער 2־טער העלפט פון 19־טן



פרעזידיום פון דער קהלה
אין יאָר 1937.
(נשיאות הקהלה בתרצ"ז)

אליעזר רובינליכט
פאַרזיצער פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג
(יו"ר ועד הקהלה)



אברהם ליוועך
וויצע־פאַרזיצער פון קהלה־פאַרוואַלטונג
(סגן יו"ר ועד הקהלה)



שלמה יצחק רינסקי
פאַרזיצער פון קהלה ראַט
(יו"ר מועצת הקהלה)



נטע לאַנדנער
וויצע־פאַרזיצער פון קהלה־ראַט
(סגן יו"ר מועצת הקהלה)

יאָהרהונדערט" און שפּעטער: „די ערשטע תקופה פון דער סאָסנאָוויצער קהלה". אַחוץ דעם איז אויף יעדן יום־טוב געקומען אַ היסטאָרישע דערציילונג מעניני דיומא.

י. וויגאָדזקי האָט די מיסיע צוצוגרייטן אויף יעדן יום־טוב אַן אַרטיקל, וואָס באַזירט אויף די ספרי חכמינו ז"ל, ווו ער קערט זיך צוריק צו דער אוראַלטער פאַרגאַנגענהייט, ווען יידן זענען נאָך געווען אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק אין זייער לאַנד, מיט אַן אייגענער שפּראַך, קולטור און טראַדיציע. וויגאָדזקי פאַרקניפּט דעם עבר און קעגנוואַרט מיט דער צוקונפט, פון וואָס ס'קומט שטענדיק אַרויס אַ שיינע אָפּהאַנדלונג. אַזעלכע באַלערנדיקע פאָרשונגען, וועלכע זענען גלייכצייטיק צוגעפּאַסט צום אַלטעגלעכן לעבן, קאָנען נור אַרויס פון אַ פעדער, וואָס האָט אַזויפיל וויסן און אינטעליגענץ ווי פריינט וויגאָדזקי.

ש. לעווקאָוויטש (בן־אמוץ) איז מיטרעדאַקטאָר און פירט אָן מיט דער זאַגלעמביער כראָניק. ער שטעלט אויך צוזאַמען דעם סאַטיריש־הומאָריסטישן „קאָך־לעפל" און שרייבט בילדלעך אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען: „געהערט און געזען", ער באַאַרבעט אויך די רעדאַקציע־קאָרעספּאָנדענץ פאַר „אונזער פּאַנאָראַמע".

ש. ראָטנבערג שרייבט צוערשט אַרטיקלען איבער לויפנדיקע אַקטועלע טעמעס. שפּעטער באַהאַנדלט ער די פאַרשידנסטע צייט־פּראָבלעמען אונטערן אַלגעמיינעם קעפּל: „באַמערקונגען". אויסער דעם, גיט ער אויספירלעכע און זאַכלעכע אָפּהאַנדלונגען איבער קונסט, שרייבט רעצענזיעס איבער בילדער־אויסשטעלונגען, מוזיק און טעאָטער־פאָרשטעלונגען. ווען ראָטענבערג קומט צוריק פון ווילנע, ווו ר'איז געווען צוליב שטודיע־צוועקן אין די יאָרן 33/1932, פאַרעפנטלעכט ער אויף די שפּאַלטן פון אונזער צייטונג אַ סעריע אַרטיקלען אונטערן נאָמען: „דאָס ליטווישע ירושלים", ווו ס'איז געקומען צום אויסדרוק דאָס אַלגעמיינע לעבן פון יידישן ווילנע און באַזונדערס די טעטיקייט פון די ווילנער וויכטיקסטע יידישע קולטור און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. פאַר זיין אַרבעט איז ראָטענבערג באַשאָנקן געוואָרן דורך די פּרעזידיומס פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס מיט אַ קאָלעקטיוון דאַנק־בריוו, וועלכער איז אונז צוגעשיקט געוואָרן צו פאַרעפנטלעכן, און איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „זאַגלעמביער צייטונג" פון 1־טן סעפּטעמבער 1933.

פ. בלומענקראַנץ שטעלט זיך אָפּ אויף די צאַפּלדיקסטע טעגלעכע פראַגן, שרייבט אויך ערנסטע אַרטיקלען איבער די פאַרשידנסטע ענינים, סיי יידישע און סיי אַלגעמיינע. בלומענקראַנץ מאָלט אויך שיינע בילדלעך און שרייבט פיין טעאַטער רעצענזיעס.

ג. סטאַווסקי שרייבט פאַר אונז אָפּהאַנדלונגען און גיט כאַראַקטער־שטריכן וועגן די מאָדערנע שעפער פון נאַציאָנאַלן געדאַנק, ווי: נ. סאָקאָלאָוו, ח. נ. ביאַליק, וועלכן ער געדענקט נאָך זייט דער צייט ווען ר'איז געווען אַ לערער אין סאָסנאָוויץ, א"אנד. סטאַווסקי האָט אויך אויף די שפּאַלטן פון אונזער צייטונג אָנגעשריבן אין יאָר 1936 אַ גרעסערע אינטערעסאַנטע מאָנאָגראַפיע א. נ.: „זכרונות פון די ערשטע ציוניסטן אין זאַגלעמביע".

אין די גרעסטע צענטער־שטעט אין אויסלאַנד זענען מיר פאַרטרעטן דורך פאָלגנדיקע קאָרעספּאָנדענטן: ז. האַבער (ווין), ד"ר אימערגליק (ניו־יורק), ש. ווייס און מאָטעק האַמפּעל (ארץ ישראל). אונזער שליח איבער אַמעריקע, אפריקע און אַנדערע לענדער, איז ד"ר פּראָמאַן.

ווי באַוווּסט זענען ביי אונז פאַראַן עטלעכע רעדאַקציע חברים, וועלכע שרייבן נור אונטער פּסעוודאָנימען און נישט זיי גיבן זיך אויס און נישט זיי דערלויבן, אַז די רעדאַקציע זאָל זיי אויסגעבן. לעזער און פריינט פון דער צייטונג קאָנען אָבער נישט איבערטראָגן, אַז זיי זאָלן וואָך־וועכנטלעך לעזן איקסן אָדער איגרעקן און נישט וויסן וועמען זיי לעזן און ווער ס'רעדט צו זיי.

מיט יאָרן צוריק איז עס געווען. אין סאָסנאָוויץ זענען אַלע לעזער זיכער געווען, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז ד"ר פּאַפּורי איז נישט קיין אַנדערער ווי ד"ר פּערלמאַן. און וויפל מאָל מיר האָבן נישט געזאָלט דערקלערן די לעזער, אַז דאָס איז נישט אַזוי, האָט מען סיי אונז און סיי דעם ד"ר פּערלמאַן נישט געגלויבט, אַזוי, אַז נישט איינמאָל האָט דער לעצטער געהאַט פיל דערפון אויסצושטיין. איינמאָל, בעת ד"ר פּערלמאַן איז געווען אַ קהלה פאָרשטייער, האָט זיך פון אונזער מיטאַרבעטער באַוויזן אַן אַרטיקל, וואָס האָט באַהאַנדלט די קהלה פּראָבלעם נישט לויט דער אויפפאַסונג פון ד"ר פּערלמאַן. דעמאָלס טאַקע האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן זיינע אָנהענגער און קעגנער, אַז ד"ר פּאַפּורי איז נישט ער. דאָך איז מען אַלץ ווייטער געווען אין ספק. ערשט ווען ד"ר פּערלמאַן איז געשטאָרבן און ד"ר פּאַפּורי האָט ווייטער געשריבן, האָט מען זיך איבערצייגט, אַז סיי אונזערע ווי זיינע דערקלערונגען זענען געווען אמת.

אַ צווייטער פאַקט מיט אונזערס אַ פּסעוודאָנים: דאָסמאָל אין בענדין. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז עס געווען. ס'קומט אַריין אין רעדאַקציע אַ דעלעגאַציע פון 3 פּערזאָן, אָנגעזעענע אין דער שטאָט מענטשן, און אין נאָמען פון זייער פאַריין פאַרלאַנגען זיי, אַז מ'זאָל זיי אַרויסגעבן דעם פּסעוודאָנים פון אונזער מיטאַרבעטער ר. לעט, וועלכער האָט כלומרשט באַליידיקט דעם כבוד פון זייער אינסטיטוציע, צוליב וואָס זיי האָבן געליטן אַ מאַטעריעלן שאָדן, און אַזוי ווי זיי ווילן זיך נישט איינרייסן מיט דער רעדאַקציע, ווילן זיי פאַרקלאָגן בלויז דעם מחבר פונם אַרטיקל. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיי געענטפערט, אַז אַזאַ זאַך איז אונז נישט דערלויבט אָן דער הסכמה פון מחבר. אָבער יענע האָבן אונז דערקלערט, דאָס אייגענטלעך וויסן זיי אַזוי אויך ווער דאָס איז, ס'איז דאָך אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד — שרייען זיי — אַז דאָס איז רובינליכט, ווער ווייס דאָס נישט, אַז ר. לעט מאַכט רו—בענליכט.

אָט וואָסערע סיורפּריזן ס'אַנטשטייען צוליבן האַלטן פאַרשלייערטע פּסעוודאָנימען.

זייטן יאָר 1933 גיבן מיר אויך אַרויס פאַר קיעלץ און דער אומגעגנט אַ מוטאַציע־אויסגאַבע פון אונזער צייטונג א. נ. „קיעלצער זאַגלעמביער צייטונג".

דער לעזער גיט זיך באַשטימט נישט אָפּ קיין דין וחשבון ווי שווער ס'איז צו רעדאַגירן אַ צייטונג, אויב זי וויל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן כלל, אויב זי וויל האָבן אַן אויסגעהאַלטענע ליניע. דער לעזער באַקומט די צייטונג אַ פאַרטיקע און ער זעט נישט וויפל שווערקייטן און מסירת נפש ס'ליגט אָפּטמאָל צווישן די שורות ביז זי ווערט דערלאַנגט אַ גרייטע דעם לעזער אין דער האַנט אַריין.

מיר האָבן געמאַכט אַ פּרווו פון אַ קורצער כאַראַקטעריסטיק איבער אַלע דערשיינונגען פון דער „זאַגלעמביער צייטונג" — אין אַלע אירע עטאַפּן.

# ד״ר ר. רעכטמאַן / די בענדינער זעלבסטפאַרוואַלטונג

„היסטאָריאַ מאַגיסטראַ וויטע עסט" (די געשיכטע איז דער לערע פון לעבן) — זאָגט אַ לאַטייניש שפּריכוואָרט. און באמת, ווער ס'וויל זיך באַקאַנען מיטן לעבן פון דער שטאָט בענדין, זאָל לעזן די געשיכטע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און מישנדיק די בלעטער, וועט ער באַקומען אַ באַגריף וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און אירע בירגער.

ביזן יאָר 1914 האָבן די היגע תושבים נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס פאַר דער שטאָט און אירע איינריכטונגען. די סיבה דערפון דאַרף מען זוכן אין דעם, וואָס ביז דעמאָלט איז די שטאָט רעגירט געוואָרן דורך נאָמינירטע בורמיסטשעס, וועלכע האָבן קודם כל אין זינען געהאַט זייערע אייגענע אינטערעסן און נישט דעם טובת הכלל.

מיטן איינפירן פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג, איז דערוועקט געוואָרן דאָס באַוווסטזיין פון די בירגער און זייער אינטערעס פאַר דער שטאָט.

דער פאַרלאַמענטאַריזם מיט אַלע זיינע אייגנשאַפטן, ווי: וואַלן, געזעצגעבונג און געזעלשאַפטלעכע קאָנטראָל איז די בעסטע בירגער־שול, וועלכע דערוועקט ביים יחיד דעם געזעלשאַפטלעכן חוש, דעם אינטערעס און אפילו אָפּפערווילקייט לטובת זיין שטאָט. אויפן אָרט פון אַ גלייכגילטיקער, שקלאַפישער הכנעה, קומט אַ פרייוויליקע ענטוזיאַסטישע אַרבעט און אַ לעבעדיקער אינטערעס צו דערהויבן די שטאָט און אירע איינריכטונגען, וואָס אַמאָל צו אַלץ אַ העכערן ניוואָ.

בענדין איז פאַרן וועלט־קריג געווען נאָך אַ קליינע שטאָט, אָן וועלכע ס'איז קולטורעלע איינריכטונגען, און כמעט אומבאַקאַנט.

דער קריג־אויסברוך האָט באַלד אין אַנהויב איבערגעלאָזט די שטאָט אָן אויפזיכט און אָן וועלכער ס'איז מאַכט. אָבער באַלד אין די ערשטע טעג ווערט געשאַפן אַ פרייוויליקע בירגער מיליץ, וועלכע האָט געבילדעט דעם פאַקטישן אַנהויב פון דער בענדינער זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

דעם 2־טן אויגוסט 1914 האָט זיך קאָנסטיטוירט אַ בירגער־קאָמיטעט פון 20 פערזאָן, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען 4 יידן: אַדוואָקאַט רידער, אינזש. גאָלדשטאַוב, ח. ד. ראָזענבלום און ישעיה ראַטנער.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער דאָזיקער קאָמיטעט אָרגאַניזירט דעם ערשטן שטאָט־ראָט פון 25 ראַטמענער, צווישן זיי 4 פאָלגנדיקע יידן: אַדוו. רידער, ראַטנער, שיין און ד״ר וואַסערצווייג.

דער שטאָט־ראָט האָט אין די קריטישע מלחמה טעג באַוויזן צו אָרגאַניזירן די אויפזיכט איבער דער שטאָט, און הגם ער האָט נישט דיספּאָנירט מיט קיין אויספיר־אָרגאַנען, איז דאָך די אָרדענונג און רו אין דער שטאָט געווען אַ מוסטערהאַפטע.

דער ערשטער שטאָט־ראָט האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער שטאָט. אַדאַנק דעם פּרעסטיזש פונם ראָט ביי דער אָקופּאַציע מאַכט האָט בענדין, אין פאַרהעלטניש צו אַנדערע שטעט, וויניקער געליטן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

דער ראָט האָט עקזיסטירט ביזן 20־טן יוני 1915. דעמאָלט איז ער אויפגעלעזט געוואָרן דורך דער אָקופּאַציע מאַכט, און אויף זיין אָרט איז געקומען דער צווייטער שטאָט־ראָט, נאָמינירט דורך דערזעלבער מאַכט, אין אַ צאָל פון 23 פערזאָן, צווישן זיי 6 יידן: ג. וויינציהער, בעריש פּרעגער, הענדל נונבערג, סערצאַזש, ראַטנער און פאַטאַק.

צווישן די 4 לאָווניקעס אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט זיך געפונען 1 ייד — אַדוו. רידער.

דעם 26־טן מערץ 1917 האָט איבערגענומען די שטאָט־ווירטשאַפט דער 3־טער שטאָט־ראָט, וועלכער איז געוויילט געוואָרן לויט אַ קוריע־סיסטעם אין ווינטער 1916.

דער ראָט, אונטערן פאָרזיץ פון גוסטאַוו וויינציהער, איז באַשטאַנען פון 24 פערזאָן, בלויז יידן.

אין די היסטאָרישע טעג פונם צוזאַמענברוך פון די צענטראַל־מלוכות (דייטשלאַנד, עסטרייך), האָט זיך דער ראָט אַליין אויפגעלעזט.

הגם דער ראָט האָט נור עקזיסטירט אַ קורצע צייט, האָט ער דאָך פיל געלייסטעט לטובת דער שטאָט און אירע איינוווינער.

פון דעם 12־טן נאָוועמבער 1918 ביזן 10־טן יוני 1919 האָט געווירטשאַפט אין בענדין אַ צייטווייליקע שטאָט־פאַרוואַלטונג פון 15 פערזאָן, בתוכם 7 יידן: ד״ר וויינציהער, ל. רובינליכט, אַדוו. רידער, י. פּסחזאָן, י. גאָלדפעלד, ה. נונבערג און ג. וויינציהער.

דעם יורידישן יסוד פאַר די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען האָט געשאַפן דער דעקרעט פון 13־טן דעצעמבער 1918.

שוין אויפן סמך פון דעם דעקרעט, זענען דעם 18־טן מאַי 1919 אַדורכגעפירט געוואָרן וואַלן צום 4־טן שטאָט־ראָט אין בענדין.

דער צוזאַמענשטעל פונם ראָט איז געווען: 27 ראַטמענער, צווישן זיי 12 יידן. אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זענען געוויילט געוואָרן 2 יידן.

דער ראָט האָט אַ סך געלייסטעט אויף אַלע געביטן פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט, און ער האָט זיך אויפגעלעזט לויט אַן אייגענעם באַשלוס אין אָנפאַנג אַפּריל 1925.

ביז צו די נייע וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען דעם 30־טן אויגוסט 1925, האָט די אויפזיכט־מאַכט נאָמינירט אַ צייטווייליקע שטאָט־פאַרוואַלטונג פון 6 פערזאָן, צווישן זיי 3 יידן: ד״ר וויינציהער, נונבערג און סערצאַזש.

דעם 23־טן סעפּטעמבער 1925 האָט זיך קאָנסטיטואירט דער 5־טער שטאָט־ראָט פון 32 ראַטמענער, דערונטער 11 יידן — און אַ שטאָט־פאַרוואַלטונג פון 6 פערזאָן, בתוכם 2 יידן. צום ערשטן מאָל האָט בענדין באַוויזן אויסצוווילן אַ יידישן וויצע־פּרעזידענט, אין דער פערזאָן פון ל. רובינליכט.

בעת דער קאַדענץ פון דעם ראָט איז די שטאָטישע ווירטשאַפט שטאַרק אַנטוויקלט געוואָרן אין יעדער הינזיכט, ווי: אין שול־בוי, געזעלשאַפטלעכן־שוץ, גאַסן־בוי אאז״וו, מיט איין וואָרט עס איז דאָ פיל געלייסטעט געוואָרן פאַר דער שטאָט.

די שטאָטישע ווירטשאַפט איז אין יענע צייטן געווען כמעט אַ מוסטער פאַר אַנדערע שטעט און האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין גאַנצן לאַנד.

די קאַדענץ פונם ראַט האָט זיך געענדיקט אין יאָר 1928.

ביים סוף פונם דאָזיקן יאָר זענען אין בענדין פאָרגעקומען נייע שטאָט־ראַט־וואַלן. אינם ניי־געוויילטן 6־טן שטאָט־ראַט פון 32 פערזאָן זענען אַריין 16 יידן. אַלס פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט איז דעמאָלט אויסגעוויילט געוואָרן ש. פירסטענבערג און אַלס וויצע־פאָרזיצער — יאַקוב ערליך.

צום ערשטן מאָל האָבן זיך אין שטאָט־ראַט באַוויזן סאַנאַציע ראַט־מענער, און שוין אויף די ערשטע זיצונגען האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן דער סאַנאַציע און ענדעציע.

דער דאָזיקער קאַמף האָט אויך אַרויסגערופן אַ צעשפליטערונג ביי די יידישע ראַטמענער.

די דעמאָקראַטישע עלעמענטן האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם וואַל פון אַן ענדעקישן פרעזידענט.

דער פאָליטישער קאַמף האָט אַרויסגערופן רייבונגען און גע־שטערט די נאָרמאַלע טעטיקייט פון ראַט, און האָט סוף כל סוף דערפירט צו דעם, אַז די אויפזיכט־מאַכט האָט דעם ראַט אויפגעלעזט אין יאָר 1930.

ביזן אָנהויב פון יאָר 1935 האָט אין אונזער שטאָט געווירטשאַפט דער רעגירונגס־קאָמיסאַר אינזש. רזשעטקאָווסקי, מיט אַ בייראַט, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט 5 נאָמינירטע יידן.

די נייע וואַלן זענען פאָרגעקומען דעם 27־טן מאַי 1934. דער ניי־געוויילטער 7־טער שטאָט־ראַט פון 40 ראַטמענער, בתוכם 15 יידן, האָט אָפּגעהאַלטן זיין ערשטע זיצונג דעם 18־טן מערץ 1935.

אַדאַנק דער צעשפליטערונג צווישן די יידישע ראַטמענער, איז נישט געלונגען אויסצוווילן אַ יידישן וויצע־פרעזידענט.

דער אינטערעס פון דער געזעלשאַפט צום איצטיקן שטאָט־ראַט, האָט זיך צוליב אַלגעמיינע סיבות שטאַרק פאַרקלענערט. אַן אָפּשאַצונג וועגן זיין טעטיקייט וועט זיך ערשט לאָזן מאַכן אין דער צוקונפט.

## פאַרוואַלטונג פון דער קהלה אין 1937
## (ועד הקהלה בתרצ"ז)



י. ניימארק



ה. שטראבליץ



ל. גאלדשטיין     נ. טענענבערג     מ. יאכימאוויטש     ש. פיעקארסקי

ס׳פעלן די פאטאגראפיעס פון : (חסרים תצלומיהם של) :
מ. מאנעלא, ש. ב. באנהארט, ד. סקאצילאס, א. ב. ווערדיגער. די פאטאגראפיע פון א. האמפעל אויף זייט 59. (תצלום א. המפל בעמוד 59).

# י. פ. / די בענדינער קהלה אין באַפרייטן פּוילן

דער געווײלטער אין אָנהויב יוני 1924 אויף דעמאָקראַטישע יסודות קהלה־ראַט, איז זיך צום ערשטן מאָל צונויפגעקומען אין אויגוסט 1924 אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: הערש בלומענפרוכט און יוסף שווייצער (קליינבירגער), יחיאל קורלאַנד, יעקב מ. גוטמאַן, יצחק מאיר שענבערג און קלמן ליווער (אגודה), יצחק אהרן לאַנדוי, משולם ליווער, גרשון רעכניץ, לייביש בוכוויץ, דוד טורנער און משה נייבערג (פאַראייניקטע חסידים מיט „מזרחי״), הערש ליפּמאַן גאָלדשטיין, משה האַמפּעל, אפרים קליימאַן, יוסף באַנק און הערש רעטמאַן (האַנטווערקער), ד״ר ש. וויינציהער, שלמה פרענקעל און אברהם ליווער (נאַציאָנאַלער בלאָק).

אַלס פאָרזיצער איז געווײלט געוואָרן משולם ליווער, אַלס וויצע־פאָרזיצער — שלמה פרענקעל.

אין דער קהלה־פאַרוואַלטונג זענען געווײלט געוואָרן: ד״ר ש. וויינציהער (פאָרזיצער), מ. י. פראַווער (וויצע־פאָרזיצער), שמעון פירסטענבערג, יחיאל קורלאַנד, אברהם ליווער, שמעון פלעסנער, ל. באָזשיקאָווסקי, יעקב ניימארק, יצחק וויגאָדזקי און דניאל פאַנסקי.

די קאַדענץ פון די קהלה־אָרגאַנען האָט זיך פאַרצויגן ביז אויגוסט 1933, אַלזאָ גאַנצע 9 יאָר.

מיט קיין ספּעציעלע אויפטוען האָט זיך די קהלה דאַן נישט אויסגעצייכנט, פאַרקערט — אויב ביז דעם אויסוואַל איז די אַרבעט געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אויסברייטערן די קאָמפּעטענצן פון דער קהלה, האָט זיך פאַר דער צייט דער טעטיקייטס־געביט שטאַרק פאַרשמעלערט. אַזוי צב״ש זענען ביי דער קהלה צוגענומען געוואָרן די מעלדונגס־ביכער, וואָס זענען געפירט געוואָרן פונם יאָר 1921, די גמינע האָט פאַרלוירן די רעכט אַרויסצוגעבן אידענטישקייט־צייגענישן פאַר דעם פאָסט־אַמט, אדג״ל. גורם געווען דערצו האָבן קודם כל די אינערלעכע פאַרטיי־שטרייטיקייטן, און אַלס רעזולטאַט דערפון האָט זיך פאַרהעלטנישמעסיק אָפט געטוישט די קהלה־לייטונג: ד״ר וויינציהער האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט, אַלס פאָרזיצער אין יאָר 1925, דער געווײלטער אויף זיין אָרט אין יאָר 1926 ש. פירסטענבערג האָט, צוליב די זעלבע סיבות, געמוזט רעזיגנירן אין יאָר 1927. צוזאַמען מיטן פרעזעס פירסטענבערג איז אַוועק פון פאָסטן דער לאַנגיעריקער קהלה־סעקרעטאַר יצחק פסחזאָן, וועלכער האָט מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די אַטמאָספערע, וואָס עס האָט זיך געשאַפן אין און אַרום דער קהלה. די לייטונג האָט דאַן איבערגענומען דער וויצע־פאָרזיצער מרדכי יוסף פראַווער און אַלס סעקרעטאַר איז באַשטימט געוואָרן ישראל פריילין. אין יאָר 1930 איז געווײלט געוואָרן אַלס פאָרזיצער אברהם ליווער, וועלכער האָט שוין, אונטערן דרוק פון זיין פאַרטיי (אגודה), געמוזט פאַרנעמען דעם פאָרזיץ־אַמט ביזן סוף פון דער קאַדענץ.

אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט איז פאַר די 9 יאָר פון דער קאַדענץ פונדעסטוועגן עפּעס געטאָן געוואָרן: ס׳זענען צוגעקויפט געוואָרן פלעצער צום בית־החיים. די אַרבעט ביים איבערבויען די מקוה האָט זיך ווייט גערוקט פאָראויס און עס איז רעמאָנטירט און אויסגעמאָלט געוואָרן די שול דורך די קינסטלער אַפּעלבוים, ציגלער, האַנפּט, וואָס האָט אַ רום אין פוילן, און אפילו אויסער אירע גרענעצן.

דעם 18־טן מאַי 1931 זענען פאָרגעקומען נייע וואַלן צום קהלה־ראַט, וועלכע האָבן געבראַכט אַ פולשטענדיקן נצחון דעם נאַציאָנאַלן לאַגער איבער דער אגודה. אויף 18 געווײלטע פרנסים האָט די אגודה באַקומען ס״ה 6 מאַנדאַטן: ה. ד. ערליך, י. פישעל, י. א. לאַנדוי, ש. י. רינסקי, י. מ. שענבערג און מ. ל. זילבערפריינד. פאַקטיש באַשטייט די פראַקציע פון 7 פערזאָן, ווייל אין אַלע וויכטיקערע פראַגן גייט דער פרנס אפרים קליימאַן (האַנטווערקער) צוזאַמער מיט דער אגודה. מצד דעם נאַציאָנאַלן לאַגער זענען אַריין: י. ל. פיינער (לינקער פ. צ., האָט שפּעטער רעזיגנירט לטובת יחיאל קאָרנפעלד), ל. גאָלדשטיין (ציוניסט, היינט פאַרוואַלטונג־מיטגליד אויפן אָרט פון פאַשטאָרבענעם נחמן טענענבערג, ציוניסט), ה. הערשלעוויטש (ציוניסט), מ. ל. קייזער (האַנטווערקער), ה. קיסנער (רעוויזיאָניסט), י. מ. קורלאַנד (מזרחי), נ. לאָנדנער (ציוניסט), א. י. רעכניץ (קליינהענדלער), ש. ראָזענבלום (רעכטע פ. צ.), מ. ראָזענקער (התאחדות) און ח. י. וועלנער (מזרחי) (ישראל).

אַדאַנק די פאַרשידנסטע פּראָטעסטן און אָנקלאַגעס צו דער מאַכט מצד דער אגודה, זענען די ניי־געווײלטע קהלה־אָרגאַנען, דער קהלה־ראַט (אין אויבן־אויסגערעכנטן צוזאַמענשטעל), און די פאַרוואַלטונג, זיך צונויפגעקומען ערשט נאָך 2 יאָר מיט 3 חדשים, דעם 13־טן אויגוסט 1933, כדי איבערצונעמען די קהלה־לייטונג. די פאַרוואַלטונג איז דאַן באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פערזאָנען: ש. ב. באָנהאַרט (אגודה), א. האַמפּעל (רעכטער פ. צ.), מ. יאָכימאָוויטש (אגודה), ל. קאַצענגאָלד (מזרחי, וועלכער האָט אין 1933 פאַרלאָזט בענדין און אויף זיין אָרט איז אַריין אין דער פאַרוואַלטונג משה מאַנעלאַ, מזרחי, תורה ועבודה), אברהם ליווער (ציוניסט), י. מ. ניימארק (מזרחי), ש. פיעקאַרסקי (אגודה), ל. רובינליכט (אומפאַרטייאישער), י. ד. רודזין (האַנטווערקער, געשטאָרבן אין יאָר 1934 און אויף זיין אָרט איז אַריין דער פאַרשטאָרבענער נחמן טענענבערג, ציוניסט), ב. ד. סקאָצילאַס (אגודה), ה. שטראָכליץ (ציוניסט), א. ב. ווערדיגער (אגודה). פאָרזיצער פון קהלה־ראַט איז צו יענער צייט געווען י. מ. קורלאַנד (וועלכער האָט אין יאָר 1935 פאַרלאָזט בענדין און שפּעטער האָט דעם פאָרזיצער־אַמט פאַרנומען דער אגודיסט ש. י. רינסקי), וויצע־פרזיצער — נ. לאָנדנער; פאָרזיצער פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג — ל. רובינליכט, וויצע־פאָרזיצער — אברהם ליווער, וועלכער איז אין אַפּריל 1934 אָפּגעשטעלט געוואָרן אין זיין טעטיקייט מצד דער סטאַראָסטווע „צוליב זיינע באַמיונגען צו שאַפן פון דער בענדינער קהלה אַ פּאָליטישע פּלאַצוווקע, אַראָפּשטופּנדיק די רעליגיעזע ענינים אויפן צווייטן אָרט״.

עס פאָדערט זיך אַ געוויסער דיסטאַנץ, כדי צו געבן אַן אויספירלעכן איבערבליק און אָפּשאַצונג פון דעם אַלעם, אין וועלכער ריכטונג און צוליב וואָסערע טעמים דאָס קהלה לעבן פאַר די לעצטע קאַדענץ איז אַוועק. די געשעענישן זענען אַלעמען גוט באַקאַנט, און ווייל דער פּראָצעס איז נאָכנישט פאַרענדיקט, האַלטן מיר פאַר נישט מעגלעך (כדי נישט אַריינצופאַלן אין פּרטים און סוביעקטיוויטעט) וועגן דעם אַלעם צו שרייבן.

צום סוף דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז די בענדינער קהלה צוזאַמען מיט דער אומגעגנט ציילט אַרום 24 טויזנט נפשות און אָפּערירט מיט אַ יערלעכן בודזשעט פון 250 טויזנט גילדן. די הויפּט הכנסה־קוואַלן בילדן: דער עטאַט אַן ערך 100 טויזנט גילדן, שחיטה אַרום 65 טויזנט גילדן.

# מ. וו. קאַמינסקי / די יידישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין בענדין

די יידישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין בענדין איז אַלט בסך הכל עטלעכע דרייסיק יאָר.

די ערשטע שפּראָצונגען פאַר אַ פּלאַנמעסיקער און אָרגאַניזירטער פּראָפ. באַוועגונג הויבן זיך אָן אין די יאָרן 1905/6. ביז דאַן האָט בכלל נישט עקזיסטירט קיין שום קערפּערשאַפט, וואָס האָט זיך געמישט אין די פאַרשידענע חלוקי־דעות צווישן אַרבעטגעבער און אַרבעטנעמער. אין סכסוכים צווישן מייסטער און זיינע געזעלן פלעגט אין רוב פאַלן דעצידירן דער מייסטער אַליין, וועלכער איז אין יענע צייטן געווען, נישט בלויז דער אַרבעטגעבער, נאָר אויך דער דערציער און בעל הבית איבער דעם פּערזענלעכן לעבן פון זיינע „יינגען". איבריקנס, איז דעמאָלט צווישן די יידישע בעלי מלאכות און זייערע געזעלן נישט געווען קיין גרויסע קלאַסן־אונטערשידן. דערזעלבער לעבנס־ניוואָ, קולטור באַדערפעניש, וווינונגס־באַדינגונגען אאז"וו, פלעגן מייסטנס מאַכן פונם געזעלן אַ מיטגליד פון זיין בעל הביתס משפחה.

די אַרבעט גופא פלעגט זיך אָנהויבן שבת בין השמשות מיטן באַווייזן זיך פון די 3 שטערן און ענדיקן זיך פרייטאָג פאַרנאַכט האַרט פאַר ליכט צונדן. קורצע איבעררייסן זענען געמאַכט געוואָרן אויף „אַריינצוכאַפּן" דאָס עסן, דאַווענען מנחה מעריב און אַ הפסקה, שפּעט אין דער נאַכט, אויף אַ פּאָר שעה שלאָף.

אין יענע צייטן האָבן די געזעלן — דער עיקר צוגערייזטע — געהאַט אויסצושטיין גרויסע צרות מצד די בענדינער „ווילע יינגען", וועלכע האָבן פון די אָרימע אַרבעטזוכנדיקע בעלי מלאכות אויסגע־פּרעסט „איינקויף געלט", כדי צו מעגן אַרבעטן ביי היגע מייסטערס. די „שטאַרקע" פלעגן אויך אויספירן די פונקציעס פון בוררים, בעת סכסוכים צווישן מייסטערס און געזעלן. ערשט מיטן אַנטשטיין פון די סאָצ. פּאַרטייען און פּראָפ. באַוועגונג איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער העגעמאָניע פון די „שטאַרקע".

די ס"ס זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אין בענדין אַ פּראָפ. פאַריין פון מאַלאַזשעס, פורמאַנעס און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. שפּעטער האָבן די ס"ד אָנגעפירט מיט די טישלער און וואַלקער און די „פּועלי ציון" מיט אַנדערע פאַריינען. דער „בונד" אַלס אָרגאַניזירטע פּאַרטיי איז נאָך אין די יאָרן 1905/6 נישט געווען טעטיק אין אונזער שטאָט.

ס'איז קלאָר, אַז די דערמאָנטע פאַריינען האָבן נישט געהאַט דעם אויסזען און כאַראַקטער, וועלכע עס האָבן די פּראָפ. פאַריינען היינט צו טאָג. די אָנפירונג און די טעטיקייט זענען געווען כאַאָטיש, שטרייקן זענען פאָרגעקומען ספּאָראַדישע, די געוווּנענע לוינען זענען נישט איינגעהאַלטן געוואָרן, און דאָס מחמת דעם, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט נישט געוואָלט דולדן, וועלכע ס'איז פרייע צונויפרעדונג, אפילו אויפן ריין פּראָפעסיאָנעלן געביט. דעריבער זעען מיר, ווי שוין אין די נאָענטסטע 2 יאָר, מיטן צוריקאויפשטיין פון דער רעאַקציע און גלייכצייטיקע פאַרשיקונגען פון די ווייכטיקסטע סאָצ. טוער, צעפאַלן זיך זייער שנעל די פּראָפ. פאַריינען און ביזן יאָר 1915 איז אין זאַגלעמביע נישט פאַראַן קיין שום שפּור פון וועלכע עס איז פּראָפ. אָרגאַניזאַציע.

ערשט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע הויבט זיך אָן, אין אַ שנעלן טעמפּאָ, דער אויפשטייג פון דער פּראָפ. באַוועגונג אין זאַגלעמביע.

אַזוי זענען די „פּועלי ציון" געווען די ערשטע, וואָס האָבן אָנגע־הויבן צו אָרגאַניזירן די האַנדלס אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן אין אַ קורצער צייט געציילט אַן ערך פון 300 מיטגלידער. דער דאָזיקער פאַריין האָט אָבער לאַנג נישט עקזיסטירט, צוליב דעם, וואָס דער עלעמענט פון די מיטגלידער איז אין יענע צייטן נאָך נישט רייף געווען צו שיצן זיינע אינטערעסן דורך אַ פּראָפ. פאַריין.

דאָסזעלבע איז געשען מיטן פאַריין פון די מאַלאַזשעס, וואָס זענען באַשטאַנען דער רוב פון אַ יוגנטלעכן עלעמענט, מיט וועלכן ס'איז לכתחילה שווער געווען צו פירן דעם אויפבוי פון אַ פּראָפ. פאַריין. אַמבעסטן זענען דעמאָלט געווען אָרגאַניזירט די לעדער אַרבעטער (אויך דורך פּ"צ). כמעט די גאַנצע הונדערט פּראָצענט פונם דאָזיקן פאַך זענען געווען מיטגלידער אין זייער פאַריין, און האָבן אין משך פון יאָרן אָנגעהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציע אין פולער דיסציפּלין. דער דאָזיקער פאַקט האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו שטאַרקן די אייגענע אָרגאַניזאַציע ווי אויך איינצוהאַלטן די געוווּנענע פאָדערונגען. דער צושטאַנד האָט זיך שוין דערהאַלטן ביז צום היינטיקן טאָג. נאַטירלעך, איז מיטן אַלגעמיינעם שוואַך פולסירנדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד, אויך דער דאָזיקער פאַריין אָפּגע־שוואַכט געוואָרן, אָבער זיי באַמיען זיך זייער אָרגאַניזאַציע איינ־צוהאַלטן.

אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער טראָגט דער פאַריין פון די טרעגער. דער דאָזיקער עלעמענט האָט אַ גאַנץ באַזונדערן חוש פאַר קאָלעק־טיוויזאַציע. זיי איז שווער צו פאַראינטערעסירן מיט געזעלשאַפטלעכע פראַגן, זיי האַלטן זיך שטרענג צוזאַמען און אַלס גאַנצעס קומען זיי און גייען אַוועק פון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע זיי זענען אָנגעשלאָסן.

די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון די טרעגער־אַרבעטער זענען געווען די „פּועלי ציון". אומגעפער אין דערזעלבער צייט ווערן אויך דורך זיי אָרגאַניזירט די פּריוואַט, מענער און דאַמען־שניידער אַרבעטער.

די ערשטע אַקציע, וואָס דער פאַריין האָט אונטערגענומען האָט זיך געענדיקט פאַטאַל פאַר דער אָרגאַניזאַציע גופא. די אָרויסגע־שטעלטע פאָדערונגען האָבן אָנגעטראָפן אויף אַן עקשנותדיקן ווידער־שטאַנד מצד די אַרבעטגעבער, וועלכע האָבן דערקלערט אַ לאָקאַוט, צוליב וואָס די אַקציע איז געוואָרן פאַרשפּילט. אַלס פּועל יוצא פונם דורכפאַל, האָט זיך געגרינדעט דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו פון דאַ־מען־שניידער אַרבעטער, וועלכער איז בקרוב אַריבערגעגאַנגען אויף פּריוואַטע יסודות. צוליב דעם פאַקט איז שוין ממילא די אָרגאַניזאַציע אַליין צעפאַלן.

די אויבן דערמאָנטע פאַריינען זענען טראָץ אַלעם געווען אַ דאַנקבאַרער און שעפערישער פאַקטאָר און אַ פּאָליטישער כח פאַרן אויפבוי פון דער פּ"צ פּאַרטיי.

אין יאָר 1917 זענען די נאָדל־אַרבעטער ווידעראַמאָל אָרגאַניזירט געוואָרן, דאָסמאָל אונטער דער השפעה פון „בונד", וועלכער האָט באַוויזן במשך פון זיין 2 יעריקער טעטיקייט אין בענדין אַריינצוציען כמעט אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן דאַן געהאַט אַ שייכות מיט דער נאָדל־בראַנזשע. צום נאָדל פאַריין האָבן דאַן געהערט, אַחוץ שניידער, אויך היטלמאַכער, מאָדיסטקעס, קירזשנער, גאָרסעטן מאַכערינס, וועש נייער, א"אנד. דער פאַריין האָט געציילט העכער 350 מיטגלידער, צווישן זיי אַ געוויסע צאָל נישט־יידן, דאַקעגן האָבן זיך שווער געלאָזט אָרגאַניזירן די מאַגאַזין־שניידער.

דעם נאָדל־פאַריין האָט אייגנטלעך געדינט ווי אַ מוסטער פאַר אַלע פּראָפ. פאַריינען אין זאַגלעמביע. דער דאָזיקער פאַריין האָט דער ערשטער איינגעפירט אַ 46 שעהדיקע אַרבעטס־וואָך מיט באַוועגלעכע לוינען. די מוסטערהאַפטע דיסציפּלין און די אויסגעצייכנטע אָרגאַניזאַציע זענען געווען די בעסטע מיטלען צוצובינדן די מיטגלידער צו זייער פאַריין.

צום אַקטיוו פונם נאָדל־פאַריין דאַרף מען אויך צושרייבן די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ לאָקאַלן צענטראַל־ראָט פאַר די פּראָפ. פאַריינען. צוליב סיבות פון פּאָליטישער נאַטור איז אָבער פון דעם ענין גאָרנישט געוואָרן.

אַרום די יאָרן 1924/25 הויבט זיך אָן די ירידה פונם דאָזיקן מעכטיקן פאַריין, וועלכער האָט געהאַט אין זיינע רייען כמעט אַלע נאָדל־אַרבעטער אומאָפּהענגיק פון זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען, און איז אַדאַנק דעם געווען אַ גרויסער כח אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט.

נאָך דער שפּאַלטונג פון דער „פּועלי ציון"־באַוועגונג אויף רעכטע און לינקע, גרינדן די רעכטע פּ"צ באַזונדערע פּראָפ. פאַריינען צו וועלכע ס׳געהערן אָן קירזשנער און עטלעכע צענטליק שניידער.

אַ טייל פון דער נאָדל־בראַנזשע איז אויך אָרגאַניזירט ווי אַ באַזונדערער פּראָפ. פאַריין, וועלכער האָט נישט קיין שייכות מיט קיין שום צענטראַלער פּראָפ. קערפּערשאַפט. דער שטאַם אָבער פון די אויבן דערמאָנטע אָפּגעריסענע נאָדל־פאַריינען געפינט זיך נאָך אונטער דער השפעה פון „בונד".

נישט קוקנדיק אויף אַלע פּרוּוון און באַמיונגען, איז דאָך נישט געלונגען צו פאַראייניקן דעם דאָזיקן רעאַלן און מאַטעריעלן כח, וועלכער האָט געקאָנט דינען אַלס פייער־זייל פאַר דער גאַנצער פּראָפ. באַוועגונג אין בענדין.

***

צו איינעם פון די גוט געבויטע פּראָפ. פאַריינען געהערט דער בעקער־פאַריין, וועלכער רעכנט זיך אייגנטלעך צו די עלטסטע אויפן שטח פון זאַגלעמביע.

דער עלעמענט איז דאָ — להיפוך צו אַנדערע פאַריינען — אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער. דאָ טרעפט מען מייסטנס מענטשן, וואָס האָבן הינטער זיך צענטליקער יאָרן פון שווערער האָרעוואַניע, אַלס לוין־אַרבעטער מיט די מינימאַלסטע שאַנסן צו קאָנען ווערן ווען עס איז זעלבסטשטענדיק. ביי די בעקער האָט זיך אויך זייט צענטליקער יאָרן איינגעבירגערט די שיינע טראַדיציע צוצולאָזן צו דער אַרבעט מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין סטאַבילן אַרבעט־פּלאַץ, אויף איין אָדער צוויי טעג אין דער וואָך. די יושרדיקע אַרבעט־פאַרטיילונג געפינט דאָ אַזוי־אַרום זיין אמתדיקן אויסדרוק.

די פרייע אייניקייט צווישן די בעקער־אַרבעטער איז עלטער פונם היינטיקן, מאָדערן אָרגאַניזירטן פּראָפ. פאַריין.

אַלס גאַנצער, איז דער בעקער־פאַריין פריי פון וועלכער ס׳איז פּאָליטישער באַפאַרבונג. דעריבער קאָן מען אים טרעפן אין פאַר־שידענע צייטן ביי פאַרשידענע פּאַרטייען — אַמאָל ביים „בונד", אַמאָל ביי ,פּועלי ציון" לינקע, און ביים היינטיקן טאָג געפינען זיי זיך אונטער דער השפעה פון די פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָצ. פּאַרטיי).

דער בעקער־פאַריין איז נישט קיין ריין יידישער. ער ציילט אָן ערך פון 70 מיטגלידער, צווישן זיי אַ געוויסע צאָל נישט־יידן.

די באַציונגען צווישן די מיטגלידער זענען חברישע, און מיט קליינע אויסנאַמען באַטייליקט זיך דער פאַריין, אַלס גאַנצער, ווייניק אין געזעלשאַפטלעכע אַקציעס.

***

ווי ס׳איז שוין אויבן דערמאָנט, האָבן אויך די רעכטע פּ"צ אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן פּראָפ. פאַריינען.

דער ערשטער פאַריין, געגרינדעט אין יאָר 1930, איז באַשטאַנען פון אַן ערך 50 קירזשנער־אַרבעטער. דער פאַריין פירט אַדורך מיט געוויסע דערפאָלגן אַ ריי אַקציעס, צווישן זיי: קאָלעקטיווע אָפּמאַכן מיט די אַרבעטגעבער, 8 שעהדיקער אַרבעט־טאָג, הונדערט פּראָצענטיקע באַלוינונג פאַר איבער שעהן אאז"וו.

הגם דער פאַריין איז אַ קליינער לויט דער צאָל, איז ער אָבער דאָך גוט דיסציפּלינירט און האַלט עקשנותדיק איין זיינע געוווּנענע פּאָזיציעס.



דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון טרעגערס
האגודה המקצועית של הסבלים

אין יאָר 1934 ווערט אויך רעאָרגאַניזירט דער פריזיער־פאַריין, וועלכער האָט אין די יאָרן 1917/18 אָנגעהערט צו די לינקע פ"צ.

די פאַריין־מיטגלידער באַשטייען פון אַ יוגנטלעכן עלעמענט און צוליב דעם איז שווער אָדורכצופירן, וועלכע ס'איז איינהייטלעכע אַקציע. דער פאַריין ציילט אַן ערך פון 50, שוואַך דיסציפּלינירטע מיט־גלידער, אויף וועלכע ס'קאָן זיך נישט שטיצן די פּראָפ. באַוועגונג.

דער פאַריין פון דער דערנערונגס־בראַנזשע באַשטייט פון 2 סעקציעס:

1) צוקערניקעס־סעקציע, וועלכע נעמט אַרום אַן ערך 70 מיט־גלידער, וואָס האָבן הינטער זיך אַ ריי געווונענע עקאָנאָמישע אַקציעס, אַ שטרענג באַגרענעצטן אַרבעטס־טאָג און שטעלן מיט זיך פאָר אַ דיס־ציפּלינירט געזעלשאַפטלעכן עלעמענט.

2) פליישער־סעקציע ,וואָס איז אַן איינהייטלעכער קאָלעקטיוו פון 25 מיטגלידער, וועלכע האָבן זייערע גאַנצע הכנסות איינגעשטעלט אויף קאָלעקטיווע יסודות. דאָס שחיטה־געזעץ האָט זיי שווער גע־טראָפן, אָבער אַדאַנק זייער גוטער אָרגאַניזאַציע, איז זיי געלונגען, אַז כאָטש אַ געוויסער טייל מיטגלידער זאָלן בלייבן ביי זייערע פאַר־דינסט מעגלעכקייטן. פאַר געזעלשאַפטלעכע אַקציעס האָט דער פאַריין, אַלס גאַנצער, אַ קנאַפּע פאַרשטענדעניש.

אין יאָר 1937 ווערט אויך רעאָרגאַניזירט דער פאַריין פון טראַנ־ספּאָרט־אַרבעטער, וועלכער טיילט זיך אויף 3 סעקציעס:

1) טראַנספּאָרט־סעקציע מיט 37 מיטגלידער.

2) טרעגער־סעקציע מיט 45 מיטגלידער.

3) פורמאַנעס־סעקציע מיט 70 מיטגלידער.

אין גרויסן רוב איז דאָס אַן עלעמענט אַן עלטערער מיט אַ לאַנג־יאָריקער טראַדיציע. אַ געוויסע פאַרשטענדעניש פאַר קאָלעקטיווי־זאַציע איז אַלעמאָל געווען ביי די טרעגער. שוין זייער באַשעפטיקונג גופא פאָדערט אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט אין אַלס פועל יוצא דערפון איז ביי זיי אַנטשטאַנען דער קאָלעקטיווער פאַרטיילונג־סיסטעם פון די הכנסות. צו דעם קומט נאָך צו דאָס אחריות־געפיל און זאָרגן פאַר דער פולער אויסהאַלטונג פון די פאַמיליעס פון קראַנק געוואָרענע מיטגלידער. די טרעגער זענען שטאַרק דיסציפּלינירט און מיט דער צייט האָבן זיי אויך באַקומען אַן אינטערעס פאַר געזעלשאַפטלעכע אַקציעס, אין וועלכע זיי נעמען אַ שטאַרקן אַנטייל.

ביי די רעכטע פ"צ איז אויך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 70 האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אונטערן נאָמען „רופערס". אייגנטלעך קאָן מען דעם דאָזיקן עלעמענט נישט קלאַסיפיצירן צו האַנדלס־אָנגעשטעלטע, ווייל זייער אויפגאַבע באַשטייט בלויז אריינצורופן אין די פאַרשידענע געשעפטן צופעליקע קונים, וועלכע קומען פון דער פרעמד מאַכן אין בענדין זייערע איינקויפן. די אויפגאַבע פון די „רופערס" ענדיקט זיך דעמאָלט ווען דער קונה געפינט זיך אין געשעפט, און אויב ער קויפט עפּעס, באַקומט דער „רופער", אַ געוויסע פּראָוויזיע פונם סוחר, קיין סטאַבילן געהאַלט באַקומען זיי נישט.

די לאַגע פון די „רופערס" איז זייער אַ שווערע צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער עלעמענט איז אויסגעזעצט אויף צופעליקע פאַרדינסטן. נישט זייענדיק קיין לוין־אַרבעטער און אויך נישט קיין אָנגעשטעלטע, קאָנען זיי נישט געניסן פון קיין סאָציאַלער הילף.

ווי ס'איז שוין דערמאָנט זענען די ערשטע פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע געמאַכט געוואָרן נאָך אין די יאָרן 1905/6 דורך דער פּאַרטיי ס"ס. אָבער צוליב די שוין אויבן־אָנגעוויזענע סיבות, האָט זיך דער פאַריין נישט לאַנג געהאַלטן.

אויך דער צווייטער פּרוּוו אין די יאָרן 1915/16, דורך די „פּועלי ציון" האָט אויך נישט געהאַט קיין אריכות ימים.

די ווייטערדיקע באַמיונגען אין די יאָרן 1925—1927 און שפּעטער האָבן אויך נישט געגעבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

ערשט אין יאָר 1935 געלינגט עס ווידעראַמאָל אויפצולעבן דעם פּראָפ. פאַריין פון האַנדלס און ביוראָ־אָנגעשטעלטע מיט אַלע זיינע סעקציעס, וועלכע זענען גוט אָרגאַניזירט און אַנטוויקלען זיך כסדר.

דער פאַריין, צו וועלכן ס'געהערן אַן ערך פון 260 מיטגלידער פון פאַרשידענע ריכטונגען, איז אַלס גאַנצער, אַן פּאָליטישער באַפאַר־בונג. אויפן עקאָנאָמישן באַדן האָט ער צו פאַרצייכענען קליינע דער־פאָלגן, אָבער ביי געזעלשאַפטלעכע אַקציעס פון אַלגעמיינעם כאַראַק־טער, שטעלט ער מיט זיך פאָר אַ וויכטיקן פאַקטאָר.

דער בוי־פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן 1905/6 דורך די ס"ד און איז זיך פונאַנדערגעפאַלן אין די רעאַקציע יאָרן פון 1907/8.

אין די יאָרן 1917/18 ווערט ער אויפסניי אָרגאַניזירט, ווידער־אַמאָל דורך די ס"ד און איז טעטיק אַ לענגערע צייט מיט דערפאָלג.

אין די לעצטע צייטן ווערט ער, צוליב פאַרשידענע סיבות, איינ־געשרומפּן, ביז עס קומט די ענדגילטיקע אויפלעזונג פונם בוי־פאַריין דורך דער מאַכט.

ביים היינטיקן טאָג בילדן די יידישע בוי־אַרבעטער (אייגנטלעך טישלער), אַ סעקציע פונם אַלגעמיינעם בוי־פאַריין פון מויערער, טשעשלאַרעס, מאַלאַזשעס, ברוקאַזשעס און צעראַמיקער.

אין יאָר 1925 האָבן די דרוקער־אַרבעטער אין בענדין זיך געפונען אין אַ זער קלאָגעדיקער לאַגע. די אַרבעטס־באַדינגונגען זענען געווען פּשוט נישט איבערצוטראָגן. אַ כוואַליע פון די אַזוי גערופענע „לערן־יינגלעך" האָט זיך א לאָז געטון אויף די דרוקערייען און דאָס האָט געדראָט נאָך מער צו פאַרערגערן דעם מצב.

אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע דרוקער־אַרבעטער איז געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון צענטראַלן פּראָפ.־פאַריין פון דרוקער־אַרבעטער אין פּוילן, וועלכע איז תיכף צוגעטרעטן צו ממשותדיקער אַרבעט, וואָס איז אין דער ערשטער ריי באַשטאַנען אין אָרגאַניזירן אַלע דרוקער און איינבינדער־אַרבעטער אין שטאָט. עס ווערן אָדורכגעפירט אַ ריי געלונגענע אַקציעס מיטן ציל איינצופירן אַן 8־שעהדיקן אַרבעט־טאָג, נאָרמאַליזירן די לוינען לויט קוואַליפי־קאַציעס און רעגולירן די באַציונג פון די אַרבעטגעבער לגבי די יוגנטלעכע. די אַלע אַקציעס און שטרייקן האָבן געבראַכט נצחונות.

עס איז באַזונדערס ווערט צו דערמאָנען, אַז צום פאַריין האָבן געהערט אַלע דרוקעריי־אַרבעטער אין שטאָט.

דער דרוקער־פאַריין האָט, דורך די דריי יאָר פון זיין עקזיסטענץ (1925—1928), געפירט אַ קולטור־אַרבעט און מיט דעם זיך פאַרשאַפט, אין יענער צייט, די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער היגער אַרבעטערשאַפט.

הגם בענדין איז נישט קיין אויסגעשפּראָכענער יידישער אַרבע־טער־צענטער, פונדעסטוועגן האָט די יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער־שאַפט געלייגט איר חותם אויפן עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן, נישט בלויז פון אונזער שטאָט — נאָר אויך פון גאַנצן יידישן זאַגלעמביע.

די בענדינער יידישע אַרבעטערשאַפט האָט הינטער זיך אַ רומ־פולע פאַרגאַנגענהייט פון קאַמף קעגן די צאַרישע אונטערדריקער. זי האָט געגעבן, צוזאַמען מיטן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, איר בלוטיקן צושטייער אויפן מזבח פון פּוילנס באַפרייונג.

# י. וויגאָדזקי / די אנטשטייונג פון בענדינער יידישער גימנאַזיע „יבנה"

אינם טראַגישן יאָר 1916, אין דער צייט ווען די וועלט־מלחמה האָט געבושעוועט מיט איר גאַנצער טייוולאָנישער קראַפט און האָט צעטרייסלט די יסודות פון דער אַלטער וועלט, האָט זיך אין אונזער שטאָט פאַרזאַמלט אַ קליינע גרופּע אידעאַליסטן, אַ מין „עשרה בטלנים", וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: בעריש פּרעגער, ישעיה הענדל ערליך, סאַלאָמאָן גוטמאַן, משה שיין, מ. אַראָנאָוויטש, אלעזר רובינליכט, יצחק וויגאָדזקי, משה קלמן ערליך, מאיר פּאָטאַש, אינזש. שמעון זשמודזקי, משה גרונדמאַן א"אנד., וועלכע האָבן נאָך אַן אַלזייטיקער באַטראַכטונג באַשלאָסן צו שאַפן אין בענדין אַ יידיש־נאַציאָנאַלע גימנאַזיע.

נאָך אַ סך באַמיונגען און אינטערוועניצן ביי דער דעמאָלסטיקער אָקופּאַציע־מאַכט, איז געלונגען צו באקומען אַן אַנטשפּרעכנדיקע קאָנצעסיע צו עפענען אַ גימנאַזיע אונטערן היסטאָרישן נאָמען „יבנה". די גרינדער האָבן צווישן זיך געשאַפן אַ גרויסע געלט־סומע און שוין אין נאָענטסטן יאָר 1917 ווערן געעפנט אויף דער קאָלאָנטאַיאַ גאַס נר. 45 דריי פאָרברייטונגס און צוויי נאָרמאַלע קלאַסן, מיטן רעכט כסדר צו עפענען יאָר־יערלעך ווייטערדיקע קלאַסן ביז צו דער אַכטער איינשליסלעך. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן אויפזיכט־ראַט פון די אויבן דערמאָנטע פּערזאָנען מיט סאַלאָמאָן גוטמאַן אַלס פּאָרזיצער און ס'זענען אויך צוקאָאָפּטירט געוואָרן נייע מיטגלידער מיט ישעיה ראָטנער אַלס וויצע פּאָרזיצער און משה קראָנענטאַל. אַלס דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע איז אַנגאַזשירט געוואָרן ד"ר נח בראַון (איצט דאָצענט אויפן ירושלימער אוניווערזיטעט). אין די ערשטע יאָרן גייט די לערנאַנשטאַלט אַדורך אַ שווערן מאַרטירער־וועג צוליב דער קליינער צאָל שילער. דאָס איז געשען אַלס פועל יוצא פון דער איגנאָראַנץ צו דער גימנאַזיע מצד די רייכע אַסימילירטע שיכטן, וועלכע האָבן זייערע קינדער געשיקט אין די נישט־יידישע שולן, וואָס האָבן געהאַט עפנטלעכע רעכט.

דער קלאָגעדיקער מצב פאַרערגערט זיך כסדר און צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע פאַרלאָזן די שול די בעסטע פּעדאַגאָגישע כוחות ווי: ד"ר שטיינבערג, ד"ר באַראַש, ד"ר מעטאַלמאַן, ד"ר אינפעלד א"אנד. אַלס קאָנסעקווענץ פון דער געשאַפענער טרויעריקער סיטואַציע, קומט זיך דער אויפזיכט־ראַט, אין יאָר 1925, צוזאַמען אויף אַ באַראַטונג אין דעם ביוראָ פון די „ברידער שיין", כדי צו באַטראַכטן די פראַגע פון ליקווידירן די שול. דער אויפזיכט־ראַט גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן דער ערנסטקייט פון דעם פּראָבלעם, און נאָך לאַנגע ליידנשאַפטלעכע ויכוחים ווערט באַשלאָסן נישט צוצולאָזן צו אַ ליקווידאַציע, וועלכע וואָלט געוואָרפן אַן אייביקן שאַנדפלעק אויפן יידישן נאַציאָנאַלן בענדין.

מיט באַנייטע כחות טרעט צו דער אויפזיכט־ראַט צו סאַנירן די פאַרהעלטענישן, און צו דעם צוועק באַשטייערן זיך קודם כל אַלע זיינע מיטגלידער מיט גרעסערע סומעס, באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט: דער פּאָרזיצער סאַלאָמאָן גוטמאַן און די „ברידער שיין". גוטמאַן האָט זיך מתחייב געווען צו צאָלן דריי טויזנט גילדן יערלעך, אַחוץ דעם ,אויסצוהאַלטן מיט שכר למוד 10 שילער, און די ברידער: חיים און יצחק שיין האָבן, אויסער אָפטע גרויסע שפּענדונגען, זיך פאַרפליכטעט אויסצוהאַלטן עטלעכע שילער. ביי די אימפּרעזעס, וועלכע זענען פאָרגעקומען לטובת דער שול 2 מאָל יערלעך, האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער מסירת נפשדיקער מיטאַרבעט

די פרויען: צעשע שיין און די פרויען פון שלמה פרענקל און פון הענריק אינוואַלד.

ס'איז אויך אונטערגענומען געוואָרן אַן אַקציע לטובת דער גימנאַזיע ביים היגן שטאָט־ראַט און ביי דער קהלה, וועלכע איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ געהעריקן דערפאָלג. ס'זענען אויך צוקאָאָפּטירט געוואָרן נייע מיטגלידער צום אויפזיכט־ראַט, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט דער עסקן שלמה פרענקל און דער ענערגישער כלל־טוער אברהם ליווער, ווי אויך לייביש בוכוויץ ,א. לאַכמאַן, משה גרונדמאַן, אברהם פּטאַשניק, וואָלף רעכניץ א"אנד. עס האָט זיך אויך פרייוויליק געמאָלדן אַלס אַדמיניסטראַטאָר דער שול־טוער מאיר פּאָטאַש. און אָט פון דעם מאָמענט הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע פאַר דער שול, די אַנטוויקלונג מאַכט ריזיקע שריט פאָראויס און די פרעקווענץ וואַקסט כסדר. אַ סך מיטגעווירקט צו דעם האָט דאָס באַקומען פון קאָעדוקאַציע־רעכט. אָבער אַ גרויסע שטערונג צו דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער גימנאַזיע איז געווען דאָס נישט באַזיצן קיין עפנטלעכע־רעכט, צוליב וואָס די שילער האָבן צו די מאַטורעקזאַמענס געמוזט אָנקומען אין די נישט־יידישע שולן, און דער רעזולטאַט איז געווען אַזעלכער, אַז פון 8 שילער, וועלכע זענען צוגעטרעטן צו די עקזאַמענס האָט קוים איינאיינציקער באַקומען מאַטורע. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ מצב האָט אונטערגעבראָכן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער שול און האָט נישט געקאָנט לענגער געדולדעט ווערן.

אָבער צום גליק פאַר דער שול האָט אין יענער צייט אויפגעשיינט

דער פראָנט־טייל פון דער גימנאַזיע א. נ. פון פירסטענבערג.
חזית בנין הגימנסיה ע"ש פירסטנברג.

א נייע האפענונג, וואס איז פארווירקלעכט געווארן דורך דעם פא־פולערן נדבן ש. פירסטענבערג, וועלכער האט זיך אין די לעצטע יארן פאראינטערעסירט און אונטערשטיצט מאטעריעל די גימנאזיע און האט צוגעזאגט אויפצובויען פאר איר א ספעציעלן בנין. אויפן סמך פון פירסטענבערגס דערקלערונג האט דער דעמאלסטיקער דיר־רעקטאר הירשבערג — וועלכער האט אגב געהאט גרויסע פארדינסטן לטובת דער אנטוויקלונג פון דער גימנאזיע — צוזאמען מיט מאיר פאטאש, באזוכט דעם וויזיטאטאר מאראווסקי וועגן געבן דער שול עפנטלעכע רעכט. דער וויזיטאטאר האט מסכים געווען דערצו, נאר בתנאי, אז פירסטענבערג זאל צושיקן אין קוראטאריום א שריפטלעכע דערקלערונג, אז ער וועט אויפבויען א ספעציעלע געביידע פאר דער גימנאזיע. פירסטענבערג האט גלייך צוגעשיקט א פארזיכערונגס־בריוו וועגן דעם ענין און אלס רעזולטאט איז די שול געראטעוועט געווארן פון אונטערגאנג. די גימנאזיע האט באקומען עפנטלעכע רעכט און אלס פועל יוצא האט א גרויסע צאל שילער אין יענעם שול־יאר באקומען מאטורע אין אייגענעם שול־לאקאל.

אין אנפאנג פון שול יאר 1929/30 ווערט די גימנאזיע איבער־געטראגן אין פירסטענבערגס פראכטפולער געביידע, און דער נאמען פון דער שול „יבנה" ווערט געענדערט אויף „קאעדוקאציע־גימנאזיע פון שמעון פירסטענבערג און פרוי".

זייט דעמאלט הויבט זיך אן א נייע עפאכע פאר דער גימנאזיע, ווען מענס געשיכטע עס האלט זיך ערשט אין סטאדיום פון אנטוויקלונג און וועמענס פערספעקטיוון פארזיכערן א גרויסע און גלענצנדיקע צוקונפט.

## די קאעדוקאציע־פאלקס־שול, גימנאזיע און ליציי אויפן נאמען פון שמעון פירסטענבערג און פרוי

ווען אלס פועל יוצא פון דער וועלט־מלחמה האבן גענומען פלאצן די קייטן, מיט וועלכע דער צאראט האט געשמידט דאס געוו. קאנגרעס־פוילן, האט דער פריערדיקער דערשטיקטער דראנג צו ליכט און וויסן פון דער יידישער געזעלשאפט אלס „עם הספר" מיט אן עלע־מענטארער קראפט אנגעהויבן צו באדעקן דאס לאנד מיט א נעץ פון אן אייגענעם שולוועזן, און אויפן שטח פון זאגלעמביע איז שוין אין יאר 1917 אנטשטאנען אין בענדין א יידישע לערן־ און דערציערי־שע־אנשטאלט אונטערן נאמען „יבנה".

גרינדן א שול הייסט אבער נאכנישט איר פארזיכערן אן עקזיס־טענץ און אנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, און אזוי האט זיך טאקע אנ־געהויבן פאר דער שול — נאך א קורצן פעריאד פון ענטוזיאזם — א צייט פון אויסערגעוויינלעכע שוועריקייטן און קאמפן מיט דער הארטער ווירקלעכקייט.

די גרעסטע צרה איז געווען דאס פעלן פון א געהעריקן בנין פאר דער שול. זייענדיק איינגעדונגען אין א פריוואטער געביידע, בשכנות מיט לאקאטארן און דערצו נאך אין א ענגן לאקאל, איז פאר דער שול־לייטונג אומעגלעך געווען צו פארזיכערן פאר דער יוגנט אנטשפרעכנדיקע היגיענישע באדינגונגען און דאס האט אויך געשטערט איינצוארדענען מאדערנע לאבאראטאריעס, לייענזאלן, פאר־ויילונגס־זאלן אאז"וו. דאס פעלן פון א גימנאסטיק־זאל און א געהע־ריקן ספארט־פלאץ, האט ווידער געשטערט די ארבעט איבער די פיזישע אנטוויקלונג פון דער יוגנט, אזוי, אז די דערציונג פון די שילער, סיי אויפן גייסטיקן און סיי אויפן פיזישן געביט איז געבליבן שטארק הינטערשטעליק. אין אזעלכע באדינגונגען האט מען אפילו נישט געקאנט חלומען וועגן דערווערבן פאר דער שול רעכט פון מלוכה־גימנאזיעס.

אבער אין מאמענט פון דעפרעסיע און פארצווייפלונג, ווען דאס ווייטערדיקע אנפירן מיט דער שול איז געווארן זייער פראבלעמאטיש, האט זיך באוויזן פרעזעס ש. פירסטענבערג אלס רעטער און האט דערקלערט, אז ער וועט אויף זיין אייגענעם חשבון אויפשטעלן א ספעציעלן בנין פאר דער גימנאזיע.



שמעון פירסטענבערג.



העלענע פירסטענבערג.

און אזוי איז אין שול־יאר 1928/29 זיין צוזאג פארוואנדלט גע־ווארן אין א ווירקלעכקייט, נאר מיט דעם אונטערשיד, וואס אנשטאט א באשיידענעם בנין, אויף וועלכן די היגע געזעלשאפט האט זיך גערעכנט, איז איר איבערגעגעבן געווארן א פראכטפולע מאדערנע שול־געביידע מיט אלע איינריכטונגען, וואס זענען נויטיק פאר דעם שול־לעבן.

די שול־געביידע ליגט צווישן גרינע פעלדער און גערטנער דורך וועלכע עס שלענגלט זיך די שווארצע פשעמשע, און טראצדעם, וואס די שול געפינט זיך אין דער שטאט באקומט מען דאך דעם איינדרוק, אז זי ליגט ווייט פון שטאטישן טומל.



אַ פראַגמענט פון די הויפּט טרעפּ.
קטע מגרם המדרגות.



דער גימנאַסטיק זאַל.
אולם ההתעמלות.

דער אינעווייניקסטער טייל אַנטציקט דאָס אויג פון באַזוכער מיט דער ווירקלעך פּראַכטפולער אויסשטאַטונג און אויפן ערשטן בליק דערקענט מען גלייך, אַז דאָס איז נישט קיין געוויינלעך וווינהויז, וואָס איז צופעליק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שול, נאָר, אַז דאָס איז אַ ספּעציעל געבויטע אַנשטאַלט פאַר וויסן און דערציונג, פונוואַנען עס שפּרודלט מיט אמתער לעבנס־פרייד. עס איז נישט לייכט צו באַשרייבן די שיינקייטן פון די לערנזאַלן, לאַבאָראַטאָריעס, אַרבעט־קאַבינעטן, ביבליאָטעקן, גימנאַסטיק־זאַל, ספּאָרט־פּלעצער, שול־גאָרטן, באָד־אַנשטאַלט און פון אַנדערע הערלעכע איינריכטונגען. דאָס אַלץ דאַרף מען אַליין זען, כדי עס צו קענען באַוואונדערן. מיט איין וואָרט, די שול, וועלכע האָט אַלס דאַנק פאַר אירע בויער באַקומען דעם נאָמען: „קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע אויפן נאָמען פון שמעון פירסטענבערג און פרוי", איז איינע פון די שענסטע יידישע לערנאַנשטאַלטן אין פּוילן און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אמתדיקן גן עדן פאַר דער יוגנט, וואָס ווערט דאָרט דערצויגן.

ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעך גינסטיקע באַדינגונגען איז נישט קיין ווונדער וואָס די פריערדיקע פרעקווענץ האָט זיך כמעט פאַדריי־פאַכיקט און שטייגט איצט אַריבער די צאָל פון 500 שילער, וועלכע שטאַמען נישט בלויז פון בענדין, נאָר פון גאַנץ זאַגלעמביע, אויבער־שלעזיע און ווייטערדיקע מקומות. די סיבה דערפון איז, וואָס די דערמאָנטע שול ווערט איבעראַל באַטראַכט אַלס די צענטראַלע יידישע לערן־ און דערציערישע אַנשטאַלט פון זאַגלעמביע און אויבערשלעזיע.

וואָס שייך די היגיענישע באַדינגונגען, קאָן מען מיט אַ ריין געוויסן פעסטשטעלן, אַז זיי זענען פונקט ווי אין אַ סאַנאַטאָריע.

די אויסשטאַטונג פון די אַרבעט־קאַבינעטן מיט די מאָדערנסטע מכשירים, דערלויבן אַנצווענדן די נייעסטע וויסנשאַפטלעכע לערן־מעטאָדעס, וועלכע באַזירן אויף דער אַקטיווער מיטבאַטייליקונג פון דער יוגנט און זייערע לערער אויף אַלע געביטן פון דער פּעדאַגאָגיש־דערציערישער טעטיקייט. די דאָזיקע מעטאָדע האָט געשאַפן אַן אינטימע באַציונג צווישן די דערציער און זייערע שילער, וועלכע באַטראַכטן די שול פאַר זייער צווייטע היים. דעריבער טרעפט מען זיי טאָקע דאָרט, נישט בלויז פאַרמיטאָג, בעת די אייגנטלעכע למודים, נאָר אויך נאָכמיטאָג, ווו זיי פאַרברענגען אין די לייענזאַלן, אַרבעט־קאַבינעטן, ספּאָרט־פּלעצער, ביי דער קורצוועלן־סטאַציע, ביי די אָרקעסטער־איבונגען אָדער ביי די אַרבעטן פון דער שול־זעלבסטפאַרוואַלטונג אאַז"וו.

מכח דעם פּעדאַגאָגיש־וויסנשאַפטלעכן ניוואָ פון דער לערנאַנשטאַלט, זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס די מלוכהשע שול־מאַכט האָט אין מאַי פונם שול־יאָר 1934/35, אַלס אָנערקענונג פאַר דער שול, איר געגעבן פולע רעכט פון די מלוכהשע גימנאַזיעס, וועלכע זענען באַקאַנט אונטערן נאָמען: קאַטעגאָריע „אַ". די דערמאָנטע שול איז די איינציקע אין דער קיעלצער וואָיעוואָדשאַפט, וואָס באַזיצט די דאָזיקע העכסטע רעכט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעאָרגאַניזאַציע פונם שולוועזן אין פּוילן, וועלכע האָט איינגעפירט אַ 4 יעריקע גימנאַזיע מיט אַ נאָכפאָלגנדיקן 2 יעריקן ליציי מיט פאַרשידענע אָפּטיילונגען, איז די היגע אַנשטאַלט געשטאַנען פאַרן פּראָבלעם צו שאַפן ליצייען. און אָט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שול־מאַכט האָט אַנערקענט פאַר דער היגער לערנאַנשטאַלט דאָס רעכט איינצואָרדענען אזש 3 טיפּן ליצייען: אַ הומאַניסטישן, אַ נאַטורוויסנשאַפטלעכן און פיזיש־מאַטעמאַטישן. היות אין איצטיקן מאָמענט נויטיקט זיך דאָס יידישע שולוועזן אין זאַגלעמביע נור אין 2 טיפּן ליצייען, איז דעריבער אין שול־יאָר 1937/38 געעפנט געוואָרן 2 אָפּטיילונגען: אַ הומאַניסטישע און אַ נאַטורוויסנשאַפטלעכע, און אויב ס'וועט נויטיק זיין וועט אויך אין דער צוקונפט געעפנט ווערן אַ פיזיש־מאַטעמאַטישע אָפּטיילונג. ס'דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז די ניי־געעפנטע ליצייען באַזיצן די פולע רעכט פון די מלוכהשע ליצייען (קאַטעגאָריע „אַ").

ביי דער גימנאַזיע עקזיסטירט אויך אַ 6 קלאַסיקע פאָלקס־שול מיט אַלע רעגירונגס־רעכט, ווו ס'ווערן אין אַן אַנטשפּרעכנדיקער מאָס באַריקזיכטיקט די יודאַיסטישע למודים און ס'ווערן אויך געלערנט פרעמדע שפּראַכן (פראַנצויזיש און ענגליש).

פאַראַלעל מיט דער אַלגעמיינער לערע אַנטוויקלען זיך זייער

שײַן אויך די יודאַיסטישע למודים, וועלכע נעמען אַרום פאַלגנדיקע קעגנשטאַנדן: רעליגיע, העברעישע שפּראַך, תנ"ך, תלמוד, יידישע געשיכטע און פּאַלעסטינאָגראַפיע. די צאָל שעה'ן, וואָס זענען געווידמעט די יודאַיסטישע למודים באַטרעפן — אַנטשפּרעכנדיק די פּאָרשריפטן פון דער שול־מאַכט — 36 שעה וועכנטלעך. אַ דערגענצונג צו דער יידיש־נאַציאָנאַלער־דערציונג, בילדעט דאָס יודאַיסטישע־קרייזל, ווי אויך די סקויטן־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „הצופה".

מיט דער הילף פונם עלטערן־קאָמיטעט, מיט דער ערן־פּאָרזיצערין העלענע פירסטענבערג אין דער שפּיץ, וועלכער געפינט זיך אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער שול־לייטונג, ווערט אַדורכגעפירט אַ ברייט־צוגעשניטענע דערנערונגס־ און באַקליידונגס־אַקציע לטובת דער יוגנט, פאַר וועלכער ס'ווערט אויך איינגעאָרדנט זומער און ווינטער־קאָלאָניעס, און ס'ווערט געזאָרגט פאַר איר סאַניטאַר־היגיענישן צושטאַנד.

ספּעציעל באַמערקונגסווערט פאַר דער אויביקער לערנאַנשטאַלט איז איר געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישער־כאַראַקטער, וועלכער געפינט זיין אויסדרוק אין ערטיילן הנחות און אפילו אומזיסטע פלעצער פאַר אומפאַרמעגלעכע פעיקע קינדער פון זאַגלעמביע און אויבער־שלעזיע.

עס געפינט זיך זיכער נישט אין גאַנצן יידישן שולוועזן אין פּוילן נאָך אַ צווייטע לערנאַנשטאַלט, וועלכע זאָל אַזוי טיף און ברייט דערפילן איר געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישע אויפגאַבע בנוגע דער אומפאַרמעגלעכער יוגנט, ווי עס טוט עס די היגע גימנאַזיע. די דאָזיקע טעטיקייט איז נור מעגלעך געוואָרן אַדאַנק דער אומדערמידלעכער אָפּפערווילקייט מצד דעם פרעזעס ש. פירסטענבערג און זיין פרוי, וועלכע נעמען אַרום די שול אונטער זייער סטאַבילן שוץ, און וועלכע האָבן אויך באַשלאָסן אין יאָר 1938 פאָנאַנדערצובויען די שול־געביידע, איינצואָרדענען טעניס־קאָרטן און אַן אייגענעם רודער־האַפן אויפן שטח פון דער לערנאַנשטאַלט.



אַ פראַגמענט פון פיזיק קאַבינעט.
קטע מהמעבדה לפיסיקה.

ס'דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז סיי בעתן לייגן דעם גרונטשטיין און סיי ביי דער דערעפנונג פון דער נייער שול־געביידע, האָט פרעזעס פירסטענבערג נישט צוגעלאָזט צו קיין עפנטלעכער פייערונג, נאָר אָן רעש זענען די קינדער פון דעם אַלטן לאָקאַל אַריבער אין דער נייער שול־געביידע. אין יענעם מאָמענט האָט דער דעפיציט פון דער שול „יבנה" באַטראָפן צירקאַ 18 טויזנט גילדן, וואָס איז געדעקט געוואָרן דורכן פרעזעס פירסטענבערג.

צום סוף דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז זייט דער דערעפנונג פון נייעם שול־בנין האָט איבערגענומען די לייטונג פון דער גימנאַזיע דער באַקאַנטער פעדאַגאָג און וויסנשאַפטלער, מחבר פון אַ גאַנצער ריי וויסנשאַפטלעכע ארבעטן, ד"ר דוד איינהאָרן, אַדאַנק וועמענס ענערגיע און אַדמיניסטראַטאָרישע פאַרשטענדעניש האָט די שול דערגרייכט צו אַזאַ הויכן ניוואָ.

## די „מזרחי־שול" „יבנה"

די שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920, לויט דער איניציאַטיוו פון א גרופּע „מזרחי"־טוער מיט ל. בוכוויץ בראש און האָט געטראָגן אין אָנפאַנג דעם נאָמען „בית ספר מזרחי". שטופּנווייז האָט זיך די שול אויף אַזוי ווייט אַנטוויקלט, אַז במשך פון אַ פּאָר יאָר האָט שוין די צאָל שילער דערגרייכט העכער 200, עס זענען אנגאזשירט געוואָרן ערשטקלאסיקע פעדאגאגישע כוחות אויפן געביט פון יודאיסטישע און אלגעמיין וועלטליכע קעגנשטאנדן. בקרוב האט די שול באקומען א גוטן שם צווישן די ברייטסטע ספערן פון רעליגיעז־נאציאנאלן יידנטום אין אונזער שטאט און דער אומגעגנט. ס'דארף באמערקט ווערן, אז א גריסער טייל פון דער ציוניסטישער יוגנט פון אלע גרופירונגען און ריכטונגען האט באקומען די דערציונג און בילדונג אין דער „יבנה"־שול.

צו א שטארקן אויפבלי איז די שול דערגאנגען, ווען אין שול־יאר 1930/31 האט די לייטונג איבערגענומען דער פירער פון דער „תורה ועבודה"־באַוועגונג אין פוילן, ד"ר א. גאָטעסדינער (איצט אין ארץ־ישראל). אין יענעם פעריאָד איז דער שול־קאָמיטעט באשטאנען פון די באַקאַנטע „מזרחי"־טוער אין בענדין: ל. בוכוויץ, י. מ. קורלאַנד, יעקב ניימאַרק, שלמה לעווין, דוד ערליך און חיים גאָטפריד.

ווען ח. נ. ביאליק האט אין יאר 1931 געוויילט און בענדין האט ער באַזוכט די „יבנה"־שול און האט אויסגעדריקט זיין אנערקענונג די דערציער און די קאָמיטעט־מיטגלידער פאַר זייער פרוכטבאַרער אַרבעט, וואָס באשטייט אין פלעגן און פאַרשפּרייטן דעם טראַדיציאָנעלן געדאנק, לויט די געבאטן פונם ווידעראויפגעלעבטן יידנטום.

נאך דעם ווי ד"ר גאטעסדינער האט פארלאזט די לייטונג האט די שול געדראט א קריזיס, נאר א דאנק דער ענערגישער ארבעט פון די „תורה ועבודה" קאמיטעט מיטגלידער: משה לעווין, ז. מעטאל, ח. מ. זילבערבערג, י. גאלדבערג, הערש טעלנער, ח. ד. גרינוואַלד א"אנד. איז געלונגען גובר צו זיין אלע שוועריקייטן און צו דערהאַלטן די שול, פארזיכערנדיק איר א ווייטערדיקע עקזיסטענץ. זייט דעמלט איז די שול געוואָרן אַ קאַאָפּעראַטיוו פון די לערער.

די יודאיסטישע לימודים ווערן געלערנט אונטער דער השגחה פון א ספעציעלן פעדאגאגישן־ראט, וואס באשטייט פון פאלגנדיקע מיטגלידער: ח. וועלנער, מ. מאנעלא, לעווין, א. פערל און ח. מ. זילבערבערג.

דער לערן־פּראָגראַם נעמט אַרום דעם גאַנצן קורס פון אַ פאָלקס־שול, ווי אויך אַ ברייטן שטח פון יודאַאיסטישע ידיעות מיט אַ ספּע־ציעלער באַריקזיכטיקונג פון דער העברעאישע שפּראַך. די לערער־גרופּע באַשטייט פון 12 פּערזאָן, פון זיי, 7 פאַר וועלטלעכע לימודים און 5 פאַר יודאַאיסטישע. ביים היינטיקן טאָג דערגרייכט די צאָל שי־לער ביז 140.

ספּעציעלע פאַרדינסטן פאַר דער שול האט דער „מזרחי"־טוער הלל זשאַבנער, וועלכער איז געווען איינער צווישן אירע גרינדער. אין דער שפּיץ פון די וועלטלעכע לימודים שטייט דער לייטער בער־קאָוויטש.

צום סוף דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז די שול געהערט צו דער נעץ „יבנה"־שולן אין פּוילן.

## דער חדר „יסודי התורה"

דער חדר איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר (1917) דורך דער „אגודת האורטודוכסים" שפּעטער „אגודת שלומי אמוני ישראל", היינט „אגודת ישראל", און האט זיך צוערשט געפונען אויף מאַנ־דזשעוווער־גאַס 64.

אין יאָר תרע"ה האָט זיך די צאָל תלמידים אַזוי שטאַרק פאַרגרע־סערט, אַז מ'האט געמוזט טראַכטן וועגן אַן אייגענעם גרויסן בנין. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון גערער רבין (וועלכער איז ספּעציעל וועגן דעם געקומען קיין בענדין), מיט דער מיטהילף פון ראַדאָמסקער רבין און די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון דער דערמאָנטער אָרגאַני־זאַציע: מענדל שפּירא, ליפּע קאַמינער, שלמה יצחק רינסקי, יצחק מאיר שענבערג, בערל רעכט, משה חיים קאַמינער און מאיר בערי, איז געקויפט געוואָרן אַ גרויסע 3 שטאָקיקע געביידע אויף מאַלאַ־כאָווסקי גאַס, וווהין דער חדר איז איבערגעטראָגן געוואָרן און ווו ס'געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

ביים קויפן דאָס הויז האָבן מיט גרעסערע געלט־סומעס מיטגע־האָלפן: יחיאל ווינער און וואָלף ווערדיגער. נחום צוקערמאַן האט גע־שאַנקן לטובת דעם חדר א טייל פון זיין פּלאַץ, וועלכער געפינט זיך האַרט ביים בנין.

דער חדר האט במשך פון זיין עקזיסטענץ אַרויסגעלאָזט פיל טויזנטער תלמידים, צווישן וועלכע ס'געפונען זיך רבנים, עלוויים און באַוווסטע כלל טוער.

דער חדר איז באַזוכט געוואָרן דורך די גרעסטע גדולי ישראל און תורה־אויטאָריטעטן פון פּוילן, צווישן וועלכע ס'האבן זיך געפונען די רביים פון גער, סאָכאַטשעוו, ראַדאָמסק, סאָקאָלאָוו, ווי אויך הרב שפּירא (גרינדער פון „ישיבת חכמי לובלין") און אַנדערע רבנים. וואָס האָבן אויסגעדרוקט זייער באַגייסטערונג און צופרידנקייט פון חדר.

ביים היינטיקן טאָג לערנען אין חדר העכער 400 תלמידים פון חסידישע און באַלעבאַטישע עלטערן. די תלמידים ווערן פאַרפולקאָמט אין אַ געהעריקע מאָס למודי־קודש און מאַכן אויך אַדורך דעם פּראָ־גראַם פון א 7 קלאַסיקער פאָלקס־שול. צוליב דעם, באַזיצט דער חדר די זעלבע רעכט, וואס ס'האבן די פאָלקס־שולן („פּאָווסשעכנע").

דער פּראָגראַם פון די למודי־קודש באַשטייט פון התחלת דרדקי (א' ב') ביז גפ"ת (גמרא, פּוסקים, תוספות), און פון די למודי־חול, איז ער דער זעלבער ווי אין אַלע 7 קלאַסן שולן.

ביים חדר עקזיסטירן אויך האַנדלס־קורסן, פאַר יענע תלמידים, וועלכע האָבן שוין געענדיקט די 7 קלאַסן למודי־חול.

דער לייטער (מנהל) פון די למודי־קודש איז הר' יחזקאל זיידנ־בייטל פון וואַרשע, אַ באַוווסטער פּעדאַגאָג און גרויסער למדן, וועל־כער פירט אָן מיט א פּערסאָנאַל פון 14 קוואַליפיצירטע מלמדים. הרב זיידנבייטל איז דער גרינדער פון ערשטן חדר יסוה"ת אין וואַרשע זייט דעם ערשטן גרינדונגס־טאָג.

משגיח און גייסטיקער דערציער, איז דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג און טאַלאַנטפולער רעדנער הר' נטע גוטער פון לאָדזש.

לייטער פון די וועלטלעכע למודים איז י. ראַפּאַפּאָרט (דער לייִ־טער פון דער „פּאָווסשעכנע"־שול נר 2), וועלכער פירט אָן מיט א



דער לערער פּערסאָנאַל פון דער „מזרחי" שול „יבנה" מיט אַ טייל פון די שילער. עס שטייען פון רעכטס: וו. פיינער, זשאַבנער, אייזענבערג, וויינרייך, דער לייטער פון דער שול בערקאָוויטש, פיינער, אייזענבערג, זידער, טראַוב.

חבר המורים של ביה"ס „יבנה" מיסודו של „המזרחי" וחלק מן התלמידים.




דער בנין פון חדר „יסודי התורה".
בניין ה„חדר" „יסודי התורה".

פערסאָנאַל פון 41 קוואַליפיצירטע לערער. צוזאַמען זענען ביים חדר באשעפטיגט קרוב 40 פערזאָן.

דער יערלעכער בודזשעט פון חדר באַטרעפט העכער 60 טויזנט גילדן. די הויפּט־הכנסות שטאַמען פון: שכר־למוד, סובסידיעס פון דער „קרן התורה"־ צענטראַלע „חורב" ביי דער „אגודת־ישראל"־ צענטראַלע אין וואַרשע, פון דער בענדינער קהלה און מאַגיסטראַט.

די פאַרוואַלטונג, וועלכע פירט אָן מיטן חדר באַשטייט פון פאָלגנ־ דיקן צוזאַמענשטעל: שמואל וואָלף קאָזלאָווסקי (פאָרזיצער), משה חיים קאַמינער (וו. פאָרזיצער), חיים פישל פריידמאַן, (סאָסנאָוויץ ־ערן־קאַסירער), מרדכי ראַדאָשיצקי (סעקרעטאַר), אליהו לעווין פרץ טויבע, אהרן קאָפּלאָוויטש, שמעלקע שפּירא, אברהם מאיר הערצ־ בערג, נחמיה סטאַשעווסקי און איטשע גרינגראַז.

ביים היינטיקן טאָג פאַרנעמט דאָס חדר יסוה"ת אין בענדין דעם חשובסטן פּלאַץ צווישן די רעליגיעזע חנוך־אַנשטאַלטן אין פּוילן.

## די „בית יעקב" שול

די שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925 דורך פאָלגנדיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „אגודת ישראל" אין בענדין: משה חיים קאַמינער, ישראל יוסטמאַן, זיסקינד זיגעלבוים און דוד סקאַטשילאַס. די אויפגאַבע פון דער שול איז צו דערציען די שילערינס אינם רעליגיעזן גייסט. דער לערן־פּראָגראַם באַשטייט פון רעליגיעזע לימו־ דים, שרייבן און לעזן יידיש, תנ"ך און יידישע געשיכטע. אַ זייער גרויס געוויכט ווערט געלייגט אויף שמועסן וועגן יהדות.

די שול, וואָס איז זייער פּאָפּולער ביים היגן רעליגיעזן יידנ־ טום, ציילט אַן ערך 500 שילערינס אין עלטער פון 7 ביז 15 יאָר. די איצטיקע פאַרוואַלטונג באַשטייט פון: זיסקינד זיגעלבוים (פאָר־ זיצר), מאָטל גערטנער (קאַסירער), מענדל מאַנצאַזש (סעקרע־ טאַר), איטשע מאיר פערשטער, אברהם מרדכי ווייס, בעריש מאַקאָ־ ווער, משה ווייסבאַרט און נחמיה סטאַשעווסקי.

ביי דער „בית יעקב"־שול עקזיסטירט אויך אַ „בנות אגודת יש־ ראל"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַשטייט פון מיטגלידערינס, וואָס האָבן געענדיקט די שול. די טעטיקייט פון דער „בנות" אָרג. טראָגט אַ קול־ טור־רעליגיעזן כאַראַקטער.

ביי דער אָרג„ וועלכע ציילט אַרום 200 מיטגלידערינס, עקזיסטירט אויך א ביבליאָטעק מיט העכער 1000 ביכער.

יעדעס יאָר ווערט דורך דער פאַרוואַלטונג פון דער אָרגאַניזאַ־ ציע איינגעאָרדנט א זומער־קאָלאָניע פאַר די מיטגלידערינס. די קאָ־ לאָניע ווערט געפירט אויף אַ מוסטערהאַפטיקן אופן.

די פאַרוואַלטונג פון דער „בנות אגודת ישראל" באַשטייט פון פאָלגנדיקע מיטגלידערינס: ט. מושל, ז. בוכשרייבער, ט. פרידריך, ש. יוסטמאַן, מ. פעפער, ר. ערליכמאַן, י. פעדער און יינגסטער. ספּעציע־ לע פאַרדינסטן פאַר דער אָרגאַניזאַציע האָבן: יהודית סושעק, חנה קוגעלמאַן און מלכה פעפער.

## די „תלמוד־תורה"

ביזן יאָר 1900 האָט די „תלמוד תורה" נישט פאַרמאָגט קיין איי־ גענעם בנין און איז ביז דעמלט געווען איינגעדונגען אין פּריוואַטע הייזער. ערשט לויט דער איניציאַטיוו פון הרב ר' יששכר בעריש גרוי־ באַרט ז"ל איז מען צוגעטרעטן צו שאַפן אַן אייגענעם זיצאָרט פאַר די ת"ת. לטובת דעם צוועק האָבן די דעמאָלסטיקע שטאָט־גבירים מנדב געווען עטלעכע טויזנט רובל, מיט גרעסערע נדבות האָבן זיך אויסגעצייכנט פאָלגנדיקע פּערזאָנען: יוסף ערליך 2000 רובל, יעקב הערש פישער 2000 ר', וואָלף װערדיגער 1000 ר", בערל ראָזענבלאַט 500 ר', הלל פאַכטער 300 ר' און בערל בלייכער 200 ר'. אַ חוץ דעם זענען געפאַלן אַ סך נדבות צו 100 און 50 ר'.

ס'איז געקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ מיט אַן אַלטן בנין אויף דער זאַוואַלע גאַס. די געביידע איז גענצלעך רעסטאַווירט און צוגע־ פּאַסט געוואָרן פאַרן געברויך פון דער אינסטיטוציע.

פון די שפּעטערדיקע מנדבים האָבן זיך באַזונדערס אויסגע־ צייכנט: יצחק דוד דאַווידאָוויטש און גרשון גלעצער, וועלכע האָבן סיסטעמאַטיש געשטיצט די ת"ת מיט גרעסערע נדבות, הגם זיי זע־ נען נישט געווען קיין גבירים.

ביזן יאָר 1927 מאַכט די ת"ת אדורך פאַרשידענע טעטיקייט־פּער־ יאָדן, די צאָל תלמידים וואַקלט זיך דעמאָלט צווישן 300—400. די למודים נעמען אַרום פון אלף־בית ביז גמרא, תוספות, און ווערן אָנ־ געפירט דורך דעם מנהל ר' אברהמל שאַפּיר, דער שטענדיקער פּאַ־ טראָן פון דער ת"ת איז געווען וואָלף ווערדיגער, וועלכער האָט אויך במשך פון 40 יאָר פאַרנומען דעם קאַסירער־אַמט און איז איי־

בּאַהויפּט געווען דער לעבנס־נערוו פון דער אינסטיטוציע. אים האָבן פיל צוגעהאָלפן די טעטיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: דודל טורנער, הענעך זילבערשאַץ, מענדל דאמב, שמואל לעווין, ליפּע קאַמינער און שבתי מאַנדעלבוים.

מיטן איינפירן אין לעבן דאס געזעץ וועגן צוואנג־שול, געפינט זיך די אינסטיטוציע פּלוצלינג אין אַ שווערע לאגע אין עניני החנוך, ווייל 80 פּראָצענט פון די תלמידים אין שול־עלטער זענען געצוואונגען זיך צו פאַרשרייבן אין די אַלגעמיינע שולן. נאָר אַ דאַנק דער אומדערמידליכער אַרבעט פונם דעמאָלסדיקן פּאַרזיצער מרדכי דאַפּנער איז געלונגען צו באַקומען פאַר דער ת״ת אַ קאָנצעסיע מיט רעכט פון אַ פאָלקס־שול. דער דאָזיקער פאַקט האָט אויך מיטגעווירקט, אַז די צאָל תלמידים האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 500. אָבער גלייכצייטיק מיטן וווּקס פון דער צאל תלמידים איז אויך געוואָרן אקטועל דאס אויפשטעלן אַ נייעם בנין.

א דאנק דער איניציאַטיוו פון פאַרוואַלטונגס־מיטגליד שבתי מאַנדעלבוים איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ זאַמל־אַקציע לטובת אַ נייעם בנין, וועלכער איז אויסגעפערטיקט געוואָרן אין יאָר 1928 און באַשטייט פון צוויי גרויסע לאָקאַלן. דער בנין האָט אָפּגעקאָסט 8000 גל. און אַ העלפט דערפון ד״ה 4000 גל. האָט געדעקט דער באַקאַנטער נדבן פּרעזעס ש. פירסטענבערג. אַחוץ דעם האָט נאָך פירסטענבערג מנדב געווען 700 גל. אין בענק און 500 גל. אויף אַ קאַפּל־אויוון. אלס אנערקענונג פאר זיין גרויסער טאט האט די פארוואלטונג באַשלאָסן צו פאַראייביקן דעם נדבנס נאָמען מיט אַ מאַרמאָר־טאָוול אין איינעם פון די 2 נייע לאָקאַלן, וועלכער ווערט אַנגערופן אויף זיין נאָמען.

די יאָרן 1928—1932 זענען זייער גינסטיקע פאַר דער ת״ת. אין דער פאַרוואַלטונג זענען דעמאָלסט טעטיק, צווישן אַנדערע, אויך ווערדיגער, דאַפּנער, ניימאַרק, יאַנאָווסקי מיט הרב ר׳ צבי חנוך לעווין ז״ל בראש. אָבער מיטן יאָר 1932 הויבט אָן די מאַטעריעלע לאַגע כסדר צו ווערן קריטישער, אַזוי, אַז די ת״ת פאַרוואַנדלט זיך מיט דער צייט, סיי אויסערלעך און סיי אינערלעך, אין אַ פּשוטער חורבה. און אויב די אינסטיטוציע איז דאָך נישט ליקווידירט געוואָרן, איז עס נאָר צו פאַרדאַנקען די אויסדויער־קראַפט פון לאַנגיעריקן סעקרעטאַר, יצחק דרעקסלער, וועמענס הילפס־רופן האָבן ווידער דערגרייכט צום פּרעזעס פירסטענבערג.

פירסטענבערג נעמט אונטער אַן אַקציע צוריק אויפצולעבן די ת״ת און גיט אַליין דעם ערשטן ביישפּיל. ער לאָזט אויף אייגענער רעכענונג פולשטענדיק רעמאָנטירן, אויסערלעך און אינערלעך דעם בנין. דאַן רופט ער כסדר זיצונגען פון די פּני־העיר און דערפירט דערצו, אַז עס ווערט אונטערגענומען אַן איינמאַליקע זאַמל־אַקציע, וועלכע ברענגט לטובת דער אינסטיטוציע עטלעכע טויזנט גל. די ווירטשאַפט ווערט סאַנירט און ס׳ווערט גערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויף וועלכער ס׳ווערט געוויילט אַ פאַרוואַלטונג, ווו ס׳זענען פאַרטרעטן מיטגלידער פון כמעט אַלע שיכטן פון דער בענדינער יידישער באַפעלקערונג.

די פאַרוואַלטונג ווייזט אָבער אַרויס גאַנץ קליינע עקזיסטענץ־פעיקייטן און דער איינציקער טעטיקער לייטער בלייבט ווייטער נאָר פּרעזעס פירסטענבערג, אויף וועמענס פּלייצעס עס לאַסטעט די אויס־האַלטונג פון די אַרום 400 תלמידים מיט דעם צאַלרייכן פּערסאָנאַל.

די אַלגעמיינע לייטונג פון דער אינסטיטוציע ווערט אָנגעפירט דורכן לאַנגיעריקן סעקרעטאַר יצחק דרעקסלער.

# די פאלקס־שולן

(„פּאָווּשעכנע“).

## די שול נר. 2

אויפן נאָמען פון הענריק שענקעוויטש.

אין יאָר 1917 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט קאָנצענטרירט אַלע דעמאָלט עקזיסטירנדיקע יידישע שולן, אין איין יידישער 7 קלאַסיקער שטאַטישער־שול, אלס פעדאגאגישער און ווירטשאַפטלעכער־לייטער איז דורך דער זעלביקער מאַכט נאָמינירט געוואָרן דער לערער י. ראַפּאַפּאָרט און אַלס שול־אינספּעקטאָר, מיע־טשיסלאוו טשימאַשקאַ, מיטן זיצאָרט אין סאָסנאָוויץ.

צוליב מאַנגל אין די דעמאָלט עקזיסטירנדיקע שולן, האָט דער מאַגיסטראַט געעפנט 5 נאָכמיטאָג קאָמפּלעטן ביי די יידישע שולן.

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1919 איז די שול צעטיילט געוואָרן אויף 2 לייטונגען: נר. 2 און נר. 4. די לייטונג איבער דער שול נר. 4 האָט איבערגענומען פּרוי ס. שאַנצער.

דעם 51־טן אָקטאָבער 1923 ווערן ביי דער שול געעפנט אָוונט־קורסן פאַר יענע קינדער, וועלכע זענען — צוליב מאַנגל אין פּלאַץ — נישט אנגענומען אין דער שול.

אין יאַנואַר 1924 ווערן געעפנט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע מיט אַ פּראָגראַם פון אַ 7 קלאַסיקער פאָלקס־שול אָדער 4 קלאַסן מיטל־שול.

דעם 3־טן יוני 1928 ווערט געפייערט דער 10 יעריקער יובליי פון דער שול. אין דער פייערונג האָבן אנטייל גענומען פאַרשטייער פון דער שול־מאַכט, שטאָט־פאַרוואַלטונג, שטאָט־ראַט, ווי אויך פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס. אין שייכות מיט דער פייערונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון די שול־קינדערס אַרבעטן.

דעם 21־טן סעפּטעמבער 1930, ווערט די שול איבערגעטראָגן אין אַ נייעם בנין, וועלכער איז צו דעם צוועק ספּעציעל אויפגעבויט געוואָרן, לויט דער נייעסטער בוי־טעכניק, מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען. ביזט דעמאָלט זענען די שול־לאָקאַלן געווען צע־וואָרפן אין פאַרשידענע פּונקטן פון דער שטאָט. צוליב וואָס די אַרבעט איז זייער באַשווערט געוואָרן.

צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון בנין איז געקומען דער שול־קוראַטאָר פון קראָקע, דער שול־אינספּעקטאָר, פאַרשטייער פון מאַגיסטראַט, שטאָט־ראַט, סטאַראָסטווע א״אנד.

צום שול־יאָר 37/1936 ווערט די שול ווידעראַמאָל רעאָרגאַניזירט און ס׳ווערט אויסגעטיילט אַ נייע שול פאַר יינגלעך די „פּאָווּשעכנע שול נר. 9“. צוליב דעם פאַקט זענען די אָפּטיילונגען פון דער שול נר. 2 פאַרקלענערט געוואָרן פון 31 אויף 19.

וועגן די אַנטוויקלונג פון דער שול זאָגט עדות פאַלגנדיקע סטאַטיסטיק:

אין שול־יאָר 1920/21 האָבן זיך פאַרשריבן 701 קינדער. אין שול־יאָר 1921/22 — 772 קינדער, דערונטער 219 יינגלעך און 553 מיידלעך און איז אין יאָר 1922/23 — 777 קינדער צווישן זיי 226 יינגלעך און 551 מיידלעך.

אין שול־יאָר 1930/31 פאַרשרייבן זיך אין די 16 אָפּטיילונגען 844 יינגלעך, אין יאָר 1932/33 — 1074 יינגלעך און אין יאָר 34/35 פאַרשרייבן זיך 1030 יינגלעך.

ביים היינטיקן טאָג פאַרמאָגט די שול אַן אייגענע ביבליאָטעק מיט העכער 1400 ביכער, אַ געאָגראַפישע־אָפּטיילונג, א טישלעריי

און אן ארקעסטער, די שול פירט אויך א דערנערונגס־אקציע פאר אָרעמע קינדער.

אין דער שפּיץ פון דער שול שטייט דער לייטער י. ראַפּאַפּאָרט, וועלכער אַרבעט אינטענסיוו צוזאַמען מיט די שול־אַפּיטרעקנעס (אפּוטרופּסים) מ. האַמפּעל און מ. ראָזענבערג לטובת איר אַנטוויקלונג, סיי אויפן פּעדאַגאָגישן און סיי אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט.

## די שול נר. 4

אויפן נאָמען פון עליזאַ אָזשעשקאָוואַ.

די שול נר. 4 איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919 און אַלס לייטערין איז באַשטימט געוואָרן די פרוי אורשטיין־שאַנצער, וועלכע איז שוין געווען א לערערין אין דער בענדינער שול זייט דעם יאָר 1889.

בעת דער גרינדונג האָט די שול געציילט 4 גרונט־אָפּטיילונגען און 4 פּאַראַלעלע, וועלכע זענען באַזוכט געוואָרן דורך קרוב 470 קינדער. דער לערער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון 7 פּערזאָן.

זייט 1924 באַשטייט דער לערער־פּערסאָנאַל פון 41 מיטגלידער און די צאָל קלאַסן וואַקלט זיך צווישן 14—19 אָפּטיילונגען, וועלכע נעמען אַריין אַרום 1000 קינדער.

ביזן יאָר 1928 געפינט זיך די שול אין פאַרשידענע פּונקטן פון דער שטאָט, אָבער אינעם זעלביקן יאָר האָט די שול באַקומען אַ לאָקאַל אין דער „פּיאַסט"־געביידע אויף מאַלאַכאָווסקי גאַס 35 און זייט דעמאָלט קאָנצענטרירט זיך דאָס גאַנצע לעבן פון דער שול נר. 4 אינעם דאָזיקן בנין.

צוליב דער נישט גענוגנדיקער צאָל לערנזאַלן, קומען די למודים פאָר פאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג.

אין יאָר 1931 גייט די לייטערין, פרוי שאַנצער — נאָך א 24־יעריקער טעטיקייט אין שולוועזן — אַריבער אין רו־צושטאַנד און אויף איר אָרט ווערט באַשטימט די לערערין פון דערזעלבער שול, פרוי פּאָדלינסקאַ, וועלכע פאַרנעמט דעם אמט ביזן הייַנטיקן טאָג.

אין איצטיקן מאָמענט באַזיצט די שול 14 אָפּטיילונגען, וועלכע געפינען זיך אין 8 זאַלן וווּ ס'לערנען זיך 800 שילערינס. די לערע קומט ווייטער פאָר פאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג און דער פּערסאָנאַל באַשטייט פון 12 פּערזאָן.

די שול־אויפּזיכט, וועלכע ווערט אויסגעוויילט דורך די עלטערן פון די קינדער, באַשטייט פון די פאָלגנדיקע מיטגלידער: דוד גוטשטיין (הויפּט־אַפּיטרופּ), קאַראָל פישעל און שמואל ליבערמענש.

## די שול נר. 8

אויפן נאָמען פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ.

אין אָנהויב פון שול־יאָר 1929/30 האָט די שול־מאַכט אַדורכגעפירט אַ רעאָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע שולן פאַר יידישע קינדער אין בענדין. פון די עקזיסטירנדיקע צוויי יידישע קאָעדוקאַציע שולן נר. 2 און נר. 4 איז געשאַפן געוואָרן צוויי יידישע פרויען־שולן און איין מענער־שול. אַלע ייִנגלעך זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אין דער שול נר. 2 און פאַר די מיידלעך זענען באַשטימט געוואָרן די שולן נר. 4 און נר. 8.

אַלס לייטערין פון דער שול נר. 8 איז דורכן סאָסנאָוויצער שול־אינספּעקטאָר באַשטימט געוואָרן די פרוי פּ. ברודאַ.

אין דערמאָנטן שול־יאָר זענען אין דער שול נר. 8 אָנגענומען געוואָרן 590 שילערינס אין ס'זענען געשאַפן געוואָרן 11 אָפּטיילונגען, צווישן זיי 7 גרונט־אָפּטיילונגען און 4 פּאַראַלעלע.

די שול לאָקאַלן זענען געווען פונאַנדערגעוואָרפן און האָבן זיך געפונען אַזש אין 4 בנינים, אין פאַרשידענע פּונקטן אויף דער קאָלאָנטאַיאַ גאַס.

דער לערער פּערסאָנאַל, וועלכער איז צוגעטיילט געוואָרן פון דער שול נר. 2 איז באַשטאַנען פון 8 לערערינס און 1 רעליגיע לערער.

אין דעמזעלביקן שול־יאָר איז פאָרגעקומען די ערשטע עלטערן פאַרזאַמלונג און ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן א שול־אויפּזיכט. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק פאַר די שילערינס מיט אַן ערך 400 ביכער און ס'איז איינגעפירט געוואָרן מוזיק לערע פאַר די פעיקסטע קינדער. דעמאָלט איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן א שול־קאָאָפּעראַטיוו, אַן אָפּשפּאָר־קאַסע, אַ ביבליאָטעק פאַר די לערער מיט העכער 100 ביכער אין ס'זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ רייע אויספלוגן פאַר די שילערינס.

אין שול־יאָר 1930/31 זענען געוואָרן אָנגענומען 680 שילערינס און ס'זענען געשאַפן געוואָרן 12 אָפּטיילונגען. די שול האָט צובאַקומען צוויי לאָקאַלן אויף דער פּאָדגורסקאַ גאַס נר. 4 און אויף קאָלאָנטאַיאַ נר. 27.

ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אַלגעמיינע זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע האָט זיך אין א שנעלן טעמפּאָ זייער גוט אַנטוויקלט. אויף די 2 מאָליקע לוסטראַציעס פון דער שול־מאַכט, איז די אַרבעט פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג זייער געלויבט געוואָרן.

אין שול־יאָר 1931/32 אַנטוויקלט זיך די שול נאָך מער. ס'ווערן געשאַפן 2 נייע אָפּטיילונגען און ס'קומען צו 2 לערערינס.

ס'אַנטוויקלט זיך אויך גימנסטיק די זעלבסטפאַרוואַלטונג, וועלכע טיילט פון זיך אויס אייניקע סעקציעס און גיט אַרויס אַ קליינע שול־צייטונג.

ס'ווערט אָרגאַניזירט אַ דערנערונגס־אַקציע פאַר די אָרעמסטע קינדער, וועלכע באַקומען אויך מלבושים און שיך.

מיטן אָנהויב פון שול־יאָר 1932/33 איז דער שול־לאָקאַל אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער געביידע אויף מאַלאַכאָווסקי גאַס נר. 35, וווּ ס'געפינען זיך אַלע קלאַסן, א חוץ צוויי, וואָס געפינען זיך אויף מאַלאַכאָווסקי גאַס נר. 42.

דעם 11־טן נאָוועמבער 1934 האָט דער קיעלצער וואָיעוואָדע אייגנהענטיק איבערגעגעבן דער לייטערין פרוי ברודאַ דעם „זילבערנעם פאַרדינסט קרייץ", פאַר איר אומדערמידלעכער אַרבעט אויפן קולטורעלן, דערציערישן און געזעלשאַפטלעכן געביט.

אין שול־יאָר 1936/37 האָט זיך דער לערער־פּערסאָנאַל פאַרקלענערט מיט צוויי פּערזאָן. דער מאַגיסטראַט האָט אויך צוגענומען ביי דער שול איין לערן־זאַל, צוליב וואָס ס'האָבן זיך פאַרערגערט די באַדינגונגען לגבי דעם פאַריקן יאָר. די שול באַזיצט איצט נאָר 13 אָפּטיילונגען און 7 לערנזאַלן.

ביי דער שול איז טעטיק אַ שול־אויפּזיכט פון פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: אברהם ווייצענבערג (הויפּט אַפּיטרופּ), יצחק פּאַראַסאָל און שרה ראָזענוואַלד.

## די שול נר. 9

די שול איז געגרינדעט געוואָרן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1936. דאָס איז אַ 7 קלאַסיקע קאָעדוקאַציע־שול, וועלכע באַזיצט 5 לערנ־זאַלן, אַן אייגענע ביבליאָטעק מיט העכער 500 ביכער, און ציילט 400 שילער, דערפון 379 יינגלעך און 21 מיידלעך.

דער לערער־פּערסאָנאַל באַשטייט פון 5 פּערזאָן מיט דעם לערער ל. רעכטמאַן בראש.

ביי דער שול עקזיסטירט אַ שול־אויפזיכט מיט ה. זויבערמאַן אין דער שפּיץ.

די שול נר. 9 געפינט זיך אין זעלביקן בנין ווו די שול נר. 2.

* * *

די קינדער פון די פאָלקס־שולן געפינען זיך סטאַביל אונטער אַ היגיעניש־מעדיצינישער השגחה, און ווען ס'איז נויטיק ווערן זיי אָפּגעשיקט אין שטאָטישן געזונטהייטס־צענטער, ווו זיי באַקומען מעדיצינישע הילף אין אַלע אַמבולאַטאָריעס, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורכן בענדינער מאַגיסטראַט.

בעת די זומער־פעריען, ווערן די יידישע קינדער אַרויסגעשיקט אויף קאָלאָניעס און האלב־קאָלאָניעס, די קאָלאָניעס ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער בענדינער שטאָט־פאַרוואַלטונג און געפינען זיך אין אייגענע בנינים, וועלכע זענען ספּעציעל אויסגעבויט געוואָרן פאַר די יידישע קינדער.

## די 3־קלאַסיקע פּריוואַטע האנדלס־שול

ביים צענטראַלן דעטאַליסטן און קליינהענדלער פאַרבאַנד
אין פּוילן, אָפּטיילונג אין בענדין.

די האנדלס־שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1927 דורך מאַריאַ באַיאַרסקאַ. אין ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ איז נור טעטיק געווען די ערשטע קלאַס און שפּעטער ווערן אויך שטופנווייז טעטיק די 2־טע און 3־טע קלאַסן.

די ערשטע צייטן זענען געווען זייער נישט גינסטיק פאַר דער שול. טראָץ דעם, וואָס דאָס איז געווען די איינציקע יידישע האַנדלס־שול, נישט בלויז אין בענדין, נאָר אויפן גאַנצן זאַגלעמביער שטח, איז דאָך די פרעקווענץ געווען אַ גאָר שוואַכע. די סיבה דערפון דאַרף מען זוכן אין דעם, וואָס דאָס פאַך־שולוועזן איז דעמאָלט נאָך נישט געווען גענוג פאָפּולער צווישן יידן.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן כמעט ביזן יאָר 1934. אין יענעם יאָר איז די שול פאַרגעזעלשאַפטלעכט געוואָרן און איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער געזעלשאַפט „צענטראַלער דעטאַליסטן און קליינהענדלער פאַרבאַנד און פּוילן" אָפּטיילונג אין בענדין.

גלייכצייטיק איז אריין אין לעבן דאָס נייע געזעץ וועגן פוילישן שולוועזן, וועלכעס האָט אין א ברייטער מאָס באַריקזיכטיקט דאָס מיטל־פאַך־שולוועזן, שטעלנדיק עס אויף אַ גלייכער מדרגה מיט דעם מיטל־שולוועזן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער. צוליב דער סיבה האָט זיך אויפן ערשטן פּלאַץ אַרויסגערוקט דאָס האנדל־שולוועזן, וואָס האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג צווישן דער יידישער געזעלשאַפט.

סהאָט זיך אָנגעהויבן א באַדייטנדיקער צופלוס פון דער יוגנט אינעם האַנדלס־ שולוועזן און אויך אין דער אויביקער שול האָט זיך געלאָזט מערקן א ווענדונג צום בעסערן. אַחוץ דעם האָט דאָס פאַרגעזעלשאַפטלעכן פון דער שול גורם געווען צו דער פרעקווענץ פאַרגרעסערונג.

דער פאַקט, וואָס די האנדלס־שול האָט זיך געפונען אין די הענט פון א געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע איז געווען די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע לטובת דער שול און די צאָל שילערינס איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. אויב אין שול־יאָר 1934/35 האָט די צאָל שילערינס באַטראָפן 54, ציילט זי אין 1935/36 שוין 90, אין 1936/37 — 147 און אין שול יאָר 1937/38 דערגרייכט שוין די צאָל ביז 210.

די שול באַזיצט היינט צו טאָג 5 קלאַסן: דערפון 2 ערשטע, 2 צווייטע און 1 דריטע. אַחוץ דעם וועט אין לויפנדיקן יאָר געעפנט ווערן אַ קאָעדוקאַציע־קלאַס, און אָנהויבנדיק פון 1־טן יאַנואַר 1938 ווערט אויך געעפנט אַן אָוונט דערגענצונגס־קורס פאַר סוחרים און האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

צוליב דער גינסטיקער אַנטוויקלונג פון דער שול האָט די אויבן־דערמאָנטע געז. געפונען פאַר נויטיק צו ענדערן דעם לאָקאַל אויף אַ גרעסערן, וועלכער געפינט זיך איצט אויף דער קאָלאָנטאַיאַ גאַס נר. 33.

ביזן יאָר 1934 איז אין דער שפּיץ פון דער שול געשטאַנען מאַריאַ באַיאַרסקאַ און זייט דעמאָלט פירט אָן מיט דער שול רעגינע מייטליס.

## ד"ר שטאַטלערס האנדלס־קורסן

די דאָזיקע לערנאַנשטאַלטן זענען אַנטשטאַנען אין יאָר 1918. אירע גרינדער זענען געווען: ט. ראַקאָווסקי און ק. שטאַטלער. דאָס זענען געווען די ערשטע האַנדלס־קורסן אין בענדין, וואָס זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורכן בילדונגס־מיניסטעריום.

פון אָנפאַנג זענען די לעקציעס פאַרגעקומען אין לאָקאַל פון דער היגער פּוילישער ריאַל־שול און זייט דעם יאָר 1931 קומען זיי פאָר אין אַן אייגענעם לאָקאַל.

זייט דעמזעלביקן יאָר איז דער אויסשליסלעכער באַזיצער פון די קורסן דער ד"ר ק. שטאַטלער, וועלכער איז גלייכצייטיק באַשטימט געוואָרן דורכן קוראַטאָריום אלס זייער לייטער.

די קורסן זענען א קאָעדוקאַציע־לערנאַנשטאַלט, וועמענס אויפגאַבע ס'איז אויסצובילדן די שילער אין האנדלס און אַדמיניסטראַציע־וועזן.

די קורסן, וואָס געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון קראָקעווער קוראַטאָריום, זענען שטאַרק פאָפּולער אין זאַגלעמביע און האָבן במשך פון זייער עקזיסטענץ אַרויסגעלאָזט הונדערטער אבסאָלווענטן, צווישן וועלכע א גרויסע צאָל פאַרנעמט אָנגעזעענע פּאָסטנס אין האַנדלס, אינדוסטריע און פינאַנס־אינסטיטוציעס.

ביז צום היינטיקן טאָג פירט אָן מיט די קורסן ד"ר ק. שטאַטלער, וועלכער איז אויך זייט א רייע יאָרן א געשווירענער זאַכקענער פון בוכהאַלטעריע ביי דער האנדלס־ און אינדוסטריע־קאַמער אין סאָסנאָוויץ.

בקרוב וועלן אויך ביי דער אויביקער לערנאַנשטאַלט געעפנט ווערן קורסן פאַר פרעמדע שפּראַכן, ווי אויך פאַר פרעמד־שפּראַכיקע האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ.

# ש. ראזענבלום / דער טורן און ספארט פאריין „הכח"

דעם 22־טן מערץ 1913, איז אין ברוקנערס וואוינונג אויפן „קאר־דאן" צוזאמענגעקומען א גרופע שילער פון דער דעמאלסדיקער האנדלס־שול, מיט יאקוב ערליך אין דער שפיץ, אויף אַ געהיימער בעראטונג וועגן שאפן א יידישע ספארט־גרופע אין בענדין.

יענע היסטארישע זיצונג האט דער אויביקער ספארט־פאריין צו פארדאנקען, נישט בלויז דעם נאמען „הכח" נאר אפשר אויך זיין גאנצער ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

מען מוז מודה זיין, אז די ערשטע גרינדער האבן אין יענער צייט אויף זיך גענומען א גרויסע פאראנטווארטלעכקייט, צוליב דער ברר־טאלער צארישער „נאהייקע", וואס האט דעמאלט געהערשט און האט נישט דערלאזט צו קיין שום געזעלשאפטלעכער טעטיקייט.

די דערמאנטע גרופע האט זיך נישט אפגעשטעלט פאר קיין שום געפארן און האט געלייגט דעם גרונטשטיין פאר דעם ערשטן יידישן טורן און ספארט פאריין אין זאגלעמביע (דער דריטער אין געוו. קאנגרעס פוילן).

די טעטיקייט פון דער גרופע איז געווען — צוליב די דער־מאנטע סיבות — אויסגעוויינלעך באשווערט. די לעקציעס זענען פארגעקומען בייינאכט, אויף זייער פרימיטיווע און אליין צוזאמענ־געשטעלטע מכשירים, און דאס נאר אין זומער.

צוליב די הערשנדיקע באדינגונגען אינם יידישן געזעלשאפט־לעכן לעבן, זענען צו די טורן־לעקציעס צוגעלאזט געווארן בלויז מענער, הגם ס'איז אויך געווען א גרויסער דראנג צו ספארט מצד פרויען.

הגם די ארבעט איז געפירט געווארן שטרענג קאנספיראטיוו, פונדעסטוועגן האט זיך די גרופע שנעל אויסגעברייטערט און די צאל מיטגלידער איז געוואקסן פון 13 אויף 72.

די ערשטע טורן־גרופע איז באשטאנען פון: יאקוב ערליך, אב־רהם גאלדמינץ, הערצבערג, לייביש פאסטערנאק, פ. לעדערמאן, יוסף קליינמאן, ארטור ווינער, ברוקנער, אברהם קאקאטעק־שלעזינ־גער, א. מ. ראטענבערג, אברהם בלעכמאן, יעקב זאובערמאן און שבתי אנזלאוויטש.

דעם 1־טן פעברואר 1914 ארדנט איין דער לאדזשער „מכבי" א טורן־פעסט, צו וועלכן ס'ווערט דעלעגירט אַ בענדינער גרופע מיט יאקוב ערליך, ארטור ווינער, ברוקנער, קליינמאן און פאסטערנאק. אויפן טורן־פעסט האט זיך די גרופע זייער שיין אויסגעצייכנט און קומט צוריק מיט א פרישן חשק צו א ווייטערדיקער ענערגישער אר־בעט. די מיטגלידער שטעלן זיך די אויפגאבע צו פראפאגאנדירן און ארגאניזירן די גאנצע יידישע יוגנט פאר דער פיזישער דערציונג. אלס רעזולטאט פון דער אקציע וואקסט דער דראנג צו פיזישע קול־טור צווישן דער יידישער יונגט פון טאג צו טאג און די ארבעט לאזט זיך מער נישט פירן אין געהיים. צוליב דעם ווערן די איני־ציאטארן געצוווּנגען צו זוכן מעגלעכקייטן צו ווערן לעגאל.

צו דעם צוועק ווערן אויסגעארבעט די סטאטוטן פארן פאריין, וועלכע ווערן אונטערגעשריבן דורך סאלאמאן גוטמאן, ד"ר וואַ־סערצווייג, איזידאר סערצאזש און אליעזר רובינליכט. אבער די סטא־טוטן זענען אפגעווארפן געווארן דורכן פיעטריקאווער גובערנאטאר. ערשט מיט דער הילף פון א פיעטריקאווער „מאכער" און א ביסל שוחד, ווערט דער „הכח" לעגאליזירט דורך דער רוסישער מאכט דעם 7־טן מאי 1914.

די אפיציעלע גרינדונגס־פארזאמלונג איז פארגעקומען דעם 12־טן יולי 1914 אין זאל „הארמאניע" אונטערן פארזיץ פון ד"ר



די מיטגלידער פון דער ערשטער טעכנישער קאמיסיע ביים „הכח" אין יאר 1916. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: צוקערמאן, פלעסנער, ראטענבערג, צימערמאן, ארליך. עס זיצן: באזשיקאווסקי, אנדזלעוויטש, י. ארליך, שלעזינגער, שטיינבערג.

חברי הועדה הטכנית של „הכח" ב־1916.

וואסערצווייג. ביי א גרויסן אַנטייל פון דער בענדינער יידישער יוגנט.

אָבער קיין אריכות ימים איז דער ערשטער פּארוואלטונג נישט באשערט געווען, ווייל אין א חודש שפּעטער איז אויסגעבראכן די וועלט־מלחמה און די דעפּרעסיע, וואָס האָט באהערשט די גאנצע יידישע געזעלשאפטלעכקייט, האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם „הכח".

ערשט שפּעטער, ווען דאָס לעבן הויבט זיך אָן צו „נאָרמאַליזירן", באַנייט ווידער דער „הכח" זיין טעטיקייט און אין יאר 1915 געפינט ער זיך שוין אין א אייגענעם לאָקאַל, אין ד. זמיגראָדס הויז. אָבער לאנג האָט דאס נישט אויסגעהאלטן, ווייל אין א קורצער צייט ארום איז די דייטשע זשאַנדארמערי באפאלן דעם לאָקאַל, גראָד ביי א לעקציע פון א גרופּע מיידלעך, וואס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך יאקוב ערליך, וועלכן זיי האָבן ארעסטירט און גלייכצייטיק אויך פארחתמעט דעם לאקאל, די טעטיקייט איז דעריבער ווידער אָפּגעשטעלט געוואָרן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע „סדרה" לעגאַליזאַציע.

אז מען בלעטערט אדורך דעם ארכיוו פון „הכח" פון יענער עפּאכע, מוז מען פּשוט באוואונדערן די ענערגיע פון יאקוב ערליך, וועלכער האָט פאר דער אינסטיטוציע אוועקגעגעבן פיל מי און צייט, ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאר קיין שום שוועריקייטן, געארבעט בייטאָג און ביינאכט ווידמענדיק זיין גאנצע ענערגיע דעם „הכח".

די דייטשע אקופּאציע־מאכט האט בשום אופן נישט געוואלט לעגאליזירן דעם „הכח". יאקוב ערליך האט ממש פארשיט מיט בריוו די דייטשע „קרייז־קאָמאַנדע" און אויך די „ציוניסטישע פאריייניקונג" אין בערלין, אז זי זאל אינטערווענירן ביי דער דייטשער רעגירונג לטובת דעם „הכח" אלס פועל יוצא איז זיין ארבעט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאלג, און נאך עטלעכע פאראהערן פון ערליכן דורך דער דייטשער „קרייז ־ קאמאנדא", איז דער „הכח" ווידער דערלויבט געוואָרן, דעם 23־טן נאוועמבער 1916.

אבער אויך ביז דעמאלט האט דער „הכח" נישט אפּגעשטעלט זיין ארבעט אויף קיין איין מינוט ווייל גראד צו יענער צייט איז געווען טעטיק די העברעאישע קולטור־געזעלשאפט „עבריה" וועלכע האָט זיך פארזען אין איר סטאטוט מיט א פּונקט וועגן פיזישער דערציונג פון דער יידישער יוגנט און דער „הכח" פירט זיין ארבעט אלס סעקציע ביי דער געזעלשאפט „עבריה".

נאָך די סכסוכים צווישן דער פארוואלטונג פון „עבריה", און „הכח" וועלכע זענען געווען ווירטשאפטלעכע ווי אויך קולטורעלע, ווי צב"ש: דער תנאי, אז אלע מיטגלידער פון „הכח" מוזן לערנען די העברעאישע שפּראך א. אז"וו. צווינגען די „הכחאנער" זיך צוריק זעלבסטשטענדיק צו ווערן.

דעם 30־טן דעצעמבער 1916 קומט ווידער פאָר די אלגעמיינע פארזאמלונג פון באניייטן „הכח" און ס'ווערט אויסגעוויילט א פארוואלטונג מיט ד. מ. ראטנער אלס פּאָרזיצער, יאקוב ערליך, מאָטל גאָלד, ישראליק בלומענפרוכט, אברהם קאָקאָטעק־שלעזינגער, ראָמעק רעכטמאן א"אנד. די פארוואלטונג האט מיט קליינע ענדערונגען, געארבעט ביזן יאר 1920, זי איז געשטאנען אויף א געהעריקער הויך און האט געהאט צו פארצייכענען גרויסע פארדינסטן, ווייל די יאָרן 1915—1918 געהערן בלי ספק צו דער גלאַנץ־עפּאכע פון דער „הכח" טעטיקייט צווישן די בענדינער יידישער יוגנט.

אין יענער צייט איז דעם „הכח" געלונגען צו פּאפּולאריזירן די אידיי פון פיזישער דערציונג צווישן דער יידישער יוגנט אין אַ גאָר גרויסער מאָס. ס'האבן געשטראמט אין די „הכח"־לאקאלן גאנצע מחנות בחורים און מיידלעך מיט אויסגעקרומטע רוקנס און בלאַסע פּנימער, בכדי צוריק צו באקומען די קאלירן און שטארקע מוסקולן. און די ארבעט האָט געגעבן אירע פּרוכטן, דעם 12־טן אויגוסט 1917 נעמט דער „הכח" אנטייל אין טשענסטאכאָוו אויפן קאנקורס,



די ערשטע טורן גרופּע פון „הכח". עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: באָזשיקאָווסקי, שטיינבערג, מעלאך 1, גוטמאַן, (אַלע ביידע אין ישראל) מעלאך 2, אלטוש, ווינער (אַמעריקע), שטיינבערגער, פלעסנער, באָזשיקאָווסקי אין גוטמאַן (ישראל). עס קניען: ט. קאָקאָטעק, צוקערמאַן אין פאָלטאָראָק.
קבוצת ההתעמלות הראשונה של „הכח".

ווו ס'האבן זיך ספעציעל אויסגעצייכנט: ארטור ווינער, אברהם קאַ־קאַטעק־שלעזינגער, יחזקאל באזשיקאווסקי א"אנד.

אין זעלבן יאר, איז אויך פארגעקומען די הערלעכע רעוויו פון די „הכח"־קאדרען אין וואיקאוויץ, בעת דער אנטהילונג פון דער פאריין־פאַן.

א קאַפּיטל פאר זיך זענען די הערלעכע טורן־פעסטן, וועלכע זענען איינגעאָרדנט געוואָרן און האבן עטלעכע מאָל געמוזט איבער־געחזרט ווערן, און ביי יעדן מאל האבן אויסגעפעלט בילעטן. אין די יארן 1916/17 זענען אויך געפירט געווארן קורסן פאר היגיענע און אנאטאמיע דורך די דאקטוירים: וויינציהער, וואסערצווייג און רעכטשאפט.

דער „הכח" האט אויך אויסגעפילט ביים דעמאלסטיקן דייטשן שול־אינספעקטאָר, איינצופירן טורן־צוואנג אין די שולן און חדרים וווהין דער „הכח" האט דעלעגירט זיינע אינסטרוקטארן.

אין יענער צייט האָט זיך יאקוב ערליך געווענדעט צום דייטשן גענעראל קרעוועל, וועלכער איז דעמאלט געווען דער קאַמאנדיר אי־בער די מיליטערישע כוחות אין זאגלעמביער ראיאן, וועגן אן איינ־סטרוקטאר פארן „הכח". די מיליטערישע לייטונג האט דעלעגירט דעם פעלדפעבל דעקער, וועלכער האט זיך ספעציעל אויסגעלערנט די העברעאישע קאמאַנדע־שפּראך.

ס'האבן אבער דעם „הכח" נישט אויסגעמיטן קיין ארומרייסעניש, וועלכע זענען אנטשטאנען אויפן באדן פון דער שפראכן־פראגע, די צוגעהעריקייט צום וועלט־פארבאנד „מכבי" און די בלוי־ווייסע פאַן.

די דיסקוסיע אויף די אלגעמיינע פארזאמלונגען אין זאל „האר־מאניע" האבן אפגעהאלטן אין די יארן 1916/7־.

די אפאזיציע איז אנגעפירט געווארן דורך: סטוד. ח. פערעל, יעקב שווייצער, יחיאל קארנפעלד, בצלאל בערקאוויטש, סאלעק טראוב א"אנד.

אין יאר 1917 איז אנגענומען געווארן א קאמפראמיס־פארשלאג, וועלכער האט געלויטעט „די בלוי־ווייסע פאן ווערט נישט בא־טראכט ווערן אלס די נאציאנאלע פאן, נאר אלס פאן פון פאריין".

די אפאזיציע האט אויך אויף א שפעטערדיקער אלגעמיינער פאר־זאמלונג אויך פארלאנגט, אז ס'זאל באזייטיקט ווערן דער מגן דוד פון דער פאן, וואס די אלגעמיינע פארזאמלונג האט אָפּגעוואָרפן.

בנוגע דער „שפראכן־פראגע" איז אנגענומען געווארן אן „איי־זערנער־געזעץ", וועלכער באַרעכטיקט די שפראכן: „יידיש, העברע־איש און פויליש".

אחוץ גימנאסטיק איז אויך געווען טעטיק א ראווערן־סעקציע און א מוזיק־סעקציע. אין דעמאָלסטיקן ארקעסטער האבן אנטייל גענומען: יעקב ווינער, שבתי אנזלאוויטש, מענדל קאנער, נאטאן גוטמאן, דוד ערליך, הערמאן פשעראווסקי, פינקוס גאָלדמינץ, מאָטל ראטענבערג, יצחק מאלאך, סאלעק טראוב, ראמעק רעכטמאן א"אנד.

א לענגערע צייט איז דער אָרקעסטער אנגעפירט געווארן דורך סאלעק טראוב. שפעטער דורך די דיריגענטן: קאגאן און אקערמאן (א דייטשער קאפעלמייסטער). דער אָרקעסטער האָט אנטייל גענומען אין עטלעכע אויספלוגן, טורן־פעסטן און אויך אין א רייע עפנטלעכע קאנצערטן.

ס'איז אויך טעטיק געווען אן אייגענע קראנקן־קאסע, וועלכע איז געשאפן געווארן א דאנק דער איניציאַטיוו פון א. קאַקאָטעק־שלעזינגער.

אין אָקטאָבער 1918 ווערט אויך געשאפן א פוטבאל־סעקציע, וועלכע איז אויך געלייטעט געווארן דורך קאקאטעק־שלעזינגער. די פיאנערן פון יידישן פוטבאל אין בענדין זענען געווען: א. קאַקאָטעק־שלעזינגער, מאקס זמיגראד, יעזשי פירסטענבערג, וועניא באַיארסקי, ח. ח. שיוועק, אישעק בירנצווייג, מ. קארנפעלד, א"אנד.

אין יאר 1921 הויבט שוין אָן די פוטבאל־סעקציע ארויסצוטרעטן עפנטלעך. אין דעם זעלביקן יאר עפנט דער „הכח" דעם ערשטן אין בענדין פוטבאל־פּלאַץ, אויף שטשיביכעס פעלדער. דעמאלט האט שוין די פוטבאל־סעקציע פון „הכח" א נאמען און א סך „קיביצער". די ערשטע פוטבאל־מאנשאפט פון „הכח" איז באשטאנען פון פאלגנ־דיקע מיטגלידער: יוסף בראמא, יידל רעכניץ, מאַניעק בירנצווייג, בענדעט קארנפעלד, וואלף פראכטצווייג, גאלדמאן, מאניעק זמיג־ראַד, מאקס זמיגראַד, ח. ח. שיוועק, יידל שיוועק, מעלאך און יורא.

אין יאר 1924, אין צוזאמענהאנג מיטן 10 יאריקן יובילייט פון „הכח", ווערט אויך געפייערט די דערעפענונג פון נייעם ספארט־פלאץ (גוטמאנס פלאץ), וועלכער איז שוין פיל באקוועמער און אויך בעססער איינגעארדנט. צו די ארבעטן ביי אויפבויען דעם ספארט־פלאץ, איז ווערבירט געווארן א גרויסע צאל „הכח"־מיטגלי־דער.

אנגעפירט מיטן „הכח"" האבן צו יענער צייט: פרעזעס ש. פיר־סטענבערג, ד"ר רעכטשאפט, יעקב ליכטענשטיין, וויצעק שווייצער, ד"ר רעכטמאן, פנחס שטערנפעלד, פאדלינסקי, ח. באזשיקאווסקי, פ. בארענבלאט א"אנד.

די יארן 1926—1928 געהערן נישט צו דער גלאנץ־עפאכע פון „הכח". אַחוץ וואס די פוטבאל־מאנשאפט האט זיך אין יענער צייט דערוואָרבן די מייסטערשאפט אין טשענסטאכאווער־קרייז און א ביסל גימנאסטיק אין די אייגענע לאקאלן איז מער גארנישט געלייסטערט געווארן.

צו דעם שלעכטן מצב האט געגומען א סוף אין יאר 1929, ווען צו דער ארבעט איז צוגעטרעטן א גאנץ נייע פארוואלטונג, אין וועמענס שפיץ ס'האט זיך געפונען ד"ר רעכטמאן (פארזיצער), אברהם קראמאלאווסקי (וויצע־פארזיצער), שלמה ראזענבלום (סע־קרעטאר), משה העלבערג (קאסירער), די ברידער באזשיקאווסקי, צינע ווינער, פסח בארענבלאט, יעקב מאנטאג, משה פלעסנער די ברידער י. און מ. ליכטענשטיין, אברהם גאלד, משה לאסקער און אהרון זיסקינד. במשך פון א קורצע צייט האט די פארוואלטונג בא־וויזן צו סאנירן די פינאנסן און צו פארגרעסערן די צאל מיטגלידער פון 180 אויף 700.

די רייען פון די טורנער האבן זיך פילפאכיק פארגרעסערט אונ־טער דער ענערגישער לייטונג פון די ברידער באזשיקאווסקי. צו־ליב דער אומגעהויערער פרעקווענץ־פארגרעסערונג, הויבן אָן די זאלן פון „הכח" ענג צו ווערן פאר די גרויסע מאסן טורנער.

צו יענער צייט האבן ביים „הכח" עקזיסטירט פאלגנדיקע סעק־ציעס, וועלכע האבן אויסגעצייכנט פונקציאנירט:

די ראווערן־סעקציע געפינט זיך אונטער דער לייטונג פון צינע ווינער.

די פוטבאל־סעקציע פירט איר טעטיקייט אונטער דער אויפ־זיכט פון פ. בארענבלאט און די ברידער ליכטענשטיין.

מיט די סעקציעס: קויש־און האנטבאל, לייכטאטלעטיק פירן אָן: אינזש. טאדעק אינוואלד, משה פלעסנער און משה לאסקער.

אין דער שפיץ פון דער טעניס־סעקציע שטייט אברהם קראמאלאָוו־סקי.

מיט דער פינג־פּאָנג־סעקציע פירט אָן משה העלבערג.

די באָקסער־סעקציע ווערט געלייטעט דורך ארטור ווינער און אברהם ווראצלאווסקי.




מיט דער גליטשער־סעקציע פירן אָן יעקב ליכטענשטיין און יעקב מאנטאג.

א דאנק דער ענערגיע פון דער דעמלסטיקער פאַרוואַלטונג, וועלכע האט נישט פאַרנאַכלעסיקט קיין שום ספּאָרט־געביט און באמיט זיך וואס אמאל מער צו פאַרצווייגן איר טעטיקייט, איז אויך געשאַפן געוואָרן דער „הכח"־אָרקעסטער. צו דעם צוועק האָט די פאַרוואַלטונג אַסיגנירט 2000 גילדן, דער אָרקעסטער האָט זיך אין אָנפאַנג געפונען אונטער דער לייטונג פון אברהם קראָמאָלאָווסקי און שפּעטער ווערט ער אָנגעפירט דורך שלמה ראָזענבלום.
דער אָרקעסטער באַווייזט דורך א קורצע צייט צו מאכן ריזיקע פאָרשריט, און אין יאָר 1933 ווערט ער אויסגעקליבן דורכן וועלט־פאַרבאַנד „מכבי" אָנטייל צו נעמען אין דער ווינטער „מאַכאַביאַדע" אין זאַקאָפּאַנע, וועלכע האָט זיך אָגב זייער גוט איינגעגעבן.

דער אָרקעסטער געפינט זיך דעמאָלט אונטער דער לייטונג פון קאַפּעלמייסטער יצחק בארענבלאַט.

אין יאָר 1930 פייערט דער „הכח" זיין 15 יעריקן יוביליי, וועלכער איז געווען א רעוואָלאַציע פאַר אַלע אָנטיילנעמער, די פייערונגען האָבן געדויערט 3 טעג און זענען געווען פאַרזען מיט א פאַרשידנאַרטיקן פּראָגראַם.

צו דעם צוועק איז דערשינען א ספּעציעלע ביילאַגע צו דער „זאַגלעמביער צייטונג" וועלכע איז געווען געווידמעט דער 15 יעריקער טעטיקייט פון „הכח" און ווו ס'האָבן זיך באַטייליקט: פּרעזעס פירסטענבערג, ד"ר רעכטמאַן, ד"ר ערווין מעכנער (ביליץ), רעד. שמעון ראָטענבערג, יאַקוב ערליך, רעד. ש. לעווקאָוויטש, שלמה ראָזענבלום א"אַנד.

אַחוץ די פאַריינען פון זאַגלעמביע, האָבן אין די פייערונגען אָנטייל גענומען די „מכבי"־פאַריינען פון פאָלגנדיקע שטעט: לעמבערג, קראָקע, טשעשין, ביליץ, דזשעדזשיץ, קזשאַנוו, כאָזשוו, טשענסטאַכאָוו, אַלקוש, וויערושאָוו און אויך פון אַנדערע שטעט.

אויסער דעם זענען געווען פאַרטרעטן דעלעגאַטן פון די „מכבי"־פאַרבאַנדן: בערלין, וואַרשע, קראַקא און ביליץ.

דער „הכח" איז געווען פאַרטרעטן אויף ביידע „מכביאַדעס" אין ארץ ישראל דורך דעם טויערמאַן נתן נוסנבערג.

די פאַרוואַלטונג האָט מיט קליינע ענדערונגען, אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1933.

זייט יאָר 1933 הויבט זיך אָן צו מערקן א לאַנגזאַמע ירידה אין דער טעטיקייט פון „הכח". דער מצב פאַרערגערט זיך אויף אַזוי ווייט אַז אין אויגוסט 1936 איז דער „הכח" געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין לאָקאַל. דעם קריטישן קולמינאַציע־פּונקט דערגרייכט דער „הכח" אין ווינטער 1937, דעמאָלט דראָט דער געזעלשאַפט א פולשטענדיקן פונאַנדערפאַל.

ס'דאַרף גלייכצייטיק באַמערקט ווערן אַז טראָץ די פאַרשידענע שוועריקייטן, האָבן די פאַרוואַלטונגען אין די יאָרן 1937—1933 אַלץ געטון, אַז די טעטיקייט פון „הכח" זאָל נישט גענצלעך פאַראַליזירט ווערן, א דאַנק דעם האָבן א געוויסע צאָל סעקציעס ווייטער געפירט די אַרבעט און אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע מייסטערשאַפטן, ווו זיי האָבן דערגרייכט שיינע רעזולטאַטן און אפילו ערשטע פּלעצער.

דער אַנשטאַנענער קאַטאַסטראָפאַלער מצב האָט אָבער נישט צו רו געלאָזט די „געשוווירענע" „הכח"־טוער, וועלכע האָבן בשום אופן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַזאַ וויכטיקע אינסטיטוציע זאָל ליקווידירט ווערן. און דעריבער האָבן זיי אויף אַ באַראַטונג באַשלאָסן צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויף דעם 22־טן דעצעמבער 1937. אין דער פאַרזאַמלונג האָבן אָנטיילגענומען א פאָר הונדערט פּערזאָן, וועלכע האָבן באַשלאָסן, אַז דער „הכח" מוז אומבאַדינגט צוריק אויפגעלעבט ווערן.

ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן א סאַנירונגס־קאָמיטעט מיט ד"ר א. רעכטשאַפט אַלס פאָרזיצער, (וועלכער האָט הינטער זיך א 10 יעריקע „הכח"־טעטישקייט) אינזש. ט. אינוואַלד (וו. פאָרזיצער), מ. סערצאַזש (קאַסירער), ל. באַזשיקאָווסקא (סעקרעטאַרין), ה. הירש, פּ. בארענבלאַט, מ. פּלעסנער, ד"ר ס. לאַנדפיש און ר. לאַכמאַן.

די אויפגאַבע פון ניי־אויסגעוועלטן קאָמיטעט איז: געזונט צו מאַכן די פינאַנסיעלע פאַרהעלטנישן, צו ברענגען אין באַוועגונג אַלע סעקציעס און צו פאַרשאַפן פאַר דער געזעלשאַפט אַן אָנטשפּרעכנדיקן לאָקאַל.

בעת מיר פאַרענדיקן די שורות, אַרבעט דער קאָמיטעט זייער אינטענסיוו און ס'איז מעגלעך, אַז ווען די ווערטער וועלן דערגיין צום לעזער, וועט שוין דער „הכח" באַזיצן אַן אייגענעם לאָקאַל און אַ ספּאָרט־סטאַדיאָן.

# די יידישע דראמאטישע געזעלשאפט „מוזע"

I

## טעאַטער סעקציע.

די ייד. דראמ. געז. „מוזע" איז אייגנטלעך א המשך — מיט אַנדערע ווערטער — א נאכפאלגערין פון די פריערדיקע אזוי גערו־פענע „סצענישע אַמאַטאָרן־קרייז" אָדער „דראַמאַטישע סעקציעס", וועמענס אידיי ס'האט זיך מיט דער צייט וואס ווייטער אלץ מער אויסגעפורעמט און קריסטאליזירט אין א ברייטערן פארנעם און פארייניקט אונטער איין פאָן אירע בעסטע דראמאטישע כחות, שאפנדיק אַט די דאזיקע געזעלשאפט אונטערן נאָמען „מוזע".

איר התחלה גרייכט נאָך אין די יאָרן 1905. דעמאָלט איז דורך דער איניציאטיוו און אונטער דער אנפירונג פון הערשל שטאַטלער און אין יוסף קאלוזשינסקי געשאפן געווארן אן אמאטארן ־ קרייז, וועלכער האָט פון צייט צו צייט געשפילט טעאַטער. עס זענען צווישן אַנדערע אויסגעפירט געוואָרן: „דודס פידעלע" טשירקאָווס „יידן", פינסקיס „פאַמיליע צבי" און גאָרדינס „דער ווילדער מענטש".

אין יאר 1909 אָרגאַניזירט זיך אויפסניי א דראמאטישע סעקציע ביים דעמלסטיקן „הזמיר", וועלכע פירט אויף צווישן אַנדערע: „מזל טוב", „נאַר אַ דאָקטאָר", „צעזייט און צעשפרייט" פון שלום עליכם, ווי אויך גאָרדינס „דער יידישער קעניג ליר", „די אמתע קראַפט" און שלום אשס „מיטן שטראם".

אין די שפעטערדיקע יארן ווערן אונטער דער אנפירונג פון ה. שטאטלער, ווי אויך פון וואלף רעכניץ — נאך געשפילט: „דער קרבן", „תלמיד חכם", „מאטיע מלך דער סטאליאר", „געברידער לוריע", „קרייצער סאָנאַטע", „נבלה", „תקיעת־כף", „דער פאָ־טער", „די יורשים", „דאָס ווילנער בעל־הביתל" (רעזשי: אַרטיסט קאַן) און א גאנצע ריי איינאַקטערס.

שוין אין דער צייט פון דער אקופאציע דערוועקט זיך ביי די אמאטארן דער געדאנק צו שאפן א פעסטן דראמאטישן פאריין, וואס זאָל פאראייניקן אלע כחות פון פארשידענע סעקציעס און קרייזן. ס'איז דעמאלט אויסגעארבעט געווארן א סטאטוט פארן דאזיקן פאַ־ריין, וועלכער איז אריינגעטראגן געווארן צו דער אָקופּאַציע־מאַכט מיט דער ווענדונג וועגן אַ לעגאליזאציע. די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָבער די דאזיקע ווענדונג אָפּגעוואָרפן מיטן אויסרייד, אז ס'עקזי־סטירט שוין אַזאַ פאריין אין בענדין אונטערן נאָמען „הזמיר". די איניציאטאָרן האבן זיך אָבער פון דעם געדאנק נישט מייאש געווען און האבן ווייטער אלץ געטון, כדי צו פארווירקלעכן די אויסגע־טרוימטע אידיי — נישט קוקנדיק אויף אַלע מניעות און שטערונ־גען, וואס זיי האָבן אין יענער צייט געהאט צו באקעמפן.

אין עטלעכע יאר שפעטער (1920), קומט פאר אַ באַראַטונג פון א גרופּע אמאטארן אין די פערזאנען פון: הערשל שטאטלער, מאיר וויינשטאַק, עובדיה בלומענפרוכט, וואָלף רעכניץ, מענדל קאַנער, חיים דוד ברוינער, הערשל וועקסעלמאַן, הערשל לעבער א"אנד., וועלכע טראגן אויפסניי אריין א סטאטוט צו דער דעמאלסטי־



דער דראמ.־קרייז מיטן באַרימטן רעזשיסער דוד הערמאַן (×). עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: קאַמינסקי מ. וו., לאַסקער י., וועקסעלמאַן ה., בערקאָוויטש, מיעדזשינסקי ע., בלומענפרוכט, קאָנער, ראַטענבערג, וויינשטאַק. עס זיצען: האַמפעל, שינטאַל ח., מעלניק, הערמאַן דוד, פּאַטאַשינסקי, שטאַטלער, 3 פרויען, 2 שוועסטער מעלניק אין פּאַטאַק.

האגודה הדרמטית „מוזה" עם הבמאי דוד הרמן (×).

קער בענדינער סטאראָסטווע, מיט דער ווענדונג צו לעגאליזירן אין אונזער שטאָט א פאריין א. נ. „ליבהאָבער־פאריין פון דער יידישער סצענישער קונסט „מוזע" אין בענדין" (מיטן רעכט צו גרינדן אָפטיילונגען אין גאנץ זאגלעמביע).

דעם 7־טן מאי 1921 קומט פאָר אין לאָקאל פון פאריין „הכח" אין בענדין, די אָפיציעלע גרינדונגס־פארזאמלונג פון דער „מוזע". אויף דער דאָזיקער פארזאמלונג איז צווישן אנדערע געוואָרן אויסגעוועלט א נייע פארוואלטונג וועלכע איז באשטאנען פון די פאָלגנדע פערזאָנען: ה. שטאטלער — אלס פאָרזיצענדער, א. וויינשטאָק, ה. וועקסעלמאן, וו. רעכניץ, ע. בלומענפרוכט, ה. לעבער, ה. וו. קאַמינסקי, ישראל לאסקער, מ. קאנער און מ. ב. ראטענבערג, די נייע פארוואלטונג פארברייטערט איר טעטיקייט אין לאדענט איין א גאנצע רייע רעזשיסערן, ווי דוד הערמאן, מרק ארנשטיין א.א.

עס ווערט דאן געשאפן ביי דער „מוזע" א דראמאטישע סטודיע, ווי נאָך א קורצע צייט קומט פון דאָרט אַרויס נייע און יינגע כוחות, וועלכע ברענגען אריין א שטארקע אויפלעבונג אין דער דראמאטישע געזעלשאפט. דאָס זענען געווען, חנה שענטאל (ישראל) נחום מעלניק אין משה פאטאשינסקי (אלע ביידע אין דרום אמעריקע) און נאָך אַנדערע אין די יאָרן 1922—25 ווערט דורך די „מוזע" אויסגעפירט א גאנצע רייע פון ליטערארישע פיעסעס, ווי צ.ב. פּרצ׳ס — „ביינאכט אויפן אלטן מארק", אנסקיס — „דיבוק" נונבערגס — „די משפחה", אונטער די רעזשי פון דוד הערמאן, דאן הירשביינס — „דער דאָרפס יונג", שלום עליכם׳ס — „דאָס גרויסע געווינס".

די אלע פיעסעס זענען געוואָרן געשפילט ביי פול געפאקטע זאלן מיט גרויס דערפאָלג נישט נאָר אין בענדין נאָר אויך אין גאנץ זאגלעמביע. ווי אויך אין קילצער און אין טשענסטאָכאָווער קרייז.

אין יאָר 1925 ווערט אנגאזשירט דורך דער „מוזע" דער טאלאנטפולער ארטיסט, ח. לעווינשטיין, אלס שטענדיקער רעזשיסער אין דראמאטישער לייטער, אונטער זיין רעזשי ווערן אויסגעפירט א גאנצע רייע ליטערארישע פיעסן פון יידישע שרייבער ווי אויך פון דער אייראָפּעאישע ליטעראטור.

דער דראמאטישער קרייז האָט אויך געגעבן א גאנצע רייע וואָרט־קאָנצערטן ווי עס האָבן אַנטיילגענומען די ארטיסטן: גראָסבארט און מארעווסקי פון ווארשע, און ח. לעווינשטיין, מעלניק פאַטאשינסקי פון דער „מוזע" וועלכע זענען געוואָרן שטארק באזוכט. באזונדער איז ווערט צו דערמאָנען די ליטערארישע אָוונטן וואָס די „מוזע" האָט איינגעאָרדנט מיטן אנטייל פון די דיכטער, בראָדערזאן, קצנעלסאן, פּרץ מארקיש, מארעווסקי און אנדערע.

## II
## כאָר סעקציע

אין דער זעלבער צייט ווערט ביי „מוזע" אָרגאניזירט א כאָר, וועלכער ווערט אנגעפירט אונטער דער לייטונג פון וו. רעכניץ, וועלכער הויבט אָן אירע עפנטלעכע מוזיק־קאָנצערטן אין די חדשים פון יאָר 1924, איז באלד באקאנט געוואָרן אין די ברייטע קרייזן פון דער אָרטיקער יוגנט. אין אַ גאָר קורצער צייט, באווייזט זיך א ברייטער צופלוס פון פעיקע זינגער און דאס מאכט רייף דעם געדאנק צו צעמענטירן אָן אָרגאניזאציע אינטער דער אָנפירונג פון אַ פאראנטוואָרטלעכן און פאכמענישן מוזיק־לייטער.

דעם אמט אלס ערשטער פאקטישער דיריגענט פונם „מוזע"־כאר האָט פארנומען דער מוזיק־פּראָפעסאָר צ. בינשטיין און דאס איז גורם, אז די באציונג צו דער אונטערגענומענער ארבעט ווערט אָן ערנסטע. דער ערשטער אויפטריט, וואס איז פארגעקומען דעם 12־טן דעצעמבער 1924 איז געווען א קולטור־יום טוב אין שטאָט און דער גרויסער עולם אפלאדירט ווי אמווארעמסטן די זינגער.

בעתן דאָזיקן אויפטריט ווערן אויסגעפירט די שאפונגען פון בעטהאָווען, מענדעלסאָן און א רייע יידישע פאָלקס־לידער.



די כאָר מיטגלידער פון „מוזע" כאָר. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: פערשטענפעלד, אָפּענהיים, ראָטענבערג, רעחניץ, זאַובערמאַן, גוטמאַן, פרידלער. עס זיצען. לאַסקער, פלעסנער, גאָלדקאָרן, פרידלער, דונקעלמאַן, שפירא, מעלניק.

חבֿרי המקהלה ליד אגודת „מוזה".

אָרגאַניזירט דעם כאָר און אַ סך מי געשענקט פאַר דער דאָזיקער אינסטיטוציע האָבן די „מוזע" מיטגלידער: פּנחס לובלינג, הערש אלימלך מאָנשיין, לייביש קאַנער, יידל ראָטענבערג און חנה שיינטאַל.

דער נישט פאַראויסגעזעענער צופאַל, וואָס דער פּראָפעסאָר בינשטיין האָט פאַרלאָזט פּוילן, ברענגט אַן איבערברוך אין דער אַרבעט און איבערייסט אַ באמת שיין בלעטל געשיכטע אין דער „מוזע".

אין יאָר 1932 טרעפן זיך ווידער צונויף די אויבן דערמאָנטע „מוזע"־מיטגלידער און ביי דער מיטווירקונג פון דעם פידל־קינסטלער שמואל גאָלד, מענדל קאַנער און לייבל קאָרנפעלד ווערט באַשלאָסן אויפצולעבן די כאָר־אינסטיטוציע. אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן ווערט דער כאָר אויפסניי רעאָרגאַניזירט און ס'ווערט אַנגאַזשירט צו דער לייטונג פּראָפ. ק. באָראָווקאַ.

דער כאָר האָט זיך אין דער צייט געפונען קוואַליטאַטיוו אויף אַ זייער הויכער מדרגה און עס ווערט באַשלאָסן צו געבן די כאָר־אַנגעהעריקע אַן אַלזייטיקע מוזיקאַלישע אויסבילדונג.

די קאָנצערטן וואָס דער כאָר האָט געגעבן, זענען געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכן ניוואָ, וואָס אפילו מבינים האָבן אונטערגעשטראָכן. עס זענען אויסגעפירט געוואָרן די בעסטע שאַפונגען פון דער פּוילישער און דייטשער מוזיק־ליטעראַטור, ווי אויך יידישע פאָלקסלידער, נאָך אַ געוויסער לאַנגער הפסקה, זענען ווידער געהערט געוואָרן אין אַ פּרעכטיקער אויספירונג דורך הונדערטער מוזיק־ליבהאָבער די שענסטע געזאַנגען.

די דאָזיקע אַרבעט וועלכע — לויט די אינטענצן פון אַ טייל פון די גרינדער — האָט געזאָלט זיין אַן אָנהויב, אַ יסוד פאַר אַ מוזיקאַלישער אינסטיטוציע פון אַ ברייטן פאַרנעם (אין וועלכער זאָגלעמביע נויטיקט זיך גאָר שטאַרק), איז פּלוצלינג געלייזט געוואָרן דורך אַ גרופּע „אומצופרידענע", וועלכע האָבן אַן אַ ספּעציעלן „פּאַרוואָס" צוגעפירט צו אַן אַרויסטריט פון אַ געוויסער צאָל כאָריסטן. דאָס האָט אָבער נישט גורם געווען צו קיין גרויסן איבערברוך, און די אַרבעט איז — כאָטש מיט אָפּגעשוואַכטע כוחות ווייטער געפירט געוואָרן.

אין דער צייט ווערט אַריינגעצויגן צו דער אַקטיווער מיטאַרבעט מענדל קאַנער, וועלכער איז שוין באַקאַנט געווען ביים עולם אַ דאַנק זיינע געלונגענע מוזיק־אילוסטראַציעס צו אַ רייע פאָרשטעלונגען, וואָס די טעאַטער־סעקציע ביי דער „מוזע" האָט אויסגעפירט.

אין די ווייטערדיקע קאָנצערטן פירט אויף דער כאָר מיט דערפאָלג זיינע שאַפונגען: „שטאַרקער פון אַ חלום" (טעקסט קליינער). „היי איר יאַטן" אין 4 שטימען (טעקסט פלאַם) און די סאָלאָ־געזאַנגען: „צוויי הערצער", „נעבן אַ בוימל" (קליינער) און „דעם אַוואַנגאַרד" (טעקסט בראָניעווסקי, יידיש שניידערמאַן).

פאַרשידענע אויסערלעכע סיבות האָבן גורם געווען, אַז די טעטיקייט איז ווידער איבערגעריסן געוואָרן. אָבער דאָך דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די אָפּגעטוענע אַרבעט האָט דערוועקט ביי אַ ברייטן עולם אַ געהעריקע פאַרשטענדניש פאַר מוזיק, פאַרן יידישן פאָלקס־ליד, וואָס פריער איז עס געווען אַ פרעמדער ענין, און אַלס פּעל יוצא ווערט די כאָר־אַרבעט ווידער באַנייט.

## ל. גאָלדשטיין / דער „הזמיר"

נאָכן דערשטיקן די רוסישע רעוואָלוציע פון די יאָרן 1905/6, ווען די צאַרישע מאַכט האָט מיט די שרעקלעכסטע רעפּרעסיעס אוממעגלעך געמאַכט יעדע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, האָט אַ גרופּע יוגנט, וואָס איז פריער טעטיק געווען אין פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען, געזוכט אַ וועג ווי אַזוי עפּעס צו שאַפן כאָטש אויפן ריינעם קולטור־געביט. צו דעם צוועק האָבן פּאָלגנדיקע יונגעלייט : יעקב קריגשטיין, הערשל שטראַכליץ, קאָפּל אָפּענהיים, ראובן סאַנטשעוו, איזידאָר לעווינסקי א"אַנד געגרינדעט אין יאָר 1907, אַ מוזיקאַליש־ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפט אַ. נ. „הזמיר", לויטן מוסטער פון די ענלעכע געזעלשאַפטן אין וואַרשע און לאָדזש. אָפיציעל איז דער ציל פון „הזמיר" געווען צו וועקן דעם חשק פון דער יידישער יוגנט צו מוזיק, ליטעראַטור און טעאַטער, פּאַקטיש אָבער, איז ער אויסער דעם אויך געווען דער גייסטיקער צענטער, אַרום וועלכן ס'האָט זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע יידיש נאַציאָנאַלע און אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ אין דעמאָלסטיקן בענדין.

מיט אוממגעהויערע מאַטעריעלע און אָרגאַניזאַטאָרישע אָנשטרענגונגען, איז די אויבן דערמאָנטע יונגעלייט קודם כל געלונגען צו שאַפן אַ מוזיקאַלישע־סעקציע, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטן פּראָבן 2—3 אין דער וואָך אין זאַל „האַרמאַניע" אויף דער סלאָווויאַנסקאַגאַס (היינט מאַלאַכאָווסקי). ביים שאַפן און פירן דעם אָרקעסטער האָבן פיל מיטגעהאָלפן די מוזיקער פאַמיליעס: לוסטיק און בארענבלאַט, וועלכע האָבן במשך פון אַ יאָר צייט, נאָך פאַר דער לעגאַליזאַציע, אָנגעפירט מיט דעם אַמאַטאָרן־אָרקעסטער אָן שום באַלוינונג, הגם דאָס זענען געווען פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער.

היות ביים אַדורכפירן די לעגאַליזאַציע־פאָרמאַליטעטן זענען נויטיק געווען פּאָליטיש־ריקע און פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, האָט זיך די יוגנט באַמיט אַריינצוציען אין דער אַרבעט דעם עלטערן דור אינטעליגענטן. טראָץ די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון דער דעמאָלסטיקער בירגערלעכער יידישער אינטעליגענץ, איז דאָך געלונגען צו געווינען פאַר דעם ענין די מער נאַציאָנאַל געשטימטע יחידים, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען: דער פּאָפּולערער העברעאישער לערער יעבץ, מאיר שוואַרץ, יאַקוב שטאַטלער, אלעזר רורבינליכט, י. רעגירער, ש. שעפּטל א"אַנד. די דאָזיקע פּערזאָנען האָבן פיגורירט אַלס די „פאָרמעלע" גרינדער פון „הזמיר" לגבי דער רוסישער מאַכט

ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט, האָט זיך די אַרבעט פאַר דער לעגאַליזאַציע באַגרענעצט בלויז מיטן אָרקעסטער, און הגם די רעזולטאַטן אויף דעם געביט זענען געווען זייער שיינע, האָט מען אָבער

דאך נאָכנישט געקאנט זיך ווייזן פאר דער עפנטלעכקייט. די אמת־דיקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט הויבט זיך ערשט אָן נאָכן באַקומען די לעגאַליזאַציע, וואס האָט געדויערט העכער א יאר צייט און אפּגעקאָסט א סך געלט אין דער פּיעטריקאָווער גובערניע. נאך דעם איז מיט א גרויסער פּאמפּע אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע אלגעמיינע פארזאמלונג. ס'איז איינגעלאַדנט געווארן דער דעמאלט באַרימטער חזן, קאמפּאזיטאר און שריפטשטעלער, גרינדער און לייטער פון דער חזנים שול אין טשענסטאָכאָוו (די ערשטע און איינציקער אין געוו. קאנגרעס־פוילן) בירענבוים, וועלכער האט געהאַלטן א שיינעם פאַרטראַג, און דער ארקעסטער האט אויסגעפירט א רייע מוזיקאלישע שאפונגען. זייט דעמאלט, ד. ה. זייט דעם יאר 1908, דאטירט זיך די אפיציעלע גרינדונג פון „הזמיר". ס'איז כדאי צו דערמאנען, אז ביז צו דער אלגעמיינער פארזאמלונג זענען כמעט אלע אויסגאבן, וואס האבן געהאט א שייכות מיטן „הזמיר", געדעקט געווארן דורך יעקב קריגשטיין, הערשל שטראכליץ, קאפל אפּנהיים און ראובן סאנטשעוו.

צוליב דעם, וואס אויף דער אלגעמיינער פארזאמלונג זענען אין דער פארוואלטונג אויסגעוויילט געווארן די אנגעזעענסטע און פארמעגלעכסטע מענטשן פון אונזער שטאט, איז דער דערפאלג און עקזיסטענץ פון „הזמיר" פון פריעראויס געווען א געזיכערטע.

אלס פארזיצער איז געוויילט געווארן דער חשובער בירגער אין געוו. דאָזאָר חיים דוד ראָזענבלום, וועלכער האָט געשאַנקען דעם „הזמיר" א נייע, ערשטקלאסיקע פּוסהארמאָניע — וויצע־פאַרזיצער איז געווען איזידאר סערצאזש (שפּעטערדיקער ערן־פארזיצער פון בענדינער עספּעראַנטיסטן פאריין). ווייטער זענען אין דער ערשטער פארוואלטונג געוויילט געווארן סאלאָמאָן גוטמאן (סעקרעטאר), וואס איז געווען דער טעטיקסטער און אפּפערוויליקסטער פארוואלטונגס־מיטגליד. ער האָט אין זיין אייגן הויז אומזיסט אָפּגעגעבן אַ גרויסן לאָקאל, וואס איז באַשטאַנען פון אייניקע צימערן, א חוץ דעם האט ער נאך געשפּענדעט גרעסערע געלד־סומעס און געקויפט אייניקע אינסטרומענטן פארן ארקעסטער. מען קאָן מיט רעכט זאָגן, אז סאלאמאן גוטמאן איז געווען די נשמה פון „הזמיר", ער איז — טראָץ זיינע גרויסע געשעפטן — שטענדיק גרייט געווען, אויף יעדן רוף, צום דינסט לטובת דער אינסטיטוציע.

עס זענען נאך אריין אין דער פארוואלטונג: ש. אבראמסאן, איינער פון די אינטעליגענטסטע מענטשן אין דעמאלסטיקן בענדין, איזאק סערצאזש ל. רובינליכט (קאסירער) וועלכער האט אויך שפּעטער פיל מיטגעווירקט ביים אויפהאלטן דעם „הזמיר", יעבץ, א. פּערלמוטער, מאיר שווארץ, י. רעגירער, יאקוב שטאַטלער, ש. שעפּטל א"אנד.

אַלס ערשטער דיריגענט איז אנגאזשירט געווארן דער מיליטערישער קאפּעלמייסטער קלעביאנסקי, וועלכער האט אנגעפירט מיטן ארקעסטער און כאר. די בעסטע קרעפטן אין ארקעסטער זענען געוועזן: רובינזאָן, ה. גאָלדצווייג, מרדכי רעכניץ, א. פּטאשניק, וואָלף רעכניץ, פ. ווערדיגער, ק. האמבורגער, וואַידיסלאַווסקי, ק. הענדלער, בוכמאן, ה. ביאלקא, ד. ערליך און פיל אנדערע. אין כאָר זענען אויפן ערשטן פּלאַץ געשטאנען: די פרוי פּערלמוטער. די פריילנס: וודאָווינסקאַ, פּרעגער, אַנדזשע פּלעסנער, אַנדזשע גוטמאַן, די שוועסטערן: רחל, איטע און נאַדזשע פּערשטענפעלד א"אנד. פון די מענער האָבן זיך אויסגעצייכנט: ה. שטראַכליץ, ל. גאָלדשטיין, ב. סאלאמאנאוויטש, פּערלמוטער, קויפמאן, א. לאָכמאן, מ. ווערדיגער, ל. לעמקאָוויטש א"אנד.

איצט איז די הויפּט אויפגאבע פון „הזמיר" געווען צו פאראייניקן אלע יוגנטלעכע און עלטערע עלעמענטן ארום דער אויפלעבונג פון דער יידישער קולטור־נאַציאָנאַלער ארבעט. צוליב דעם האבן די גרינדער זיך באמיט, אז דער ערשטער קאנצערט זאל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ אמתן יידישן יום טוב, וואס איז אַבסאָלוט געלונגען. דער קאָנצערט איז פארגעקומען אין צוזאמענהאנג מיט א פורים־באַל. אין פראגראם האבן זיך געפונען העברעאישע און יידישע נאַציאָנאַלע לידער פארן כאר מיט אָרקעסטער באגלייטונג, סאָלאָ־גע־



די פאַרוואַלטונג און גרופּע „הזמיר" מיטגלידער מיט שלום עליכמען אין יאר 1913. עס שטייען פון רעכטס: ד. בוים, רעדאַקטאָר שפּיגעלמאַן, י. קריגשטיין, שלום עליכמ'ס סעק. דער שרייבער אויערבאַך, די פרוי פון שלום עליכם, דער שרייבער י. ב. זאַיאנץ, א. ליוּוער ל. גאָלדשטיין, י. וויגאַדזשקי. עס זיצען: מאַטל טענענבוים, ל. בלומענפרעכט, פרוי סערצאַזש, א. סערצאַזש, שלום־עליכם, ד. מ. ראַטנער, מ. פאַטאַש, נייפעלד. גאַנץ אונטן: מ. גאָלד, ה. ביאַלקאַ, מרים טענענבוים.

הנהלת „הזמיר" וקבוצת חבריה עם שלום עליכם.

זאַנגען און אַ סצענישע אויפפירונג „מזל־טוב" פון שלום עליכם. דער דערפאלג פונם קאנצערט און פון דער פארשטעלונג האט איבער־געשטיגן יעדע דערווארטונג.

נאָכן ערשטן קאָנצערט (1909) זענען אנטשטאנען פארשידע־נע סכסוכים צווישן דער פארוואלטונג — אין וועמנס שפיץ ס'איז דעמאלט געשטאנען סאלאמאן גוטמאן — און דעם דיריגענט קלע־באַינסקי, וועלכער איז ווירקלעך געווען מער מומחה אויפן אינ־סטרומענטאלן געביט ווי אויפן וואָקאלן. אַחוץ דעם איז דעם די־ריגענט מיטן „צאריש־מיליטערישן" אוניפארם נישט געלונגען צו געווונען די סימפאטיע פון די כאר און אָרקעסטער־מיטגלידער. אלס פועל יוצא, איז קלעבאינסקי אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין פאסטן און אויף זיין ארט איז אנגאזשירט געווארן א יונגער פעיקער מוזיקער לעאָן קאָפּף, וועלכער האָט דאן נאר וואס געהאט געענדיקט זיין מוזיקאלישע סטודיע אין אויסלאנד.

די צייט פון לעאן קאפף געהערט צו די גלאנץ־עפאכע פון „הזמיר", דעמאלט האט די אינסטיטוציע דערגרייכט דעם גרעסטן אויפשווונג און איז מוזיקאליש געשטאַנען אויפן העכסטן ניוואָ. דער „הזמיר„ האָט אין יענעם פעריאָד אנגעהערט צו די ערשטע מוזיק־געזעל־שאפטן אין פוילן.

דער כאר איז רעארגאניזירט געוואַרן, און צו דעם צוועק האט לעאן קאָפּף אויסגעזוכט צווישן די מאסן און ארבעטנדיקע אינטע־ליגענץ די פעיקסטע מענטשן, וואס דאס יידישע בענדין האט דאן פאַרמאגט. און ווען קאָפּף איז אין א צייט ארום עפנטלעך ארויס־געטרעטן מיט א קאנצערט, ווו ר'האט מייסטנס מיט אן אומגעשולטן מאטעריאל אויסגעפירט די שווערסטע קאָמפּאָזיציעס פון הענדעל, לעוואנדאווסקי, מייערבער, מענדעלסאן א"אנד., איז דאס געווען אַ געוואדליקע איבערראשונג. דער כאר וואס איז באשטאנען פון 49 פער־זאן, פרויען און מענער, האָט אונטער דער לייטונג פון לעאן קאפף וווּנדערבאר געזונגען און אנטציקט די צוהערער.

די פאפולאריטעט פון דער בענדינער מוזיק־אינסטיטוציע איז אזוי שטארק געוואקסן, אז נאָך אייניקע קאנצערטן איז דער כאָר מיטן אָרקעסטער, וועלכע האָבן שוין דאן געציילט אן ערך פון 130 מיטגלידער, איינגעלאדעט געווארן קיין קאטאָוויץ, וואָס איז דאן געווען איינע פון די באדייטנדיקסטע דייטשע גרענעץ־שטעט און האָט פארמאָגט א גרויסע יידיש־דייטשע אינטעליגענץ. דער קאָנ־צערט איז אדורך מיט א ריזיקן דערפאלג. די העברעאישע און יידישע פאלקס־לידער האבן הארמאניש געקלונגען אין דער דעמאלס־טיקער קאטאוויצער „רייכס־האללע". אויפן קאָנצערט זענען אויך ארויסטרעטן די סאליסטן: נ. קויפמאן (טענאר), וועלכער האט גע־זונגען „זאמד און שטערן" פון ש. פרוג — און ל. גאָלדשטיין וואס האט געזונגען, דאס דעמאלט אזוי פאפולערע פאלקס־ליד „א ברי־וועלע דער מאמן", מיט א ספעציעל דערצו פארפאסטן אקאָמפּאניא־מענט פון לעאן קאפף.

אין יענער צייט האָט אויך די דראמאטישע סעקציע אָנגעהויבן אן אינטענסיווע טעטיקייט. די סעקציע, וואס איז דאן באשטאנען פון די שוועסטערן: רחל, איטע און נאדזשע פערשטענפעלד, פרי־מעט לוסטיק, אסתר אסט, הערשל שטראכליץ, הערשל שטאטלער, וואלף רעכניץ, מאיר צימבערקנאפּ, ל. גאלדשטיין, פסח בארענבלאט, דוד פינקוס א"אנד. האט אויסגעפירט א ריי פיעסן ווי: „צעזייט און צעשפרייט" פון שלום עליכם, „מיטן שטראם" פון שלום אש, „קעניג



אַ גרופּע גרינדער און אקטיווע „הזמיר" טוער. עס זיצן פון רעכטס: בוכמאַן, י. לעווינסקי, דיריגענט לעאָן קאַמף, ל. גאָלדשטיין, י. קריגשטיין. שטייען פון רעכטס: ק. האַמבורגער, ק. אָפּענהיים, ש. וואידיסלאַווסקי, ה. שטראָכליץ.

קבוצה של מייסדי „הזמיר" וחברים פעילים.

ליד״ פון י. גאָרדין. „תלמיד חכם״, „משה חייט״ א״אנד. אויסער דעם איז אויך אויסגעפירט געוואָרן — אונטער דער רעזשי פון טאלענטפולן אקטיאָר און רעזשיסער שידלאָווער — גאָרדינס פיעסע „די אמתע קראפט״.

צום סוף פונם יאָר 1910 האָט, אלס גאסט פון „הזמיר״, געוויילט אין בענדין דער דיכטער אברהם רייזין, וועלכער האָט אנטייל גענומען אין א קינסטלער אָוונט, געווידמעט לכבוד אים. רייזין האָט רעציטירט א רייע אייגענע שאפונגען, און אַחוץ דעם איז אויסגעפירט געוואָרן דורך דער דראם.־סעקציע „מיטן שטראָם״ פון שלום אש. סאיז כדי צו באמערקן, אז אייניקע „הזמיר״־מיטגלידער האָבן פארשאפט רייזינען א פּאס. א דאנק וואָס ס׳איז אים געלונגען גלייך פון דאנען אפּצופאָרן קיין אמעריקע.

דער גלאנץ פעריאָד פון „הזמיר„ האָט געדויערט ביזן סוף פון יאָר 1912. זייט דעמאָלט הויבט זיך אָן די ירידה פון דער מוזיקאַליש־דראמאטישער סעקציע. די סיבה דערפון איז געווען: די פארנאכלעסיקונג מצד דער יידישער קולטור־אינסטיטוציע אין אונזער שטאָט וואָס האָט גורם געווען, אז צוליב פינאנסיעלע שוועריקייטן איז לעאָן קאָפּף אוועק פון „הזמיר״. מיט גרויסע אנשטרענגונגען און מי איז געלונגען צו אנגאַזשירן דעם בארימטן קאָמפּאָזיטאָר און מוזיקער מתתיהו בענסמאן, וועלכער האָט איבערגענומען די ליי־טונג.

אָבער פאר בענסמאנען, וועלכער האָט דעמאָלס געהערט צו די באדייטנדיקסטע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, איז דער „הזמיר״ געווען אַ צו קליין ארבעטס־פעלד, ווו ר׳האָט זיך נישט געקאָנט מוזיקאַליש אויסלעבן. אויסער דעם האָבן נאָך די פינאנסיעלע שוועריקייטן מיטגעווירקט דערצו, אז נאָך אייניקע קאָנצערטן, געווידמעט דער יידישער פאָלקס־מוזיק און עטלעכע טעאַטער פארשטעלונגען (אויך אונטער בענסמאנס רעזשי) און נאָך אייניקע וואָכן פּראָבן פון ווערדיס אָפּערע „טראַוויאַטאַ״ אויף יידיש (וואָס בענסמאן האָט אַליין איבערגעזעצט און איבערדיכטעט), האָט דער גרויסער מוזיקער געמוזט פארלאָזן בענדין.

צוליב בענסמאנס אָפּפאָר הויבן אָן אייניציקווייז פאלן די לייסטונגען פון דער מוזיקאַליש־דראמאטישער סעקציע און ס׳ווערט געלייגט מער אכט אויף דער ליטעראַרישער טעטיקייט.

צום סוף פונם יאָר 1912 טרעפט מען אין דער „הזמיר„־פארוואַלטונג פאָלגנדיקע מיטגלידער:

סאלאָמאָן גוטמן (פּאָרזיצער), שלמה אבראַמסאָן (וו. פּאָרזיצער), ל. רובינליכט (קאסירער), ש. שעפטל (סעקרעטאַר), ק. אָפּנהיים, איזאַק סערצאַזש, ש. זשמודזקי, י. שטאַטלער, י. וויגאַדזקי און רעד. ל. שפּיגעלמאַן.

אין יענער צייט איז געלייגט געוואָרן דער פונדאמענט פון אַ מאָדערנער יידישער ביבליאָטעק אין בענדין. ס׳האָט זיך אנגעהויבן א זאמלונג פון ביכער, ביי וועלכער ס׳האָט פיל געלייסטעט מ. אראַנאָוויטש.

גרויסע פארדינסטן פאר דער ביבליאָטעק, אין אנפאנג פון דער אנטשטייונג, האָט אויך געהאַט ד. מ. ראַטנער, וועלכער האָט פיל מיטגעווירקט לטובת איר אנטוויקלונג און זי אויך מאַטעריעל שטאַרק געשטיצט.

ווייטער האָבן זייער אקטיוו מיטגעארבעט: מאָטל גאָלד, אַלטער טענענבוים, יידל קריגשטיין און מרים טענענבוים, וועלכע איז געווען פארוואַלטונגס־מיטגלידערין און געארבעט אלס ביבליאָטעקאַרין מיט גרויס איבערגעגעבנקייט זייט דעם יאָר 1913 ביז 1920.

דעם 20־טן דעצעמבער 1913 איז פארגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פון דער „הזמיר״־ביבליאָטעק, צו וועלכער ס׳איז ספּעציעל איינגעלאַדנט געוואָרן י. ל. פּרץ. דער גרויסער דיכטער האָט דאָן געהאַלטן א רעפעראַט, און אין אָוונט איז לכבוד דעם בארימטן גאַסט איינגעאָרדנט געוואָרן א פייערלעכער באַנקעט, וואָס איז פארוואַנדלט געוואָרן אין אַ דעמאָנסטראַציע פאר דער יידישער ליטעראַטור.

נאָענט פאר דער וועלט־מלחמה איז אויך שלום־עליכם — בעת זיין רייזע קיין אמעריקע — געווען דער גאַסט פון „הזמיר„. דער באַליבטער שריפטשטעלער האָט דאָן געלייענט פארשידענע פראַגמענטן פון זיינע ווערק און דערקוויקט די הונדערטער צוהערער מיט זיין שפּרודלדיקן הומאָר.

ביים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז די ארבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן. ערשט אין יאָר 1915 הויבט דער „הזמיר״ אָן אויפסניי צו פירן א קולטור־טעטיקייט. די ביבליאָטעק ווערט צוריק געעפנט און ס׳ווערן איינגעאָרדנט אָפטע פארלעזונגען און ליטעראַרישע שמועסן. אלס רעפערענטן זענען געווען טעטיק צווישן אנדערע: מ. אראָנאָוויטש, ד״ר ש. וויינציהער, י. פּסחסאָן, מ. מערקין (סאָסנאָוויץ). אויסער דעם זענען אראָפּגעבראַכט געוואָרן א גאַנצע רייע רעפערענטן פון דער פרעמד.

אין די ווייטערדיקע יאָרן מוז זיך דער „הזמיר״, צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטן, באַגרענעצן בלויז מיט דער טעטיקייט אין דער ביבליאָטעק, מיט וועלכער ס׳אינטערעסירן זיך דער עיקר י. פּסחסאָן, מ. גאָלד, י. פריילין, ע. קאָוואַלסקי, ב. גרויבאַרט, ד״ר ח. פּערעל, מ. קאַמינסקי און נטע בראַדקעוויטש. דער לעצטער האָט ספּעציעלע פארדינסטן לטובת דער ביבליאָטעק, ווייל ער איז גלייכצייטיק טעטיק, זייט דעם יאָר 1930 ביזן היינטיקן טאָג, אלס ביבליאָטעקאַר, קאַסירער און פאַרוואַלטער (נאַטירלעך אָן שום באַלוינונג).

לויט דער אויפפאָדערונג פון דער בענדינער אויפזיכט־מאַכט פון 30־טן דעצעמבער 1936 מוז זיך די געזעלשאַפט „הזמיר״ ליקווידירן, און אויב די ביבליאָטעק וויל ווייטער עקזיסטירן מוז זי לאָזן לעגאַליזירן נייע סטאַטוטן, וועלכע זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו די פאַראָרדנונגען וועגן געזעלשאַפטן פון יאָר 1932.

צו דעם צוועק איז אויף דעם 6־טן פעברואַר 1937 גערופן געוואָרן א מיטגלידער־פאַרזאַמלונג, ווו ס׳איז געוויילט געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון פאָלגנדיקע פּערזאָנען: ישראל פריילין, מאָטל גאָלד, ד״ר חיים פּערעל און נטע בראַדקעוויטש, וועלכע האָבן געדאַרפט שאַפן די סטאַטוטן פאַר דער נייער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון „שלום עליכם״.

דעם 24 מאַי 1937 איז פאַרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, ווו ס׳איז געוויילט געוואָרן א נייע פאַרוואַלטונג פון דער „שלום עליכם״־ביבליאָטעק פון פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: מאָטל גאָלד (פאָרזיצער) יצחק פעלדבוים (סעקרעטאַר), ד״ר ח. פּערעל (קאַסירער), נטע בראַדקעוויטש (ביבליאָטעקאַר און פאַוואַלטער), ישראל פריילין, ש. ניישטעטער און י. א. ליוועך.

די ביבליאָטעק האָט אין יאָר 1937 געציילט 41 מיטגלידער, 175 לייענער און פאַרמאָגט 3150 ביכער. די ביבליאָטעק איז אַ שטענדיקער אַבאָנאַמענט פון אַלע יידישע ביכער און וויכטיקע אויסגאַבן.

# די „לאנדקענטשאפט געזעלשאפט"

לויט דער איניציאַטיוו פון ד״ר פ. ווידערמאַן, איז אין אָקטאָבער 1929 געגרינדעט געווארן אין זאגלעמביע אן אָפטיילונג פון דער יידישער לאנדקענטשאפט געזעלשאפט, וועמענס אויפגאבע ס׳איז געווען צו דערוועקן ליבשאפט צו טוריסטיק און לאנד־קענטשאפט.

אין אנפאנג האט זיך דאס זיצארט פון דער אפטיילונג געפונען אין סאסנאוויץ, אין די ערשטע מיטגלידער האבן זיך רעקרוטירט פון דער לערערשאפט פון דער דארטיקער יידישער פרויען גימנאזיע.

אין נאוועמבער 1930 איז דאס זיצארט פון דער אפטיילונג אריבערגעטראגן געווארן קיין בענדין אין לאקאל פון סוחרים פאריין. די נייע פארוואלטונג, מיט דער באטיילונג פון ל. רעכטמאן, י. טענענבוים א״אנד. האט אנגעהויבן אן אינטענסיווע ארבעט.

זייט דאס זיצארט איז איבערגעטראגן געווארן קיין בענדין הויבט זיך אן א שטארקע אנטוויקלונג פון דער אפטיילונג, צו וועלכער עס טרעטן צו א סך נייע מיטגלידער, אזוי, אז צום סוף פון יאר 1932 ציילט שוין די געזעלשאפט 258 מיטגלידער פון בענדין, סאסנאוויץ, דאמבראווע און דער אומגעגנט.

א חוץ צאלרייכע נאענטע און ווייטע לאנדקענטשאפט־אויספלוגן, האט אויך די אפטיילונג ארגאניזירט א גאנצע רייע אויספלוגן אין די זאגלעמביער און אויבערשלעזישע פאבריקן און האט אזוי ארום דערמעגלעכט די יידישע געזעלשאפט זיך צו באקאנען מיט די אינדוסטריע־צענטערן אין די אויביקע ראיאנען.

גלייכצייטיק האט די געזעלשאפט אנטוויקלט א קולטור און אויפקלערונגס־ארבעט צווישן אירע מיטגלידער, ארגאניזירנדיק פארלעזונגען, ליטערארישע אוונטן, פרעמדשפראכיקע קורסן און האט אויך איינגעארדנט בילדער־אויסשטעלונגען פון יידישע מאלער.

ביי דער געזעלשאפט איז אויך געגרינדעט געווארן א טוריסטן ביבליאטעק און א לייענזאל, וועלכער איז פארזען מיט 21 פארשידענע אויסגאבן.

אין דער טעטיקייט פון דער געזעלשאפט פארדינט א ספעציעלע אויפמערקזאמקייט דער פאקט פון איינארדנען אין יאר 1931, די ערשטע אויפן שטח פון זאגלעמביע, טוריסטיק און לאנדקענטשאפט־אויסשטעלונג, ווי אויך דאס ארגאניזירן אין יאר 1933 פאפולערע צוגן קיין קריניץ און אין די יארן 1934—1936 קיין קראקע.

אין יאר 1930 איז געשאפן געווארן א נארטן־סעקציע, וועלכע איז א מיטגליד פון נארטן־פארבאנד, — א פאטאגראפיע־סעקציע, מיט א גוט פארזארגטע טונקל־קאמער און ס׳איז אויך געגרינדעט געווארן פאטאגראפיע־קורסן.

צוליב דער שטארקער אנטוויקלונג פון דער אפטיילונג איז אנטשטאנען א נויטווענדיקייט צו באזיצן אן אייגענעם לאקאל, וועלכער איז אין יאר 1933 געדונגען געווארן אויף דער סאנטשעווסקי גאס. היות די צאל מיטגלידער איז אין יאר 1936 כסדר געשטיגן, האט זיך די געזעלשאפט אריבערגעטראגן אין א בעקוועמערן לאקאל אויף דער קאלאנטאיא גאס.

אזוי ווי אין דער לעצטער צייט זענען אנטשטאנען פארשידענע שוועריקייטן ביים ארגאניזירן אויספלוגן, ווערט געלייגט מער אכט אויף דער קולטור־און אויפקלערונגס־ארבעט, און צו דעם צוועק ווערן סיסטעמאטיש יעדן מיטוואך איינגעארדנט פארלעזונגען, רעפעראטן און ליטערארישע אוונטן. מיט דער דאזיקער טעטיקייט פירט אן דער געזעלשאפטלעכער קלוב, וואס עקזיסטירט ביי דער אפטיילונג.

די פארוואלטונג פון דער לאנדקענטשאפט געז. איז אין יאר 1937 באשטאנען פון פאלגנדיבע מיטגלידער: ד״ר ווידערמאן (פארזיצער), ל. רעכטמאן (וויצע פארזיצער), ש. האמפעל (סעקרעטאר), ב. סאלאמאן (קאסירער), ה. ווייזענפרוינד, י. טענענבוים, מ. פלעסנער, ד״ר. ש. וויינבאך, און א. רודזין.

דער צוזאמענשטעל פון דער קלוב־פארוואלטונג איז געווען פאלגנדיקער: י. ערליך (פארזיצער), ל. רעכטמאן (וויצע פארזיצער), ד״ר וויינבאך (קאסירער), וו. בוכווייץ (סעקרעטאר), י. אייזענבערג (פארוואלטער), י. טענענבוים, ד. צוקערמאן, ל. גאלדשטיין און א. האמפעל.

# דער אקאדעמיקער־קרייז „אגניסקא"

אפיציעל עקזיסטירט אין אונדזער שטאט דער אקאדעמיקער־קרייז — אלס א פראווינץ־אפטיילונג פון דער יידישער סטודענטן ארג. „אגניסקא" אין קראקע — זייט דעם 22־טן אויגוסט 1925, פאקטיש אבער האט שוין אזא קרייז פריער עקזיסטירט ביים פארבאנד „אוקסיליום אקאדעמיקום יודאקום" אפט. אין בענדין.

דער ציל פון קרייז איז לויטן סטאטוט פאלגנדיקער: ערטיילן די מיטגלידער הלוואות, בכדי זיי צו דערמעגלעכן צו ענדיקן די סטודיעס, צו פארשטארקן די מיטלען פון דער קראקאווער צענטראלע, ווי אויך צו דערוועקן ביי די מיטגלידער דעם חשק צו פירן א וויסנשאפטלעך און געזעלשאפטלעכן לעבנס־שטייגער. אויב ס׳האנדלט זיך וועגן די ערשטע 2 צילן, קאן זיך די היגע „אגניסקא" בארימען מיט באדייטנדיקע דערפאלגן. די אלגעמיינע סומע פון די הלוואות, וואס זענען ערטיילט געווארן דורך דעם קרייז ביז צום סוף פונם אקאדעמישן יאר 1936/37 באטרעפט 18.720 גילדן. די דאזיקע הילף האט דערמעגלעכט א גאנצע רייע מיטגלידער צו ענדיקן זייערע סטודיעס, און אסך דאקטוירים, אדוואקאטן אאז״וו, האבן צו פארדאנקען זייער איצטיקע עגזיסטענץ די דערמאנטע הילף.

די אלגעמיינע געלד־סומע, וואס איז איבערגעגעבן געווארן דער קראקאווער־צענטראלע באטרעפט 4.820 גל. דער דאזיקער סכום באווייזט, אז דער בענדינער קרייז געהערט צו די באדייטנדיקסטע יידישע אקאדעמישע פראווינץ־פונקטן.

דער קרייז ציילט היינט צו טאג אן ערך פון 200 מיטגלידער און

קאנצענטרירט ארום זיך כמעט די גאנצע פראפעסיאנעלע אינטעליגענץ, די אקאדעמישע־יוגנט און די אבסאלווענטן פון די מיטלשולן.

די קולטור און אויפקלערונגס־ארבעט, וואס איז ביז נישט לאנג באשטאנען אין אדורכפירן בלויז די אלגעמיינע פארזאמלונגען האט זיך אין די לעצטע צייטן ענערגיש פארברייטערט אויף א גאנצער רייע אנדערע געביטן. אזוי צב״ש זענען אין אקאדעמישן יאר 1936/37 פארגעקומען אן ערך פון 20 קולטור־אימפרעזעס ווי: פארלעזונגען, קינסטלערישע אוונטן, דיסקוסיעס אאז״וו.

א זער וויכטיקער געווינס אויפן קולטור־געביט איז דאס ארויסגעבן. בשותפות מיטן סאסנאוויצער קרייז — אן אייגענע צייטשריפט אונטערן נאמען „אגניסקא״. די צייטשריפט, וואס באניצט א ליטערארישע, פאליטישע און וויסנשאפטלעכע אפטיילונג, באמיט זיך אנצובינדן א קאנטאקט צווישן דער יידישער אקאדעמישער יוגנט מיט דער עלטערער גענעראציע און שטעלט מיט זיך פאר א וויכטיקן קולטור־פאקטאר אויפן שטח פון יידישן זאגלעמביע.

דער אקאדעמיקער־קרייז „אגניסקא״ איז זייער פאפולער און באליבט צווישן דער היגער געזעלשאפט. אלס באווייז דינט דער פאקט, וואס אלע אונטערנעמונגען, וועלכע ווערן איינגעארדנט דורך דעם קרייז ווערן פרייגטלעך און ברייט אונטערשטיצט. איבערהויפט קומט דאס צום אויסדרוק ביים איינארדנען דעם יאר יערלעכן אקאדעמיקער־באל, וועלכער גייט אן אלס די גרעסטע געזעלשאפטלעכע־אטראקציע פון יידישן זאגלעמביע און אויבער־שלעזיע.

דער צוזאמענשטעל פון דער פארוואלטונג אין אנהויב פונם יאר 1938 איז געווען פאלגנדיקער: מגר. ר. רעכניץ (פארזיצער), ל. דרעקסלער (וויצע פארזיצער), פר״ל פ. טשארנעצקא (קאסירערין), ה. בערקאוויטש (סעקרעטאר), ע. גוטמאן, מ. שווייצער און פרל. ג. בערי.

דער קוראטאר פון אקאדעמיקער־קרייז איז דער פארדינסטפערלער געזעלשאפטלעכער עסקן ד״ר ש. וויינציהער.

# דער סוחרים פאריין

די סטאטוטן פון סוחרים פאריין זענען לעגאליזירט געווארן דורך דער רוסישער מאכט אין יוני 1913. אלס גרינדער האבן פיגורירט: סאלאמאן גוטמאן, שלמה אבראמסאן און ל. רובינליכט. אין סעפטעמבער פון זעלבן יאר איז פארגעקומען די גרינדונג־פארזאמלונג, אויף וועלכע ס׳איז אויסגעוועלט געווארן די ערשטע פארוואלטונג, פון פאלגנדיקן צוזאמענשטעל: ח. ד. ראזענבלום (פארזיצער), ל. רר־בינליכט (וויצע פארזיצער), נחום צוקערמאן, שלמה אבראמסאן, י. וויינריב, ד״ר ווינציהער א״אנד. היות ד״ר וויינציהער האט נישט אנגענומען דעם מאנדאט, איז אויף זיין ארט אריין אין דער פארוואלטונג מענדל בלומענפרוכט. אין די ערשטע זיצונגען האבן אויך גענומען א לעבהאפטיקן אנטייל: סאלאמאן גוטמאן, י. גאלדפעלד, ישעיה הענדל ערליך, מ. קראנענטאל, ש. ראטנער א״אנד.

אין יענער צייט האט דער סוחרים פאריין אויך געפרווט צו ארגאניזירן דאס יידישע האנטווערקערטום.

דעם ערשטן שטויס צו גרינדן אן אייגענעם סוחרים פאריין האבן געגעבן די ענדעקעס, וועלכע האבן אין יאר 1912 פראקלאמירט אן אנטי־יידישן באיקאט צוליב דעם, וואס די יידן אין פוילן האבן נישט געשטימט אויף דעם ענדעקישן קאנדידאט צו דער רוסישער „דומע״ קוכאזשעווסקי, נאר אויף דעם דעמאקראטישן קאנדידאט יאגיעלא.

נאכן אנטשיין פון פאריין זענען די מיטגלידער אריינגעטרעטן אין דער פינאנס־אינסטיטוציע אונטערן נאמען: „קעגנזייטיקע קרעדיט געזעלשאפט״ און האבן געפאדערט — צום ערשטן מאל — אז אין דער פארוואלטונג דיסקאנטע־קאמיסיע און אין אלע אנדערע אפטיילונגען זאלן זיך אויך געפונען יידישע מיטגלידער. די דאזיקע פאדערונג האט ארויסגערופן א שטארקע דענערווירונג מצד דער נישט־יידישער פארוואלטונג, וואס איז נישט געווינט געווען צו הערן אזעלכע דרייסטע פארלאנגען פון יידישע סוחרים.

א דאנק דער איניציאטיוו פון סוחרים פאריין איז אנטשטאנען א ריין יידישע קעגנזייטיקע קרעדיט געזעלשאפט מיטן אדוואקאט רידער בראש. די דאזיקע פינאנס־אינסטיטוציע האט געהאט א גרויסן דערפאלג און זיך שיין אנטוויקלט.

דער אויסברוך פון דער וועלט מלחמה אין יאר 1914 האט צייטוויליק פאראליזירט די טעטיקייט פון סוחרים פאריין און פון דער פינאנס אינסטיטוציע, אבער אין א קורצער צייט ארום האט דער פאריין ווידער אנגעהויבן צו פירן אן אינטענסיווע ארבעט.

שטארק פאפולער איז בעת דער דייטשער אקופאציע געווען דאס בוררים געריכט, וואס האט דערליידיקט פארשידענע ענינים.

נאך אן ענערגישע אינטערווענץ מצד אייניקע מיטגלידער פון סוחרים פאריין ביי דער אקופאציע מאכט, איז אין יאר 1916 געלונגען צו באקומען א קאנצעסיע אויף א יידישע גימנאזיע, און ביזן היינטיקן טאג איז דער קאנצעסיאנער פון דער גימנאזיע אויפן נאמען פון ש. פירסטנבערג און פרוי, דער בענדינער סוחרים־פאריין.

ביים אנטשטיין פון ווידעראויפגעלעבטן פוילן האט דער פאריין ארויסגעוויזן א גרויסע אינטענסיוויטעט בעת עס זענען אין דער שטאט פארגעקומען רעקוויזיציעס פון פארשידענע סחורות, ווי אויך שפעטער ווען ס׳איז אנטשטאנען דער אמט צו קעמפן מיט וווכער־פרייזן. דער סוחרים פאריין האט זיך דעמאלט דערווארבן גרויס אנזען ביי דער מאכט, וואס האט זיך שטארק גערעכנט מיט דער מיינונג פון פאריין. שפעטער איז אלס בייזיצער אין וווכער־געריכט אנגאזשירט געווארן דער דעמאלסטיקער לייטער פון סוחרים פאריין מ. טענענבוים, וועלכער האט פיל געלייסטעט לטובת דעם היגן סוחרטום.

ביי אלע וואל־אקציעס צום שטאט־ראט נעמט דער סוחרים־פאריין א לעבהאפטיקן אנטייל און פירט שטענדיק אדורך זיינע קאנ־



די פאַרוואַלטונג פון סוחרים פאַריין אין יאָר 1937. עס זיצן פון רעכטס: נ. גאָלדסאָבעל, מ. גערטנער, מ. לעווין, פּרעזעס ל. רובינליכט, י. גאָלדפעלד, ש. קראַקאָווסקי, מ. גרונדמאַן. עס שטייען פון רעכטס: א. גיטלער, ב. רעמבישעבסקי, ש. פרידלער, ק. קאָפּלאָוויטש, ש. ליווער, פּ. אונגער, פּראָווער בעאַמטער מ. גאָלד, א. י. סאנדזער (אלע ביידע אין ישראל) און סעקרעטאַר אייזענבערג.

ועד אגודת הסוחרים בשנת 1937.

דידאטן אין דער קאמונאלער פארוואלטונג. א לאנגע צייט איז דער פארזיצער פון סוחרים פאריין ל. רובינליכט געוועזן וויצע פרעזידענט פון אונדזער שטאט און ביים היינטיקן טאג איז ער לאווניק אין היגן מאגיסטראט.

ווען ס'איז אנטשטאנען די האנדלס־קאמער אין סאסנאוויץ, האָט דער פאריין דארט אהין דעלעגירט זיין פארזיצער, וועלכער איז ביזן היינטיקן טאג ראטמאן פון דער דאזיקער אינסטיטוציע, אחוץ דעם, איז רובינליכט אויך האנדלס־ריכטער.

א דאנק די באמיונגען פון פאריין זענען פיל פון זיינע מיטגלידער אויסגעוויילט געווארן אלס לאווניקעס אין ארבעטס־געריכט. אין דער דאזיקער אינסטאנץ, וואס געפינט זיך ביים קרייז געריכט זענען צווישן אנדערע אויך פארטרעטן מארקוס גערטנער און אלפרעד שווארצבוים. אין דער רעקורסן קאמיסיע ביי דער „איזבא סקארבאווא" (שטייער־קאמער) אין קיעלץ איז פארטרעטן מ. גאלד.

במשך פון א לענגערע צייט זענען די פארוואלטונגס־מיטגלידער: מיכאל לעווין, משולם ליווער און ק. קאפלאוויטש געווען דעלעגירט אין דער שאצונגס־קאמיסיע ביים בענדינער שטייער־אמט.

דער סוחרים פאריין שטייט אויף דער וואך פון די אינטערעסן פונם יידישן סוחרטום און אינטערווענירט שטענדיק אין אלע מלוכהשע און קאמונאלע אינסטאנצן לטובת זיינע מיטגלידער.

# דער קליינהענדלער פאריין

אין יאר 1924 איז אין אונזער שטאט רייף געווארן דער געדאנק צו ארגאניזירן די יידישע קליינהענדלער, וועלכע האָבן נישט קיין שום שייכות מיט דעם קלאס גרויסע סוחרים און הורטאווניקעס, וועמענס אינטערעסן עס זענען אפט קעגנגעזעצטע.

דאס איז געשען נאך דעם גרויסן נצחון, וועלכן ס'האט אפגעהאלטן דער דעמאלסטיקער קליינבירגערלעכער וואל־קאמיטעט בעת די קהלה־וואלן.

מיט דער גרינדונג פון דער היגער אָפּטיילונג פונם צענטראלן קליינהענדלער פארבאנד אין פוילן, האט זיך פארנומען א קליינע גרופע מענטשן, א דאנק וועמנס אויסדויער און ענערגיע ס'איז געלונגען צו שאפן יענע אינסטיטוציע, וואס איז געווארן דער וועגווייזער און פארטיידיקער פון די ספעציפיש יידישע אינטערעסן פונם יידישן דעטאל־סוחר און קליינהענדלער.

דעם 15־טן פעברואר איז אין אייגענעם לאקאל, אויף מאדזשעווער גאס 37, פארגעקומען די אלגעמיינע גרינדונגס־פארזאמלונג, ווו ס'האט אנטיילגענומען א עולם פון 280 פערזאן. אויף דער פארזאמלונג זענען געווען אנוועזנדיק: דער פארזיצער פון דער צענטראלע, קרים, דער מיטגליד פון צ. ק. ח. וויינשטאק, סיים־דעפוטאט ד"ר ש. וויינציהער און דער פארזיצער פון טשענסטאכאווער קליינהענדלער פאריין ניעמיראָווסקי.

אין דער ערשטער פארוואלטונג זענען געוויילט געווארן יעקב ערליך, יוסף שווייצער, אברהם לידזבארסקי, נטע לאָנדנער, זיסקינד



די פאַרוואַלטונג פון קליינהענדלער פאַריין אין יאָר 1937. זיצן פון רעכטס: ה. סטאפינצקי, י. רוס, ג. רעכניץ (פאָרזיצער), ד. גוטענשטיין (וו. פאָרזיצער), ש. קליימאַן. שטייען: מ. קאנער ביורא לייטער, א. קריצלער, ש. רייכמאן, שווצער, וו. מערין. עס פעלן: ג. בראמא, א. ד. באלמאווסקי און א. י. רעכניץ.

ועד אגודת הסוחרים הזעירים בשנת 1937.

זיגלבוים, הערשל בלומענפרוכט, שמעון קרוק, קלמן היידע, יוסף רוס, אהרן פעלדבעריג, דוד גוטענשטיין, משה מאיר זאקס, הערמאן שטראָכ־ליץ, מיכאל שטרויסמאן און זיסקינד פעלדבערג, אלס פארטרעטער: נחמן טענענבערג, משה ראָזענבלום און ליפע בערקאוויטש. אין דער רעווידיר־קאמיסיע: הערשל שטאטלער, הענריק שווארצבערג און שמואל פעלץ. דער ערשטער ערן־לייטער פון סעקרעטאריאט איז גע־ווען לייבל ראזענבלום, שפעטער זענען אנגאזשירט געווארן: קלמן זיידמאן און מענדל קאנער.

דורך דער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט זיך דער פאריין קונה שם געווען מיט זיין אומדערמידליכער ארבעט לטובת דעם יידישן קליינהענדלער. ער האָט זיך דערווארבן א געהעריקן אָנזען ביי די מאסגעבנדיקע ספערן און אויך באקומען א פארטרעטערשאפט אין אלע מלוכהשע, קאמונאלע און ווירטשאפטלעכע זעלבסטפארוואל־טונגס־אינסטיטוציעס. מיט איין ווארט — דער פאריין איז געווארן א וויכטיקער פאקטאר אינם בענדינער יידישן ווירטשאפטלעכן לעבן.

זייער אקטיוו האבן אין פאריין במשך פון לאנגע יארן מיט־געארבעט: הערשל הערשעלעוויטש, אברהם פלאק, נחמן טענענבערג א״אנד, וועלכע האבן גרויסע פארדינסטן לטובת דער אנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע.

די היגע אפטיילונג איז געווען פארטרעטן אין צענטראל־קאמי־טעט דורך יוסף רוס, וועלכער האָט זייער פיל מיטגעווירקט צו דער פארייניקונג פון ביידע קליינהענדלער־צענטראלעס אין ווארשע.

אין יאר 1937 איז דער צוזאמענשטעל פון דער פארוואלטונג געווען פאלגנדיקער: יוסף רוס (פארזיצער), דוד גוטענשטיין, (וו. פאר־זיצער), ברוך בראמא (סעקרעטאר), אלי׳ דוד באלימאווסקי (קא־סירער), גדשון רעכניץ, יהושע קליינמאן, איסר קריצלער, וואלף מערין, אברהם ישכר רעכניץ, שלמה רייכמאן און הערשל סטאפ־ניצקי. די רעווידיר־קאמיסיע: דוד גיטלער, שמואל לאַודאָן און יצחק יואל וועקסעלמאן, דער יוריסט־קאנסול פון פאריין איז אדוו. ד״ר ר. רעכטמאן און ביורא־לייטער, מענדל קאנער.

דער פאריין איז פארטרעטן: אין דער האנדלס־קאמער, דורך ד. גוטענשטיין — שטאָט־פארוואלטונג, דורך ג. רעכניץ, — שטאָט־ראט — דורך יהושע קליינמאן, אין דער גמילת חסד קאסע — דורך מענדל קאנער — קהלה־פארוואלטונג, דורך ה. שטראָכליץ, — קהלה־ראט דורך א. י. רעכניץ.

אין יאר 1927 איז ביי דעם פאריין געגרינדעט געווארן א קאָאָ־פעראטיווע קרעדיט־אינכטיטוציע א. נ. „ספולדזיעלטשי באנק דיסקאָנ־טאָוו״, וואס עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג, אין יאר 1937 איז די פארוואלטונג פון דער באנק באשטאנען פון: ברוך בראַמאַ, יוסף רוס, יהושע קליינמאן און מאַטל לענטשנער. דער אויפזיכטס־ראט פון: גר־שון רעכניץ, דוד גוטענשטיין, הערש סטאפניצקי, הלל באָלימאוו־סקי, וואלף מערין, דוד גיטלער און שלמה רייכמאן, פארטרעטער: אהרון פעלדבערג און משה לאסק.

אין 1934 האט דער פאריין איבערגענומען פון פריילן באָיאר־סקא די 3 קלאסיקע האנדלס־שול פון גימנאזיאלן טיפ, וועלכע ווערט געפירט אונטער זיין השגחה.

# דער האנטווערקער פאריין

דער האנטווערקער פאריין אין בענדין, וועלכער איז היינט אן אָפטיילונג פון צענט. פארבאנד אין ווארשע, איז געגרינדעט געווארן אין סעפּטעמבער 1916 מיט אן אייגענעם סטאטוט אלס האנטווערקער־קלוב. דער פאריין איז געגרינדעט געווארן דורך פאלגנדיקע פערזאנען: ח. ד. רודזין, ה. ל. גאָלדשטיין, ש. קליינער, ד. לוסטיקער, ז. וויינשטאָק, ה. יאקובוויטש, מ. בארנשטיין, ש. עלבוים, א. ברינער, ש. אינאָ־וראָצלאווסקי, א. ראָדזינסקי, מ. אַראַנאָוויטש, ל. בלומענפרוכט, ד״ר ראטשטיין, מ. האמפל, ח. ד. גראסמאן, ה. רעטמן, ג. אראנאוו, ל. פוקס, א״אנד.

נישט אלע האנטווערקער האבן דעמאלסט פארשטאנען די אויפגאבע פון פאריין און, אז אַ האנטווערקער פאריין קאָן אָנגעפירט ווערן דורך בעלי מלאכות גופא. דעריבער האָט א גרעסערע טייל טאקע גע־זוכט א פאָרזיצער צווישן דער אינטעליגענץ.

אויף דער ערשטער פארזאמלונג פון 16־טן סעפּטעמבער 1916 איז אויסגעוועלט געווארן אלס פארזיצער דער דענטיסט ד״ר ראטשטיין, וועלכער איז געווען טעטיק אויף זיין אמט ביזן 17־טן פעברואר 1917. נאך אים האט דעם פארזיץ איבעדגענומען ל. בלומענפרוכט.

אין די פארוואלטונגען האבן אין יענע צייט אקטיוו מיטגעארבעט: ה. ל. גאלדשטיין, ש. קליינער, דענטיסט מ. שטרויסמאן, ל. שפיגעל־מאן, מ. האמפל, ד. לוסטיקער, א. ברינער, ח. ד. רודזין, א״אנד.

דער פאריין האט דעמאלט איינגעארדנט פארשידענע פארלעזונ־גען מיטן אנטייל פון מ. אראנאוויטש.

אויפן פארלאנג פון די מיטגלידער האט די פארוואלטונג גע־עפנט א טיי־האלע, ווו פאר 2 קאפּיקעס האט מען באקומען א גלאז טיי מיט צוקער.

עס איז אויך געגרינדעט געווארן א לעבנסמיטל־קאָאפּעראטיוו, וועלכער האָט געבראכט גרויס נוצן זיינע מיטגלידער. כדי צו געניסן פון די פארשידענע פּריווילעגיעס, האָבן זיך אין פאריין פארשריבן אויך פיל נישט האנטווערקער.

אלס אילוסטראציע, ווי גרויס ס׳איז געווען די סימפּאטיע צום פאריין מצד אלע שיכטן פון דער היגער יידישער באפעלקערונג, קאן דינען דער פאקט, אז דער דעמלסטיקער רב ר׳ יקותיאל זלמן גרויבארט האט זיך פארשריבן אלס מיטגליד פון פאריין. דעם דאָ־זיקן פאקט באשטעטיקט דער פּראטאקאל פונם 24־טן סעפּטעמבער 1918. הרב גרויבארט האָט שטארק אונטערגעשטיצט דעם האנטווער־קער פאריין. אזוי למשל האט ער דעם 27־טן יוני צוגעשיקט לטובת דעם פאריין 300 מארק, פון די געלטער, וואס ער האָט באקומען צו פארטיילן. ער האט אויך איבערגעגבן דעם פאריין דאס פונאנדער־טיילן פון א וואגאן צוקער, וואס איז באשטימט געווארן פאר דער יידישער באפעלקערונג אין בענדין אויף פסח. דאָס האט דעם פא־ריין פארשאַפט, א חוץ א הכנסה אויך א גרויסן פּרעסטיזש.

אלס צווייטע אילוסטראציע דינט דער באשלוס פון דער פאר־וואלטונגס־זיצונג פון 10־טן סעפּטעמבער 1918, וועלכער זאגט אז



די פאַרוואַלטונג און די צעכן־פאָרשטייער פון האַנטווערקער פאַריין אין יאָר 1937. 1) ד. זילבערגאָלד, 2) ל. פוקס, 3) ש. גוטמאַן (ישראל), 4) ראטמאן א. ד. באלימאָווסקי, 5) ראטמאן ה. ל. גאָלדשטיין (פארזיצער פון פאַריין), 6) א. י. פערשטענפעלד (וו. פארזיצער), 7) א. א. בלאכארזש, 8) י. וויינריב (סעקרעטארין), 9) נ. מערין, 10) ד. קילשטאק, 11) י. טוכשניידער, 12) י. ד. גאלדשטיין, 13) ב. אראנאוו, 14) ל. ה. בראמא, 15) וו. וועלנער, 6ת) ד. לוסטיקער, 17) בראנדוויינהענדלער, 18) ה. ב. גאלדבלום, 19) ש. ה. ראזענצווייג, 20) מ. שנאל, 21) נ. וועלנער, 22) פ. בורשטיין, 23) ח. ה. זאובערמאן, 24) ל. א. וויעצענטאווסקי, 25) מ. אראנאוויטש, 26) י. בוכבינדער. 27) ג. זאקס, 28) י. ז. טשערנער, 29) מ. קעניגשטיין.

הועד של נציגי החטיבות המקצועיות באגודת בעלי־המלאכה בשנת 1937.

„אויב א נישט־האנטווערקער שרייבט זיך איין אלס מיטגליד, דארף ער באצאלן 500 מארק איינשרייב געלט".

צום ערשטן שטאט־ראט האבן די האנטווערקער ארויסגעשטעלט אלס זייערע קאנדידאטן פּאַלגנדיקע פּערזאנען: מ. לעווין און שפּטל.

אין 2־טן שטאט־ראט זענען געווען פארטרעטן דורך יצחק רו־דאלער, ה. ל. גאלדשטיין און מ. שטרויסמאן.

אויף דער האנטווערקער־קאנפערענץ, וואס איז פארגעקומען אין לאדזש דעם 24־טן און 25־טן פעברואר 1918, זענען פון היגן פא־ריין געווען פארטרעטן: ה. ל. גאלדשטיין און ה. יאקובאוויטש.

דער האנטווערקער־פאריין איז געווארן איינע פון די חשובסטע אינסטיטוציעס אין אונזער שטאט. ער איז שטענדיק בכבודיק פאר־טרעטן אין דער קהלה, ווי אויך אין שטאט־ראט. דער פארזיצער פון פאריין ה. ל. גאלדשטיין איז געווען א לענגערע צייט לאווניק אין מאגיסטראט און אלס אזעלכער האט ער אויך אנגעפירט מיט דער שטאטישער זומער־קאלאניע פאר די יידישע קינדער אין בענדין.

דעם 2־טן פעברואר 1927 האט דאס בענדינער יידישע האנטווער־קערטום געפייערט דעם 10־יעריקן יובילעי זייט דער גרינדונג פונם האנטווערקער פאריין. דאס איז געווען א גראנדיעזע פייערונג, אין וועלכע ס'האבן זיך באטייליקט טויזנטער מענטשן און דעלעגאציעס פון יידישע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס אין זאגלעמביע און פון ווייטערע שטעט, ווי אויך פארשטייער פון דער מאכט, שטאט־ראט און קהלה.

אויף דער פייערונג וועלכע איז פארגעקומען אין זאל פון קינא „נאוואשטשי" איז ה. ל. גאלדשטיין איינשטימיק באערט געווארן מיטן טיטול: „ערן פּרעזעס פון האנטווערקער פאריין" פאר זיינע גרויסע פארדינסטן לטובת דעם פאריין.

אבער דער דירעקטאריאט צווישן זיך האט אויך נישט געלעבט בשלום און דאס האט גורם געווען צום ארונטעררייסן דעם אויטאריטעט פון פאריין אין די אויגן פון די מיטגלידער.

ערשט אין יוני 1932 ווען די לייטונג האבן ווידער איבערגענו־מען: ל. בראמא, א. י. פערשטענפעלד, מ. י. פראכצווייג, א. בלאכאזש, און רודאלער, מיט ה. ל. גאלדשטיין אין דער שפּיץ, האָט די אינ־סטיטוציע ווידער אויפגעלעבט. דעמאלט איז דער פאריין איבערגע־גאנגען אויף די סטאטוטן פון דער צענטראַלע אין ווארשע און ס'זע־נען אויך אויפגעלעבט געווארן די אויסגעצייכנטע צעכן, וועלכע זע־נען ביים היינטיקן טאג אנגעשלאסן ביים האנטווערקער פאריין.

## די צעכן ביים האנטווערקער פאריין

### 1) דער שניידער־צעך:

דער צעך ציילט 300 מיטגלידער און פירט א פארצווייגטע אר־בעט. די גרעסטע צאל מיטגלידער באשטייט פון מענער־שניידער. וועלכע ארבעטן פאר מאגאזינען, די קלענערע צאל באשטייט פון דא־מען־שניידער, וואס ארבעטן פאר מאגאזינען, ווי אויך פון מענער און דאמען באשטעלטע שניידער, שניידערינס, היטלמאכער, קירזשנער, גארסעטן־מאכערינס און וועש־נייער.

סטארשי — נ. מערין, פאד־סטארשי — ר. ווינטער, סעקרעטאר — ג. סאבקאווסקי.

### 2) דער מעטאל־צעך:

צו דעם צעך געהערן: בלעכער, שלאסער, שמידן, זייגערמאכער, יובילערן און גראווירער. דער צעך ציילט צוזאמען צירקא 100 מיט־גלידער.

סטארשי — ל. ה. בראמא, פאד־סטארשי — א. ד. באלימאווסקי.

### 3) דער טישלער־צעך:

צום צעך געהערן: מעבל־טישלער, בוי־טישלער, דרעקסלער און שניצער. ער ציילט צירקא 80 מיטגלידער.

סטארשי — משה אראָנאָוויטש, פאד־סטארשי — ש. גוטמאן.

### 4) דער פליישער־צעך:

צום צעך, וועלכער ציילט אן ערך 50 מיטגלידער געהערן קצבים און ווורשטן־מאכער.

סטארשי — ה. ב. גאלדבלום, פאד־סטארשי — אויאזד, טעטיקער מיטגליד — ג. זאקס.

### 5) דער בעקער־צעך:

צום צעך געהערן: בעקער, צוקערניקעס, שאקאלאד און וואפלע־מאכער, ווי אויך קאנדידאטן. דער צעך ציילט צירקא 45 מיטגלי־דער.

סטארשי — וואלף וועלנער, פאד־סטארשי — יצחק בוכבינדער.

### 6) דער מאלער־צעך:

דער צעך ציילט 25 מיטגלידער.

סטארשי — מ. קעניגשטיין, פאד־סטארשי — ח. ח. זויבערמאן.

### 7) דער שוסטער־צעך:

צום צעך געהערן: שוסטער, גריוויאזשעס, קאמאשן־מאכער, רי־מער, טאפּיצירער און טעקע־מאכער.

סטארשי — י. טוכשניידער, פאד־סטארשי — ד. קילשטאק, סעקרע־טאר — ס. האלפערן.

### 8) דער פריזירער צעך:

דער פריזירער צעך איז געגרינדעט געווארן איז סאסנאוויץ נאך אין יאר 1918, אלס פאוויאטאווער־צעך פון יידן און קריסטן, זייט דעמאלט, ביזן יאר 1936, האבן פאלגנדיקע פערזאנען: בארענבלאט, פערשטענפעלד, קראוויעץ, רודאלער, שטערן און ווארצמאן, רעפרע־זענטירט די יידישע פריזירער־מייסטער אין געמישטן צעך. די יידי־שע מיטגלידער האבן דארט געפירט אן אינטענסיווע טעטיקייט, וועל־כע איז ספּעציעל געקומען צום אויסדרוק ביים גרינדן א באנק פאר אלע בעלי מלאכות אָן אונטערשיד פון נאציאנאליטעט און גלויבן. און ווירקלעך זענען ביים געבן הלוואות נישט געמאכט גע־ווארן קיין אונטערשידן צווישן יידן און נישט־יידן. אָבער דער „אריער־פאראגראף", וועלכער איז איינגעפירט געווואר אין געמישטן צעך, האט א סוף געמאכט צו דער פּראדוקטיווער ארבעט און די יידישע פריזי־רער זענען צוליב דעם געצוווּנגען געווארן צו גרינדן אן אייגענעם צעך.

די צייטווייליקע פארוואלטונג פון צעך באשטייט פון א. י. פער־שטענפעלד, פּ. בארענבלאט, י. רודאלער, ש. ה. ווארצמאן, פיימאן, א. גאלענזער (בענדין), הערשקאוויטש, א. קראוויעץ, שטערן (סאס־נאָוויעץ), לאנדנער, טייכנער (דאמבראווע).

סטארשי — א. י. פערשטענפעלד, פאד־סטארשי — יאקוב רודא־לער.



די פארוואלטונג פון האנטווערקער פאריין אין יאר 1934 צום אבפארן פון פרעזעס רודאלער קיין ארץ־ישראל.
ועד אגודת בעלי המלאכה בשנת 1934, לרגל עלייתו של היו״ר רודאלר.

ביים היינטיקן טאג איז דער האנטווערקער פאריין פארטרעטן אין שטאט־ראט דורך ה. ל. גאלדשטיין, א. ד. באלימאווסקי און ה. יאקובאוויטש. אין דער עקזעקוטיווע פון צענטראלן האנטווערקער פארבאנד, ווי אויך אין דער פארוואלטונג פון דער האנטווערקער־קאמער איז פארטרעטן ה. ל. גאלדשטיין, אין ראט פון דער האנטווערקער קאמער — דניאל קילשטאק.

דער פאריין איז אויך פארטרעטן אין ארבעטס־געריכט, אין דער „איזבא־סקארבאווא", אין דער געז. „ארט" אאז"וו. ער פירט א ברייט פארצווייגטע ארבעט אויפן געביט פון לעגאליזירן יידישע בעלי מלאכות, געזעלן און מייסטער, און אונטערשטיצט קורסן, ווו ס'בילדן זיך אויס און גרייטן זיך צו יידישע בעלי מלאכות צו מייסטער־עקזאמענס.

ביים האנטווערקער פאריין עקזיסטירט אויך 2 אינטערשטיצונגס־קאסעס, וועלכע ערטיילן הלוואות זייערע מיטגלידער.

אין דער שפיץ פון האנטווערקער פאריין איז אין יאר 1937 געשטאנען א פארוואלטונג פון פאלגנדיקע פערזאנען: ה. גאלדשטיין (פארזיצער), א. י. פערשטענפעלד (וו. פארזיצער) פראכצווייג (קאסירער), ל. ה. בראמא, א. בוכבינדער, ש. בלאכאוש י. קילשטאק, נ. מערין און י. רודאלער.

# דער חלוצישער קיבוץ א. נ. פון בער באראכאוו

אין יאר 1932 זענען 5 מיטגלידער פון קיעלצער קיבוץ געקומען קיין בענדין כדי „דעראבערן" זאגלעמביע. אין אנפאנג האט זיך די היגע יידישע באפעלקערונג באצויגן צו דער ערשטער גרופע חלוצים מיט אומצוטרוי און רעזערוו. אבער א דאנק זייער אויסדויער, איז די חלוצים מיט די צייט געלונגען צו געווינען די סימפאטיע מצד א גרויסן טייל פון דער זאגלעמביער יידישער געזעלשאפט. וואס שפעטער, אלץ מער פארפעסטיקט זיך דא דער קיבוץ, וועלכער שיקט פונדאנען ארויס פיאנערן אין גאנצער אומגעגנט, ווו ס'ווערן געשאפן חלוצישע הכשרה־פונקטן.

אזוי ארום איז אנטשטאנען דער זאגלעמביער־שלעזיש־מערב גאליצישער ראיאן מיט 13 אפטיילונגען און העכער 600 מיטגלידער, פון וועלכע א גרויסע טייל איז באשעפטיקט אין יידישע אונטערנעמונגען פון זאגלעמביע און אויבערשלעזיע.

דאס שווערסטע פראבלעם פארן קיבוץ אין בענדין איז געווען די שלעכטע וווינונג־באדינגונגען. דאס קליינע הייזל הינטער דער שטאט, איז ווייט נישט געווען צוגעפאסט צו די באדערפענישן פון די 70—80 חלוצים. אויסער דעם, האט די שטענדיקע געפאר, וואס האט געלויערט אויף דעם איזאלירטן קיבוץ אין גזשיכווו, נישט געגעבן קיין מנוחה זיינע מיטגלידער. אבער ערשט די באקאנטע איבערפאלן, וואס זענען פארגעקומען אויפן קיבוץ אין יאר 1936, האבן אויפגעוועקט דאס געוויסן פון דער בענדינער יידישער געזעלשאפט, וועלכע האט זיך ערנסט געמוזט פארטראכטן איבערן גורל פון די חלוצים. א דאנק דער איניציאטיוו פון דעם אקטיוון געזעלשאפטלעכן עסקן, פרעזעס ש. פירסטענבערג, איז געלונגען צו שאפן א פאטראנאט פון די פראמינענטסטע ציוניסטישע־ און געזעלשאפטלעכע־טוער, וועלכע האבן מיטגעהאלפן די חלוצים צו שאפן אן אייגענעם, בא־

קוועמערן לאָקאַל אין צענטער פון שטאָט. דערביי זענען די לייסטונגען פון פירסטענבערג געווען אומגעהויערע.

היינט ציילט דער קיבוץ אַן ערך 180 מיטגלידער, (במשך די 6 יאָר זענען אַרום 150 חלוצים עולה געווען קיין ארץ ישראל). פון די 180 פערזאָן איז 65 פּראָצ. באַשעפטיקט מחוץ דעם קיבוץ. מייסטנס אַרבעטן זיי אין פאָלגנדיקע אינטערנעמונגען: אין פירסטענבערגס פאַבריקן „פּאָלסקע זאַקלאַדי״, אין פּאַטאַקס פאַבריק „פּאַטאַקאַל״, אין יאַקוב גוטמאַנס אייזן־פּלאַץ און אין פיל אַנדערע. די איבריקע זענען באַשעפטיקט אין די אינערלעכע אַרבעטס־וואַרשטאַטן ווי: סטאָלעריי, שוסטעריי, שניידעריי, מעכאַנישע וועשעריי, באַדינונג סעקרעטאַריאַט אאַז״וו.

אומעטום גילט דער פּרינציפּ פון 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און אַלץ ווערט גערעכטעט לויט די אָנווייזונגען און באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די העכסטע אויטאָריטעט אין אַלע ענינים, וועלכע האָבן אַ שייכות צום לעבן אין קיבוץ. פיל מיטגלידער זענען אָרגאַניזירט אין פּראָפ.פאַריינען (בוי, טראַנספּאָרט א״אַנד.).

די קולטור־אַרבעט ווערט אָנגעפירט דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע. פיל מי און צייט ווערט געשאָנקן לטובת דעם לערנען פון דער העברעאישער שפּראַך און פלעגן די נייַ־ארץ־ישראלדיקע ליטעראַטור. דער קיבוץ פאַרמאָגט אַן אייגענע ביבליאָטעק פון העכער 1000 יידישע, העברעאישע און פּוילישע ביכער, ווי אויך אַ לייענזאַל, וועלכער איז פאַרזען מיט טעגלעכע צייטונגען, וואָכנ־שריפטן און ליטעראַרישע אויסגאַבן אין פאַרשידענע שפּראַכן.

נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג קומען פאָר — לויט אַ געוויסער אָרדנונג — גימנאַסטישע־ און ספּאָרט איבונגען.

דער קיבוץ איז אַ שטענדיקער צאָלער פון „קרן היסוד״ און נעמט אַ טייל אין אַלע ציוניסטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקציעס אין זייער אָנזעעוודיק.

די לעצטע עליה־באַגרענעצונגען האָבן געצווונגען די מענטשן צו בלייבן אין קיבוץ במשך פון 4—3 יאָר.

דער דאָזיקער מצב האָט גורם געווען צו באַפעסטיקן דאָס עקאָנאָמישע, קולטורעלע, און סאַניטאַרע־לעבן פון קיבוץ. אין זומער 1937 איז אין אַלקוש אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אַפּרו־סאַנאַטאָריע און לעצטנס אויך אַ דענטיסטישער־קאַבינעט. פיל צוגעהאָלפן צו דעם האָט דער פאַרטרויונגס־דאָקטאָר פון פּאַלעסטינע־אַמט, ד״ר טאָראַשייסקי.

# בענדינער שרייבער און קינסטלער

משה אַ פּ פ ע ל ב ו י ם *) איז געבוירן געוואָרן אין אַמשינאָוו (ביי וואַרשע), ביי אָרעמע חסידישע עלטערן. נאָך אין זיינע יונגסטע יאָרן הויבט ער אָן אַרויסצווייזן גרויסע קינסטלערישע פעיקייטן, אַלט זייענדיק 15 יאָר, פאַרלאָזט ער זיין געבורט־שטעטל און הויבט אָן צו וואַנדערן איבער דער וועלט. אַ דאַנק זיין געוואַלדיקן דראַנג צו אַרבעטן און שאַפן, געלונגט עס אים, אין יאָר 1905, אַריינצוטרעטן אין דער לאָנדאָנער קעניגלעכער קונסט־אַקאַדעמיע.

נישט האָבנדיק קיין שום הכנסה־קוואַל, איז ער געצווונגען אין די אָוונטן צו טון כלערליי שוואַרצע אַרבעטן, כדי ער זאָל בייטאָג קאָנען שטודירן.

דער יונגער מאָלער ציט באַלד אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע פּראָפעסאָרן און קונסט־קריטיקער און ער באַקומט אַן אַקאַדעמישע סטיפּענדיע אויף צו פאָרן קיין פראַנקרייך און האָלאַנד, כדי זיך צו פאַרפולקאָמען אין דער פּלאַסטישער קונסט.

אין יאָר 1918 קומט פאָר אין לאָנדאָן זיין ערשטע אויסשטעלונג אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון ד״ר מאַקס נאָרדוי און באַלד באַקומט ער אַ נאָמען אַלס טאַלאַנטירטער יידישער מאָלער.

אין יאָר 1921 קומט ער צוריק קיין פּוילן. אין וואַרשע איז ער טעטיק, נישט בלויז אַלס מאָלער, נאָר אויך אַלס צייכן־לערער אין דער „אָרט־שול, אַלס קונסט־קריטיקער און גאַנץ באַזונדערס צייכנט ער זיך אויס אויפן געביט פון מאָדערנער יידישער טעאַטער־דעקאָראַציע.

אין יאָר 1925 קומט ער קיין בענדין ווו ער נעמט איבער צוזאַמען מיט די קינסטלער ש. ציגלער און ח. האַנפּט, די ריזיקע אַרבעט אויסצומאָלן די בענדינער שול, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר איינע פון די שענסטע שולן אין פּוילן.

שפּעטער וווינט אַפּפּעלבוים אין קאַטאָוויץ, ווו ער שאַפט גרויסע קינסטלערישע ווערק. ער מאַכט אַ רייע אויסשטעלונגען און ווערט וואַרעם אויפגענומען דורך דער אויבערשלעזישער פּוילישער און דייטשער פּרעסע. וועלכע אַנערקענט אים אַלס גרויסן יידישן מאָלער.

צוליב אַ פאַרקילונג, וועלכע האָט גורם געווען צו אַ לונגען־אָנצינדונג איז דער באַגאַבטער קינסטלער געשטאָרבן אין קאַטאָוויץ דעם 3־טן יאַנואַר 1931 און דאָרט געקומען צו קבורה.

*

ליטמאַן ב אַ ר ע נ ב ל אַ ט ווייזט פרי אַרויס פעיקייטן און אַ נייגונג צו מוזיק. דעם ערשטן אונטערריכט באַקומט ער ביי זיין זיידן. דעם היגן מוזיקער לוסטיק. אַלט ווערנדיק 13 יאָר פאָרט באַרענבלאַט קיין וואַרשע, ווו ער ווערט אָנגענומען אין דער דאָרטיקער מוזיק־שול אַ. נ. פון קאַרלאָוויטש, אַלס שילער פון פּראָפ. בוקאָווסקי. אין 2 יאָר שפּעטער איז ער צוגעלאָזט געוואָרן צום שלוס־עקזאַמען, וועלכן ער האָט אויסגעהאַלטן מיט אַן אויסצייכענונג נאָכן ענדיקן די דערמאָנטע מוזיק שול פאָרט באַרענבלאַט קיין בריסל, ווו ער זעצט ווייטער פאָר זיין סטודיע אין דער דאָרטיקער קעניגלעכער קאָנסערוואַטאָריע, אַלס שילער פון פּראָפ. איסאַי. די קאָנסערוואַטאָריע ענדיקט ער אין יאָר 1931 מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. פאָנדירט דורכן בעלגישן קעניג. אין דערזעלבער צייט איז פאַרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קרייזלער־פידל־קאָנקורס, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט 27 פידלער־ווירטואָזן פון אַלע

*) הגם אַפּעלבוים איז נישט געווען קיין בענדינער, פונדעסטוועגן שרייבן מיר דאָ וועגן אים, ווייל אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער געווען טעטיק אין אונזער שטאָט, ווי אויך אין אויבערשלעזיע.

וועלט־טייל. טראָץ דער שטאַרקער קאָנקורענץ, האָט אויך דאָסמאָל אונזער בן עיר באַקומען דעם ערשטן פּריז אין דער הויך פון 10.000 פראַנק.

די דערפאָלגן פונם יונגן ווירטואָז זענען נישט געבליבן אָן אָפּקלאַנג. ר׳איז אַנגאַזשירט געוואָרן אויף א גאַנצער רייע אָרקעסטער־טריטן קיין אַמעריקע, וווּ ר׳האָט קאָנצענטרירט מיט א גרויסן סוקצעס, פּאָפּולאַריזירנדיק איבעראַל די פּוילישע מוזיק. בעת זיין אויפהאַלט אין ניו־יאָרק טרעט באַרענבלאַט אַריין אַלס סאָליסט אין גרויסן „זיגפעלד פאַליעס"־טעאַטער אויף בראָדוויי. אין א געוויסע צייט אַרום איז קראַנק געוואָרן דער דיריגענט פון טעאַטער־אָרקעסטער און באַרענבלאַט ווערט באַאויפטראָגט אים צו פאַרטרעטן. עס ווייזט זיך באַלד אַרויס, אַז ער באַזיצט אויך א נישט דורכשניטלעכע באַגאַבונג אַלס דיריגענט און ווען דער קאָנטראַקט מיט דעם „זיגפעלד פאַליעס"־טעאַטער ענדיקט זיך. ווערט באַרענבלאַט אַנגאַזשירט אַלס דיריגענט פון ניו־יאָרקער „ווינטערגאַרדען" וווּ ער איז טעטיק ביז צום אָנהויב פונם יאָר 1938.

אין ווינטער פונם זעלבן יאָר האָט אין ניו־יאָרק געוויילט דער געניאַלער דיריגענט טאָסקאַניני, וואָס האָט דאָרט געשאַפן דעם גרעסטן סימפאָנישן אָרקעסטער, צו וועלכן ס׳זענען אַנגאַזשירט געוואָרן די הייַנטצייטיקע בעסטע מוזיקער. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען ל. באַרענבלאַט אַלס פידלער־סאָליסט.

לעצטנס איז ער אויך איינגעלאַדנט געוואָרן דורכן אַמעריקאַנער פינאַנס־מיניסטער אויף א רייע קאָנצערטן.

*

**שמואל גאָלד** ווייזט שוין אין די קינדער יאָרן אַרויס א נייגונג צו מוזיק. אין די יאָרן 1917—1919 לערנט ער זיך שפּילן אין דער פּעטראָגראַדער קאָנסערוואַטאָריע.

שפּעטער פאָרט ער צוערשט קיין ווין, און דאַן קיין בערלין, וווּ ער שטודירט, אין די יאָרן 1921—1924, אין דער דאָרטיקער מלוכהשער קאָנסערוואַטאָריע, וועלכע ער האָט אַבסאָלווירט.

אין בערלין איז גאָלד זייער אָפט אַרויסגעטרעטן מיט פידל־קאָנצערטן אין דאָרטיקן ראַדיאָ.

אין די לעצטע יאָרן געפינט ער זיך אין פּאַריז, וווּ ער האָט זיך ווייטער פאַרפּאָלקאָמט ביי דעם וועלט־באַרימטן פידלער טיבאָ, און א דאַנק דעם האָט גאָלד באַקומען פון דער פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריע דעם טיטל: פידל־ווירטואָז.

ביים הייַנטיקן טאָג נעמט גאָלד אָנטייל אין אַן ערשטקלאַסיקן קינסטלער־קוואַרטעט, וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען צווישן די פּאַריזער קונסט־מעלאָמאַנען.

*

**אַבֿרהם גאָלדבערג** שטודירט מאַלעריי אין אַמעריקע און שפּעטער אין דער פּאַריזער קונסט־אַקאַדעמיע. אָבער ווי אַן אויסגעשפּראָכענע אינדיווידועלער קינסטלער־נאַטור, קאָן זיך גאָלדבערג לאַנג נישט האַלטן ביי די שאַבלאָנאַרטיקע אַקאַדעמישע „קונסט רעצעפּטן". ער פאַרלאָזט דעריבער די אַקאַדעמיע און הויבט אָן צו גיין אויף זיין אייגענעם וועג זוכנדיק אינדיווידועלע קונסט־קאָנצעפּציעס.

אין יאָר 1925 ווערט אין פּאַריז איינגעאָרדנט גאָלדבערגס אַן אויסשטעלונג, וועלכע ציט גלייך אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מצד די דאָרטיקע קונסט־מבֿינים. אין זעלבן יאָר דערשיינט אויך אין פאַרלאַג „טריאַנגל" זיין ערשט בוך: „צען צייכנונגען פון יידישן לעבן", וווּ מען געפינט שוין שטאַרקע שפּורן פון אָריגינאַליטעט. אָבער דאָס גרויסע בוך מיט 56 צייכנונגען פון יידישן לעבן. וואָס איז דערשינען אין יאָר 1935 אין דערמאָנטן פאַרלאַג, זאָגט עדות, אַז מיר האָבן פאַר זיך א ביז גאָר אייגנאַרטיקן און רייפן קינסטלער.

גאָלדבערגס מאַלעריי און צייכנונגען זענען כאַראַקטעריסטיש מיט זייער סובטעלן ליכט־ און שאָטן־שפּיל, וואָס דערמאָנט אונז אינעם אַלטן האָלענדישן גרויס־מייסטער רעמבראַנד דער איבערגאַנג פון ליכט צו שאָטן און פאַרקערט, איז ביי גאָלדבערגן נישט קיין ברוטאַלער און פּלוצלונגדיקער, נאָר אַן אָנגענעמער און שטופּנווייזער. די קאָנטראַסטן ווערן ביי אים געמילדערט דורך זיין פאַרשטענדניש ביים פונאַנדערלייגן די שוואַרץ־ווייסע פלעקן און זיין גלענצנדיקער פּונקטיר־טעכניק, א דאַנק וואָס זיינע אַרבעטן טראָגן אויף זיך דעם חותם פון האַרמאָנישער גאַנצקייט.

אין זיין פאָררעדע צו גאָלדבערגס גרויסן בוך צייכנונגען, שרייבט דער פראַנצויזישער קונסט־קריטיקער פּויל פיערען, אַז גאָלדבערג צייכנט זיך אויס אין זיינע ווערק מיט מענטשלעכע דערהויבנקייט און א מיסטישן שווונג, דעם טיפן קערן פון א געלייטערטן יידישן וועזן. ער לויבט שטאַרק די פּלאַסטישע מעלות פון די צייכנונגען, וועלכע פירן אונז אַריין דורך ליכט־ און שאָטן־שפּיל אינעם תוך פון די געשילדערטע דערשיינונגען און ער קומט צום באַשלוס, אַז אַזעלכע ווערק ווייזן דעם ריכטיקן גייסט פון דער צוקונפטיקער יידישער קונסט.

*

**הערמאַן גאָלדצווייג**: הויבט אָן יונג לערנען שפּילן פידל ביים בענדינער מוזיקער יוסף לוסטיק. אין איינציקע יאָר שפּעטער טרעט ער עפנטלעך אַרויס מיט א קאָנצערט, וועלכער האָט געהאַט א גרויסן דערפאָלג. באַמערקנדיק זיינע פעיקייטן האָט דער היגער בירגער און פּאָפּולערער נדבן העניך נונבערג אוועקגעשיקט גאָלד־



מ. אַפּעלבוים — ל. באַרענבלאַט — מ. גאָלד — א. גאָלדבערג — ה. גאָלדצווייג

צווייגן אין דער בערלינער קאָנסערוואַטאָריע, ווו ער האָט שטודירט ביזן יאָר 1914, אויף נונבערגס פולער אויסהאלטונג.

זייטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה ביזן יאר 1933 געפינט זיך גאלדצווייג אין דייטשלאנד, ווו ער טרעט אויף מיט קאנצערטן, שפילט אין דייטשן ראדיאָ אאז״וו.

נאָך היטלערס קומען צו דער מאכט, מוז גאלדצווייג פארלאזן דייטשלאנד און ער קערט זיך צוריק קיין פוילן, ווו ער איז טעטיק אלס ערשטער פידלער ביי פארשידענע מוזיק־אימפרעזעס.

צום סוף פון יאר 1937 ווערט ער אנגאזשירט קיין כארבין (יאַפּאַניע), ווו ער איז טעטיק אלס ערשטער פידלער אין א קינסטלער־אָרקעסטער און שפילט אויך אין דער דאָרטיקער ראדיאָ־סטאציע.

*

אברהם גאלדקארן: ווייזט ארויס פעיקייטן צו מאלעריי נאָך אלס ייִנגל מיט אים אינטערעסירט זיך דער באקאנטער מאלער הענריק גאטליב, וועלכער באוועגט גאלדקארנען ארייַנצוטרעטן אין דער היגער גימנאזיע „יבנה״ און שפּעטער שיקט אים גאטליב קיין קראקע אין דער פרייער אקאדעמיע פון די פּראפעסארן: פעדקאוויטש און האָמולאטש.

אין יאר 1927 פארט גאלדקארן קיין בעלגיע, ווו ער ווערט אויפגענומען אין דער בריסעלער קעניגלעכער־אקאדעמיע. פון דארט איבערטראגט ער זיך, אין יאר 1928, קיין אנטווערפּן אין „הויכן אינסטיטוט פאר שיינער־קונסט״, ווו ער באקומט אַ מעגלעכקייט פאר אן אינדיווידועלער קינסטלערישער אנטוויקלונג. דארט פארבלייבט ער במשך פון 5 יאר אונטער דער השגחה פונם באקאנטן פלעמישן מאָלער, פּראָפ. י. אָפּסאַמער. אַ דאַנק זיינע ספּעציעלע פעיקייטן, באקומט גאלדקארן צו זיין דיספּאזיציע אן אייגענעם אטעליער און לעבעדיקע מאָדעלן אויפן חשבון פון דער שטאָט אנטווערפּן.

גאלדקארן געפינט זיך נאָך אין סטאדיע פון זוכן, זיין מאָלעריי האָט דערווייל נאָך נישט קיין אויסגעשפּראכענע ריכטונג. זיינע קאָמפּאָזיציעס זענען א געמיש פון סענטימענט, פּאסיע און סאָציאלע רעאליטעט. זיין פארבן־סקאלע איז א גענוג רייכע און ער באמיט זיך אין די ארבעטן אויסצומיידן דאָס פּראפעסיאָנעלע און שאבלאָנארטיקע.

*

א. דרעקסלער: הויבט אן ביי 31 יאר שפּילן פידל ביי א מוזיקאנט. ער ווייזט ארויס בולטע פעיקייטן אויף דעם געביט און ס׳אינטערעסירן זיך מיט אים אייניקע בענדינער אינטעליגענטן, וועלכע פארנעמען זיך מיט זיין ווייטערדיקער מוזיקאלישער אויסבילדונג. אַ דאַנק דער גוטער טעארעטישער און פּראקטישער צוגרייטונג פונם היגן מוזיקער אהרן בארענבלאט ווערט דרעקסלער, אין יאָר 1909, אָנגענומען אין דער בערלינער קאנסערוואטאריע אלס שילער פון די בארימטע פּראפעסארן, פידעמאן און איסאַי־באַרמאָס. דאָרט בלייבט ער ביזן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה.

אין די יאָרן 1915—16 איז ער טעטיק אלס ערשטער פידלער אין דער בערלינער קייזערלעכער אָפּערע.

אין יאר 1917 ווערט ער אויפגענומען אין דער „ווינער אקאדעמישע האָכשולע״ ווו אלס פּראָפעסאָר האָט געווירקט דער באוווסטער מייסטער שעווציק. די אקאדעמיע ענדיקט דרעקסלער אין יאר 1918. פון דעמאלט אָן טרעט ער ארויס אויף קאָנצערטן אין בערלין, ווין, בודאפּעשט און אין אנדערע הויפּט־שטעט.

זייט דעם יאר 1924 געפינט זיך דרעקסלער אין פּאריז ווו ער איז טעטיק אויסשליסלעך אויפן פּעדאגאגישן געביט.

*

סט. וויגאדזקי דעביוטירט אין 1928 אויף א קאנקורס אין דער פּוילישער ליטעראַרישער וואכנשריפט „וויאדאמאשטשי ליטעראצקע״ מיט א אַרבעט איבער דער פּוילישער ליטעראטור, זייט דעמאלט ארבעט ער מיט אין פאלגנדיקע ליטעראַרישע אויסגאבן: „גלאס ליטעראצקי״, „קוואדריגא״, מיעשענטשניק ליטעראצקי״, „אָקאָליצא פּאעט״, „קאמענא״, „גאזעטא ארטיסטווו״ א״אנד.

במשך פון די יארן 1934—1936, זענען דערשינען 2 בענדער לידער און א חוץ דעם אין געווען געדרוקט קריטישע און בעלעטריסטישע פּראזע אין פארשידענע ליטעראַרישע צייטשריפטן.

וויגאדזקיס ארבעטן זענען איבערגעזעצט געווארן אין פאלגנדיקע שפּראכן: ענגליש, פראנצויזיש, דייטש, רוסיש, אוקראַיניש, טשעכיש, העברעיש און יידיש. ער האט אויך פארעפענטלעכט אריגינעלע יידישע פּראזע אין דער „ליטעראַרישע טריבונע״ און באטייליקט זיך אין אויסלענדישע פרעמדשפּראכיקע אנטאלאגיע פון פּוילישע דיכטונג.

לויטן אויפטראג פון דער לייטונג פונם פּוילישן ראדיאָ איז וויגאדזקי טעטיק אלס רעצענזענט פונם ראדיאָ־הערשפּיל־טעאטער.

*

ארטור ווינער: הויבט זיך אָן פארנעמען מיט מאלעריי אין די פריערסטער יוגנט. בעת דער דייטשער אקופּאציע לערנט ער זיך אין דערווארשעווער קונסט־שול. שפּעטער שטודירט ער אין



פ. טענענבוים — ר. יאקובאָוויטש — ה. לעווענשטיין — נ. מעלניק

וויִן און דאָן ווערט ער אנגענומען אלס שילער אין דער מינכענער קונסט־אקאדעמיע.

נאָך א געוויסע צייט שטודירן, פארט ווינער קיין אמעריקע, ווו ער געפינט זיך, מיט איבעררייסן, ביזן היינטיקן טאָג, אַנטייל־נעמנדיק אין פארשידענע בילדער אויסשטעלונגען.

ווינערס מאלעריי צייכנט זיך אויס מיט איר נאַטוראליסטישער אופפאסונג און טראגט מייסטנס א דעקאָראטיוון כאראקטער.

*

רחל טענענבוים: ווייזט ארויס אין די קינדער יארן גרויסע פעיקייטן צו מוזיק. ווען זי ווערט אַלט 15 יאר פארט זי קיין בער־לין, ווו זי שטודירט מוזיק אין דער דארטיקער שטערנישער קאנסער־וואטאריע. זי ציט גלייך אויף זיך די אויפמערקזאמקייט מצד די פּראָ־פעסארן, וועלכע באמערקן אין איר א נישט דורכשניטלעכע באגא־בונג, ווי אויך א שטארקן ווילן און דורשט צו קונסט.

נישט קוקנדיק אויף דער שווערער צייט בעתן וועלט־קריג, פארט ר. טענענבוים קיין בודאפעשט שטודירן מוזיק צו די באקאנטע קינסטלער פּראָפעסארן: ווו זי ענדיקט די אקאדעמישע הויכשול פאר מוזיק און ווו זי צייכנט זיך אויס אויף עפנטלעכע קלאוויר־אָוונטן. במשך פון עטלעכע חדשים קאנצענטירט זי אויך אין דייטשלאנד און אין פוילן מיט גרויס דערפאלג.

איר שטרעבן צו אַן אלץ העכערע פארפולקאמונג, פירט זי אויף דער בערלינער אוניווערזיטעט, וועלכע זי אבסאלווירט, נאכן ענ־דיקן מוזיקאלאגיע.

אין די לעצטע יארן געפינט זיך ר. טענענבוים אין ארץ ישראל, ווו זי איז טעטיק אויפן געביט פון מוזיק, קאנצערטירט, גרינדעט קורסן פאר קלאסישער־מוזיק און פארעפנטלעכט קריטישע איבער־זיכטן וועגן קונסט אין דער פרעסע.

*

פּעלע טענענבוים: ענדיקט די אקאדעמישע הויכ־שול פאר מוזיק אין בערלין. אין יאר 1929 קומט זי קיין ווארשע און טרעט אויף אין דער דארטיקער פילהארמאָניע אלס קלאוויר־סאליסטן אין א סימפאנישן קאנצערט, אונטער דער לייטונג פונם דיריגענט וואלפשטאט. שפּעטער איז זי ארויסגעטרעטן מיט קאנ־צערטן אין בערלינער „קולטור־בונד״, באקומנדיק די בעסטע רע־צענזיעס אין דער פרעסע. זייט דעם יאר 1936 איז פעלע טענענבוים טעטיק אין ארץ־ישראל (תל־אביב) אויפן געביט פון מוזיק.

*

רויזע יאקובאוויטש טאכטער פון הרב גרויבאדט ז״ל). דעביוטירט אין פרצס אלמאנאך „יידיש״ (אין יאר 1910) מיט א ליד: „צו מיין טאטען״. שפּעטער באטייליקט זי זיך אין וואכנ־בלאט אונטער דער רעדאקציע פון ה. ד. נאמבערג), אין צייט־שריפטן, „ווארשעווער אלמאנאך״ א״אנד. אין יאר 1934 איז ארויס־געגעבן געווארן אין בוך־פארם, א לידער־זאמלונג „מיינע געזאנגען״. אין די לעצטע יארן ארבעט זי מיט אין א רייע צייטשריפטן און פער־יאדישע אויסגאבן זי פארעפנטלעכט לידער און נאוועלן אויף פאלקס־טימלעכע טעמעס. איצט גרייט רויזע יאקובאוויטש צו צום דרוק א גרויסע זאמלונג א. נ. „לידער צו גאָט״ („איוב־לידער״ א״אנד.).

*

ה. לעווענשטיין: הויבט אָן פרי צו זיין טעטיק אויפן שויש פּילערישן געביט. נאָך אלס יונגער בחור שפילט ער אין טשענסטאָ־כאוו אונטער דער רעזשי פון דעמאלט בארימטן אקטיאר און רע־זשיסער, מארעק שווייד.

אין יאר 1916 געפינט זיך לעווענשטיין אין פראנקפורט ביים מאין, ווו ער ארגאניזירט א יידישע אמאטאָרן־טרופּע, וועלכע איז טעטיק א לענגערע צייט מיט דערפאלג.

אין יאר 1919 באזוכט לעווענשטיין די ייד. דראמ. מלוכה־שול אין פעטראגראד, וועלכע געפינט זיך דאן אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון אל. קוגעל (האמאָ־נאָווס). אין אַ יאר שפּעטער טרעט ער אויף אין דער הויפּט ראָל אין העבעלס טראגעדיע „יהודית״, וואס איז געשטעלט געוואָרן אין לענינגראדער מארינסקי־טעאטער.

אין יאר 1922 קומט לעווענשטיין צוריק קיין פוילן און ארגאני־זירט אין טשענסטאכאוו א טרופּע א. נ. „נייע קונסט״.

אין יאר 1925 ווערט ער אנגאזשירט דורך דער בענדינער דראמ. געז. „מוזע״ אלס שטענדיקער רעזשיסער, און ס׳ווערן דורך אים געשטעלט א גאנצע ריי ליטערארישע פּיעסן.

אין יאר 1930 ווערט לעווענשטיין אנגאזשירט אין דער בארימ־טער „ווילנער טרופּע״, ווו ער שפּילט די הויפּטראָלן אין לייוויקס „גולם״, אַניעלס „שווארצע געטאָ״ און אין קאברינס דארפס־יונג״.

אין יאר 1933 שפּילט ער אין לאדזשער גרויסן סקאלא־טעאטער, אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון מארעק אָרנשטיין (אנ־דזשעי מארעק).

ביים היינטיקן טאג איז לעווענשטיין טעטיק אלס רעזשיסער ביי דער בענדינער דראמ. געז. „מוזע״ און טרעט אויך אויף אין ווארט־קאנצערטן.



א. גאלדקארן — א. דרעקסלער — סס. וויגאדזקי — א. ווינער — ר. טענענבוים

נחום מעלניק און משה פאטאשינסקי 1) לאנגיאריקע מיטגלידער פון דער „מוזע", זענען אין יאר 1924 אריינגעטרעטן אין דער יידישער דראמאטישער שול אין ווארשע, וועלכע זיי האבן אבסאלווירט אין יאר 1926.

אלס סטודיאנטן פון דער דאזיקער דראמאטישער שול — אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאן — זענען זיי אויפגעטרעטן אין אַ רייע פארשטעלונגען, ווי. פרץ הירשביינס „גרינע פעלדער", פּרצעס „ביינאכט אויפן אלטן מארק", „אליהו הנביא" א״אנד.

באזונדער איז כדי צו דערמאָנען זייערע אויפטריטן אין באַרימטן קליין־קונסט־טעאטער „עזאזל" (אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאן), וועלכעס האט געהאט דעם גרעסטן דערפאלג בפרט מיט זיין „דריי דבוקים"־פאראדיע.

ווייטער האט זיך נחום מעלניק באטייליקט אינם טעאטער־אנסאמבל, אונטער דער לייטונג פון אידא קאמינסקא", ווו אויך אין דער טרופּע אונטער דער אנפירונג פון זיגמונט טורקאוו („וויקט").

שפעטער האבן מעלניק און פאטאשינסקי צוזאמען געשפילט אין דער טרופע, אונטער דער רעזשי פון אברהם מארעווסקי, ווי אויך אין דער „ווילנער טרופע", אונטער דער אנפירונג פון מאזאָ און אחוץ דעם אין א גאנצע רייע ערשטקלאסיקע טעאטער־טרופעס און קינסטלערישע אימפּרעזעס.

סוף סעפטעמבער 1933 זענען זיי ביידע ארויסגעפארן קיין אויסלאנד מיט דער „ווילנער טרופע" (לייטונג מאַזאָ) אויף א וועלט־טורנעי. אין בריסעל האָבן זיי זיך באטייליקט אין דער פארשטעלונג פון שלום אשס „קידוש־השם", וועלכע איז באזוכט געווארן דורך דער בעלגישער קעניגין.

נאָך א געוויסער צייט איז די „ווילנער טרופע" צוריק געקומען קיין פוילן און מיט איר אויך משה פאַטאשינסקי. נחום מעלניק דאַקעגן, איז ווייטער פארבליבן אין בעלגיע, פונוואנען ר'איז שפעטער (1934) אנגאזשירט געווארן קיין לאָנדאָן אין א דארטיקן יידישן טעאטער.

שפעטער קומט מעלניק צוריק קיין בעלגיע, וווהין ס'קומט אויך צום צווייטן מאל פאטאשינסקי און זיי שפילן דארט טעאטער אין בריסל און אין אנטווערפן.

ענדע 1935 ווערט נחום מעלניק אנגאזשירט קיין סאן פּאַולאָ (בראזיליע), ווו ער טרעט אויף מיט גרויסן דערפאלג.

ער שפילט אויך טעאטער אין ריאָ דע זשאנײרא, און זיינע גאסטשפילן געפונען א שטארקן אפקלאנג אין דער דאַרטיקער פרעסע.

אין יאר 1936 טרעט מעלניק אויף אויף אין מאָנטעאַווידעאָ (אורוגוויי), ווו ער פירט אויך אָן מיט אן ארבעטער־טעאטער אלס רעזשיסער.

צום סוף פון זעלביקן יאר ווערט מעלניק אנגאזשירט קיין בוענאָס־איירעס, ווו ער פירט ביז צום היינטיקן טאָג זיין שוישפילערישע טעטיקייט.

משה פאטאשינסקי געפינט זיך היינט צו טאָג אין בעלגיע ווו ער איז טעטיק אלס שוישפילער און רעזשיסער.

*

לוטא נונבערג הויבט אן שפילן קלאוויר אלט זייענדיק 13 יאר. אין די יארן 1910—1913 שטודירט זי מוזיק ביים דעסאלט בארימטן ווינער פיאניסט און פעדאגאָג, פּראָפ. לעשעטישיצקי. אין די יארן 1913—1923 געפינט זי זיך אין פוילן, ווו זי פארפולקאמט זיך כסדר אין מוזיק.

אין יאר 1923 פארט זי קיין פאריז, ווו זי טרעט אויף מיט פארשידענע קאנצערטן.

אין יאר 1927 ציט לוטא נונבערג אויף זיך די אויפמערקזאמקייט מצד די פאריזער און אינטערנאציאנאלע מוזיק־ספערן, מיט איר ערשטן אויפטריט וועגן איר אייגענע געשאפענע מעטאדע, וואס באַדייט א גרינטלעכע רעפארם אין דער ביז איצטיקער מוזיק־פּעדאַגאגיק בכלל און אין דער קלאוויר־שפיל־טעכניק בפרט.

די דאזיקע מעטאדע שטיצט זיך אויף א גאנצע רייע אדורכגעפירטע אנאליזן פון די הענט באוועגונגען (בעתן שפילן פון די גרעסטע קלאוויר־ווירטואזן, ווי: קארטא, רובינשטיין א״אנד.), וועלכע זענען פארפיקסירט געווארן, אין א פארלאנגזאמטן טעמפּאָ, אויף פילם־לענטעס.

די ניי־געשאפענע מעטאדע דערמעגלעכט יעדן דורכשניטלעכן פעיקן שילער צו באהערשן אפילו די שווערסטע טעכנישע פּראבלעמען, וועלכע ס'האָט זיך ביז דעמאָלט איינגעגעבן גובר צו זיין נאר געציילטע ווירטואזן און דאס אויך אומבאוווסטזיניק.

וועגן איר מעטאדע האט פרוי נונבערג ארויסגעגעבן 2 גרעסערע ארבעטן אין בוך־פארם, ווי אויך א ציקל נאָטן העפטן, וואס נעמען ארום שאפּנס עטיודן, וועלכע זענען באארבעט געווארן לויט דער דערמאנטער מעטאדע.

אין די לעצטע יארן איז פרוי נונבערג טעטיק סיי אויפן קינסטלערישן און סיי אויפן פעדאגאגישן געביט. עס קומען ספּעציעל לערנען שילער פון אלע וועלט־טיילן. זי איז ארויסגעטרעטן אין פארשידענע לענדער מיט פארלעזונגען וועגן דער מעטאדע און גלייכצייטיק מיט אייגענע קאנצערטן. זי האָט זיך אויך געשאפן א נאָמען אלס ערשטקלאסיקע קינסטלערין. זי האט אויך אָנטייל גענומען אין

1) צוליב דעם וואס די קינסטלערישע טעטיקייט פון די 2 שוישפילער איז כמעט אידענטיש, גיבן מיר וועגן זיי א בשותפותדיקע נאָטיץ.



ל. נונבערג — ב. סאלנא — ז. פעדער — מ. פאטאשינסקי

די אלע זאַלצבורגער מוזיק־פעסטיוואַלן, וועלכע האָבן — נאָכן „אַנשלוס" אין יאָר 1938 — פאַרלוירן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

*

**בערנאַרד סאַלנאַ** (סאַלאַמאַנאָוויטש).
שוין אין די ערשטע „הזמיר"־קאָנצערטן, אין וועלכע ס'באַטייליקט זיך בערנאַרד סאַלנאַ, ציט ער אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין פּרעכטיקער באַס־שטימע.

אין יאָר 1909 פאָרט ער קיין בערלין, וווּ ער שטודירט געזאַנג אין דער דאָרטיקער מלוכהשער קאָנסערוואַטאָריע, וועלכער ער ענדיקט אין יאָר 1914.

בעת דער וועלט־מלחמה זינגט סאַלנאַ אין דער בערלינער אָפּערע, וווּ ער טרעט אַרויס אין פאַרשידענע ראָלן, אַלס באַס־קאָמיקער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווערט ער אַנגאַזשירט קיין האַמבורג, דאָרטמונד, קאַטבוס און גערליץ, וווּ ער שפּילט און זינגט אין די דאָרטיקע שטאָט־טעאַטערן.

אין יאָר 1925 ווערט סאַלנאַ אַנגאַזשירט אַלס רעזשיסער און זינגער פוּי גרויסן שטאָט־טעאַטער אין ראָסטאָק (מעקלענבורג). דעם דאָזיקן פּאָסטן פאַרנעמט ער ביז יולי 1931, בעת אין דייטשלאַנד הויבן שוין אָן יידישע קינסטלער באַזייטיקט צו ווערן — אַ דאַנק נאַציִשע איינפלוסן — פון אָנפירנדיקע שטעלן.

פאַר אונז ליגט אַן אָפּשריפט פון אַ בריוו, דאַטירט, דעם 5־טן יולי 1931, פונם אינטענדאַנט פון ראָסטאָקער שטאָט־טעאַטער, ערנסט אימעמיש. פון דאָזיקן בריוו ווערט קלאָר, אַז קיין שום אַנדערע סיבה, אויסער ראַסן־שנאה, האָט גורם געווען צו סאַלנאַס באַזייטיקט ווערן פון דער ראָסטאָקער אָפּערע.

מיר לייענען דאָרט צווישן אַנדערע אויף פאָלגנדיקעס:

„איר זענט במשך פון 6 יאָר געווען טעטיק, אונטער מיין לייטונג אַלס ערשטער באַס־קאָמיקער און אָפּערן־רעזשיסער, און איר האָט זיך דערוואָרבן די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס פון פּובליקום און פון דער פּרעסע, ליידער אָבער מוז איך אייך אומגערן פאַרלירן".

גאַנץ אַנדערע סיבות אַלס קינסטלערישע האָבן גורם געווען צו אייער פאַרלאָזן ראָסטאָק, און כ'מוז מודה זיין, דאָס סיי פון מענטשלעכן און סיי פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, באַדויער איך זייער טיף דעם דאָזיקן פאַקט".

בערנאַרד סאַלנאַ האָט אין ראָסטאָק רעזשיסירט, געשפּילט און געזונגען אין אַן ערך פון 90 פאַרשידענע אָפּערעס און זיין קינסטלערישע טעטיקייט האָט שטענדיק געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער מעקלענבורגער פּרעסע.

אין יאָר 1933, נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, גרינדעט סאַלנאַ אַ טרופּע פון עטלעכע דרייסיק יידישע שוישפּילער און אָפּערן זינגער א. נ. „הנגון".

די טרופּע שפּילט דאַן אין די גרעסטע שטעט פון דער טשעכאָסלאָוואַקייַ, עסטרייך, גריכנלאַנד און צום סוף אין ארץ־ישראל, וווּ דער אַנסאַמבל לעזט זיך אויף.

פון דאָרט ווערט סאַלנאַ אַנגאַזשירט קיין עגיפּטן, וווּ ער פאַרבלייבט אַ לענגערע צייט.

זייטן אָנהויב פונם יאָר 1938 געפינט ער זיך אין אַרגענטינע. דאָרט גרינדעט ער אַ קוואַרטעט פון באַקאַנטע קינסטלער, וועלכער ווערן איינגעלאַדנט אויף סטאַבילע קאָנצערטן דורך דער ראַדיאָסטאַציע „ספּלענדיד" אין בוענאָס־איירעס. אויסער דעם טרעט בערנאַרד סאַלנאַ אויף אין די דאָרטיקע טעאַטערן מיט גרויס דערפאָלג, אויף וואָס עס זאָגן עדות די וואַרעמע רעצענזיעס אין דער בוענאָס־איירעסער פּרעסע.

*

**זאַמי פעדער** (איצט אין פּאַריז), פאָרט אין 1919 קיין פראַנקפורט ביים מאין, וווּ ער באַזוכט די דאָרטיקע קונסט־געווערבע־שול. גלייכצייטיק העלפט ער מיטגרינדן פאַרשידענע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי אויך דעם דראַמאַטיש־מוזיקאַלישן „שלום עליכם"־קלוב, וווּ ער אַליין שפּילט מיט.

פעדערס שוישפּילערישע פעיִקייטן ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער דייטש־יידישע רעזשיסערין, לעאָנטינע זאַגאַן, וועלכע העלפט אים צו אָנגענומען צו ווערן אין דער דייטשער מלוכהשער שוישפּילשול.

אין דער זעלבער צייט קומט די „הבימה" קיין פראַנקפורט און צבי פרידלאַנד מיט דעם שרייבער משה ליפשיץ, וואָס האָבן געשאַפן אַ יידישע טעאַטער־סטודיע אין בערלין, נעמען דאָרט אַהין פעדערן, וועלכער פאַרבלייבט שוין אין דער סטודיע, אין בערלין שפּילט אויך פעדער מיט אין דער „פּיקאַסאַר־בינע" און אין דער דייטש־רוסישער פילם־געזעלשאַפט „פּראַמעטעאוס".

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, איז פעדער געצוווּנגען



ה. שיינטאַל



לייביש שפּיגעלמאַן    טעאָדאָר רידער    שמואל ציגלער

צו פארלאזן בערלין און ער קומט צוריק קיין פוילן. אין יאר 1934 רע־זשיסירט ער איין מיט יעקב ראטבוים סטודיע די פיעסע „אויף דער וועלט בייט זיך גארנישט" (א שותפות־ארבעט פון ז. פעדער און ל. פאלזנער), וועלכע ווערט געשפילט אין קאמינסקיס טעאטער אין ווארשע.

אין יאר 1935 פארט פעדער צוריק קיין זאגלעמביע, ווו ער שטעלט זיך אין קאנטאקט מיט דער בענדינער דראמ. געז. „מוזע". ער רעזשיסירט איין די פיעסע „היטלעריאדע", וועלכע האט געהאט א גרויסן דערפאלג.

זייט דעם יאר 1937 איז פעדער טעטיק אין דער סאסנאוויצער מוזיק. דראמ. געז. „לירע" ווו ער האט געשטעלט, צווישן אנדערע, אויך די פיעסע דער „גואל" פון עמיל בערנהארדט וועלכע איז פיל מאל געשפילט געווארן אין זאגלעמביע.

*

שמואל ציגלער: שוין ביי 31 יאר הויבט ציגלער אן צו לערנען צייכענען און פארנעמט זיך מיט מאלעריי.

אין די יארן 1918—1920 לערנט ער זיך אין דער האמבורגער קונסט־געווערבע־שול, און אין די יארן 1920—1924 שטודירט ער מאלעריי אין דער קראקאווער קונסט־אקאדעמיע, וועלכע ער ענדיקט מיט אן אויסצייכענונג.

נאכן ענדיקן די אקאדעמיע, פארט ציגלער קיין פאריז, ווו ער פארפולקאמט זיך ווייטער אין דער מאלעריי. צוליב דעם, וואס ער ווערט איינגעלאדנט אנטייל צו נעמען אין אויסמאלן די בענדי־נער שול, איבעררייסט ער זיין שטודיע־רייזע.

ציגלערס מאלעריי טראגט א נעא־איפרעסיאניסטישן כאראקטער, און גאנץ באזונדערס צייכנט ער זיך אויס אלס גראפיקער. אין די לעצטע יארן פארנעמט ער זיך מייסטנס מיט אקווארעל־מאלעריי.

במשך פון ציגלערס קינסטלערישער טעטיקייט זענען אין לאנד, ווי אויך אין אויסלאנד, איינגעארדנט געווארן א גאנצע רייע אויס־שטעלונגען פון זיינע ארבעטן, פון וועלכע אייניקע זענען געקויפט געווארן פאר די פוילישע מלוכהשע זאמלונגען אין ווארשע און אין קראקע.

*

טעאדאר רידער: שטודירט מוזיק ביים פראפ. יוליאן וואלפסאן אין ווארשע און שפעטער ביים פראפ. זאס (דירעקטאר פון דער קאנסערוואטאריע און ערשטער קאפעלמייסטער פון דער דראמאטישער אפערע).

אין די יארן 1904—1906 ווערט רידער אנגאזשירט אלס קארע־פיטיטאר פאר די סאליסטן פון דער דארמשטאטער אפערע. אין די יארן 1906—1914 איז ער טעטיק אלס אפערן־דיריגענט אין די שטא־טישע־טעאטערן אין פרייבורג (באדען), ראסטאק (מעקלענבורג), באזעל און ליאן, אין 1916—1918 אין דער ווארשעווער אפערע און

זייט דעם יאר 1918 איז ער דירעקטאר פונם לאדזשער פילהארמאניע־ארקעסטער, פראפעסאר פון דער דארטיקער קאנסערוואטאריע, די־ריגענט פון פארשידענע כארן און איז אויך טעטיק אלס אקאמפא־ניאטאר.

ס'איז כדי צו באמערקן, אז ט. רידער האט א חוץ מוזיק אויך שטודירט יוריספרודענץ (ווארשע, 1901—1899) און מעכאניק (דארמ־שטאט, 1095—1901).

*

חנה שיינטאל דעביוטירט צוערשט אין דער היגער דראמ. געז. „מוזע", ווו זי ווייזט ארויס אן אויסגעשפראכענעם שוישפילערישן טא־לאנט. שפעטער פארט זי אפ קיין ארץ ישראל, ווו זי איז, זייט דעם יאר 1925, א שוישפילערין פונם באריםטן ארבעטער טעאטער „אהל".

זי שפילט מיט אין גאנצן „אהל"־רעפערטואר און צייכנט זיך באזונדערס אויס אין כאראקטער און קינדער־ראלן, גראטעסק־טיפן, יונגע און אלטע.

זי ווירקט מיט אין פאלגנדיקע פיעסן: סטעפאן צווייגס „ירמיהו", מענדעלעס „מסעות בנימין השלישי", בערגעלסאנס „ברויטמיל", „יעקב ורחל", הייערמאנס „פישער", „מגלת אסתר", זינגערס „יאשע קאלב" און אין פיל אנדערע.

*

לייביש שפיגעלמאן: גרינדעט אין 1911 א וואכנשריפט א.נ. „אנאנסן בלאט", וואס דערשיינט ביזן יאר 1913. אין זעלבן יאר ווערט דער נאמען געענדערט אויף „אונזער טעלעפאן" און אין יאר 1919 אויף „זאגלעמביער צייטונג", וועלכע עקזיסטירט ביז צום היינ־טיקן טאג אונטער דער רעדאקציע פון ל. שפיגעלמאן.

ס'איז כדי צו באמערקן, אז רעד. שפיגעלמאן איז געווען איינער פון די פיאנערן, וואס האבן געשאפן רעגיאנאלע יידישע צייטשריפטן וועלבע האבן זיך שפעטער שטארק אנטוויקלט איבערן גאנצן לאנד. גלייכצייטיק מיט אנטשטיין פון דער יידישער פרעסע אין פוילן, גרינדעט שפיגעלמאן א צייטונג־אגענטור, ווי אויך א בוכ־האנדלונג און העלפט צו, אז די יידישע פרעסע און דאס בוך זאלן אויף א מאדערנעם אופן קאלפארטירט און פארקויפט ווערן צווישן די ברייטסטע יידישע מאסן אין זאגלעמביע.

---

## באמערקונג פון רעדאקציע:

דערמיט ענדיקט זיך דער טייל פון „זאגלעמביער אלמאנאך" וואס איז געלונגען אפצוראטעווען.

אלע אפהאנדלונגען אין דעם טייל וואס זענען נישט געחת'מעט, ווי אויך דער ארטיקל פון מ. י. בערג — זענען געשריבן געווארן דורך ש. ראטענבערג.

די ארטיקלען פון פראפ' ד"ר מאיר באלאבאן און עמנואל רינגעל־בלום, זענען געשריבן געווארן ספעציעל פאר'ן אלמאנאך און זענען ביז יעצט נאך נישט פארעפנטלעכט געווארן.

# ד״ר א. שאצקי / זכרונות פון א ייד פון בענדין וועגן די פוילישע אויפשטאנדן פון 1831 און 1863

אין יאר 1914 האב איך זיך באקאנט אין דער שטאט בענדין מיט א אלטן יידן שווייצער (דורך דער פארמיטלונג פון רעדאקטאר ל. שפיגעלמאן). דער דאזיקער ייד האט מיר דערציילט אין א שיינעם פויליש עטלעכע עפיזאדן פון לעבן, וואס האבן א שייכות מיט דעם אויפשטאנד פון 1831. איך האב אים געבעטן זיי אנשרייבן פאר מיר, און ער האָט עס געטאָן. איך האב זיינע קורצע זכרונות איבערגעזעצט אויף רוסיש פאר דער „יעווריעיסקאיא סטארינא". פון די פאקטן וואס דער אלטער פנחס שווייצער האט מיר דערציילט, האב איך געפונען א באשטעטיקונג אין דער היסטארישער ליטעראטור.

„אין דער צייט פון פוילישן אויפשטאנד פון 1831 בין איך אלט געווען זעקס יאר. אבער די אויסערגעוויינלעכע געשעענישן וואס זיינע דעמאלסט פארגעקומען ביי אונז אין שטאט, האבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. דערצו נאָך ווען איך בין עלטער געוואָרן. איין מאל איז געקומען א פאפיר, אז מען זאל גרינדן אין שטאט א וואָך און איינשליסן אויך די יידן ווי „סטראזשניקעס".

די וואך האט מען געהייסן אוועקשטעלן אויף דעם שטאטישן מארק; סך הכל זיינען צו יענער צייט געווען אין בענדין א דריי הונדערט יידישע פאמיליעס. איך געדענק, ווי מען האט זיי געגעבן אייזערנע פיקעס, און באוואפנט אוועקגעשטעלט אויף דער וואך.

צווישן די „סטראזשניקעס" זענען געווען יונגע און אלטע, בעלי בתים, און ארעמע לייט. דאס איז געווען אן אויסערגעוויינלעך בילד. יידן פרומע, מיט לאנגע קאפאטעס, צוגענומען פון מסחרים און בתי־מדרשים, זיינען זיי ארומגעגאנגען איבערן מארק מיט אן אויפשריפט אויף די היטלען: (Straz berpieczenstwa)

צווישן די יידישע סטראזשניקעס" (זייער צאל איז געווען 30) האט זיך באזונדערס אויסגעטיילט איינער א ר׳ אנשל, א גרויסער תלמיד־חכם, א לערנער, געשמט מיט זיין בקיאות, זיין פרוי האט געהאנדלט מיט זאלץ און האט מפרנס געווען א גאר גרויסע משפחה; ר׳ אנשל האט זיך גערימט דערמיט, וואס ער ווייסט נישט, גאט צו דאנק, פון קיין צרות מטבע, ער איז א שלעכטער בעל־חשבון און אן עם־הארץ אין מסחר. אין פלוצלונג האט ער געדארפט אוועקווארפן די גמרא און ווערן א „וועכטער" אויפן מארק.

אין א פאר וואכן ארום האט מען אלע יידן באפרייט פון דעם דאזיקן דינסט. מען האט גערעדט אין שטאט, אז דאס האט געקאסט שיין געלד, אבער דעם אנדענק פון יענע יידישע „סטראזשניקעס" איז עד היום נאָך לעבעדיק אין בענדין, און נישט איין משפחה שטאלצירט מיט דעם, וואס איר זיידע איז געווען א „יידישער סאלדאט".

אין 1863 האט מען ביי אונז די יידן נישט גערירט, נאר איין מאל זיינען אין שטאט אריינגעקומען דריי פריצים פון דער ארומיקער געגנט און ארומפארנדיק איבער די שטאט, האָבן זיי פראקלאמיט, אז פוילן איז אויפגעריכט געוואָרן. הגם די מערהייט יידן האבן סימפאטיזירט מיט די פאלאקן, דאך האט די שרעק פאר דער רוסישער מאכט געהייסן זיצן שטיל. נאָר איניקע רייכע יידן האבן מנדב געווען פארן „זשאָנד נאראדאווי" (נאציאנאלע רעגירונג) א היפשע סומע פאר יענע צייטן, אן ערך צען טויזנט רובל. (דאס איז אויך באשטעטיקט געוואָרן פון פוילישע מקורות).

(„איווא בלעטער" 1933, באנד 5 זייט 174)





די שטאָט בענדין איז איינע פון די עלטעסטע אין זאגלעמביע. אויפן האנדלס־שליאך, וואס האט פארבונדן מיטל־פוילן מיטן שכנישן דייטשלאנד — האט זיך אין לויף פון פיל דורות אנטוויקלט אלס א וויכטיקער האנדלס־ און אינדוסטרי־פונקט.

ווען מיר שרייבן וועגן האנדל און אינדוסטרי מיינען מיר דעם יידישן אנטייל, ווייל די גאנצע פיאנער־ארבעט אויפן געביט פון אנטוויקלען דעם האנדל און אינדוסטרי אין אונזער שטאט — איז געטון געווארן כמעט אויסשליסלעך דורך דער יידישער באפעלקערונג. אָנהויבנדיק מיט די גרויסע האנדלס־פירמעס, הורט און דעטאל געשעפטן, ביז דער גרויסער פארצווייגטער קליין אינדוסטרי, — אלץ איז געלעגן אין אין די יידישע הענט.

ערשט אין די לעצטע יארן פארן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, האבן זיך אין שטאט באוויזן קריסטלעכע הורט סוחרים, וועלכע האבן עקזיסטירט נאר א דאנק דער גרויסער אונטערשטיצונג פון די פוילישע מאכט ארגאנען, וואס זענען געווען פאראינטעריסירט אונטערצודריקן דעם יידישן האנדל.

דורך בענדין פלעגט גיין דער אריינפיר און ארויספיר פון פארשידענע סחורות פון פוילן קיין אויסלאנד און צוריק. קיין גענויע ציפערן וועגן אנטייל פון אלע באפעלקערונגס־שיכטן אין דער אנטוויקלונג פון האנדל אין אונזער שטאט איז נישט מעגלעך צו באקומען, באזונדערס נישט אין די אפיציעלע מקורות. דעריבער כדי זיך צו שאפן א בילד וועגן דער שטופנווייזער אנטוויקלונג פון די דאזיקע ווירטשאפטס־צווייגן אין אונזער שטאט, האבן מיר זיך באנוצט מיט מאטעריאלן וואס זענען איבערגעגעבן געווארן בעל פה דורך מענטשן, וואס געדענקן מער אָדער ווייניקער פרטים וועגן די בארירטע פראגן. אדער אליין אנטיילגענומען אין דער אנטוויקלונג פון דער בענדינער ווירטשאפט.

## דער וווקס פון דער יידישער באפעלקערונג

איידער מיר טרעטן צו צו אונדזער טעמע, א קורצן איבערבליק איבער דעם וווקס פון דער יידישער באפעלקערונג אין בענדין.

בענדין איז געווען צווישן די ערשטע 5 שטעט אין פוילן, אין וועלכע די יידישע באפעלקערונג האט געהאט א סטאבילן און נארמאלן צוווּקס, צוליב דער פעסטער עקאנאמישער באזע פון דער שטאט, ווּ יידן האבן אויפגעבויט און אנטוויקלט א גרויסן האנדל און אינדוסטרי. בענדין האט געהאט איר ספעציפישן יידישן כאראקטער, א דאנק איר שטענדיקער גרויסער יידישער מערהייט. די פאלגנדע טאבעלע ווייזט דעם וווּקס פון דער יידישער באפעלקערונג פון יאר 1789 ביז 1939, און איר פראצענטועלן אנטייל אין דער אלגעמיינער באפעלקערונג פון דער שטאט (לויט מ. קאנטאר־מירסקי, ז. לעשטשינסקי און אנדערע מקורות):

| יאר | אלגעמיינע צאָל | יידן | פראָצ. |
|---|---|---|---|
| 1789 | 1200 | 300 | 25 |
| 1835 | 2500 | 1200 | 48,6 |
| 1855 | 3350 | 2240 | 68,0 |
| 1897 | 13550 | 10839 | 80,0 |
| 1921 | 30.000 | 18210 | 60,0 |
| 1931 | 50.000 | 24000 | 44,0 |
| 1939 | 60.000 | 27000 | 45,0 |

אין 1941 מיטן צושטראם פון יידישע פליטים פון ארומיקן קרייז, האָט בענדין געציילט בערך פערציק טויזנט יידישע נפשות.

אין יאר 1897 איז דער פראצענט פון דער יידישער באפעלקערונג אין בענדין געווען 80 פראצ., אין 1921 נאר 60 פראצ. און אין 1931 געפאלן ביז 44 פראצ., גלייכצייטיק אבער איז געוואקסן די אבסאלוטע צאל פון דער יידישער באפעלקערונג אין בענדין פון 1897 ביז 1939 דרייפאך. די פראצענטועלע פארקלענערונג איז געווען א פועל יוצא פון דער פאליטיק פון דער פוילישער אדמיניסטראציע, וואס האט צוגעטיילט די פארשטעט, ווי מאלאבאנדז און אנדערע ריין פוילישע ישובים צו בענדין. דאס הייסט — די אדמיניסטראציע האט קינסטלעך געהויבן דעם פראצענט פון דער פוילישער באפעלקערונג.

אין יאר 1931 איז אין בענדין געווען צווישן די ערשטע 10 שטעט אין פוילן לויט דער צאל פון אירע יידישע איינוווינער און אין 1937 שוין צווישן די ערשטע 7 שטעט אין פוילן.

## יידישער פלייס און אונטערנעמונגס-גייסט

מען ווערט פשוט דערשטוינט ווען מען דערמאנט זיך, אז די אינדוסטרי אין בענדין איז אין הונדערט פראצענט געבויט געווארן דורכן יידישן אונטערנעמונגס־גייסט, אן פאכמענישער צוגרייטונג, אָן באדייטנדיקע קאפיטאלן, אָן שטיצע מצד די צארישע און שפעטער אויך פוילישע רעגירונגען. יידישע יונגעלייט, וואס דאס בית־המדרש איז געווען זייער פאכמענישע שול, זייער פאלקס־אוניווערסיטעט, האָבן אויפגעבויט גאנצע אינדוסטריי־צווייגן אָנהויבנדיק פון דער קוילן אינדוסטרי, (וואס איז נישט געלעגן אין יידישע הענט — געווען בלויז איינצלנע יידישע קוילן גרובן), יידן האבן געקויפט און געפירט די זאגלעמביער קוילן אין ווייטן רוסלאנד אין אויך אויסער די גרענעצן פון לאנד, אזוי אז אין יאר

1935 האט דער קוילן־עקספּאָרט באטראפן 35 פּראָצ. פון דער גאנצער פראדוקציע וואס איז באשטאנען אן ערך פון 71/2 מיליאן טאָן. אזוי האט דער יידישער פלייס געהאלפן אנטוויקלען נישט נאר די זאגלעמביער קוילן גרובן, נאר אויך די גרויסע פאבריקן פון די פאטאקס, שיינס, פירסטענבערגס, ביז די צענדליקער פאבריקלעך פון אייזן־מעטאל־אויסארבייטונגען. יידן בויען גרויסע קאלך־אויוונס, צעגעלניעס, שרויפן־ און נעגל פאבריקן, צינק־ און פארבן פאבריקן א. אז. וו.

ארום דער קליינער וואסער־מיל אויף דער פשעמשא, וואקסן אויס פינף גרויסע מאדערנע מילן, געטריבן דורך עלעקטרישע קראפט, עס אנטשטייען גרויסע אונטערנעמונגען. און ארום דער דאזיקער אינדוסטריע אנטוויקלט זיך א גרויסער האנדל, עקספּעדיציע קאנטארן, קאמיס־הייזער, פארשידענע פארמיטלונג־אגענטורן, באנקן, א. אז. וו.

## בענדין — א טראנזיט - שטאָט

בענדין אלס טראנזיט פונקט צווישן רוסלאנד און אויסלאנד, ספּעציעל דייטשלאנד, האט שטארק געווירקט אין אויפבויען דעם האנדל און הויבן דעם עקאנאמישן באדייטונג פון דער שטאט. צוליב דעם וואס בענדין האט זיך געפונען אין צענטער פון דאמבראוואער־זאגלעמביע באסיין, וועלכער פארמאגט אומגעהויערע אוצרות פון קוילן און אנדערע מינעראלן, האט די שטאט געמוזט פארלירן דעם כאראקטער פון אן אויסשליסלעכן האנדלס־צענטער, און עס האָבן זיך אויך געמוזט אנהויבן צו אנטוויקלען געוויסע צווייגן פון דער אינדוסטריע.

אמפריסטן האבן זיך אנטוויקלט די וואסער־מילן א דאנק דער קראפט, וואס האט צוגעשטעלט דאס וואסער פון דער „שווארצער פשעמשא", וועלכע פליסט דורך דער שטאט, שפּעטער זענען אַנטשטאנען ברויעריייען, אייל פאבריקן, פארב־און צינקווייס פאבריקן א.אז.וו.

אָבער א שטארקע אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע באמערקט מען ערשט ווען די שטאט באקומט, אין יאר 1911, עלעקטרישע ענערגיע, נאכן ערשטן וועלט־קריג, ווען יעדע מלוכה באמיט זיך צו ווערן אומאפהענגיק סיי אויפן פאליטישן, סיי אויפן ווירטשאפטלעכן געביט פון אויסלאנד, ווי יעדע מדינה שטרעבט צו אויטאקראטיע, קומט אויך ביי אונז פאר א געוויסע ענדערונג אין דער ריכטונג פון צופאסן די פראדוקציע צו די פרישע באדערפענישן.

## קאָנקורענץ מיט דייטשלאנד

די רעגירונג רעגולירט דעם אימפארט, און שטיצט מיט א צאל־באריער די יונגע אייגענע קליין־און גרויס־אינדוסטריע פאר אויסלענדישער קאנקורענץ, כדי אזוי ארום זיי צו דערמעגלעכן א געזונטע עקאנאמישע אנטוויקלונג. עס אנטשטייען אזוי ארום אין בענדין א סך נייע אינדוסטריע אונטערנעמונגען, וועלכע פארגרעסערן נאָך מער זייער פראדוקציע, צוליב דעם צאָל קריג מיט דייטשלאנד וואס איז אויסגעבראכן אין יאר 1926. די פאבריקן ארבעטן אויס פיל פון די ארטיקלען וואס זענען ביז דאן אריינגעפירט געווארן פון דייטשלאנד. דער אונטערנעמונגס־גייסט און די אומדערשעפלעכע ענערגיע פון די יידישע פאבריקאנטן, האבן במשך פון א קורצע צייט באוויזן צו שאפן פארשידענע נייע אינדוסטרי־צווייגן, וועלכע פארטרעטן פולשטענדיק די אויסלענדישע אויסארבייטונגען.

בענדין, וואס איז געווען א פּאוויאַט־שטאָט מיט אן ערך 60.000 איינוואוינער, האָט פארמאגט פּראָפּאָרציאָנעל א גענוג אנגעזעענע צאל קליינע פאבריקן, אבער ווייניק גרויסע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. צו די גרעסטע פאבריקן דארף מען פאררעכענען די פוילישע אנשטאלטן פאר צינק אינדוסטריע", „קאבעל פאבריק", קאקאס־פוטער פאבריק „פאטאקאל", פארב־און צינקווייס פאבריקן, שרויפן, קייטן און דראט.

זעלבסטפארשטענדלעך, ווי א באגלייט־דערשיינונג פון דעם וווקס, און פון דער ראל פון יידן אין עקאנאמישן לעבן פון בענדינער קרייז, האט זיך אנטוויקלט א שטארקע טענדענץ צו פארפוילישן דעם האנדל, וועלכער איז אבער אין בענדין פאריגעקומען שפּעטער ווי אין אלע אנדערע שטעט אין פוילן.

בענדינער יידן האבן זיך נישט געלאזט ארויסשטופן פון זייערע דערארבערטע פאזיציעס, און עס זענען אויך נישט געווען אין שטאט די קריסטלעכע כוחות און קאפיטאלן, וואס זאלן קאנען איבערנעמען די יידישע פאזיציעס אין האנדל און אינדוסטרי, שוין נישט רעדנדיק וועגן קוואליפיצירטע פאכמענער. להיפך — געווען פאלן, ווען פוילישע אונטערנעמונגען זענען אריבער אין יידישע — ווי אויך אין אויסלענדישע הענט, צ. ב.: אין בענדין איז אנטשטאנען די גרויסע פאבריק פון קאבעל און דראט, געגרינדעט דורכן יידישן אינזשיניער גאלדשטאב, אבער מיט פויליש קאפיטאל, און אין א קורצע צייט איז די פאבריק אריבער צו א פראנצויזישע געזעלשאפט, וועלכע האט זי ערשט אנטוויקלט צו איינער פון די גרעסטע פאבריקן פון איר מין אין פוילן, וו ס'האבן געארבעט איבער טויזנט ארבעטער און 120 ביורא־אנגעשטעלטע.

געווען א סך פאלן, ווען פוילישע פאבריקן זענען אריבער אין יידישע הענט. נישט קוקנדיק אויף דער שווערער שטייער־לאסט, און אנדערע שוועריקייטן וואס די פוילישע מאכט האט געשטעלט אויפן וועג פון יידישן האנדל, האבן בענדינער יידן כמעט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נישט איבערגעריסן דעם גרויסן אנטוויקלונגס־פראצעס פון האנדל און אינדוסטרי.

## די לעדער בראנזשע

איינע פון די עלטעסטע און ערשטע אין שטאט איז געווען די לעדער־בראנזשע. נאך מיט הונדערט יאר צוריק, פלעגט גיין דער יונגער ראובן ליוווער, א הויכער ייד מיט ברייטע פּלייצעס, גארנישט ענדלעך צו די דאמאלסטיקע יידן מיט זיין פיזישן כוח, אין די ארומיקע דערפער אין אויפקויפן דא א קוניגל, (א מין פעל) דארט א קאזע אדער האזן־פעל, אין אזוי משבת לשבת, יאר איין יאר אויס, ביז ער איז געווארן דער הויפט־אָפּנעמער פון רויע פעל פון אלע ארומיקע שטעטלעך. שפּעטער איז ער געפארן אויך איבער דער גרענעץ קיין דייטשלאנד אין געבראכט רויע פעל קיין בענדין, צו דעם צוועק האט ער אויפגעשטעלט אויף די „ווארפיעס", דעמאלט ווייט פון דער שטאט אבער נאָנט צו דער באן־ליניע, די „סארשארניע": א גרויסע געביידע מיט אפענע פענצטער, ווו די לעדער זענען געווארן געזאלצן און געטריקנט, און דאן ווייטער געשיקט קיין ווארשע און רוסלאנד אין די לעדער־פאבריקן, צום אויסארבעטן.

נאך ראובן ליווערס טויט אין יאר 1910 האבן זיין זון, ר' קלמן ליווער, און זיין איידעם, יחיאל קאוואלסקי, ווייטער געפירט דאס געשעפט, און די בענדינער לעדער האט געהאט א גוטן שם אין געווארן געזוכט דורך די ווארשאווער פאבריקן, צוליב זיין גוטער קוואליטעט און אויך צוליב דער רעיעלקייט פון דער פירמע.

**דאן אנטשטייען גרויסע הורט געשעפטן פון פארטיקע לעדער, ווי פון משולם ליווער, פישער און אנדערע.**

**שוין אין יאר 1904 זענען געווען אין שטאט איבער 15 שטעפער אונטערנעמונגען, ווו עס האבן געארבעט ביז 200 ארבעטער, אלע יידן. די פראדוקציע איז געגאנגען קיין רוסלאנד. די ארבעטער פלעגן דאן ארבעטן ביז 14 שעה אין טאג און באקומען א מינימום־געהאלט. עס פלעגן אויסברעכן שטרייקן, געשטיצט דורך דער דעמאלסטיקער יונגער ארבעטער פארטיי פועלי־ציון, אבער אן רעזולטאט, ווייל דער בעלי־הבית איז אליין געווען הויפט־פאכמאן, מיט דער הילף פון צוויי ארבעטער וואס האבן גענייט אויף דער מאשין, די איבעריקע זענען געווען נישט־קוואליפיצירטע, און דער בעל־הבית האט זיי געקענט טוישן ווען ער האט געוואלט.**

**אין 1905 האט די פוילישע סאציאליסטישע פארטיי פ.פ.ס. געהאלפן ארגאניזירן א שטרייק אין דעם שטעפער פאך, אבער אויך דער שטרייק איז אדורכגעפאלן. ערשט ווען די „אחדות"־יונגען האבן זיך אריינגעמישט און מיט טעראר אראָפגענומען די רעדלעך פון די ניי־מאשינען, זענען ערשט די בעלי־בתים געווארן נאכגיביק און די ארבעטער האבן אויסגעקעמפט א בעסערן לוין.**

**אויך די שיך פראדוקציע האט זיך אין בענדין גוט אנטוויקלט, ספעציעל ארבעטער־שיך פאר פויערן און גרובן־ארבעטער. דאס זענען געווען פאבריקלעך אן מאדערנע מאשינען. דער גרעסטער טייל פון זיי האט זיך געפירט לויטן סיסטעם פון היים־ארבעטער, באקאנט מיטן נאמען „כאלופניקעס". געווען אויך אין שטאט צענדליקער פאבריקלעך פון לעדער־גאלאנטעריע, ווי דאמען־טאשן, לעדערנע טעקעס, לעדער־וואליזן, א. אז. וו.. דאס זענען געווען קליינע ווארשטאטן, געפירט אין די וווינונגען, ווו דער פאבריקאנט איז געווען אויך דער איינקויפער און פארקויפער, און וואס זייער פראדוקציע האט געהאט א גרויסן אפזאץ־מארק אין נאענטן אויבערשלעזיע. פון די גרעסערע אונטערנעמונגען אין דער בראנזשע איז געווען דוד׳ל זשמיגראדס לעדער־טראקן און לעדער פאסן פאבריק, וואס האט געהאט א גוטן אָפזאץ אין שטאַט א דאנק די צענדליקער פאבריקלעך ביי אונז.**

## האָלץ - בראנזשע

**די שטאט בענדין ליגט צווישן צוויי וויכטיקע אינדוסטרי צענטערן, וועלכע האבן באווירקט און באאיינפלוסט דעם גאנצן פוילישן ווירטשאפטלעכן לעבן; פון איין זייט די דאמבראווער קוילן־גרובן און פון דער צווייטער זייט — די סאסנאוויצער און אויבערשלעזישע קוילן און אייזן הוטעס. יידישע ארבעטער זענען נישט צוגעלאזט געווארן אין די קוילן און אייזן־הוטעס, דאקעגן זענען געוויסע פאכן, ווי צ. ב. סטאליער, בלעכער, מאלער אפילו אין די גרובן געווען בלויז יידן, ווייל דער בענדינער יידישער האנטווערקער האט געהאט א גוטן נאמען אלס קוואליפיצירטער פאכמאן. אויך די צושטעלער פון די פארשידענע סחורות אין די גרובן זענען געווען אויסשליסלעך יידן. אזוי האבן יידן צוגעשטעלט אויך האלץ אין גרויסע קוואנטומס, וואס די גרובן האבן פארברויכט.**

**פון די ערשטע האלץ־סוחרים און צושטעלער אין די הוטעס זענען געווען די פירמעס:** פאטאק־פראקוצינער, **און** הלל פאכטער. **זיי האבן אפילו געהאט אין בענדין אייגענע טארטאקן (פאטאק אויף דער מאלאכאווסקי גאס, ביי דער מיל, און פאכטער אויף גזשיכאוו. אויך לאזער** באזשיקאווסקי **און דער באקאנטער נדבן הענדל** נונבערג, **זענען געווען פון די גרויסע האלץ־סוחרים און צושטעלער אין די פאבריקן און קאפאלניעס. ר׳ הענדל נונבערג האט עקספלאָטירט וועלדער און עקספארטירט אין די ווייטע לענדער. שוין אין יאר 1905 האבן ביי אים געארבעט א 20 יידישע ביורא־אנגעשטעלטע. בענדינער יידן האבן געהאנדלט מיט האלץ אין גאנץ גרויסן פארנעם. אזוי אנטשטייט א גאנצע רייע פון גרויסע האלץ־לאגערס, פון וועלכע ס׳זענען באקאנט געווען:** ליכטענשטיין־ערליך, **יצחק גאלד, יידל** האמפל, **שלמה** שלעזינגער, מנדל פערענס, **וואלף** פערענס **און** זיגרייך.

**מיט דער אנטוויקלונג פון בענדין קומען צו נאך א רייע קלענערע סוחרים,** ווי געלבארד, שווארץ, וויינשטיין, ראזענבלום, **און אזוי ווערט בענדין דער האלץ־צענטער פאר גאנץ זאגלעמביע, און שפעטער אויך פאר גאנץ אויבערשלעזיע. ארום די האלץ־לאגערן אנטוויקלט זיך אן אינדוסטריע פון האלץ־אויסארבייטונגען: מעבל, קודגעפעס, דאך־שינדלען, וואס מען פלעגט עקספאַרטירן אפילו קיין דייטשלאנד. אונזער האלץ־מעבל האט געהאט א גוטן אפזאץ־מארק, נישט נאר ביי דער גרויסער ארבעטער־מאסע פון זאגלעמביע נאר אויך ספעציעל ביי די פויערן פון אלע דערפער אין אונזער קרייז, וועלכע פלעגן קומען קיין בענדין איינקויפן די ביליקע „ווישניאווע"־שענק. מיר געדענקן נאָך די „טארגן" — די מארק־טעג פון בענדין און פון שעווער, וועלכע פלעגן פארקומען איינמאל אין דער וואך מיט זייער גרויסע, צאל האלץ־אויסארבייטונגען. אויך פלעגן קומען קיין בענדין פון די ווייטערע שטעט און שטעטלעך סטאלערעס און דאן געפונען א מקור פון פרנסה. אינטערעסאנט צו דערמאַנען. אז שוין אין יאר 1910 האבן 60 יידישע סטאלערעס געשאפן א קאָאָפעראטיוו אין בענדין.**

**געווען דאן אין בענדין די אזוי גערופענע „יידישע ליי־ און שפאר־קאסע", וועמענס פרעזעס איז געווען ה׳** סערצאזש **און לייטער** מאקס אראנאוויטש. **קיין דיסקאנטן האט די צארישע מאכט נישט דערלויבט דער „ליי־ און שפאר־קאסע" צו מאכן. אין אזוי ווי יידן האבן דאך געברויכט געלט צו קויפן האלץ און צאלן ארבעטער־לוין, איז טאקע אראנאוויטש געפאלן אויפן געדאנק צו פאראייניקן אלע סטאליארעס, ער האט זיך בארעטן מיטן יונגן האלץ סוחר** מאטל גאלד **(איצט אין ישראל) און טישלער־פאכמאן יאקובאוויטש און געשאפן דעם האלץ־קאָאָפעראטיוו, ווו עס זענען אריין חוץ די 60 יידישע אויך עטלעכע קריסטלעכע סטאלארעס.**

**לויט דעם פלאן האָבן די בעלי־מלאכות אריינגעגעבן די פערטיקע אויסארבייטונגען אין אן אלגעמיינעם מאגאזין; יעדער האט באקומען גלייך 25 פראצענט א קאנטא פון די געליפערטע סחורות. יעדע וואך האט מען זיך אפגערעכנט, און צוגעצאלט לויט דער פארקויפטער פראדוקציע. כדי עס זאל נישט זיין קיין איבערפראדוקציע, איז באשלאסן געווארן, אז קיינער טאר נישט ארבעטן לענגער ווי 10 שעה א טאג. נישט געקוקט אבער אויף דער קאנטראל, האט זיך ארויסגעוויזן, אז עטלעכע סטאלארעס גיבן ארויס א צו גרויסע פראדוקציע. נאך א לאנגער חקירה ודרישה האט זיך ארויסגעשטעלט אז זיי פלעגן אויפשטיין אין מיטן דער נאכט און ארבעטן.**

**שפעטער איז געקומען א געוויסער** הארוויטש, **צוגענומען די מעבל־ אויסארבייטונגען ביי די סטאלארעס און זיי געגעבן א קאנטא פון 50 פראצ. און די רעשט ביים פארקויפן די סחורה. היות ווי קיין שוועריקייט ביים פארקויפן די סחורה איז נישט געווען, פלעגן יידן ארבעטן און האבן פרנסה בשפע. ס׳איז אנצונעמען, אז אין דער מעבל־פראדוקציע האָבן געארבעט פון 250 ביז 300 ארבעטער־געזעלן, ווייל יעדער בעל־הבית האט געארבעט מיט עטלעכע געהילפן — פון דריי ביז צען. ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער קאאפעראטיוו אויפגעלעזט געווארן.**

חוץ די 60 סטאליארעס פון ביליקן מעבל, איז געווען נאך א צאל וואס האט געארבעט נאר לוקסוס־מעבל פאר די נגידישע הייזער. צווישן די דאזיקע סטאלארעס זענען געווען באקאנט: קערנער, וויינבלום, לעוואוויטש, פראמערמאן, הערשקאוויטש און מ. דיאמענט.

געווען אויך א צאל טאקער אין דרעקסלער ווי: זינדל ווייס־מארק, ע. וויינבלום, און נאך. אויך איז געווען באקאנט די גוט איינגעארדנט מעכאנישע ווארשטאטן פון הערשקא יאקובאוויטש און משה שפיגל, וועלכע האבן געארבעט פאר דעם בוי: טירן, פענצטער א. אז. וו.

אין יאר 1940 האבן די דייטשן צוגענומען אלע מאשינען ביי די יידישע סטאלער, און געעפנט אין דער גרויסער געביידע פון פערדערס ספירט־ראפינעריע א סטאלער־שאפ. 150 סטאלערעס האבן זיך געמוזט שטעלן צו דער ארבעט, כמעט אלע געוועזענע מייסטערס. אין דער צייט ווען אין שניידער־ און שוסטער־שאפ האבן די יידן באקומען א הונגער־לוין, האבן די סטאלארעס באקומען אויף מינימאלער אויסהאלטונג, א דאנק זייערע גוטע און פאכמענישע ארבעטן.

## די אייזן בראנזשע

בענדין איז שוין פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען א פלאץ פון אייזן האנדל, אין אפילו א פיאנער פון געוויסע אייזן־אינדוסטרי־ארטיקלען. ערשט אין יאר 1914, נאכן באזעצן פוילן דורך די דייטשן, ווערט אונזער שטאט כמעט דער צענטער פון אייזן האנדל אין גאנץ פוילן. די נאָענטקייט פון דער שטאט צו דער דייטשער גרענעץ, ווו עס האבן זיך געפונען די גרויסע אייזן־הוטעס, האט אויך מיטגעווירקט צו פארשפרייטן פון אייזן־האנדל. בענדינער יידן, וועלכע האבן באהערשט גוט די דייטשע שפראך, פלעגן אנקניפן האנדלס־באציונגען און ברענגען פון דייטשלאנד די שטאל און אייזן, די אזוי גערופענע: „קורץ־ווארן ארטיקלען" און עס ווייטער פארשפרייטן אין גאנץ פוילן. שפעטער, נאך פוילנס אנטשטייונג און פארן איבער־שלעזישן פלעביסציט, ווען ס'איז נישט געווען קיין צאל־באגרענצונגען מיט פוילן, האט עס שטארק געהאלפן דעם נאענטן בענדין צו פארפעסטיקן דעם אייזן האנדל, און די שטאט איז געווארן א צענטער פון דער אייזן בראנזשע.

פון די גרויסע אייזן סוחרים וואס האבן געשפילט א ראלע אין דער ברייטער סוחרישער וועלט, האט דעם ערשטן ארט פארנומען די פירמע פון יעקב גוטמאן, איינע פון די גרעסטע אייזן־לאגערס אין פוילן, ספעציעל אין קורץ־לאנג־אייזן און בלעך. עס שיינט, אז עס איז נישט געווען קיין שטאט אין פוילן וואס זאל נישט האבן געקויפט ביי אים סחורה. פון ווארשע, לעמבערג, ווילנע, פויזן און פון גאנץ פוילן, פלעגן קומען גרויסע סוחרים און קויפן אייזן אין זיין פירמע. אין די גרויסע מאגאזינען אויף דער קאלאנטאיא און קאשטשושקא גאס איז אלע מאל געווען א גרויסע באוועגונג: באנען מיט וואגאנען סחורות, לאסט־אויטאס, פערד און וועגנער אן א שיעור. כמעט אלע אנגעשטעלטע און ארבעטער זענען געווען יידן. דאן קומען די אנדערע הורט סוחרים: העשקא מערין, אלפרעד שווארצבוים, פון די געציילטע בענדינער סוחרים וואס האבן פארקויפט סחורות דעם אנטיסעמיטישן פויזן. ווייטער קומען א. ק. ליווער, י. מ. קורלאנד, י. ב. גרונדמאן, מ. ל. גרונדמאן, לאנדנער, ש. י. מערין, שמואל ליווער, א חוץ א רייע קלענערע אייזן־סוחרים.

דער דאזיקער האנדלס־צווייג האט אריינגעבראכט אן אויפלעבונג אין שטאט, סוחרים און וואיאזשארן פלעגן כסדר קומען איינקויפן סחורות.

ס'זענען געווען אין שטאט אויך א גרויסע צאל מעטאל־סוחרים פון צינק, בליי, מעש, קופער, וועלכע פלעגן אויפקויפן שמעלץ און אליין עס גיסן אין בלאקן. פון די באקאנטע סוחרים זענען געווען חיים וואלף שטיינהארט, בורשטין, שטיינהארט — טשארניצקי, חיים ליווער, געברידער גאלדבערג, די פירמע דוד ארליך — אברהם ליווער און אנדערע. בענדין האט נישט בלויז געהאנדלט מיט אייזן, נאר אויך פראדוצירט א גרויסע צאל אייזן־ארטיקלען.

זייענדיק נאענט צו די קוועלן פון די רוי־אייזן שטאפן, האט די שטאט אויך צוגעהאלפן צום אויפבוי פון א גרויסער אייזן און מעטאל־אינדוסטריע. גאר שטארק האט זיך די אייזן אינדוסטרי אנטוויקלט נאכן יאר 1933, ווען דאס פוילישע יידנטום האט געפירט די גרויסע באיקאט־אקציע געגן האנדל מיט היטלער־ דייטשלאנד און נישט קוקנדיק דערויף, וואס בענדינער סוחרים זענען געווען שטארק פארבונדן מיטן דייטשן האנדלס־מארק, איז בענדין דאך געווען פון די ערשטע שטעט אין פוילן וואס האבן אמשטארקסטן באקעמפט דעם האנדל מיט דייטשלאנד. דאס האט טאקע געבראכט אן אויפלעבונג אין דער אינדוסטרי און צום אויסארבעטן נייע אינדוסטרי־ארטיקלען, וועלכע מ'האט ביז דאן געבראכט פון דייטשלאנד־ און א פאר צענטליק פאבריקלעך האבן פראדוצירט: בוי־ און מעבל באשלעג, נעגל, קייטן, שלעסער, דראט, שרויפן, קלאמקעס, צינק־ און אייזן־וויאדרעס.

די פיאנערן פון דער בענדינער אינדוסטריע זענען געווען ר' שלמה שיין און מאנעלע לאסקער. ר' שלמה שיין האט געהאט א געוועלב פון אייזן אויפן אלטן מארק 1. אין יאר 1860 האט ער אפגעקויפט א קליין פרימיטיוו פאבריקל פון נעגל אין סלאווקאוו, ווו ס'האבן געארבעט טעלעכע ארבעטער. ער איז געווען נישט בלויז א גוטער סוחר, נאר אויך א פעיקער ארגאניזאטאר, אין אזוי בויט ער אויס פון זיין קליינער פאבריק אן אונטערנעמונג, איינע פון די גרעסטע אין זאגלעמביע, נאך זיין טויט האבן זיינע דריי זין: חיים (געשטארבן אין ישראל) מרדכי (איצט אין ישראל) און יצחק (אומגעבראכט) נאך מער פארגרעסערט די פראדוקציע, געארבעט מיט די מאדערנסטע מאשינען. די פירמע איז געווארן אן אקציען־געזעלשאפט (די אקציעס זענען געווען אין די הענט פון די ברידער). די פאבריק האט אויסגעארבעט: נעגל, דראט, שרויפן, קייטן, און לעצטנס אויך אנגעהויבן אויסארבעטן איידל־מעטאלן, מעש און קופער דראט. אין דער פאבריק האבן געארבעט איבער טויזנט ארבעטער, פון זיי א 25 פראצ. יידן. אויך דער הויפט־אינזשיניער איז געווען א ייד. נישט געקוקט דערויף, וואס דער פוילישער ארבעטס־אמט האט נישט צוגעלאזט קיין יידישע ארבעטער אין דער שווער־אינדוסטרי, האבן דאך די ברידער שיין, געפועלט אז א געוויסע צאל יידן זאל קאנען ארבעטן אין זייער פאבריק. א דאנק די שיינס האט דער הכשרה־קיבוץ אין סלאווקאוו געקענט זיך אנטוויקלען און ווערן איינער פון די בעסטע הכשרה־פונקטן פאר די פוילישע חלוצים. כמעט 50 פראצ. פון די חברים אין קיבוץ האבן געארבעט אין דער נעגל־פאבריק ביי די שיינס. אויך די 80 ביורא־אנגעשטעלטע זענען געווען יידן. די פאבריק האט אויך א דאנק אירע גוטע אויסארבעטונגען געהאט אן עקספארט קיין אויסלאנד.

טעלעכע יאר פאר דער מלחמה האט איינער פון דער פאמיליע שיין געעפנט א נעגל־פאבריק אין בולגאריע.

א צווייטער פיאנער פון דער אייזן־אינדוסטרי איז געווען מאנעלא לאסקער, וועלכער האט צוזאמען מיט משה הערש גוטמאן (דער מאן פון בלומעלע סענדערס )געגרינדעט אין יאר 1890 די

„דראָטשאַרניע״, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער מאַלאַכאָווסקי גאַס ביי דער סטאַציע, ווו ס׳זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן נעגל און קייטן. אין 1910 איז די פאַבריק אָפּגעברענט געוואָרן.

צו די גרויסע פאַבריקן האָט אויך געהערט די קאַבל־פאַבריק, איינע פון די גרעסטע אין פּוילן, געגרינדעט דורך דעם יידישן אינזשיניער גאָלדשטאַב, מיט פּוילישן קאַפּיטאַל. אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט איבער 1.200 אַרבעטער, אַלע קריסטן, נאָר א טייל פון די ביוראָ־באַאַמטע זענען געווען יידן.

אויך שמעון פירסטענבערג איז געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער פּוילישער אינדוסטריע. א פּעאיקער סוחר און גוטער אָרגאַניזאַטאָר. אין 1920 האָט ער אָפּגעקויפט ביי א דייטש אין קעניגסהוטע א קליין פאַבריקל פון צינק־וויאַדראָס און עס איבערגעפירט קיין בענדין, ווו ער האָט שוין געהאַט אָפּגעקויפט די צינק פאַבריק פון טולמעס אַפּנהיים, און אין א קורצע צייט אַרום עס אויפגעבויט אַלס איינע פון די מאָדערנסטע פאַבריקן „די פּוילישע אַנשטאַלטן פאַר צינק אויסאַרבעטונגען״ איז געווען פון די ערשטע אין פּוילן פון דעם סאָרט, ווו ס׳איז פּראָדוצירט געוואָרן: פאַרצינקטע בלעך, און פאַרצינקטע וויאַדראָס. געהאַט א אָפּזאַץ מאַרק ווייט מחוץ די גרענעצן פון פּוילן.

אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט 1.500—1.200 אַרבעטער, פון זיי א 250 יידן, חוץ 100 יידישע ביוראָ־אַנגעשטעלטע. שמעון פירסטענבערג (אויך די שיינס) איז געווען אַן אויסנאַם צווישן די יידישע פאַבריקאַנטן, וועלכע זענען געווען בדרך כלל ווייט פון יידישן לעבן, און נישט באַשעפטיקט קיין יידישע אַרבעטער אין זייערע פאַבריקן. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט. א גרויסער נדבן. איינער אַליין אויפגעבויט די גרויסע יידישע גימנאַזיע, נישט געווען אין שטאָט קיין סאָציאַלע אונטערנעמונג וואָס זאָל נישט געניסן פון זיין אונטערשטיצונג.

אויך אין זיין פאַבריק האָט ער זיך באַמיט צו באַשעפטיקן וואָס מער יידן, איבערהויפּט אויף אַנפירנדיקע פּאָסטנס: אינזשענירן, מייסטערס, מאַגאַזיניערן א. אז. וו. יעדער ייד וואָס האָט זיך געוואָנדעט נאָך אַרבעט אין פאַבריק, איז געוואָרן צוגענומען. עס איז שיעור נישט געקומען צו א שטרייק פון די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן פּראָטעסטירן קעגן באַשעפטיקן אַזוי פיל יידן אין פאַבריק, אין דער צייט ווען ס׳האָט געהערשט א גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט ביי די פּוילישע אַרבעטער.

פירסטענבערג האָט נישט מורא געהאַט פאַרן פּוילישן אַרבעטסאַמט, און אַריינגענומען אין פאַבריק יידן.

אינטערעסאַנט איז אַז יידישע אַרבעטער זענען ביז יאָר 1920 נישט געווען בנמצא אין דער שווערער — ווי אויך מיטעלער אינדוסטריע אין זאַגלעמביער קרייז, אין די קוילן גרובן, ווי אויך אין די דאָמבראָווער אייזן־הוטעס זענען קיין יידישע אַרבעטער נישט צוגעלאָזט געוואָרן. ערשט אין 1924, ווען ס׳קומט קיין בענדין דער הכשרה קיבוץ געלונגט א טייל פון זיי צו באַקומען אַרבעט אין די וואַלצן־און צינק־פאַבריקן א דאַנק שמעון פירסטענבערגן וועלכער האָט א סך געהאָלפן דעם קיבוץ באַראַכאָוו מיט געבן אַרבעט אין זיין פאַבריק. אויך אַנדערע יידישע פירמעס, ווי די פוטער־פאַבריק „פּאַטאַקאַל״, און די גרויסע אייזן סוחרים גוטמאַן און מערין, האָבן אויך גענומען חברים פון קיבוץ באַראַכאָוו אויף אַרבעט.

פירסטענבערג האָט אויך אָנגעהויבן בויען א גרויסע אייזן־הוטע אין בענדין, נאָר די אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב דעם אויסברוך פונם קריג.

צו דער מיטעלער אינדוסטריע האָט אָנגעהערט: די פאַבריק „מייוועג״, אייגנטימער: אַברהם ליווער, איינוואַלד און יעקב ניימאַרק, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט טיילן צו ראָווערן. אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט 125 אַרבעטער, פון זיי א גרויסע צאָל יידן. צו די מיטעלע פאַבריקן אין בענדין קענען אויך צוגערעכנט ווערן די קייטן און שרויפן פאַבריק פון די ברידער פייערמאַן. אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט 125 אַרבעטער. דער הויפּט מייסטער איז געווען דער עלטער פאָטער פון די פייערמאַנס, וועלכער האָט א מאָל אַליין שווער געאַרבעט, געווען א קאָוואַל, דערביי געגעבן די קינדער א גוטע דערציונג און בילדונג.

איינער פון די זין, הענריק, איז א דאַנק זיינע פעיקייטן געוואָרן דירעקטאָר פון דער גרעסטער וואָל פירמע: „צ. ג. שיין״ אין ביליץ; דער צווייטער זון האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין א גרויסער אייזן־פירמע; דער דריטער האָט געענדיקט א טעכנישע שולע; די דריי ברידער האָבן מיט זייערע פעיקייטן און קענטענישן אויפגעבויט איינע פון די שענסטע פאַבריקן אין שטאָט.

דאַן קומען א רייע קלענערע פאַבריקלעך, ווו ס׳האָבן געאַרבעט פון 25—50 אַרבעטער. פון די עלטעסטע איז געווען די וואַש־ברעטלעך פאַבריק פון פלטיאל אונגער — און גאָלדקאָרן. אין 1912 איז אונגער געפאָרן קיין לייפּציג פאַרפולקאָמען זיך אין זיין בראַנזשע. שפּעטער זענען אַנטשטאַנען נאָך צוויי וואַש־ברעטלעך פאַבריקן פון שווייצער און גליימאַן. אויך שמעון פלעסנער איז געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט בוי־באַשלעג.

עזריאל אַפּאַטשינסקי האָט פּראָדוצירט בראַטרערן און באַשלעג, די פירמע „דוד אונגער ליכטענפעלד״, משה פלעסנער, שמואל לירווער ראַבינאָוויטש, משה פּרעגער, „מעטאַלפּאַל״ (אייגנטימער: איסר לאַנדנער ־ האַמבורגער) — אַלע האָבן זיי אויסגעאַרבעט מעבל און בוי־באַשלאַג, שלעסער, בראַטרערן, קייטן א. אז. וו. געווען אויך א מעש־גיסעריי פון די ברידער פרידריך, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט מעשענע קלאַמקעס און מערזשערס.

זינט 1920 עקזיסטירט די פאַבריק פון זילבער אויסאַרבעטונגען פון דער פירמע „באַלימאַווסקי און טענענבוים״.

צו דער אייזן־בראַנזשע־אינדוסטריע קאָן מען אויך צורעכנען די צוויי אייזן־בעטן־פאַבריקן, איינע פון הענדל גוטמאַן, וועלכע האָט עקזיסטירט זייט 1910, וואָס האָט פּראָדוצירט בעטן און קינדער ־ וועגעלעך. ווו ס׳האָבן געאַרבעט איבער 60 אַרבעטער. די צווייטע פאַבריק „אַרליף״ (די אייגנטימער: דוד ליווער, נחום אַרנער און בענדעט פישל האָט אויסגעאַרבעט בלעך־ און אייזן בעטן, וואַש־טישן און דראָט אויסאַרבעטונגען; אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט איבער 70 אַרבעטער. געווען אויך א דראָט־שאַטקעס פאַבריק פון אהרן לייב גרינוואַלד. און עטלעכע גאַלוואַניזאַציע און ניקל פאַבריקן ווי סאַנדעק ־ פּערשטענפעלד און אַנדערע. אויך די דריי שמערגעל פאַבריקן פון קליינמאַן, בוכוויץ און דאַפנער קאָן מען צורעכנען צו דער אייזן בראַנזשע.

סך הכל האָבן געאַרבעט 3.500 אַרבעטער אין דער אייזן אינדוסטריע, פון זיי בלויז 400 יידן.

## די כעמישע אינדוסטריע

די בראַנזשע איז געווען, פאַרהעלטניסמעסיק, שוואַך אַנטוויקלט ביי אונז אין שטאָט, אָבער פונדעסטוועגן האָט זי געהאַט צו פאַרצייכענען א געוויסן אַנטייל אין פאַרשידענע כעמיש־טעכנישע אַרטיקלען, ווי צ. ב. — פאַרבן, צינקוויס, טעכנישע פעטצן, אייל, פאַקאָסט, זייפן, ליכט א. אז. וו. נאָך אין יאָר 1882 האָבן די ברידער

אינוואלד געגרינדעט די ערשטע פארבן־פאבריק, וועלכע איז געווען טעטיק ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה.

צווישן די אנדערע פארבן פאבריקן זענען געווען באקאנט די פון ניימארק גרינשפאן און פישל. נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אנטשטייט די הוטע „פעניקס״, וועמענס אייגנטימער: שפיגעלמאן — אינוואלד האבן אויסגעארבעט צינקווייס, אויך דער באקאנטער אינדוסטריעלער שמעון פירסטענבערג האט שפעטער אנגעהויבן אויסארבעטן צינקווייס.

חוץ דער פירמע „פאטאקאל״״ וואס האט אויסגעארבעט מאשין־אייל, זענען געווען נאך עטלעכע פאבריקן: בראנער, מערין, דאפנער־גערטנער און אנדערע וועלכע האבן אויסגעארבעט איילן אין פארבן. זייף פאבריקן זענען געווען דריי: פון די ערשטע איז געווען שלום ריכטער געגרינדעט אין יאר 1905 דאן בורשטין און ראזען. צו דער אינדוסטרי קאנען אויך צוגערעכנט ווערן די צוויי קאלך־אויוונס פון זיגרייך (איצט אין ישראל) און פראווער. בערך טויזנט ארבעטער, פון זיי א קליינע צאל יידן, און 200 יידישע באאמטע, זענען געווען באשעפטיקט אין דער בראנזשע.

## די באקליידונגס אינדוסטרי

געווען אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אנטשטאנען און זיך אנטוויקלט ביי אונז אין שטאט, נאר א דאנק דעם געברויך און קויפסקראפט פון דער באפעלקערונג, באזונדערס פון ארבעטער און אנגעשטעלטע אין אויבערשלעזיען.

אזוי ווי בענדינער יידישע סוחרים האבן געהאט די פעאיקייטן זיך איבערצווווארפן פון איין פאך צום צווייטן, און זיך צופאסן צו יעדער סיטואציע אויפן האנדלס־מארק, האבן זיי טאקע מיטן אנשלוס פון אויבערשלעזיע צו פוילן, באוויזן צו אנטוויקלען א גאנצע רייע פון קליינע אינדוסטרי פאבריקלעך, וועלכע האבן געפונען א גוטן אפזאץ־מארק אין דער גרויסער אויבערשלעזיע מיט איר מיליאנען באפעלקערונג.

די בענדינער קאנפעקציע אינדוסטריע האט אין 90 פראצ. פראדוצירט פארן אויבערשלעזישן מארק, ספעציעל די דאמען מאנטלקאנפעקציע, וועלכע איז געווארן גלייך זייער פאפולער מיט אירע ביליקע פרייזן, פונקט אזוי ווי אין פוילן זענען געווען באוווסט די בזשעזשינער הויזן מיט זייערע קאנקורענץ־פרייזן, וועלכע זענען עקספארטירט געווארן, אזש קיין ענגלאנד, אזוי איז אויך געווען מיט דער בענדינער דאמען־קאנפעקציע, מיט וועלכער קיינער האט נישט געקענט קאנקורירן. פון וואנען האבן זיך פלוצלונג גענומען אזוי פיל שניידער אין שטאט? ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין בענדין געווען באקאנט די צוויי מענער־שניידער: יואל שניידער אין בית המדרש געסל און ישראל טאמאשאווער ביי משה שטייערן אין הויז; זיי האבן גענייט זיידענע זשופיצעס אין געהאקטע כאלאטלעך פאר די גבירים. געווען נאך עטלעכע שניידערס וואס האבן גענייט פארן פאלקס־מענש, און א שניידער וואס האט גענייט „קורצע מלבושים״ פאר דער אינטעליגענץ אין שטאט. געווען עטלעכע טאנדייט־שניידערס, וואס האבן גענייט הויזן און רעקלעך, וועלכע זענען פארקויפט געווארן מיטוואך אין מארק־טאג, אויפן אלטן מארק, פאר די פויערים. געווען אין שטאט דאן געציילטע דאמן־שניידער, צווישן זיי דער „גאלדענער שניידער״ פאר די גבירישע פרויען מיט פאריזער מאדעלן. געווען עטלעכע קאנפעקציע געשעפטן אויף דער קאלאנטאיא גאס: חיים לייב באלימאווסקי (געשטארבן אין ישראל) מערין, שלמה טיל א. אנד.

פלוצלונג איז די קאנפעקציע בראנזשע אויסגעוואקסן צו איינע פון די שטארקסטע אין שטאט, סיי מיט איר אומזאץ, סיי מיט די צאל באשעפטיקטע; אין יאר 1937 זענען אין דער נאדל־בראנזשע געווען באשעפטיקט איבער 1.500 ארבעטער. טויזנטער דאמען־מאנטלען זענען יעדע וואך געשיקט געווארן קיין קאטאוויץ, כאזשאוו, מיסלאוויץ און אנדערע אויבערשלעזישע שטעטלעך. וויפל די ביליצער און טשענסטאכאווער קאנפעקציע־פאבריקן האבן פרובירט ארויסשטופן דעם בענדינער קאנפעקציאניסט פון אויבערשלעזישן מארק, איז עס זיי נישט געלונגען. חוץ דעם, איז צוויי מאל אין חודש — דעם ערשטן און פונפצענטן — ווען די אויבערשלעזישע ארבעטער האבן באקומען אויסגעצאלט זייער ארבעטס־לוין, פלעגן זיי קומען אין די טויזנטער קיין בענדין און סאסנאוויעץ איינקויפן קליידונג, ספעציעל דאמען־קאנפעקציע, מאנטלען און קליידער, וועלכע זיי האבן באקומען ביי אונז מיט 75—50 פראצ. ביליקער ווי אין קאטאוויץ.

די דערשיינונג האט גורם געווען, אז ביי דער בראנזשע איז אנטשטאנען א געהילפס־פאך פון „רופערס״, — אנגעשטעלטע אין די געשעפטן, וועלכע האבן אפגעווארט דעם שלעזישן קונה, ביי די אין שטאט אנקומנדיקע באנען, און זיי פירן אין די געשעפטן; דער „רופער״ האט נישט באקומען קיין סטאבילע פענסיע, נאר געארבעט אויף פראוויזיע, וואס עס האט זיך אים בעסער געלוינט. געווען „רופער״ וועלכע זענען געווען קינסטלער אין פאך. פון זיי האט זיך פארלאנגט, אין דער ערשטער רייע, דאס קענען די שפראך פון אויבערשלעזיער, וואס איז געווען א מין זשארגאן פון דייטש און פויליש א דאנק וואס עס איז זיי לייכטער געווען צו באאיינפלוסן דעם קונה. די „רופערס״ האבן שנעל באהערשט די „שפראך״, און מיט זייער געשיקטקייט און רירעוודיקייט, ארייגעפירט אפילו נייע טערמינען ,וועלכע זענען איבערגענומען געווארן דורך דער שלעזישער באפעלקערונג.

## די דערנערונגס אינדוסטרי

צו דער אינדוסטרי געהערן: תבואה־ און קאשע־מילן, ביר ברויערען, אייל־ און קאקאס־פאבריקן, שאקאלאד־ און צוקער־אויסארבעטונגען. אונזער טייך פשעמשא האט נאך פון די אלטע צייטן געשפילט א וויכטיקע ראלע ביי דער אנטוויקלונג פון דער שטאט. שוין אין די אלטע כראניקעס געפונען מיר, אז ביי די ברעגעס פון דער פשעמשא האבן זיך געפונען וואסער־מילן, אויך די ביר־ברויערייען, וועלכע האבן פארברויכט א סך וואסער האבן זיך ביי אונז אנטוויקלט א דאנק דעם טייך, וואס איז געווען א גוטער וואסער־רעזערוואר. אין בענדין זענען געווען 6 תבואה־מילן; די עלטסטע פון זיי — באזשיקאווסקיס וואסער־מיל ביי די „סטאווידלעס״, אויף די גראבלעס. צו די גרעסטע מילן האט געהערט די „מערקורא״ פון אברהם ליוווער און חיים מיטליס, דאן קומט די מיל פון די ברידער שלום, דוד לאסקער און אברהם ניעמיעץ. אויך פאטאקס דאמף־מיל איז געווען פון די גאר אלטע מילן, און איז שפעטער אפגעקויפט געווארן דורך קלמן ליווער און איבערגעארבעט אויף א מאדערנער מיל געטריבן דורך עלעקטריע. די פינפטע מיל איז געווע איטשע מאיר שענבערגס אויף דער מאנדזעווער גאס, און די זעקסטע — א קריסטלעכע, קלאפצעס, וועלכע איז אבער תמיד געווען אין ארענדע אין יידישע הענט, (איציק פרידלער און העניך עפשטיין). די אלע מילן זענען כמעט געווען מאדערן איינגעריכטעט, און האבן פארברויכט נאר א 75 ארבעטער, פון זיי 50 פראצ. יידן. געווען אויך עטלעכע יידישע מילנער

מייסטערס פון זיי באקאנט ה׳ גאלדמינץ, א גוטער מילן בויער (איצט אין ישראל.

נישט געקוקט דערויף וואס די בענדינער מילן האבן געקענט מיט זייער פראדוקציע באשפייזן די שטאט מיטן אומגעגנט, האבן דאך זיך געפונען ביי אונז א גרויסע צאל מעל סוחרים, וועלכע פלעגן ברענגען מעל פון פויזן, וואס האט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גר־טער קוואליטעט און קאנקורירט מיט די היימישע מילן. צו די גרויסע הורט סוחרים האבן געהערט: מענדל דאמב, די פירמע לייביש ליוועה און אליעזר קאכאן, לענטשנער, שמואל קראקאווסקי (איצט אין ענגלאנד), הערשל ליוועה און באזשיקאווסקי, און נאך אנדערע.

אזוי ארום איז בענדין געווארן א צענטער פון מעל־הורט האנדל פארן גאנצן קרייז. געווען אויך עטלעכע קליינע קאשע־מילן ווי: הירש יוסף האלענדער, אפלערס, י. מ. שענבערג, און קלמן ליוועה.

ביר ברויערייען זענען געווען אין שטאט דריי: די עלטסטע איז געווען סערצאזשעס ביי די וואסער בריק, ווו ס׳האבן געארבעט כמעט בלויז יידן; די צווייטע גרויסע ברויעריי פון אברהם טראפאוועה און שוויצער וואס איז שפעטער געווארן א אקציע־געזעלשאפט, די דריטע פון שמשון ראזענבלום, אויף דער מאלאכאווסקי גאס. נישט ווייט פון בענדין האבן זיך געפונען די גרויסע ברויערייען פון טיכא און זשיוויעץ מיט זייער גוטן ביר, אבער צוליב דער ביליגקייט האט אונזער ביר געהאט א גוטן אפזאץ מארק אין גאנצן אומגעגנד, ספעציעל ביי דער ארבעטער באפעלקערונג.

צו די גרעסטע פאבריקן אין דער דערנערונגס אינדוסטרי האבן געהערט די פירמא „פאטאקאל״ (דער גרינדער פון דער פאבריק ח. ד. פאטאק), וועלכע האט אויסגעארבעט עס־איילן און קאקאס פוטער. זייער פראדוקציע איז געווען באקאנט אין פארשפרייט איבער גאנץ פוילן.

געווען אין שטאט אויך גרויסע הורט־פירמעס אין דער קאלאניאל־שפייז בראנזשע. צווישן די עלטעסטע איז געווען באקאנט אברהם ליוועה מיט זיין גרויסן הורט לאגער פון געטריקנט פרוכט און געטריידעס, משה הירש פישל, שפעטער די באקאנטע גרויסע פירמע פון נחום צוקערמאן מיט זיין גרויס קאלאניאל־געשעפט. און די גרויסע לאגערן אין זיין אייגן הויז אויף דער קאלאנטאיא גאס. אויך מענדל פינטשעווסקי איז געווען פון די גרעסטע הורט סוחרים. שפעטער קומען צו משה ווייסבארט. נתן דוד לעדערמאן, חנה נונבערג, אברהם אויערבאך, מרדכי שאנצער, דוד זיגרייך, געצל שטייניץ און אנדערע. אין דער לעצטער צייט איז פון די אנגעזעענסטע און באדייטנדיקסטע פירמעס אין דער בראנזשע אין שטאט געווען די באקאנטע פירמע פון „א. האמפעל און נ. גאלדסבעל״ אויף דער שוויענטאיערסקי גאס, וואס האט פארקויפט אין הורט: צוקער, הערינג, רייז, געטרוקנטע פרוכטן און אנדערע פראדוקטן. די פירמע האט געהאט אפטיילונגען אין גאנץ זאגלעמביע, באשעפטיקנדיק צענדליקער ארבעטער און אנגעשטעלטע (אלע יידן). די פירמע איז געשטאנען אין האנדלס־באציונגען מיט דער ברייטער וועלט: נארוועגיע, איטאליע, יוגאסלאוויע, דייטשלאנד. אין יאר 1932 האט אברהם האמפעל, אלס איבערגעגעבענער ציוניסט, פארלאזט זיינע גוטע געשעפטן אין אפגעפארן מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל, ווו ער האט געפלאנצט א פרדס אין מגדיאל וואס ווערט באארבעט עד היום דורך זיין זון, מאטעק האמפעל.

אין צוזאמענהאנג מיט דער עליה פון א. האמפעל האט די זאגלעמביער אנטיסעמיטישע צייטונג „איסקרא״ געשריבן: „הלמאי טאלערירט די רעגירונג אז יידן זאל פארן קיין ארץ־ישראל און נעמען מיט זייערע קאפיטאלן, וואס זיי האבן דערגאבערט אין פוילן?״

אינטערעסאנט איז, אז באלד נאך דעם איז דערשינען א געזעץ, אז עס ווערט באגרענעצט דאס ארויספירן געלד פון פוילן אן א דערלויבעניש פונם מלוכה־אוצר.

דאס געשעפט וואס איז ווייטער אנגעפירט געווארן דורך נתן גאלדסאבעל. אהרן האמפעל (ביידע אומגעקומען) און יעקב לאסקער (ישראל) האט גוט פראספערירט ביזן סאמע אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

געווען אויך עטלעכע גרויסע קאווע־ברענערייען, ווי: האמער זלמן, האמער לייב וואלף, וויינשטיין חיים משה, גערטנער מאטל, זיסקינד יוסף, וויינשטיין יוסף ברוך, גרינבערג, שלמה ליוועה און זיגרייך פישל א. אנד.

## די שאקאלאד און צוקערלעך בראנזשע

בענדין האט געהאט א גרויסע צאל פאבריקן פון שאקאלאד און צוקערלעך, וועלכע האבן געשפייזט דעם גאנצן קרייז, און שפעטער אויך דעם נאענטן אויבערשלעזיען, א דאנק דער נאענטקייט און גוטע קאמוניקאציע און טראנספארט מעגלעכקייטן, האבן די בענדינער איינגענומען דעם אויבערשלעזישן מארק, ווענמס באפעלקערונג איז געווען א גרויסער קאנסומענט פון זיסקייטן. להיפך צום פוילישן ארבעטער פון זאגלעמביער קרייז וואס האט ווייניק פארדינט און געלעבט אין דחקות און אין שיכרות. דער אויבערשלעזיער איז אויך געווען בעסער קוואליפיצירט אין ממילא מער פארדינט, בכלל געלעבט אין בעסער באדינגונגען, און געווען א גוטער קאנסומענט פון אלעם, אנהויבנדיק פון מעבל, קליידונג ביז זיסקייטן.

די עטלעכע בענדינער פאבריקלעך האבן יעדן טאג ארויסגעשיקט זייערע אויסארבעטונגען קיין אויבערשלעזיע, און אויסגעארבעט האבן זיי אלץ, אנהויבנדיק מיט קליינע דראזשע ביז די פיינסטע שאקאלאדן, ארויסשטופנדיק פון אויבערשלעזישן מארק די גרויסע פאבריקן, וועלכע האבן נישט געקענט אויסהאלטן די קאנקורענץ פון די קליינע פרימיטיווע פאבריקלעך. נאך אין יאר 1905 האבן שוין אהרן בער רעכט און שליווקא אויסגעארבעט שאקאלאד און צוקערלעך. שפעטער מיטן וווקס פון דער שטאט זענען צוגעקומען נייע פאבריקלעך פון חיים אביגדור צוקערמאן, א. ה. צוקערמאן, מ. מיצענמאכער, זלמן גראספעלד, (נפטר געווארן אין ישראל), א. בוכבינדער, שלום פלאוונער, מאיר קאזשימיערסקי, יוסף פילצער, דוד שטיינער, י. ד.גאלדשטיין, יצחק בוכבינדער, י. פרידמאן, לייבל לאנדער, אייזיק שטייער, ל. ראטשטיין, נ. מייטליס און אנדערע. די פאבריקלעך האבן באשעפטיקט פון 25—5 ארבעטער יעדע איינע, כמעט אלע מיידלעך. געווען נאך א צאל קלענערע פאבריקלעך, ווו עס האבן געארבעט אויסער דעם בעל־הבית נאך צוויי דריי ארבעטער. בסך הכל האבן אין דער בראנזשע געארבעט 500 יידישע ארבעטער.

צום שלוס פון אונדזער איבערבליק זאל אונדז דערלויבט זיין צו דערמאנען די יידן, וואס האבן שווער געארבעט אויף זייער פרנסה, אבער מיט זייער ענערגיע און פלייס געהאלפן פארשפרייטן די בענדינער קליין אינדוסטרי אויסארבעטונגען, ווייט ווייט אויסער די גרעניצן פון דער שטאט; דאס זענען געווען די „הויזירער״, וואס זענען נישט געווען ענלעך צו די אמאליקע יידישע דארפס־גייער, אדער פעדלער, וועלכע פלעגן קויפן און פארקויפן מציאות דער „הויזירער״ איז געווען א ריין זאגלעמביער דערשיינונג, וואס איז אנטשטאנען א דאנק דעם עקאנאמישן און סאציאלן כאראקטער פון דער זאגלעמביער און אויבערשלעזישער באפעלקערונג, וועלכע איז באשטאנען צום גרעסטן טייל פון 80 פראצ. ארבעטער און אנגעשטעלטע.

יעדן טאג פלעגן די הויזירער זיך לאזן אין די הונדערטער מיט דער באן קיין קאטאוויץ, און פון דארט ווייטער אין אלע שטעטלעך און דערפער, ביז דער דייטשער גרענעץ, און אויך אין דעם נאענטן גאַליציע.

די הויזירער האבן דעם ארבעטס־מענטש און פויער געבראכט אין שטוב אריין אלץ אין וואס זיי האָבן זיך געניטיקט, אין דאס אויף גוטע באדינגונגען. די דאזיקע יידן האבן געארבעט ערלעך און שווער פון פארטאג ביז שפעט אין דער נאכט; איינער איז נישט אריין אין צווייטנס תחום, נישט געפירט צווישן זיך קיין קאנקורענץ, דער האט פארקויפט גאלאנטעריע, דער צווייטער שטאפן, דער דריטער מעבל, א. אז. וו.

די הויזירער זענען געווען ארגאניזירט ביים קליינהענדלער פאַריין; שווער איצט פעסטצושטעלן זייער צאל, אבער זיי זענען געווען א סך הונדערטער. באקאנט איז דאס ווערטל וואס איז ארומגעגאנגען אין שטאט: ווען דער הויזירער מאכט חתונה א טאכטער האט ער דעם חתן געגעבן נדן א דארף, דאס הייסט — אים אפגעטרעטן א דארף צו הויזירן... אין דעם וויץ איז געלעגן פיל אמת, ווייל יעדער הויזירער איז געווען א בעל הבית אין זיין דארף, ווו די קליענטן האבן צו אים געהאט דעם גרעסטן צוטרוי; האט דאך דער ייד זיי געבראכט אלץ אין שטוב אריין און נאך אויף אויסצאלן און פיל ביליקער ווי אין די דייטשע און פוילישע געשעפטן.

## די יידישע בענק

נישט די רוסישע און אויך נישט די פוילישע רעגירונגען האבן געוואלט, אדער זיך באמיט צו געבן הילף דעם יידישן האנדל און אינדוסטרי; די אנטיסעמיטישע שיטה פון דער פוילישע רעגירונג איז דאך געווען צו שטערן די אנטוויקלונג פון יידישן האנדל מיטן ארויפלייגן שווערע שטייערן, נישט געבן דערלויבענישן צו בויען פאבריקן א.אז.וו. אבער יידן האבן זיך ווי עס איז אן עצה געגעבן. ערגער איז אבער געווען מיטן קרעדיט, ווייל דער מסחר אין פוילן אין אלע בראנזשעס האט זיך בדרך כלל געפירט אויף קרעדיטן פון 3 ביז 6—5 חדשים, און די גרויסע מלוכה בענק: „באנק פאלסקי", אדער „באנק גאספאדארסטווא קראיאוועגא" האבן נישט געגעבן הלוואות אדער געוואלט מאכן דיסקאנטע. אפילו אין דער „ווארשאווער האנדלס באנק", וועלכע איז געווען פון די ערשטע בענק אין שטאט נאָך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט באקומען קרעדיט נאר א גרויסער סוחר. דאקעגן האט דארט דער קליינער סוחר נישט געהאט קיין דריסת רגל.

אבער בענדינער יידן האבן פארשטאנען צו שאפן אייגענע הילפס־ארגאנען, ווי די יידישע בענק, וועלכע האבן טאקע געשפילט א באדייטנדיקע ראלע אין דער ענטוויקלונג פון דעם האנדל און אינדוסטרי אין שטאט. די ערשטע באנק וואס איז אנטשטאנען איז געווען די „יידישע ליי און שפאר־קאסע" וועמנעס פרעזעס איז געווען סערצאוש, אייגנטימער פון דער ביר־ברויערייע, הגם זי האט אפשר געטראגן מער א פריוואטן, ווי א געזעלשאפטלעכן כאראקטער. די רוסישע מאכט האט דאן פארווערט די באנק צו מאכן דיסקאנטא־אפעראציעס, אבער דאך האבן יידן סוחרים דארט באקומען קרעדיט. נאך פאר דעם זענען געווען עטלעכע פריוואטע „קאנטארן" (ווי מייטלים־פאטאק), וועלכע האבן געבארגט געלט אויף ציינזן קעגן גוטע פארזיכערונגען, ווי משכנתאות אויף הייזער, מאשינען א. אז. וו. אויך בערגמאן און משולם ליוואר אייגנטימער פון אייגענע גרויסע צעגעלניעס האבן אויך געהאט א קאנטאר, דאס זעלבע פראוועד און ווינער.

אין יאנואר 1913 איז געשאפן געווארן די יידישע באנק האנדל און אינדוסטרי: „קעגנזייטיקע קרעדיט געזעלשאפט", וועלכע האט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע צו העלפן דעם קליינעם פאבריקאנט און סוחר. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך די באנק ליקווידירט.

נאך פוילנס באפרייאונג, ווען דער מסחר און אינדוסטרי האבן זיך שטארק צוואקסן אין שטאט, זענען אַנטשטאַנען א רייע יידישע בענק וועלכע האבן געלייסטעט א גרויסע און וויכטיקע ארבעט ביים געבן קרעדיט די יידישע סוחרים.

צו די ערשטע בענק געהערן די „האנטווערקער באנק", „באנק ספולדזשעלטשע", וועמנס פרעזעס פירסטענבערג האט זי שטארק אונטערשטיצט, דירעקטאר פון דער באנק איז געווען ה.ל. גאלדשטיין די באנק האט ספעציעל אונטערשטיצט די גרויסע צאל האנטווערקער פון בענדין.

שפעטער איז אנטשטאנען אויף דער סאנטשעווסקי גאס די „באנק קרעדיטאווע". פרעזעס איז געווען יעקב גוטמאן און דירעקטאר — מאטל טענענבוים. די באנק האט געגעבן קרעדיט די קליינע סוחרים און קליינהענדלער. אויך די „ספולדזשעלטשע באנק דיסקאנטאווי" וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1927 ביים קליינהענדלער פאריין האט אנגעפירט א גרויסע הילפס־קרעדיט־טעטיקייט פאר דעם קליינהענדלער. פרעזעס פון דער באנק איז געווען : ברוך בראמא, איז דער פארוואלטונג: גרשון רעכניץ, הלל באלימאווסקי, משה לאסק, יוסף רוס, יהושע קליינמאן. דירעקטאר איז געווען קאנער מענדל, און שפעטער, ביז 1939 — א. ברוקנער (ישראל). צו די גרויסע בענק האט געהערט דער „באנק קופיעצקי" וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1926, און געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט אויפן קרעדיט־געביט פאר סוחרים. די לעצטע פארוואלטונג איז באשטאנען פון: פרעזעס קלמן ליוועד, דוד סקאטשילאס, דוד סקורניק, טוביה שפירא; אין ראט: פרעזעס — ישעיהו ראטנער, י. מ. קורלאנד, שלמה יצחק רינסקי, י. מ. גאנצווייך, מענדל דאמב, הענדל ערליך.

געווען נאך פריוואטע בענק. וועלכע זענען געווען אנגעשלאסן אין דער „צענטראלע פון דעם רעוויזיאנס־פארבאנד" אין ווארשא. דאס זענען געווען די „וזאיעמני קרעדיט", וועלכער האט אנגעהערט צו דער משפחה פראכטצווייג, די באנק פון בינם שפירא און הרשקה ביאלקה און די באנק פון משה קאצענגאלד מיט שותפים.

די 10 יידישע פאלקס בענק האבן נישט באקומען קיין אונטערשטיצונג פון וועלכע ס'איז פוילישע מלוכה־באנק. זיי זענען געווען אנגעשלאסן אין איינע פון די צוויי צענטראלעס פון דעם „רעוויזיאנס פארבאנד" פון די קאאפעראטיווע בענק אין ווארשע, (אויף רימארסקע 19 און מאריאנסקא), אונטערגעשטיצט פונם „דזשאינט". די פאלקס בענק זענען געווען א גרויסע ברכה פאר דער גאנצער יידישער באַפעלקערונג.

## „מ'האָט פרנסה"

מיר האבן דא געשילדערט בקיצור דעם אנטוויקלונגס־וועג פון דעם יידישן האנדל און אינדוסטרי פאר די לעצטע יארן אין בענדין. אוממעגלעך צו דערמאנען די אלע יידן וואס האבן געהאלפן אנטוויקלען דעם האנדל אין שטאט און אויסצורעכנען אלע פאבריקלעך; נישט געווען קיין הויז אין בענדין, וואס זאל נישט האבן געהאט א פאבריקל, ווייל אלץ האבן בענדינער יידן אויסגעארבעט: קנעפּ, שפיגלען, באקאליט (2 פאבריקלעך) הענטשקעס. דאמען־ און מע־

נער־וועש, שנוראוואדלעס, קינסטלעכע בלומען, שפילוואַרג און גאַ־לאַנטעריע, בערשטן, שטריק (2 פאַבריקלעך), קאַרטאָנאַזש א.אַז. וו. געווען אויך עטלעכע גרויסע דרוקערייען, ווי ס׳זענען געדרוקט גע־וואָרן צייטונגען און ביכער, ווי זיידנער, הערשל בלומענפרוכט פון מאַנדזשעוווער גאַס, בלומענפרוכט פון קאַלאַנטאַיאַ גאַס, שפיגעלמאַן, גאַלטנזער, און אַנדערע.

די שטאָט האָט געלעבט און געשאַפן מיט אַ דינאַמישן טעמפּאָ. יידן האָבן געאַרבעט און געהאַט פּרנסה, אַפילו די יוגנט האָט נישט געוווּסט צו גיין ליידיק ווי אין רוב פּוילישע שטעטלעך; שוין פון דער פּריסטער יוגנט אָן, — ווער ס׳האָט נישט געלערנט האָט געאַר־בעט, און נישט געפאַלן צו לאַסט די עלטערן.

בענדין איז געווען אַ שטאָט וואָס האָט געלאַקט מיטן צויבער וואָרט „מהאָט פּרנסה". אַזוי איז די שטאָט געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט צו איינער פון די איינצלנע שטעט אין פּוילן, וווּ דער האַנדל און אינדוסטריע האָבן געבליט און געגעבן פּרנסה טויזנטער יידישע מש־פּחות.

## צבי קיסנער / לינת־החולים

(קימפּעטאָרן אין מושב־זקנים אַנשטאַלט)

אין 1906 האָט אַ גרופּע יונגעלייט געגרינדעט אין שטאָט אַ „ביקור־חולים", וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו באַזוכן איינזאַמע קראַנקע, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין מעדיצינישע הילף: באַזאָרגן אַ דאָקטאָר אויך נעכטיקן ביים קראַנקן ווען נויטיק. ספּעציעל האָבן די מיטגלידער פון „ביקור־חולים" געהאָלפן די אָרעמע באַפעלקערונג און אַרבעטער־היימען, וווּ דער מאַן האָט געמוזט גיין צו דער אַרבעט, און אין שטוב איז געבליבן אַ קראַנקע פרוי, און וווּ עס האָט ס׳רוב געפעלט דער גראָשן — האָבן שוין די מיטגלידער געזאָרגט, אַז עס זאָל זיין דאָס נויטיקסטע. שפּעטער, ווען די צאָל מיטגלידער האָט זיך פאַרגרעסערט, ווערט די אַרבעט אויסגעברייטערט. דער נאָמען ווערט געענדערט אויף „לינת־החולים", וועלכע קויפט דאַן אַ הויז „אונטערן בערג" אויף דער פּאָדזאַמטשע גאַס, דאָרט וווּ עס האָט געוווינט דער אָרעמסטער טייל פון דער באַפעלקערונג. אין דעם הויז ווערט געעפנט דאָס ערשטע יידישע קימפּעטאָרן אַנשטאַלט, וווּ יעדע פרוי קען אַנגענומען ווערן אָן אָפּצאָל.



די פאַרוואַלטונג און אַ גרופּע גרינדער און אַקטיווע „לינת החולים" טוער.
ההנהלה וקבוצה של מייסדים ופעילים של „לינת החולים".
עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: קוסנער, גוטמאַן, טראַוב, זילבערשטיין (ישראל), ווייצענבערג, גאָטפריד, פערשטענפעלד, לאָודאָן.
2־טע רייע: ברעדין, א. הלל־פישל, פּאָזמאַנטיר, מ. ראָזענבלום, ל. ראָזענבלום, לאַנגפוס, זעלמאַנאָוויטש, שווייצער, דאַפּנער.
3־טע רייע: פרוי האַמפּעל, פרוי ווערדיגער, פרוי יאַקאָבאָוויטש, פרוי צוקערמאַן, י. ראַטנער, פרוי גרונדמאַן, פרוי זילבערשאַץ, פרוי אָפּשטיין.
4־טע רייע: פרוי בלומענפרוכט, בלומענפרוכט, לוין, לנדאו, אייזנמאַן, רעדאַקטאָר י. לעוואָקאָוויטש, פרוי קראַקאָווסקי.

שפעטער פארברייטערט זיך דער „לינת־החולים" און עס ווערט צוגעבויט נאך א הויז, ווו עס גייט אריין דער „מושב־זקנים" און אויך אן אייגענע שול. אינטערעסאנט, אז דער „לינת־החולים" האט זיך אויסגעהאלטן פון די קליינע חודש אפצאלן פין דער יידישער באפעלקערונג, ווי אויך פון די אפטע בלימל־טעג וואס דער „לינת החולים" פלעגט איינארדנען אין די זומער חדשים, וואס פלעגן אריינברענגען גרעסער סומעס. ערשט נאך פוילנס אנטשטייונג האט די געזעלשאפט באקומען צוגעטיילט א סובסידיע פון שטאט־ראט און פון דער קהלה.

ביים איינגאנג פון הויז איז געווען איינגעמויערט א מארמאר טאוועל, ווו עס זענען געווען אויסגערעכנט די גרינדער פון „לינת החולים": הרב יששכר ב. גראבארט, משה ראזענבלום, משה קיסנער, לייביש מארמאר, משה נטע שוויצער, אברהם משה טראוב, אברהם הלל פישל, שמעון ברעדין, ישעיהו ראטנער, א. אנ. וואס ס'איז שווער איצט געדענקען זייערע נעמען.

אין 1926 האט דער „לינת חולים" געפייערט זיין 20 יעריקן יובילײ און גלייכצייטיק דער געבורט פון טויזענסטן קינד אין דעם קימפעטארן אנשטאלט.

אויף דער פייערונג זענען אויסגעוויילט געווארן דריי ערן־מיטגלידער פאר זייער אונערמידלעכער ארבעט, דאס זענען געווען: ד"ר פערבער, משה ראזענבלום און משה קיסנער. פון די אקטיווע טוער פארן „לינת חולים" איז ווערט צו דערמאנען: יענקל גוטמאן, שמואל לאודאן, ישראל יצחק ווייצענבערג, שמעון קרוק, ישראל יצחק פרייבערג, משה מאיר זאקס, ח. לאנגפוס, הערשל בלומענפרוכט, שלמה רייכמאן, אייזיק גיטלער, דאפנער און אברהם זילבערשטיין (ישראל). פון די פרויען האבן זיך אויסגעצייכנט: קראקאווסקי, זילבערשאץ, צוקערמאן, גרונדמאן, האמפעל און בלומענפרוכט. די הויפטארבעט האבן אנגעפירט דער סעקרעטער לייבל ראזענבלום און ד"ר פערבער, וועלכער איז ביז דער לעצטער מינוט געשטאנען אויף זיין פאסטן אין שפיץ פון דער גינעקאלאגישע אפטיילונג, מיט דער מיטהילף פין די צוויי אקו־שערקעס — קאפלאוויץ און ארבעסמאן.

## א גאלד / לינת הצדק - מושב־זקנים

(„דאבראטשינאשטש")

שוין אין 1900 איז אין בענדין געווען א לינת־צדק, ווסא האט זיך געפונען אויף מאנדזשעווער גאס; אין עטלעכע צימערן זענען געשטאנען אייזערנע בעטלעך מיט שטרויענע שעניקעס, אי־בערגעצויגן מיט ווייס בעטגעוואנט.

דער לינת־הצדק האט געדינט פאר בכבודיקע אורחים, וואס פלעגן קומען אין שטאט, און צוליב זייער מאטעריעלע לאגע אנקומען צו אן אומזיסט נאכט־לעגער; דער אורח פלעגט ברענגען א קוויטל פון גבאי, און דער שמש האט אים דאן אנגעוויזן זיין ארט צו שלאפן. די אורחים האבן אויך באקומען אומזיסט נאכט־עסען און פרישטיק, ברויט מיט טיי.

אויסגעהאלטן האט זיך דער לינת־צדק פון מאנאטלעכן אפצאל, וואס א שטענדיקער אינקאסענט פלעגט צענויפזאמלען ביי די בעלי־בתים.

אין 1905 האט זיך דער לינת־הצדק פארברייטערט און איין צימער פארוואנדלט אין א יתומים הויז, ווו עס זענען אנגענומען געווארן נאר יינגלעך יתומים פון 4 יאר. דער גבאי איז דאן געווען ר' ישראל יצחק מינץ, וועלכער האט געהאט אין שטאט א גרויס קאלאניאל־געשעפט אויף דער יאטעקע גאס; נישט געקוקט דערויף וואס ר' ישראל פלעגט גיין אנגעטון אין א ווייס געפרעסט העמד מיט א שווארץ שניפסל (וואס איז אין יענע יארען געווען טריפה ביי די חסידים), דאך האט מען געהאט פאר אים דרך־ארץ. דער גבאי האט צוקאאפטירט נאך צוויי בעלי־בתים, און דאס איז געווען דער קאמיטעט.

אין יאר 1906 איז דער לינת־הצדק אריבער צו יחיאל ווינערן אין הויז, אין א גרויסן לאקאל פון 12 צימערן, ווו עס האבן זיך שוין געפונען 30 יתומים און 10 זקנים. די יתומים האבן געטראגען א ספע־ציעלן אוניפארם, צייגענע חאלאטלעך אין פירקאנטיקע היטלעך. דער שמש פלעגט די קינדער פירן יעדן טאג אין תלמוד־תורה, ווו זיי האבן באקומען זייער דערציונג און „בילדונג". די גבאים מינץ, ר' איציק גאלד, אליעזר באזשיקאווסקי און מאיר בערי, האבן דאן געשאפן א פרויען־קאמיטעט, וואס האט געהאלפן זאמלען געלד, ווייל די איינקונפטן פון מאנאט אפצאל און פון די נדרים האט נישט געקענט דעקן די גרויסע אויסגאבן, וואס די אינסטיטוציע האט געהאט.

די פרויען חוה ווינער, לאה קאמינער, מירל זאיאנץ א. אנד. פלעגן זיך פארנעמען מיט זאמלען פראדוקטן, קליידונג, שיך. באזונדערס איז ווערט צו דערמאנען די פרוי זיספעלד, וועלכע האט זיך שטארק אפגעגעבן מיט די יתומים, פלעגט זיי וואשן און קעמען און זען זיי זאלן גיין ריין אנגעטון.

אין יאר 1912 האט דער לינת־הצדק, אונטערן פראטעקטאראט פון באקאנטן נדבן ר' הענדל נונבערג און ד"ר ווינציהער, איינ־געארדענט א בלימל־טאג וואס האט אריינגעבראכט א גרעסערע געלט־סומע. די יתומים זענען דארט דערצויגן געווארן ביז 12 יאר, און שפעטער זענען זיי צוגעטיילט געווארן צו בעלי־מלאכות און די גאנץ פעיקע — אין העכערע שולן.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז צוגעקומען א גרע־סערע צאל יתומים, האט זיך אין שטאט געשאפן א קאמיטעט וואס האט זיך גערופן „דאבראטשינאשטש", אין וועמענס שפיץ עס זענען געשטאנען ד"ר ווינציהער, צירעלע שיין, פרוי פאראדיס־טאל, יעקב גוטמאן א. אנד. פון אנפאנג איז די ארבעט פון קאמיטעט באשטאנען אין אויפשטעלן א קיך פאר דער ארעמער בא־פעלקערונג, שפעטער אויך אין דער זארג פאר די יתומים אין שטאט. א דאנק דער איבערגעגעבענער ארבעט פון פרוי צירעלע שיין, איז ענטשטאנען אין שטאט אין אויפגעבויט איינע פון די שענסטע געביידעס אין פוילן — דאס „יתומים הויז", א גרויס 3־שטאקיק הויז, איינגעארדענט לויט דער לעצטער טעכניק, מיט אלע נויטיקע איינריכ־טונגען וואס א מאדערן קינדער־היים דארף האבן.

די דייטשען האבן פארוואנדלט דאס הויז אין א טרערן אינזל פארן זאגלעמבייער יידנטום; עס האט געדינט ווי א דורכגאנגס־לאגער פאר אלע בענדינער יידן קיין אושוויץ.




1־טע רייע: באזשיקאווסקי, צוקערמאן, פירסטענבערג.
2־טע רייע: מאנטאג, שטראכליץ, אפעלבוים, פישער, זיסמאן.
3־טע רייע: בראנער, רעמבישעווסקי, פאטאש, האמפעל, בוכנער, גאלדשטיין, יאכימאוויטש, שפיגעלמאן.
4־טע רייע: פרידלער, פראכטצווייג, מינץ, פרידלער, לעמבערג, מערין, קוגעלמאן.
5־טע רייע: זילבערשטיין, גוטענשטיין, גיטלער, יאסקעראוויטש, גראנעק.

# ד. ל. / די „גמילות חסד" קאסע

פון די פאפולערסטע אינסטיטוציעס אין שטאט. נאך אין יאר 1912 איז געגרינדעט געווארן ביי נחום צוקערמאן אין הויז א שול „אהבת חסד"; מיט דער צייט האבן די גבאים געשאפן א „קופה קטנה", ווו די ארעמע מיטגלידער האבן באקומען א גמילת חסד, אבער דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט איבערגעריסן די טעטיקייט. אין 1920 האט די קאסע באנייט איר טעטיקייט, אבער אין א קליינעם לאקאלן מאסשטאב. ערשט אין יאר 1921 זענען זיך אין „אהבת חסד" צוזאמענגעקומען אייניקע טוער, וועלכע האבן באשלאסן צו גרינדן די „גמילת־חסדים" קאסע. עס ווערט דאן גערופן א גרעסערע פארזאמלונג, אויף וועלכער ר׳ נחום צוקערמאן האט געשאנקען דעם לאקאל אלס אייגענטום פון דער קאסע. עס ווערן באלד אויפ׳ן ארט געשאפן עטלעכע טויזענט זלאטעס, און עס ווערט אויס־געוועלט א פארוואלטונג: פרעזעס ל. באזשיקאווסקי, וויצע־פרעזעס מ. אפעלבוים, קאסירער י. פישער, ב. שטראכליץ, סעקרעטאר מ. זיסמאן און לייטער ר. מאנטאג. אין ראט גייען אריין: ש. לעווענשטיין, מ. האמפעל, ה. ל. גאלדשטיין, מ. ר. שפיגעלמאן, ב. רעמבישעווסקי, ל. בראנער, י. ב. פאטאש, ג. בוכנער, ד. גוטענשטיין און ה. זיל־בערשטיין (ישראל). אלס ערן־פרעזעס איז אויסגעוועלט געווארן דער באקאנטער נדבן ש. פירשטענבערג.

פון אנהויב האבן די איניציאטארן געמיינט צו שאפן אן איינמאליקע רעטונגס־אקציע פאר די פארארעמטע יידישע מאסן. נישט געקוקט דערויף וואס אין בענדין זענען שוין געווען דאן עטלעכע גוט פראס־פערירענדיקע יידישע בענק, דאך איז די „גמילת חסד" קאסע באלד געווארן איינע פון די באזוכטעסטע אינסטיטוציעס אין שטאט; הונ־דערטער קליינהענדלער און בעלי־מלאכות האבן געהאט צו פארדאנ־קען זייער עקזיסטענץ דער „גמילת־חסד" קאסע, ווו זיי פלעגן באקו־מען א הלוואה אן פראצענט.

שוין דעם דריטען חודש פון איר טעטיקייט האט די קאסע ארויס־געגעבן 70 הלוואות אין איין חודש אויף א סומע פון 20 טויזנט זלאטעס. און אזוי ווי עס האט אנגעהויבן איינפליסן א גרויסע צאל בקשות פון נויטבאדערפטיקע, האבן די מיטגלידער געמאכט א גרויסע זאמל־אקציע אין שטאט, וועלכע האט אריינגעבראכט עטלעכע צענדליק טויזנט זלאטעס. אויך דער „דזשאינט", זעענדיק די פראדוקטיווע טעטיקייט פון דער קאסע, איז געקומען צוהילף אין 1926 מיט 40 טויזנט זלאטעס. אזוי האט די קאסע שוין אין ערשטן יאר צעטיילט איבער 100 טויזנט זלאטעס. מיט יעדן יאר איז די סומע פון הלוואות געווארן גרעסער — און אזוי ביזן חורבן.

# ד. ל. / די צווייטע און דריטע עליה און בענדינער חלוצים

בענדין איז געלעגן נישט ווייט פון צוויי גרענעצן: די רוסיש־דייטשע און רוסיש־עסטרייכישע ; א דאנק דעם איז די שטאט פון שטענדיק אן געווען אן ארט, ווו דער גרעסטער טייל פון די דורך דער צארישער מאכט פאליטיש פארפאלגטע האבן געפונען א צייט־ווייליקן מקום־מקלט, און א פונקט דורך וועלכן זיי פלעגן אריבער שמוגלען די גרענעץ, ווער קיין ווין, ווער אין דער שווייץ. געווען פראפעסיאנעלע שמוגלערס, וועלכע האבן געלעבט פון דעם, געווען אויך א גרופע פועלי־ציון חברים, וואס האט זיך „ספעציאליזירט" אויך אינם אריבערשמוגלען קיין אויסלאנד סאציאליסטישע טוער.

לייב טראצקי, וועלכער איז אנטלאפן פון רוסלאנד, איז א געוויסע צייט געזעסן אין בענדין ביז ער איז אריבער די גרענעץ. יוסף שפרינצאק איז אין יאר 1905, אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל געווען אין בענדין, ווו ער איז אויך געווען ארעסטירט אין דער שטאטישער תפיסה. בער באראכאוו מיט זיין פרוי, יצחק בן־צבי, מאיר יארבלום, די פרוי פון יצחק טאבענקין, חאזאנאוויטש, זרובבל, בלאך־בלומענפעלד און נאך א גאנצע רייע טוער פון פארשידענע סאציאליסטישע גרופירונגען זענען אריבער די גרענעץ אין די יארן 1905—1907.

שלמה צמח באשרייבט אין זיין בוך „בראשית", ווי אזוי ער איז אין יאר 1904 אריבער די גרענעץ קיין ארץ־ישראל. אויך נאכן ערשטן וועלט קריג, גלייך נאך דער באלפור דעקלאראציע ווען ס'האט זיך אנגעהויבן די גרויסע ציוניסטישע אויפלעבונג באוועגונג. איז בענדין געווען א באזע פאר די צענדליקער גרופן פון חלוצים פון רוסלאנד און פוילן, וועלכע זענען געווארן באזארגט ביי אונז אין שטאט מיט עסן, באקליידונג און דאקומענטן, און געשיקט דורך דער גרענעץ ווייטער, קיין ווין און טריעסט.

נישט קיין וואונדער, וואס בענדינער חלוצים האבן אנטייל גענומען אין אלע עליות. אין דער צווייטער עליה, אין די יארן 1907/5, איז געפארן א גרופע פון 10 יוגנטלעכע בענדינער. דאס זענען געווען: אליעזר האמפעל, אריה שווייצער. משה שטיינפעלד־שהם, יוסף קאלוזשינסקי־אריאלי די ברידער דב און שלמה שניידערמאן, די שוועסטערס שרה און מלכה האמפעל און די שוועסטערס שרה און חנה שניידערמאן.

באזונדערס איז ווערט צו באמערקן די צוויי גרופן בענדינער בחורים, וועלכע האבן אין יאר 1918 זיך געלאזט קיין ארץ ישראל — און היסטאריש דאטירט זיך טאקע דער אנהויב פון דער דריטער עליה מיט אט די 6 בענדינער, וועלכע זענען דעם 12.12.1918 אנגעקומען קיין יפו. די ערשטע גרופע איז באשטאנען פון ישראל אפענהיים, סענדער לובלינג, יעקב לאסקער, יצחק האנדלסמאן, קובא זשמיגראד און דוד מייטליס. צו דער צווייטער גרופע האבן אנגעהערט: די ברידער משה און יעקב ראטענבערג, דער מאלער אברהם גאלדבערג, מרדכי ווינער, הערשל טענענבוים, יוסף זאבוסקי, שמואל



א גרופע בענדינער חלוצים פון דער 3־טע עליה
קבוצת חלוצים אנשי העליה השלישית מבנדין.
פון רעכטס : עס שטייען אפענהיים, זעלינגער, פעלדבערג, מייטליס, וויינשטק.

ליווער, יהודה פרעגער, טראפאווער און אנדערע, וועלכע מ'האט גערופן „די 105".

די ערשטע גרופע האט זיך געלאזט דורך א ווייטן וועג — לעמבערג, אדעס, טערקיי, ביירוט, יפו; דאקעגן איז די צווייטע גרופע געפארן דורך ווין — טריעסט. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז דווקא דער ווייטער וועג איז געווען דער קורצער, און עס געלונגט די 6 חלוצים, דורך שווערע שטרויכלונגען, אין דעם גרויסן כאאס וואס האט דאן געהערשט אין פוילן — אנקומען די ערשטע אין לאנד. עס איז געווען א העלדישקייט פון די 6 בחורים, וועלכע האבן זיך געלאזט אן דאקומענטן צווישן צוויי פייערן, דעם פוילישן און אוקראינישן מיליטער, און זיך געריסן מיט אלע מיטלען ווייטער און ווייטער, אויף דעם אנגעצייכנטן וועג, נישט אפשטעלנדיק זיך צוליב דער גרויסער געפאר צו ווערן ארעסטירט, אדער צו פאלן פון פוילישע און אוקראינישע קוילן. עס געלונגט זיי במשך פון 43 טעג אנצוקומען קיין ארץ־ישראל. אלע זענען זיי געווען קינדער פון פארמעגלעכע עלטערן, האבן פארלאזט איינגעפונדעוועטע היימען קעגן דעם ווילן פון די עלטערן, געטריבן דורך דעם חלוצישן גייסט פון וועלן אויפבויען דאס לאנד.

מיר גיבן דא די איינדרוקן פון די אנטיילנעמער אין דער 3־טער עליה : ישראל אפענהיים, שמואל ליווער, אין יידיש, און יעקב לאסקער אין העברעאיש.

# ישראל אפענהיים / די זעקס חלוצים פיאנערן פון דער דריטער עליה

(אויסצוגן פון א טאג־בוך)

אין א רעגנדיקן טאג דעם 31.10.1918 זענען 7 חברים פון החלוץ אין בענדין ארויס אויפן וועג קיין ארץ ישראל, גייענדיק צופוס 25 קילאמעטער ביז צו דער עסטרייכישער גרענעץ־גראניצא. דארט האבן מיר מיט דער הילף פון א שמוגלער, וועלכן מיר האבן באצאלט צו 70 קראנען פאר יעדן איינעם, אדורך די גרענעץ אין א מיליטערישן צוג. אזוי זענען מיר אנגעקומען אין טשעביניא, ווו מיר האבן געמוזט ווארטן א גאנצע נאכט, כדי צו פארן ווייטער קיין לעמבערג.

אין פשעמישל האבן מיר געמוזט פארלאזן דעם צוג, וועלכער האט ווייטער נישט געקענט פארן, ווייל די אוקראינער האבן פארנומען א טייל פון לעמבערגער קרייז. אין פשעמישל האבן מיר דאן געזען, ווי די פוילישע לעגיאנערן נעמען צו דאס געווער און אפילו די מלבישים ביים אפטרעטנדיקן עסטרייכישן מיליטער. היות ווי עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו פארן ווייטער, און נישט וויסנדיק וואס צו טאן אין א פרעמדער שטאט, האבן מיר זיך געווענדעט צום הרב ר׳ גדליה שמעלקעס, א הייסער ציוניסט. דער רב, הערנדיק וועגן אונזער ציל, האט אונז ווארעם אויפגענומען און גלייך געשיקט רופן די אנגעזעענסטע ציוניסטישע בעלי־בתים פון שטאט, וועלכע האבן אונז איינגעלאדן אויף שבת צו זיך א היים. נישט קוקנדיק דערויף וואס אין שטאט איז א גאנצע נאכט געווען א שיסעריי, האבן מיר צומארגנס, שבת, באשלאסן צו פארן ווייטער כדי צו דערגרייכן אונזער ציל.

אויפן וואקזאל האבן מיר געטראפן א מיליטערישן צוג, וועלכער האט געזאלט אפגיין קיין לעמבערג, און אזוי ווי ער איז געווען פול מיט מענטשן, האבן מיר נישט לאנג געטראכט און זיך ארויפגעכאפט אויפן דאך, ווי מיר זענען אפגעפארן א געוויסע צייט, איז אויסגעבראכן א שיסעריי צווישן אוקראינער און פוילישן מיליטער. א סך רייזנדע אויף די דעכער זענען געפאלן פון די אוקראינישע קוילן. מענטשן זענען געשפרונגען פונם לויפנדיקן צוג. אויך מיר האבן זיך געגרייט צו שפרינגען, נאר אזוי ווי דער צוג האט פארשטארקט זיין שנעלקייט — זענען מיר געבליבן אויפן ארט. אזוי האבן מיר זיך דערשלעפט ביז צו דער סטאציע זשימנאוואדא פאר לעמבערג. נישט קוקנדיק דערויף וואס מ׳האט אונז דערציילט, אז אין לעמבערג קומען פאר גאסן־קאמפן, האבן מיר באשלאסן צו גיין ווייטער צו פוס. אזוי האבן מיר זיך דערשלעפט אין שטאט, ווו ס׳האט געהערשט א שרעקלעכער כאַאָס. אין דער פינסטערניש האבן מיר זיך גערוקט ביי די ווענט אונטער אן אומאויפהערלעכער שיסעריי. יעדע ווײַלע האבן אונז פארהאלטן פאטרולן; איינמאל זענען עס געווען פאליאקן, ווען מיר האבן געזאגט אז מיר זענען פאליאקן; און איינמאל אוקראינער, ווען מיר האבן געזאגט, אז מיר זענען יידן, סוף כל סוף האט א אוקראינישער מיליטער־פאסטן אונז פארהאלטן און געבראכט אויף זייער קאמאנדא, ווו מען האט אונז באזוכט צי מיר האבן נישט קיין געווער, צונעמנדיק דערביי אונזערע דאפלטע שיך. ווען זיי האבן געפונען אונזערע ציוניסטישע לעגיטימאציעס, האבן מיר זיי דערקלערט, אז אונזער ציל איז ארץ ישראל. דאן האבן זיי זיך אנטשולדיקט, אונז אפגעפירט אין ייִדישן טייל פון שטאט און אונז איבערגעגעבן אין די הענט פון דער יידישער זעלבסט־שוץ.

דארט זענען מיר געווארן גוט אויפגענומען, און גלייך באקומען עסן און אויך באזארגט מיט פלעצער צו שלאפן.

צומארגנס, דעם 3/11, זענען מיר געגאנגען אין „יד־חרוצים", ווו עס האט זיך געפונען די יידישע מיליץ. א יידישער אפיציר האט אונז באגלייט צום רעדאקטאר פון „לעמבערגער־טאגענבלאט", צו וועמען מיר האבן געהאט א רעקאמענדאציע־בריוו פון ד"ר ביקעלס (איצט אין ישראל). אויסהערנדיק אונזער פארלאנג, האט דער רעדאקטאר אונז געגעבן א בריוו צום אוקראינישן קאמענדאנט, וועלכער האט אונז געהייסן ווארטן א פאר טעג. ווייל דער צוג קיין אדעס איז אפגעשטעלט. נאך דריי טעג זיין אין לעמבערג, האבן מיר באשלאסן צו פארן ווייטער. מיר האבן זיך געוואנדן צו דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און געבעטן א המלצה. זיי האבן אונז געהייסן צוווארטן, ביז די לאגע וועט קלאר ווערן. עטלעכע מאל האבן מיר זיך געמוזט אומקערן פון וועג. צוליב דער אומאויפהערלעכער שיסעריי אין שטאט. אזוי ווי מיר האבן זיך נישט געקענט פריי באוועגן אין שטאט מיט אונזערע דאקומענטן, האבן זיך צוויי חברים אונזערע פארשריבן אין די יידישע מיליץ, ווו זיי האבן באקומען געווער, און דאן האבן מיר זיך געקאנט ווידער משתדל זיין ביי דער אוקראינישער מיליטערישער מאכט, אז מיר זאלן קענען ארויס פון לעמבערג.

פאר דער צייט איז אנגעקומען די מוטער פון אונזער חבר בירנצווייג, כדי אים נישט לאזן פארן ווייטער, און געפרווט ווירקן אויך אויף אונז, אז מיר זאלן אויפגעבן דעם „משוגענעם" פלאן צו פארן דווקא איצט קיין ארץ־ישראל.

פון דער פרוי בירנצווייג (איצט אין ישראל) האבן מיר זיך דערוווסט, אז די בריוו, וועלכע מיר האבן איבערגעלאזט פאר אונזער ארויספארן,[1] ביי אונזערע בענדינער חברים פאר די עלטערן און געבעטן זיי איבערגעבן ערשט נאך 5 טעג, ווען מיר וועלן שוין זיין ווייט פון דער היים, זענען גלייך צומארגנס נאך אונזער ארויספארן פון שטאט איבערגעגעבן געווארן די עלטערן. אזוי ארום איז געלונגען דער פרוי בירנצווייג צו דערגרייכן אונז און „ראטעווען" איר זון, וועלכער איז סיי ווי שפעטער עולה געווען קיין ארץ ישראל, און נאך א קורצער צייט — אויך זיין גאנצע משפחה.

נישט קוקנדיק אויף אונזער שווערער לאגע, האבן מיר זיך נישט געלאזט באאיינפלוסן און זיך געלאזט ווייטער אין וועג.

מאנטיק, דעם 11.11, האבן מיר זיך ווידער געווענדעט מיט א רעקאמענדאציע־בריוו פון דער יידישער מיליץ צו דער אוקראינישער מאכט, און געבעטן רייזע־פעסער קיין אדעס. מיר האבן באשלאסן, אז אויב מיר זאלן די פעסער נישט באקומען, וועלן מיר אויך פארן. דאס מאל אבער האבן מיר מצליח געווען: מיר האבן באקומען די געוואונשטע דערלויבעניש, אבער קיין צוג איז פון לעמבערג נישט געגאנגען. וואס טוט מען ווייטער? זענען מיר דעם 13/־1 ארויס פון לעמבערג צו פוס. 60 קילאמעטער זענען מיר געגאנגען ביז גלינאווא, דארט האבן מיר געדונגען א פויער וואס האט פאר הונדערט קראנען אונז אפגעפירט קיין קראסנא, פון וואנען עס איז אונז געלונגען צו פארן מיט א צוג ביז פאדוואלאטשיסק; דארט האבן מיר ווידער געמוזט ארויס פון צוג, ווייל ער איז ווייטער נישט געגאנגען.

דערווייל האבן מיר געזען אנקומען א מיליטערישן צוג. מיר האבן לאנג נישט געטראכט, און זיך אריינבאקומען אין אים.

אזוי האבן מיר אין א פראסטיקן טאג זיך דערשלעפט ביז וואלאטשיסק. מיר האבן געמיינט, אז פון דאנען וועלן מיר שוין קאנען גלייך

פארן ביז אדעס. ערקלערט מען אונז אבער דארט, אז א צוג קיין אדעס גייט ערשט פון זשמערניקע, און מיר לאזן זיך ווייטער קיין זשמערינקע אין די פול געפאקטע וואגאנען. דעם וועג, וואס האט געזאלט נארמאל דויערן א שעה, זענען מיר געפארן א מעת־לעת און דערביי גוט צוגעהונגערט.

אין זשמערינקע הויבט זיך אן א נייע צרה: נישט געווען מעגלעך צו באקומען באן־קארטן. מיר האבן נאר באקומען איין באן־בילעט פון ערשטן קלאס. נישט האבנדיק קיין אויסוועג, באשליסן מיר צו פארן אויף „גאפע". דעם באן־קאנדוקטאר האבן מיר באצאלט צו 50 רובל פאר א פערזאן, און ער פארזיכערט, אז ער וועט אונז אפשטעלן אין אדעס. ביים ארייננאנג אין צוג איז געווען אזא געדראנג, אז מיר האבן זיך אלע פארלוירן. אנקומענדיק קיין אדעס האבן מיר זיך ווידער אלע צונויפגעטראפן. און עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז האנדעלסמאן איז געבליבן אין זשמערינקע.

נאך דעם זעלביקן טאג, דעם 17/11, האבן מיר זיך געווענדעט צו מנחם מנדל אוסישקינען, וועלכער האט אונז דערקלערט, אז דערווייל זעט ער נישט קיין מעגלעכקייטן צו פארן קיין ארץ ישראל. צומארגנס זענען מיר געגאנגען אין פאלעסטינא־אמט, אבער אויך דארט האט מען אונז נישט געגעבן קיין האפנונגען, מיר ווענדן זיך צו ביאליקן, וועלכער האט אונז געגעבן צוויי בריוו: צו אוסישקינען און צו די צעירי־ציון, אבער אויך די רעקאמענדאציע בריוו האבן ווייניק אונז דערנענטערט צום ציל.

דערווייל זענען מיר געבליבן אן געלט. אין אדעס האבן מיר געטראפן א גרופע פון 9 עולים וועלכע האבן שוין געזאלט אפפארן מיט דער נעכסטער שיף, זיי האבן אונז געבראכט צום אוקראינישן אויבער־נאטשאלניק, וועלכער האט אונטערגעשריבן אונזערע פעסער מיט דער דערלויבעניש ווייטער צו פארן. דאן האבן מיר אויסגעפונען אין פארט א לאסט־שיף און נאך פיל מי און אונטערהאנדלונגען מיטן קאפיטאן — האט ער אויסגעדריקט זיין גרייטקייט אונז מיטצונעמען קיין טערקיי.

מיר האבן זיך געזעגנט מיט ביאליקן, וועלכער האט אונז זייער פיל געהאלפן אין אדעס. דעם 21/11 זענען מיר ארויף אויף דער שיף, וועלכע האט אונז געבראכט נאך א פאר טאגיקער רייזע קיין קאנסטאנטינאפאל.

אונזער „אויסערן מיניסטער" יאקוב לאסקער, האט זיך געמאלדן ביי דער טערקישער מאכט מיט די פעסער. מיר האבן אנגעגעבן, אז אונזערע עלטערן געפינען זיך אין ארץ ישראל און אז מיר זענען געבוירן אין יפו. אזוי ארום באקומען מיר די איינרייזע ־ ערלויבעניש קיין ארץ־ישראל.

19 טעג האבן מיר געווארט אין טערקיי, ביז עס איז אונז געלונגען נאך שווערע אנשטרענגונגען און מי צו באקומען אן ארט אויף א לאסט שיף, וועלכע האט אונז געבראכט קיין ביירוט, און דעם 12.12.1918 האבן מיר געאנקערט אין יפו.

# שמואל ליווער / זכרונות פון דער דריטער עליה

(פון בענדין ביז תל־חי)

אין דערזעלבער צייט ווען ס'זענען פון בענדין אפגעפארן די ערשטע 7 חלוצים דורך לעמבערג—אדעס: ישראל אפענהיים, יעקב לאסקער (ביידע אין ישראל), קובא זמיגראד, סענדער לובלינג, יצחק האנדעלסמאן, דוד מייטליס (אלע אומגעקומען) און אישעק בירנצווייג (בארי) (געשטארבן אין ישראל אין 1957), זענען מיר 8 בחורים, א פאר טאג שפעטער, אנהויב נאוועמבער 1918, זיך ארויסגעלאזט דורך א צווייטן וועג קיין ארץ־ישראל. די 8 זענען געווען אברהם גאלדבערג, (תל־אביב) מרדכי ווינער (ירושלים) יהודה פרעגער (קרית־מוצקין), שמואל ליווער (חיפה), די ברידער משה און יעקב ראטענבערג (געשטארבן אין פאריז), שמואל טראפאווער און שלמה זאבאטצקי; מיר זענען געפארן קיין ווין און פון דארט קיין טריעסט. די ערשטע גרופע וואס איז אנגעקומען קיין טריעסט מיט דער האפנונג צו געפינען א שיף קיין יפו.

דורך די דריי חדשים וואס מיר האבן געווארט אין טריעסט, האבן זיך דא צענויפגעזאמלט א 60 חלוצים פון בענדין, סאסנאוויץ, מאנזשעוו, לאדזש, ראדאם און פיאטרקאוו.

אונזערע באמיונגען זיך ארויפצובאקומען אויף א שיף האבן זיך נישט איינגעגעבן, צוליב דער מלחמה צווישן ענגלאנד און טערקיי. מיר האבן אויך נישט באקומען קיין דאקומענטן פון דער איטאליענישער רעגירונג, וועלכע האט געקוקט קרום אויף אלע געוועזענע רוסישע בירגער ווי אויף באלשעוויקעס. ערשט א דאנק דער הילף פון ראבינער חיות, וועלכער איז ספעציעל געקומען צו אונז קיין טריעסט און דער מיטהילף פון ד"ר צעלמייסטער (א פערזענלעכער פריינד פון ד"ר הערצל), איז געלונגען ארויסצובאקומען פון שפאנישן קאנסולאט פאר אונז נאנסן־פעסער.

ערשט דאן האבן מיר זיך געקענט פריי באוועגן. באקומענדיק א באגלייט־בריוו פון טריעסטער ראבינער פארן מיר ווייטער קיין גענוא, און מיר ווענדן זיך צום דארטיקן ראבינער וועלכער נעמט אונז אויף זייער קאלט, ווייל ער האט מורא געהאט אז מיר זענען קאמוניסטן. באין ברירה פארן מיר ווייטער קיין רוים. פרייטאג נאכמיטאג זענען מיר אנגעקומען קיין רוים, נישט געקענט די שפראך, נישט געהאט קיין אדרעס צו וועמען זיך צו ווענדען. צוויי איטאליענישע יידן האבן אונז דערקענט אלס יידן, אבער די איינציקע ווערטער וואס זיי האבן געקענט מיט אונז רעדען זענען געווען „שלום", „שבת" און „כשר". מיר האבן זיך דערשלעפט ביז דער גרויסער שול, און זיך אוועקגעזעצט אויף די איינגאנגס־טרעפ. דאס איז געווען פאר קבלת שבת. באלד האבן אנגעהויבן קומען די מתפללים וועלכע האבן נישט פארשטאנען וואס דא קומט פאר, און ווער מיר זענען. מיר האבן זיי אויפגעקלערט אונזער ציל און פארלאנגט רעדן מיטן הויפט־ראבינער, וועלכער האט אונז אבער נישט געוואלט אויפנעמען, נאר פארלאנגט מיר זאלן אים שריפטלעך איבערגעבען וואס מיר פארלאנגען. נאך פיל מי האט דער ראבינער מסכים געווען צו רעדן מיט אונז טעלעפאניש. ערשט זונטיק פרי האט אונזער חבר ספיר, וועלכער האט געקענט פראנצויזיש, גערעדט מיטן ראבינער דורכן טעלעפאן און געבעטן הילף פאר דער גרופע חלוצים צו פארן ווייטער קיין ארץ־ישראל.



א גרופע בענדינער חלוצים פון דער 2־טע און 3־טע עליה.
קבוצת חלוצי העליה השניה והשלישית מבנדין.
פון רעכטס אויף לינקס עס שטייען: 2 ברידער שניידערמאן.
2־טע רייע: שווייצער אריה, זאבלאצקי שלמה, ליוועך שמואל, ראטענבערג יעקב, האמפל.
3־טע רייע: פראכטצוויג, פרעגער יהודה, קאלושינסקי, ראטענבערג משה.

קיין גרויסע הילף האבן מיר לײדער נישט באקומען. אינטערע־סאנט, אז דער זעלבער ראבינער, לאטעס, האט דוקא שפעטער ארויסגעוויזן גרויס אינטערעס און געזארגט פאר אלע חלוצים, נישט נאר פאר די וואס זענען געקומען קיין רוים, נאר אויך פאר די וואס האבן זיך געפונען אין גאנץ איטאליע. אבער דאס איז געווען שפעטער, נאך דעם, ווי אוסישקין און ד״ר רופין האבן אויפן וועג פון אדעס קיין ארץ־ישראל באזוכט רוים.

דערווייל, אבער, זייענדיק אז אין רוים וועלן מיר גארנישט אויפ־טון, האבן מיר זיך געלאזט קיין נעאפאל; אויך דארט האבן מיר געפונען א גרופע חלוצים מיט וועלכע מיר האבן זיך פאראייניקט. דערווייל איז געווארן אויסגעפועלט אין רוים ביי דער איטאליענישער רעגירונג, אז זי זאל אונז אנערקענען אלס שטאטלאזע, און אלס אזעלכע האבן מיר באקומען שטיצע — צוויי לירעטעס א טאג. מיר האבן דאן געלעבט אין שווערע באדינגונגען, מיט טרוקענעם ברויט און זופ. ביי יעדן פון אונז האבן זיך געהאט שוין אויסגעלאזט די לעצטע פרוטות וואס מיר האבן מיטגענומען פון דער היים. זאל דא באמערקט ווערן, אז ס'איז געווען אין נעאפאל א קריסט פון פוילן, פאלאק האט ער געהייסן, וועלכער האט אונז שטארק געהאלפן, און געפונען פאר אייניקע פון אונז ארבעט.

א וואך פאר פורים האט מען אונז גערופן אין נעאפאלער שטאט־ראט, און דער בירגערמייסטער האט אונז ערקלערט, אז אין צוויי טעג ארום פארן מיר קיין אלעקסאנדריע.

צוויי טעג פאר פורים, 1919, זענען מיר ארויף אויף דער שיף, — די ערשטע שיף נאך דער מלחמה, וואס האט אויפגענומען פריוואטע פאסאזשירן.

מיר זענען געווען 63 חלוצים צווישן אן ערב־רב פון איטאליענער, ענגלענדער, אראבער, סודאנער, א. אז. וו. ביז די שיף איז אפגעפארן, האבן מיר געטאנצט אין געזונגען חלוצישע לידער, און ווי נאר די שיף האט גערירט פון פארט האבן מיר פונאנדערגעוויקלט א בלוי־ווייסע פאן. אונזערע באגלייטער און פריינט וועלכע מיר האבן זיך דערוואויבן דורך די צייט, זעענדיק די פאן האבן אנגעהויבן שרייען „וויוואַ פאלעסטינא״!, „וויוואַ ישראל״! אבער באלד איז צוגעקומען צו אונז דער שיפס־אפיצער, און ערקלערט, אז מיר מוזן תיכף איינ־וויקלען דעם פאן, וויל ס'איז נישט ערלויבט קיין שום פאן אויסער דער איטאליענישער. מיר האבן די פאן באהאלטן, מיט דער האפנונג זי ווידער פונאנדערצוּוויקלען ביים ברעג פון יפו.

אויף דער שיף האט געהערשט א געהויבענע שטימונג. די חלוצים האבן נישט אויפגעהערט צו טאנצן און זינגען. פורים האבן אונזערע חברים געגעבן א קאנצערט. די טאכטער פון קאפיטאן האט באגלייט אויפן קלאוויר אונזער חבר שפילמאן פון קעלץ, וועלכער האט געשפילט אויף א וויאלאנטשעל; שפעטער האט דער קאפיטאן גע־הויבן זיין כוס פארן געזונט פון יידישן פאלק און ארץ־ישראל. צו־מארגנס איז געקומען צו אונז א דעלעגאציע פון ערשטן קלאס, און געבראכט א סומע געלט וועלכע זיי האבן געזאמעלט פאר אונז... מיר האבן, נאטירלעך, צוריקגעשיקט דאס געלט.

נאך 8 טאג זענען מיר אנגעקומען קיין אלעקסאנדריע. דארט האט שוין געווארט אויף אונז א דעלעגאציע פון די דארטיקע יידן, וועלכע האבן אונז גלייך איינגעארדנעט אין אן ערשטקלאסיקן האטעל. אין אלעקסאנדריע איז דאן געווען א גרויסע גרופע פון אייראפעישע יידן, וועלכע האבן דורך אונז באקומען די ערשטע גרוסן פון זייערע היימען. נאך א קורצע צייט זענען געקומען קיין אלעקסאנדריע נאך 42 חלוצים פון אלע עקן פוילן, אזוי אז צוזאמען זענען מיר געווען 105 מאן. פון דאן אן האבן מיר זיך גערופן די קבוצה פון „הונדערט פינף״, וועלכע זענען נאך די ערשטע 6 בענדינער חלוצים, געווען די ערשטע גרויסע ארגאניזירטע גרופע וואס איז געקומען קיין ארץ־ישראל נאך דער ערשטער וועלט מלחמה. מיט זיי האט זיך פאקטיש אנגעהויבן די דריטע עליה.

צוליב דעם וואס אין עגיפטן זענען דאן פארגעקומען אומרוען, האבן די ענגלענדער דערלויבט צו פארן נאר אין קליינע גרופן. די ערשטע גרופע פון די „הונדערט פינף״ האט געצאלט ציילן 18 מאן. יעדער איינער האט געוואלט זיין צווישן די ערשטע. און ס'איז בא־שלאסן געווארן אז די וואס זענען די ערשטע ארויס פון זייערע היימען — די וועלן אויך זיין די ערשטע וואס וועלן פארן קיין ארץ־ישראל.

ערב פסח 1919 זענען מיר, 8 בענדינער, געווען צווישן די אכצן וואס האבן זיך ארייגעזעצט אין דער באן צו פארן קיין קאהיר, ווו עס האבן אויף אונז שוין געווארט פארשטייער פון דער ציוניסטישער



א גרופע בענדינער חלוצים פון דער 3־טע עליה.
קבוצת חלוצי העליה השלישית מבנדין.
1־טע רייע: ראטענבערג יעקב, ווינער מרדכי, ראטענבערג משה.
2־טע רייע: גאלדבערג אברהם, פרעגער יהודה, זאבלאצקי שלמה.

ארגאניזאציע, וועלכע האבן אונז געבראכט מצות. מיר ווערן איינגעלאדן צום סדר וואס די קאהירער יידן האבן איינגעארדנט פאר די זעלנער פון „יידישן לעגיאן". צומארגנס פארן מיר ווייטער קיין קאנטינא און פון דארט דורכן מדבר סיני, אין אפענע וואגאנען, קיין רפיח. דעם צווייטן טאג חול המועד פסח זענען מיר אנגעקומען קיין יפו.

אלס חבר פון „אחדות־עבודה" האט מיך די פארטיי געשיקט קיין כפר־גלעדי. חבר שניאורסאן פון כפר־גלעדי איז געקומען נאך אונז מיט א וואגן איינגעשפאנט אין פרדות; 4 בחורים אין איין בחורה, זענען מיר געפארן 3 טעג. אין כפר־גלעדי איז דאן געווען נאר איין הילצערנער צריף, איינגעטיילט אין צוויי טיילן — אין איינעם זענען געווען די בהמות, און דער צווייטער האט געדינט פאר א חדר־אוכל און מזכירות, און ביי נאכט — פאר א שלאף־רוים. ערשט נאך א פאר חדשים פון מיין זיין אין כפר־גלעדי, איז אונז געלונגען צו באקומען א פאר פונט און מיר האבן געקויפט ביי די אראבער פון חולתא ראגאזשעס, פון וועלכע מיר האבן אויפגעשטעלט א פארביידלעך. עס האט זיך אונז דאן אויסגעזען אז מיר לעבן ווי לארדן...

ווען עס האבן זיך אנגעהויבן די אראבישע אנפאלן אויף תל־חי, זענען מיר, א גרופע חברים, געשיקט געווארן קיין תל־חי צו הילף די דארטיקע חברים. אזוי האבן אויך איך און משה ר א ט ע נ ב ע ר ג, צוזאמען מיט 30 חברים, אויסגעטראגן דעם בלוטיקן אנפאל אויף תל־חי.

ווען טרומפעלדאר איז פארוואונדעט געווארן, האבן מיר געמאכט א טראג־בעט פון קאצן, און אים גענומען איבערפירן קיין כפר־גלעדי, אבער צוויי־הונדערט מעטער פאר דער קבוצה איז ער געשטארבן. מיר קערען זיך צוריק דיזעלבע נאכט קיין תל־חי, פון וואנען מיר האבן ארויסגעצויגן די געפאלענע חברים און שפעטער אויך דעם לעבעדיקן אינוועטאר. צולעצט האבן מיר זיך צוריקגעצויגן אויף א בערגל, און צוויי חברים אונזערע האבן אונטערגעצונדן תל־חי. איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן די נאכט ווען כ'בין געלעגן ביי דער זייט פון שניאורסאנען; און ווען תל־חי האט אנגעהויבן צו ברענען, האט שניאורסאן אויסגעשריען: „תל־חי איננה"! — דאס איז געווען דער געשריי פון דעם גאנצן ישוב.

# דוד אבי־מנחם / זיבן בענדינער חלוצים פארן מיט אן אויטא קיין ארץ־ישראל

בדרך כלל איז בענדין געווען א פיאנער אויף דער יידישער גאס אויף א ריי געזעלשאפטלעכע געביטן, ס'איז דעריבער נאטירלעך, אז אויב אין דער צווייטער עליה האט בענדין אנטייל גענומען מיט איינער פון די ערשטע חלוצים־גרופן, זענען אין דער דריטע עליה די 6 בענדינער בחורים געווען די ערשטע וועלכע האבן געעפנט די דריטע עליה. צו זיי דארף מען צורעכענען די 7 פון יאר 1932. די איינציקע אין פוילן וועלכע האבן זיך אונטערגענומען צו פארן קיין ישראל מיט א קליינער מאשין, נישט קוקנדיק אויף די גרויסע שוועריקייטן מיט וועלכע אזא רייזע דורך גרענעצן און לענדער איז געווען פארבונדן.

די רייזע פון די 7 חלוצים איז געווען איינע פון די שענסטע פראפאגאנדע־רייזעס פארן ציוניזם אין דער דאמאלסטיקער צייט, אומעטום וווּ זיי זענען נאר אדורכגעפארן האט מען זיי ווארעם אויפגענומען, און נישט נאר די יידישע באפעלקערונג נאר אויך ספארטלער פון אלע פעלקער. אפשר א דאנק דעם איז זיי טאקע געלונגען דערגרייכן זייער ציל. די רייזע איז נישט געווארן פינאנסירט דורך קיין שום אינסטיטוציע, נאר דורך די 7 איינטיילנעמער — חלוצים אליין.

אויפגעקומען איז דער געדאנק ביי איינעם פון דער גרופע, וועלכער איז שוין געווען אין ישראל, און צוליב א קאנפליקט מיט דער אראבישע און ענגלישע פאליציי געמוזט פארלאזן דאס לאנד. דאס איז געווען דוד האניגמאן ז"ל, וועלכער האט זיך געוואנדן צום שרייבער פון די שורות, אלס פארוואלטונגס־מיטגליד פון ספארט־פאריין „הכח", וועלכער האט זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיטן וועלט־פארבאנד פון „מכבי" אין פוילן און געבעטן זיין אונטערשטיצונג פאר דער רעאליזירונג פון דעם געדאנק; דער וועלט־פארבאנד „מכבי" אין ווארשע האט אין פרינציפ מסכים געווען אויפן פלאן, מיט דער באמערקונג, אז די רייזע קאנען די איינטיילנעמער מאכן נאר אויף אייגענע אחריות.

עס האט געדויערט א געוויסע צייט ביז ס'זענען אויסגעקליבן געווארן די געהעריקע קאנדידאטן. דאס זענען געווען: דוד האניגמאן (געשטארבן אין ישראל), זיין ברודער שמעון האניגמאן, קלמן האניגמאן, אריה מייטליס, משה גאלעק און צוויי פון סאסנאוויעץ — יחזקאל שטייניץ און ארנאלד וואקסבערג (אלע אין ישראל). אנגעטאן אלע איינהייטלעך, זענען די 7 אין א „מערצעדעס" אויטא דעם 4־טן דעצעמבער 1932 ארויסגעפארן פון בענדינער „הכח" פלאץ באגלייט דורך עטלעכע טויזנט יידן, מיט א בלוי־ווייסע פאן קיין ישראל. די ערשטע נאכט האבן זיי פארבראכט אין קראקא, ווי זיי זענען ווארעם אויפגענומען געווארן דורך דער ציוניסטישע ארגאניזאציע און דעם דארטיקן יידישן ספארט־פאריין; פון דארט זענען זיי דעם צווייטן טאג געפארן קיין ביליץ אין מעריש־אסטרו צו דער טשעכישער גרענעץ. דא זענען זיי אפגעווארט געווארן דורך פארשטייער פון וועלט־פארבאנד „מכבי" אין טשעכאסלאוואקיי, מאכס וועבער, וועלכער האט זיי באגלייט ביז ברין, ווו זיי זענען געשלאפן אין סטודענטן־היים. אומעטום זענען זיי געווארן ענטוזיאסטיש אויפגענומען, פראסניץ, ווישאו, אלמעץ, ווו זיי האבן געהאט דעם ערשטן עקסידענץ מיט דער מאשין, פארנדיק בארג ארויף. פלוצלונג האט זיך די מאשין געלאזט אויף צוריק און זיך איינגעהאלטן ביי א בוים, ווען נישט וואלטן זיי זיך אראפגעקייקלט אין א תהום פון א פאר הונדער מעטער. אפקומנדיק מיט לייכטע ווונדן, האבן זיי אויפגעזוכט דעם סאלטיס פון דארף, וועלכער האט זיי געהאלפן, אריינגענומען צו זיך אויף נאכט און זיי געגעבן עסן. צומארגנס, נישט געפונענדיק קיין גאראזש, האבן זיי אריינגעפירט די מאשין אין א פוילישער קוזשניע, אליין זי פאראכטן — און

ווייטער געפארן קיין ווין, ווו זיי האבן געמוזט פארבלייבן צען טעג צוליב וויזע־שוועריקייטן. געשלאפן זענען זיי אין סטודענטן־היים, פארבראכט די צייט אין ויכוחים און געזאנג. א דאנק דער השתדלות פון ד״ר שטריקער אין ד״ר הורביץ איז זיי געלונגען צו באקומען א וויזע קיין יוגאסלאוויע.

אויך אין די יוגאסלאווישע שטעטלעך זענען זיי פייערלעך אויפגענומען געווארן דורך דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. די ערשטע חנוכה־נאכט האבן זיי פארבראכט אין א קליין שטעטל, ווו די גאנצע באפעלקערונג קריסטן און יידן האבן זיי פייערלעך אויפגענומען אין א צווייט שטעטל האט מען פאר זיי איינגעארדנט א באנקעט מיט באגריסונגס־רעדעס. אין דער קורצער צווישנצייט געלינגט זיי צו גרינדן דארט א „מכבי״ קלוב.

קיין זאגרעב זענען זיי אנגעקומען אין סילוועסטער נאכט אין א גרויסן רעגן. נישט וויסנדיק ווו צו גיין, איז פלוצים צוגעקומען צו זיי א פרעמדער און געפרעגט וועמען זיי זוכן: ער האט זיי אריינגעפירט אין א האטעל, געהייסן געבן עסן און אויך צומארגנס געבראכט אין יידישן ספארט־קלוב; ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן, איז דאס געווען א קריסט וועלכער האט דערקלערט, אז ער האט געהאלטן פאר נויטיק זיי צו העלפן אלס ספארטלער. שפעטער ווערן זיי איינגעלאדנט דורך דעם יידישן מיליאנער שפּיץ אויף מיטאג אין זיין פאלאץ. ביים געזעגענען זיך האט ער זיי געגעבן צוויי רעוואלווערן און געבעטן עס איבערגעבן דער „הגנה״ אין ארץ ישראל. אין דאלנא־מיקאלאץ אויפן וועג קיין בעלגראד האבן זיי נישט געקענט פארזעצן דעם וועג צוליבן שטארקן רעגן. מיט ליבע האט די פויערישע באפעלקערונג זיי געהאלפן אדורכמאכן דעם שווערן און גליטשיקן וועג, ברעגענדיק זאמד אין אש און עס געשאטן אויפן וועג — אזוי ארום איז די מאשין ווייטער געפארן. אבער נישט ווייט פון דארט האבן זיי געהאט דעם צווייטן עקסידענט. א גליק וואס עס איז געווען נישט ווייט פון שלאס פון יידישן באראן שלעזינגער, וועלכער האט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד, געלאזט רעמאנטירן די מאשין, און טאקע א דאנק אים וועלכער האט זיי געגעבן א באגלייט־בריוו צום ענגלישן קאנסול אין בעלגראד, האבן זיי באקומען די ענגלישע וויזעס קיין ישראל.

אנקומענדיק קיין בעלגראד ווערן זיי אויפגענומען דורכ׳ן הויפט רב און אויך דורכן פוילישן קאנסול; נישט האבנדיק די מעגלעכקייט צו באקומען די טערקישע וויזע, (ווייל דער טערקישער קאנסול האט דערקלערט, אז צוליב די אומרוען אין ארץ ישראל האט ער מורא פאר זייער לעבן...) זענען זיי געפארן קיין גריכנלאנד און פון דארט מיט א שיף ביז אלעקסאנדריע, ווו זיי זענען געווען די געסט פון יידישן ספארט־קלוב, וועלכער האט זיי איינקוואטירט אין שענסטן האטעל פון שטאט.

די צייט וואס די גרופע האט פארבראכט אין אלעקסאנדריע איז געווען א צייט פון אויפלעבונג פאר דער ציוניסטישער יוגנט — מען האט געזונגען און געטאנצט יעדן טאג ביז שפעט אין דער נאכט. פון דארט פארן זיי קיין קאהיר, און ווערן ווידער װארעם אויפגענומען דורך דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. און אזוי ווי די קהילה האט אין דער צייט געעפנט א ניי הויז פאר הכנסת אורחים, זענען זיי דארט געווען די ערשטע געסט.

אכט טעג האבן זיי פארברענגט אין קאהיר, און ארומגעפירט געווארן דורכן „מכבי״ פארבאנד איבערן לאנד. יעדע נאכט באנקעטן מיט רעדעס, ציוניסטישע לידער, מתנות. באגלייט דורך דער גאנצער יידישער יוגנט, זענען זיי געפארן קיין איסמאליע, איבערן סועץ קיין תל־עריש און פון דארט — מיט א זאמדיקן וועג קיין ארץ־ישראל. קום מיט צרות זיך דערשלעפט ביז באר־שבע. דא ווערן זיי ארעסטירט דורך דער ענגלישער פאליציי, וועלכע האט געפונען ביי זיי אין דער מאשין א זעקעלע מיט רעוואלווערן קוילן. זיי ווערן באשטראפט דורכ׳ן געריכט צו באצאלן 7.350 פונט, נישט האבנדיק אבער קיין געלט טעלעפאנירן זיי קיין ירושלים; די סוכנות האט גלייך ארויסגעשיקט דאס געלט און באצאלט די שטראף.

דעם 14־טן פעברואר 1933 ווערן זיי פייערלעך אויפגענומען דורכ׳ן „מכבי״־קלוב אין ירושלים. צומארגנס פארן זיי קיין תל־אביב, ווו ס׳ווארט זיי אויפן וועג אפ דער „מכבי״ מיטן פארזיצער משה שהם, אונזער בן־עיר וועלכער פירט זיי אריין מיט גרויס פאראד אין תל אביב.




די 7 חלוצים אויפן וועג נאך ארץ־ישראל.
שבעת החלוצים בדרכם לארץ ישראל.

# מאטעק האמפעל / געשטאלטן און עפיזאָדן פון אמאליקן בענדין



קינדער יארן, שיינע זיסע יארן,
אייביק בלייבט איר ביי מיר אין זכרון,
ווען כ׳טראכט פון יענער צייט
טוט מיר אזוי באנג און לייד...
**(פון א פאלקס־ליד)**

**מ**יין זיידע, ר׳ איצעק פרידלער ע״ה, איז געווען, מיט איבער א האלב יארהונדערט, אן אנגעזעענער, בכבודיקער ייד, מיט וועלכן מען האט זיך גערעכנט. נישט קוקנדיק דערויף וואס ער איז געווען א גערער־חסיד, האט ער געהאט צוליב זיינע גוטע מידות א שם־טוב אין אלע קעגנערישע חסידישע קרייזן.

אין א ווינטערדיקן שבת־נאכמיטאג האט דער זיידע אויסגעהויכט זיין נשמה. דער מארגנדיקער טאג, ווען ס׳איז פארגעקומען די לויה, האט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. דאס בילד, ווי דער זיידע ליגט אויף דער ערד, פארדעקט מיט א שווארצן טוך, די צאנקענדע פלעמלעך פון די טריפנדיקע ליכטלעך אין די לייכטער ביי אים צוקאפענס, און די יאמערלעכע געשרייען פון דער אלמנה און צען פארבליבענע יתומים — האבן דערשיטערט מיין נשמה.

דער זיידע האט געהאט א מיל, וואס האט זיך געפונען איבער דער הילצערנער בריק, אויפ׳ן וועג קיין גזשיכאָוו, ביים טייך טשאַרנאַ פשעמשאַ, א צופלוס פון דער ווייסל. די מיל איז נישט געווען זיין אייגנטום, נאר האט געהערט צו א פריץ, שפערלינג האט ער געהייסן, א גוי נישט פון די ערגסטע, וואס האט זי פארפאכטעט מיין זיידן מיט זיינעם א שותף, ר׳ הענאך עפשטיין, וועמענס גראָטענע און שיינע טעכטער האבן געהאט גאר גרויס דערפאלג ביי די בענדינער בחורים.

אלס קינד האב איך אפט באזוכט די מיל, וואס איז געווען מיין בעסטער צייט־פארטרייב, ווייל דארט האב איך געהאט די מעגלעכקייט צו לאבוזעווען אן יעדער שטערונג און קאמאנדעווען אויף א שטח מיט אזא רחבות און פארנעם. וואס איז דארט אלץ נישט געווען? פערד מיט זשרעבעקלעך, וועלכע כ׳האב גערן געהאט העלפן איינשפאנען אין די גרויסע לאסט־וואגנס, סטאדאלעס מיט הויפנס היי, מאגאזינען מיט הויך אנגעלייגטע זעק מעל, ווינדעס און לייטערס אויף וועלכע איך האב זיך ארויפגעדראפעט און נישט איינמאל ארונטערגעפאלן און זיך גוט צעקלאפט, אבער בעת מעשה איז געוואקסן דאס הארץ מרוב הנאה און שמחה.

איך בין געווען א ייִנגל פון א יאר 5—6 ווען כ׳האב געלערנט אין חדר פון ר׳ נחום „קאטשקע״ (זיין צונאמען צוליב זיין ראשענדיקן קול), א ייד א הויכער, א דארער, מיט א שפיציק ווייס בערדל, וואס האט קיינמאל נישט ארויסגעלאזט דעם קאנטשיק פון האנט. די תלמידים זענען אים נעבאך דערגאנגען די יארן מיט כל מיני המצאות, אבער ווען מיר זענען אריינגעפאלן אין זיינע הענט, האט ער אין אונז זיך נוקם געווען כדבעי.

אין איינעם א טאג האט ר׳ נחום אויסגעגאסן זיין גאנצן כעס און צארן דווקא אויף מיין קעפל, זייענדיק פול מיט תרעומות אויף מיר, אז כ׳בין נישט תופס דעם אלף־בית מיט פינטלעך, און איך בין געווען גאט די נשמה שולדיק. דער טאטע מיינער האט אן שהיות, נאך אין סאמע מיטן „זמן״ מיך איבערגעפירט אין חדר פון ר׳ יהושע ראזענקער, קעגנאיבער אונזער מויער, אויף דער שוויענטאָיאַנסקאַ גאס.

ר׳ יהושע איז נישט געווען אבי ווער, פון די פארטגעשריטענע מלמדים און א ציוניסט־מזרחיסט. ער איז כל־ימיו געווען פעדאנטיש ריין, און זיין שווארצע באָרד איז געווען גוט געפלעגט און פארקעמט. גייענדיק אין דער גאס מיטן שטעקן אין דער האנט, האט ער פאריסן הויך דעם קאפ מחמת אנזען און חשיבות אין לייטענס אויגן. ביי אים האבן געלערנט די זין פון די נגידים און באלעבאטישע יידן. כ׳דערמאן נאר אייניקע הדר־חברים: מארעק שיין, אלימלך דיאמענט, דוד פעלדבוים (די דריי אין ישראל), זלמן שטראכליץ (אין אמעריקע), מנדל מאלערמאן (לאנדאן), קאפל הערצבערג (פאריז). די ברידער רעמבישעווסקי, יצחק פעלדבוים, די ברידער לעווקאוויטש, משה׳ל פראווער, לעמל ראטנער, יואל שוויצער, דוד׳טשע כאפער זכרונם לברכה, און נאך.

דער דערמאנטער פריינט ד. כאפער, וועמענס פאטער איז בעסטיאליש דערמארדעט געווארן דורך אן אויבערשלעזישן קצב מיט וועלכן ער האט געהאנדלט, וואס האט אין יענע יארן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה געמאכט א פיינלעכן רושם אויף דער יידישער באפעלקערונג — איז געווען ביז׳ן סאמע אומקום אן איבערגעבענער ציוניסט, א נדבן און א רעוויזיאניסטישער עסקן.

מיין מלמד, ר׳ יהושע, איז אויך אנגעגאנגען אלס גוטער בעל־תפילה אין „שטיבל״ (אין שלמה שיינס הויז) ווו קורלאנד האט געהאט דאס אייזן־געשעפט אויפ׳ן אלטן מארק, וואס איז שפעטער איבערגעפירט געווארן אין דער וווינונג פון ברכיה מייטליס, אן אנגעזעענער תושב אין דער שטאט, אין חיימל ליווערס הויז, אויף דער סאָנטשעווסקאַ גאס, באקאנט אלס „קאטאוויצער שטיבל״. ווען ר׳ חיים שיין האט געבויט זיין הויז, 1924, אויף דער מאַלאַכאָווסקאַ גאס, האט ער אפגעגעבן א ספעציעל צימער פאר דעם דאזיקן מנין, וואס האט זיך דאן גערופן אויף זיין נאמען און פונעם ברודער איטשל שיין, וועלכע האבן פיל געלייסטעט פאר דער שטאט געזעלשאפטלעך און פילאנטראפיש, צוגלייך מיט זייערע טייערע פרויען חנה׳לה און די פיעטעטפולע צעשא, פון די זעלטענע עסקניות אין שטאט. אין דעם מנין זענען אויך אויפגעטרעטן אלס שליחי־צבור די באקאנטע

בעלי־תפילות: יחזקאל פרידמאן, אברהם׳לע רעכניץ און גרשון רעכניץ, וועלכער איז אויך אנגעגאנגען אלס פארדינסטפולער שטאט־עסקן.

ווען ר׳ יהושע האט זיך אוועקגעשטעלט אין די ימים־נוראים פאר׳ן עמוד און געזונגען אזוי הארציק, אונטערגעהאלטן דורך זיין זון משה׳ל (אין ישראל) די תפילות — האט ער אלע מתפללים מהנה געווען און אלעמענס הערצער געריהרט.

אין מיין חדר, וואס איז געווען א „חדר מתוקן", האט מען אויך געלערנט למודי־חול. דער באקאנטער לאנגיעריקער פעדאגאג יהושע ראפאפארט האט אונז געלערנט רוסיש און פויליש. דעם רבינ׳ס זון האט אונז געלערנט אריטמעטיק און קאליגראפיע. דער רבי זעלבסט — יודאיסטישע קענטשטאנדן און יידיש, דער לערער יא־נאווסקי — עברית. די גירסא דינקותא פון יענע צייטן — געדענקט זיך עד היום און פארגעסט זיך קיינמאל נישט.

יא, עס דערמאנט זיך נאך, אז אויף דער מזרח־וואנט אין חדר האט געהאנגען א גרויס בילד פון צאר ניקאליי דעם צווייטן. ווען ס׳איז געקומען דער אינספעקטאר פון דער שול־נאטשאלסטווא אויף א באזוך האט זיך דער רבי שטארק דערשראקן, ארויפגעצויגן אינדער־גיך אויף זיך די שבת׳דיקע קאפאטע, ארונטערגעכאפט הכנעה׳דיק זיין יידיש היטעל, און מיר, קינדער, האבן געזונגען שטייענדיק און פון אויסווייניק דעם רוסיש׳ן הימען „באזשע צאריא כראני", וואס מיר האבן נישט פאר־שטאנען.

אין חדר האט מען געקנעלט אומגעדולדיק א גאנצן טאג ביז אין די אוונט־שעהן, נאר מיט א מיטאג־הפסקה. אפילו שבת זענען מיר געגאנגען אין חדר לערנען פרקי אבות און „ברכי נפשי". באפרייט זענען מיר געווארן ווען אין דרויסן איז שוין געווען כמעט פינצטער, ווען ס׳האט זיך באוויזן אין די גאסן דער שטאט־לאטארניק, וועלכער האט אנגעצונדן די גאז־לאמטערן און ארום אים שארן זיך קינדער, באגלייטנדיק יעדע באוועגונג זיינע מיט „האפ־האפ" און „הורא" אויסגעשרייען.

אפטמאל האט מען זיך ארויסגעגנבט פון חדר, געשפילט זיך אויף דער גאס אין „יאגעלעך", „כאפעלעך", „קאמער־קאמער־טיר", אדער נאכגעלאפן די שטאט־משוגעים, וועלכע זענען געווען בטבע רואיק: „מענדעלע מי־שברך", אנשל „דרייקאפ", וועלכער האט זיך געדרייט עטלעכע מאל הין־און־צוריק, שטעלנדיק קוים איין טריט, און דאן די „פאפולערע" משוגענע שרה פון וועלכער כ׳האב אמאל באקומען א שטיין אין קאפ...

דער בעסטער טאג אין חדר איז געווען פרייטיק, ווען מ׳האט געלערנט נאר ביז מיטאג־צייט. מיר האבן איבערגעחזרט די פרשת־השבוע, מעביר סדרה געווען און דאן האט דער רבי אונז פארגע־לייענט מעשיות פון דער אגדה, וואס האבן גאר שטארק נושא־חן געווען און מיר וואלטן נישט מיד געווארן צו הערן נאך און נאך, ווייל אזוי ענטוזיאסטיש האבן משפיע געווען אויף אונז גאט׳ס נסים בעת יציאת־מצרים, די ווונדערלעכע געשיכטע פון מכירת־יוסף, אדער די דערציילונג וועגן די צרות און פורענויותן, וואס וועלן קומען באחרית הימים, אין משיח׳ס־צייטן, אויף די פעלקער גוג און מגוג מחמת די רדיפות און נגישות, וועלכע זיי האבן פאראורזאכט דעם אתה־בחרתנו פאלק...

איך בין געווען א גאטספארכטיק־פרום ייִנגל, און אפגעהיט אלע מצוות און דינים. נישט געגעסן און נישט געטרונקען אויב כ׳האב פריער נישט אפגעזאגט „המוציא" און „שהכל". פארן שלאפן גיין האב איך נישט פארגעסן לייענען קריאת־שמע, אין דער פרי אפגע־גאסן נעגל־וואסער און אפגעזאגט דעם מודה־אני, — דאס אלץ אויך אדאנק דער דערציונג פון חדר, ווו כ׳האב זיך אנגעהערט שרעקלעכע מעשיות וועגן נישט פרומע יידן, וועלכע ווערן, רחמנא ליצלן, געברענט און געבראטן אין גיהנום...

אין די זומער־אוונטן, ווען די זון האט זיך געבויגן צו מערב און די הימלען האבן זיך אנגעצונדן מיט רויטע כמארעס, האב איך געוווּסט, אז דאמאלסט ברענט מען די רשעים מיט גאנצע פעסער סמאלע...

מנחה און מעריב פלעג איך מתפלל זיין אין בית־המדרש, ווו ר׳ פייוועל ראפאפארט (דער „רוסעל מאכער") פון הערינג־געשעפט אויפן אלטן מארק האט מיך געצויגן פארן אויער און געקניפט אין באק, אז איך זאל נאכזאגן דעם שליח־צבור נאך יעדער ברכה „ברוך הוא וברוך שמו" און „אמן". זייענדיק צופרידן מיט מיין התנהגות, האט ער מיר פארזיכערט עולם הבא, ארויסגענומען זיין טאבאק־פושקעלע און מיך מכבד געווען צווישן די פינגער מיט א שמעק־טאבאק און אריינגעצויגן דעם שארפן ריח — האב איך זיך אזוי שטארק צע־ניסט, אז עס האט אוש אפגעהילכט אין גאנצן בית־המדרש...

אין די זומער־חדשים זענען מיר געגאנגען אהיים פריער פון חדר, פאר דער צייט, כדי מיר זאלן קענען געניסן פון די פריילעכע, זוניקע און נאך פאר אונז זארגלאזע טעג. אין די פרייע שעהן האב איך זיך געלאזט אין יידענ׳ס מיל, באדן זיך אין טייך, קריכן און קייקלען זיך אויף די זעק מעל...

די פשעמשא איז נישט געווען א שטורמיש וואסער, הגם אויך זי האט געפאדערט און געלויערט אויף איר יאר־קרבן. והיה און אז עס האט פאסירט, חלילה, אן אומגליק, אז עמיצער איז דערטרונקען גע־ווארן, האט עס אנגעווארפן אן אימה אויף דער גאנצער סביבה, און טאטע־מאמע האבן אנגעזאגט די קינדער נישט דערוועגן זיך מער צו באדן. מען האט געמוזט זיין שטארק פון אייזן, כדי בייצושטיין אזא ביטערן נסיון, ווארעם דער יצר־הרע איז פארט שטארקער אויף דעם זינדיקן גאטס וועלטל...

דאס וואסער פון בענדינער טייך האט אויך געדינט צו וואשן וועש און אפילו צו טרינקען. דאמאלסט האבן מיר נאך נישט געוווּסט פון דעסטילירט־וואסער, ווייל ערשט אין די שפעטערדיקע יארן איז איינגעפירט געווארן אין רוב הייזער וואסער־לייטונג. חיים דוד גראסמאן איז געווען פון די ערשטע יידישע בעלי־מלאכות אין בענדין אויף דעם געביט, דאן חיים דוד רודזין און משה׳ל קשא־נאווסקי.

די שטאט האט אויך געהאט עטלעכע ברונעמער, פון וועלכע וואסער־טרעגער האבן געשלעפט און געפלומפט און געצויגן די עמערס מיט וואסער אויף די קלובעס, צעטראגנדיק אין די הייזער פאר א פאר גראשן. צוויי פון זיי געדענק איך: סאנדל וואסער־טרעגער און בערל בעסער דער „ליפעראנט" אין אונזער הויז. אן עלטערער צעבראכענער ייד, וואס האט שווער גע־הארעוועט, זיך גוט אנגעגורט די לענדן, כדי מפרנס צו זיין זיינע צוויי יתומים, ביז ער איז געפאלן אונטער דעם לאסט פון די נאשיד־לעס. ער האט אפגעשפארט פון זיין ארעם ביסן ברויט און געלאזט לערנען זיין זון אין „יבנה"־גימנאזיע, — דער לעצטער האט שפעטער געארבעט אלס בוכהאלטער ביי קורלאנדן אין געשעפט.

אז מיר שמועסן שוין מכוח דער אנטוויקלונג פון אונזער שטאט דארף מען געדענקען, אז בענדין האט גאר שטארק פראגרעסירט ערשט אין די לעצטע יארן פאר דער מלחמה און געהאט ווייט־גייענדיקע אויסזיכטן. צוליב דעם געזעץ פון „אורבאניסטיק" (פארשענערן די פוילישע שטעט), איז בענדין פארוואנדלט געווארן אין א יפה־פיה... אלטע געביידעס און צוימען זענען איינגעלייגט געווארן, און אויף זייער ארט קומען צו נייע הויך־שטאקיקע הייזער, געבויט אויסשליס־לעך דורך יידן, לויט דעם לעצטן סטיל פון ארכיטעקטור. עס זענען

אויפגעבויט געווארן א מאדערנע באן־סטאציע און פאסט־אנשטאלט, עס איז פארלייגט געווארן א פונאנדערגעשפרייטע עלעקטרישע נעץ. דער אלטער און נייער מארק (ווו ס׳האט זיך צענויפגעזאמעלט דער שטאטישער יריד) זענען אויסגעוואקסן אין סקווערן. די דראשקעס און פערד, וואס האבן פון תמיד אן געדינט פאר אן אינערלעכן קאמוניקאציע־פארקער, זענען אפגעשאפן געווארן, און זייער ארט האט געירשנט די טראמוויי־קאמוניקאציע, א זעלטנהייט אויף דער פראווינץ, מיט׳ן אויסנאם פון זאגלעמביע.

עס קומען אויך צו הערלעכע יידישע סאציאל־ און קולטור־אנשטאלטן, ווי למשל — דער קינפעטארין־שפיטאל ביים לינת־חולים, די קאעדוקאציע־גימנאזיע אויפ׳ן נאמען פון שמעון פ י ר ס ט ע נ ב ע ר ג און פרוי (פריער „יבנה״), דאס יתומים־הויז „שעראטשיניעץ״ (אויפגעבויט געווארן דורכ׳ן באקאנטן נדבן יאקוב ג ו ט מ א ן).

לאמיר זיך אומקערן צו דער טעמע. געבאדן האט מען זיך לרוב אונטערן בארג, ווו די פשעמשאַ שלענגלט זיך צווישן דופטיקע פעלדער און גרינע מיט בלומען און מארגאריטקעס באוואקסענע לאנקעס, ווייט פון א מענטשלעכן ישוב. דא האט מען תמיד געקענט טרעפן דעם פאפולערן מאריאן ס ט א נ ע ק מיט זיין גרויסן הונט, א ליבעראלער קריסט, וועלכער האט זיך געחברט מיט יידן. ער איז געווען פון יענע יידן־פריינט, וועלכע זענען געווען אזוי זעלטן.

געבאדן האט מען זיך אויך אין די אזוי גערופענע „בעדלעך״ אויף דער גראבלע, קעגן א געלט־אפצאל, אבער ס׳איז געווען כדאי, ווייל דא איז מען געווען זיכערער פון אן אנפאל פון שקצים, וועלכע האבן נישט איינמאל טעראריזירט יידן בעת דעם באדן זיך אונטער׳ן בארג, ווו מען האט זיך אויך „געלאדקעוועט״ און אין ווינטער — געגליטשט זיך אויפן פאפרוירענעם וואסער.

כ׳געדענק אז אמאל האט פאסירט א מעשה מיט א יינגל פון „תלמוד־תורה־חדר״, וועלכער האט זיך געגליטשט אויפ׳ן טייך און איז אריינגעפאלן אין וואסער ווו דער אייז איז זיך פלוצים צעגאנגען. אישעק ב י ר נ צ ו ו י י ג (איסר בארי, געשטארבן אין ישראל) פון דער ליבלעכסטער יוגנט אין יענע יארן, און איינער פון די ערשטע חלוצים פון דער דריטער עליה, דערזעענדיק דאס, איז ער אריינגעשפרונגען אין קאלטן וואסער און אים ארויסגעצויגן, אבער דער יינגל איז שוין געווען א טויטער.

בענדין אלס אינדוסטריי־שטאט האט נישט פארמאגט קיין שיינעם נאטור־פייזאזש, געהעריקע אפרו פלעצער, פארקן און גערטנער. די ארומגעצוימטע „גורא זאַמקאָווא״, ווו ס׳זענען פארבליבן ביז היינט צו טאג די רואינען פון אלטן פוילישן שלאס, האט געדינט אלס פארוויילונגס־ארט פאר פארליבטע פארלעך און ראמאנטישע באגעגענישן. ווען ס׳איז געשען און אזא פארל איז אנדעקט געווארן אמוזירנדיק זיך ביחידות, האט מען תיכף מכריז געווען אין דער שול און אין בית־המדרש, אז מען וועט אזעלכע „הפקרדיקע יאַדן און מאַדן״ מחרים זיין, ישמרנו אלקים, און זיי וועלן נישט קומען אין קהל פון עדת ישראל...

אגב, אונטער דער „גוראַ זאַמקאָוואַ״ האט זיך געפונען דער עלטסטער יידישער בית־עולם פון 150 יאר צוריק, די מצבות האלב פארזונקען. אבער אויף זיי האט מען נאך געקענט שווערלעך לייענען די אויפשריפטן. ס׳איז איבעריק צו זאגן, אז פון דעם בית־הקברות (און פון אנדערע) איז קיין זכר נישט פארבליבן, ווייל זיי זענען צעשטערט געווארן דורך די דייטשע תלינים.

די „פלאנטן״, ווו די באן גייט דורך און די אפענע „גורקע״, זענען אין די הייסע זומער־חדשים באלאגערט דורך נישט פארמעגלעכע איינוווינער, וועלכע זענען געקומען אהער כאפן א ביסל פריש לופט. דאקעגן די פארמעגלעכע יידן זענען געפארן אויף דאטשע קיין זשאַרעק, אַלקוש און אין די סלאָווקאָווער וועלדער, און אין די שפעטערדיקע יארן — אין די בעסקידן־געבירג, קיין רייטשע און שטשירק.

בענדין איז געווען ארעם אין וועלדער. אין ברזשעזאוויצער וואלד, אדער אויף דער „זשעלאנע״, אייניקע קילאמעטער אונטער דער שטאט, איז געווען דער אריינטריט פארבאטן, ספעציעל פאר יידן. ווער עס האט געוואלט גיין אויף „מאיוווקע״ אין די וועלדער, האט זיך געמוזט פריער פארזען מיט א הסכמה פון דעם „לעשנע״ (וואלד׳ס שומר) — און א דערלויבעניש האט מען באקומען זעלטן...

אונזער טייך האט נישט געהאט קיין פלאזשע. מאנסבילן האבן זיך געבאדן אויף איין זייט ברעג, מוטער־נאקעט, און פרויען — אויפן צווייטן ברעג, אין די האלקעס און נאכט־העמדער. נישט איינמאל האט פאסירט, אז עפעס א לץ, וואס האט געוואלט אפטון א שפיצל אויף להכעיס, האט זיך אריבערגעכאפט אויף דער „באבסקע״ זייט... אז מען האט אים באמערקט, איז אנשטאנען אזא בהלה און טומל ביי די איבערראשטע מיידלאך, ווי מען וואלט אויף זיי, חלילה, אנגעפאלן...

אין יענע יארן איז די בושה געווען גרויס, מען האט זיך געשעמט נישט בלויז מיט א קליינעם האלדז־דעקאלט, נאר אפילו א קליידל מיט האלבע ארבעל איז געווען א חרפה. אויב עס האט זיך געטראפן אזא פרוי איז זי אנגעגאנגען, לא עלינו, אלס א „חצופה״...

כ׳האב גערן געהאט זיך צו באדן אין טייך ביי דער מיל פון זיידן, ווייל דארט בין איך געווען זיכער על כל צרה שלא תבוא. אנר־מעלט האט געטראפן — כ׳געדענק נישט גענוי ווי אזוי דאס איז געשען — אז עמיצער פון מיינע חברים האט זיך נישט לאנג מיישב געווען און מיר א שטויס געגעבן, אזוי אז כ׳בין אריינגעפאלן אין וואסער ווי כ׳שטיי און גיי. שווימען האב איך נישט געקענט, און כ׳האב זיך אנגעהויבן צו טרינקען. אויף די געוואלדן פון די ארומיקע זענען זיך צענויפגעלאפן די מיל־ארבעטער, און עפעס אן ערל איז אריינגעשפרונגען אין וואסער. גיך א כאפ געטון פאר די האר און ארויסגענומען כמעט א טויטן: מען האט מיך אוועקגעלייגט אויף דער ערד, איבערגעדרייט מיט די פלייצעס ארויף, און אנגעהויבן צו קלאפן איבער דעם קאפ און לונגען, כדי דאס וואסער זאל פון מיר ארויס... קומענדיק א ביסל צו זיך און פילנדיק צוריק דעם אטעם, האט מען מיך א ציטערענדיקן און אן איינגעקארטשעטן פון קעלט אוועקגעטראגן אין א שכנס שטוב.

מען האט באלד ארויסגערופן דעם פעלדשער ב ר א ו ן, וואס איז געווען באקאנט מיטן נאמען „מ א ט ל פ ע ל ד ש ע ר״, און האט גוט געקענט די מלאכה פון שטעלן פיאווקעס, האקן באנקעס אויף יעדן בויך־ווייטיק פארשריבן ריצנאייל — דאס זענען געווען דעמאלסט די בעסטע סגולות קעגן אלערליי מיחושים. מחמת דעם האט ער געשמט אלס גוטער רופא, נישט ווייניקער ווי די בענדינער יידישע דאקטוירים פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה: ו ו א ס ע ר צ ו ו י י ג און ו ו י י נ צ י ה ע ר.

דער ארויסגערופענער פעלדשער, וועלכער איז תמיד געווען אין גוטן הומאר, האט מיך אונטערזוכט, געטאפט דעם דופק, צוגעלייגט זיין אויער צום הערצל מיטן שטעכענדיקן געלן בערדל, געקלאפט מיר אין די קנעכלען, געדרייט די עלענבויגנס, און זעענדיק מיינע העויות און תנועות האט ער קאנסטאטירט, אז איך לעב... ער האט געשמייכלט, ווי ער וואלט מיין פארוויינטע מאמע געוואלט בארויקן, זאגנדיק, אז אויב איך בין יעצט ארויס א נישט געשעדיקטער און בייגעקומען אזא אויסטערליש אומגליק, איז עס באשערט פון רבונו של עולם, אז כ׳וועל לעבן עד מאה ועשרים שנה...

לשבת זאלן דא דערמאנט ווערן די פעלדשער ה א ר ט מ א ן און „א ב ע ל ע־פ ע ל ד ש ע ר", וועלכע האבן אויך דאמאלסט פראקטי־צירט. ערשט אין די שפעטערדיקע יארן איז געקומען קיין בענדין הערמאן ש ע ר, א ווילער ייד און א משכיל, וואס איז געווען אנגע־נומען ביי די יידישע מאסן אלס א גוטער פעלדשער צוליב זיין מבינות און בקיאות. ער האט אויך געשריבן אין די בענדינער צײ־טונגען. געווען אויך א נישט יידישער פעלדשער, קשימאווסקי, אן אוהב ישראל, א מענטש מיט פראגרעסיווע אנשויאונגען. פון ארעמע קראנקע האט ער נישט גענומען קיין געלט און זיי אפילו געגעבן מעדיקאמענטן אָן א אפצאל.

*

אין בענדין האט דאמאלסט פארנומען דעם כסא רבנות דער באַ־קאנטער רב ר' יששכר בעריש גרויבארט ז"ל, א באקאנטע פערזענ־לעכקייט אין דער רבנישער וועלט. איך געדענק אים גאנץ קנאפ, עס דערמאנט זיך נאר די ריזיקע לויה און די באלאגערטע גאסן פון שטראמענדיקע מענטשן מאסן, וועלכע האבן זיך געשטויסן פאר־אויס, כדי צו זיין נאענט צום ארון.

ער איז געווען באליבט ביי אלע טיילן פון דער באפעלקערונג צוליב זיין טאלעראנץ לגבי יעדן, אפילו אין באצוג אויף די „פרייע", וועלכע האבן זיך אנגעהויבן דאן צו קליידן אויפ'ן „דייטשישן" שטײ־גער: מיט א דריי־פערטל ראק, מיט מאנזשעטן אין העמד, מיט א שטייפן קאלנער און א „שניפס". דער אויסערלעכער לבוש איז נישט געווען ביי אים דער עיקר, באשר ביי אים האבן דאמינירט דאס הארץ און גוטע מעשים פון יעדן איינעם. ער איז געווען בדרך כלל א גרוי־סער מקל, און נישט קיין קפדן אין פסקענען דינים, און זיך באמיט תמיד אפצוהאלטן פון איבעריקע אסורים, כדי נישט צו באשווערן די באפעלקערונג, וואס מיר לערנען אויך פון זיינע ספרים און מאמרים.

פון א בריוו וואס הרב גרויבארט ז"ל האט געשריבן צו זיינעם א ידיד דערוויסן מיר זיך, אז פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מאשין־מצות אויף פסח זענען געווען כמעט א זעלטנהייט אין פוילן (א חוץ קראקע און גאליציע וואס האט געהערט צו עסטרייך), האט ער געגעבן זיין הסכמה און היתר אויף די דאזיקע מאשין־מצות. אונטערן דרוק פון רעליגיעזע־ראדיקאלע ספערן און חסידים פון בענדין, וועל־כע האבן געהאלטן, אז מצות פראדוצירט דורך מאשינען און נישט געקנעטן מיט די הענט און נישט געבאקן אין אויוון אונטער א ספע־ציעלע השגחה פון משגיחים, זענען נישט כשר — איז דער רב נישט געקוקט אויף זיין קאמפעטענץ און אויטאריטעט געווען געצווונגען, כדי נישט צו פארשארפן די באציאונגען, מוותר צו זיין אויף זיין אנטשלאסענעם היתר און געאסרט די מאשין מצות, וואס ס'האט אים געקאסט פיל געזונט.

אזעלכע פארשארפטע און אומאנגענעמע שפאנונגען האט ער גע־האט אויסצושטיין די והותר, אבער ער האט געמוזט דאס אלץ פארליב נעמען צוליב שלום בית און צו פארמיידן בייז בלוט.

וועגן הרב גרויבארט ז"ל האב איך זיך אנגעהערט פיל עפיזאדן, וואס מ'האט דערציילט אין שטאט, וועלכע אנטפלעקן חכמה און פארשטענדניש פארן פאלקס־מענטש. אט איין מעשה:

אן ארעמע יידענע האט זיך אפגעשפארט עטלעכע צענדליק קאַ־פיקעס און געקויפט א הון אין א געווענלעכן טאג (א פארגעניגן וואס זי האט זיך געקענט ערלויבן נאר לכבוד א יום טוב) פאר איר שוואכן און קראנקן מאן, כדי אים צו דערהאלטן ביי די כוחות, מיט א ביסל זופ און א שטיקל ווייס פלייש, אויפן באפעל פון א רופא. ווען זי האט כשר געמאכט די הון האט זי באמערקט, אז די גאל איז נעלם געווארן... האט זי געמאכט א ויצעקו. ווייל זי האט געוווסט דעם דין, אז א הון אָן א גאל איז טריפה.

א ציטערדיקע איז זי געלאפן צום רב פארענטפערן א שאלה. דער רב, זעענדיק די באמרויקטע און פארוויינטע יידענע, האט געהאט מיט איר מיטלייד. „אפשר האט זיך אייך נאר געדאכט, אז די הון האט נישט געהאט קיין גאל? פרווט נאר אבצולעקן די הון, אויב עס וועט אייך זיין ביטער, איז עס א סימן, אז די הון האט געהאט א גאל, נאר איר האט זי פארזען — דאן איז זי כשר; און אויב איז די הון, חלילה נישט ביטער — איז זי טאקע טריפה"...

די יידענע, וועלכע איז געווען איבערצייגט אין איר טענה, איז אריינגעפאלן אין פארצווייפלונג און מיואשדיק געמורמלט: וואס וועל איך יעצט טון, טייערער רב? אוי ווי ב י ט ע ר מיר איז!...

אויפכאפנדיק דאס ווארט „ב י ט ע ר". האט דער רב גלייך געפסקנט: די הון איז דאך כשר!...

*

די רביצין דבורה גרויבארט עליה השלום, די אלמנה פון גרויסן בענדינער רב זצ"ל, איז געווען א קלוגע און איידעלע פרוי, פון די זעלטענע פרויען־טיפן, וואס בענדין האט פארמאגט אין יענע גוטע צייטן פאר דער פארטיליקונג.

זייענדיק א יינגל פלעג איך באזוכן איר וווינונג אין שליחות פון מיין פאטער צוויי מאל אין יאר — פורים און אין חנוכה, און גע־בראכט איר שלח־מנות און א חנוכה־געשאנק. יעדעס מאל האט זי שיין געדאנקט, גוטהארציק געשמייכלט, געפרעגט מכוח משפחה־ענינים און געווען נייגעריק צו וויסן ווי־אזוי כ'לערן אין חדר. ביים געזעגענען זיך האט זי מיר בנעימותדיק געגלעט און מיך געבענטשט, אז טאטע־מאמע זאלן קלייבן פון מיר פיל נחת און כ'זאל זיין א גע־טרייער און ערלעכער ייד.

איר מאיעסטעטיש אויסזען, דאס בלייכע געזיכט אויף וועלכן ס'האט גערוט די שכינה, די בליצנדע קופקע באפוצט מיט אימי־טירטע פערל און ברילייאנטלעך, איר מוטערלעכע באנעמונג מיט יעדן איינעם — דאס אלץ האט פארכאפט מיין יונגע נשמה. איר געשטאלט שטייט פאר מיר, ווי כ'וואלט זי ערשט געזען, נעכטן, הגם ס'זענען שוין פארלאפן זינט דאמאלס איבער 40 יאר.

אין בענדין האט מען דערציילט א געשיכטע, וואס כ'האב זי געהערט פון מיין מאמען זכרונה לברכה. און אזוי איז געווען דער ספור המעשה:

א יידענע פון אונזער שטאט פלעגט ארומגיין צווישן די יידישע באלעבאסטעס, צענויפנעמען זייערע גענז און קאטשקעס, געגאנגען מיט זיי צום שוחט, דאן געפליקט די פעדערן און גרייבניקט. די מלאכה איז נישט געווען קיין לייכטע, אבער וואס טוט מען נישט פאר פרנסה.

איר מאן, א מטופל מיט א האלב טוץ קינדערלעך, האט נישט באַ־וויזן אהיימצוברענגען די בידנע פרנסה אין שטוב אריין, אזוי אז זיין ווייב איז אים געווען אן עזר כנגדו. ביידע האבן געהארעוועט און נישט געוואלט זיך באגנוגענען בלויז מיט א שטיקל ברויט און א גע־קעכץ פון קארטאפעל און פערל־גריפן, ווייל פונוואנען זאל מען נעמען אויף שפענצערלעך און שיכלעך פארן קליינוואַרג און אויף שכר־לימוד פארן מלמד, אויף אַ נדר און סתם צדקה און אן אורח אויף שבת. דען לא על לחם לבדו יחיה אדם...

אזוי האבן ביידע קום קום ארויסגעצויגן די שוואכע חיונה, און מען וואלט שוין אזוי אויסגעלעבט די יארן, ווען נישט דער שטן המקטרג, וואס האט אנגערעדט אונזערע יידענע מיטן כוח הטומאה, אז

זי זאָל אַליין קוילענען די עופות, פאַרשפאַרנדיק צו באַצאָלן דעם שוחט שחיטה־געלט...

זי האָט נישט געקענט גובר זיין דעם סטרא אחרא, זיך געלאָזט טאַקע אָנרעדן פונם יצר־הרע, און אַליין געקוילעט דאָס געפליגעל און גורם געווען, אַז אַפּגעהיטענע פרומע יידן זאָלן נכשל ווערן, רחמנא לצלן.

דער סוד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין אַ איינעם אַ טאָג האָט זיך עמיצער דערוווּסט פון דער מעשה, און די ידיעה האָט זיך תיכף פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, וואָס איז געוואָרן שטאַרק באַ־אומרויקט און אויפגעציטערט פאַרן שטראָף פון בורא העולם.

ס'איז געוואָרן אַ טומל, אַ געשריי אין לשער ואין לספר. עפּעס אַ קלייניקייט: אַזאַ חטא איז געוואָרן אָפּגעטאָן, וואָס מען געדענקט דאָס נישט פון אדם הראשון'ס צייטן... איז מען געלאָפן צום רב זיך



די רביצין דבורה גרויבאַרט.
הרבנית דבורה גרויברט.

מיט אים אַן עצה האַלטן, ווי אַזוי מכפּר צו זיין די אָפּגעטוענע חטאים שלא במזיד... אָבער די יידענע האָט אַלץ פאַרלייקענט און נישט גע־פונען איך זיך קיין שום שולד, ווייל זי איז דאָך פון תמיד אָן אָפּ־געהיטענע גאָטספאַרכטיקע יידישע נשמה...

ווען די יידענע איז געקומען צום רב איז ער גראָד געווען פאַר־טון אין אַ שיעור מיט זיינע תלמידים, בעת וועלכן ער האָט קיין מאָל נישט אויפגענומען יידן מיט „שאלות" און נישט געפּסקנט דינים. האָט זי אויפגענומען די רב'צין, און ווי געוויינלעך יעדן איינעם בסבר פנים יפות, געבעטן זי זיצן און אָפּוואַרטן געדולדיק ביז דער רב וועט זיך באַפרייען פון די לימודים.

די באַרעדעווודיקע יידענע האָט נישט געקענט רואיק איינזיצן, אויסגעלאָזט אויף דער רב'צין אַ פאַר אויגן. געפרוווט זיך פאַר־טיידיקן מיט כל מיני הייליקסטע שבועות, אָנגעבריייעט מיט אַ מין מענה־לשון, און געשאָלטן מיט קולי־קולות דיעניקע וואָס האָבן אויס־געטראַכט אויף איר, נעבעך, אַזאַ בלבול, שלא היה ולא נברא...

האָט די רב'צין געדולדיק אויסגעהערט אירע אַלע רייד, און צום סוף אַזוי געזאָגט:

„מילא, אַז איר האָט אַליין געשאָכטן די גענז, קאַטשקעס און הינער איז עס באמת אַ האַלבע זינד. אָבער פיל גרעסער איז די עבירה, וואָס איר זענט באַגאַנגען, קוילענדיק די עופות מיט אַ מילכיק מעסער"...

הערענדיק אַזאַ אַרגומענטאַציע איז די זינדיקע יידענע אויפגע־שפּרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטע מיט אַ פּאַטעלניע קאָכעדיק אייל, און אויסגערופן: „כ'זאָל אַזוי לעבן מיט מיינע קינדער צוגלייך, טייערע רב'צין, אַז כ'האָב זיך באַנוצט שטענדיק מיט אַ פליישיק מעסער..."

*

1914. די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. אַ מורא און שרעק איז אויסגעגאָסן אויף אַלעמענס פּנימער, דען ווער ווייס, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

מיר, חדר־ייִנגלעך, האָבן נישט געקענט תופס זיין די סיבה פון דעם אומרו און טרויער, וואָס האָבן יעדן באַהערשט. אדרבא, אַ שמחה, ווייל כ'בין געווען באַפרייט פון עול צו לערנען, אַ נס וואָס פּאַרלויפט זיך אַ מאָל אין אַ יובל...

איך געדענק ווי אַזוי דאָס רוסישע מיליטער האָט אָפּגעצויגן פון שטאָט. עס האָט געהערשט אַ תוהו־ובוהו. מען איז איבערפּאַלן רע־גירונגס־אַמטן, שפּייכלערס, קאַזאַרמעס, כאַפּענדיק אַלץ, וואָס ס'איז געקומען אונטער דער האַנט. איך מיט נאָך שכנות'דיקע ייִנגלעך זענען אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, אַזש ביז צו דער באַן־סטאַציע, וווּ עס זע־נען געווען אויפגעפּראַלט די קאַסעס און באַן־בילעטן האָבן זיך געוואַל־גערט. כ'האָב אָנגעפילט די קעשענעס און אַוועק אַהיים אַ פריילעכער, גלויבענדיק מיט תמימות, אַז איצט, פאַרמאָגנדיק אַזאַ אוצר, וועל איך קענען אַרומרייזן בחינם איבער דער גאַנצער וועלט מיט דער „קאַלע" (באַן).

מיינע עלטערן האָבן דאַמאָלס געוווינט אין אַ דריי־שטאָקיקן הויז אין אַ געסל, וואָס האָט סך־הכל געציילט אויף ביידע זייטן טראָטואַרן, זעקס הייזער. די בעל־הביתטע פון אונזער הויז איז געווען אַ גויה, וואָס פלעגט אונז תמיד פאָרוואַרפן אַז מיר יידן, זענען שולדיק אינ'ם אומברענגען פון דעם קריסטלעכן משיח. ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט, זענען מיר אַרויף אויף דעם בוידעם און פון דאָרטן געקוקט מיט אַ „שפּאַקטיוו" (לאָרנעטע) אויף דעם טשעלאַ־דזער באַרג, וואָס איז געווען באַלאַגערט מיט מיליטער, מאַרשירנדיק קיין אויבערשלעזיע. כ'געדענק דעם פאַרפּאַסטן, וואָס האָט געריטן אויף פערד מיט לאַנגע שטאַלענע פּיקעס באַצירט מיט נאַציאָנאַלע פענ־דלעך, פרעגנדיק: „זינד נאָך קאָזאַקן אונד רוסן דאָ?" — נאָכן פאַרפּאַסטן איז געגאַנגען די קאַוואַלעריע, אַרטילעריע, גאַנצע פּאָלקן פוסגייער און אָן שיעור וואָגנס באַדעקט מיט ברעזענט, ווייל אַטאַ־מאָבילן זענען געווען דאַמאָלסט אַ יקר־המציאות און פערד ווידער — אַ גאַנצער יחוס.

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך צוטיילט אויף צוויי לאַגערן: איינער האָט געהאַלטן פאַר'ן דייטשן קייזער ווילהעלם, און דער צווייטער צד איז געווען פאַר „פּאַניען" (רוסלאַנד).

אין יענע יאָרן, אַז מען האָט זיך געניטיקט אין בענדין אין אַ גוטן דאָקטאָר, האָט מען געדאַרפט פאָרן קיין פּרייסן, קיין ברעסלוי, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט דעם „יידישן האָספּיטאַל". אויך איך האָב זיך געהיילט אין קאַטאָוויץ צוליב דעם וואָס אין אונזער געגנט ביז קראָקע, וואָס האָט געהערט צו „קירה" (עסטרייך), — זענען נישט געווען בנמצא קיין ספּעציאַליסטן פאַר אויערן־נאָז־און האַלדז קראַנקהייטן. די זין פון מיין פעטער ר' יאַנקעל פרידלער ז"ל פון

מאנדזשעוו (א טייערער ייד געווען, ממש א צדיק מיט אלע זיינע רמ״ח אברים) האבן מיר אריבערגעפירט די גרענעץ אן א פאס, ווייל זיי זענען געווען מיט דער וואך „קנעפל שבקנעפל״.

כדי אויסצומיידן אן אומארדנונג אין דער שטאט, איז געווארן געגרינדעט א מיליציע פון יידן און קריסטן. מיך האט שטארק באַ־איינדרוקט מיינער א פעטער, שאול פרידלער ז״ל (דער געוועזענער אינהאבער פון קינא „נאוואשטשי״) וואס איז געווען א מיליציסט און געטראגן אויפן ארעם א באנד, א פייפארל ארומגעהאנגען אויפן האלז און א נאגייקע אין דער האנט. ער איז אנגעגאנגען אין מיינע אויגן ווי עפעס א גבור...

דער קאמיסאריאט פון דער מיליציע האט זיך געפונען אין אונזער געסל, אין ר׳ איציק הערש מייטליס הויז, דער ערשטער באנק־באזיצער אין בענדין, וואס שפעטער האט עס אפגעקויפט דער באקאנטער אייזן־סוחר העשקא מערין, — דארט ווו ס׳איז געווען די געזעלשאפט „לינת החולים״ ביז איר איבערציען זיך אין אייגענעם בנין.

צוליב מאנגל אין דירות פאר העכערע מיליטער־לייט, האט מען ביי יעדער משפחה מיט א גרעסערער וווינונג רעקווירירט א צימער, כדי איינצוקווארטירן א הויך־ראנגיקן מיליטער־מאן. אויך ביי אונז איז איינגעשטאנען א אפיציר פון יידישער אפשטאמונג, מיט וועמענס לאנגער בלאנקענדער שווערד, וואס איז געווען גרעסער פון מיר, איך האב זיך ליב געהאט צו שפילן. קיין רעה האבן מיר פון אים נישט געהאט. להיפך — גאר טובות, ווייל ער האט אונז פארזארגט מיט פראוויאנט, באשר עס איז געווען א מאנגל אין שפייז־פראדוקטן, וואס מען האט צוגעטיילט אויף קארטן.

צו קאארדינירן די גערעכטע צוטיילונג פון לעבענס־מיטל אין אנשטאנען א צענטראלער שטאטישער אפראוויזאציאנס־קאמיטעט, וואס איז באשטאנען אויסשליסלעך פון קריסטן. די יידישע באפעלקערונג האט געמוזט שטיין שעהן לאנג אין די רייען פון יידישן קאמיטעט אין שעכט־הויז, כדי צו באקומען די צוגעטיילטע פארציעס.

דאס שווארצע ראזעווע ברויט איז נישט געווען מעגלעך צו עסן, ווייל עס איז געבאקן געווארן פון קוקורודזע, פונעם שלעכסטן אפגעפאלענעם מעל מיט א מישונג פון שטרוי און כל מיני פסולת. יא, ס׳איז געווען א שווארצער מארק, ווו מ׳האט באקומען אלץ, פון כל־טוב, אבער מען האט געמוזט זיין רייך ווי קרח, כדי צו באצאלן די אויפגעשרויפטע פרייזן. פוטער, אייער, מילך, פלייש און גרינס איז געווען זייער טייער. די אויפגעקומענע עשירים האבן זיך געקענט פארגינען, אבער די ברייטע פאלקס־שיכטן האבן ממש נישט געגעסן צו דער זעט. די רעזולטאטן פון אונטערדערנערונג האבן נישט לאנג געלאזט אויף זיך ווארטן. עס זענען אויסגעבראכן און געבושעוועט אנשטעקנדיקע קראנקייטן און מגפות. ווען ביי א משפחה איז זיך פארלאפן א בויך־אדער פלעק־טיפוס, האט מען דאס גאנצע הויז איזאלירט, דעם מסוכנדיקן חולה אוועקגעפירט אין א ספעציעלן שפיטאל אונטער דער שטאט, ווו די באדינגונגען און פלעגע זענען געווען גאנץ קנאפע, אזוי אז דאס האט ממש אנגעווארפן אן אימת־מות. די דירות פונעם הויז זענען געווארן דיזענפעקציאנירט מיט קאַרבאַל. די איינוווינער און אלע שטוב־זאכן האט מען אוועקגעפירט אין די „קאדזשארניע״, ווו מען האט זיי גוט אויסגעצוואגן אין קאכעדיקן וואסער. אפגעשוירן די האר פון קאפ — און די מלבושים אויסגעפארעט אין א ספעציעלן פארע־קעסל.

האנדלען אויף שווארץ איז געווען פארבאטן מצד דער שטאט מאכט, וואס איז ארויס מיט א לאזונג „וואלקא ז׳ליכוואן״ (קאמף מיט דער ליכווע). ווער עס איז עובר געווען אויף דעם איסור און מ׳האט אים געכאפט ביי אן עבירה, איז אוועקגעשטעלט געווארן פאר א משפט און באשטראפט געווארן.

ס׳איז אויך שווער געווען מיט קליידונג און שוכווארג. דאס יונג־ווארג איז ארומגעגאנגען לרוב בארוועס, אדער געטראגן אויף די פיס „לאפטשעס״, א מין סאנדאַל פון האלץ מיט א רצועה. די בגדים זענען געווען געניייט פון שלעכטסטן שטאף, אפילו זעק־צייג.

פון דער מלחמה־צייט געדענק איך נאך, אז דייטשע זעלנער זענען ארומגעגאנגען פון הויז צו הויז און רעקווירירט מעשענע זאכן, ווי קלאמקעס פון טירן, מערזשערס פון קאווע, קיך־געשיר, הענגלייכטער, קאנדעלאברעס און בכלל יעדן חפץ אויסגעארבעט פון מעש, וואס איז געווארן געשמעלצט אויף אמוניציע.

אינטערעסאנט איז, אז נישט קוקנדיק אויף דער דעפרעסיע צוליב די מלחמה־געשעענישן, האט די יוגנט געפונען א באשעפטיקונג אין פארשידענע פאריינען, וואס זענען דאמאלסט געגרינדעט געווארן און געהאט א שטארקן אויפשטייג: „השומר״, „הכח״ און „עבריה״. אפילו די פאליטישע פארטייען, וועלכע זענען לעגאליזירט געווארן, האבן געפירט א אינטענסיווע טעטיקייט.

די העבראאישע לערער ראזענקוויט, זילבערבערג, יאנאווסקי און חורגעל האבן געשאפן א דראמאטישע סעקציע, אין וועלכער עס האבן זיך באטייליקט עברית־רעדנדיקע יוגנטלעכע, איך בתוכם, פון וועלכע כ׳דערמאן נאר אייניקע: יהושע וויגאדזקי, איצט אין פוילן, דיכטער אין דער פוילישער שפראך, זיין ברודער לייבעק ויגאדזקי (זיין גורל אומבאקאנט, נאך זייענדיק יונג האט ער זיך געלאזן קיין רוסלאנד, און זינט דאן אנטשוויגן געווארן), שלאמעק ערליך (געענדיקט דעם חיפה׳ער טעכניקום, זיך אומגעקערט קיין בענדין, דארט אומגעקומען), אבראמעק ערליך (אויך אן אבסאלווענט פון חיפה׳ער טעכניקום, שטאט־אינזשינער אין חיפה), יעקב ווינער, וואס האט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שיינעם זינגען (אומגעקומען מיט דער גאנצער משפחה).

אונזערע פארשטעלונגען זענען געגעבן געווארן אין „קארסאזאל און האבן געהאט פיל הצלחה. דער רעפערטואר איז באשטאנען פון „חנה ושבעת בניה״ (אלס חנה — די דאמאלס גוט באקאנטע אנפירערין פון מיידלאך־גרופעס ביים „השומר״, די טייערע און באליבטע אסתר לאסקער), א פורים־שפיל, שלום־עליכם׳ס איינאקטער־זאכן, יצחק קאצענעלסאנס קינדער־פיעסן און נאך.

אמאל איז זיך פארלאפן א מעשה, אז איינער פון אונז „שוישפילער״ האט באקומען אימת הצבור — און דאס וואס ער האט געהאט צו שפילן שפעטער, האט ער אפגעזאגט פריער, פאר דער צייט, און פארדרייט די יוצרות... דער סופלאר אן אויפגערעגטער, האט זיך באמיט אים צו דערמאנען די ראל מיט אזא הויכן קול, אז מען האט אים געהערט אפילו אויף דער גאלעריע. דער עולם האט אונזער מאדנע און מיאוסע סיטואציע נישט פארשטאנען, אזוי, אז מיר זענען ארויס גאר בשלום און דערביי נאך געגאסן פון גאר שטארקע אפלאדיסמענטן..

אזוי לויפן יארן. די מלחמה גייט צו סוף. מ׳זעט עס באשיימפערלעך, ווייל די ענגלענדער און די פראנצויזן האלטן אפ נצחונות אויף אלע פראנטן. אין די גאסן פון שטאט שלעפן זיך ארום אויסגעמאטערטע, הונגעריקע און אפגעריסענע דייטש־אונגאריש־עסטרייכישע סאלדאטן. דער פלאץ פון נייעם מארק, ווו מען פלעגט אויפ׳ן וואכנדיקן יריד פארקויפן קיך־געשיר, שטוב־זאכן און מעבל, איז באלאגערט מיט פארוואונדעטע זעלנער, איינגעהילט אין באנדאזשן. יידן — בני רחמנים דערלאנגען זיי עפעס צו עסן, כדי צו דערהאלטן זיי ביי דער נשמה און א „טעפעלע״־טיי (אונזערע ספעציפישער יידיש: „לעפעלע״,

„שיסעלע" מיט א ווייכן „למד" פון וואס דער שרייבער שלום עליכם האט זיך אנטציקט זייענדיק אין בענדין).

די דייטשן קאפיטולירן, גיבן זיך אונטער און ציען צוריק. די פאליאקן יובלען, איצט איז געקומען זייער שעת־הכושר זיך צו באפרייען פון פרעמדע שליטים. זיי באפאלן די אפטרעטענדיקע דייטשע זעלנער, אנטוואפנענדיק זיי אן יעדער שטערונג. כ'האב געזען, ווי ביים טויער־איינגאנג פון אונזער הויז האט א פאליאק אראפגעריסן פון א דייטשן זעלנער זיין מונדיר און שיך, לאזנדיק אים נאר אין די סאמע אונטערהויזן.

מיר, יידן, האבן געהאפט, אז מיטן אנטשטיין פון א באפרייט אומאפהענגיק פוילן, וועט אונזער לעבן אנגיין פון דאס ניי. ס'איז אבער געשען גאר פארקערט. רעקרוטן און „האלערטשיקעס" (פוילישע זעלנער אויפ'ן נאמען פון גענעראל האלער) האבן זיך געווארפן אויף יידן, געשלאגן און געשניטן בערד. געליטענע יידן באוויזן זיך אין די גאסן מיט ארומגעבונדענע טיכלעך אויף די געשווירענע פנימער. קוים האט מען דערזען מארשירנדיקע רעקרוטן, איז געווארן א בהלה, מ'האט פארקלאפט די קראמען און זיך אויסבאהאלטן. די איינציקע, וואס האבן נישט מורא געהאט זענען געווען די יידישע „באכמאנעס" (לאסט־טרעגער), וועלכע האבן זיך קיינמאל נישט אפגעזאגט פון ביטערן טראפן און קיינמאל דערביי נישט געווען בגילופין און שיכור. אפטמאל איז געקומען צו בלוטיקע געשלעגערייען צווישן זיי און הפקרדיקע שקצים, וועלכע זענען ארויס באשעדיקט און מיט צעקלאפטע ביינער פון אונטער די טרעגערס געביילטע פויסטן. מיר געדענקען נאך די מעשה מיט ישראלקע פערשטענפעלד („פי־פעק"), וועלכער האט פארוואונדעט א שגץ דעם קאפ, אפזיצענדיק טאקע צוליב דעם אין דער תפיסה א קנאפ יאר.

אויך אין די דרייסיקער יארן, ווען דער אנטיסעמיטיזם האט פון דאסניי געבושעוועט אין פוילן און נאך די פאגראמען אין פשיטיק, טשענסטעכאוו און בריסק, האבן די טרעגער, וועלכע זענען שוין געווען ארגאניזירט אין א פראפעסיאנעלן פאריין ביי די פועלי־ציון, געשאפן אין בענדין א „הגנה"־שוץ על כל צרה שלא תבוא.

בענדין איז געבליבן א גליקלעכער יוצא מן הכלל, און צו מזל זענען ביי אונז קיינמאל נישט פארגעקומען קיין ערנסטע אנטי־יידישע אומרוען, ווי צום ביישפיל אין קעלץ, די רעזידענץ פון דער וואיעוואדזטווע, ווייל מיר זענען געווען די מערהייט אין דער שטאט און די קריסטלעכע ארבעטער, וועלכע האבן אנגעהערט צו דער סאציאליסטישער באוועגונג, זענען געווען פאר טאלעראנץ און ארבעטער־סאלידאריטעט פון אלע פעלקער.

זאלן דא דערמאנט ווערן לטובה די פראסטע עמך־מענטשן, וועלכע האבן אזוי שווער געהארעוועט ארויסצוקריגן דאס בינדע טעגלעכע אויסקומעניש, באווייזענדיק, אז יידיש לעבן און גוטס איז נישט הפקר און פארטיידיקט אונזער כבוד: דער נאז־רויטלעכער פונעם זעקס־און־זיינציקער בראנפן, אברהמלע באכמאן און זיינע זין, די „באמבילאקס", די „פיפקעס", די „שניעבעס" און די אנגעשטעלטע ארבעטער אין מיין פאטערס צוקער־ און קאלאניאל־געשעפט, די ברידער וואלוועלע און ריבעלע זאוואדע (ביידע אין ישראל) און אנדערע.

איך קען נישט פארענדיקן די יוגנט־זכרונות נישט שרייבנדיק א פאר ווערטער וועגן דער סקויטן־ארגאניזאציע „השומר" און ספארט־פאריין „הכח", צו וועלכע כ'האב אנגעהערט א געוויסע צייט.

איך בין דאמאלס אלט געווען 13 יאר. קיין באזונדערע צערעמאניעס האט מען אין יענע יארן נישט געמאכט ווען מען איז געווארן בר־מצוה. אין א געוויינלעכן מאנטיק אדער דאנערשטיק איז מען עולה לתורה געווען, אפגעזאגט די ברכות, געטרונקען „לחיים" און ברוך שפטרני... כ'האב באקומען פון טאטן א ניקל־זייגערל, געפלאנצט א בוים אין יער־הרצל פון קרן קיימת — און דאס איז אלץ. די תפילין מיינע, נאך פון דאמאלס, ממש אן אנטיק, האט שוין מיין זון באצייטנס פון מיר געירשנט...

דער „השומר" איז באשטאנען הויפטזאכלעך פון שול־יוגנט. ערשט אין די לעצטע יארן זענען צוגעטרעטן פאלקסשימלעכע יוגנטלעכע און אפילו לאנג געקליידעטע. כ'האב זיך געגרויסט דערמיט, דערשייענדיק אין דער גאס אינעם שומרישן אוניפארם מיטן „זשעטאן" („ליליקא") צוגעשפילעוועט צום ברוסט־קאסטן, וואס נאר פארדינסטפולע שומרים האבן עס געקענט טראגן. מיר, שומרים, זענען געווען מחויב צו טאן אלץ לויט די צען געבאטן פון אונזער „אני מאמין" און נאר מעשים טובים. ווען, למשל, אין דער שטאט, אדער אין דער סביבה, האט פאסירט, חלילה, א שרפה, האבן מיר געמוזט זיין די ערשטע אויפ'ן ארט פון אומגליק, כדי צו העלפן די פייערלעשער צו לעשן און ראטעווען.

די פייערלעשער האבן זיך געפונען אויף דער זאוואלע־גאס, ביי דער ברייטער „בועך" (וואסער), און זענען באשטאנען פון קריסטן און פון אייניקע יידן: דער דענטיסט זעליג פעלזנשטיין, העננדלער, פלעסנער, יצחק מושינסקי (אין ישראל), מאטעק ווינער, וועלכער איז אומגעקומען טראגיש אין א קאנאליזאציע־גרוב, וועלנדיק ראטעווען א יידיש יינגל וואס איז דארט דערטרונקען געווארן און ווראצלאווסקי (באקאנט מיטן נאמען „יאדזשקא", איצט אין אמעריקע).

ווען עס איז אויסגעבראכן א שרפה, און דאס האט פאסירט גאנץ אפט, האט מען געקלונגען אין די גלאקן, וואס האבן זיך געפונען אין די עקן פון די גאסן. די פייערלעשער זענען זיך תיכף צענויפגעלאפן, מען האט רעקווירירט פערד און זיי איינגעשפאנט אין די וואגנס פון די פייערלעשער — געפאמפעט מיט די הענט דאס וואסער און געלאשן די פלאמען פייער. ערשט אין די שפעטערדיקע יארן האט זיך די שטאט פארזען מיט א מאדערנער פייערלעשער־מאשין, „יאדזשקא" האט זי געהייסן, וואס האט שוין אליין געצויגן וואסער דורך א דיזל־מאטאר און געהאט א רעזערוואר־קעסל פון אייניקע טויזנט ליטער.

מיין ראש־הקבוצה איז געווען וואידיסלאווסקי (אין ישראל). דער לאקאל איז געווען אין זשמיגראד'ס גרויסער געביידע, דאן אין בראדערס הויז אויף דער מאנדזשעווער גאס. אויף דער הויפט־וואנט פון לאקאל האט געהאנגען גאר א גרויס בילד פון באדן־פאול, דער גרינדער פון אלוועלטלעכן סקויטינג, געמאלט דורך אלטוש ווינער (יעצט אין אמעריקע). לרוב פלעגן מיר זיך צענויפקומען, אויך אין ווינטער־צייט, אויף די מאלאבאנדזער לאנקעס, געלערנט ציוניזם און סקויטישע תורה, געלייענט און געמיטלעך פארבראכט.

צו מיין קבוצה („זאסטעמפ") האבן אנגעהערט: יאנקעל פרייבערגער, משה הערשפינקעל (ביידע אין ישראל), יוסף שפירא (געשטארבן אין ישראל), שלאמעק רעמבישעווסקי (געשטארבן אין ישראל פון אן אומגליק בעת דער ארבעט אויפ'ן טראקטאר), אנשל ווייצענבערג, אהרן אפענהיים, משה קאוואלסקי, הענאך ארנער, אדאש וויינבערג, קובא קארענפעלד און אנדערע, וועלכע זענען שוין מער נישט דא.

איינציקווייז האט זיך דער „השומר" אויפגעלייזט, און דאן איז געגרינדעט געווארן דער „השומר הצעיר", אבער דאס איז שוין א קאפיטל פאר זיך.

אויך דער בענדינער „הכח" איז געווען זייער פאפולער און עס

שיינט מיר, אז עס איז נישט געווען א יוגנטלעכער, מיט'ן אויסנאם פון פרומע קרייזן, וואס זאל נישט זיין קיין מיטגליד אין דעם ספארט־פאריין, וועמענס לאזונג ס'איז געווען: „א געזונטע נשמה אין א געזונטן קערפער!" דער „הכח" איז געווען נאציאנאל געשטימט, און אדורכגעמאכט אין פארלויף פון זיין לאנגער עקזיסטענץ ירידות און עליות. נישט ציוניסטישע עלעמענטן האבן זיך באמיט אויסצובייטערן זייער השפעה אויף אים, אבער ער איז געבליבן טריי דער בלוי־ווייסער פאן.

מיינע לערער זענען געווען ש ט י י נ ב ע ר ג (אומגעקומען) און פריינט יאנקעל ז ו י ב ע ר מ א ן (תל־אביב), ביידע אויסגעצייכנטע ספארטלער, וועלכע האבן תמיד באוויזן אויף די גימנאסטישע פארמעסטונגען גרויסע קענטענישן אין טורנען.

האט ניט פאריבל, ליבע לייענער און פריינט, הלמאי כ'האב מאריך געווען. כ'האב דערציילט און דערמאנט דעם לייענער פון „פנקס בענדין" וועגן אונזערע נעכטיגע טעג, פאסירונגען און זכרונות פון בענדינער שטייגער. אין אצייט ארום, וועט שוין מער קיינער נישט זיין פון אונז, ווער ס'זאל דאס געדענקען און איבערגעבן, ווייל גאר זייער ווייניק איז די שארית־הפליטה פונעם פארטיליקטן, פארעלענדן און אויף אייביק פאריתו'מטן יידישן בענדין, ווו עס איז פארגאנגען אונזער קינדהייט און יוגנט.

# אברהם גאלד / דער חינוך אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט

מיט איבער 50 יאר צוריק איז די באפעלקערונג פון בענדין באשטאנען כמעט פון יידן. די שטאט האט זיך געצויגן פון דער וואסער־מיל ביז צום „פארן־טויער" אויף דער קאלאנטאיא גאס, וואס האט געפירט קיין דאמבראווע. ווען נישט די קירכע וואס שטייט עד־היום אויפן בארג ביים אלטן מארק, און די רואינען פונם קעניגלעכן שלאס פון קאזשימיערזש דעם גרויסן — וואלט מען געקענט זאגן, אז בענדין איז אין יענע יארן געווען א ריין יידישע שטאט. מיט פרנסה איז געווען נישט לייכט, מ'האט אנגעווענדן אלץ, כדי אויסצוקעמפן דאס שטיקל ברויט, און צוליב דעם האבן אין שטאט נישט געפעלט קיין מלמדים, וועלכע האבן זיך באמיט צו באקומען וואס מער קינדער אין זייערע חדרים, פאר א שכר וואס האט געקלעקט קוים־קוים די נשמה צו דערהאלטן. יעדער ייִנגל פון 4 יאר איז געגאנגען צו א דרדקי־מלמד, ווו מ'האט געלערנט דעם אלף־בית ביז עברי, און ערשט שפעטער אנגעהויבן גיין אין חדר, ווו מ'האט געלערנט חומש און גמרא. די שטרעבונג פון יעדע טאטע־מאמע איז געווען, אז זייער קינד זאל אויסוואקסן א רב, א דיין, א תלמיד־חכם, אדער לכל־הפחות א חזן און א שוחט. מ'האט געקארגט דעם ביסן פונם מויל, בכדי אפצושפארן א קאפיקע און צו געבן די קינדער דעם געהעריקן חנוך.

די דרדקי־מלמדים זענען געווען באקאנט אין דער שטאט, יעדער מיט זיין צונאמען. מיין מלמד האט מען גערופן קלמן „קאַט־לאס", א צווייטן נחום „קאטשקא", א דריטן אברהם ־ לייביש מיט דער ברייטער בארד, וכדומה. ווי האט אויסגעזען אין חדר אין יענע צייטן? — דער אריינגאנג איז געווען גלייך פון דער גאס אין דער וווינונג. אין דער זייט איז געשטאנען א פעסל מיט וואסער, וואס אפרים וואסער טרעגער פלעגט ברענגען מיט די סאנדעס פון דער פלומפ אויפן אלטן מארק, פון צייט צו צייט פלעגט די „רביצין" אויך ארויסשיקן די תלמידים ברענגען אן עמער מיט וואסער. איבערהויפט פלעגן מיר גערן אויספירן די שליחות'ן פון דער „רביצין", ווי וויגן דאס קינד, איינקויפן אין געוועלבל, ברענגען וואסער א.אז.וו. אבי נישט צו זיצן מיט מורא ביים רבינ'ס טיש. פאר דער טיר איז געשטאנען אן עמער מיט אומריינעם וואסער, וואס מ'האט גערופן „פאמעשאף", דאן א אייזערנער אויוון, און א לאנגער טיש מיט צוויי גרויסע בענק, ווו מיר, „שקצים" פלעגן זיצן און לערנען. דאס צווייטע צימער האט געדינט פארן מלמדס בני־בית; דער מלמד פלעגט האבן א באהעלפער, גערופן האט מען אים „בעלפער", א געזונטער יונג, וועלכער פלעגט ארומגיין יעדן טאג אין דער פרי צוזאמענעמען די קינדער. ער פלעגט זיי נעמען צו עטלעכע קינדער אויף די פלייצעס אויף דער האנט און ביי דער האנט.

דער מלמד און „בעלפער" האבן געלערנט די תלמידים דעם אלף־בית פון א סידור, מיט א טייט־העלצל אין האנט, אריינשרייענדיק הויך אינם אויער, אז מ'זאל געדענקען דעם אות, און אז דער שטן המקטרג האט נישט געלאזט געדענקען דעם אלף־בית, האט מען דאס קינד גוט אנגעקלאפט אינם... אזוי, אז ס'זענען נישט איינמאל פארבליבן צייכנס. נאך א צוויי יאר, ווען מ'האט שוין תופס געווען די תורה פון עברי, איז מען איבערגעגאנגען אין חדר, ווו מ'האט געלערנט חומש, און די ערשטע מסכתות פון דער גמרא; פון דעם אלעם האבן די מלמדים נישט געהאַט קיין חיוּנה, און די „רביצינס" האבן געמוזט צוהאנדלען מיט געבעקס און ממתקים. חול־המועד פסח און סוכות האט זיך געענדיקט דער „זמן", און די מלמדים האבן זיך געלאזט איבער די הייזער, פארשאפנדיק זיך נייע תלמידים. אין חדר האט מען נישט געלערנט וועלטלעכע למודים, נאר רוסיש, אויפן פארלאנג פון דער צארישער מאכט. יעדעס קינד האט געמוזט קענען בעל־פה דעם לויב־טיטל פון צאר. ביי יעדן רוסישן נאציאנאלן יום־טוב, אדער געבורטס־טאג אויפן צארישן הויף זענען מיר געגאנגען אין דער שול אריין, ווו מ'האט געמאכט אַ „מי שברך" פארן געזונט פון צאר און זיינע מקורבים.

ווען מ'איז עלטער געווארן, און דער רבי איז געווען צו „שוואך" אין לערנען, איז מען געפארן אין די ישיבות, אדער געגאנגען לערנען „פאר זיך" אין בית־המדרש. קינדער פון פארטגעשריטענע הייזער האבן ממשיך געווען אין ווראנצבערגס שול, וואס איז שוין דעמאלסט געווען א רעפארמירטע שול פון דריי קלאסן, ווו מ'האט געלערנט אלגעמיינע למודים. די דאזיקע שול איז געווען איינע פון די בעסטע, און פון דער גאנצער אומגעגנט איז מען געקומען דא לערנען, ווער ס'האט נאר געהאט, זעלבסטפארשטענדלעך, די מאטעריעלע מעגלעכקייטן. העברעאיש האט מען געלערנט אין דער הברה אשכנזית, תנ"ך און דיקדוק האט געלערנט דער דירעקטאר הער ווראנצבערג, וואס איז געווען אַ גוטער העברעאיסט און תלמודיסט.

געוועז אויך א באזונדערער לערער פאר דייטש און רוסיש; פויליש האט מען געלערנט געהיים, ווייל ס'איז געווען פארבאטן דורך דער רוסישער מאכט; דער לערער פון רוסיש איז געווען א גוי, ביז ס'האט זיך באוויזן ווראנצבערגס א קרוב פון ווארשע, דער לערער יהושע ראפאפארט, וועלכער איז שפעטער געווארן טעטיק אויפן פעדאגאגישן געביט אין בענדין און דערצויגן טויזנטער תלמידים ביז צום אומקום.

פון ווראנצבערגס לערער האט זיך אויך אויסגעצייכנט שלמה סאבאטקע, געבוירן אין סלאמניק, אויך א גוטער העברעאיסט. אין די שפעטערדיקע יארן איז ער געווארן זעלבסטשטענדיק און געעפנט אן אייגענע שול וואס האט געהאט גרויס דערפאלג.

אין דער שול זענען מיר דערצויגן געווארן אין נאציאנאלן גייסט, געלערנט דעם מקור פון אונזערע יום־טובים נישט נאר אין רעליגיעזן — נאר אויך אין נאציאנאלן זין געווען אויך א לערער ישעיהו יעבץ, וואס האט גערעדט א גוטן העברעאיש און געהאט זיין קינדער־שול אין קונצ'ס הויז אויפן נייעם מארק. די פרויזיינע האט געהאט א אינטערנאט פאר יידישע שילער פון ליטע און רוסלאנד, וועלכע האבן געלערנט אין דער בענדינער רוסישער שול „קאמערטשיסקאיע אוטשילישטשע" אין ראובן ג. נונבערגס הויז.

אין 1905 איז אין בענדין געגרינדעט געווארן א פוילישע האנדלס־שול, ווו ס'האט געלערנט א קליינע צאל שילער פון גאנץ פארטגעשריטענע קרייזן, וועלכע האבן געמוזט באזוכן די שול אויך אין שבת. אויך געווען א שול אין ייחיאל ווינערס הויז מיט דער רוסישער אונטעררי‏כטס־שפראך, ווו ס'האבן געלערנט יידישע תלמודים, וועלכע זענען געווארן שפעטער „שרייבערס". ד. ה. געשריבן „פראשעניעס" צו דער מאכט. מיידלעך פון די פאלקס־שיכטן האבן געלערנט חוץ וועלטלעכע למודים אויך א ביסל „יידישקייט" אין די צוויי פאפולערע שולן פון שמואל יודל ראזענעס אין צוקערמאנס הויז, און מאיר לעמעל סענדישעוו (געשטארבן אין ישראל) אין בלימעלע סענדערס הויז. מיטן אנטשטיין פון די צוויי פוילישע גימנאזיעס פאר מיידלעך אונטער דער לייטונג פון די פרויען (קשימאווסקא און צעפלינסקא), האבן די ביידע לערער אויפגעגעבן זייערע שולן און געווארן סוחרים.

מ. ל. סענדישעוו איז שפעטער עולה געווען מיט די משפחה קיין ארץ ישראל, און זיין זון משה'לע, איז געפאלן אין די געשעענישן פון 39—1936.

מיידלעך פון רייכערע היימען האבן געלערנט ביי דער פרוי מאנדעלקארן. געווען אין בענדין א צאל בחורים פון רוסלאנד, וועלכע האבן געלערנט אין אונזער שטאט, מחמת די באגרענעצונגען אין זייער געבורט־שטעט; די דאזיקע יונגעלייט האבן א סך מיטגעווירקט אויפן געביט פון פאלקס־בילדונג, געבנדיק לעקציעס אין פריוואטע משפחות. זיי האבן געטראגן ספעציעלע שול־מונדירן מיט מעשענע קנעפ און ספעציעלע היטלעך, צוליב וואס זיי זענען אין די רעליגיעזע קרייזן אנגעגאנגען אלס „שקצים". דאקעגן האבן זיי שטארק אויסגענומען ביי די משכילישע פאמיליעס, וועלכע האבן געלעכצט נאך וועלטלעכע בילדונג און קענטניש פון פרעמדע שפראכן. יידיש איז געווען טרייף, פסול, מ'האט זיך מיט דער שפראך געשעמט. נישט קוקנדיק דערויף וואס דער גרעסטער טייל אין שטאט האבן גערעדט נאר יידיש, איז אבער לעזן א יידיש בוך געווען אסור. די וואס האבן געליינט א יידיש בוך זענען אנגעגאנגען פאר „אפיקורסים". ס'האט לאנג געדויערט ביז עס איז רייף געווארן דער געדאנק, אז יידיש איז א שפראך און דינט אויך אלס א ווערקצוייג קעגן דער אסימילאציע.

## יחיאל קאמינסקי (פאריז) / די יידישע ארבעטער־באוועגונג

אנהויב פון 20־טן יארהונדערט, האט דער יידישער ארבעטער אין אונזער שטאט נישט געהאט צו פארצייכענען קיין ספעציעלע דערגרייכונגען און פארדינסטן אויפן געזעלשאפטלעכן געביט. די יידישע ארבעטער־אינטעליגענץ איז געווען אנגעשלאסן אין דער פוילישער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי, וואס האט געהאט א ברייט פעלד פון ארבעט צווישן די פוילישע ארבעטער. צו די יידישע הארעפאשנע מאסן האט מען געקאנט רעדן אין דער יידישער שפראך, אבער די יידישע ארבעטער־אינטעליגענץ, אדורכגענומען מיט דער רוסישער קולטור, איז געווען ווייט פון יידיש, און צוליב דעם טאקע נישט געקומען אין באריר מיטן יידיש־רעדנדן ארבעטער.

דער מצב פון די יידישע ארבעטער איז געווען א גאנץ שווערער. מען האט געארבעט 14 שעה אין טאג אין אפילו נאך מער און דער געהאלט איז געווען א נישטיקער : 30 רובל מיט עסן פאר א גאנצן „זמן", נעמלעך — 6 חדשים. אזוי איז עס געווען ביים שניידער־פאך, אבער אויך ביי אנדערע פאכן איז נישט געווען בעסער. צוליב די דאזיקע שווערע ארבעטס־באדינגונגען איז געווען לייכט די יידישע ארבעטער פארטייען, „בונד" און „פועלי־ציון", צו פירן זייער א ברייטער אגיטאציע צווישן די ארבעטער פארן אויסבעסערן זייער עקאנאמישע לאגע. דער „בונד", וואס איז אנטשטאנען אין בענדין אין יאר 1903 (און איז גערופן געווארן אין יענער צייט „אחדות־יונגען"), איז געווען דער ערשטער וואס איז אריינגעדרונגען אין די יידישע ארבעטס־שיכטן.

עס ווערן ארגאניזירט קאמאשן־שניידער, שוסטער־ארבעטער ווי אויך דינסט־מיידלעך. דער ערשטער שטרייק קומט פאר אין 1905, און נעמט ארום די אלע דערמאנטע ארבעטער. די הויפט־פאדערונג איז געווען: א 12־שעהדיקער ארבעטס־טאג... עס זענען פארגעקומען געהיימע פארזאמלונגען, ווו ס'האט זיך נאר געלאזט, אפילו אין גערער שטיבל. ווען די פאליציי האט זיך אמאל דערוווסט דורך א מסירה וועגן אזא פארזאמלונג אין גערער שטיבל, איז זי באפאלן די פארזאמלטע און אנגעהויבן שיסן. עס איז אנטשטאנען א גרויסע בהלה, דער עולם איז זיך צעלאפן, מען איז געשפרונגען איבער צווימען, גוט זיך צעקאליעטשעט און עטלעכע זענען דערשאסן געווארן. דאס האט נישט אפגעהאלטן די ארבעטער ווייטער זיך צענויפקומען אויף קאנספיראטיווע פארזאמלונגען אין בית המדרש און אין תלמוד־תורה, וואס האט ארויסגערופן ווייניקער חשד. ווען די פאליציי האט

עמעצן געכאפט, איז מען געווארן ארעסטירט און באקומען א קערפערלעכן שטראף, דהיינו — מלקות...

אין 1906 האט דער „בונד" באשלאסן צו פייערן דעם ערשטן מאי, און קיין פאן האט מען נישט געהאט. וואס טוט מען? דריי חברים זענען אריין אין גרויסן געשעפט פון פייגעלע חוה'לעס אויפן אלטן מארק, אנידערגעלייגט דעם רעוואלווער אויפן טיש און געפאדערט רויטן שטאף אויף א פאן. דער ארגומענט פון רעוואלווער האט טאקע געפועלט און מען האט באקומען שטאף, וואס האט געקלעקט אויף עטלעכע פאָנען... אזוי האט מען זיך געפירט אויך ביי שטרייקן.

אין בענדין איז געווען א „סטראזשניק" מיטן נאמען יאקוביק, וואס האט אנגעווארפן אן אימה אויף אלע ארבעטער מחמת זיין רשעות און סאדיזם, ווען מען איז אריינגעפאלן אין זיינע הענט. אויס חשד, אז אלע יונגע בחורים זענען סאציאליסטן, איז ער סתם באפאלן יידן אין דער גאס און באפוילן זיי צו ווייזן די ארבע כנפות... ווער עס האט נישט געטראגן קיין „ציציות" איז עס געווען א סימן, אז ער איז א רעוואלוציאנער און פאר דעם באקומען שמיץ. דער דאזיקער מנוול יאקוביק האט באקומען דעם געהעריקן שטראף: אין א שבת־טאג איז געווארן אויסגעפירט איבער אים אן איבערפאל, און ער איז דערמארדעט געווארן פון א באמבע־אויפרייס. די קאזאקן האבן זיך געווארפן אויף דורכגייענדיקע רויקע בירגער, וועלכע האבן געאיילט א היים, געשאסן אין די פענסטער, און אייניקע יידן זענען אומגעקומען פוי די שיסערייען.

במשך פון דער צייט האבן זיך די יידישע ארבעטער־פאכן גאר שטארק אנטוויקלט. עס זענען געווען שניידער־ווארשטאטן וועלכע האבן באשעפטיקט צו 5 ארבעטער און מער. אויך די לאגע פון אנדערע פאכן: קאנפעקציע, שטעפעריי, בעקעריי, שוסטעריי האט זיך פארבעסערט. א דאנק דעם וואס די ארבעטער זענען געווארן ארגאניזירט. די איינציקע „מיוחסים" וועלכע האבן זיך נישט געוואלט אויסמישן מיטן „פראסטן פאלק", זענען געווען די פארקויפער אין געשעפטן, וועלכע מען האט גערופן „סוביעקטן". א קליינער טייל פון זיי איז געווען ארגאניזירט ביי די פועלי ציון, און אנדערע האבן נישט געהאט קיין שום אינטערעס פאר ארגאניזאציע.

אזוי דויערט עס ביז צום אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, וואס האט דערפירט צו א קריזיס אין אלע פאכן און עס איז נישט געווען קיין ארבעט. די ארעמקייט איז געווען גאר גרויס. עס אנטשטייט א יידישער לעבנסמיטל־קאמיטעט, אנגעפירט דורך די פני־העיר. ביים קאמיטעט ווערט געגרינדעט א ביליקע קיך.

אין זומער. 1915, האבן אייניקע מיטגלידער פון די פ. פ. ס. (לינקער פליגן): וואלטער שאלץ, האפס, סאמעק וויינציהער (דער ברודער פון סיים דעפוטאט, ד"ר סאלאמאן וויינציהער), י. קאזלאווסקי און פרוי בעלא סוקעניק, צונויפגערופן עטלעכע ארבעטער פון שניידער־פאך: פישל, יחיאל לאנדער און די ברידער משה וואלף און יחיאל קאמינסקי, כדי צו שאפן א קרייזל, וואס זאל אנפירן אן אינטעלעקטועלע ארבעט. עס איז געווארן אויסגעארבעט א פראגראם פון רעפעראטן און לעקציעס, וועלכע זענען געהאלטן געווארן אין פויליש, וואס מיר האבן ווייניק געקענט. מיר האבן אויך געלערנט די פוילישע שפראך, די לערערין איז געווען פרוי בעלא סוקעניק.

אונזער קרייזל האט זיך מיט דער צייט אויסגעברייטעט, עס זענען צוגעקומען נייע מענטשן און מען האט געטראכט וועגן אן אייגענעם לאקאל. עס איז טאקע געגרינדעט געווארן א „טיי־האלע". די דערעפענונג איז פארגעקומען מיט א גרויסער „פאמפע". די פארוואלטונג האט אויסגעארבעט א פלאן פון קולטור־ארבעט, און עס איז אויך געווארן באשלאסן צו געבן אומזיסט ברויט און טיי יעדן חבר פון דער „טיי־האלע".

די ארעמקייט איז געווען גרויס און אונזערע געלד־מיטלען — קליין. מיר האבן זיך געווענדן צום יידישן לעבענסמיטל־קאמיטעט און געבעטן א סובסידיע, כדי צו פארברייטערן אונזער ארבעט און ערטיילן אומזיסט אונזערע חברים אויך מיטאגן. אונזער ביטע איז אפגעווארפן געווארן, וואס האט באשווערט אונזער הילפס־ארבעט. מיר האבן ווייטער אנגעפירט די ארבעט לויט די מיטלען וואס זענען געשטאנען צו אונזער דיספאזיציע, ביז אין א שיינעם העלן טאג איז די „טיי־האלע" אויפגעלעזט געווארן דורך דער דייטשער מאכט, מחמת דעם וואס מען האט דארט געלערנט די פוילישע שפראך, — אבער די קולטור ארבעט איז ווייטער אנגעגאנגען אינעם קרייזל.

אין מערץ 1916 איז געקומען פון ווארשע דער בונדישער עסקן מאוריצי אזשעך, א מיטארבעטער פון די „לעבענספראגן", און געהאלטן א פארטראג אין קרייזל וועגן דער יידישער ארבעטער באוועגונג. נאכן רעפעראט איז פארגעקומען א הייסע דיסקוסיע, אין וועלכער קאזלאווסקי האט געהאלטן א רעדע, וואס האט ביי אונז, יידישע ארבעטער, נישט נושא חן געווען, פילנדיק, אז מיר האבן מיט די אסימילאטארישע קרייזן קיין שום געמיינזאמעס מער נישט.

א חודש שפעטער איז ווידער געקומען צו אונז חבר קאן, און אויף א זיצונג מיט אים איז באשלאסן געווארן צו גרינדן אין בענדין דעם „בונד", וואס האט א געוויסע צייט נישט עקזיסטירט אין אונזער שטאט. גלייכצייטיק איז מיט דער מיטהילף פון פריינט בערקאוויטש פון סאסנאוויץ און ברוקנער פון דאמבראווע, געגרינדעט געווארן די בונדישע ארגאניזאציע אויך אין די צוויי זאגלעמביער שטעט.

אינעם זעלבען יאר קומען פאר וואלן צום בענדינער שטאט־ראט, ווו דער „בונד" פירט אריין אלס ראַטמאן דעם חבר פסחזאן, און דאן ווערט דערעפנט דער „גראסער־קלוב", וועלכער האט אנגעפירט א קולטורעלע טעטיקייט.

דער „בונד" גרינדעט פראפעסיאנעלע פאריינען פון שניידער, שוסטערס און בעקער. די פועלי־ציון ווידער — טרעגער־ און פארקויפערס־פאריינען. דער „בונד" פירט אן א קולטורעלע ארבעט און לאדעט איין אנגעזעענע רעפערענטן פון ווארשע.

די רוסישע רעוואלוציע האט אריינגעבראכט א גרויסע אויפלעבונג אויף דער יידישער ארבעטער־גאס. עס זענען פארגעקומען גרויסע מאניפעסטאציעס פון אלע ארבעטער ארגאניזאציעס, אין וועלכער דער „בונד" און פועלי ציון זענען געווען שטארק פארטרעטן. דער פוילישער ארבעטער האט געווארפן די לאזונג פון ארבעטער־ און סאלדאטן־ראטן, און די יידישע פאליטישע ארבעטער פארטייען זענען גערופן געווארן צו שיקן זייערע דעלעגאטן. פון די בענדינער פועלי־ציון זענען געווארן דעלעגירט 3 דעלעגאטן און פון „בונד" — 2: הענריק פייערמאן און דער שרייבער פון די שורות.

ווען פילסודסקי האט פונאנדערגעיאגט דעם ארבעטער־ און סאלדאטן־ראט (1918) און די מענטשן ארעסטירט, האט א גרויסער טייל פון זיי פארלאזט דאס לאנד און עמיגרירט, און איך מיט זיי.

# דוד ליווער / שולן, שטיבלעך און מנינים

בענדין האט געציילט איבער 80 בתי תפילה, צוויי שולן, א גרויס בית־המדרש, חסידים שטיבלעך, בתי תפילה ביי די חברות א. אז. וו. יידן האבן געדאווענט. נישט געווען קיין פוילישער חסידישער רבי, וואס זאל נישט האבן געהאט זיינס א שטיבל אין בענדין.

און ווען מ׳פלעגט ארויס א שבת פרי אויף די בענדינער גאסן, — וואס פאר א שלווה האט געהערשט! טויזנטער יידן אין זיידענע ייבע־צעס און סאמעטענע היטלעך, א טייל אין שטריימלעך און גארטלען ארום די לענדן, מיט גרויסע חומשים אונטערן ארעם — פלעגן גיין די יידן לאנגזאם, נישט געאיילט, און זיך ווינטשן א גוטן שבת.

גאר פרומע יידן פלעגן טראגן די טליתים אנגעטון אויף זיך, באשר זיי זענען קיינמאל נישט געווען זיכער צי דער „ערוב״ איז גאנץ. די גבירים פלעגן טראגן טוכענע קאפאטעס מ׳זאל נישט ארויס־זען די זיידענע ייבעצעס; בענדינער יידן האבן זיך געפילט פריי, אן מורא געלעבט אין א ריין יידישער שטאט.

## די גרויסע שול

די שול איז געבויט געווארן אין יאר 1881 און שפעטער עט־לעכע מאל איבערגעבויט געווארן. אין יאר 1926 איז די בענדינער שול געווארן אינערלעך אויסגעמאלט און באצירט דורך די יידי־שע קינסטלער־מאלער משה אפעלבוים, שמואל ציגלער און דער מע־טאל־פלאסטיקער חיים האפט. דאס איז געווען די איינציקע שול אין פוילן, וועלכע איז אויסגעמאלט געווארן דורך יידישע קינסטלער.

די שול האט געהאט א שטענדיקן חזן מיט א כאר, אנגעפירט דורך א דיריגענט. די בענדינער גרויסע שול איז געווען באקאנט מיט אירע גוטע חזנים ווי צ.ב. אברהם יצחק שירמאן, ליכטענשטיין, מנחם זופוביץ, משה קלאנסוואלד א. א. רחבותדיק איז געווען די גרויסע שול מיט די רייען מאסיווע בענק. שיין איז געווען די מזרח־וואנט מיט אפעלבוים׳ס מאלעריי, און די מערב־וואנט מיט ציגלערס פרעכטיקע מאלעריי.

אין דערוואכנס פלעגט מען אין דער גרויסער שול נישט דאווענען, חוץ ביי ספעציעלע פייערונגען ווי צ. ב. כ׳ תמוז אדער דעם 11־טן נאוועמבער — פוילנס נאציאנאלער יום־טוב, דאן פלעגט מען זיך צוזאמענקומען כדי צו הערן דרשות מעניני דיומא. די מתפללים זענען צומייסטנס געווען פשוטע יידן, בעלי מלאכות, צוויי מאל אין יאר פלעגן אויך די חסידים קומען דאווענען אין שול — שבת תשובה און שבת הגדול, ווען דער רב האט געהאלטן זיין יערלעכע דרשה. אויף שמחת תורה פלעגן א טייל חסידים באגלייטן דעם רב אין שול אריין צו די הקפות. שחרייתים אין שול פלעגן דאווענען לייבל לאנדער און מאיר בערי. דער שטענדיקער בעל־קורא איז געווען שאול פרידלענדער. די לעצטע גבאים — משה לייב שויצער, יעקעלע זיסקינד, און איבער אלעמען האט זיך אויסגעטיילט דער שמש אברהם קאפלן, וועלכער האט געהערשט אין דער שול ביד רמה, געווען הויך אין דיק, העכער פון אלע מתפללים אין דער שול... אז ער האט געגעבן א געשריי שא! שא!, האט מען געהערט אין אלע געסלעך ארום...

אין יאר 1939 האבן די דייטשע באנדיטן פארברענט די שול און אירע מויערן איינגעווארפן; פון דער גרויסער שיינער שול איז גע־בליבן א בארג מיט שטיינער.

בענדינער יידן וועלכע זענען געווען שטאלץ אויף זייערע פרעכ־טיקער שול און שטארק צוגעבונדן צו איר פלעגן נעמען די ציגל פון אירע חורבות און אויף זיי שבת געצינדן ליכט...



די גרויסע שול אין 1936.
בית הכנסת הגדול בשנת 1936.

# דער גרויסער בית מדרש

דער בית המדרש האט זיך געגרענעצט מיט דער שול, די צווייטע שול לויט איר גרויס אין שטאט (אויפגעבויט אין 1859). דאס איז געווען א היימישער פאלקס־טימליכער מקום־תפילה. געווען אלעמאל פול מתפללים, די מערהייט פון זיי פאלקס־מענטשן און פון די ארעמע שיכטן; דאס איז געווען שבת, דאקעגן אין די וואכן־טעג פלעגן א סך „שיינע" יידן זיך אהער ארייננכאפן, ווער אויף א שעור פון דף יומי, אדער סתם א פרק משניות. בחורים פלעגן זיצן אין לערנען א בלאט גמרא פאר זיך, אדער בלעטערן אין א אלט ספר, ווייל דער בית־המדרש האט פארמאגט א גרויסע צאל אלטע ספרים פון דער רבנישער ליטעראטור וואס זענען געווען א זעלטנהייט אין שטאט. דער בית המדרש איז געווען ווי א אוניווערסיטעט פארן יונגן לומדישן דור; בחורים פלעגן זיצן ביז שפעט אין דער נאכט און זיך מתפלפל זיין אין שווערע סוגיה׳ס; מ׳קאן זאגן, אז דער קול התורה און קול התפילה האט דארט נישט אויפגעהערט א גאנצן טאג. אויך פארן עלטערן דור איז דער בית־המדרש געווען דער בעסטער און אפשר אויך דער איינציקער ארט פון גייסטיקער פארוויילונג.

כעלות השחר פלעגן זיצן די „צען בטלנים" און זאגן תהילים, און ווי נאר ס׳האט אנגעהויבן טאגן, פלעגן קומען די ערשטע מתפללים — דאס זענען געווען די יידישע פורמאנעס פון די „רוסארעס" וועלכע פלעגן פארן מיט פאסאזשירן קיין טשעלאדז׳, גרויצע, שעווער און אנדערע שטעטלעך. אויך די גרענעץ־פארער פלעגן קומען פרי און ארייננכאפן שנעל א דאווענען. דאן פלעגן קומען די בעלי מלאכות, הענדלער, און אזוי האט זיך געשטעלט איין מנין נאכן אנדערן, ביז שפעט אין טאג אריין, א זייגער איינס אדער צוויי.

די לעצטע מתפללים זענען אלע מאל געווען די זעלבע באקאנטע טיפן, אן וועלכע מ׳קאן זיך נישט פארשטעלן דעם בענדינער בית־המדרש. מ׳האט געזאגט — אז צווישן זיי געפינט זיך זיכער א למד־ווניק, מ׳האט אבער נישט געוווסט ווער פון זיי איז עס...

אט זענען זיי: ר׳ אברהם מרדכי דער אייביקער געלט־זאמלער, ער האט נישט געמאנט, נישט פארלאנגט פון קיינעם מ׳זאל אים געבן א נדבה, נישט געפאדערט — נאר אויסגעשפרייט א רויטע פאטשיילע אויפן בית־המדרש־טיש, און יידן האבן דארט אריינגעווארפן מטבעות. אלע האבן געוווסט, אז נישט קוקנדיק דערויף וואס ר׳ אברהם מרדכי איז א גרויסער ארעמאן, האט ער נישט חס וחלילה, פון דעם געזאמלטן געלט קיין טובת הנאה; ער האט שוין געהאט זיינע ארעמע יידן. און זיי געשטיצט.

א צווייטער טיפ איז געווען ר׳ אברהם ליטוואק. דער ארגאניזאטאר פון די שניידער תהילים־זאגער. יעדן פארטאג געזאגט מיט זיי תהילים, און א סך חסידים פלעגן קומען אין מיטזאגן א קאפיטל תהילים מיט ר׳ אברהם ליטוואקס שניידער.

יעצט הענדעלע, אונמעגלעך זיך פארצושטעלן דאס בית־המדרש אן אים; א ייד אין די זעכציקער האט ער יעדן טאג געעפנט דעם בית־המדרש און אויך געווען דער לעצטער וואס האט אים ביי נאכט געשלאסן. זומער אין ווינטער פלעגט ער קאנצענטרירן ארום זיך ביים גרויסן אויוון די ארעמע־לייט און זיי דערציילן וואונדערלעכע מעשיות און פאנטאזיעס פון רוסישן צאר...

היינט נאטעלע שניידער, דער אייביקער ארעמאן, וועלכער האט געהאלטן פאר נויטיק צו פארזארגן די ארעמע־לייט מיט תכריכים. איז געשטארבן אן ארעמאן, איז מען גלייך געלאפן צו אים.

כמעט יעדן טאג זענען די לעצטע מתפללים געווען די זעלבע טיפן: דער מעלאנכאלישער אברהם פון דער זאוואלע גאס, נישט ער האט אויסגערעדט א ווארט, תמיד מעיין געווען אין א ספר און געזאגט האט מען אויף אים, אז זעלטן ווער קאן זיך מיט אים פארגלייכן אין לערנען; און זיין מעלאנכאליע איז טאקע געווען פון צו פיל לערנען.

א צווייטער איז געווען טוביה ישראל, אדער ווי מ׳האט אים גערופן „איוון סטראלאי", וועלכער איז געווען באהערשט פון א פארפאלגונגס־מאניע, — ער פלעגט גיין איין טריט פאראויס און צוויי טריט צוריק; גייענדיק אויף דער גאס פלעגט ער אריין אין יעדן טויער. בכדי זיך באהאלטן פון זיינע קלוימערשטע פארפאלגער. די דאזיקע מורא, האט מען געזאגט, איז געקומען פון דער צייט ווען ר׳האט געדינט אין רוסישן מיליטער, און אויפן פראנט האט א גראנאט געטראפן זיין פאזיציע, פון דעם שטאמט אויך זיין צונאמען.

א דריטער איז געווען דוד ספר תורה׳לע. געווען א מאל אליין א סופר, אייביק געשטאנען אין בית־המדרש פארן ארון־קודש, געקומען פרי צום דאווענען מיט דעם גרויסן טלית־זאק אונטערן ארעם, וועלכער איז געווען אזוי גרויס אז ר׳האט פארנומען די גאנצע ברייט פון בית־המדרש טיש, און יעדן טאג קוים פארטיק געווארן מיטן לעצטן מנין.

יעצט קומט דער „שיבער", א קליין יידל מיט א האלב א גאל בערדל, זומער און ווינטער געטראגן דריי אדער פיר ייביצעס, ביים דאווענען געזאגט עטלעכע מאל יעדעס ווארט, זיך געדאכט אז ער וועט נישט ענדיקן די תפילות... צום לעצט דער משוגענער שלמה, וואס איז געווען א גרויסער בן־תורה. מ׳האט נישט געוווסט פאר וואס ער האט איבערגעריסן די באציונגען מיט דער משפחה, מ׳האט אים אויך קיינמאל נישט געזען עסן, און נישט געוווסט פון וואס ער לעבט. זעט זיך אויס געווען פון ר׳ אברהם״ס מרדכ׳ס „קליענטן"....

און יעדן טאג, א זייגער איינס האלב צוויי נאך מיטאג, האבן זיך די יידן ארומגעזען, אז עס פעלט זיי צוויי דריי מענטשן צום מנין, אבער גאט פארלאזט נישט זיינע געטרייע יידן; אט האבן אנגעהויבן אנקומען די ערשטע מנחה־דאווענער, און מ׳האט געמאכט א קאמבינאציע און זיי מצרף געווען צום שחרית, מ׳האט געזאגט א בשותפדיקע שמונה־עשרה — די צום שחרית און די צו מנחה, און יידן האבן געהאט א הנאה — דאך געדאווענט מיט מנין.



דאס בית המדרש אין יאר 1936.
בית המדרש הגדול בשנת 1936.

**אויף צו לעצט לאמיר דערמאנען די שטענדיקע בית־המדרש זי־צער:** ר׳ לייזער בעו פערשט, א מוכר ספרמניק, שוין אין יענע צייטן געהאט א סטעמפל וואס ער האט געלייגט אויף זיינע ספרים און בי־כער, יא ביי ר׳ לייזער בער פערשט האט מען אויך באקומען צו לעזן פאר דריי קאפיקעס שמר׳ס ראמאנען וועלכע ער האט צעטיילט אין א סך טיילן, וואס די שניידער־געזעלן און די יידישע דינסט־מייד־לעך פלעגן נעמען אויף שבת צו לייענען; ביי אים פלעגן די השכלה יונגע־לייטלעך באקומען צו לייענען דעם מסתרי פריז, און מענדעלעס „קלאטשע״ און נאך; און געזאגט האט מען אז דעם ערשטן שקל אין שטאט האט געהאט ר׳ לייזער בער פערשט. און בראש פון אלע



די אויסגאנג טיר פון דער שול. דלת היציאה מבית הכנסת.

מעטאל פלאסטיק פון חיים האנפט. פיתוכי מתכת מאת חיים האנפט.

בית המדרש זיצער לאמיר נישט פארגעסן דעם ישיש ר׳ יהודה לייב סופר, דאס גייסטיקע שיינדל פונם בית־המדרש, פון די פרימסטע יידן אין שטאט, פלעגט תמיד זיין אריינגעטון אין טובל זיין זיך אין דער מקוה, און דאווענען און שרייבן ספר־תורה׳ס, געווען דער שטענדיקער כל־נדרי זאגער אין דער גרויסער שול. דער לעצטער שחרית אין בית־המדרש האט זיך נאך נישט פארענדיקט, און שוין איז מען געקומען מנחה דאווענען, און ווידער איין מנין נאכן צווייטן. בעטנדינער יידן האבן נישט געהאט קיין צייט, אריינגעכאפט א מנחה און געלאפן ווייטער, ווער צו דער ארבעט צוריק, ווער צום מסחר. יידן זענען געגאנגען ארויס און אריין; האט איינער נאך נישט גע־האט געענדיקט דעם „עלינו״ און דער צווייטער האט שוין אנגע־הויבן „אשרי יושבי״ און אזוי ביז מעריב.

און נאך מעריב, כמעט יעדן טאג איז געווען א מגיד, און פארן ארויסגאנג איז געלעגן אויפן טיש די רויטע פאטשיילע, ווו יידן פלעגן ווארפן מטבעות פארן בעל־דרשן. קיין מגיד איז נישט אוועק־געפארן פון בענדין מיט ליידיקע הענט, און דרשנים פון גאנץ פוילן, ליטע און גאליציע האבן געצויגן קיין בענדין.

דער בית־המדרש האט געהאט א אייגענעם חזן, א שטאטישן, וואס פלעגט די לעצטע יארן באקומען געצאלט פענסיע פון דער קהילה קאסע. יארן לאנג איז געווען חזן משה יעקב פיאטרקאווסקי, און שפע־טער זיין זון ליפא, די לעצטע גבאים זענען געווען ר׳ מענדל אפענהיים און ר׳ יעקל וועלגרין.

צום לעצט לאמיר דערמאנען מיכאל שמש מיטן שטענדיקן פאר־זארגטן פנים, שטיל און רויק געטאן זיין ארבעט.

ווען די נאציס האבן אונטערגעצונדן די שול, איז אויך דער בית־המדרש מיט די ארומיקע הייזער אוועק מיט פלאמען.

## די „דייטשע״ שול

האט זיך געפונען אין ראזענבלומס הויז, אויף דער קאלאנטאיא גאס. דער עלעמענט פון דער „דייטשער״ שול איז געווען שוין גאר אן אנדערער און זיך שטארק אונטערשיידעט פון די מתפללים פון דער גרויסער שול און פון בית מדרש; דא זענען געקומען דאווענען יידן אן בערד, די „דייטשען״ מיט קורצע רעק, גבירים, דאקטוירים, לערער, און אנדערע אינטעליגענטן, אלע כמעט מיט געגאלטע בערד. די הויפט־ארבעט אין דער שול האט געהאט דער שמש, וועלכער האט גע־האט די אויפגאבע צו דערמאנען די מיטגלידער ווען זיי האבן יאר־צייט און זיך באמיט ווען מ׳האט געדארפט צוזאמענשטעלן א מנין, ווען א מיטגליד האט געדארפט זאגן קדיש א. אז. וו.

דער שטענדיקער חזן איז געווען וואלף הירש בוים, וואס איז זייט 1912 געווען חזן אין דער שול, געהאט א אייגענעם כאר פון זיינע זעקס זין. אין דער שול איז געווען ריין און זויבער, מיט גלאטע פאלירטע שטענדערס, ווו יעדער האט געהאט זיין שטענדיק ארט צום דאווענען. די שול איז נישט געווען אונטערשטיצט פון דער קהילה, נאר זיך אליין אויסגעהאלטן פון מיטגלידס־אפצאל.

## די חסידים שטיבלעך

דער רוב בתי תפילה אין שטאט זענען געווען די חסידים שטיב־לעך. הוץ עטלעכע קליינע בתי מדרשים ווי צ. ב. דער בית מדרש פון האדמו״ר רבי יחיאל מאיר שפירא הי״ד (אומגעקומען אין אושוויץ), וועלכן מ׳האט גערופן אין שטאט „דער בריקעווער רבי״, ווייל ר׳האט געוווינט ביי דער וואסער בריק, און צו וועמען ס׳פלעגן קומען דא־ווענען חסידים און בעלי־תורה. אין דער בית־המדרש פון יצחק מענדל הלוי ראטענבערג, ז״ל, וועלכן מ׳האט גערופן „דער שינעווער רבי״, ווייל ר׳האט געוווינט ביי די שינעס אויף דער מאלאכאווסקי גאס. אין אהרן מענדל שוסטערס הויז, אין דעם בית המדרש, פלעגן קומען דאווענען יידן פון פשוטן פאלק. אזוי האבן זיך די צוויי רבנים איינ־געטיילט מיט די חסידים אין שטאט.

געזען נאך א רייע בתי־מדרשים ביי די וווילטעטיקע חברות, ווי „אהבת חסד״ אין צוקערמאנס הויז, „לינת החולים״ אונטערן בארג אין מושב־זקנים, חברה תהלים, אויף דער זאוואלע גאס אין מערינס הויז, „מלבוש ערומים״, חברה „הכנסת כלה״ און נאך און נאך.

די דאזיקע בתי תפילה פלעגן איינלאדן די גבירים פון שטאט אויף שבת כדי זיי זאלן בעת עליה לתורה מנדר זיין גרעסערע סומעס

פאר דער חברה; געווען אויך קליינע בתי־תפילה, געבויט פון יידן וועלכע האבן געוואלט אזויארום פאראייביקן זייער נאמען, ווי צ.ב. יחיאל ווינערס, פיעקארסקיס, בלימעלע סענדערס, דער בית תפילה פון די ברידער שיין און נאך, וו ס׳האבן געדאווענט יידן פון א גאנץ יאר.

ווי געזאגט, איז חוץ די אויסגערעכנטע בתי־מדרשים, ס׳רוב בתי־תפילה אין שטאט געווען די חסידים שטיבלעך. יעדער חסיד האט געמוזט דאווענען אין זיין שטיבל, און לויטן נוסח פון זיין רבין אבער געווען אויך חסידים וואס האבן ליב געהאט צו דאווענען דווקא ביחידות, כדי קיינער זאל זיי נישט שטערן אין זייער התלהבותדיק דאווענען, בעת וועלכע זיי האבן נישט געזען וואס ס׳טוט זיך ארום זיי. און געווען, להיפך, חסידים וואס זענען געשטאנען און געדאווענט שטיל און רויק, כמעט זיך נישט באוועגט, אבער מיט גרויס כוונה.

יעדעס שטיבל — א וועלט פאר זיך. דארט האט געהערשט אח־דות צווישן גביר און ארעמאן, דארט האבן זיך אלע געזאגט „דו". דאס שטיבל איז פאר די חסידים געווען די „צווייטע היים, און פאר א סך די איינציקע היים. ווייל אהער זענען זיי אנטלאפן פון זייערע אלע דאגות און עגמת־נפש, דא האבן זיי געפונען היימלעכקייט און הילף, אויך טרייסט און א סך פון זייערע טאג־טעגלעכע זארגן.

דאס אחדות וואס האט געהערשט צווישן חסידים אין יעדן שטיבל, — איז אבער נישט געווען צווישן איין שטיבל און צווייטן, ווייל יעדער פון זיי האט געהאט אן אנדער שטעלונג צו אלע שטאטישע ענינים, און געפירט מחלוקת־ן דווקא אין רעליגיעזע פראגן ווי ביים אויפ־נעמען א רב, אדער א מורה הוראה, שוחט, חזן וכדומה אזוי ארום איז טאקע דער בענדינער ראבינאט באשטאנען פון פארשטייער, גע־שיקט דורך די גרויסע שטיבלעך, וועלכע האבן שוין געהאט דעם מאנאפאל אויף זיי אין שטאט.

יעדער חסיד האט געמוזט פארן איינמאל אין יאר צום רבין, בפרט אויף ימים־נוראים; בדרך כלל פלעגט מען אין די שטיבלעך דאווענען מיט התלהבות, מיט לייב און לעבן — „כל עצמותי תאמרנה". אין שטיבל איז אלעמאל געווען פריילעך, און ס׳האט נישט געפעלט קיין ביסל בראנפן, דא א ברית, אדער סתם א יאר־צייט; היינט אז ס׳איז געקומען פורים, אדער שמחת־תורה, ווען מ׳פלעגט גיין איבער די שטיבער פון איין חסיד צום צווייטן, אויסטערלישדיק און אויפעסנ־דיק אלץ וואס ס׳איז געווען אנגעגרייט, — מיט איין ווארט א חסיד האט ליב געהאט זיך צו פרייען, און טרינקען אדער עסן צוזאמען, בחברותא.

דאס רוב חסידים שטיבלעך אין שטאט האבן געהאט גוטע בעלי־תפילות, וועלכע פלעגן זינגען די נגונים פון „הויף" וואס מ׳האט גע־בראכט פון רבין.

## דאס גערער שטיבל

דאס ערשטע ארט אין שטאט האבן פארנומען, סיי אין איכות סיי אין כמות, די גערער חסידים מיט זייערע דריי שטיבלעך. דאס גרויסע גערער שטיבל האט זיך געפונען אויף דער בערעק יאסעלע־וויטש גאס. געווען פון די עלטסטע אין שטאט. שוין אין יאר 1905 האבן די „אחדות" יונגען אפגעהאלטן דארט א מיטינג ווו די קאזאקן זענען זיי דאן באפאלן, און ס׳זענען אויך געווען קרבנות. אין דעם שטיבל האבן געדאווענט די אנגעזעענסטע פירער פון דער „אגודה", די ברידער שפירא פון וועלכע ר׳ מענדל איז געווען א גוטער דער־ציילער פון מעשה׳לעך, הניך און טוביה שפירא, י. מ. שענבערג, ר׳ מענדל ראזענזאפט, פאר וועלכן אויך מתנגדים האבן געהאט דרך ארץ, דער דיין ר׳ הענעך דוד פריזבערג, וועלכער האט זיך גערעכנט פאר דעם „אייזערנעם קאפ" פון בענדינער רבינאט, ר׳ ליפא קא־מינער און זיין איידעם, משה חיים קאמינער, רעדאקטאר פון „יידישן וואכנבלאט מרדכי ווייס, יעקעלע שפיראס איידעם, ר׳ שלמה יצחק רינסקי, פרעזעס פון דער קהלה; דארט איז געמאכט געווארן די פאליטיק פון דער שטאט.

יארן האבן די גערער חסידים געקעמפט אדורכצוזעצן זייערס א רב, און עס איז זיי אויך געלונגען: די לעצטע צוויי רבנים פון בענדין זענען געווען פון גערער הויף, הרב ר׳ הירש חנוך לוין ז״ל



דאס בית המדרש פון אינעווייניק, אקווארעל פון ש. ציגלער. בית הכנסת מבפנים.




די מערב וואנד פון דער שול, געמאלן דורך ציגלער.

כותל המערב בבית־הכנסת, מצוייר בידי ציגלער.

און נאך זיין פטירה — זיין זון ר׳ מענדעלע הי״ד. שוין פון פאר־טאג פלעגן זיצן אינם שטיבל די למדנים ביי דער גמרא און לער־נען, און זיך מתפלפל זיין אין תורה. דאס שטיבל איז געווען אפן א גאנצן טאג, און ביז שפעט אין דער נאכט פלעגט מען הערן בחו־רים לערנען מיטן באקאנטן גמרא ניגון.

די גערער זענען געווען באקאנט אלס חסידים יודע־נגן און גוטע בעלי־תפילות, פון זיי האט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט דער אלטער ר׳ יעקעלע שפירא, וואס האט ביזן טיפן עלטער פון איבער 90 יאר געדאווענט פארן עמוד אין די ימים נוראים כל־נדרי, מוסף און נעילה, דאן די ברידער אהרון און נטע קאפלעוויטש בערל אייכענוואלד, און ר׳ לייביש פראמאן. גבאי אין שטיבל איז געווען ר׳ אהרן מענדל רעד־ליך. די „אברכי־משי" און גערער קעסט־איידעמלעך האבן זיך גע־שאפן אן אייגן שטיבל, וועלכן מ׳האט גערופן „14־נער" אדער „קא־זאקן"; זיי האבן איבערגעשטיגן אין קנאות די עלטערע, נישט גע־ווּסט פון קיין פשרות אין ויתורים, און זיך נישט אפגעשטעלט אין טיילן פעטש א קעגנער ווען מ׳האט געדארפט...

## דאס ראדאמסקער שטיבל

דאס צווייטע ארט אין שטאט האבן פארנומען, לויט דער צאל מתפללים, די ראדאמסקער חסידים. זייער אנזען אין דער חסידישער וועלט פון דער שטאט איז געווען גאר גרויס. און אויב די גערער חסידים האבן זיך געהאלטן פאר תקיפים, האבן זיך די ראדאמסקער געהאלטן פאר די אריסטאקראטן. דאס גרויסע ראדאמסקער שטיבל, וואס האט זיך געפונען אויף דער „יאטקע" גאס, איז געווען א צענטער פון תורה און חסידות, דארטן זענען געזעסן צענדליקער בחורים און געלערנט געשמאק דעם גאנצן טאג, א בלאט גמרא.

אין דעם שטיבל פלעגן דאווענען א סך פון די אנגעזעענסטע בעלי בתים פון שטאט, ווי א שטייגער ר׳ נחום צוקערמאן, אברהם דוד אפענהיים, ר׳ משה הירש פישל, ר׳ שלמה שיין, אברהם יעקב רייך, יצחק מרדכי גאלד, הלל פאכטער, זלמן ערענסט, די ברידער חיים און משולם ליוזער, די ברידער שלמה יוסף און יחזקאל בער אפענהיים, גרשון רעכניץ און ר׳ יעקב רעכניץ, א גוטער בעל־תפילה און נאך א בעסערער דערציילער פון רבנישע מעשהלעך; די ראדאמסקער חסי־דים זענען געווען באקאנט אלס גוטע בעלי־תפילה און ליב געהאט געזאנג. צווישן זיי איז געווען באקאנט דער בלינדער יחזקאל (פריד־מאן), שלמה׳לע און משה׳לע פריידמאן, יעקב זיסקינד, שלמה הימל־פארב ,אברהם און גרשון רעכניץ; שפעטער ווען די שטאט האט זיך צעוואקסן זענען צוגעקומען נאך צוויי ראדאמסקער שטיבלעך. איינס פון זיי אויפן נייעם מארק, וואס האט זיך גערופן דאס „קאטאוויצער שטיבל", ווייל דארט האבן געדאווענט די פארטגעשריטענע חסידים, וועלכע פלעגן אויך פארן קיין קאטאוויץ זיך פארוויילן. אין דעם שטיבל האבן געדאווענט וואלף שטיינהארט, משה לאסק, בעריש רעמ־בישעווסקי. אהרון הענדלער א. אנד. דאס דריטע שטיבל איז געווען ביי די שיינס אין הויז, גערופן האט מען עס ראדאמסקער, אפשר דער־פאר וואס די בעלי־תפילה זענען געווען די באקאנטע ראדאמסקער חסידים דער בלינדער יחזקאל, יעקל זיסקינד און אברהם רעכניץ.

## אלעקסאנדער חסידים

אויך די אלעקסאנדער חסידים אין שטאט האבן זיך געהאלטן פאר גרויסע מיוחסים און בעלי־גאווה. נישט געלאזט זיך פארשטופן דורך די גערער. אין זיין איינציקן גרויסן שטיבל אויף דער קאלאנ־טאיא גאס האבן געדאווענט עטלעכע הונדערט יידן. אין דעם שטיבל איז אויך געווען א ישיבה, ווו בחורים פלעגן זיצן און לערנען א גאנצן טאג מיט א ראש־הישיבה.

אין אלעקסאנדער שטיבל האבן געדאווענט א גאנצע רייע אָנגע־זעענע בעלי־בתים פון שטאט, ווי ר׳ מנדל דאמב, יצחק אהרן לאנ־דוי, פרנס אין דער קהלה, דיין דן ליפשיץ הי״ד, ר׳ לייביש בוכוויץ פרעזעס פון מזרחי א. אנד. די בעלי־תפילה זענען געווען ר׳ ישראלקע אורבך און די ברידער מאניע און יצחק אהרן לאנדוי. אויך די אלעק־סאנדער האבן געשפילט א גרויסע ראלע אין שטאט, ערשטנס א דאנק דעם שטענדיקן קאמף וואס זיי האבן געפירט מיט די גערער חסידים, און א דאנק די חסידים זייערע וועלכע האבן פארנומען אן אנגעזעענע שטעלונג אויף די יידישע גאס.

## סאכאטשאווער חסידים

פון די גרויסע שטיבלעך אין שטאט איז אויך געווען דאס סאכאטשאווער, וואס האט זיך געפונען אויף דער מאנזשעווער גאס, אין היטעלמאכערס הויז. בענדין האט געהאט שיינע יידן און גבירים איינגעטיילן פאר אלע שטיבלעך, אבער די סאכאטשאווער האבן זיך אויסגעצייכנט מיט די גרויסע למדנים און שארפע קעפ, יידן בני־תורה. פון די פאר צענטליק מנינים וואס האבן געדאוונט אין דעם שטיבל וועלן מיר דערמאנען נאך עטלעכע — די גבאים: ר׳ יעקב מ. גוטמן, ר׳ יוסף גרונדמאן, און ר׳ העניך יונגסטער, די בעלי תפילה: יעקב מ. גוטמאן, ר׳ יוסף פראווער, ר׳ חיים דוד רייך, ר׳אהרון חיים מאנהיימער דאן ר׳ ידידיה פערענס, ר׳ העשל לופטיג, יעקב לאנדוי, חנוך יונגסטער, דעם נאשעלסקער רבס זון, ר׳ אברהם ארנער, יוסף גרונדמן, ר׳ הירש יוסף האלענדער און זיין זון פייוול, ר׳ יוסף הירשבערג (קולישער), ר׳ הערשעלע ארליך ראטמאן אין בענדינער שטאט־ראט, ר׳ מאירל הערשקאוויץ, דוד ארליך, מנדל ארליך (פאניא) און נאך און נאך. ווער קאן אויסרעכענען די אלע טייערע יידן? זעלבסטפארשטענדלעך, האבן אויך אנדערע חסידים שטיבלעך געהאט יידן בני־תורה, אבער ס׳איז נישט מעגלעך זיי אלע דא דערמאנען. מיר וועלן נאך אנרופן די נעמען פון די שטיבלעך וואס זענען געווען ביי אונז אין שטאט, ווו טויזנטער יידן פלעגן קומען אויסגיסן זייערע פארוויייטיקסטע הערצער אין א עת־צרה: דאס קרימילאוווער שטיבל, אמשינאווער, ראדאשיצער, פילצער, סוכטדעניאווער, פינטשעווער, ראספשער, כענטשינער, קאצקער, סאקאלאווער, וואלבארזשער, זשורעקער און אפילו א שטיבל פון ווייטן באיאן, וואס האט זיך געפונען ביי דער אונגארישער גרענעץ ווו ס׳האט געוווינט דער באיאנער רבי פון דער סאדעגורער דינאסטיע; נאך אין יאר 1870 האט דער אנגעזעענער בענדינער תושב מנלה לאסקער געגרינדעט דאס באיאנער שטיבל, ווו ס׳האבן געדאוונט דער דאמאלסדיקער רב ר׳ איטשע קימעלמאן (שפעטער געווארן א גערער חסיד), אין די לעצטע יארן די אנגעזעענע בענדינער גבירים די ברידער שלום און דוד לאסקער, גוטמאן, ריכטער א. אנד.

*

ביים אפשלוס פון דעם ארטיקל וויל איך נאך דערמאנען דאס שטיבל ווו איך, אלס חסידיש געקליידעט בחור׳ל, פלעג מיט מיין פאטער גיין יעדן שבת צום דאווענען, ס׳הייסט אונזער שטיבל, „ליווערס בית המדרש״. שפעטער האבן דארט די אמשינאווער חסידים איבערגענומען די הערשאפט. א סך יארן זענען שוין זינט דאן פארגאנגען, א סך לענדער און י׳מען האב איך אדורכגעוואנדערט, אבער נישט איינמאל קער איך מיך צוריק אין זכרון צו דעם שטיבל, ווו כ׳האב מיינע קינדער־יארן פארבראכט אין שפילן מיט חברים אין ניס, אדער „יאגערלעך״. נישט איינמאל פלעגט מיין פאטער ארויס אין מיטן לייענען די תורה, און מיך ביי די אויערן צוריק אריינגעשלעפט אין שטיבל אריין...

אדער שבת בין־השמשות, ווען די יידן פלעגן זינגען מיט התלהבות זמירות, זיך קלאמערן מיט אלע כוחות, און נישט וועלן זיך שיידן מיטן שבת, פלעגן מיר יינגלעך דאן זיצן אין א ווינקל און זיך דערציילן מעשיות וועגן שדים און רוחות, וועגן א בן־מלך א. ז. וו. אויך מיר פלעגן נישט וועלן זיך שיידן מיט דער וועלט פון חלומות... ביז עס האט ווער מיט א זיפץ געזאגט: — „נו! מען מוז דאווענען מעריב״.

קליין איז געווען דאס שטיבל אין כמות, אפשר א דריי צענדליק יידן, אבער אין איכות האט עס געהאט א גרויסן איינפלוס אויף די שטאט ענינים. דריי דאזערעס, אלע פון דער אגודה, האבן דארט געדאוונט: די צוויי פאטריארכאלישע ברידער אברהם און קלמן ליווער, און דער גרויסער חסיד אין בעל־מוסף פון שטיבל בונעם באנהארט, הי״ד. אט זע איך דעם שיינעם און טייערן מענטש, יחיאל קורלאנד, וואס איז יארן לאנג געווען דער הויפט בעל־תפילה, און די צוויי יינגע בעלי־תפילות: דער אטלעטישער חנן לאנדנער מיט זיין שטארקן קול, און יעקב זעלמאנאוויטש מיטן שטילן, אביסל הייזעריקן קול, אבער מלא חן איז געווען זיין דאווענען; און אויף צולעצט — דעם גבאי פון שטיבל, דער קליינינקער ר׳ חיים רובין, וועלכער פלעגט יעדן טאג אהיים גיין פון דאווענען אזייגער 12—1 נאכמיטאג.

*

שטיל זענען געווארן די אלע בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך, נישט מער ווערט געהערט דער קול התורה והתפילה, אומגעקומען אין דעם גרויסן תהום וואס האט געהייסן אושוויץ...

אומגעקומען אלע, נישט געבליבן קיין זכר, קיין קבר, נישטא ווער ס׳זאל נאך זיי קדיש זאגן; זאלן די ווערטער זיין א מצבה נאך די טייערע יידן. יתגדל ויתקדש...

## אברהם בלאט / זאגלעמביע

אין דיינע צעיאטערטע געסלעך און גאסן
יאגן זיך טעג ווי דינאמא פאסן,
שווארצן זיך הימלן אויף ווארסטן און מיילן
פון טונקעלע רווירן און שטויביקע זיילן.

דא רעווען קילאפן און ס׳בורטשען די האמערס,
דארט שפריצן די פונקען פון אייזן ביים שמידן,
כליפן אין כאטעס פארוואגלטע מאמעס
אויף זין גאז פערסמטע צו גאר אינוואלידן.

דא פייפן טורביזען פון „באנקאווע הוטעס״
דארט שפייען די קוימענס פון „דוטעלס״ פאבריק,
ציען זיך דרויסן פראצעסיעס פון מיטה׳ס
און ס׳הויבן זיך פויסטן מיט שטומיקן בליק.

דא נידערן גרעבער אין קברים אין שאכטן
און גראבן אויס פעלזן פון שווארצן דימענט;
איז פויזן אום גרעבער אין שווארצישע פלאכטן
(ווי פערדס בלינדס אין שאכטן)
אין זאגלעמביער קאנט.

איז הימל באגלייט די מיט קופער און בליי
שפראצט שווינדזוכט אויף ראגען ווי בעז אין אליי.
צאנקט דא ווו א קרעמל און דארט א סטראגאן,
זאגלעמביע, א דראגענדער ווולקאן.

(געדרוקט אין „אונזער טריבונע״, בענדין, כסלו, תרצ״ט)

# דוד מאלעץ / מנחמ׳קה איז עולה קיין ארץ־ישראל

*מיר ברענגען דא אן אויסצוג פון העבראישן בוך „מעגלות", וואס האט א קשר מיט בענדין, פונ־וואנען דער מחבר דוד מאלעץ שטאמט.*
*די רעדאקציע.*

**א**ין די קינדער־יארן, ווען מנחמקה האט פארבראכט טעג אין די „חדרים", וואס זענען געווען אים דערווידער, ווי אויך אין די שפעטערדיקע יארן, ווען ער האט זיך באפרייט פונ׳ם עול פון לערנען, זייענדיק א הולך בטל, האט ער פיל געלייענט און ממש „געשלונגען" גאנצע ביכער. ער האט אויך גערן געהאט צו זיצן שעהן לאנג א פארטראכטער איבער דער הילצערנער בריק, נישט ווייט פונ׳ם געסל, וו ער האט געוווינט, צוהערנדיק זיך צום געדויש פון וואסער, וואס ער האט איינגעזאפט אין זיך, אינ׳ם בלוט, אזוי, אז עס שיינט אים אז ער הערט דעם, אפקלאנג פון יענעם געדויש אפילו נאך היינט.

אין הויז, ווו די עלטערן האבן געוווינט, וואס איז געשטאנען אין קווער פון א גרויסן הויף, זענען געווען צוויי חדרים, ווי צוויי באזונדערע וועלטן. אין איין צימער, וואס איז געווען גרויס און באקוועם, האט געוועלטיקט דער גייסט פון פאטער און פון די מענטשן וואס שארן זיך ארום אים. דאס־דאזיקע צימער האט כל הימים געדעשט פון פאטערס בהלה׳דיקע געשעפטן.

מנחמ׳קה האט נישט גערן געהאט די דאזיקע שטוב מיט אירע עסקים און נישט איינמאל האט אים דער טאטע געפראוועט מוסר, הלמאי ער דרייט זיך ארום גאנצע טעג פוסט און פאסט, קימערט זיך נישט וועגן גורל פון דער משפחה און העלפט אים נישט טראגן דעם עול פון חיונה, ווערמענס לאסט פאלט נאר אויף אים.

די מוטער — גאר אן אנדער וועלט. אין איר מחיצה איז פאראן אזוי פיל ווארעמקייט, גוטסקייט און פיינקייט. מאנכמאל, ווען ער האט זיך אומגעקערט פרייטיק פון „חדר", ווען דער טאג איז נאך געווען אזוי גרויס און נודנע, זיצנדיק אזוי פארטראכט, האט זיך די מאמע צו אים דערנענטערט, ארומגענומען אים און געטוליעט זיין קעפל מיט אזא ליבשאפט און צערטלעכקייט צו איר הארץ, און איינגענורעט אין איר ווארעמען־שמעקעדיקן בוזעם.

זי האט אים דערלאנגט פון די שבתדיקע אנגעקאכטע פיש. ווען ער האט געטונקט די ווייסע, ווארעמע חלה אין דער גאלדענער יויך פון די פיש, האבן זיך זייערע דופטן צוגלייך מיטן פארשיכורנדיקן ריח פון זיין מאמען אריינגעגאסן ווי דער בעסטער ווײן אין זיין בלוט. אפשטאל, נאך לענגערע יארן, שוין זייענדיק אין ארץ־ישראל, האט ער נאך אלץ געפילט דעם דאזיקן געשמאקן ריח.

די מאמע איז געווען תמיד פארנומען מיט שטוב־ווירטשאפט, אבער איר באשעפטיקונג איז געטון געווארן אזוי רוהיק און מיט אזא נחת. זי האט געריניקט און געשערט, געוואשן און געקאכט, געפוצט און געלופטערט און תמיד אויפגעפאסט, אז דאס הויז זאל זיין פריש געקאלכט און עס זאל בלאנקען שיין און ריין. דערצו האט זי נאך געהאט א ווײלע צייט צו ווידמען זיך דעם גארטן פון גרינס, וואס איז געווען פארזייט אויפן רחבותדיקן הויף און פינקטלעך דורך איר באארבעט און געפלעגט ריין פון אלע ווילדע גראזן.

גוט איז אים געווען אין דער נאענטקייט פון דער מוטער תמיד, סיי אין די קינדער־יארן סיי אין די קומענדיקע יוגנט־צייטן. ער איז איר געווען אזוי דאנקבאר פאר איר פולער אין לשעדיקער גוט־הארציקייט. ווען ער האט זיך געוואלט איר אפדאנקען האט ער זי גענומען אין די אוונט־שעהן נאך דער שטוב־ארבעט צום טייך, דארט ווו עס שטייט דער קליינער בארק פון סטעפאן דעם הויקער. ביים ברעג זענען געווען צוגעבונדן שיפלעך אין פארשידענע קאלירן. מנחמ׳קה האט זיך אריינגעזעצט מיט זיין מוטער אין איינעם פון זיי. ער האט באוויגן מיט די רודערס, און בשעת מעשה האט ער זיך אזוי אריינגעקוקט אין דער מאמעס אויגן פון וועלכע עס האט געלייכט אזא העלקייט. ער דערקוויקט זיך מיט זייער בליק און קען נישט משיג זיין פונוואנען נעמט זיך צו אים אזא מאמע, און יוער קען זיך בכלל פארגלייכן צו איר, ווייל נישט פאראן נאך אזא מאמע צווישן אלע מאמעס פון זיין שטעטל...

ווען ס׳איז שוין געווארן טונקעל, ווען אלץ איז געווען פארזונ־קען אין די לעצטע ליכטן פון זון־אונטערגאנג, ווען א שטילקייט האט געהערשט ארום־און־ארום און ווען ס׳האט זיך געהערט נאר דער אפהילך פון די רודערס און דאס פליעסקען פון וואסער — האט די מאמע אונטערגעזונגען מיט אזא זיסן אנגענעמען קול־כל עפעס א לידל, א ניגון פול מיט אומפארשטענדלעכער בענקשאפט און אומעט.

אז מנחמ׳קה האט באשלאסן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, האט זיך דער פאטער שטארק אנטקעגנגעשטעלט, געשפאנט איבער זיין גרויסן צימער, געשריען און געליאַרעמט מחמת דעם, וואס זיין זון, זיין איינציקער „קדיש"־זאגער, לאזט אים איבער אליין אין זיין שווערער הארעוואניע, אינ׳ם שלעפן דעם יאך פון פרנסה, לאזנדיק זיך אין די מרחקים, ווו ער וועט פארגעסן, אז ער איז א ייד, אז ס׳איז פאראן א יידישקייט אויף דער וועלט און א רבונו של עולם אין הימעל.

די מאמע, אויך זי האט פארגאסן א סך טרערן אין שלאפלאזע נעכט אויפ׳ן געלעגער, ווען קיינער זעט נישט, באהאלטענערהייט. עס האט איר אזוי ווי געטאן, וואס איר איינציקער זון פארלאזט זי. איין גאט ווייסט, אויב זי וועט נאך האבן די זכיה אים ווען אמאל צו זען, אבער טראץ דעם זעט זי נישט אײן קיין מניעה אים צו שטערן, נישט געפרוווט אפילו אים אפהאלטן פון דער נסיעה און אויך נישט משפיע געווען, אז ער זאל מוותר זיין אויף דער רייזע און דערצו אים געגעבן איר ברכה אויפן ווייטן וועג.

זי האט צוגעגרייט פאר אים די גויטיקע חפצים אויף אזא לאנגן וועג און פאר דעם צוקונפטיקן לעבן אין ארץ־ישראל, ווי דאס הארץ וואלט איר געזאגט, אז דאס איז דער ריכטיקער וועג פאר איר זון, אז זיין ארט איז דארט אין דער פעלד־ארבעט פון גליל, זייענדיק באהאפטן און פארבונדן מיט ערדיש־לעבן, וואס ער, מנחמ׳קה, האט איר דאס אפטמאל אזוי שיין געשילדערט.

יא, א דאנק דער מאמעס פארבארגענער הילף האט ער געהאט גענוג כוח ביישטיין דעם פאטערס ווידערשטאנד און ער איז עולה געווען, און א געפיל פון דאנק און ליבע צו דער הערלעכער געשטאלט פון זיין זיסער מוטער באגלייט אים אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל.

ווי אזוי איז בכלל געבוירן געווארן דער געדאנק ביי מנחמ׳קען צו לאזן זיך קיין ארץ־ישראל? א סך יוגנט־ענערגיע, טיפע געפילן, ליכטיקע האפנונגען, גאלדענע חלומות און פריידיקע בשורות האבן זיך אנגעזאמלט אין די הערצער פון דער יונגווארג אין אלע טײלן פון פוילן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. מען איז זיך צע־נויפגעקומען אין די ציוניסטישע פאריינען, מ׳האט געלערנט העבראיש און געזונגען שירי־ציון, וואס זענען געווען איינגעוועבט מיט אן ארעאל־שיין פון זיסער בענקשאפט נאך גאולה, נאך אויסלייזונג און

אנגעהויכט געווארן מיט'ן נאציאנאלן גייסט און פארכאפט מיט אידייען.

די אפקלאנגען פון די רעוואלוציעס און פון די פאגראמען קעגן יידן אין אוקראינע האבן אויפגעברויזט, דערשיטערט און האסטיקער אויפגערודערט מיט אן אומרואיקייט די יוגנט־הערצער, זיי באיינפלוסט און דערהויבן.

אויך די שאפונגען פון יידישע דיכטער, די פאעטישע אנדייטונג אין וועלכע עס האט געשלאגן דער אייביקער יידישער שמערץ און תוכחה — אויך דאס איז נישט געווען אומזיסט און נישט געפאלן אויף טויבע אויערן. זין און טעכטער פון ישראל־סבא האבן זיך געריסן קיין ארץ־ישראל, ווי כוואליעס, וואס באגיסן יבשות און גראָבן אונטער ברעגן. קומענדיק אין פוסטן לאנד האבן זיי זיך באהאפטן מיט דער ערד, מיט א יוגנטלעכן ברען, מיט אזא היציקער תאווה זי צו באפרוכפערן, זי אויפצולעבן פון איר וויסטקייט.

שווער זענען געווען מנחמ'קעס געבורטסווייען אין דער ארבעט, אין שווערן קלימאט פון ארץ־ישראל, אין פוסטן דארנדיקן באדן.

קומענדיק אין לאנד האט מען אים געשיקט אויף שאסיי־ארבעט אין עמק־הירדן, וואס האט זיך אים אויסגעדאכט, צוליב דער גליענדיקער היץ, אז ער איז אריינגעפאלן אין עפעס א קאלך־אויוון. אויך דער „ברחש", אזא מין פליג, וואס פילט אויס דעם גאנצן חלל פון דער וועלט בעת דעם שניידן די תבואה פון די פעלדער, איז אים גוט דערגאנגען דאס לעבן, געזשומעט אין די אויערן, אריינגעדרונגען אין די נאז־לעכער און אויגן, געביסן און געמוטשעט. ממש געדירט צו ווערן פון זינען.

וואונדן, בלאטערס און פארשידנארטיקסטע פיזישע ווייטיקן האבן אים אפגעשוואכט, נישט זייענדיק ביכולת צו טון יעטוועדע ארבעט.

ער האט זיך לאנג געראנגלט פאר'ן קיום. אין פיל עקשנות'דיקן כוח האט ער זיך געניויטיקט, כדי גובר צו זיין די ערשטע יסורים, די חבלי־קליטה, וואס ער האט גענומען פארליב, זיי בייגעקומען און זיך טאַקע איינגעגלידערט אין דער מאמע־ערד...

(איבערזעצט דורך מ. האמפעל)

# יעקב קענער / מיין ערשטע אומלעגאלע נסיעה פון קראקע קיין בענדין אין יאר 1905*

אַ זומערדיקן טאג פון יאר 1905, ווען כ'בין געזעסן ביי מיין ארבעט אלס סעקרעטאר פון עסטרייכישן פועלי־ציון־פארבאנד, אין דער קאנצעלאריע פון האנדלס־אנגעשטעלטן פאריין „אחדות" אין קראקע, אויף דער דיטל גאס 56, איז אריינגעקומען א פרעמדער יונגערמאן און זיך פארגעשטעלט אלס פועלי ציון חבר פון קאנגרעס־פוילן.

אינ'ם שמועס וואס עס האט זיך צווישן אונז אנטוויקלט, בין איך געוואויר געווארן, אז דער גאסט פון קאנגרעס־פוילן הייסט יהודה לייב פ י י נ ע ר, אז ער איז א בענדינער און אז ער איז געקומען קיין קראקע צו א דאקטער אין צוזאמענהאנג מיט זיין געזונט־צושטאנד.

מיר האבן זיך קעגנזייטיק אינפארמירט וועגן די פארהעלטענישן אין דער רוסלענדישער און אין דער עסטרייכישער פועלי־ציון פארטיי. איינע פון די ערשטע עיקרדיקע פראגן, וואס האבן ח' פיינערן אינטערעסירט צו וויסן, איז געווען: ווי אזוי מיר, די עסטרייכישע פועלי־ציון, נעמען־אויף דעם פאלעסטיניזם? צי מיר זענען „פראַגנאַסיסטישע פּאַלעסטינצעס", ווי עס זיינען די מערהייט פון די רוסלענדישע פועלי־ציון, צי אפשר „פראַקטישע פּאַלעסטינצעס", בעת דער פוילישער פארבאנד איז — לויט דער אינפארמאציע פון חבר פיינער — געשטאנען אויפן באדן פון פרינציפיעלן פּאַלעסטיניזם.

איך האב אים אינפארמירט, אז אין דער עסטרייכישער פארטיי איז בנוגע דער דאזיקער פראגע נישטא קיין איינהייטלעכע שטעלונג, און פאקטיש איז עס טאקע אזוי געווען. דער רוב זיינען געווען פרינציפיעלע פאלעסטינצעס, ס'זענען אבער אויך געווען א היפש ביסל „פראקטישע" און „פראַגנאַסיסטישע פאלעסטינצעס", און עס זענען אויך געווען א סך אזעלכע, ביי וועלכע דער צוגאנג, ווי אזוי און צוליב וואס מיר קומען צום פאלעסטיניזם, איז זיי געווען פול־שטענדיק גלייכגילטיק. דער עיקר איז פאר זיי געווען דער אויספיר גופא, אז מיר זיינען פאלעסטינצעס אָן שום דריידלעך...

הגם איך האב זיך פארן חבר פיינער דעקלארירט אלס פראַגנאַסיסטישער פאלעסטיניעץ, האט דאס אים פונדעסטוועגן נישט געשטערט מיך איינצולאדן קיין בענדין אויף א רעפעראט. ערשטנס, האט ער געוואלט, זאלן זיך די בענדינער חברים באקענען מיט א פועלי־ציוניסט פון דער עסטרייכישער פארטיי. צווייטנס, האט ער געהאלטן, וועט א פראַגנאַסיסטישע באגרינדונג פונם פאלעסטיניזם — קענען שטארקער צעקלאפן די ס. ס. (ציוניסטן־טעריטאריאליסטן), וועלכע זענען צו יענער צייט נאך געווען גאר שטארק אין גאנצן זאגלעמביער געגנט.

קורץ פאר זיין צוריקפארן אהיים האבן מיר אפגעשמועסט, ווען איך דארף קומען קיין בענדין און ווי־אזוי איך דארף זיך צו אים דערפרעגן.

כדי דורכצופארן די גרענעץ, האט מען געדארפט האבן אַן אויסלענדישן פאס, אדער, לכל הפחות, אזא קורצטערמיניקן פאסירשיין, וועלכן ס'האט געקענט באקומען יעדער געשעפטסמאן אויף א משך פון 8 טעג. איך האב אבער אזא פאסירשיין נישט געקענט באקומען, ווייל מיין שייכות צו דער עסטרייכישער ארמיי איז נאך דעמאלט נישט געווען „רעגולירט"... קיין שום פארברעך לגבי דער ארמיי בין איך, חלילה, נישט באגאנגען, נאר איך האב פשוט נישט געהאט קיין צייט זיך צוצושטעלן צום פּאָבאָר, און דערפאר בין איך נישט געווען אין ארדנונג מיט מיינע דאקומענטן. א גאנץ יאר האט דאס מיר גארניט געשטערט, און מיינע נסיעות איבער אלע עסטרייכישע פראווינצן, אבער ארויסבאקומען א פאסירשיין אויף עטלעכע טעג קיין קאנגרעס־פוילן, האב איך צוליב דעם נישט געקענט.

אין נויט ווערן אבער געבוירן גוטע „איינפאלן", און איך האב זיך געווענדעט צום חבר יידל נוסבוים (בשעתו א טוער פון אונזער

*) פון בוך „קווערשניט", ניו־יארק, 1947.

**עסטרייכישער באוועגונג), אז ער זאל פאר זיך ארויסנעמען אזא** פאסירשיין און ער זאל אים מיר אויסבארגן אויף עטלעכע טעג.

יידל נוסבוים איז בטבע א גוטער און דיסציפלינירטער חבר. ווען ער האט געהערט וועגן וואס ס'האנדלט זיך, איז ער אוועקגעגאנגען אין דער פאליציי־דירעקציע און אויף דעם אנדערען טאג האט ער מיר געבראכט דעם פערלאנגטן פאסירשיין אויף זיין נאמען.

באקומענדיג דעם פאסירשיין בין איך געווען איבעראַשט פון דעם געדאנק, אז אָט־אָט וועל איך באלד זיין אין רוסלאנד... איך וועל פארזוכן דעם טעם פון אומלעגאלע פאַרזאמלונגען, און איך וועל זיך נאָך דערצו באנוצן מיט אפרעמדן פאס... איך האב דעם פאסירשיין אפילו נישט אָנגעקוקט, נאר בין גלייך געלאָפן צום צוג...

ערשט זיצנדיק אין צוג צווישן קראָקע אין גראניצע (די אמאליקע גרענעץ־סטאציע צווישן עסטרייך און רוסלאנד) האב איך ארײנשטודירט אין מיין נייעם דאָקומנט, כדי זיך איינצוחזרן די נעמען פון מיינע נייע טאטע־מאמע... ביי דער געלעגנהייט האב איך אויך דורכגעקוקט די איבעריקע רובריקן, און צו מיין גרעסטן שטוינען האב איך דערזען, אַז לויטן דאקומענט בין איך גאר אַ בלאנדער, אַ הויך וווּקסיקער, מיט אַ לענגלעך פנים און מיט 4 יאר עלטער, ווי איך בין דער אמתן...

פארשטייט זיך, אז דערפון איז מיר געוואָרן גאר־נישט פויגלדיק אויפן הארצן, און מיינע פאנטאזיע האבן שוין געמאלן בילדער, ווי־אזוי איך פאל אדורך און ווי־אזוי די צארישע זשאנדארמען פארשיקן מיך קיין סיביר... בינו לבינו בין איך שוין אבער אנגעקומען קיין גראניצע, און איידער ווער־וואס־ווען, האב איך שוין באדארפט ווייזן מיין פאסירשיין. אנגעקומען זענען מיר מיטן עסטרייכשן צוג אויף דער זייט פון וואקזאל, און כדי איינצושטייגן אינם רוסישן צוג, האט מען באדארפט אריבערגיין דורך דער גרענעץ־קאמער אויפן פעראָן פון יענער זייט וואקזאל. איך האב זיך „געמאכט הארץ״ און האָב מארשירט מיט אלע פאסאזשירן צו גלייך. ווען די גרענעץ זשאנדארמען האבן מיך באטאפּט פון אלע זייטן, גענישטערט אין די קעשענס, בין איך געווען א בריה און כלומרשט געשמייכלט... אבער ווען עפעס אן עלטעסטער מיט רויטע בענדלך האט אָנגעהויבן ארײנצוקוקן אין מיין פאסירשיין, בין איך געווארן נאך רויטער פון זיינע בענדעלעך און איך האב געהאט דעם איינדרוק, אז איך האב פערלוירן דאס לשון...

ס'ווייזט אבער אויס, אז אָט דער עלטסטער האט זיך ווייניק אויסגעקענט אין די פוילישע און דייטשע אותיות, מיט וועלכע עס איז געווען אויסגעפילט דער עסטרייכישער פאסירשיין פון הויכן און בלאָנדן יידל נוסבוים מיטן לענגלעכן פנים, און ער האט מיר אים תיכף צוריקגעגעבן, אָנווייזנדיק מיר מיט וועלכער טיר איך דארף ארויס אויפן פעראן.

איבערגעקומען די רעוויזיע, האב איך געמיינט, אז איך בין שוין פטור געווארן פון אלע צרות, און איך בין גלייך געלאָפן צו דער קאסע כדי צו קויפן א באן־בילעט קיין בענדין. שטעלט אייך אָבער פאר מיין פארצווייפלונג, אז א צוג גייט ערשט דעם אנדערן טאג אַ זייגער אַכט אונדערפרי, בעת איצט איז ערשט 5 אזייגער נאָך מיטאג. מער ווי אויף אַ באן־בילעט דריטע קלאס האב איך נישט געהאט און ווארטען אויפן פעראן, צי אפילו אין ווארטעזאל מיט א אפרעמדן פאסירשיין א גאנצע נאכט, איז נישט געווען קיין „זיכערער״ ענין, און איך האב געמוזט זוכן אַן אנדערן אויסוועג...

איך האב זיך באלד פארשטענדיקט מיט א פויליש רעדנדיקן באַן־קאָנדוקטאר וועלכער האט באַדארפט אין א שעה ארום אָפפארן מיט א משא צוג קיין בענדין. אָנשטאָט צו קויפן א בילעט האב איך אים אוועקגעגעבן די באַטרעפנדיקע סומע, און ער האט מיך אריינגעזעצט אין זיין בודקע...

ס'איז געווען אַ שיינע אויסגעשטערנטע זומער־נאכט. די רייזע האט געדויערט שרעקלעך לאַנג, פון 6 אווענט ביז 2 באנאכט. סאיז געווען מורא'דיק לאנגווייליק, געמישט מיט שרעק פאר אונבאשטימטן... דעם רוב צייט פון דער נסיעה האב איך פאַרבראכט אויף די טרעפלעך פון דער בודקע, געקוקט און דעם ווייטן חלל פון די פרעמדע פעלדער, זיך דערפרייט מיט יעדן בלישטשענדיקן פייערל. וואס האט זיך דאָ אין דאָרט באוויזן פון דער ווייטנס אין די פויערישע הייזלעך, און זיך דענערווירט פונם אומהיימלעכן בילן פון די דארפישע הינט... די איבעריקע צייט, ווען מיר זענען געשטאנען אויף אַ סטאציע — האב איך זיך געמוזט אַריינרוקן אין קאנדוקטערס בודקע, כדי די איבעריקע באנערס, וואס זיינען געווען באשעפטיקט מיט אויסלאָדן און אָנלאדען די סחורות, זאלן מיך ניט דערזען. און אזא „פארפאַקטן״ צושטאנד האָב איך, צוזאמן מיט אלע קאסטנס און פעסלעך, געמוזט מיטמאכן דאס אהער־און־אהין — שיבן פון די וואגאָנען, און ערשט ווען מיר האָבן פארלאזט די סטאנציע פלעג איך, א פארמאטערטער, ארויסקריכן פון מיין באהעלטניש, כדי אביסל פרייער אפצועטעמען...

ערשט צוויי אזייגער נאך האלבער נאכט, האט מיר דער קאנדוקטאר אָנגעזאָגט די בשורה, אז מיר זענען שוין נאָענט צו בענדין. אבער אזוי ווי אויסשטייגן אויף דער סטאנציע גופא איז אַ געפאר, האט ער מיר געהייסן אראָפּשפרינגען און מיטן גאנג פון צוג און — אַ „פאר שריט״ צו גיין צופוס, ביז איך וועל קומען נאענט צו דער סטאנציע. ער האט מיר געוויזן די ריכטונג, וווּ איך דארף גיין און מיר געצה'ט, אז הארט פאר דער סטאנציע זאל איך זיך אריבערכאפן איבער א גאָרטן־פארצוימונג און איך וועל זיך שוין געפינען אויפן וועג, וואס פירט גלייך אין שטאָט אריין.

באין ברירה האב איך געפאלגט, און מיט א זעלטענער לייכטזיניקייט בין איך אראפּגעשפרונגען פונם גייענדיקן לאסט־צוג. ביים שפרינגען האב איך אויסגענוצט מיינע דערפארונגען אלס געוועזענער גימנאסטיקער (לויט דער היינטיגער טערמינאלאגיע וואלט עס געהייסן אלס געוועזענער „ספארטלער״...) און ס'איז מיר גאָר נישט געשען קיין שלעכטס. אבער די „פאָר שריט״ ביז צו דער סטאנציע האבן זיך געצויגן אויף אן ערך 3־4 קילאמעטער, און נאך א האלבער שעה איינזאמן מארש אין דער זייט פון דער באַן־ליניע, אונטער דער באגלייטונג פון אַ זעלטזאַמער הינטישער מוזיק, האב איך אָנגעטראָפן די גאָרטן־פארצוימונג, איבער וועלכער איך בין אריבערגעקראָכן אין זיך טאקע שוין געפונען אויפן שאסיי אין שטאָט אריין.

ראשית־כל האב איך זיך א טאָפּ געטאָן ביי דער קעשענע, צי איך האב נאך מיין איינציגן פארמעגן — דעם פאסירשיין אויפן נאָמען פון יידל נוסבוים, און דערנאָך האב איך זיך געלאָזט א פרייִלעכער אין שטאט אריין. הגם א צופרידענער, וואס די דאָפּלט אומלעגאלע נסיעה איז מיר געלונגען, האב איך זיך אבער, שפאצירנדיק איבער די בענדינער גאסן דריי פאַרטאָג, פארטראכט איבער דער פראגע, וואָס טו איך יעצט? קיין געלט אויף אַ האָטעל האב איך נישט געהאט, גיין קלאפן אין די קאַוויאַרניע, ווו חבר פיינער האָט זיך מיט מיר באשטעלט, איז געווען צוועקלאָז, ווייל דארט איז דעמאלט סיי־ווי קיינער נישט געווען, אזוי אַז איך בין באמת געווען אין דער גרעסטע פארלעגנהייט.

גייענדיק אזוי פארטאָג פארטאָן אין מחשבות, האב איך פלוצים באמערקט ווי פון דער ווייטנס שלייכט זיך אַ ווייסער סילועט. פארשטענדליך, אז פאר מתים האב איך שוין קיין מורא נישט געהאט, אָבער ווי עס קומט אין מיטן שטאט דריי פארטאג, אַ פיגור אין תכריכים, האב איך אויך נישט געקענט פארשטיין...

דאס רעטעניש האט זיך מיר אויפגעקלערט ערשט ווען די ווייסע פיגור האט זיך דערנעטערט צו מיר, און איך האב פאר זיך דערזען

א... יידישען בעקער־ארבעטער. נו, אויב אן ארבעטער און דערצו א יידישער, האב איך זיך אַנגענומען מיט דרייסטקייט און אים גע־פרעגט, צו ווייסט ער אפשר ווו עס וווינט איינער אַ יונגערמאן מיטן נאמען יהודה־ליב פיינער. דערהערט פיינערס נאמען, איז דער בעקער געווארן מיט מיר זייער היימיש. „א, איר זענט אוודאי דער רעדנער פון קראקע? איך ווייס, פאר מיר דארפט איר זיך נישט קאנספּירירן. איך בין אויך א חבר. כ'ווייס, מיר דערווארטן אייך דאָ שוין עטלעכע טעג. אויף שבת גרייטן מיר צו א גרויסע פארזאמלונג. זאגט נאָר, זענט אין נאר א גוטער מאַסאָוויעץ? מיר דארפן צעקלאפּן די „ס.ס.־אָווצעס".

איך האב געשפּילט דעם תם, און געפּרוווט אַפּהיטן די פארשריפּ־טן פון קאָנספּיראַציע, טענה'נדיק, אז איך בין בלויז פיינערס אַ קרוב, און איך בעט אים נאר, ער זאָל מיר צופירן צו אים אין שטוב אריין. דער בעקער־ארבעטער האט זיך אבער ניט געלאָזט „פּריירן". ער האט מיך צוגעפירט צו אַ האטל, אַנגעקלונגען, זיך פאררופן אויף יהודה לייב פיינער, און מיר געהייסן געבן א צימער. מיר האָט ער אַנגעזאָגט, אז איך זאל שלאָפן אזוי לאנג, ביז מיין „קרוב" וועט מיך קומען אויפוועקן.

10 אזייגער אינדערפרי, בעת איך האב שוין געהאלטן ביים א ארומוואשן זיך, האָט מען אַנגעקלאַפּט אין טיר. דאס קלאַפּן איז געווען א ביסל צו־האסטיק, אזוי אז נישט ווילנדיק איז מיר דורכגע־פלויגן א משונהדיקער געדאנק, אז זשאַנדאַרמען קומען מיך ארעס־טירן. אבער ווען איך האב געעפנט די טיר און ס'איז אריינגעקומען חבר פיינער, איז מיר געווארן אביסל לייכטער אויפן הארצן...

ס'איז שוין געווען דאַנערשטיק אין דער פרי. חבר פיינער האט מיר אריינגעפירט אין א „פּראלעטארישע" קאַוויארניע, ווו איך האָב פארבראַכט סיי דאנערשטיק סיי פרייטיק פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָונט. דאס איז געווען אונזער פארטייאישע קאַוויארניע, ווו עס האָבן זיך דורך גאנצע נעכט — און דער עיקר אין די אָוונט — געפירט ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס. אין אַן אינטערשטן שטיבל האט געוווינט די באַלעבאסטע פון דער קאַוויארנע, און דארט פלעגן פארקומען זיצונגען סיי פון קאמיטעט, סיי פון די פּראפעסיאנעלע קאָ־מיסיעס.

די בענדינער ארגאניזאציע האט אין יענער צייט געפירט אַ ברייט־פּאַרצווייגטע פּראפעסיאנעלע טעטיקייט. עס זענען געווען אָר־גאַניזירט ביי אונז די בעקערס, די הויז־אנגעשטעלטע די פארמאנעס, די האנדעלס־אנגעשטעלטע און די לעדער־ארבעטער. פון די אנפי־רנדע חברים אַחוץ פיינערן — דערמאָן איך זיך בלויז הערשל שטאַ־טלער, פאר וועלכע אלע האבן געהאט גרויס דרך ארץ צוליב זיין בעל־הבתישער אפּשטאַמונג, און ער האט געשעמט מיט זיינע אייגפאַלן ביים ארויפלייגן גרעסערע געלט־שטראַפן אויף די ארטיקע גבירים לטובת די ארגאניזאציע. גאַנץ זאגלעמביע האט אין יענעם זומער געקלונגען מיט א „מעשה",וואס חבר הערשל שטאטלער האט אפּגע־טאן א בענדינער געביר דערפאר, וואס יענער האט זיך אפּגעזאגט איינצוצאָלן א גרויסע סומע פאר דער פועלי־ציון ארגאניזאציע אלס שטראף פאר א באגאנגענעם חטא לגבי זיינע אנגעשטעלטע. הערשל האָט דעם געביר ארויסגענארט צום טייך, כדי זיי זאלן זיך צוזאמען באדן, און ווען דער בעל־דבר איז שוין געווען אינגאנצן אויסגעטון, אדם נאקעט, זענען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואקסן עטלע־כע יאטן מיט קראַפּעווע בעזימער אין דער הענט און זיי האבן דעם געביר אזוי אויסגעשמיסן פון אלע זייטן, אז ער האָט געטאנצט בוואי־בשלום...

פארשטייט זיך, אז נאכדעם ווי עס איז אים נאר בעסער געווארן האט מען אים צוויסן געטאָן, אז פארן שמייסן מוז ער באצאלן כך־וכך. דאס מאל האט ער שוין באצאלט, און טאקע נישט קיין אנדערער האט ביי אים איינקאסירט די שטראף־געלט, ווי חבר הערשל שטאטלער בכבודו ובעצמו...

אין יענער קאוויארניע האב איך זיך אָנגעהערט אסך מעשיות, וועלכע האבן פאר מיר, דעם „עסטרייכער", געקלונגען פשוט ווי מעשיות פון טויזנט און איין נאכט. אָבער טאָמער האב איך אין א מאמענט געצווייפלט אין וועלכע עס איז פון זיי, האט מיך די שבת' דיקע פאַרזאמלונג איבערצייגט, אז די בענדינער פועלי־ציון מעג מען און מען דארף זיי אלץ גלויבן.

אויף שבת נאכן עסן איז געווען גערופן א דיסקוסיע מיט די ס.ס. די פארזאמלונג איז געווען אַן אומלעגאלע, און זי איז גערופן געוואָרן אין א בית־מדרש. פארן גיין אויף דער פארזאמלונג האב איך באקומען פון קאמיטעט עטלעכע רובל, כדי ווי א זאך מאכט זיך, זאל איך האבן אין קעשענע א פאר רובל און טאמער געלונגט עס אונז יאָ און די דיס־קוסיע ווערט פארענדיקט בשלום — זאל איך פון דאָרט גלייך שפּאַ־נען צום צוג. איך בין געזעסן אין קאוויארניע און געווארט אויף א שליח, אז איך מעג שוין קומען. פונקט דריי אַ זייגער איז דער שליח געקומען און מיך געפירט אין בית־מדרש אריין. איך בין זיך מודה־ומתודה אז דער אויפן ווי דער רעפעראט איז אָרגאניזירט געווארן, האט מיך מער פאראינטערעסירט, ווי דאס, וואס דער רעפעראט דארף זיין. מיר האט געוואלדיק אימפּאָנירט דער פאקט, וואס דער בית־מדרש איז געווען פון אלע זייטן ארומגערינגלט מיט אונזערע שומ־רים, מיט חברים פון דער קאמפּס־דרוזשינע און דאָס גאנצע געסל וואס האט געפירט צום ארייגאנג פון בית־ המדרש איז געווען באוואכט מיט חברים. ביי דער טיר גופא זיינען פון ביידע זייטן געשטאנען צו צוויי חברים מיט „שפּייערס" אין די קעשענעס. אריינ־געלאָזט האט מען נאָר פועלי־ציוניסטן און ס.ס.אווצעס. (קיין בונ־דאוועס זענען אין בענדין נישט געווען) און ווער ס'איז אריינגע־קומען אינעווייניק, דער האָט פון די צוויי ביי דער טיר דיזשורירנדע חברים באקומען א מעלדונג, אז אין מיטן דער דיסקוסיע טאָר מען נישט ארויסגיין און דערביי האָבן זיי דיסקרעט געוויזן, וואס זיי האָבן אין די קעשענעס.

דאס בית־המדרש איז געווען פול געפּאקט מיט הונדערטער און הונדערטער ארבעטער און ארבעטערינס מכל המינים. עלטערע יונ־גערע און אפילו אַ היפּש ביסל גאָר יוגענטלעכע, וואס ס'איז דאן געווען אַ זעלטענע דערשיינונג, אבער אין בענדין (אין אויך אין סאסנאָוויעץ) האט שוין דאַמאָלט עקזיסטירט א קליינע פועלי־ציון ארגאניזאציע, און זי איז מאביליזירט געווארן צו דער דאזיקער פאר־זאמלונג.

מיין רעפעראט האט געדויערט איבער צוויי שעה. אזוי פיל האָט ער געמוזט דויערן, ווייל אויב ניט וואָלט איך־ לויט ס'האָבן מיך גע־ראטן די חברים — נישט געווען אויסגענומען ביי דער „מאסע"... וואס איך האב דעמאָלט גערעדט, איז אסור, אויב איך געדענק היינט... איך געדענק בלויז אז נאָך מיר האט גערעדט א ס.ס.אָוויעץ, וועלכן די בענדינער ס.ס. האבן אויף יענעם שבת אראפּגעבראכט אזש פון טשענסטאָכאָוו. ווו עס איז געווען די פעסטונג פריער פון די „סאָ־ציאליסטן־טעריטאריאליסטן" און דערנאך פון די „אומאפּהענגיקע"... אזוי ווי מיין אָפּאָנענט האט געענדיקט און איך בין ארויף אויפן בעלעמער, כדי אים אָפּצוענטפערן, האט עמיצער פון דער מאסע געטאן אַ ברום, אז ס'זוכט זיך אים, אז פּאָליציי גייט, און מער האָט מען ניט בעדארפט. דער דאזיקער ברום האט זיך און איין אויגענבליק פּאַנאַנדערגעטראגן איבערן גאנצן בית־מדרש און דער גאנצער פיל הונדערט קעפּיקער עולם האט זיך מיט אמאל אַ לאָז געטאן צום ארויסגאנג. ס'איז שיעור נישט געקומען צו א קאטאס־

טראפּע, נאר אַ דאנק די קאמיטעט־מיטגלידער איז עס אָפּגעלאָפן רוהיק. איינער פון זיי האט באלד אויסגערופן: לאָזט אייך נישט פּראוואצירן! ס'איז נישט קיין פּאליציי! די טיר־היטער האבן מיט זייערע „שפּייערס" זיך אנקעגנגעשטעלט און נישט דערלאָזט, אז דער עולם זאָל זיך צעלויפן אין פּאניק. ערשט ווען עס איז גע־קומען א באפעל פון קאמיטעט, אז מען קען אויף א רוהיקן אופן ארויס־לאָזן, איז די טיר פון בית־מדרש געעפנט געווארן. די גאנצע שיעור־נישט קאַטאַסטראָפע האט זיך געענדיקט בלויז דערמיט, וואס איך האב מער נישט געקענט קומען צום שלוס־ווארט. ווי ס'האט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן איז דאס ,טאקע געווען אַ שפּיצל פון די ס.ס., ווייל דאס טאקע האָבן זיי געוואלט, כדי ס'זאל ביי א טייל פונם עולם בלייבן כאטש א שטיקל איינדרוק פון זייער טשענסטאָכאָווער אָפּאָנענט...

וועלנדיק גיין פון בית־המדרש צום צוג, איז צו מיר צוגעקומען א 12־יעריקער „דעלעגאט" פון דער סאָסנאָוויצער אָרגאַניזאַציע פון די „קליינע פועלי־ציון" און געמאלדן, אז זיי פארלאנגען דורכאויס, אז איך זאָל שוין אריבערקומען צו זיי.

איך האב זיך געזעגנט מיט די בענדינער קאָמיטעטשיקעס און בין גלייך אָפּגעפאָרן קיין סאסנאָוויץ. מיין פאר־שעה'דיקער באַזוך אין סאסנאָוויץ אין יענעם יאר און מיין צוריקרייזע קיין קראקע, איז ווערט אַ באזונדער קאַפּיטעל וואס איך וועל נאך, אמאל, ביי אַפּאַסיקער געלעגנהייט, אָנשרייבן. איצט וויל איך בלויז פארענדיקן דערמיט אז מיין אויבענגעשילדערטע, אומלעגאלע נסיעה און מיין רעפעראַט אינם בענדינער בית־המדרש, זענען פאר מיר צו יענער צייט געווען אזא וויכטיק געשעעניש, וואס האט אויף מיר בשעתו איבערגעלאָזט אַ שטארקן און דויערנדיקן איינדרוק.

## יאסל חריף / געווען א שטאט בענדין...

איך הער נאך דעם גערויש פון דיינע געמארקן, בענדין, איך פיל דיך נאך לעבעדיק, אָנגעפילט מיט קינדער־פרייד און געזאנג.

כ'זע און פיל דיין גרויקייט, דיין שמחה, דיין צער, דיין שבת־דיקן דרימל און דיין וואָכעדיקע וואָכקייט.

געדענק איך נאך דעם גלאנץ, וואס האט געלויכטן אין די אויגן פון דיין טייערער יוגנט, פרעכטיקע געשטאלטן פון פאלקסטימ־לעכער אינטעליגענץ.

אן אייגנארטיקע יידישע שטאט מיט אייגנארטיקע יידן, יידן געהאמערטע אויף שטאָל פונדאַמענטן, געבוירענע אין קדושה צו דערהאלטן יידישקייט ביז משיח'ס צייטן. זיך געטובלט אין יידיש־קייט.

אירע צדקה־אנשטאלטן, אירע אינסטיטוציעס, איר פרעכטיקע שול, אירע שולן, זענען געווען א מוסטער פאר דער גאנצע זאגלעמ־ביער סביבה.

וואונדערבארע פארווארצלטע טיפּן פון יידן אין אן אלטער יידישער שטאט, אָנגעפילט מיט טראדיציע און רומפולער געשיכטע.

בענדין וואס ביסט אין חורבות פארוואנדלט, זיי מיר מוחל; איך חלום נישט מער וועגן דיין אויפבוי...

איך בעט און טו תפלה, אז מ'זאל האבן כוח איינפלעכטן דיך דיינע פארשניטענע שטרעבונגען, דיינע בענקשאפטן, דיין אהבת ישראל; — און אז עס זאלן איינגעוועבט און אויסגעהיטן ווערן דיין צארטע יידישקייט אין ווידערגעבויטן ירושלים. שטיי אויף, טייערע בענדין, פון גלגול מחילות, שטיי אויף און זאמל דיך דא, תחית המתים'דיק אין משיחישן וואר!...

שטעל אויף דיינע געצעלטן, זינג דיינע לידער, פלעכט ווידער די קייט פון גאלדענעם יחוס....

שוין אין די פריסטע קינדער־יארן אין דער נאמען בענדין אריין און בעהערשט מיין הארצן אין מוח. מיינע יארן האבן באגלייט בילדער פון בענדין.

ראשית, האט מיין ברודער חאַצקע, דער בכור פון אונזער שטוב, און א דרייסטער בחור פארלאזט דאס דארף פיאטקאָוויצע, וואס ליגט אין קעלצער קרייז, ווו מיר האבן געוווינט א סאך יארן, און אוועק קיין בענדין. ווי קליין איך בין דעמאלט געווען, האט זיך מיר דאך איינגעקריצט אין זכרון מיין טאטנס זארג, אז ער, זייענדיק אן אנגעשטעלטער אין נחום צוקערמאנס גרויסע מאגאזינען, קאן זיך נאך, חס וחלילה, פארפלאנטערן מיט די שטרייקערס. דאס איז דאך געווען ממש אין די שטורמישע יארן פון 1905. מיין טאטענס פארגעפיל איז מקוים געווארן, און ער האט „זוכה" געווען צו האבן א זון אין דער חברה „אחדות"...

ווען מיין ברודער חאצקע איז געקומען אהיים אויף א יום־טוב, האט ער ארום זיך געזאמלט די פויערים פון דארף. איך פלעג אונ־טערהערן זייערע שמועסן, וואס האבן זיך געצויגן ביז אין דער טיפער נאכט פאר אונזערע פענסטער.

זיינע רויטלעכע וואנצעס, געדיכטע ברעמען, א קורצע מארי־נארקע און שווארץ היטעלע האבן אנגעזאגט, אז דא שטייט א בענדינער ארבעטער א באוווסטזיניקער בחור, וואס „פאַניעס" רעזשים איז אים נישט צום הארצן.

עס דערמאנט זיך מיר אויך די „מומע" צארקע. אט טאנצט זי אריין ממש אין אונזערע „כאטע", ווינטער צייט פארפאקט אין שאַ־ליקען, אנגעהאנגען אויף די אקסלען א פעלערינע, א קויש צוקער־קעס אויף דער האנט.

די „מומע" צארקע איז אונזערע א מומע נישט געווען, אזוי האבן מיר זי גערופן אויס ליבשאפט.

איינמאל אין יאר, חנוכה־צייט, פלעגט זי קומען, פארקויפן איר מאנס פראדוקציע, וואס איז געווען א צוקערמאכער אין בענדין. זי האט פארגעשטעלט דעם דאמאלסדיקן טיפ פון א יידישע ארבעט־פרוי, וואס ווערט אויסגעריסן פאר יעדער קאפּיקע.

מיין מאמע האט איר אפגעגעבן גרויס כבוד, מכבד געווען מיט הייסע קאווע און „פארבייסעכץ". א פאר טעג איז זי ביי אונז גע־בליבן. דערציילנדיק וווּנדערלעכע מעשיות פון דער גרויסער שטאט בענדין.

די „מומע" וואס האט ליב געהאט ארץ־ישראל און געהאלטן זיך פאר א ציוניסטקע, האט מיטגעבראכט פאר מיין מאמען בראשורקעס וועגן הערצלען און האט רוישיק גערעדט וועגן ארץ־ישראל. פון מיין מאמעס אויג האט א טרער געקאפּעט.

און ווען די „מומע" צארקע האט אונז פארלאזט, האט די מאמע

אונז געזאגט, אז זי איז א ציוניסטקע, און א צייט לאנג האט זי אונטערגעזונגען א לידל, וואס ס'דערמאנט זיך מיר ביז היינט.

און מיר האט זיך באזונדערס איינגעקריצט איר געשטאלט ווי א שרה בת־טובים, וואס די ארעמקייט קלאמערט זיך צו אירע דארע ביינער.

דערציילט האט מיר אויך מיין מאמע וועגן דעם לערער מילער, וואס מיין זיידע האט אים אראפגעבראכט פון בענדין. דאס איז געווען אן עלעגאנטער זויבערער ייד, געטראגן א „צוויקער" אויף דער שפיץ נאז, און געפרעסטע הויזן מיט א קנייטש. א סך יארן שפעטער ווען איך האב געוווינט אין סאסנאוויץ, האב איך צופעליק געטראפן א זייער זויבערן אלטן מאן. איך האב אים דערקענט לויט מיין מאמעס שילדערונג אין די קינדער יארן. מיט די זעלבן „צוויקער" אויף די נאז, הויזן מיט א קנייטש, אבער זיין דארער שלאנקער גוף האט זיך אנגעשפארט אויף א שטעקן. מיט טרערן אין די אויגן האט ער, דער אלטישקער לערער פון מיין מאמען זיך אויסגעפרעגט אויף יעדן פרט.

ס'שוועבן נאך פאר מיינע אויגן די יידן, וואס האבן געוואנדערט איבערן גאנצן קרייז בענדין, און אין הויפן אויסגערופן „האנדעל, האנדעל!". מיט א שווערן זאק אויף דער פלייצע, ארויפגעקוקט מיט בעטנדיקע אויגן צו די פענצטער, אפשר רופט אים ווער פארקויפן אביסל אלטע זאכן. צווישן זיי יידן בני־תורה, הגם אין שווערן יאך פון פרנסה דערנידעריקט געווארן, אבער אין דערהויבונג אין הייליקן נשמה־ציטער האבן זיי יידישקייט געטראגן, און אט דער נש־מה יום־טוב האט לייכטער געמאכט דעם פרנסה־עול אויפן רוקן.

בענדין האט א לאנגע צייט געהאט א יידישן וויצע־פרעזידענט, אין איינציקע העברעאיש־פוילישע גימנאזיע אין דער גאנצער סבי־בה, אן אקטיוו געזעלשאפטלעך לעבן. אט שטייען מיר נאך פאר מיינע אויגן די מאלער אפעלבוים און ציגלער. און איך זע זיי שטיין אויף רושטאוואניעס מיט פנים צום סופיט, ווי זיי מאלן די בענדינער שול, און יידישע קינדערלעך קוקן דורך שפארעס צו זען זיי ביי דער הייליקער עבודה.

א שוידער נעמט ארום, אז דאס אלץ איז אין חורבן, אין אש פארוואנדלט געווארן. שבת'דיקע נאכמיטאגן אויף דער „גורקע", אנגעפילט מיט יוגנט פרייד, דארט ווו דער אלטער פוילישער שלאס דערציילט יידישע פוילישע לעגענדעס. טויזנט יאר געשיכטע האסט דו זיך, בענדין, אין דיינע וואסערן פון דער פשעמשא געטובלט.

גאנצע קווארטאלן מיט אייגנארטיקע יידן, הארפאשניקעס, הייסע הערצער מיט שטאלענע מוסקולן, צו פארטיידיקן יידישן כבוד.

וויפל ווארעמע יידישקייט האט געשטעקט אין די יידישע טרעג־גערס („באכמאנעס"), און ווי ביי מענדעלע מוכר ספרים האט אויס־געזען דער אונטערן־בערג („די זשימנע...") מיט אירע בעטלער. בענדין איז געווען א צענויפקלייב פון אלעם, וואס דאס יידישע לעבן האט פארמאגט.

פארשידענע פארטייען האבן געאקערט דעם באדן, געבויט אנ־שטאלטן און ביבליאטעקן.

גרויסע יידישע גייסטער האבן באזוכט בענדין: שלום עליכם, ד"ר ז'שיטלאווסקי, פרץ, ביאליק, בן־צבי, בן־גוריון און פיל פיל אנדערע.

וויפל מעשיות האט מיר דערציילט דער אומגעקומענער דיכטער און עסייאיסט מאקס עריק (זלמן מערקין), וועגן בענדין, וועגן דיסקוסיעס ביז טאג מיט זיין פעטער פסחזאן, דעם בונדיסט, פון די דיסקוסיעס — בלויז דער זכר איז געבליבן. געראנגלט זיך פאר ברויט און געגלויבט אין אידעאלן. געוויס וועלן נאך קומען היסטא־ריקער, וועלכע וועלן וועגן און מעסטן די געשיכטע פון יידן אין פוילן, און אודאי וועט פארנעמען זאגלעמביע, ספעציעל בענדין, א באזונדערן פלאץ. ווייל נישט אומזיסט האט זי זיך דערראבערט א חשוב בלעטל אין דער געשיכטע פון פוילישן יידנטום.

באקאנט איז די סאנטשעווסקעגא גאס אין בענדין, אויפ'ן נאמען פון סאנטשטשעווסקי, א גוי, וועלכער האט געקענט אויסגעצייכנט דאס יידישע לעבן. געווען א יידן־פריינד און ממש געלעבט ווי א ייד.

איינמאל, נאך קבלת שבת, ווען יידן פלעגן מיטנעמען מיט זיך אורחים אויף שבת צום טיש, איז איינער פון די קבצנים איבערגעבליבן, און עס האט אים קיינער נישט אהיימגענומען. שטייט, נעבעך, דער ייד א פארשעמטער, בייסט די ליפן אויף זיין ביטער מזל.

און ווי ער שטייט אזוי, באווייזט זיך אן עלעגאנט געקליי־דעטער מענטש, נישט יידישלעך, און פרעגט אים מיט א היימישן יידיש: ר' ייד, וואס שטייט איר אזוי פארזארגט?". דערויף ענטפערט דער ארעמאן: „ס'האט מיך קיינער ניט אהיימגע־נומען צום טיש, אויף שבת". גיט דער מענטש א שמייכל און זאגט: „קומט מיט מיר". גייט אזוי דער ארימאן נאך דעם עלעגאנטן מענטש אין דער וווינונג, און עס עפענען זיך פאר אים סאלעס באלויכטן מיט בליציקע זשיראנדאלן, און א טיש געגרייט פון כל טוב. זאגט דער גאסטגעבער צום קבצן: „מאכט קידוש און וואשט זיך, ווייל איך און מיין הויזגעזינט האבן שוין געגעסן". מאכט דער ייד קידוש ביחידות און וואשט זיך צו חלות. און עס באווייזט זיך יידיש געקאכטע פיש, זופ און פלייש. בענטשט־אפ, דאנקט און גייט אוועק.

קומט דער ייד אין הקדש נעכטיקן, און דערציילט פאר די איבעריקע אורחים די מעשה נפלא וואס מאט מיט אים געטראפן. זענען אים די אורחים, נאטירלעך, מקנא, און אים געפרעגט ווי דאס איז געווען. האבן זיי פעסטגעשטעלט, אז געגעסן האט ער ביי א גוי, טאקע ביי סאנטשטשעווסקין. איז געווארן א גע־וואלט, און די מעשה איז דערגאנגען צום דיין. רופט דער דיין סאנטשטשעווסקין און פרעגט אים: — „היתכן, ווי קומסטו, אן ארנטלעכער מענטש ווי דו, און ביזט מכשיל א ייד אויף אזא אופן?" ענטפערט דער גוי: „וואס בעט עפעס איצט דער קבצן א תשובה? ער האט דאך געזען, אז ביי מיר איז נישטא קיין מזוזה. פארוואס האט ער ביי מיר געגעסן?..." דאס איז געווען דער כאראקטער פון דער שטאט, אפילו די גויים האבן זיך אסימילירט צווישן די יידן.

געווען צייטן פון פעסטער געדיכטער יידישקייט. געווען בענדין, געלעבט, זיך געראנגלט, געקעמפט. יעדער איינער פון אונז טראגט אין הארצן קברים פון נאענטע, וועלכע זענען אוועק אין פלאמען און רויך.

די וועלט פארגעסט צו ביסלאך, אדער וויל פארגעסן דאס וואס איז געשען!

אין אונזערע היימען, אין אונזער געזעלשאפט, טויכן אויף די וווּנדערבארע נשמות פון יידישע שטובן, וואס האבן געווירט מיט שטרעבונגען. האבן דאס פאלק ישראל ליב געהאט, שטיבן וואס האבן געגלויבט דער וועלט, און די וועלט האט מיט אכזריות געשוויגן.

ווו מיר זאלן זיך נישט צונויפקומען, וועלן מיר אין יארצייטן אויפזאמלען נשמות פון די טייערע, וואס אויפן ראנד פון בויענדיקן ארץ ישראל, איז זיי, די פארשניטענע יידן, ניט באשערט געווען זיין דא, צוזאמען מיט אונז אינ'ם דריטן בית. אבער זייער הייליקן אנדענק וועלן מיר תמיד טראגן אין אונזער הארצן.

# בענדינער טיפן

שמעון ישראלוביץ

## 1) ר׳ משה ווינטער

אין איינעם פון די הייזער אויף מאנדזשעווער גאס, וועלכע זענען געווען פול ווי א בינשטאק מיט יידישע משפחות — האט צווישן אנדערע געוווינט אויך ר׳ משה ווינטער, א קליין יידל מיט א בלאנד בערדל און קורצזיכטיקע אויגן מיט ברילן. שוין פיר פארטאגס פלעגט מען אים טרעפן אויף דער בענדינער סטאציע, פארטון אין זיין טאג־טעגלעכער ארבעט אויף דער ליניע בענדין—זאמקעוויץ. אלע האבן אים געקענט — פון זיין רופען „שוויעז׳ע אבעזשאנקי״, „פרישע בייגל, פרישע בייגל״. און אלע וואס זענען געקומען מיטן פריען צוג פון ווארשע, האבן זיך מחיה געווען מיט ווינטער׳ס פרישע קנאקעדיקע בייגל. אזוי האט ער געשלעפט מיט די אויסגעבויגענע פלייצעס טאג־איין טאג־אויס, זומער און ווינטער, די שווערע קוישן בייגל, אין גערופן מיט זיין הייזעריקן קול — „פרישע בייגל״...

אבער אז עס איז געקומען פרייטיק א זייגער 12, האט משה ווינטער אוועקגעשטעלט די צוויי קוישן, און געווארן גאר א אנדער משה; זיינע פלייצעס האבן זיך אויסגעגלייכט און זיין פנים האט אויפגעלויכטן.

פרייטיק נאך קבלת שבת און אפעסן די שבתדיקע סעודה, האט ער זיך געלאזט צו מענדל שענקער, זיך צו טרעפן מיט חברה, אדורכשמועסן ביי א גלאז ביר מיט געזאלצענע ארבעס און באבעס די וואך־פאליטיק און הערן די נייעס פון שטאט. שבת פרי פלעגט ר׳ משה ווינטער אריינכאפן א פאר קאפיטלעך תהילים, און אויף דער שנעל מעביר סדרה זיין, אריינכאפענדיק זיך דאן צום ערשטן מנין אין שול, אפדאווענען, מאכן קידוש — אין ווידער זיך גענומען צו זיינע קוישן... אבער ד׳אסמאל נישט מיט בייגעל, — נעמענדיק צו הילף צוויי שכנים פלעגן זיי גיין פון הויז צו הויז און אויסרופן: „גוט שבת אידעלעך״ „גוט שבת אידעלעך״, און יידן הערנדיק דאס זינגענדיקע קול פון משה ווינטער מיט זיינע באגלייטער, האבן אנגעהויבן טראגן חלות און אנדערע שבתדיקע מאכלים, און שנעל זענען די קוישן פול געווארן. מיט די קוישן לאזט ער זיך אין די ארעמע שטובן, ווו עס איז נישט געווען אנגעגרייט אויף שבת. ר׳ משה האט שוין געהאט ידיעות ווו און וועמען מ׳דארף אין דער שטיל, קיינער זאל נישט באמערקען, אריינטראגן הלות אויף שבת. ערשט שפעטער האט ער זיך געלאזט צו דער בענדינער תפיסה, און באזארגט די יידישע ארעסטאנטן מיט שבתדיקן עסן. אזוי איז ר׳ משה ווינטער געווען אן „אינסטיטוציע״ פאר זיך, אן בעאמטע, אן בודזשעטן...

דוד בן קלונימוס

## 2) דער תהילים ייד

בענדעט דוד פיק — האט קיינער נישט געוווסט ווער ער איז, אבער ר׳ בענדעט דוד „דער שלייפער״ האבן אלע געקענט. א שטענדיקער ארעמאן, אבער נישט פון די וואס גייען אין די הייזער, חס וחלילה. ער איז געווען א בעל־מלאכה, א שלייפער פון מעסערס און שערלעך. פלעגט ער אזוי ארומגיין די שטאט מיט זיין „שטענדער״ און קלאפן מיטן העמערל און שטיקל אייזן, וואס האט געהאנגען אין דער זייט פון זיין „ווארשטאט״. דאס פלעגט זיין א סימן, אז בענדעט דוד איז דא. קיין גרויסע פרנסה איז פון דעם שלייפן די מעסערס נישט געווען, ווייל די משרתים פלעגן נישט שטארק האלטן פון זיין „קונסט״. אבער איין „מעלה״ האבן יא געהאט זיינע אפגעשארפטע מעסערס: די האנט צושניידן זיך מיט זיי האט מען שוין נישט געקענט...

נו, מילא, ר׳ בענדעט דוד האט זיך נישט שטארק איבערגענומען מיטן ליצנות אויף זיין חשבון. נישט געווען צו שלייפן, איז ער געגאנגען אין גרויסן בית המדרש, אוועקגעשטעלט דעם שטענדער אין פאליש און געזאגט תהילים. דא, אין תהילים זאגן, האט זיך קיינער מיט אים נישט געקענט פארגלייכן. מיט זיין הייזעריקן קול פלעגט ער זיך צעלאזן און זאגן געשמאק מיט געזאנג און אן א סוף ביז, ביז זיין ווייב... יא, ר׳ בענדעט דוד האט געהאט אויך א ווייב, א קליינע, א קאליקע, מיט א הויקער און א שטימע וואס ווען זי האט זיך „צעשריגן״, האט אפילו ר׳ בענדעט דוד געמוזט איבעררייסן דאס תהילים־זאגן. אט איז זי געקומען צולויפן אין בית המדרש און געשריען אז קיינער האט נישט פארשטאנען אירע געשרייען, חוץ איר מאן. „נו, שוין גענוג, זינדיקע אשה, הער אויף צו געוואלדעווען, איך גיי שוין!״ — פלעגט ער צו איר טענהן.

א זייגער איינס נאכמיטאג האט אים די ווייב א היים געשלעפט עסן ערשט פרישטיק, ווייל ווען נישט זי, די יידענע זיינע, וועלכע האט אים שטארק אפגעהיט, וואלט ער נישט געדענקט, אז מ׳דארף עסן, ווארעם עסן איז דאך נאר כדי צו קענען מאכן א ברכה, אבער אז מ׳זאגט תהילים, איז מען פטור פון אלעם... נאר איין איינציקן פארלאנג האט בענדעט דוד יא געהאט אין לעבן — א זייגערל, כדי צו קענען אויפשטיין ביי נאכט אפריכטן חצות. נאכט־איין נאכט־אויס פלעגט מען פון דעם קעלער־שטוב הערן דעם וויינענדיקן הייזעריקן קול פון ר׳ בענדעט דוד׳ן.

אין די שפעטערדיקע יארן, ווען קיין פרנסה איז אין שטאט נישט געווען, האט ער זיך געלאזט מיט דער מאשין איבער די דערפער ארום בענדין, שלייפן די העק און מעסערס פון די פויערן. ער פלעגט ארויסגיין פארטאגס נאכן דאווענען, נעמענדיק די מאשין אויף די פלייצעס, זאגנדיק תהילים פון אויסנווייניק. פון צייט צו צייט זיך אפשטעלן, איבעררייסן דאס תהילים זאגן און קלאפן מיט העמערל און רופן מיט זיין הייזעריקן קול: „מעסער שלייפן!, מעסער שלייפן!״. נישט איינמאל פלעגט ער באקומען געשלאגן פון די שקצים אין די דערפער, אדער זיי פלעגן אויף אים אנרייצן די הינט, דאן פלעגט ער אהיים קומען א צעבלוטיקטער און מיט צעריסענע מלבושים. ער פלעגט נישט האבן קיינע טענות צום רבונו של עולם און אלץ מקבל געווען באהבה. טאמער האט מען אים אנטשטאט געלט געגעבן א פאר קארטאפל, איז ער אויך געווען צופרידן, זיך נישט געדונגען, וויפל מ׳האט אים באצאלט איז גוט געווען. אבער פאר דעם פלעגט ער אהיים גיין א פריילעכער און אונטערזינגען א קאפיטל תהילים.

אין די לעצטע יארן איז ער בלינד געווארן. פלעגט ער גיין אין גאס געפירט דורך דער פרוי און זאגן תהילים, און טאקע געשטארבן אין מיטן תהילים זאגן...

מאטעק האמפעל

## 3) דאס גרויסע געווינס

געווען א ייד אין בענדין, וואס האט געוווינט אין געסל וואס פירט אין גערער שטיבל. שמואל צוקערפעלד האט ער געהייסן, אבער ער איז געווען באקאנט מיטן צונאמען „סטאפא״. א ייד א ארעמאן, לא עלינו, און געלעבט האט מען פון די פאר זלאטעס,

וואס ער האט פארדינט ביים שלעפן און טראגן וואליזעס און געפעק ביי דער באן אויף דער אלטער סטאציע.

דאס איז געווען זיין פראפעסיע, און די פרנסה איז געווען שווער ווי קריעת ים־סוף. קוים געווען דעם טאג צו איבערצולעבן מיט א שטיקל ברויט און א שיטערן קרופניק, נישט רעדנדיק שוין וועגן קליידער און שיך פאר זיינע עלטערע טעכטער, וואס האבן נישט געהאט קיין שום אויסזיכטן חתונה צו האבן, ווען נישט א גליק, וואס איז זיי באשערט געווען פון הימעל...

זיין זון, חיים׳ל, מיטן בלאנדן קאפ האר, ווייסע גרויסע ברעמען און קורצזיכטיקע אויגן איז געוואקסן אן א „חדר״, ווייל ער האט געמוזט גיין ארבעטן, נאך זייענדיק גאנץ יונג, אין די צוקער־סקלאדעס פון דער קאלאניאל־הורטאווניע „האמפעל און גאלדסאבעל״, כדי צו העלפן דעם טאטן אין דער פרנסה.

ר׳ שמואל, ווי לא־יוצלחדיק ער איז געווען, אזוי גאווה׳דיק איז ער געווען. ער האט נישט געפאדערט פון קיינעם קיין טובה, און ווען מען האט אים אריינגעשיקט א ביסל בגדים פאר זיינע קינדער, האט ער זיך אפגעזאגט דאס צו נעמען, טענה׳דיק: השם יתברך וועט העלפן...

ער איז געווען א ייד א פשוטער, נישט קיין למדן, אבער אן ערלעכער ייד, געגלויבט אין גאט און אפגעהיט אלע דינים און מצוות.

ווען ער פלעגט זיך לאזן פארטאג אויף דער סטאציע נאך זיין חיונה, האט ער פריער אפגעדאווענט מיט דבקות און חדווה, אז די תפילה זאל זיין אנגעלייגט און דער רבונו־של־עולם זאל אים שיקן א גיכע ישועה, אז ער זאל נישט צוזען דעם צער פון די זין, וואס וואקסן ווי די „אכליאפעס״ און גוייִם, און דעם צער פון די טעכטער, וועלכע זענען שוין פונלאנג ראוי לחופה...

ר׳ שמואל האט געפרוווט זיין גליק, שפילנדיק אויף דער לאטע־ריע, באשר ער האט געגלויבט אין זיין „דאברע מזל״; יעדן חודש געקויפט א לאָס אין קאנטאר פון שלעזינגער—קאקאטעק, און הגם ער האט קיינמאל נישט זוכה געווען צו געווינען אפילו די „סטאווקע״, האט ער זיך דאך נישט ענטוישט, קיין פיפס פון חרטה נישט ארויס־געבראכט פון זיין מויל, נישט אויפגעגעבן די האפנונג, נישט פארלוירן דעם בטחון — און ווייטער געשפילט.

אין א שיינעם העלן טאג האט מען אים מבשר געווען, אז ער האט געוווּנען דאס גרויסע געווינס, גאר א גרויסע סומע געלד, מען זאגט, אז איבער הונדערט טויזנט זלאטעס און אפשר נאך גאר מער. לכתחילה האט ער נישט געגלויבט אין דער בשורה, ווייל ער איז געווען זיכער, אז עפעס א „האלאַטע״ לצים פלאפלען נארישקייטן, מסתמא לאכן זיי אים אויס און שפאטן פון אים, ווייל פון א ארעמאן, פון א קבצן קען מען תמיד חוזק מאכן...

ווען ער האט זיך אבער איבערצייגט, אז דער נומער פון זיין צעטל שטימט מיטן נומער פון דער גרויסער זכיה, איז ער געפאלן אין חלשות, אז מען האט געמוזט ארויסרופן צו אים דעם דאקטאר.

ר שמואל איז געווארן אן עושר, א מיליאנער. מען רייסט אים ממש אף די טידן און מען לאזט אים נישט צו רו. וואס אמאל קומט א נייע דעלעגאציע פון עפעס א ישיבה, פון א צדקה־געזעלשאפט, פון א „הכנסת־כלה״־פאריין, נישט נאר פון בענדין, נאר פון דער גאנצער געגנט, ווייל זיין נאמען איז דערגאנגען אזש העט־ווייט, און די צייטונגען האבן וועגן דעם פיל געשריבן. ער איז טאקע זיי נישט מבייש, ער גיט זיי שיינע מטבעות און ווינשט זיי אלדאס־גוטס, ווי א צדיק.

און אז ר׳ שמואל קומט איצט אין בית־המדרש צום קבלת שבת, ווערט ער אויפגענומען דורך די גבאים און מתפללים מיט כבוד, מען זעצט אים אוועק ביי דער מזרח־וואנט מיט אלע רייכע גבירים און שיינע בעלי־בתים צוגלייך. ער האט גאר פיין אויסגעגעבן זיינע טעכטער, זיי אויפגעגעבן די שענסטע און טייערסטע „וויפראוועס״, יעדער איינער צוגעטיילט א שיינעם נדן, מחמת וואס זיי האבן באַקומען גאר ווילע און געראטענע מענער מיט וועלכע ער האט שטאל־צירט.

ער האט שוין מער נישט געדארפט ארבעטן, ער האט זיך געקענט אויסלעבן רוהיק און גליקלעך מיט זיין ווייב זייערע יארן, ווען נישט די מורא׳דיקע מלחמה, וואס האט אים פארשניטן מיט זיין גאנצער משפחה.

## 4) בענדין, די „זינגענדיקע״ שטאט

בענדין זינגט, ס׳איז פריילעך. פאלט אריין א פרעמדער אין שטאט, קען ער באקומען דעם רושם, אז זאגלעמביע געהערט צו די גליקלעכסטע שטעט אין דער וועלט, אז זאגלעמביער זענען זארג־לאז, טאנצן אין די גאסן.

ארקעסטערס איבער די גאסן. מענער און פרויען, גוט איינגע־שפילט, ממש קאנצערט־מעסיק, מארשירן פון הויף צו הויף און מ׳שפילט די נייעסטע שלאגערס און מ׳זינגט די אקטועלסטע און נייעסטע לידער.

טייל מאל דוכט זיך, אז די דאזיקע ארקעסטערס געהערן צו א חבריא פריילעך יונגווארג, וועמען ס׳גלוסט זיך סתם צו מארשירן איבער די גאסן און צו פארטרייבן די מרה שחורה ביים עולם, צו שטארקן דעם מוט, ארויסרופן הייטערקייט און שטימונג ביי דער באפעלקערונג. גאר עלעגאנט און קולטורעל מאכן עס די דאזיקע ארקעסטערס, און דאס איז דאך היינט אזא נויטיקע אויפגאבע.

מ׳קען אין איין טאג אפציילן א צענדליק אזעלכע ארקעסטערס, אויף אלע גאסן הערט מען שפילן אזוי הערלעך, אז איר מוזט אי־בערייסן די ארבעט און ארויסשטעקן דעם קאפ פון פענצטער.

אבער וואס עפעס שטרעקן זיי אויס די הענט און מאנען געלט? ס׳איז, חלילה, נישט קיין נדבה, ס׳איז אן האנאראר פאר קינסטלער.

מ׳זאגט, אז די דאזיקע הויף־מוזיקאנטן באשטייען פון אינטעלי־גענטע און שטורידנדיקע יוגנט. ס׳איז נישט בלויז געזאגט, נאר טאקע אן אמת. מאנכע טראגן אויף די קעפ אקאדעמישע היטלעך, אדער היטלעך פון זייערע קארפאראציעס, כדי צו קאקעטירן און דוייזן: זעט, ווער מיר זענען... דאס, רבותי, שמעקט שוין אביסל מיט מיסברויך. מ׳שפילט שוין נישט אויפן אינסטרומענט, נאר אויף די נערוון פון די פארבייגייער.

ס׳איז אבער א פאקט, אז דאסדאזיקע יונגווארג האט זיך א נעם געגעבן צו הויף שפילעריי און זינגעריי, כדי צו באקומען א שטיקל ברויט.

אמאל האבן די הויף־מוזיקאנטן געמוזט נאכגיין די מאדע, אראפ־געווארפן פון זיך די צעריסענע שיך, אנגעטאן א פאר פיינע הויזן, א זומער העמדל, אפראזירט דאס פנים, אויסגעקעמט די האר, — נישט בלאנדזען מיט קיין גרימפלדיקער פידל, נישט בעטן מיט רחמנות, נאר פארוואנדלען זיך אין וואנדערנדיקע קינסטלער.

ס׳איז געשטיגן דער ניווא פון בעטלעריי...

און ווי ס׳קריסטעלט זיך, אזוי יידלט זיך. פארהאן אויך אויף דער יידישער גאס אלטע בעטלער און בעטלערינס, וואס סימילירן בלינדקייט, טויבע, שטומע, לאַמע און סתם קאליקעס, אן ארמיי פון פישקע דעם קרומען.

אבער ס׳באווייזן זיך שוין נייע טיפן בעטלערינס, פרויען אנגעטאן שיער נישט לויט דער נייעסטער מאדע, אנדערע קליידן זיך ווידער ווי רביצ׳ינס. מ׳גייט אויך פאַרלוויז. די רעזולטאטן זענען טאקע בע־

סערע, מען באקומט מער ווי א גראשן, ווארים דאס אויסערלעכע אויס־זען רופט ארויס דרך ארץ.

מען דערציילט, אז אויף אן אסיפה פון דער יידישער בעטלער־משפחה איז באשלאסן געווארן אויפצוהערן מיט דער ביז איצטיקער מעטאדע פון נאכמאכן קאליקעס, און אנשטאט צעריסענע אין ברודיקע בגדים זאל מען זיך עלעגאנט קליידן, אנשטאט בעטלען — זאל מען גיין „זאמלען" געלט...

אויך מיט שפיל און געזאנג האט זיך די יידישע גאס „אייראפע־זירט". נישט נאָר ארקעסטער, נישט־איינגעשפילטע, נאר אויך זינגער לאזן זיך דארט הערן. מ'זינגט שוין נישט מער וועגן דער „טיטאניק" — שיף, שוין נישט „ווראנע, ווראנע, פלי אויף מיין קבר", נאר די נייעסטע יידישע געזאנגען. אויך א פוילישער זינגער־בעטלער פרוווט מזל מיט א אנטיסעמיטיש ליד, פרוווט דאן א יידישער זינגער מיט כלערליי נאציאנאלע אדער גאר ארבעטס־לידער, אפהענגיק אין וועלכן הויף ער קומט...

אויך דער יידישער חזן האט זיך גענומען שפאצירן איבער די גאסן, אין הייפן, טאקע עטלעכע חזנים צוזאמען און זינגען אָפּ א „השכיבנו", אדער אנדערע קאמפאזיציעס פון משה קוסעוויצקי און גרשון סיראטא. זעט מען חזנים אין יארמאלקעס און בעלי־תפלות מיט סאמעטענע היטלעך אויף די קעפ און גארטלן ארום די קאפאטעס.

בענדין, די זינגענדיקע שטאט, זי זינגט פון דלות און נויט.

(„זאגלעמביער צייטונג", 1937)
דער שווארצער

## חנה שענטאל־רביב

שוין אין די פריעסטע קינדער־יארן וויייזט ח. ש. ארויס א נייגונג צו שפילן אין טעאטער. דער יונג־פארשטארבענער בענדינער עסקן משה קאמינער דערמוטיקט זי, און א דאנק אים טרעט זי ארויס דאס ערשטע מאל אין לאקאל פון צעירי־ציון, צו וועלכע זי האט אנגעהערט.

אין דער היים שטויסט זי זיך אן אויף גרויסע שטערונגען מצד אירע עלטערן, פאר וועמען ס'איז נישט געווען קיין כבוד, אז זייער טאכטער זאל ווערן אן ארטיסטקע.

זייענדיק אלט 14 יאר ווערט זי עקזאמינירט דורך די רעזשיסארן שטאטלער און רעכניץ פון דער בענדינער „מוזע", ווו זי ווערט א מיטגליד, ביז איר עליה קיין ארץ ישראל, אין 1925. זי טרעט אויף אין דער „מוזע", אין „דבוק", „חפני אין פינחס", „דער מטורף", „דארפס־יונג" און אנדערע פיעסן.

זי האט אויך געשפילט ביים באקאנטן רעזשיסאר דוד הערמאן (וועגן אים — אין דער העברעאישער אפטיילונג פון בוך: „בקורי אישים בבנדין") — אין וועמענס דראמאטישער שול זי האט געזאלט לערנען, אבער צוליב איר עולה זיין קיין ארץ ישראל, איז איר געדאנק נישט רעאליזירט געווארן. קומענדיק אין לאנד טרעט זי אריין אין דער קינסטלערישער ארבעטער־סטודיע „אהל", ווו זי שפילט עד היום.

זי נעמט אנטייל אין קלאסישן רעפערטואר פון שעכספיר, שאו, אסטראווסקי און אנדערע, ווי אויך אין די ביבלישע אויפפירונגען פון איר טעאטער. ספעציעל צייכנט זי זיך אויס אין די ראל פון מאדאם זילבערקנאפיק אין די פיעסן פון אברהם גאלדפאדן: „די מכשפה" און „שולמית", ווו זי ווערט שטארק אפלאדירט.

פיר מאל איז זי געווען מיטן „אהל" אין אויסלאנד. דאס לעצטע מאל, 1950, זייענדיק אין אייראפע, האט זי שוין קיינעם נישט געטראפן פון איר משפחה, ווייל אלע זענען אומגעקומען.

חנה שענטאל־רביב

## 5) די משוגענע שרה

ווי אנדערע יידישע שטעט איז אויך בענדין נישט געווען קיין יוצא מן הכלל, און פארמאגט אירע נאראנים און משוגעים. ס'איז נישט געווען קיין אנשטאלט וואס זאל פאר זיי זארגן (שפעטער ערשט איז אנטשטאנען אזא אנשטאלט אין בשזעזא־וויץ). בענדין האט זיך געבויט און באוועגט, און פשוט נישט געהאט קיין צייט זיך אומצוקוקן אויף די אומגליקלעכע — האבן זיי זיך טאקע ארומגעשלעפט איבער די גאסן, אין א דאך איבערן קאפ. גענעכטיגט אין „הקדש", אין פאליש פון בית־המדרש, אדער אין א ווינקל פון א טרעפן־הויז. געווען רוהיקע און ווילדע, געווען סעזאן־ און יאר־משוגעים, ווי למשל דער משוגענער „מרדכי", וועלכער האט געקענט טראגן די קרוין פון אלע משוגעים פון גאנצן קרייז, „איוואן סטראלאי", „וועל־וועלע אייגעריסט", „שטרובעל", „מאירל דאמבעראווער", און נאך און נאך. מיר וועלן איבער זיי אלע נישט שרייבן, נישטא זיך וואס צו בארימען מיט זייערע חכמות, אבער איבער דער פאפולערער „משוגענער שרה", וועלכער ס'קומט דער טיטל „די שטאט משוגענע", ווילן מיר געבן א קורצן רעפארטאזש, געשילדערט דורך פרוי חנה שענטל־רביב.

(די רעד.)

איבער די גאסן פון בענדין האט מען געקענט זען ארומלויפן עטלעכע גייסטיק קראנקע, וועלכע האבן בדרך כלל נישט געטון קיינעם קיין שלעכטס, אויב מען האט זיי געלאזט צו רו און זיי נישט געטשעפעט. קינדער פלעגן זיך אבער יא רייצן מיט זיי, און נאכשרייען „משוגענער". ערשט ווען מ'האט זיי דערצערנט אומ־זיסט און אויף צר־להכעיס, האבן זיי זיך פארטיידיקט, באווארפנדיק די ארומיקע מיט שטיינער און געשאלטן ווי געהעריק. פון די אומ־גליקליכע גאטס־באשעפענישן האט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון די „משוגענע שרה"; זי איז געווען באזונדערס באקאנט יעדן איינעם, ווייל במשך פון טאג פלעגט זי ארומלויפן איבער דער גאנצער שטאט פון איין עק צום צווייטן, באהאנגען מיט קאלירטע שמאטעס און באלאדן מיט האלץ, שטיקלעך קוילן און פראוויאנטן, וואס זי האט אויסגעבעטלט. תמיד איז זי געגאנגען אפגעריסן און בארוועס, הגם מ'האט איר געגעבן אויס רחמנות קליידער און שיך, אבער זי האט עס נישט געטראגן, און עס אויסבעהאלטן פאר איר... קינד, וואס איז געווען איר קראנקהייט. מען דערציילט (כ'ווייס נישט וויפיל אמת ס'איז פארהאן אין דעם), אז זי האט געהאט א טאכטער, וואס איז באגאנגען זעלבסטמארד, אדער געשטארבן מיט א נאטירלעכן טויט. זינט דאמאלסט איז זי אראפ פון זינען, און געהאלטן אין איין רעדן וועגן א קינד, א פזמון מיט די אמתע קללות, וואס איז נישט אראפ פון אירע ליפן, ווייל תמיד האט זי דעקלאמירט א „מאנאלאג" — און אין מיטן ריידן פלעגט זי בעטלען א נדבה, וואס מ'פלעגט איר גלייך געבן, נאר כדי פטור צו ווערן פון איר ווי אמשנעלסטן. אין דאס איז געווען איר „דרשה":

„גיב א גראשן, נאר שנעלער, כ'האב נישט קיין צייט, אויב די ווילסט נישט געבן, דאן גיב א נאדל, מיט שפיזן זאל מען דיך שטעכן אויף יענער וועלט, גיב א שטיקל קויל, שנעלער, שרה'ן איז קאלט, דיר איז ווארעם, די קישקעס זאלן דיר ברענען, דו זאלסט קלאפן מיט די ציין, און מ'זאל דיך ווארפן אין גהינום אריין. הא, דו באהאלסט זיך אויס פאר מיר? האב קיין מורא! כ'וועל דיר גאר־נישט טאן. מיין קינד וויל טרינקן, שא, שא וועק נישט אויף דאס קינד, עס שלאפט. — שנעלער גיב א נדבה, כ'מוז אנטלויפן, מען וויל מיך שלאגן! כ'זאל אזוי לעבן כ'האב גארנישט געגנבעט, לאז מיך אנווארעמען, ביי שרה'ן זענען פארפרוירן די הענט און פיס. גיב א שטיקל ברויט פאר מיין קינד, שנעל שנעל".

אויסגעבעטן א גראשן, א שטיקל ברויט און א ביסל קוילן, האט זי זיך א צופרידענע אוועקגעזעצט אויפן טראטואר ביים רינשטאק, זינגענדיק מיט א טרויעריקער מעלאדיע דאס ליד: „שנייד אויף מיין הארץ, וועסטו זען מיין שמערץ, ליבעניו, ליבעניו, האב רחמנות אויף מיר". זי זינגט א וויג־ליד פאר איר טאכטער, זי שלעפערט זי איין. איינגעשלעפערט דאס קינד, ברעכט זי אויס מיט א ווילדן געלעכטער, נעמט צענויף אלע אירע פעקלעך און לאזט זיך ווייטער לויפן איבער די גאסן.

אין יאר 1928, ווען אין פוילן האט געהערשט א שטארקער פראסט, האט מען זי געפונען ליגן א טויטע, א פארפרוירענע אין גאס.

ווען כ'בין געקומען מיט דרייסיק יאר צוריק קיין ישראל, און געוואלט אריינטרעטן אין „אהל", האב איך, בעת מ'האט מיך עקזא־מינירט, געגעבן אין דער יידישע שפראך די אימפראוויזאציע פון דער „משוגענער שרה" — און טאקע דעם עקזאמען אויסגעהאלטן.

## טוביה ישראל קאמינסקי (קאנאדא) / לעגענדעס וועגן בענדין

אין דער געשיכטע פון בענדין, פון איר אנטוויקלונג און וווּקס, זענען פארפלאכטן לעגענדעס, וועלכע האבן א שייכות מיטן לעבן פון אירע רבנים, גייסטיקע פירער, עסקנים און נאטירלעך, די יידישע פאלקס־מאסן.

אזוי ווי יעדע לעגענדע איז אן אפשפילונג און כאראקטעריסטיק פון גייסטיקן לעבן פון די מענטשן און פון דער סביבה, וואס ארום איר האט זיך די לעגענדע געשאפן, — אזוי זענען אויך די בענדינער לעגענדעס א שליסל צו אונזער פארגאנגענעם לעבן. זיי גיבן אונז א באגריף, וויאזוי די פריערדיקע דורות האבן געזען דאס לעבן, און וואס־פארא אויפפאסונג זיי האבן געוואלט איינפלאנצן אין אונז — זייערע קינדער און קינדס־קינדער. דער עלטערער דור האט געהאלטן די לעגענדארע מעשיות פאר ריכטיקע פאסירונגען, און זיי פארשפרייט צווישן חדר קינדער און יוגנט.

### רבי יצחק'ל און זיין פטירה

פאראלעל צום מאדערנעם בענדין, וואס האט זיך אנטוויקלט און געוואקסן מיט אן איבערראשענדיקער שנעלקייט, האט געלעבט זיין לעבן און געשפינט זיין שטייגער דאס אלטע בענדין. ארום דער שול געגנט, ביי די „גורקעס", די אפענע און פארמאכטע, ביז צום „אונטערן בערג", וואס האט אויך געהאט א נאמען וועלכן מען ברענגט געוויינלעך נישט ארויף די ליפן. אדער אויפן פאפיר... דער דערמאנטער „אונטערן בערג" איז מייסטנס געווען באוווינט דורך די ארעמסטע יידן פון דער שטאט.

אין א זומערדיקן טאג, פלעגט מען דא טרעפן ארום די קליינע איינגעפאלענע הייזלעך שפילנדיקע קינדער, אדם נאקעט, געניו ווי די מאמע האט זיי געהאט. זייערע עלטערן זענען געווען פארנומען מיט דאגות פרנסה, ס'הייסט ארומגיין איבער די הייזער און קלייבן נדבות. געזאגט האט מען אפילו: אז א סך פון די פראפעסיאנעלע שנארערס האבן גאנץ נישטקשה'דיקע „קניפלעך" ערגעץ־ווו, אבער שנארעריי איז שוין געווען א טייל פון זייער וועזן וואס איז זיי געקומען בירושה...

ארום דער „אונטערבערג" געגנט איז געווען אן אלטער בית החיים, וואס איז געלעגן משופעדיק מיט הונדערטער מצבות; צווישן זיי א סך איינגעפאלענע און אפגעריבענע. אויפן דאזיקן בית עולם, וואס האט גלייכצייטיק געדינט ווי א מחיצה צווישן די ביידע „גור־קעס", האט זיך געפונען — שטענדיק באלויכטן מיט א נר תמיד — א האלב אין דער ערד איינגעזונקענער אוהל, וואס איז געווען, לויט ווי מען האט דערציילט, דער קבר פון א געוועזענעם בענדינער רב, רבי יצחק'ל.

וועגן אט דעם רבי יצחק'ל און זיין אוהל, ווערט דערציילט פאלגנדעס:

געווען איז עס נאך אין יענע אלטע גוטע צייטן, ווען גאטס ווארט און תורה האבן געהערשט איבער אלע יידן פון יונג ביז אלט. דאַ־מאלסט האט מען נישט געזען געארעמטע שפאצירנדיקע פארלעך, און אוודאי האבן די מיידלעך אין בוגרת עלטער, נישט געוואגט אנ־צוטון קליידער מיט קורצע ערמל. אין דער פרייער צייט האבן זיך אלע דערוואקסענע מענער געפונען אין בית המדרש, ביי א גמרא, עין יעקב אדער ביי א קאפיטל תהלים. די יידישע טעכטער ווידער, זענען שטענדיק געזעסן אין דער היים ביי זייערע מאמעס אזוי ווי דוד המלך זאגט (תהלים מ"ה, י"ד) „כל כבודה בת מלך פנימה". איז טאקע אין זכות פון דער תורה און מעשים טובים געווען ביי יידן פרנסה בשפע, און אויף דער וועלט האט געהערשט שלום ושלוה...

און א גרויסן חלק אין דער דאזיקער אויפפירונג פון די בענדינער יידן, האט געהאט דער איינפלוס פון דערמאנטען רבי יצחק'ל, וועלכער איז דאמאלסט געזעסן אויפן בענדינער כסא הרבנות. ער איז געווען א הייליקער ייד, צו וועמען מען פלעגט זיך ווענדן פון נאענט און ווייט נאך ברכות, אדער אפצושרייען גזרות אויפן יידישן כלל אדער אויף יחידים. אונטער זיין השפעה האבן א סך יידן תשובה געטון, געווארן גוט פאר גאט און פאר לייט...

ווען רבי יצחק'ל האט דערפילט אז זיין פטירה רוקט זיך אן, האט ער צוזאמענגערופען אלע לומדים, יראים ואנשי מעשה פון דער שטאט צו זיך אין שטוב אריין. געוואלט האט ער „אריינקוקן" יעדן איינעם אין הארץ, כדי צו זען ווער ס'איז ראוי צו זיין דער ממלא מקום אויפן כסא הרבנות און א מליץ יושר פאר בענדינער יידן.

ליגנדיק אזוי פארטראכט אין בעט, ארייננקוקנדיק אין די הערצער פון די פארזאמעלטע, האט ער זיך פלוצלינג צעוויינט. טרערן האבן זיך געגאסן פון זיינע אויגען אן אן אויפהער.

די סיבה פון זיין געוויין — האט ער דערקלערט — איז, ער האט

נישט געזען קיין איין איינציקן, וואס זאל זיין ראוי צו זיין א מליץ יושר פאר די בענדינער יידן, ערב די שווערע גזירות וואס רוקן זיך אן.

דאן האט ער זיך ווידער פארטראכט, די אויגן פארמאכט, און מיטאמאל האט זיין פנים אויפגעלויכטן.

„יעצט קען איך שוין רוהיק אוועק פון דער וועלט, האט ער געזאגט, אין הימל איז מען מסכים, אז איך זאל ווייטער זיין דער מליץ יושר אפילו נאך מיין טויט...

„בויט ארום מיין קבר אן אוהל, לייגט דארט אריין ספרים און אויך זאל אין מיין אהל ברענען א נר תמיד, צו דערמאנען אלע פארבייגייענדיקע זיך נישט אפצוקערן פון גאט און זיין תורה"...

מיט די דאזיקע ווערטער האט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

זיין רצון איז, פארשטייט זיך, דערפילט געווארן, און ווידער האט געהערשט שלום ושלוה על ישראל.

יארן זענען פארביי, און דער נאמען פון רבי יצחק'לען איז טאקע נישט פארגעסן געווארן צווישן די עלטערע יידן. אבער דער יונגער דור האט אים שוין יא אנגעהויבן צו פארגעסן...

האט אמאל פאסירט, אז צוויי „דייטשן" זענען געקומען קיין בענדין אויף עטלעכע טעג.

גייענדיק אזוי שפאצירן שבת פארנאכט, נישט ווייט פון דערמאנטן אהל, האט זיך איינעם פון זיי פארגלוסט צו פארייכערן א ציגארעט. נישט האבנדיק ביי זיך קיין פייער, איז אים איינגעפאלן, אז ער וועט אריינגיין אין אהל, און פארויכערן ביים נר תמיד. זיין חבר איז געבליבן אויסערן בית הקברות.

מיטאמאל האט דער ווארטנדיקער חבר דערהערט שרעקלעכע געשרייען פונם אהל ארויס. צוקומענדיק דארט אהין, האט ער געזען זיין חבר ליגנדיק אויף דער ערד אין קאנוולסיעס, דער רויכנדיקער ציגארעט אין מויל, נישט קענענדיק זיך רירן פון ארט, אדער עפעס ארויסרעדן.

האט ער אים פרובירט אויפהויבן, אבער ער איז געווען ווי צוגעשמידט צו דער ערד... שנעל איז ער געלאפן נאך הילף, אבער ווען די הילף איז געקומען איז שוין געווען צו שפעט, דער טויט האט אים באפרייט פון יסורים. דער רשע האט באקומען זיין פסק פאר מחלל שבת זיין אין רבינ'ס אהל.

דא האט מען באשיינפערלעך געזען, אז רבי יצחק'ל האלט ווייטער א „וואך אויג" אין זיין קבר. בענדינער יידן זענען געווארן פרומער, און האבן עוסק געווען אין תורה און מעשים טובים. אויך דער חבר פון אומגעקומענעם, האט חוזר בתשובה געווען און געווארן א פרומער ייד.

## ר' בונם פון פשיסכע און דער משפט איבער דעם גבאי פון „קנין ספרים" *)

קיין בענדין איז אמאל געקומען א ייד מיט א המלצה־בריוו פון א באוואוסטן רבין פון יענער צייט. ער האט זיך געגוויטיקט אין עטלעכע הונדערט רובל, כדי חתונה צו מאכן זיינס א בוגרת. אזוי ווי דער אינהאבער פון בריוו איז אליין געווען פון די מקורבים פון זעלבן רבין, האבן די בית המדרש בחורים באשלאסן, אז דער גבאי זאל אים געבן עטלעכע רובל פון „קנין ספרים" געלט.

האט זיך געדארפט מאכן, אז די מעשה פון אוועקגעבן די פאר רובל פאר הכנסת כלה זאל אנקומען צו די גבאים פון בית המדרש, וועלכע האבן געהערט צום מתנגדישן לאגער און דערפאר געקוקט קרום אויף די בחורים וועלכע זענען געווען חסידים.

האט זיך אנגעהויבן א העצע, אז די בחורים פארטראכלעווען קהליש געלט, וואס איז דאסזעלבע ווי גניבה.

גלייכצייטיק האבן די העצער געהאפט, אז דורך אזעלכע פליאטקעס, וועט זיי אויך געלינגען צו פארמיאוסן חסידות אין אלגעמיין, און זיי האבן געפאדערט צו שטעלן דעם גבאי פון „קנין ספרים" צו אן עפנטלעכן משפט.

אין דעם זונטיק, ווען דער עפנטלעכער משפט האט געדארפט פארקומען, איז זיך צונויפגעקומען א גרויסער עולם נייגעריקע — אנהענגער פוןביידע צדדים (חסידים און מתנגדים); א זיג פון די בעלי בתים האט געמיינט א זיג פאר מתנגדים. און א זיג פון די בחורים האט געמיינט א זיג פאר חסידות.

די גבאים פון בית המדרש מיט עטלעכע אנהענגער, און גראד פראסטע בעלי־בתים, האבן זיך אוועקגעזעצט ביים לאנגן און ברייטן טיש ביי דער מזרח וואנט, און האבן אנגעהויבן צו פארהאנדלען די דאזיקע דין תורה...

דער רבי ר' בונם, וואס איז געווען א בענדינער תושב, איידער ער איז געווארן רבי, האט זיך גראד געהאט צוריקגעקערט פון א נסיעה און א באזוך ביים קאזשניצער מגיד. הערנדיק וועגן משפט און וועגן די רעזולטאטן, וואס א פסק דין קעגן דעם בחור קען ברענגען דער חסידישער באוועגונג, האט ער באשלאסן צו זיין אנוועזנד ביים משפט און זיך איינשטעלן פארן דערמאנטן בחור.

אריינגעקומען איז דער רבי ר' בונם, גראד ווען מקטרגים האבן אנגעהויבן אויסצולייגן זייערע טענות קעגן דעם בעל דין. זיי האבן געפאדערט אז מען זאל דעם גבאי פון „קנין ספרים", צוזאמען מיט זיינע חברים וועלכע האבן אים געצ'ט אוועקגעבן דאס געלט, פארווערן דעם איינטריט אין בית המדרש און אויך זאלן זיי באצאלן א קנס.

די גאנצע צייט האט זיך דער רבי צוגעהערט צו די דבורים און גארנישט געזאגט. מיטאמאל האט ער געגעבן א קלאפ אין טיש, און אויסגערופן:

איידער איך גיי אפפרעגן אייערע טענות, וואלט איך אייך געבעטן מיר דערקלערן דעם פשט פון דעם פסוק אין תהלים (קי"ט, קע"ו): „תעיתי כשה אובד. בקש". **)

ווען קיינער פון זיי האט נישט געענפערט, האט דער רבי בונם פארגעזעצט: כדי צו דערקלערן דעם מיין פון דעם פסוק, דארף איך אייך דערציילן א מעשה וואס האט זיך מיט יארן צוריק פארלאפן אין וואלד.

אמאל איז אויסגעבראכן א מגיפה צווישן די חיות.

האט דער לייב, דער מלך פון די חיות, צונויפגערופן אלע זיינע אונטערטאנען, און געהייסן זיי דערציילן, וויאזוי זיי האבן זיך דערנערט די לעצטע צייט, כדי אויסגעפינען, אין וועמענס זינד די מגפה איז אויסגעבראכן. דער ערשטער פון די פארזאמלטע איז ארויסגעקומען **דער טיגער; ער האט דערציילט, אז זייענדיק אין וואלד, האט אים**

*) ר' בונם פון פשיסכע: געבוירן תקר"ה אין וואודיסלאוו, נפטר געווארן י"ב אלול תקפ"ז אין פשיסכע. חתונה געהאט מיט רבקה בת משה פון בענדין („ספר החסידות" פון יצחק ווערפל); „קנין ספרים": א קליינער וועכנטליכער אפצאל, גענומען פון די מתפללים פאר א פאנד צו קויפן נייע ספרים און צו פאריכטן ספרים פון א מקום קדוש.

**) תעיתי כשה... אויסניצנדיק די איגנאראנץ פון די בעלי־בתים, האט דער רבי צוזאמענגעשטעלט א סענטענץ פון צוויי משפטים, און אויך פארדרייט דאס ווארט „בקש" — וואס הייסט זוכן, אויף „בקש" וואס הייסט **אין שטרוי.**

אנגעכאפט א שווערער הונגער. מיטאמאל הערט ער א געריש. און ווי ער דרייט זיך אויס, דערזעט ער א בלאנדזשענדיקן מענטש ארומ־דרייען אין וואלד. האט ער זיך מיט אים געשטילט דעם הונגער.

דו ביזט נישט באגאנגען קיין שום חטא, האט געזאגט דער לייב. גאט אליין האט דיר געגעבן די גבורה — כדי אז די זאלסט זיך שפייזן אפילו מיט מענטשן־פלייש.

דאן איז צוגעקומען דער בער. ער האט דערציילט:

אמאל, נישט האבענדיק געגעסן צוויי טעג, דערזעט ער דעם וואלד־שומר גיין אין וואלד אן א ביקס. דעם שומר האט ער גראד ליב געהאט, ווייל ער פלעגט פאריאגן די יעגערס וועלכע פלעגן קומען שיסן אויף די חיות. האט ער אים נישט געוואלט טשעפען. אבער דער הונגער האט אזוי געפייניקט, אז ער איז אים באפאלן און פארצוקט.

דאס קען נישט זיין די סיבה פון דער מגפה, דו האסט נישט געטאן קיין עברה. יעדער איינער פון אונז וואלט געטאן דאס זעלבע, — האט דער לייב אים געזאגט.

נאך דעם איז געקומען דער פוקס און האט דערציילט, אז אויך ער איז ארומגעגאנגען א לאנגע צייט אן עסן. דאן האט ער דערזען ווי א פאטער רופט זיין זונעלע, וואס איז אים פארשוווּנדן פון אונטער דער האנט. אויפהויבענדיק דעם קאפ זעט ער, ווי דאס קינד שטייט נישט ווייט. האט ער דאס קינד פארשלעפט צו זיך, און עס פארצוקט.

אויך דו ביזט נישט באגאנגען קיין פארברעכן. דערין וואס דאס קינד לעבט נישט מער איז, בעצם, שולדיק זיין פאטער, וואס האט נישט געגוג אויף אים אויפגעפאסט, האט געפסקנט דער מלך פון די חיות.

אזוי זענען אלע חיות געקומען פארן לייב מיט פארשידענע רציחות וואס זיי האבן אפגעטאן. קיין איינער פון זיי האט אבער נישט געמאכט געגוג רושם אויף אים. צום סוף, גאנץ שפעט, איז געקומען צולויפן אין איין יאגעניש, מיט טרערן אין די אויגן, א קליין אויסגעדארט שעפסל, און דערציילט פאלגענדעס:

אמאל אין א ווינטער נאכט, ווען די קעלט איז געווען ממש צום געפרוירן ווערן, האט דער פארמער אויף מיר רחמנות באקומען און מיך אריינגענומען פאר איבערנאכט אין זיין וווינונג אריין. ביינאכט, ווען אלע אין הויז זענען שוין געשלאפן, האב איך באמערקט, אז אין שטיוול פון מיין בעל־בית איז געלעגן שטרוי, כדי עס זאל אים זייןווארעם אין די פיס. אזוי ווי איך בין געווען זייער הונגעריק, האב איך מיך צוגעכאפט צום שטרוי און עס אויפגעגעסן. מיין באלעבאס האט, נאטירלעך, ביים אויפשטיין דאס שטרוי נישט געפונען, אזוי אז ער האט נעבעך געהאט קאלטע פיס א גאנצן טאג.

דערהערנדיק די „עולה" וואס דאס שעפסל איז באגאנגען, האט דער לייב אויסגערופן: אט האבן מיר געפונען דעם זינדיקן צווישן אונז, פאר וועלכן מיר אלע מוזן ליידן. נישט גענוג וואס דער באלעבאס האט אים געגעבן א ווארעמע שטוב, האט ער אים אפגע־דאנקט מיטן אויפעסן דעם שטרוי פון זיינע שטיוול, אז זיינע פיס זאלן פרירן א גאנצן טאג...

באלד האט זיך געשאפן א בית־דין פון חיות, כדי צו באשטימען מיט וואס פאר אן עונש מען זאל באשטראפן דאס שעפסל. נאך א קורצע בעראטונג האבן זיי באשלאסן דאס שעפסל צו דערהרגענען, און אזוי אוועקצונעמען גאטס צארן פון אלע חיות.

דאס איז — האט דער רבי ר' בונם אויסגעפירט — דער פשט פון פסוק „תעיתי כשה אובד בקש". דוד המלך האט דערציילט, ווי אזוי א שעפסל האט פארלוירן זיין לעבן איבער אביסעל שטרוי, בעת די שטארקע און גרויסע בעלי עבירהניקעס באהאלטן זיך אין מאנטל פון גאטספארכטיקע, און ווילן באשטראפן די קליינע און שוואכע — פאר די חטאים וואס זיי האבן אליין באגאנגען...

אט זיצן די שופטים, האט ער פארגעזעצט, וועלכע זענען אליין באגאנגען עוולות און עבירות; אנווייזענדיק אויף יעדן איינעם מיט זיין פינגער האט ער געזאגט: — איר, ר' שמואל, האט איר נישט צוגע־נומען נדנים וועלכע ארעמע כלות האבן אייך געגעבן צום באהאלטן, זאגענדיק אז מען האט זיי פון אייך געגנבעט?... און איר, ר' משה, מאכט איר נישט קיין פרנסה פון ריבית (וואכעריי), און איר זענט עובר אויף עטלעכע „לאו"ן ביי יעדער הלוואה וואס איר גיט?... און איר, ר' זיינ־וול, האט איר שוין תשובה געטון אויף אייער זינד מיט דער אשת איש?...

אזוי האט דער רבי ר' בונם, אריינקוקענדיק יעדן איינעם אין הארץ און נשמה מיט רוח הקודש, אויסגערעכנט חטאים וואס זיי זע־נען באגאנגען אין זייער לעבן.

פארשעמטע האבן די שופטים פארלאזט דעם בית המדרש, און פון דעם גאנצן משפט איז גארנישט געווארן...

# ה. מ. / „זאגלעמביער לעבען"

**א**ין 1937, צוויי יאר פאר דער לעצטער מלחמה, האט ש. לעוו־קאוויטש (בן־אמוץ), וועלכער האט מיטגעארבעט אין דער „זאג־לעמביער צייטונג" און געווען מיט־רעדאקטאר זינט איר אנטשטייונג, פארלאזט די צייטונג און געשאפן א נייע מיטן נאמען „זאגלעמביער לעבען".

פון די בריוו פון רעד. שפיגעלמאן צו מיר, אין וועמענס צייטונג איך האב מיטגעארבעט אלס ארץ־ישראל קארעספאדענט, האב איך זיך דערוווסט, אז שפיגעלמאן איז מער נישט געווען פאראינטערעסירט אין לעוואקאוויטשעס מיטארבעט אין „זאגלעמביער צייטונג", ווייל ער האט געטראפן א פעיקן יונגן זשורנאליסט לייבל קערנער פון סאסנאוויץ, אן אינטעליגענטער בחור, וועלכער האט באהערשט די יידישע שפראך, בקי אין יודאיסטישע קעגנשטאנדן און געהאט א לייכטע פעדער צו שרייבן און פאלעמיזירן. קערנער איז צוקאפ־טירט געווארן צו דער „זאג. צייטונג".

ש. לעווקאוויטש'ס ארבעט אין „זאגלעמביער לעבען" איז נישט געווען פון די לייכטע, דען ער איז געווען דער רעדאקטאר, קארעק־טאר און אדמיניסטראטאר, אלע רעדאקציאנעלע און אדמיניסטראטיווע ארבעטן געטאן כמעט אליין, נישט קענענדיק זיך דערלויבן צונעמען




געהילפן און זיי צאלן שכר סופרים, כל זמן זיין צייטונג איז נישט מאטעריעל באזירט.

מיט דער צייט האט זיך די „זאגלעמביער לעבען" דעראבערט די סימפאטיע פון דער באפעלקערונג, וועלכע האט זי גערן געלייענט און זיך דארט אנאנסירט.

רעדאקטאר לעווקאוויטש איז געווען אן אינטערעסאנטער טיפ, אן וועמען ס'איז שווער געווען זיך פארצושטעלן דאס יידישע בענדין. א פאלקסטימלעכער מענטש, געקומען אין באריגונג מיט אלע קרייזן אין שטאט, געוווסט וואס עס קומט פאר הינטער די קוליסן פון אלע אינסטיטוציעס סיי קהילישע סיי אלגעמיינע. נישט געווען אין שטאט קיין מסיבה, קיין פארזאמלונג ער זאל נישט אנטייל נעמען, דאביי געווען א גוטער שמועסער. ליב געהאט דערציילן מעשה'לעך. מיט דער צייט האט זיך „זאג. לעבען" דעראבערט א פאזיציע אין געזעל־שאפטלעכן לעבן פון דער שטאט, געווארן גערן געליינט אדאנק ש. לעווקאוויטש וועלכער האט מיט זיין פאלקסטימלעכן ארט שרייבן, מיט זיינע געלונגענע פעליטאנען אין וועלכע ער האט רעאגירט אין א איראנישן טאן אויף די שאטנס פון אונזער לעבען און אפגע־שפאט פון די עסקנים, וועלכע רייסן זיך צו דער מזרח־וואנט; מיט זיין סאטירישן „קאך לעפל" אין וועלכן ער האט געמישט דאס געמויזעכץ פון געזעלשאפטלעכן לעבן — האט ער פאראינטערעסירט די לייענער, וואס האבן שטארק אנגעקוואלן פון די געלונגענע ווערטלעך און וויצן.

לעווקאוויטש האט כמעט איינער אליין אנגעפילט די שפאלטן פון „זאג. לעבען" שרייבענדיק אונטער פארשידענע פסעוודאנימען. לעווקאוויטש האט פראקלאמירט זיין צייטונג אלס אומפארטייאישן ארגאן, אבער היות ווי ער איז געווען א ציוניסט, האט די צייטונג געטראגן א ציוניסטישן כאראקטער, אפגעבענדיק פיל פלאץ אלע ציוניסטישע שטראמען. געקעמפט פאר ציוניסטישע ענינים אין דער קהילה, אין ראבינאט. אזוי ווי די יידישע גאס האט אין יענע יארן אין פוילן געלעבט מיטן גייסט פון ארץ ישראל, און די יידישע פרעסע האט געווידמעט פיל שפאלטן פאר אונזערע ענינים, האט אויך לעוו־קאוויטש איינגעפירט, א שטענדיקע אפטיילונג פאר ארץ ישראל. אלס ארץ ישראל מיטארבעטער אין „זאג. לעבען" האט געדינט זאב לאנדוי־ארצי פון תל־אביב, וועלכער האט פון צייט צו צייט פארעפנטלעכט אינטערעסאנטע בריוו פון ארץ ישראל, ספעציעל וועגן לעבן פון דער זאגלעמביער־קאלאניע אין לאנד.

די צייטונג איז דערשינען ביזן ארייננאשירן פון די היטלערישע באנדעס קיין בענדין.

# אונזער טעלעפאן

כ"ה חשון תרע"ד | אקטאבער 1913

צוגעבן אזא ריי־
כע אויסגאבע.
וואס דארף פאר־
שלונגען א סך
געלט. און פאר־
לאנגען, אז מ'זאל
סובסידירן אונ־
זער אויסגאבע.
האבן מיר נישט
געוואלט.
איצט איז שוין
פארשטענדלעך
פארוואס די ציי־
טונג האט קיינ־
מאל נישט גע־
וואלט דינען די
אדער יענע ריכ־
טונג. נאר האט
שטענדיק געדינט

## זאגלעמביער צייטונג

בענדין, פרייטאג כ' תמוז תרע"ט | Będzn piątek 18 lipca 1919

נ"ע
**משה שיין**

איז נאך קורצע און שווערע ליידען געשטארבען ...
אין בליהענדע עלטער פון 42 יאהר ...
אין טרויער פערבליבענע

פרוי, קינדער, מוטער און פאמיליע.

צוליעב'ן טויט פון אונזער פערוואלטונגס־מיטגליעד

נ"ע **משה שיין**

דריקען מיר אויס אונזער מיטגעפיהל בעטריבטען דער פאמיליע פון פערשטארבענעם.

דאס פערסאנאל פון יודישען לעבענס מיטעל קאמיטעט אין בענדין.

הננו מביעים את רגשי השתתפותינו באבלם של משפחת שיין מהלכת ממנה אחר מבחירה בשנת הארבעים ושתים לימי חיו

משה שיין ז"ל

ד"ר פאפורי
אחוץ דעם
באטייליקן זיך
שטענדיק אין
אונזער צייטונג
פאלגנדיקע
מיטארבעטער:
י. אבערזשאנעק
פ. בלומענקראנץ,
ח. זיעלאני.
ש. ראטענבערג,
ד"ר וויינציהער.
ד"ר רעכטמאן.
יהודה יפת.
י. וויגאדזקי.
ז. האבער, פ.
גאלדשטיין. ראזא
יאקובאוויטש.
פ. טענענבוים און
ב. שטערנבערג.

## ליפמאן בערקאוויטש / „דאס יידישע וואכענבלאט"

די צייטונג האט אנגעהויבן צו דערשיינען אין יאר תרפ"ה — 1925 אונטער דער רעדאקציע פון משה חיים קאמינער ז"ל און ליפמאן בערקאוויטש.

עס איז געווען אין די יארן ווען די ארטאדאקסיע האט ערוואכט, געווארן זעלבסטשטענדיק און גענומען אין אירע הענט צו פארטרעטען אייגענע אינטערעסן, געשאפן אייגענע דערציונגס־ קולטור־ און ווירטשאפטלעכע אינסטיטוציעס.

אין זאגלעמביע, בפרט אין בענדין, ווו עס האבן געלעבט קאמפאקטע ארטאדאקסישע מאסן און פיל געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס זענען אנגעפירט געווארן דורך רעליגיעזע יידן, האט זיך געפילט דער מאנגל פון אן אייגענער טריבונע, וואס זאל איבערגעבן די געשעענישן און אויפטוען פון רעליגיעזן ציבור פאר דער ברייטער עפנטלעכקייט.

דער שרייבער פון די שורות האט אויף זיך גענומען די איניציא־ טיוו ארויסצוגעבן א וואכנבלאט געווידמעט אלגעמיינע געזעלשאפט־ לעכע און רעליגיעזע פראבלעמען פון זאגלעמביער און איבערשלעזישן יידנטום.

אין חודש שבט, תרפ"ה, דערשיינט דער ערשטער נומער, וואס האט ארויסגערופן גרויס בייפאל און אנערקענונג ביי דער ארטא־ דאקסישער באפעלקערונג.

די ערשטע נומערן האבן זיך געדרוקט אין זיידנערס דרוקעריי אין בענדין וואס איז נישט געווען פאר אונז באקוועם, מיר האבן אנגעהויבן טראכטן וועגן אן אייגענער דרוקעריי, אבער דאס איז געווען פארבונדן מיט פיל פינאנסיעלע שוועריקייטן. נאכן דערשיינען פון 8 נומערן אין פרעמדע דרוקערייען האט זיך אונזער רעדאקציע דערווארבן אן אייגענע נייע זעצעריי, ווו די צייטונג איז געווארן גע־ זעצט, אבער געדרוקט איז זי געווארן אין א נישט אייגענער דרוקעריי.

די צייטונג איז געווארן שטארק פארשפרייט. די אדמיניסטראציע האט נישט געגעבן די צייטונג אין די קיאסקן אדער צייטונגס־פאר־קויפער, נאר דירעקט זי געשיקט צו די אבאנענטן דורך דער פאסט און אזויארום געשטיצט די צייטונג אויף סטאבילע לייענער.

דער אינפארמאטיווער טייל איז געווען גוט בעארבעט, און אין דער כראניק האבן מיר געגעבן אביעקטיווע באריכטן איבער די זיצונגען פון די שטאט־ראטן, קהילות און איבער דער ארבעט פון פארשידענע אינסטיטוציעס אין זאגלעמביע, ביי וועלכע אונזער צײ־טונג האט זיך דערווארבן א גרויסן צוטרוי. עס איז נישט געווען קיין שום עסקן פון וועלכער פארטיי און געזעלשאפט עס זאל נישט זיין, וואס זאל נישט אבאנירן די צייטונג. הגם זי איז געווען א פרא־ווינצער צייטונג האט זי געהאט אבאנענטן כמעט אין אלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. דאנערשטיק ארום איינס ביינאכט, נאכן פאר־ענדיקן דעם נומער, האט מען די צייטונג עקספעדירט אויף די אנ־געגעבענע אדרעסן, אזוי אז שוין פרייטיק אין דער פרי האט דער לייענער באקומען די צייטונג אין שטוב.

א שווער קאפיטל איז געווען דאס אנאנסן־פראבלעם, באשר די פירמעס זענען געווען פארבונדען מיט אנאנסן־ביוראס, וועלכע האבן צוגעשיקט אנאנסן אין די צייטונגען. עס זענען געווען פאראינטערע־סירטע צדדים, וואס האבן אנגעווענדעט כל־מיני מיטלען, אז אונזער צייטונג זאל נישט נהנה זיין פון אזעלכע אנאנסן, אבער די אדמיני־סטראציע האט באזייטיקט אלע שוועריקייטן, אזוי אז די אגענטן פון די גרויסע פירמעס, וועלכע האבן זיך דערוווּסט וועגן גרויסן טיראזש פון אונזער צייטונג, האבן אונז צוגעשיקט זייערע אנאנסן, אויך די אנאנסן־ביוראס האבן שפעטער געענדערט זייער באציונג, און גלייכ־בארעכטיקט אונזער צייטונג צוגלייך מיט דער גאנצער זאגלעמביער פרעסע.

„דאס יידישע וואכענבלאט" האט געדינט פאר אן אנפאנג־שול פאר פיל שרייבער און זשורנאליסטן, וואס זענען שפעטער געווארן בארימט; אויב עס האט ווער ארויסגעוויזן א נטיה און טאלאנט צו דער פעדער, האט די רעדאקציע אים גערן אויפגענומען און געהאלפן אנטוויקלען זיינע פעאיקייטן.

פון די שרייבער וואס האבן דעביוטירט און סטאביל מיטגעארבעט אין „וואכענבלאט" איז כדאי צו פארצייכענען אייניקע: גרשון גורא (היינט אין ישראל), יחיאל פיינער (ישראל, באקאנט אונטערן פסעוו־דאנים — ק. צעטניק), ב. מאנדעלבוים (אמעריקע), שטייער, יאקר־באוויטש, צייזלער, גראנאטשטיין, דוד סקורניק, בערל רעכט, שטשע־קאטש, קאנער, זיידמאן און נאך.

ווען מען בלעטערט היינט אדורך די 8 בענדער פון „וואכענבלאט", וואס אנטהאלט א שטיק זאגלעמביער לעבן, קען מען אפשאצן כראוי די פארדינסטן פון דער צייטונג. יערלעכע אפהאנדלונגען וועגן גוטע מאמרים פון „וואכענבלאט" קען מען געפינען אין די יאר־ביכער פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט (ייווא), וואס האט פאר־צייכענט א גרויסע צאל ארטיקלען, וואס זענען געווארן פארעפענט־לעכט אין דער צייטונג.

## דוד ל. / בענדינער דיאלעקט

בענדין האט געאגראפיש געהערט צו קאנגרעס־פוילן, אויך די שפראך פון די יידן איז מיט קליינע ענדערונגען געווען ענלעך צום רעדנס־ארט פון ווארשע און לאדזש. אויך די נאענטקייט פון דער דייטשער גרענעץ, האט געהאט א געוויסן איינפלוס. חוץ דעם האט בענדין, אלס איינע פון די עלטעסטע שטעט אין פוילן, געהאט אויך איר אייגענעם יידישן דיאלעקט וואס איז איבערגעגאנגען בירושה פון דור צו דור. שפראכלעך האט זיך די שטאט געטיילט, פאקטיש, אין צוויי טיילן: דאס אלטע בענדין — ארום דער שול און דעם „אונטערן־בערג", גראבלעס און בוקאווינא, ס'הייסט כמעט דער גאנצער טייל שטאט וואס איז געלעגן ארום דער פשעמשא. דארטן האבן געוווינט די אלטאיינגעזעסענע, ווי אויך די ארעמע באפעלקערונג, אין קליינע איינ־געפאלענע הייזלעך און גערעדט האבן זיי אן אנדערן יידיש ווי אין דער נייער טייל שטאט, וואס האט זיך קאנצענטרירט ארום די גאסן: קאלאנטאיא, מאלאכאווסקא, מאנדזשעוווער א. אנדערע. די אלטע שטאט האט גערעדט א יידיש וואס איז געווען ענלעך צום ווינער דייטש, וואס כאראקטעריסטיש פאר אים איז געווען צווישן אנדערע דער האר־טער פתח:

לאַאפן — לויפן, קאַאפן — קויפן, א שטאַאן — שטיין, אבאַאן — א ביין, אמאַאד — א מיידל, גייא האַאם — גיי א היים, פלאַאש מיט באַאנער — פלייש מיט ביינער, טאַטע — טאטע, אדער טאטעשי — טאטשי — פאטער.

אינטערעסאנט איז אויך דער איבערגאנג פון הארטן צום ווייכן איי, ווי צ. ב.:

אַנס, צוואַ, דריי, אדער א טעפעלע, א לעפעלע, שיסעלע, מיט א ווייכן למ"ד.

ענדינער זענען געווען באקאנט אלס גרויסע עסער, און במילא געהאט אייגענע מאכלים און אויסדרוקן פון וועלכע מיר ברענגען דא עטלעכע צ. ב.:

א דאַלטן — כמעט אין גאנצן קרייז פלעגט מען זאגן אויף בענדינער א בענדינער דאלטן — געמיינט א קעז־קוכן, פארבויגן אין אלע פיר זייטן.

עפל־פלאַטץ — פון געריבענע קארטאפל, געבאקן אין א גרויסע בלעך. כמעט א פאלקס־מאכל ביי בענדינער, ווו די עפל־פלאַטץ יידענעס פלעגן עס פארקויפן אין גאס, און כדי עס זאל נישט קאלט ווערן — צודעקן די בלעך מיט עטלעכע טיכער.

א יושקע — א קארטאפל־זופ, א טראדיציאנעל עסן פרייטיק נאך מיטאג, ווען די פרויען האבן נישט געהאט קיין צייט און די מענער האבן זיך נישט געוואשן צום עסן. מען דערציילט וועגן א באקאנטן בענדינער גביר, וואס האט געבעטן די פרוי זי זאל אויך מאכן אמאל א יושקע, ער וויל וויסן פארוואס די ארעמעלייט ווײנען אזוי אויף דעם עסן... האט אים די פרוי געמאכט די קארטאפל־זופ, אנגערייכערט מיט ציבעלעס פארבראקט מיט גענוגנע גריוון אין אריינ־געווארפן דערין א פאר פליגעלעך. „איך פארשטיי נישט, וואס די קבצנים ווײנען אויף דעם עסן, ס'איז דאך א מאכל מלכים" האט ער געזאגט...

א יוכע, אדער יויך — א פלייש־זופ.

א לאחמע ברויט (פון לחם), א גראב שטיק.

א ר ע פ ט ע ל ע, אדער א געמבעלע ברויט — א עקל.
ק ר א פ ן — א קוכן געפילט מיט עפל.
יאגדע קיקעלעך — קיכלעך געבאקן מיט יאגדעס.
יאפצאק — א שבת׳דיק עסן, א קוגל פון געריבענע קארטאפל — א טשאלענט.
פעשפער — עסן צווישן 4—5 נאכמיטאג.

געווען אויך אנדערע ספעציעלע אויסדרוקן וואס זענען אנטשטאנען אויפן בענדינער באדן, צוליב ריין לאקאלע סיבות, ווי צ. ב.:

א באכמאן — א טרעגער, דער אויסדרוק נעמט זיך פונם דייטשן ווארט בוכטע — א וואסער, די בענדינער טרעגער פלעגן תמיד שטיין אויף דער וואסער־בריק, אזוי אז מ׳האט זיי גערופן בוך־מאן, באכמאן — וואסערמאן; זעט זיך אויס, אז ווען בענדינער יידן האבן אנגעהויבן זיך רופן מיט פאמיליע־נעמען, האבן זיך די טרעגער א נאמען געגעבן באכמאן. געווען אין בענדין א גרויסע משפחה באכמאן, וועלכע זענען געווען טרעגער, און אזוי ווי דאס פאך איז איבערגעגאנגען בירושה, האט מען שוין אין בענדין אלע טרעגער גערופן באכמאנעס.

א הישער — פון ווארט א היגער, אויף א געבוירענעם אין בענדין פלעגן די יידן זאגן, אז „ער איז א הישער", דאס הייסט א מיוחס, ווייל די הישער האבן געקוקט מיט ביטול אויף די צוגערייזטע.

פארן טואר — פארן טויער, אזוי פלעגט מען רופן דעם אנהויב פון דער קאלאנטאיא גאס, ווו עס האט זיך אנגעהויבן בויען דער נייער טייל שטאט.

די בועך — דער טייך, פון דייטשן ווארט די בוכטע.

פון דריבער — פון יענער זייט גרענעץ. בענדין איז געלעגן נאענט צו דער דייטשער גרענעץ. גייסט אריבער, קומסט פון דריבער.

א זוינע — א זעלכע, וואס פאר. וואלוויל — ביליק קויפן.

א י ר ע, פון ווארט איר, מיט וועלכן ס׳פלעגן זיך באנוצן די בענדינער שנארער, וועלכע פלעגן גיין דאנערשטיק־פרייטיק איבער די הייזער גרופעגווייז; איינער פלעגט ארויפגיין אויף די שטאקן און מעלדן דער בעל־הבית׳טע: מאדאמישע 5 אירן דאס הייסט 5 מענטשען, געמיינט 5 ארעמעלייט זענען זיי.
עך — ענק: עך גייט — ענק גייען — איר גייט.
סארנא — וואס פארא.
איפטע וואך — די צווייטע וואך.
אייערנעכטן — פאר נעכטן, איבערמארגען — נאך מארגן.
א ביסל — ביסעלע — א טראפן, ווייניק.
א פאטשעניא — א טראטואר.
א מנוער — א פאן.
גלאמב — א נאר.
א האדער — א שמאטע צו ווישן דעם דיל, אדער פון פוילישן פאדלאגעס.
א זארקא — א באנצא — געבן יענעם א קלאפ.
א העמעד — א העמד.
א באנדא — א ווינטער מאנטל.
האבעלאק — א באשלאק איבערן קאפ.
גיי ארויעס — גיי ארויס פון צימער.
א ניכטערן — די אלטע ווייבער פלעגן שבת ביי נאכט צו דער פולער וואך נישט זאגן קיין נאדל, נאר א ניכטערן.
מומען, מוזמען — אז מען מוז מוז־מען.
אט איזן איז ער — ער איז געקומען.
כ׳האב מיך געטוען טיען פרעגן, איך האב זיך געפרעגט.
געמע — געמען — גיב מיר.

# א בינטל ידיעות פון בענדינער צייטונגען:

אויטצוגן פון „זאגלעמביער צייטונג", „זאגלעמביער לעבן", דאס יידישע וואכנבלאט"
און „זאגלעמביער שלעזיש ווארט" אין די יארן 1937—1939; און ענדערווגען

### פייערלעכע דערעפענונג פון ספארט סטאדיאן פון „הכח" אין בענדין.

זונטיג האט דאס יידישע זאגלעמביע איבערלעבט פייערלעכע שעהן, זייענדיק עדות פון דער דערעפענונג פונעם איינציקן יידישן ספארט־סטאדיאן אין אונזער וואיעוודזטווע. שוין שבת האבן זיך אלע פאראינטערעסירטע מיט די מעטעראלאגישע קאמוניקאטן; כדי צו וויסן ווי דאס וועטער וועט אויסזען צומארגנס. צום מזל האט אונז דער ליבער כביכול באשאנקען מיט א הערלעך זומער־וועטער, אזוי אז די פייערלכקייטן זענען אדורכגעצעצט געווארן פראגראממעסיק.

שוין גאנץ פרי האבן זיך ספארטלער פארזאמלט אויפן סטאדיאן, כדי צו איבערחזרן די איבונגען און פארקאמפן. דער ריכטיקער יום־טוב האט זיך אנגעהויבן נאכמיטאג. האלב דריי א זייגער מארשירט אריין אויפן סטאדיאן דער ספארטלער צוג מיטן „הכח"־ארקעסטער בראש. מיט דער דעפילאדע פירט אן דער טעכנישער לייטער פון דער גימנאסטישער סעקציע, מאגיסטער פלעסנער. עס מארשירן די „מכבי"־ארגאניזאציעס פון ביליץ, כאזשאוו, טשעטשין, טשענסטאכאוו, סאסנאוויץ, די מוסטערהאפטע גרופן פון „בר־כוכבא" (קאטאוויץ), די הערלעכע יוניארן גימנאסטיקער פון ווארשאווער „מכבי" זש. ט. ג. (קראקע) און צום לעצט — די גרופן פון בענדינער „הכח": די פוט־באל מאנשאפטן, קויש־ און נעצבאל־שפילער, לייכט־אטלעטן, טעניס־שפילער. גימנאסטיקער און ציקליסטן. אמווארמסטן זענען באגריסט געווארן און אויפגענומען די גרופן פון דעם שילער־קלוב „ראפיד", וועלכע האבן גאר שיין דעפילירט.

דער פרעזעס פון בענדינער „הכח" זאגט אין זיין פייערלעכער דערעפענונגס־רעדע: „טראץ דער שווערער לאגע פון יידנטום וועלן מיר נישט אפשטיין אין דער ארבעט פאר דער פיזישער דערציונג פון דעם יונגן יידישן דור, וועלכער איז אונז אזוי נויטיק פארן אויפבוי פון אונזער לאנד".

אין נאמען פון „מכבי"־פארבאנד באגריסט ה׳ רויכער פון ביליץ. נאך אנדערע באגריסונגען דאנקט ה׳ באזשיקאווסקי אין נאמען פון „הכח" די אלע אנוועזנדיקע פאריינען, וועלכע זענען געקומען זיך באטייליקן אין בשותפותדיקן יידישן ספארט יום־טוב.

דאן קומט פאר די צערעמאניע פון דעם סימבאלישן איבערגעבן פון דער באנד דורך „הכח"־פרעזעס, ה׳ פינקוס. דער ארקעסטער

אונטער דער לייטונג פון ה׳ בארענבלאט שפילט די נאציאנאלע יידישע און פוילישע הימנען. דער סטאדיאן איז דערעפענט.

איצט הויבן זיך אן גימנאסטישע איבונגען. דער בענדינער „הכח" דעמאנסטרירט פרייע איבונגען, אויסגעפירט פון מענער און פרויען, און אויך אנדערע גרופן באווייזן זייערע לייסטונגען. דאן קומען פאר פארמעסטונגען אויף פארשידענע געביטן: לייכט־אטלעטיק, קוגל־שטויס, דיסקוס־ווארף, ווייט־שפרונג, הויך־שפרונג, קויש־ און נעץ־באל און נאך.

אלס אפשלוס איז פארגעקומען א פוטבאל מעטש צווישן „הכח" (בענדין) און „מכבי" (ווארשע) 0:2 (0:1).

דאן איז פארגעקומען די פרייז־פארטיילונג צו די פאלגענדע שפילער: נונבערג נתן, יאנקעלעוויטש יאקוב, ראזן יצחק, ראזן מרדכי און שיוועק בער.

נאך דער ספארט אימפרעזע איז פארגעקומען אין זאל פון יתומים הויז א פייערלעכער אוונט־ברויט פאר די איינגעלאדענע געסט און היימישע אנטיילנעמער.

מיר מוזן דערמאנען די פערזאנען, וועלכע האבן געהאלפן אדורכפירן אזוי גלענצנד דעם יידישן ספארט יום־טוב: די ה״ה פינקוס, מאגיסטער באזשיקאווסקי, זשמודזקי, פרל. סטעפא הערציגער, מאגיסטער בוכוויץ, פראפ׳ מעלער, מ. פלעסנער, אינזשיניער טאדעק אינוואלד, נתן אלעקסאנדראוויטש, לאכמאן, פישעל און זוסמאן ליכטענשטיין. חזק ואמץ!

*

## שטורמישע האנטווערקער פארזאמלונג.

אין אייגענעם לאקאל איז פארגעקומען די יערלעכע פארזאמלונג פון האנטווערקער־פארבאנד (קאלאנטאיא 45). נאך מיט עטלעכע וואכן צוריק האבן ארום דער פארזאמלונג זיך אנגעהויבן „חבלי לידה". עס זענען פארגעקומען שטילע רייבונגען צווישן דעם שניידער־צעך, וועלכער רעכנט זיך אלס „באזונדערע מלוכה" אינעם אלגעמיינעם האנטווערקער־פארבאנד, און די איבריקע צעכן.

די „רייבונגען" זענען אנטשטאנען צוליב דעם, וואס אלע צעכן זענען קעגן דעם פארשלאג פון שניידער־צעך, אז אין דער נייער פארוואלטונג זאל זיין פארטראטן אויך ה׳ סאבקאווסקי, וועלכער האט געוויסע פארדינסטן פארן האנטווערקער בכלל און פאר דער שניידער־צעך בפרט.

די פארזאמלונג ווערט געעפנט דורכ׳ן וויצע־פרעזעס ה׳ פערשטענפעלד. דעם פארזיץ פירט ה׳ מ. וו. קאמינסקי. אין פרעזידיום: אלימלך קאנער און אהרן גאלענזער אלס סעקרעטאר. באריכט פון דער טעטיקייט גיט איבער ה׳ פערשטענפעלד. קאסע־באריכט — ה׳ פייגענבלאט. נאך די באריכטן הויבט זיך אן דער „שטורעם" ארום דער פראגע, צי ה׳ סאבקאווסקי זאל באקומען דאס ווארט. עס קומט פאר אן אפשטימונג. די מערהייט זאגט זיך ארויס פאר „יא".

בעת זיין רעדע ווארפט סאבקאווסקי באשולדיקונגען אויף די אקטיוויסטע פארוואלטונגס מיטגלידער. דער ארויסטריט רופט ארויס שארפע פראטעסטן און עס אנטשטייט א כאאס. עס קומען פאר קעגנזייטיקע קריגערייען, און דער פועל יוצא דערפון איז, אז דער פארזיצער איז געצוואונגען צו שליסן די שטורמישע פארזאמלונג אן יעטוועדע באשלוסן און רעזולטאטן.



א גרופע אינסטרוקטארן פון „הכח". עס שטייען פון לינקס צו רעכטס: שטיינברעכער, לעמבערג, ארליך, שלעזינגער, ראזענבלום, באזיקאווסקי. עס זיצן: גאלד, שטיינבערג, סענדישעוו (יעצט טאלער, ישראל), לאסקער, שענבערג.

קבוצת מדריכי „הכח".

*

## יובל פייערונג פון „אהבת חסד".

די געזעלשאפט „אהבת חסד" אין בענדין האט געפייערט דעם 25־יעריקן יובל פון איר עקזיסטענץ. די פייערונג איז געווען א באשיידענע.

דער ניי־רעמאנטירטער לאקאל איינגעטונקען אין א ים פון ליכט גיט צו א יום־טוב שטימונג; אויף א גרויסן טאוול זענען אויסגעקריצט די נעמען פון די נפטרים מיט ר׳ נחום צוקערמאן בראש, וועלכער האט געשאנקען דעם לאקאל פאר דער געזעלשאפט.

די פייערונג עפנט פרעזעס ה׳ אליעזר באזשיקאווסקי, וועלכער דריקט אויס דעם ווונטש, אז דער נעכסטער יובל זאל געפייערט ווערן אין ארץ ישראל.

אין פרעזידיום ווערן איינגעלאדענט: מו״צ פרידברג, רבי ר׳ שמואל באמבאך, ר׳ מענדל ראזענזאפט, רעד. לעווקאוויטש, משה ראזענקצר און ר׳ בונם שפירא.

דער חזן ה׳ קלאגסבאלד זינגט מיטן כאר „מה טובו", דאוונט מעריב, ציילט ספירה און באקומט א ווארעמען יישר־כח פון פארזאמעלטן עולם.

נאכן דערמאנען די נעמען פון די פארשטארבענע מיטגלידער, גיט מו״צ פרידבערג א קורצן איבערבליק איבער דער טעטיקייט פון „אהבת חסד".

דאן קומט פאר דער גשמי׳ות־דיקער טייל. דער עולם זעצט זיך אוועק ארום די מיט כל־טוב סערווירטע טישן, און מען פארברענגט געמיטלעך און נישט מיט א קליינעם אפעטיט... רבי ר׳ שמואל באמבאך דערלאנגט אויך א גייסטיקן שפייז, האלטנדיק א שיינע רעדע וועגן העכערע באגריפן פונעם מענטשלעכן לעבן. צום סוף דאנקט דער רעדנער דעם פרעזעס באזשיקאווסקי, וויצע־פרעזעס אפעלבוים, גבאי יהושע ראזענקער און אנדערע פאר זייערע לייסטונגען לטובת דער געזעלשאפט.

דער חזן קלאגסבאלד האט מהנה געווען דעם עולם, זינגענדיק נאציאנאלע פאלקס־לידער. צום סוף ווערט דערלאנגט דעם לאנגיעריקן פרעזעס באזשיקאווסקי א מתנה — א שיינער בעכער. גאנץ שפעט ביינאכט איז די פייערונג געשלאסן געווארן.

## שטורמישע אלגעמיינע פארזאמלונג פון בענדינער „תלמוד־תורה".

אין לאקאל פון „תלמוד־תורה" איז פארגעקומען די יערליכע אל־געמיינע פארזאמלונג. ווי תמיד איז אויך דאסמאל געקומען א קליינע צאל מיטגלידער. די פארזאמלונג עפענט פרעזעס ה' אורבאך, און דעם פארזיץ נעמט איבער שלמה שעלצער.

ה' טענענבוים לייענט דעם פריערדיקן פראטאקאל און גיט אפ א קאסע־באריכט. ה' בוכווייץ באקומט דאס ווארט צו זיין טעטיקייטס־באריכט. ער גיט איבער די פארשידענע שטערונגען און שיקאנעס, וואס די פארוואלטונג האט געהאט אויסצושטיין מצד די געריער חסידים, וועלכע לייקענען שטיין און ביין.

א שטורעם ברעכט אויס ווען ה' לייביש בוכווייץ פון „מזרחי" רופט אויס דעם נאמען: ר' מענדל לעווין. דא האט דער זאל ממש א ציטער געטון. ה' בוכווייץ ווערט באפאלן נישט מיט בלויז זידל־ווערטער „לאבוז", נאר ס'רייסן זיך צו אים יונגע לייט מיט געבײַלטע פויסטן.

איבער טיש אין בענק שפרינגט א יונגערמאן — פינטשע שטייער און רייסט אראפ די הוטן פון די קעגנערס קעפ. דער שטורעם פאר־גרעסערט זיך. די לאגע ווערט דראענדיקער, אזוי אז דער פארזיצער דערקלערט די פארזאמלונג פאר א געשלאסענע.

(באמערקונג: ר' מענדל לעווין ז"ל איז אנגעגאנגען אין די „אגודה"־קרייזן אלס רב אויף׳ן ארט פון זיין פארשטארבענעם פאטער, הרב ר' צבי חנוך לעווין ז"ל, וועלכער איז נפטר געווארן אין 1935. מחמת דעם וואס בוכווייץ ז"ל האט אנגערופען ר' מענדלען נישט מיטן נאמען „הרב הגאון ר' מענדל", איז אויסגעבראכן דער באשריבענער שטורעם. — די רעדאקציע.)

*

## דער המשך פון דער פארזאמלונג

עס איז ווידער פארגעקומען אן אלגעמיינע פארזאמלונג פון תלמוד תורה, אבער דאס מאל איז דער פארלויף געווען א רואיקער. בעת דער דיסקוסיע איז מער נישט געווארפן געווארן קיין קעגנזיי־טיקע חטאים, נאר עס איז געקומען צום אויסדרוק דער ווילן, אז די ת"ת זאל אוועקגעשטעלט ווערן אויף א געזונטער באזע.

דעם פארזיץ פירט ה' משה בנימין קליינמאן, וועלכער דער־קלערט, אז אויפן סדר היום איז נאר פאראן איין פונקט פון ווײַלן א פארוואלטונג. עס ווערט אריינגעטראגן א קאנדידאטן־ליסטע, וועלכע ווערט דורך די פארזאמלטע אקצעפטירט. עס זענען געוויילט געווארן: ד. לאסקער, מ. דאפנער, אורבאס, י. וועלגרין, אליעזר פעלדמאן, מ.ה. מיצענמאכער, ח. ליבערמאן, לעווין, י. ענגלראד, י. סלאוואטיצקי, א. טענענבוים, ש. שעלצער, משה בנימין קליינמאן, מנדל ראזענזאפט, מ. ראזע, ח.וו. שטיינהארט, ג. זאכאריאש, א. וויינרעב, ה. שטיינקעלער, י. לאנדא, גרינוואלד און מענדל דאמב.

דער נייער ועד האט אויפן ארט אפגעהאלטן א זיצונג אויף וועל־כער ס'האט זיך קאנסטיטואירט דאס פאלגנדע פרעזידיום: מרדכי דאפנער — פרעזעס, אליעזר פעלדמאן און מ.ה. מיצענמאכער — וויצע־פרעזעסן, א. טענענבוים — סעקרעטאר.

## א פייערליכער אקט אין יתומים־הויז צום סוף פון ש ו ל יאר 1938.

דער יידישער גביר יעקב גוטמאן האט באשלאסן צו פאר־ענדיקן דעם בנין פון „בית־יתומים". דער גאנצער פינפטער שטאק, וועלכער איז איצט אינגאנצן רוי, וועט בקרוב אויסגעפארטיקט ווערן א דאנק דעם נדבן ה' גוטמאן.

דינסטיק איז אין יתומים־הויז פארגעקומען די טראדיציאנעלע פייערונג אין צוזאמענהאנג מיטן פארענדיקן פון שול־יאר, ווען די קינדער באקומען די שול־צייגענישן.

די פייערונג קומט פאר אין גרויסן זאל ביי דער אנוועזנהייט פון דער פארוואלטונג. די ציכטיק געקליידעטע קינדער פילן אויס די לאנגע שורות שטולן פונעם זאל.

„ליבע קינדערלעך!" — הויבט אן איר רעדע די פארזיצערן פרוי צירעלע שיין. „דער היינטיקער טאג האט פאר אייך א גרויסע באדייטונג. א סך פון אייך באקומען גוטע שול־צייגענישן, וואס באַ־ווייזן, אז איר האט זיך פלייסיק געלערנט און אויסגעהאלטן די עקזאמענס. איר קינדער, וואס האבן פארענדיקט די שול און הויבן אן א נײַ לעבן, געדענקט, אז מיט ארבעט זאלט איר זיך נישט שעמען, ווארים מיט ארבעט בויען מיר איצט אונזער לאנד און טראגט שטאלץ דעם נאמען ייד!"

יצחק וויגאדזקי רעדט וועגן דער באדייטונג און דעם זין „גירסא דינקותא", פון לערנען אין די קינדער־יארן, וואס מען גע־דענקט אייביק און דריקט אויס די האפנונג, אז די קינדער וועלן אויסוואקסן נוצלעכע בירגער פארן יידישן פאלק און לאנד.

דאן דאנקט די עלף־יעריקע גוטשע שאפיר דער פארוואלטונג און בפרט די פרויען צ. שיין און ס. וויינשטאק, וועלכע זי דער־לאנגט בוקעטן בלומען.

צום סוף רעדט דער לערער זידער וועגן דער וויכטיקייט פון למודים ביים יידישן פאלק, און ער צוטיילט די שול צייגענישן.

די קינדער באקומען „לאַדעס" (אייז־קרעם), און מיט „התקוה" ווערט די פייערונג געשלאסן.

*

## „געשעעניש" אין דער בענדינער שול

די שטאט איז א גאנצע וואך געגאנגען אויף רעדלעך צוליב באדויערנדיקע געשעענישן, וואס זענען פארגעקומען אין דער שול שבועות, 1938.

אויף דער איינלאדונג פון די שול־מתפללים און פונ׳ם שול־קא־מיטעט, איז הרב גראסמאן געקומען שבת, ערב שבועות, אין שול אריין דאווענען. נישט געקוקט אויף דער אפיציעלער איינלאדונג האט דער שול־שמש באקומען א באפעל, אז אַן דערלויבעניש פון דער קהילה, טאר קיינער נישט רעדן אין דער שול.

דער פרעזעס פון שול־קאמיטעט, דאזאר משה מאנעלא, נישט קוקנדיק אויפן „באפעל" פון דער גמינע האט ערטיילט דאס ווארט דעם רב צו זיין דרשה. אלע מתפללים זענען געשטאנען ווי צוגעשמידט צו זייער ארט, שלינגענדיק די פערלדיקע געדאנקען און מאמרי חז"ל, וואס דער רב האט געבראכט אין זיין דרשה, וואס האט געמאכט א קאלאסאלן רושם.

נאך דער תפילה איז דער רב ווידער איינגעלאדן געווארן צו קומען יום־טוב אין שול. צומארגנס, דעם ערשטן טאג שבועות, איז פארגעקומען אין דער שול אזעלכעס וואס בענדין האט נאך נישט געזען.

נאך שחרית האט מען דעם פרעזעס רובענליכט מכבד געווען מיט פתיחה. געפינענדיק זיך ביים ארון הקודש, האט זיך געהערט

א רוף: — „די שול־מתפללים בעטן דעם הרב הגאון רעדן וועגן קבלת התורה!".

ה' רובענליכט האט געוואלט עפעס זאגן אין דעם ענין. אבער עס אנטשטייט א שטורעם, אזוי אז ער האט נישט געקענט קומען צום ווארט. די הערן לייביש בוכוויץ און מאנעלא האבן אפעלירט צום עולם, אז מ'זאל אויסהערן דעם ה' רובענליכט, אבער עס איז נישט געווען דער כוח, וואס זאל קענען איינשטילן די אויפגעברויזטע געמיטער.

ה' רובענליכט איז נישט געקומען צום ווארט, און מען איז צוגעטרעטן צו קריאת התורה. דער עולם האט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט, אבער ביי דער עליה „רביעי" איז געקומען א צווייטער טרויריקער אקט. די עליות האבן געטיילט רובענליכט און מאנעלא. ביי דער עליה „רביעי" איז פארגעקומען צווישן זיי ביידע חלוקי־דעות. רובענליכט האט געהייסן אויפרופן דעם ה' אהרן הערציגער, און מאנעלא האט ערקלערט, אז די עליה קומט דעם רב גראסמאן.

דער חזן רופט אויף הערציגערן לויטן באפעל פון ה' רובענליכט, און מאנעלא רופט ווידער אויף דעם רב. „דער רב וועט די עליה נישט באקומען!" — רופט אויס רובענליכט און „פאראדרנט" דעם בעל קורא נישט צו לייענען. „איך זאג, אז יא" — ענטפערט מאנעלא.

דער רב שטייט א פארשעמטער ביים אפענעם ספר, און קען נישט זאגן די ברכה. עס טרעפן זיך אזעלכע מתפללים וואס ווילן מיט געוואלט זיך ארויפרייסן אויפן בעלעמער, און אראפזעצן רובענליכטן פון וועלכן ס'ווערט אראפגעצויגן דער טלית. עס ווערט אן אומבאַשרייבלעכע מהומה.

ענדליך ווערט רואיק, דער רב באקומט די עליה און עס גייט שוין ווידער אלץ כשורה ביז נאכן דאווענען, ווען הונדערטער מענטשען האבן זיך אוועקגעשטעלט פאר דער שול, אפווארטענדיק דעם ה' רובענליכט, כדי אים צו מאכן א „קבלת פנים"... און דער „קבלת פנים" איז געווען טאקע א „פייערלעכער": רובענליכט ווערט אונטער א פאליציי שמירה אפגעפירט א היים מיט זידל־ווערטער און פראטעסט־אויסרופן.

די סצענע האט זיך אפגעשפילט פון דער שול ביז אויף דער קאַלאַנטאַיאַ גאס, און ס'איז געווען א חילול השם. דער עולם איז פונאנדערגעטריבן געווארן דורך דער פאליציי. דער עפילאג פון די געשעענישן איז געווען, אז דער פרעזעס פון דער גמינע, רובענליכט, האט געהייסן שליסן די שול.

נאך אן „אינטערווענץ" איז די שול צומארגענס, דעם צווייטן טאג שבועות, געעפענט געווארן, אבער עס איז נישט געווען קיין יום־טוב שטימונג. דער חזן האט נישט געדאַוונט פארן עמוד, דער כאָר האט נישט געזונגען, דער שטענדיקער בעל־קורא האט נישט געלייענט. אן איבערקערעניש אויפן גאנצן פראנט...

אזוי האבן בענדינער יידן געפייערט דעם היי־יאריקן זמן „מתן תורתנו".

וואס איז דער מוסר השכל פון די דאזיקע געשעענישן? זיי באַווייזן, אז דער אויפברויז אין דער שול איז געווען א רעזולטאט פון דער פארביטערונג, וואס עס האט זיך אנגעקליבן ביי דער יידישער געזעלשאפט קעגן די תקיפים, וואס ווילן מיט געוואלט האבן די ממשלה איבערן יידישן בענדין.

זאלן די פירער פון דער „אגודה" נישט מיינען, אז דער נצחון איז מיט זיי, ווייל קיינער ווייסט נישט וואסערע רעזולטאטן עס קען ברענגען א מחלוקה און ווער עס קען מער ווערן געטראפן.

עס איז שוין די העכסטע צייט, אז עס זאלן זיך געפינען מענטשן, וואס זאלן נעמען די איניציאַטיוו פון א „רונדן טיש", צו געפינען א פרידלעכן אויסוועג, כדי אויסצומיידן דאס שרעקלעכע וואס עס קענען ברענגען קריגערייען און מחלוקות ארום דעם קאמף, וואס הייסט רבנות. זאל הערשן שלום אין אונזער שטאט!

*

## „דערציערישע" מעטאדן

ווי ווייט עס דערגייט די שנאה צוליב די רבנות־שטרייטן זאל דינען דער דאזיקער פאקט: אין חדר „יסודי התורה" פון דער „אגודה" האט א מלמד געלערנט מיט די קינדער חומש מיט רש"י. אויף דעם שיעור איז אנוועזנד געווען דער מנהל פון חדר, ר' נטע, וועלכער האט דערציילט א פשט פון היגן רב, און געמיינט האט ער דעם „אגודה"שן רב.

איינער פון די תלמידימלעך האט מיט פיל תמימות געפרעגט: דעם פשט האט געזאגט דער גראיעווער רב גראסמאן? (הרב גראסמאן איז געווען דער ציוניסטישער רב. — די רעד.)

דער מנהל ר' נטע איז רויט געווארן פון כעס, הערנדיק די פראגע. זיינע אויגן האבן געגלאנצט אויף דעם תלמיד, וועלכער האט געוואגט צו דערמאנען דעם נאמען פון דעם קעגנערישן רב...

דער תלמיד האט זיין שטראף באקומען: ער איז דערוווייטערט געווארן פון חדר אין קארידאר. אפשטייענדיק אזוי א געוויסע צייט, האט אים ר' נטע דערלויבט אריינצוגיין צוריק אין חדר, בתנאי אז ער זאל זיך וואשן די הענט...

## נישטא מער ווי איין קאנדידאט אויף א פאסטן פון א רב

נאך עטלעכע טעג, ווי עס איז גילטיק דער קאנקורס אויף אריינשיקן אפערטעס אויף די פאסטנס פון א רב און א „פאַדראַבין".

ביזן היינטיקן טאג איז דערווייל מער נישט איינגעפלאסן ווי איין אפערטע אויף א רב, דאס איז פון דעם בעל חזקה, דעם אלטן רבס זון.

דאקעגן אויף דעם אמט פון „פאדראבין" איז איינגעפלאסן א גרעסערע צאל אפערטער, צווישן אנדערע פון דעם ראדאמסקער שוואגער, הרה"ג ר' דוד האלבערשטאם פון סאסנאוויץ.

דער דאזיקער פאל האט ארויסגערופן גרויס צערודערונג ביי די ציוניסטן, וועלכע האבן דעם בעסטן באוויז, אז אלע רבנים אין פוילן פארשטייען, אז זיי טארן נישט ארויסשטעלן זייערע קאנדידאטן אין דער צייט, ווען עס איז פאראן א יורש, א זון.

דעם לעצטן טאג חול המועד פסח, 1938, ענדיקט זיך דער טערמין פון קאנקורס.

*

## שטאט־אויפגאבן און פארטיי־קאמף

(וועגן דער רבנות־פראגע אין בענדין)

באמערקונג: זינט דער פטירה פונעם רב, ר' צבי חנוך לעווין ז"ל, 1935, איז בענדין געבליבן אן א געוויילטן רועה רוחני, הגם ס'האבן אין דער שטאט געווירקט צוויי רבנים, וועלכע האבן אנגעהערט צום „מזרחי" און „אגודת ישראל". פון צייט צו צייט האבן זיך געהערט אין פארשידענע קרייזן שטימען, אז ס'זאלן פארקומען רבנות־וואלן, כדי צו מאכן א סוף צו דער אומנארמאלער לאגע. דער מחבר פונעם געבראכטן אַרטיקל, בן־איש, זאגט זיך ארויס קעגן די וואלן, כדי אויסצומיידן ברידער־מחלוקת, שרייבנדיק, אז מען מוז נאך אפווארטן, ווייל

**די צייט איז נישט קיין נארמאלע און אז די אנטשיידונג וועט שוין קומען פון זיך זעלבסט... די נבואה זיינע איז באמת מקויים געווארן: די אנטשיידונג איז געקומען פון זיך זעלבסט, א קורצע צייט שפעטער, מיטן חורבן פון דער שטאט, וואס נויטיקט זיך שוין מער נישט אין קיין רב...**

(די רעד.)

אויף דער טאג־ארדנונג פון דער בענדינער קהילה שטייט די פראגע פון רבנות־וואלן. ס׳איז קיין נפקא מינה נישט, ווען און דורך וועמען די פראגע וועט געלייזט ווערן. ס׳איז א פאקט, אז אזא פראבלעם עקזיסטירט און איז אוועקגעשטעלט געווארן אין זיין גאנצער שארף אויפן פארום פון אונזער קהילה־לעבן.

די פרעטענדענטן און רעפליקאנטן אויף פרנסה׳דיקע עקזיסטענץ־שטעלעס האבן אנגעהויבן אויך צושטייער צו געבן זייער פערזענלעכן אנטייל אין דעם קאמף, קעגן וואס מיר זענען געצוווּנגען שארף ארויסטרעטן.

דער ביטערער רבנות־קאמף אין סאסנאוויץ האט שוין אונז נישט ווייניק צרות אנגעטאן, דאס לעבן פארביטערט און אונזער פנים פארשווארצט. ענלעכע קערנער זענען שוין געווארפן געווארן אויף דעם בענדינער באדן, ווו די ערשטע זאמען וועלן זיך מן הסתם באלד אנהויבן אויסצופיקן און ארויסצושפראצן.

מיר טארן נישט פארגעסן, און זאלן אנדערע אויך נישט זיין נאאיוו און מיינען, אז אויב ס׳וועט וועמען געלינגען אדורכצופאָרסירן זיין קאנדידאט, וועט די פראגע דערמיט אנטגילטיק געלייזט ווערן. דער בעזיגטער און בע׳עולה׳טער צד וועט קיינמאל נישט מוותר זיין אויף זיין פארלעצטן כבוד, און עס איז פארהאן א יסוד צו דערווארטן, אז דאס אמתע פייער פון מחלוקת וועט זיך ערשט דאמאלס רעכט צופלאקערן. די לעצטע געשיכטע פון רבנות־וואלן אין א סך שטעט פון לאנד קען ריכטיק־שטעלן מיט בעווייזן אונזער השערה. ווו איז, אלזא, דער אויסוועג און וואס איז די עצה, אז מיר זאלן עפעס ענלעכעס פערשפארן און אויסמיידן? לעבט זיך דען אונז ווירקלעך אזוי גוט, אז מיר זאלן קענען אונזער ענערגיע פטרן אויף אזעלכע קאמפן? צו דארפן מיר נאך מיט אייגענע הענט טרייבן זעלבסטפארניכטונג?...

רעדנדיק וועגן דער אנגעווייטאקטער רבנות־פראגע ביי אונז אין שטאט, מוזן מיר שטארק אין אכט נעמען פאקטן, וועלכע מיר זענען נישט אימשטאנד זיי צו פארלייקענען אדער באזייטיקן. קודם כל: מיר קענען אין אונזערע האנדלונגען נישט זיין איינזייטיק, און ס׳איז די מאראלישע פליכט פון דער קהילה־לייטונג, אז זי זאל קיין שום צד נישט איגנארירן און עקספלאאטירן. זי מוז אירע מעשים אזוי ריכטן, אז זיי זאלן קענען צופרידנשטעלן אלע באפעלקערונגס־טיילן. די קהילה־אינסטאנץ קען נישט זיין איינזייטיק און שטרענג פארטייאיש, באשר אירע טאט־לייסטונגען וועלן נישט אקצעפטירט ווערן דורך די קעגנערישע טיילן פון דער באפעלקערונג אין וועמענס אויגן זי וועט פארלירן דעם צוטרוי און אויטאריטעט.

ווו איז דער אויסוועג? אויף וואס פאר אַן אופן איז מעגלעך צופרידענצושטעלן מיט אמאל אלע טיילן פון דער שטאט־באפעלקערונג? מיר ווילן יעצט אפשאצן וועלכער צד האט מער כוח. איין צד ווערט רעפרעזענטירט דורך דער רעליגיעזער־נאציאנאלער פארטיי „מזרחי", און דער צווייטער צד באשטייט פון גערער חסידים. צווישן זיי ביידע בילדן די „אומפארטייאישע חסידים" א גאנץ באזונדערן דריטן פליגל.

מיר מוזן זיך רעכנען מיט עקזיסטירנדיקע פאקטן, אז די צוויי הויפט־צדדים האבן שוין ארויסגערוקט ווייטגייענדיקע קאנקרעטע פלענער, ווי אזוי צו לייזן די אנגעווייטיקטע רבנות־פראגע ביי אונז אין שטאט, איינלאדנדיק צוויי קאנדידאטן; און א פאקט איז, אז ביידע רבנים־קאנדידאטן ווינען שוין לאנג אויפן ארט, און ארום איינעם גרופירט זיך דער רוב מנין ובנין פון דער שטאט, וועלכער האט שוין, למען האמת, ווייט אריבערגעוואקסן די גרענעצן פון זיינע פארטייחברים. איגנארירן ווידער גענצלעך דעם צווייטן צד, הגם ער באזיצט נישט אזא מאראלישע קראפט, קען מען אויך נישט, ווייל דאן לאזט מען זיך אויף א זיכערן וועג פון שווערע פארטיי־קריגערייען. מען מוז דאך, אלזא, ביידע צדדים צופרידענשטעלן, און ווי אזוי מאכט מען דאס?

די קהילה־לייטונג איז מחויב צו רעקאנסטרואירן דעם רבנים־קאמיטעט אזוי, אז ער זאל ווירקלעך אנטשפרעכן די באדערפענישן און אינטערעסן פון דער שטאט, און אז זיין אנזען זאל באקרעפטיקט ווערן דורך אלע טיילן און שאטירונגען פון דער שטאט.

לויט אונזער מיינונג וועט אזא ראבינאט באקומען זיין אמת׳ן אויטאריטעט, ווען מ׳וועט צו אים צוקאאפטירן די רבנים פון גרייעווע און קאָזשעגלאוו. דער נאציאנאלער לאגער מיט די ברייטע פאלקסמאסן וועלן דארט האבן זייער רב גראסמאן, די אומפארטייאישע חסידים — דעם קאָזשעגלאווער רב און די גערער חסידים וועט גאר קיין עוולה נישט געטון ווערן. צוזאמען וועט דאס זיין א פאסענדיקער בי״ד, וואס וועט פארדינען דעם צוטרוי פון אלעמען.

וואס טוט מען דערווייל מיט דער פראגע פון א רב? לויט אונזער מיינונג מוז מען אין דער היינטיקער צייט אויסמיידן ברידער־מחלוקת און אומזיכטע קאמפן, און ס׳איז כדאי מוותר צו זיין אויפן כבוד פון א רב נאך א פאר יאר, ווען די צייט וועט זיך נארמאליזירן. די אנטשיידונג וועט שוין דאן קומען פון זיך זעלבסט... זאל ווערענד דער צייט פארלויפיק הרב כמיידעס פון קאטאוויץ פארטרעטן אונזער קהילה אלס „קאזיאנער ראבינער".

**יא, דאס איז אונזער פארשלאג, ווען מיר פארטרעטן דעם ערלעכן אומפארטייאישן שטאנדפונקט, ווייל פאר אונז זענען אין יעצטיקן מאמענט וויכטיק די פאלגענדיקע צוויי פראגן: א בי״ד חשוב און שלום!**

בן־א״ש, (רעדאקטאר ש. לעווקאוויטש, בן־אמוץ)
„זאגלעמביער לעבן", נומער 18, פון 12.9.1938

*

## א ווארט צו די שטאט־ראט וואלן אין בענדין, 1939

לויט די קורסירענדיקע קלאנגען גרייטן זיך גאר שטארק די קריסטן, ספעציעל די „ענדעקעס", צו עראבערן דעם שטאט־ראט אין די נאענטסטע וואלן. האבנדיק א גרעסערע פארטרעטערשאפט אין שטאט ראט וועלן די „ענדעקעס", ווי זייער שטייגער איז, אנווענדן כלערליי מיטלן, כדי אונז, יידן, אפשוואכן אויפן ווירטשאפטלעכן געביט.

אין איינקלאנג מיט דעם מוזן מיר יידן אנשטרענגען אלע כוחות, כדי צו שאפן אן איינהייטלעכן פראנט. אלע רייבונגען און רייסענישן און פערזענלעכע אמביציעס מוזן באזייטיקט ווערן, אין קעגנפאל דראט אונז א סכנה, אז די יידישע פארשטייערשאפט אין שטאט־ראט וועט זיין א קליינע, א נישטיקע.

מיר מוזן שוין באצייטנס זארגן וועגן א פאראייניהייטליכונג פון דער יידישער וויילערשאפט. דאס איז ביי אונז יידן א שווערע זאך, אבער די געזונטע לאגיק, דאס יידישע געוויסן און הארץ דיקטירט אזוי. עס דארף געווארפן ווערן איין איינציקע לאזונג — אחדות!

עס איז שוין די העכסטע צייט, אז אונזערע פארשידענע כלל־טוער און פאליטיקער פון אלע ריכטונגען זאלן פארשטיין, אז נאר אין איינהייט ליגט אונזער כוח.

אין קעגנפאל זענען מיר עתיד ליתן את הדין.

מיר מוזן אויך וויסן וועמען מיר האבן בדעה צו שיקן אין שטאט־



עלטערן קאמיטעט ביים בענדינער מאגיסטראט. עס שטייען פון רעכטס: הערשילעוויטש, ווייצענבערג, וועקסבערג, פאראסאל. עס זיצן: פישעל רעכניץ, 2 קריסטן, גוטענשטיין, קאמינער. ועד הורים ליד העיריה.

ראט. נישט בלויז די פארטיי אנגעהעריקייט פון קאנדידאט דארף דעצידירן, נאר זיין יחוס עצמו, זיינע פעאיקייטן, זיין מסירת נפש.

די יידישע באפעלקערונג און די צוקונפטיקע יידישע פארשטייער שטייען פאר א גרויסן עקזאמען, וועלכן זיי דארפן קענען אויסהאלטן. הלואי, זאלן מיר זיך נישט אנטוישן!

## נאך די וואלן צום בענדינער שטאט־ראט, 1939

אימפאנירענדיק איז דער זיג פון די ציוניסטישע ריכטונגען, וועלכע זענען געגאנגען פעראייניקט אין אן איינהייטלעכן בלאק צו די וואלן צום היגן שטאט־ראט, באקומענדיק 7 מאנדאטן פון דער אלגעמיינער צאל — 15 יידישע מאנדאטן. דאס יידישע בענדין איז אין זיין רוב געבליבן טריי דער נאציאנאלער פאן און ביי די וואלן געשטימט פאר די קאנדידאטן מיט אן אויסגעשפראכענעם ציוניסטישן פרצוף.

דער „נס" פון „בונד" אין בענדין און אין גאנץ זאגלעמביע בכלל — איז נישט געשען. באקומענדיק אין אלע זאגלעמביער גרעסערע שטעט 3 מאנדאטן טראץ דער ריזיקער וואל־קאמפאניע, אויסהאלטנדיק ספעציעל עטלעכע „וואלספעצן"... דארט, ווו דער יידיש־געזעלשאפטלעכער באדן איז אויפגעאקערט און באזייט מיט נאציאנאל־באוווסטזיניקע זאמען — דארט איז נישטא קיין פלאץ פאר יעטוועדער מוחות־פארטעמפונג ביי די נאיווע, פאליטישע שוואך־אריענטירטע וויילער...

## די געזעלשאפט „ארט" ביי דער ארבעט

די נייע פארוואלטונג פון דער געזעלשאפט „ארט" אין בענדין האט אפגעהאלטן די ערשטע זיצונג, אויף וועלכער עס איז געוועלט געווארן פאלגענדיקער פרעזידיום: פרעזעס — פרוי פאראדיסטאל, וויצע פרעזעס — בנימין גרויבארט, קאסירער — נאטאייל, סעקרעטאר — צוקערקאנדל.

## פון לערער פאריין

די טעג איז פארגעקומען אין בענדין אן אלגעמיינע פארזאמלונג פון יידישן פראפעסיאנעלן לערער־פאריין. אויף דער פארזאמלונג זענען באהאנדלט געווארן פארשידענע אקטועלע פראגן און עס איז אפגעגעבן געווארן א באריכט פון לעצטן לערער־צוזאמענפאר אין ווארשע. עס איז אויסגעוויילט געווארן פאלגענדיקע פארוואלטונג: בערקאוויטש, הארעוויטש, שוואנענפעלד, קארלין און פערלמוטער. פארטרעטער: אייזענבערג און אלחנן זיידער.

*

## זומער־קאלאניעס פון „גורדוניה"

לויט דער שטענדיקער טראדיציע האט אויך היי־יאר (1939) דער ראיאן־קאמיטעט פון „גורדוניה" ארגאניזירט א זומער־קאלאניע, וועלכע וועט פארקומען אין רייטשע, וואס ליגט אין די בעסקידן־געבירג. די קאלאניע וועט קאנצענטרירן העכער צוויי הונדערט יונגע גארדאניסטן פון אלע ארגאניזאציעס אין זאגלעמביע.

לויט דער פארזיכערונג פון דער הנהגה הראשית, וועט זיך אין דער מושבת־קיץ באטייליקן דער ארץ־ישראל שליח קויפצ'ה אייזן פון משמר השרון אין עמק חפר. אויך רופט ארויס צופרידענהייט די באטייליגונג פון פאטראנאט־מיטגלידערין, פרוי מרים ליוויער. עס וועט זיך אויך באטייליקן א ספעציעלער אינסטרוקטאר פון „מכבי", אזוי דאס די הייעריקע קאלאניע פון „גורדוניה" פארזיכערט פאראויס צו זיין א דערפאלגרייכע.

*

## פון „ברית החייל"

זונטאג פארמיטאג איז פארגעקומען א טרויער אקאדעמיע לכבוד דעם אנדענק פון פאלקס־העלד, שלמה בן־יוסף ז"ל. די סצענע איז געווען דעקארירט מיט א גרויס בילד פון אומגעקומענעם קדוש. ארום דעם בילד — בית"רים מיט פאנען. די אקאדעמיע האט געפירט זיגמונד שערער. מיט רעדעס זענען ארויסגעטרעטן ד"ר שטערנבערג און אליעזר שאסטאק פון ארץ ישראל.

דער בענדינער „ברית החייל" מאכט אלע הכנות צו דעם פייערליכן סיום פון ספר התורה אויפן נאמען פון זאב זשאבאטינסקי.

דער ספר וועט געפירט ווערן פון אייגענעם לאקאל אין דער גרויסער שטאט־שול, מיט פאראד און ארקעסטער, ווו עס וועלן ארויסטרעטן מיט פייערלעכע רעדעס מעניני דיומא הרב גראסמאן פון בענדין און הרב כמיידעס פון קאטאוויץ.

*

## אפרו־סאנאטאריום פאר חלוצים

(וויכטיקער אויפטו פון בענדינער קיבוץ)

שטיל, אן רעש און אן טומעל, האט דער חלוצישער קיבוץ אין בענדין אויפגעשטעלט א וויכטיקן אנשטאלט: אן אייגענעם אפרו־סאנאטאריום אין אלקוש. אין א נייע געבויטן הויז, הארט ביים וואלד, אין פרעכטיקע ליכטיקע צימערן געפינט זיך א סאנאטאריום פאר זעכצן מיטגלידער פון חלוצישן קיבוץ.

מידע, פארהארעוועטע, אנגעזאפטע מיט רויך און מיט שעדיקער לופט קומען אהין די חלוצים, ווו זיי פערברענגען עטלעכע וואכן, רוהען זיך אפ פון זייער ארבעט, פארבעסערן זייער געזונט־צושטאנד און פריש און מונטער קערן זיי זיך צוריק צו זייער טאג־טעגלעכער ארבעט. אט אזוי האט דער בענדינער קיבוץ געלייזט איינע פון זיינע וויכטיקסטע אויפגאבן: די זארג פארן געזונט צושטאנד פון זיינע מיטגלידער.

דאס סאנאטאריום ווערט אנגעפירט דורך חברות פון קיבוץ און

געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון אלקושער דאקטאר, א י י נ־ה א ר ן, וועלכער ערטיילט דעם בית־הבראה אומזיסט מעדיצינישע הילף.

דער פאטראנאט פון קיבוץ האט א דאנק דער מי פון פרעזעס פ י ר ס ט ע נ ב ע ר ג געשאפן די מיטלען אויף די ערשטע איינריכטונגען.

*

### א ראיאן־בעראטונג פון די חלוצישע יוגנט־ארגאניזאציעס

דעם צווייטן טאג שבועות נאך מיטאג, איז פארגעקומען אין בענדין א ראיאן בעראטונג פון אלע קיבוצים און חלוצישע יוגנט־ארגאניזאציעס אין זאגלעמביע.

אין נאמען פון מרכז החלוץ האט זיך באטייליקט א. ז א ד ע ר־נ א ו ו ס ק י פון ארץ־ישראל.

אויפן סדר־היום זענען געשטאנען די פראגן, וואס האבן צו טאן מיט דעם 20־יעריקן יובל פון החלוץ (1918—1938) און מיט די ארבעטן פון די ארגאניזאציעס און זאגלעמביער קיבוצי־הכשרה.

צווישן אנדערן איז באשלאסן געווארן: 1) פייערן מיט פאר־שידענע אימפרעזן דעם 20 יעריקן יובל פון החלוץ, 2) אויסבויען אין יעדער שטאט און שטעטל חלוצישע סניפים, 3) מאביליזירן די יוגנט פאר די קיבוצים, 4) פארשפרייטן די יובל אויסגאבען: „העתיד", „ידיעות" און אנדערע, 5) ארויסגעבן א זאמעלבוך פון לעבן און טעטיקייט פון די ציוניסטישע יוגנט־ארגאניזאציעס אין זאגלעמביע.

צום סוף איז פייערלעך באשלאסן געווארן איינשרייבן דעם החלוץ אין „ספר הזהב" פון קרן־הקימת לישראל. עס איז דער כבוד פון זאגלעמביע צו פארייביקן דעם 20 יעריקן יובל פון החלוץ אין „ספר הזהב", ווייל בענדין איז געווען דאס וויגעלע פון דער חלוצישער באוועגונג און פון דאנען האבן זיך תמיד געלאזן מיט אלע עליות די ערשטע חלוצים־גרופעס אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

עס איז געוויילט געווארן א ראיאן־סעקרעטאריאט פון פאלגענדן צוזאמענשטעל: מ א ר א וו ט ש י ק (קיבוץ בענדין), שלאמעק צ י־מ ע ר מ א ן („גורדוניה" בענדין), ש פ ר י נ ג ע ר („פרייהייט" בענדין), ב א ל י צ ק י („השומר הצעיר", דאמבראווא) און א ל י ע ז ר (קבוצת הכשרה, „גורדוניה", סאסנאוויץ).

*

### אקאדעמיע פון „צעירי אגודת ישראל" אין בענדין

אין קינא „נאוואסטשי" איז פארגעקומען אן אקאדעמיע געווידמעט דער צוואנציק־יעריקער עקזיסטענץ פון „צעירי אגודת ישראל" אין פוילן.

די סצענע איז דעקארירט מיט די בילדער פון די העכסטע מלוכה־מענער און פון די רבנים שפירא און ר' צבי חנוך לעווין ז"ל. דער זאל איז נישט קשהדיק באזעצט. דער רוב אבער זענען נישט קיין צעירים, נאר זקנים, עלטערע חסידישע יידן.

די אקאדעמיע עפענט דער ראבינאט־סעקרעטאר ה' ה ע ר צ־ב ע ר ג, און אויף זיין פארשלאג ווערן באערט די קדושים פון ארץ ישראל. דאן קומען פאר באגריסונגען. אין נאמען פון דער ארטיקער ארגאניזאציע באגריסט אין העבעראיש ה' ו ו י י צ מ א ן, אין נאמען פון בענדינער ראבינאט — ה' הירש נחמן מ י י מ א ן.

א שיינעם רעפעראט האלט דאן דער קאטאוויצער רב פ א ג ע ל־מ א ן, וועלכער ווייזט אן אויף די נייע ישובים אין ארץ ישראל א דאנק די העראישע מעשים פון די חלוצים. דער יידישער רענעסאנס — זאגט דער ראבינער — איז געקומען א דאנק דעם, וואס דער ווונטש פון שיבת ציון ווערט דורכן רעליגיעזן ייד דערמאנט דריי מאל אין טאג, וואס עס האט געגעבן בטחון דעם יידישן פאלק ביזן היינטיקן טאג.

אין נאמען פון צענטראל קאמיטעט באגריסט ה' ק ר א נ ג ר א ד.

ס'רעדן נאך דער סאקאליקער רב און ה' ב י נ ע נ ש ט א ק פון דער סאסנאוויצער ארגאניזאציע.

די שלוס רעדע האלט ה' פ ע ר ל ע ג ע ר און מיטן זינגען „הקבצו" ווערט די אקאדעמיע געשלאסן.

*

### פון דער „מוזע"

פרייטיק און שבת קומען פאר אין לאקאל פון דער „מוזע" מוזי־קאליש־וואקאלישע אוונטן. אין פראגראם איז פארגעזען אן אויפטריט פון פאלק־כאר אונטער דער לייטונג פון מענדל ק א נ ע ר און א גאנצע ריי ערשטקלאסיקע קאמפאזיציעס פון יידישן מוזיק־אוצר, א קלאוויר־רעטשיטאל און דער דראמאטישער קרייז וועט אויספירן איינאקטערס, מוזיקאלישע און כאראלע רעציטאציעס, רעזשיסירט דורך א קאלעגיום.

די „מוזע", וועלכע האט זיך שוין נישט לאנג באוויזן פארן ברייטן עולם, מאכט איצט א פרווו איינצואָרדענען אויף א מיניאטור־אופן קינסטלערישע אוונטן, זארגפעלטיק צוגעגרייט אונטער א פאכמענישער אויפזיכט, וואס עס איז ווערט צו באגריסן.

ס'איז צו האפן, אז די „מוזע", וועלכע נעמט זיך ווידער צו אן ענערגישער קינסטלערישער ארבעט ווי א מאל, וועט געווינען די סימפאטיע פון דער שטאט און אירע אוונטן וועלן ווערן רייך באזוכט.

אין צוזאמענהאנג מיט דער אקארשט נישט־לאנג פארגעקומענער ערשטער יארצייט פון באקאנטן טעאטער־רעזשיסער דוד ה ע ר מ א ן, וועלכער האט געהאט גרויסע פארדינסטן פאר דער „מוזע", איז פארגעקומען אן אקאדעמיע, אויף וועלכער עס האבן גערעדט וועלוועלע ר ע כ נ י ץ און ל. ק א נ ע ר. עס זענען אויך פארגעקומען רעצי־טאציעס פון יידישע קלאסיקער.

*

### פון „תפארת ישראל"

דער זאל פון „מזרחי" באקומט א יום־טובדיקן אויסזען. עס קומט פאר די פייערונג אונטערן נאמען „שמחת התורה" איינגעארדנט דורך דער ניי געשאפענער „תפארת ישראל", וועלכע עס האבן געגרינדעט האנטווערקער, שאפנדיק א הילפס־קאסע און איצט א ספר התורה פאר דער געזעלשאפט.

די שמחה איז געפראוועט געווארן מיט אלע פיטשעווקעס, אפילו מיט בדחנים. עס איז בין־השמשות. דער שיין דעקארירטער און באַ־לויכטענער זאל איז פול מיט חברים. אט לויפט איינער פון די ארדנער, וועלכער רופט אויס: מוזיק, דער רב גייט!

עס קומט הרב גראסמאן מיט זיינע מקורבים. דער ארקעסטער שפילט א „ברוך הבא". די געסט זעצן זיך ארום די לאנגע געדעקטע מיט כל־טוב טישן, און די חגיגה הייבט זיך אן.

דער גרינדער פון „תפארת ישראל" און הויפט ארגאניזאטאר משה ד ר י ט ע ר עפענט די פייערונג און איז מכבד דעם הרב הגאון ר' יצחק אייזיק גראסמאן מיטן פארזיץ. דער צווייטער הויפט־מחותן פון דער שמחה דוד וו א ל ד ע ר מ א ן באגריסט אין העבעראיש, און דער־קלערט די באדייטונג פון דער דורך זיי געשאפענער חברה א. נ. „תפארת ישראל".

פרעזעס פון האנטווערקער פארבאנד ג א ל ד ש ט י י ן דריקט אויס אין זיין באגריסונגס־רעדע דעם ווונטש, אז מיט „תפארת ישראל" זאל

נאך מער פארשטארקט ווערן דער אחדות צווישן די יידישע בעלי־מלאכות.

אין נאמען פון לעדער־צעך באגריסט דער סטארשי יוסף טוכ־שניידער, און דאן ווערט ערטיילט דאס ווארט דעם הרב גראסמאן. די הקדמה פון זיין רעדע איז געווען דער טויט־אורטייל אויף דעם יידישען בחור אין ארץ ישראל, שלמה בן יוסף ז"ל, וועלכער האט זיך מקריב געווען פאר ציון אידעאל. ניין — רופט אויס דער רב מיט פאטאס — דאס יידישע פאלק איז גרייט צו ברענגען קרבנות פארן בנין הארץ, און קיין שום עקזעקוציעס וועלן אונז נישט אפשרעקן!

דאן רעדט דער חשובער רב וועגן פרעמדער און יידישער קול־טור, וועגן יידישע גייסטער וואס האבן געשאפן קולטור־ווערטן פאר אלע פעלקער, א חוץ פארן אייגענעם פאלק. ער רעדט אויך ארום ברייטער די באדייטונג פון דער איצטיקער שמחה מיטן שרייבן א ספר התורה דורך דער „תפארת ישראל".

דער ספר ווערט מחנך, דער ארקעסטער שפילט א „פריילעכס" און דער עולם כאפט א ריקודל מיט די ספרי תורות. נאכן אפזאגן דורכן חזן קלאגסבאלד „לדוד מזמור" ווערט דער רוחניותדיקער טייל פארענדיקט.

דאן קומט פאר די משתה, מען טרינקט „לחיים" און מען איז פריילעך. געוויילט דעם עולם האבן דער חזן, זינגענדיק הארציקע פאלקס־לידער און דער באקאנטער בדחן יצחק ראזענצווייג, דערציילנדיק סאטירישע מעשהלעך.

אין אלגעמיין איז די שמחה, וואס האט זיך פארצויגן ביזן גרויען טאג אריין, געווען זייער א געלונגענע. אין דער היינטיקער צייט, ווען דאס יידישע לעבן איז אזוי פינצטער אין גלות, איז אזא שמחה א גייסטיקע דערקוויקונג.

*

## פון האנטווערקער פאריין

אין נייעם לאקאל פון יידישען האנטווערקער־פאריין איז פאר־געקומען א גרעסערע זיצונג מיט דער באטייליקונג פון דער פארוואל־טונג, פון שניידער־צעך און איינגעלאדענע מיטגלידער. פרעזעס משה קייזער רעדט וועגן דער טעטיקייט פון פאריין אין דער צוקונפט. עס אנטוויקעלט זיך דאן א דיסקוסיע, בעת וועלכער אברהמטשע קליינמאן טראגט אריין א פארשלאג צו גרינדען אן אן־פראצענ־טיקע לייך־קאסע פאר די מיטגלידער. דער פארשלאג־געבער שפענדעט באלד הונדערט זלאטעס. דעם ביישפיל טוען נאך אנדערע, און אויפן ארט ווערט געזאמלט א סומע פון דרייהונדערט זלאטעס. עס ווערט צו דעם צוועק געשאפן א קאמיסיע פון קליינמאן, ראטמאן, גרינוואלד און לעשניצקי.

די ווייטערדיקע באשלוסן זענען געווען: צו גרינדן א „מנין" ביים פאריין; בקשר מיט דער נאענסטער אלגעמיינער פארזאמלונג זאל די פארוואלטונג זיך ווענדען צו די חברים, אז זיי זאלן ווערן אקטיווע מיטגלידער: די ראטמענער גרינוואלד און משה האמ־פעל זאלן דיזשורירן יעדן טאג א שעה אין לאקאל פון פאריין, כדי אויפצונעמען אינטערעסאנטן.

*

## ידיעות פון „התאחדות"

דעם ערשטן טאג שבועות איז פארגעקומען אין אייגענעם לאקאל א באראטונג פון אלע מיטגלידער מיט דער באטייליקונג פון גענעראל־סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער ארבעטס פארטיי „התאחדות" אין פוילן, יצחק פייגענבוים.

די באראטונג עפענט שלאמעק צימערמאן. דער שליח פון צענטראל־קאמיטעט, פייגענבוים, רעדט ברייטער ארום די לאגע אין ציוניזם און אין ארץ־ישראל, ווו עס קומען פאר שוין דאס צווייטע יאר אומרוען מצד די אראבער קעגן יידישן ישוב, וואס שטייט העלדיש אויף דער וואך, אפשטויסענדיק אלע אטאקעס פון דעם שונא, וועלכן מיר וועלן באשטימט בייקומען און דאס לאנד ווייטער בויען ביז צום ענדגילטיקן נצחון.

דער רעדנער רעדט אויך וועגן דעם מצב פון יידן אין דער גארער וועלט און ספעציעל אין פוילן, אין צוזאמענהאנג מיט די באקאנטע דרייציקער באשלוסן פון „אזאן", וואס זענען געווענדעט קעגן יידן.

אין זיין רעדע שטעלט ער זיך ברייטער אפ אויף דער באדייטונג פון דער פראקלאמירטער אקציע דורכן קרן קימת לישראל „הגלילה", וועמענס ציל ס'איז אויסצוקויפן וואס מער ערד אין גליל־טייל פון ארץ־ישראל.

נאך א שמועס אין וועלכן עס באטייליקן זיך פיל חברים און נאך א גענויער אינפארמאציע וועגן א ריי ארגאניזאציאנעלע ענינים, ווערט די באראטונג געשלאסן.

בקרוב קומט קיין בענדין דער באקאנטער וועלט־רייזענדער און טאלאנטפולער רעדנער און זשורנאליסט ד"ר חיים שאשקעס, וועל־כער וועט האלטן אין קינא „שוויאַטוויד" א רעפעראט אויף דער טעמע: „צווישן יידן אין בבל און אין פערסיען".

צומארגנס נאכן רעפעראט וועט פארקומען אין לאקאל פון „הת־אחדות" אן אויפנאמע לכבוד דעם חשובן גאסט, וועלכער געהערט צו דער „התאחדות"־באוועגונג. דער גאסט וועט איינשטיין ביים „הת־אחדות"־עסקן משה ראזענקער.

— אין צוזאמענהאנג מיט דעם פינפטן יארצייט פון אזוי יונג טראגיש אומגעקומענעם, ד"ר חיים ארלאזאראוב זכרונו לברכה, וועט פארקומען אן אקאדעמיע געווידמעט זיין טייערן אנדענק. וועגן זיין לעבן און שאפן וועט ארויסטרעטן: ישראל זעלצער פון ווארשע, מיטגליד פון צ. ק. „התאחדות" און ההנהגה הראשית פון „גורדוניה" אין פוילן.

— ווי עס איז שוין געווען געמאלדן, ווערט דורך דער „התאחדות" אין בענדין אויך היי־יאר איינגעארדנט א זומער־קאלאניע פאר מיט־גלידער, פריינט און סימפאטיקער. די קאלאניע וועט זיך געפינען אין שטשירק און וועט דויערן דריי וואכן. דער אפצאל 65 זלאטעס. מיט דער קאלאניע וועט אנפירן א מיטגליד פון מרכז. איינשרייבונגען — אין סעקרעטאריאט פון דער פארטיי, קאלאנטאיא 24.

— בקשר מיט די נאענטסטע שטאט־וואלן צום שטאט־ראט און צום ציוניסטישן קאנגרעס, וואס זאלן פארקומען זומער, 1939, קומט פאר א גרעסערע חברים פארזאמלונג מיט'ן פאלגענדן סדר היום: שקלים־אקציע, הכנות צו די שטאט־ראט וואלן און לופט־שוץ הלוואה.

*

## די פסח אקציע פון דער קהילה

די קהילה, רעכנענדיק זיך מיט דער שטארקער נויט פון דער יידישער באפעלקערונג, וואס האט זיך היי יאר, 1937, פארגרעסערט, האט אסיגנירט העכער צוועלף טויזנט זלאטעס פאר דער קמחא־אקציע, א חוץ די געלטער, וואס זענען געשאפן געווארן דורך פריוואטע שפענדונגען ביי די פארמעגלעכע שטאטישע איינוווינער.

די געזאמעלטע געלטער זענען שוין צעטיילט געווארן דער אָרימער יידישער באפעלקערונג. מיט דער אקציע האט אנגעפירט פרנס דוד סקאצילאס.

## פון דער „קאמערץ קאסע" אין בענדין

אין לאקאל פון סוחרים פאריין איז פארגעקומען די יערלעכע אלגעמיינע פארזאמלונג פון דער „קאמערץ־קאסע".

די פארזאמלונג עפענט ה' מאטל גאלד מיט א איינלייטונגס־רעדע און שלאגט פאר אלס פארזיצער דעם פרעזעס פון ראט, פינקוס. אין פרעזידיום ווערן איינגעלאדן: א. ד. באלימאווסקי, בנימין גרויבארט און דער דעלעגאט פון רעוויזיאנס־פארבאנד אין ווארשע, שפינדלער. אלס סעקרעטאר — פ. בלייך.

נאכן לייענען דעם פראטאקאל פון דער לעצטער אלגעמיינער פארזאמלונג דורכן וויצע־פרעזעס מ. גערטנער, ווערט איבער־געגעבן דער סטאטיסטיש־באריכט, פון וועלכן עס שטעלט זיך ארויס, אז טראץ די גלגולים, וואס די באנק האט אדורכגעמאכט במשך פון די לעצטע חדשים, איז דאך דער קיום פון דער באנק א געזיכערטער.

פון בילאנס שטעלט זיך ארויס, אז דער אומזאץ פון יאר 1938 באטרעפט אן ערך פון זיבען מיליאן זלאטעס.

*

## אלגעמיינע פערזאמלונג פון דער „דיסקאנט באנק"

פרעזעס פון אויפזיכט־ס־ראט ה' גרשון רעכניץ עפנט די פערזאמלונג, און נאכן באגריסן דעם פארשטייער פון דער צענטראלע ה' שפינדלער לאדט ער איין צום פרעזידיום די ה"ה: אדוואקאט ד"ר ראמעק רעכטמאן, ש. מושינסקי און ראזענבלום אלס סעקרעטאר.

נאכן לייענען דעם לעצטן פראטאקאל דורך ה' מ. קאנער, באשטעטיקט ה' שפינדלער אין נאמען פון רעוויזיאנס־פערבאנד דעם באריכט פון וועלכן עס שטעלט זיך ארויס, אז די באנק האט זיך באדייטנד אנטוויקעלט, די צאל מיטגלידער איז א סך געשטיגן, אומזאץ פון אינקאסא באטרעפט אנדערטהאלבן מיליאן זלאטעס און דער עיקר — ס'איז דא אן עודף אין די הכנסות.

עס אנטוויקעלט זיך א דיסקוסיע אין וועלכער ס'בעטייליקן זיך: באלימאווסקי, קאנער, סטאפניצקי, י. רוס, גוטענשטיין, נ. לאנדנער, ד"ר רעכטמאן, סאנדעק פערשטענפעלד א. אנד.

עס ווערט אויסגעדריקט אבסולוטאריום דער אפטרעטענדער פאר־וואלטונג און ראט. צוליב דער שפעטער שעה ווערן די וואלן אפגעלייגט אויף צוויי וואכן.

*

## פון קרן קימת לישראל

אין אונזער שטאט איז פראקלאמירט געווארן די „הגלילה" אקציע פון קק"ל. אין שייכות מיט דעם זענען געקומען קיין בענדין ד"ר משה קליינבוים, אברהם הארצפעלד און פרוי אסתר קאפלאן.

אין דעם דאזיקן ענין איז פארגעקומען אין לאקאל פון וויצא א קאנפערענץ מיט דער באטייליגונג פון די חשובע געסט, פארשטייער פון דער יידישער אגענץ און פון אלע ציוניסטישע גרופירונגען.

שבת־צו־נאכט קומט פאר א פייערלעכער „טיי־אווענט" אין זאל פון יתומים־הויז, אויף וועלכן ס'וועט פייערלעך פראקלאמירט ווערן די אקציע. מיט א רעפעראט וועט ארויסטרעטען דער ווארט־מייסטער און ציוניסטישער מנהיג ד"ר משה קליינבוים.

## פון קליינהענדלער פאריין

דער קליינהענדלער פאריין האט אינטערוועניִרט ביי דער שטייער־מאכט אין דער פראגע פון דער הויכער אויסמעסטונג פון דעם אומזאץ־שטייער.

אין רעזולטאט פון דער אינטערווענץ האט דער נאטשעלניק פון שטייער־אמט פארלאנגט, אז מען זאל אים צושטעלן א ליסטע פון די באעוולהטע סוחרים, און אויב זיי זענען טאקע באעוולהט געווארן, וועלן זיי באריקזיכט ווערן.

אין צוזאמענהאנג מיט דער נייער פאראָרדנונג וועגן צעניקעס מיט איינהייטלעכע פרייזן, האט א דעלעגאציע קאנפערירט מיטן סטאראסטא און אים קלארגעמאכט, אז דער ענין פון צעניקעס איז זייער קאמפליצירט, ווייל עס איז נישט פעסטגעשטעלט וועלכע אר־טיקלען קענען דערקלערט ווערן אלס לוקסוס און וועלכע פון ערשטן געברויך.

דער סטאראסטא האט גענומען אין אכט די אויפקלערונג און צוגעזאגט, אז אין דער פראגע וועט ער רופן א קאנפערענץ פון פאר־שטייער פון דער האנדעלסקאמער פון יידישע און פוילישע סוחרים פאריינען, כדי צו הערן זייער מיינונג.

צום 7־טן לאנדעס־צוזאמענפאר פון די קליינהענדלער פאריינען, וואס קומט פאר אין ווארשע זענען דעליגירט געווארן פון בענדינער פאריין: גרשון רעכניץ, דוד גוטענשטיין, וואלף מעריין, י. רוס, און ה. באלימאווסקי.

*

## צווישן די קהילה פרנסים

צוליב דעם וואס דער געזעלשאפטלעכער טוער דאזאר אהרן האמפעל פון די רעכטע פועלי ציון־צ. ס. האט זיך איבערגעצויגן קיין סאסנאוויץ, איז ווידער אקטועל געווארן די אלטע פראגע, ווו דארף אנגעהערן דער ציוניסטישער דאזאר נטע לאנדנער: אין קהילה־ראט אדער אין דער פארוואלטונג?

די „אגודה" פראקציע פון דער קהילה וויל דורכאויס, אז נטע לאנדנער זאל אריין אין דער פארוואלטונג, כדי „פטור" צו ווערן פון אים אין ראט, ווו ער טרעט ענערגיש ארויס אין נאמען פון זיין ציוניסטישער פראקציע, צוליב וואס טאקע די „אגודה"יסטן זענען פון דעם בכלל נישט צופרידן.

אין דער פראגע האט דאזאר לאנדנער זיך געווענדעט צום סטא־ראסטא, וועלכער האט נאכאמאל אפראבירט זיין דעציזיע, וואס ער האט אין זיינער צייט ארויסגעגעבן, לויט וועלכער לאנדנער בלייבט א מיטגליד פון קהלה־ראט.

*

## פון „לינת החולים"

די געזעלשאפט „לינת־החולים" אין בענדין איז כמעט די איינציקע אינסטיטוציע, וואס מאכט א וויכטיקע ארבעט און קלאפט נישט יעדן מאנטיק אין דאנערשטיק מיט דער צדקה־פושקע. אחוץ די חודשלעכע סטאבילע אפצאלונגען איז די יידישע באפעלקערונג נישט בעלאסטעט דורך דער אינסטיטוציע, וואס פירט אן א שפיטאל און אנדערע נוצ־לעכע אויפגאבן לטובת דער יידישער שטאט.

דעריבער איז זייער וויכטיק, אז די גאנצע באפעלקערונג זאל שטיצן מיט א ברייטער האנט און בייטראגן בתשואות־חן גרעסערע שפענדונגען לטובת דעם „נאלעפקע"־פארקויף, וואס די געזעלשאפט פירט איצט אדורך. שטיצט'זשע דעם „לינת־החולים"!

## פון דער געזעלשאַפט „פריינט פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים"

אויף א ספּעציעלער זיצונג אונטערן פאָרזיץ פון פּראָפעס שמעון פּירסטענבערג, האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן אַדורכצופירן א ווערבירונגס אַקציע פון מיטגלידער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט אין בענדין.

עס איז צו האָפן, אַז דער רוף פון דער געזעלשאַפט וועט געפינען, דווקא אין איצטיקן מאָמענט, ווען דער העברעאישער אוניווערזיטעט איז באַרופן צו דערפילן אַזא וויכטיקע ראָל פאַר דער יידישער יוגנט, דעם וואָרעמסטן אָפּקלאַנג, און די צאָל מיטגלידער וועט בלי שום ספק פאַרדאָפּלט ווערן.

אויף דער זעלבער זיצונג האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו אַנערקענען סובווענצן צו 500 זלאָטעס פאַר צוויי מאַטוריסטן פון דער יידישער גימנאַזיע, כדי זיי צו דערמעגלעכן דאָס שטודיום אין ירושלים.

די פאַרוואַלטונג טיילט מיט אַלע פאַראינטערעסירטע, אַז דער טערמין פון די איינשרייבונגען אויף דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין דעם אַקאַדעמישן יאָר 1939/40 ווערט געשלאָסן סוף אַפּריל.

*

## וועגן דער אָרדענונג אויף דער „גורקא זאַמקאָווא" און אין פּאַרק

די שיקאַנעס און פיזישע פאַרלעצונגען מצד קריסטלעכע גאַסן־יונגען קעגן יידן אויף דער „גורקא זאַמקאָווא" און אין פּאַרק — קומען פאַר אַלס אָפטער. עסקנים און שליחי צבור זענען מחויב צו אינטער־ווענירן ווו מ'דאַרף, אַז די רו פון די יידישע באַזוכער אויף די דערמאָנטע אָפּרו־ערטער זאָל נישט געשטערט ווערן און אַז די יידישע יוגנט, וועלכע קומט אַהין פאַרברענגען עטלעכע שעה אויף דער פרייער לופט, זאָל נישט אומקערן זיך א היים מיט צעבלוטיקטן קאָפּ, וואָרום אַזעלכע עטלעכע פאַקטן זענען באמת פאָרגעקומען.

אט איז ווידער צו פאַרצייכענען א פאַל פון נידעריקער באַליי־דיקונג קעגן יידישע יוגנטלעכע, דאָס מאָל מצד די אָרדנערס אין פּאַרק, וועלכע האָבן זיך דערלויבט צו זידלען בעת דעם פייערלעכן ראַפּאָרט פון זאַגלעמביער „הנוער הציוני", וואָס האָבן דאָרט אָפּגע־האַלטן זייער „קאַלאַניע טאָג", מיט אַזעלכע „פּערלדיקע" אויסרופן: „מ'האָט אייך פון דייטשלאַנד פאַרטריבן — קומט איר דאָ אַהער? מ'וועט אייך פון דאַנען אויך פאַרטרייבן, ווייל איר זייט אונז דאָ אויך איבעריק!"...

די יידישע דערצו באַרופענע עסקנים אין בענדין, און אין דער ערשטער ריי די ראַטמענער, מוזן זאָרגן דאַפאַר, אַז ס'זאָלן ווערן אָנגענומען געהעריקע מיטלען פאַר צוריקשטעלן די אָרדענונג לגבי אַלע איינוווינער פון אונזער שטאָט אָן יעדע אויסנאַם.

*

## אַנטיסעמיטישע „בלימעלעך"

אויף דער באַלעבסטער מאַלאַכאָווסקאַ גאַס, נאָענט ביים סקווער, האָבן זיך באַוויזן אויפשריפטן מיט קדוש לבנה אותיות: „זשיד — וורוג פּאַלסקי!" („א ייד איז דער שונא פון פּוילן!").

אין דער אַנטיסעמיטישער צייטונג „גאָניעץ וואַרשאַווסקי" איז אָפּגעדרוקט א בריוו פון „זוויאַנזעק פּאַלסקי" אין זאַגלעמביע, מיט א הייסן אַפּעל צו די דירעקטאָרן פון די מיטל־ און פאָלקסשול־שולן, אַז זיי זאָלן די יידישע שילער אַוועקזעצן אויף באַזונדערע בענק, אָפּגעזונדערט פון דער קריסטלעכער יוגנט.

„מיר גלויבן — ווערט געזאָגט אין בריוו — אַז איר, הערן דירעקטאָרן, וועט אונזער הייסע בקשה דערפילן, כדי מיר זאָלן נישט זיין געצוווּנגען זיך צו ווענדן וועגן דעם דירעקט צו דער שול־יוגנט!".

— פירושים זענען איבעריק.

*

## אַן עליה־פאָנד פאַר זאַגלעמביער חלוצים

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן דעקלאַמירט מען כסדר וועגן אונ־זערע פּיאָנערן, וועגן זייערע גרויסע לייסטונגען פאַרן ארץ ישראל אויפבוי און באַזונדערס וועגן זייער אָפּפערווילליקייט און קרבנות־גרייטשאַפט, וואָס מען זעט דאָס טאַקע אין די 3 יאָרן טעראָר אין ארץ ישראל, 1939/36.

אויף יעדער פאַרזאַמלונג דערציילן מיר וועגן די העלדענטאַטן פון די חלוצים, וועלכע שטייען אויף דער וואַך ביים פאַרטיידיקן די דעראָבערטע פּאָזיציעס אין לאַנד פון אונזער צוקונפט און וועגן נייע דעראָבערונגען און דערגרייכונגען פאַרן יידישן פאָלק.

ווי איז אָבער די באַציאונג פון דער נאַציאָנאַלער געזעלשאַפט צו אונזערע חלוצים אין די זאַגלעמביער קיבוצים, אויף דער הכשרה, אויף דער פאַרבערייטונגס־סטאַציע צו ארץ ישראל? מיר מוזן, ליידער, פעסטשטעלן, אַז מיט קיין איבעריקער זאָרגפעלטיקייט ווערן אונזערע חלוצים נישט באַהאַנדלט פאַר זייער עליה מצד דער יידישער גע־זעלשאַפט.

מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס זענען דאָך די צוקונפטיקע העלדן, די וועלכע שאַפן דעם ווונדערלעכן פאָלקס־עפּאָס אין ארץ ישראל, דאָס זענען דאָך די זעלבע חלוצים, וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן פון קאַמף און אויסדויער, גבורה און קרבנות־גרייטשאַפט, אויסגע־צייבערט די לעגענדע פון חניתא, מעלה־החמישה, רמת־הכובש און צענדליקער אַנדערע וווּנדערבאַרע ישובים.

צו ווייסט אָבער די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט אין וואָס פאַר א שווערע מאַטעריעלע און מאָראַליש־געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען קומט אויס צו לעבן אונזערע חלוצים אויף דער הכשרה? עס געהערט כמעט צו די זעלטענסטע דערשיינונגען — באַקלאָגן זיך די אַנפירענדע חברים פון א הכשרה קבוץ — צו דערגרייכן א נייע אַרבעטס־פּאָזיציע פאַר א חלוץ ביי א יידישן אַרבעטס־געבער מיט, זעלבסטפאַרשטענד־לעך, זעלטענע אויסנאַמען.

אויך כדי צו פאַרלייכטערן די חלוצים זייער עליה קיין ארץ ישראל — ווערט גאָרנישט געטאָן. היינט צו טאָג שטייען גרייט עטלעכע צענדליק חלוצים אין יעדן זאַגלעמביער הכשרה־קיבוץ צו עליה, צו הגשמה — און זענען נישט ביכולת עולה צו זיין, צוליב'ן פעלן פון די נויטיקע געלד־מיטלען דערצו.

ווי זאָל מען דאָס פאַרשטיין? ווי זאָל אַזאַ אינדיפערענטע באַ־ציונג מצד אונזער געזעלשאַפט צו די חלוצים־קאַנדידאַטן אויף עליה אָנגערופן ווערן?

עס מוז ווערן געשאַפן א גרעסערער געלט־פאָנד, וואָס זאָל דער־מעגלעכן די אַלע חלוצים עולה צו זיין און קענען פאַרווירקלעכן די שטרעבונגען, פאַר וועלכע זיי האָבן זיך במשך פון יאָרן מכשיר געווען. לאָמיר עס געדענקען און דערפילן!

## אדוואקאט שטייגער משפט־זיך מיט אן ענדעקישן אדוואקאט

דער אדוואקאט שטייגער (וועלכער איז בשעתו געווען אזוי בארימט צוליב זיין פראצעס אין וועלכן ער איז באשולדיקט געווארן אין ווארפן א באמבע אויפן מלוכה פרעזידענט, וואיטשעכאווסקי — 5־טן סעפטעמבער 1924 — און איז באפרייט געווארן), האט אנגעקלאגט אין געריכט דעם ענדעקישן אדוואקאט פאזאווסקי, וועלכער האט אין זיין רעדע אויף א געוויסן פראצעס געזאגט: „שטייגער, וועלכער האט אויסגעפירט אן אנפאל אויפן מלוכה־פרעזידענט, איז אויף דער פריי און מיין קליענט, וועלכער איז באגאנגען א פאטריאטישן טאט — זיצט אין תפיסה". צוליב די דאזיקע ווערטער האט שטייגער אים אנגעקלאגט אין געריכט.

*

(באמערקונג פון דער רעד.: מאגיסטער סטאניסלאוו שטייגער האט זיך נאכ'ן באקאנטן פראצעס אין לעמבערג, 1925, („בייליסיאדע" אין א צווייטער אויפלאגע) באזעצט אין בענדין, און נאכן ענדיקן זיין שטודיום געווארן דארט טעטיק אלס אדוואקאט און ציוניסטישער עסקן. ער איז אומגעקומען מיט אלע בענדינער יידן).

## וועגן אלטן בית־הקברות אויף זאוואלע גאס

אין דער בענדינער סטאראסטווא איז פארגעקומען א קאנפערענץ מיטן אנטייל פון דער קהלה און רבנות, אויף וועלכער ס'איז באטראכט געווארן די פראגע פון בית־הקברות אויף דער זאוואלע גאס, וואס הארמאניזירט נישט מיטן שיינעם אויסזען פון דער שטאט...

אויף דער קאנפערענץ איז מצד דער יידישער פארשטייערשאפט פארגעשלאגן געווארן א „מאדוס וויוועענדי", וועלכער זאל באפרידיקן הן דעם אויסזען פון שטאט און צוגלייך שוינען די רעליגיעזע און עטישע געפילן פון דער בענדינער יידישער באפעלקערונג.

ווי אויף א באשטעלונג האט זיך די ארטיקע גאנץ־ און האלב־אנטיסעמיטישע פרעסע צעשריבן איבער דער נויטווענדיקייט צו באזייטיקן פולשטענדיק דאס בית־החיים, אן יעדן קאמפראמיס.

מיר האבן דא אלזא צוטון מיט א גוט אינספירירטער אקציע, וועלכע צילט אין די יידישע רעליגיעזע און עטישע געפילן. עס איז די אויפגאבע פון אונזער רעפרעזענטאנץ צו פארדאפלען די וואכזאמקייט, און אננעמען אלע נויטיקע באווארעניש, כדי צו באוועגן די לאקאלע דעצידירנדיקע פאקטארן אין דער ריכטונג פון אונזער שטאנדפונקט, וואס פארזעט אלע מאמענטן ארום דער פראגע.



די מיטגלידער פון דער חברה „נושאי המטה" אין 1925. די חברה איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1832. די מיטגלידער זענען געווען פון פראסטן פאלק „עמך שער אין אייזן". זייער אויפגאבע איז דאן געווען, — אזוי ווי דאס בית־חיים איז געווען ווייט פון דער שטאט — צו טראגן די מיטות. געהאט אן אייגן בית־המדרש, ווו שוין פארטאגס פלעגן די פאלקס־מענטשן זיצן און זאגן תהילים.

חברי חברת „נושאי המטה" ב־1925. נוסדה ב־1832 על־ידי יהודים פשוטי־עם, שקיבלו על עצמם את נשיאת מיטות המתים אל בית העלמין המרוחק מן העיר. היה להם בית־מדרש משלהם שבו אומרים היו תהילים כבר עם השכמת הבוקר.

## ערב מלחמה־שטימונגען (יוני, 1939).

אין זאל פון שטאט־ראט איז פארגעקומען א פארזאמלונג מיטן אנטייל פון פארשטייער פון דער מיליטערישער און פאליצייאישער מאכט, ארגאניזאציעס, פארבאנדן, א ריי געזעלשאפטלעכע עסקנים און פרעסע, מיטן צוועק צו וויילן א קאמיטעט לטובת דער הלואה־סובסקריפציע.

פרעזידענט פון דער שטאט, ה׳ איזידארטשיק, עפענט די פארזאמלונג און רעדט מיט פאטאס וועגן דער ערנסטער פאליטישער לאגע. „די מלחמה געפאר איז גאר א גרויסע — זאגט דער רעדנער — און אלע בירגער פון לאנד דארפן ארויסווייזן זייער גרייטקייט מאראליש ובפרט מאטעריעל פאר דער מלוכה־פארטיידיגונג און צו שטארקן אונזער ארמיי, וועלכע וועט העלדיש אפשטויסן אלע אנגריפן פונעם שונא וועלכער באדראט אונזער קיום״.

דער פרעזידענט שטעלט פאר דעם הלואה קאמיסאר איבער זאגלעמביע, פולקאווניק יאן קיאווסקי, און רופט אויס: „זאל לעבן די פוילישע ארמיי!״. דער גאנצער עולם שטייט אויף און חזרט איבער דריי מאל דעם אויסרוף.

פולקאווניק קיאווסקי זאגט אין זיין רעדע. אז דער גוטער רעזולטאט פון דער הלואה באווייזט. אז דאס גאנצע פאלק איז איבערגעגעבן דעם לאנד און רעגירונג.

דאן ווערט געוויילט א קאמיטעט: גלח זאוואדזקי, פרעז. רובענליכט, פאליציי קאמיסאר, לאווניק לאסקאווסקי, יעקב געלבארד, דירעקטאר אייזיק שיין, דירעקטאר שפיגעלמאן, דירעקטאר סערצארזש, זאיאנץ, דזשעדזיץ, דוד גוטענשטיין, משה האמפעל. ד.ל. גאלדשטיין, סאלסקי, הערמאן פינקוס, קעמפינסקי, רעדאקטאר לעווקאוויטש (בן־אמוץ), הערמאן צוקערקאנדעל, גימנאזיע־דירעקטאר ד״ר איינהארן, ד״ר קאסיבאוויטש, ד״ר רעכטשאפט, ד״ר וויינציהער און נאך.

ס׳ווערט אנגענומען פאלגענדיקע רעזאלוציע: „די פארזאמלונג מיטן אנטייל פון פארשטייער פון דער בענדינער געזעלשאפט, ווענדעט זיך צו אלע בירגער פון דער שטאט אין דער דאזיקער ערנסטער שעה, ווען דאס לאנד איז באדראט פון אויסערלעכע שונאים, אז זיי זאלן דערפילן דעם פאטריאטישן חוב און צייכענען די נאציאנאלע מלחמה־הלואה. יעדער ערלעכער בירגער, אפילו דער ארעמסטער, דארף דערפילן זיין בירגער פליכט! די וואס וועלן נישט ארויסווייזן לאיאליטעט לגבי דער מלוכה און נישט צייכענען די הלואה, אדער ווייניקער ווי זיי דארפן, וועלן געסטעמפעלט ווערן פאר שלעכטע און נישט לאיאלע בירגער, פאר וועלכע עס דארף נישט זיין קיין ארט אין פוילן...

(באמערקונג: די לעצטע ווערטער פון דער געבראכטער רעזאלוציע זענען ספעציעל דורכ׳ן שרייבער פון דער נאטיץ אונטערגעשטראכן מיט א פעטער ליניע, וועלנדיק מרמז זיין די אנטי־יידישע כוונה פון די ווערטער „פאר וועלכע עס דארף נשט זיין קיין ארט אין פוילן״).



א טייל פון די וואנד־מאלעריי אין דער גרויסער שול.
חלק מציורי־הקיר בבית־הכנסת הגדול.

**ר. געשטאלטן**

## ד״ר סאלאמאן (שלמה) וויינציהער

ווען איך בין געווען יונג, פלעגט מיין זיידע, א קהל־עסקן אין אונזער שטאט, זיי׳ער אפט דערמאנען דעם נאמען וויינציהער, מיט וועלכן ער פלעגט צוזאמצן ארבעטן אין קהלישע ענינים. כ׳געדענק ווי מיין זיידע האט מיך א מאל געפירט אין וויינציהערס הויז. ווען די פרוי האט נאך געארבעט אלס דענטיסטין, זי זאל מיר געבען עפעס צו צאן־ווייטיק. דער זיידע האט דאן געזאגט: — זעסט דעם ד״ר וויינציהער, כאטש ער רעדט בלויז פויליש, איז ער א וו׳וילער מאן מיט א יידיש הארץ, און העלפט א סך ארעמע מענטשן אין אונזער שטאט.

כ׳האב דאמאלסט נישט געטראכט, אז אין די שפעטערדיקע יארן וועל איך זיין איינער פון וויינציהערס נאענטע פריינד, און א נאענטער מיטארבעטער זיינער אין געזעלשאפטלעכע און אויך אין יידיש־פאליטישע ענינים. איידער איך קום צו מיין אייגענטלעכער אויפגאבע, צו שילדערן ד״ר וויינציהער אלס מענטש און ייד, — עטלעכע ווערטער וועגן מיין זיידן, וועלכער האט א סך בייגעטראגן צו ד״ר וויינציהערס באזעצן זיך אין אונזער שטאט.



ד״ר סאלאמאן (שלמה) וויינציהער

דאס גאנצע געלערנטקייט פון זיידן איז באשטאנען אין קענען דאווענען, זאגן א קאפיטל תהילים, מעביר סדרה זיין, און זיך אונטערשרייבן. אבער ער איז געווען א גרויסער סוחר, און מיט א גרויס ווארעם יידיש הארץ. א רייכער מענטש, פון די נכבדי העיר, פאפולער צוליב זיין געזעלשאפטלעכער ארבעט. געווען דאָזאָר אין דער קהלה, וואס אין יענע צייטן האט עס געמיינט — א בעל־הבית איבער די שטאט־ענינים. א גרויסער בעל־צדקה, אויסגעהאלטן א חסידיש שטיבל אין זיין הויז, אויף די עלטערע יארן צוגענומען אברהמלע הענדעלס, דעם בענדינער עלוי, אלס מלמד וואס איז מיט אים געזעסן יעדן אוונט אין שטיבל און געלערנט א שיעור. געשטיצט ארימע קליינהענדלער. געהאלפן זיי פירן די געשעפטן; דערצויגן זיינע פיר זין און איידעם אלס לומדים און גרויסע סוחרים. בכלל איז מיין זיידע געווען שטענדיק גרייט צו העלפן יחידים און קהל. אין ווען די בענדינער שול האט געברויכט א געמויערטן פארקן, האט עס דער זיידע געלאזט מאכן אויף זיין חשבון. יעדער אין שטאט האט געוווסט, אז אין א עת־צרה דארף מען גיין צום „גרויסן ראובן", ווי מען האט אים גערופען צוליב זיין אטלעטישן וווקס אין שניי־ווייסער בארד. כ׳וויל נאך באמערקן, אז אלע זיינע אייניקלעך זענען געווען קהלישע עסקנים. האבן אנגעפירט כמעט מיט אלע ארגאניזאציעס פון שטאט — פון פועלי ציון ביז דער „אגודה"; דאס איז איבערגעגאנגען בירושה פון זיידן.

ד״ר וויינציהער האט זיך באזעצט אין בענדין סוף פאריקן יארהונדערט. געקומען פון א זייער אסימילירטער פאמיליע אין פיעטריקאוו, ווו זיינע ברידער זענען געווען דאקטוירים אין אינזשינערן. באלד נאכן באזעצן זיך ביי אונז אין שטאט האט ער אנגעהויבן ארויסווייזן פאראינטערעסירונג פאר געזעלשאפטלעכער ארבעט, — אין יענע צייטן האט עס געמיינט „פילאנטראפיע". ער איז געווען דער ארגאניזאטאר פון דער באקאנטער אינסטיטוציע, וואס האט זיך גערופן מיטן פוילישן נאמען „טאָוואַזשיסטוואָ דאָבראָצ׳ינאשצ׳י", און לאנגע יארן געוו׳ען איר פרעזעס. די אינסטיטוציע האט זיך פארנומען מיטן זארגן און געבן הילף צו קראנקע, און זיך אויך פארנומען מיטן זארג פאר יתומים. פון אט דער ארבעט איז שפעטער ארויסגעוואקסן דאס יתומים־הויז, וואס איז געווען איינע פון די שענסטע אינסטיטוציעס אין בענדין און אומגעגנד. אט די ארבעט פאר יידישע אינסטיטוציעס האט וויינציהערן געמאכט זייער באליבט און פאפולער אין אונזער שטאט, ביי אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. וויינציהער האט תמיד גערעדט פויליש, יידיש האט ער אבער גוט פארשטאנען, און ער איז געווען שטארק צופרידן ווען ער האט געקענט ארייננווארפן אין זיינע פוילישע רעדעס א פאר יידישע ווערטער. מ׳האט צו אים קיינמאל קיין טענות נישט געהאט צוליב זיין פויליש־רעדן, ווייל מ׳האט געפילט, אז דאס פויליש־רעדן קומט פון א יידיש הארץ.

נאכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז וויינציהער געווען טעטיק אויך אויפן פאליטישן געביט. בעת דער אקופאציע פון די דייטשן, זענען אין בענדין פארגעקומען די ערשטע שטאט־ראט וואלן, וואס זייער אויסגאנג איז געווען א יידישע מערהייט. די וואל־רעזולטאטן האבן שטארק באאומרוהיקט די פאליאקן, וועלכע האבן נישט געוואלט ליידן קיין יידישע מערהייט אין שטאט־ראט, האבן זיי זיך דאן געוואנדן מיט א חוצפהדיקן פארשלאג, אז די יידן זאלן זיך אפזאגן פון זייער מערהייט לטובת דער פוילישער באפעלקערונג. די יידישע ראטמענער, אנגעפירט דורך ד״ר וויינציהערן, האבן אפגעווארפן מיט שטאלץ דעם אומגעהערטן פארשלאג, און איבערגענומען די פירונג פון שטאט־ראט. ד״ר וויינציהער איז אויסגעוויילט געווארן אלס פארזיצער. דער פאל איז דאן געווען א גרויסע סענסאציע אין לאנד: א יידישער שטאט־ראט — איין אויסנאם אין גאנץ פוילן. און ווען יצחק גרינבוים איז נאך פוילנס באפרייאונג צוריקגעקומען קיין פוילן, האט ער מיר געזאגט: „אייער בענדינער סנהדרין איז געווען פאפולער, אפילו אין רוסלאנד האט מען וועגן דעם גערעדט".

וויינציהער איז נישט געווען קיין ציוניסט, אבער תמיד מיטגעארבעט מיט די ציוניסטן. ציוניסטישע ארבעט — האט ער געזאגט — מיינט גלייכצייטיק קאמף פאר יידישע רעכט, און פאר אזא קאמף איז ער תמיד געווען גרייט אוועקצוגעבן זיין צייט און כח; מיר, ציוניסטן, האבן דעריבער אים שטענדיק אונטערשטיצט ביים איבערנעמען פארשידענע וויכטיקע אמטן, סיי אין יידישע סיי אין נישט יידישע אינסטיטוציעס. מיר האבן געהאלפן אים אויסוויילן אלס קהלה פרעזעס אין אונזער שטאט, הגם מיר האבן געקענט און אפשר געדארפט באזעצן דעם אמט מיט א ציוניסט. מיר האבן אבער געהאט צו אים א גרויסן צוטרוי. זיין ערלעכקייט און ענערגיע האבן אים

באליבט געמאכט ביי אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. ער האט פארשטאנען די יידישע מאסן, געפילט זייערע נויטן, און שטענדיק זיך באמיט זיי צו העלפן.

ווען ס'זענען פארגעקומען די ערשטע סיים־וואלן, האט זאגלעמביע נעקענט אויסוויילן א יידישן דעפוטאט, בתנאי, אז אלע יידן אין גאנצן קרייז זאלן שטימען אויף איין וואל־ליסטע. די איינציקע פערזאן וועלכע האט געקענט פאראייניגן ארום זיך אלע פארטייען, איז געווען ד"ר וויינציהער, און ער איז טאקע אויסגעוויילט געווארן אלס סיים־דעפוטאט. דאס האט אויף אים געמאכט א געוואלדיקן רושם. אין ווען דער שרייבער פון די שורות איז צומארגנס נאך די וואלן געגאנגען מיטן באקאנטן מזרחי פירער בעריש פרעגער, אים באגריסן און ווינטשן אין נאמען פון דער ציוניסטישע באוועגונג צו זיין דערוויילט ווערן אלס סיים־דעפוטאט, האט מען געפילט פון זיין ענטפער, אז איצט איז ער נישט בלויז א בענדינער עסקן, נאר א שליח פון גאנצן פוילישן יידנטום, גרייט צו פארטיידיקן זיינע אינטערעסן פארן פוילישן סיים.

מיר, ציוניסטן, האבן דאן אנגעפירט מיט דער גאנצער וואל־אגיטאציע צו סיים. איך פלעג דאן פארן מיטן ד"ר וויינציהער אין די שטעט און שטעטלעך פון גאנצן קרייז סאסנאוויץ, דאמבראווע, זאוויערטשע, זשארקי, און רעדן צו די יידישע מאסן אין די בתי־מדרשים אין שולן. וויינציהער פלעגט רעדן פויליש. אפט אויף די רייזעס פלעגט ער אזוג טאן צו מיר: „הלוואי וואלט איך געקענט רעדן צו מיינע יידן אויף דער שפראך וואס איר רעדט צו זיי". — זיינע פוילישע רעדעס האבן אבער שטענדיק דערווארעמט די יידישע צוהערער, אלע האבן געפילט אז עס רעדט צו זיי א גרויסער ווארעמער ייד. אין סיים איז וויינציהער, הגם נישט קיין ציוניסט, גלייך אריינגעטרעטן אין נאציאנאלן ראט פון דער ציוניסטישער גרופע, און מיטגעמאכט אלע אירע קאמפן קעגן דער פוילישע רעגירונג און פארטיידיקט יידישע רעכט.

ס'איז שווער אין א קורצן ארטיקל צו שילדערן זיין ארבעט אין סיים. איך וויל בלויז באמערקן, אז ווען ס'זענען פארגעקומען די רייבונגען צווישן גרינבוים'ס און רייך'ס גרופן, איז ד"ר וויינציהער אויסגעוויילט געווארן אלס פרעזעס פון דער אידישער „קאלא" אין סיים. אלע האבן דאן פארשטאנען, אז מיט זיין ערלעכקייט וועט ער קענען פארמיידן א שפאלטונג צווישן די קאנגרעס־פוילישע אין גאליציאנער יידישע דעפוטאטן. בענדין האט געהאט א גרויסע צאל טיכטיקע אין איבערגעגעבענע עסקנים, וועלכע האבן יארן־לאנג געארבעט געזעלשאפטלעך און געהאט גרויסע פארדינסטן פאר דער אנט־וויקלונג פון יידישן בענדין, אבער לויט ווי מיין זכרון דינט מיר — האט בענדין קיינמאל פאר אט די עסקנים נישט געמאכט באנקעטן. אן אויסנאם איז געווען ד"ר וויינציהער, און דאס איז א באוויז פאר דרך ארץ צו אים.

איניקע יאר פארן אויסברוך פון דער שרעקלעכער מלחמה איז וויינציהער אלט געווארן 60 יאר. ביי א באראטונג פון א גרופע געזעלשאפטלעכע טוער אין הויז פון דער אזוי באליבטער ביי אונז אין שטאט פרוי צירעלע שיין, איז באשלאסן געווארן צו מאכן אים א באנקעט אלס אנערקענונג פאר זיין נוצלעכער ארבעט, אין צוזאמענהאנג מיט זיין יובל. אין דער ווארשעווער פרעסע, ספעציעל אין „נאַש פשעגלאנד", זענען דאן דערשינען א ריי אפ־שאצונגען פון זיין ארבעט אלס סיים־דעפוטאט, אנווייזענדיק אויף דערויף, אז הגם ער קומט פון א אסימילירטן קרייז, האט ער דאך באוויזן זיין יידישן שטאלץ און ליבע צו די יידישע מאסן. סיי אלס דאקטאר, סיי אלס כלל טוער.

דער באנקעט איז פארגעקומען אין יתומים־הויז, אין דער געביידע וואס איז געווען די קרוין פון זיין ארבעט. וויינציהער איז שטענדיק געווען אן אפענהערציקער מענטש. ווען מ'האט אים מודיע געווען וועגן באנקעט, האט ער נישט — ווי ס'פאסירט אפט — געזאגט, — צו וואס דארף מען דאס? פארקערט, ער איז געווען צופרידן. מיט געריסטע ווערטער האט ער געזאגט צום שרייבער פון די שורות. „כ'בין שטאלץ, וואס מ'אנערקענט מיין ארבעט פאר דער שטאט. אמת, נישט אלעמאל האב איך אלע צופרידן געשטעלט מיט מיין עסקנות, דעריבער בין איך נאכמער שטאלץ אויף דעם צוטרוי צו מיר, און דאס איז די בעסטע באלוינונג פאר מיין לאנגיעריקער ארבעט. דאס גיט מיר ענערגיע פאר נאך לאנגע יארן פון ארבעט פאר די יידישע אינטערעסן". דערביי האט ער באמערקט: — „כ'וויס, ווי דער שטייגער, וועלן אויף דעם באנקעט געהאלטן ווערן א סך רעדעס, אבער אויף צוויי רעדעס ווארט איך מיט אומגעדולד. און די צוויי רעדעס, וועלן זיין יידישע — דאס זענען אייער רעדע, פאניע ליוועער, און ד"ר ליבערמאנס".

ד"ר וויינציהער האט געארבעט אין יידישן שפיטאל אין סאסנאוויץ, ווו ס'האט אויך געארבעט ד"ר ליבערמאן, א כלל־טוער, א לינקער פועלי־ציון. וויינציהער האט שטארק געלויבט ליבערמאנס ארבעט אלס ראטמאן אין סאסנאוויצער שטאט־ראט. מיט די עטלעכע ווערטער בין איך אויסן צו באווייזן זיין באציאונג צי נאענטע פריינט און צו יידיש.

צו דעם באנקעט זענען געקומען אלע פארטיי־טוער פון גאנץ זאגלעמביע. דאס איז געווען אן אויסדרוק פון אנערקענונג פאר א מענטש, וועלכער האט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן אפגעגעבן פאר זיינע ברידער, און אייביק געפילט די פליכטן וואס די יידישע געזעלשאפט האט אויף אים ארויפגעלייגט.

דאס לעצטע מאל האב איך אים געזען אין איינעם א פרייטיק דעם ערשטן טאג ווען די נאציס זענען באפאלן פוילן. עטלעכע מינוט צוזאמען — און מיר האבן זיך געזעגנט. און פונקט ווי אמאל אלס יונגער בחור, האב איך נישט געטראכט, אז וויינציהער וועט א מאל זיין מיין זייער נאענטער פריינד, אזוי האב איך אויך יענעם פרייטיק נישט געטראכט, אז דאס איז דער לעצטער שמועס און לעצטער האנט־דרוק פון א מענטשן מיט וועלכן עס האט מיר געבונדן א נאענטקייט פון כמעט דריי צענדליק יאר.

איך האב דעמזעלבן טאג פארלאזט בענדין, און נאך א לאנגן שווערן וועג דערגרייכט דאס גרויסע פרייע אמעריקע.

וויינציהער האט געהאט מעגליכקייטן צו פארלאזן בענדין. ער האט עס נישט געטאן. ער איז געווארן אויס כלל־טוער, אויס קעמפער פאר יידישע רעכט, פארנומען זיך מיט מעדיצינישער פראקטיק. זיין הארץ האט זיכער געבלוטיקט צוקוקנדיק זיך, ווער ס'זענען געווארן די פארשטייער פון יידישן בענדין. געארבעט פאר ארעמע, פאר קראנקע, און מיטגעווייטיקט דעם צער פון די יידישע מאסן, פאר וועלכע ער האט אזוי פיל געווידמעט כוחות און מי — און צוזאמען מיט זיי געגאנגען צום טראגישן טויט, וואס די נאצישע מערדער האבן פאר זיי צוגעגרייט.

ער האט געלעבט א שטאלץ יידיש לעבן ביז זיין לעצטן טאג. האט זיין נאמען נישט פארפלעקט ביז די לעצטע מינוטן פון זיין טראגישן אומקום. ערע זיין טייערן אנדענק.

**אברהם ליוועער**

*

## אליעזר רובינליכט

(פארזיצער פון דער קהלה, וויצע־פרעזעס פון שטאט־ראט)

געקומען פון ווארשע און געווארן א בענדינער איידעם. נעמט אן אקטיוון אנטייל אין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן פון דער שטאט. פון די ערשטע מיטגרינדער פון „הזמיר" ווו עס האבן זיך קאנצענטרירט די קולטור טוער נאך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

געמאכט א רושם מיט זיין ערשיינונג, וואס האט ארויסגערופן דרך־ארץ. געפירט א גרויס הורט־געשעפט פון פאפיר. אין קורצן ווערט ער אריינ־געצויגן אין די סוחרישע קרייזן, און איז דער הויפט־רעדנער אויף אלע סוחרישע פארזאמלונגען.

זייט 1913 פארזיצער פון סוחרים פאריין, געווען באקאנט אלס סוחרישער טוער וואס איז גרייט יעדן צו העלפן. נישט געהערט צו קיין שום פארטיי, ער ווערט געוויילט דורכן סוחרים־פארבאנד אין שטאט־ראט, און זייט פוילנס אנטשטייונג ביזן יאר 1938 — איז ער געווען טעטיק אין שטאט־ראט, א

לענגערע צייט אלס וויצע־פרעזעס פון שטאט־ראט און די לעצטע יארן אלס לאוניק. געפירט זייט 1912 א ענערגישן קאמף קעגן דער ענדעקישער באיקאט־אקציע, און שפעטער אויך קעגן צוואנגס זונטאק־רו; ,נישט געווען אין שטאט קיין הילפס־אקציע, אז רובינליכט זאל נישט זיין פון אירע אנפירער.

אין יאר 1936 ווערט ער געוויילט אלס פארזיצער פון דער קהלה־פארוואלטונג. געווען פארוואלטונגס־מיטגליד פון דער האנדעלס־קאמער אין



אליעזר רובינליכט

סאסנאוויץ און האנדלס־ריכטער ביים סאסנאוויצער קרייז־געריכט. שווער צו געדענקען די אלע אמטן וואס ער האט פארנומען אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון בענדין.

אין דער צייט פון דער מלחמה ווערט ער באזייטיקט פון דער כלל־ארבעט, ער איז אויך נישט געווען גרייט צו ארבעטן מיט די וועלכע האבן מיטגעארבעט מיט די דייטשן.

אין איינער פון די לעצטע אויסזידלונגען ווערט ער דערשאסן דורך די דייטשן.

ד. ל.

*

## ר׳ מענדל ראזענזאפט

ער איז געווען איינער פון אונזערע שענסטע יידן און מערקווירדיקסטע טיפן.

געבוירן אין יאר 1863. זיין פאטער משה שמואל איז געווען א גרויסער בעל־תורה, און איינער פון די חשובע מקורבים ביים גערער רבין דעם חדושי רי״ם זצ״ל. ר׳ מענדל באקומט ווי דער שטייגער, א טראדיציאנעלע יידישע דערציונג אין חדר און ישיבה. שוין אין די יונגע יארן באקאנט געווארן אלס עלוי. האט יונג חתונה, און ווערט אן איידעם פון באקאנטן גביר ר׳ יענקעלע שפירא, וועלכער איז געווען באוווסט אין בענדין אלס איידעלער מענטש און א גרויסער בעל־צדקה. די געשעפטן ביים שווער (ליפערונגען פון שמעלץ אין די הוטעס) — האט געפירט זיין יונגע פרוי, דבורה׳לה.

די אטמאספער פון שווערס הויז און זיינע דרכים אין לעבן, האבן שטארק געווירקט אויף דעם יונגן וויל־לערנער. אט האט ר׳ יענקעלע שפירא געהאלטן ביי זיך אין הויז 5 בחורים וועלכע זענען געזעסן על התורה, געוואוינט אין זיין הויז, אין דעם אויבערשטן שטיבל אונטערן דאך. אזוי פלעגט ר׳ מענדל לערנען מיט די 5 בחורים ביז זיין שווער, ר׳ יענקעלע, האט זיי חתונה געמאכט.

אין דעם גערער שטיבל וואס האט זיך געפונען נישט ווייט פון ר׳ יענקעלעס הויז, פלעגן זומער און ווינטער שוין פון 4 פארטאג זיצען די שטענדיקע לערנער. ווי ר׳ אייזיק ערליכמאן, דער 80 יעריגער יענקל דאנציגער, ר׳ אברהם מרדכי גוטענשטיין, ר׳ יהושע דוד, מאיר פישל רינסקי, אברהם זעליג ארליך, אין ר׳ יענקעלע שפירא.

נישט איינמאל פלעגט דער יונגער ר׳ מענדל ראזענזאפט זיך מתווכח זיין מיט די ישישים אין א שווערער סוגיא פון דער גמרא, וואס פלעגט זיך תמיד ענדיקן מיט א הייסער קאווע, געבראכט יעדן טאג פון ר׳ יענקעלעס שטוב.

ביי ר׳ יענקעלע שפירא פלעגט תמיד זיין א אורח אויף שבת. אין איינעם א שבת — געווען איז דאס אין אנהויב פון דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען אלע פרעמד׳ע זענען פון בענדין אנטלאפן, זיצן אין שטוב ביי ר׳ יענקעלען אלע קינדער ארום טיש, אבער ר׳ יענקעלע אליין גייט נישט קידוש מאכן, — געהאט גרויס צער מחמת דעם פעלן פון אן אורח, אויף שבת. האט ער געבעטן אן איידיקל, אז ער זאל נאך א מאל צולויפן אין שטיבל, אדער אין בית המדרש, אפשר דאך איז געבליבן א ייד וואס האט נישט ווו צו עסן. אין ווען דאס איידיקל קומט אין שטיבל, געפינט ער דארט א יידן וואס זיצט פארטיפט אין לערנען. זאגט ער אים: ר׳ ייד, קומט צום זיידן אויף שבת! דער ייד וועלכער איז טאקע געווען א פרעמדער אין דער שטאט, אבער א גרויסער סוחר, און איינגעשטאנען אין האטעל. האט ער געענטפערט: מיין קינד, איך האב ווו צו עסן. זאגט צו אים דאס איידיקל: ר׳ ייד, קומט צו אונז. ווייל דער זיידע וויל נישט קדוש מאכן אן אן אורח. דער פרעמדער האט תופס געווען, אז ער קען העלפן א יידן מקיים זיין א מצוה — איז ער מיטגעגאנגען. ר׳ יענקעלע האט זיך שטארק דערפרייט מיטן אורח. נישט איינמאל פלעגט אים דער שווער זיינער מגלה סוד זיין, און שיקן צו א נצרך פון „געסל" מיט א מתן־בסתר, ווייל דער שווער זיינער האט אים געהאלטן פאר איינעם וואס ווייס ווי צו היטן א סוד. דאס האט אויך כאראקטעריזירט



ר׳ מענדל ראזענזאפט

כל ימיו ר׳ מענדעלעס געזעלשאפטלעכע טעטיקייט, אין וועלכער ער איז אריינגעצויגן געווארן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. בעת דער דייטשער אקופאציע, ווען עס איז געווען א הונגער אין שטאט, פלעגט ר׳ מענדל אין געהיים ארויסנעמען פון די שפייז־זאפאסן ביי זיין שווער אין שטוב און עס צעטיילן צווישן די ארעמע. ר׳ מענדל האט אנגעהויבן זיין טעטיקייט פאר די ארעמע אין „געסל" ווו ער האט געוואוינט, און שפעטער ארונטערגענומען אונטער זיינע פליגלען אלע נויטבאדערפטיקע פון דער גאנצער שטאט.

אזוי האט ער אנגעהויבן צו ארבעטן לטובת הכלל שלא על מנת לקבל פרס. נישט געקוקט דערויף וואס ער איז געווען א גרויסער למדן און א בקי אין ש"ס און פוסקים, האט ער זיך נישט געשעמט זיך אפצוגעבן מיט דעם געוויינלעכן פאלקס־מענטש, וועלכער האט זיך גענויטיקט אין זיין הילף. ער איז געווען א ייד א חכם, און געוווסט ווי צו רעדן מיט מענטשן, אריינגעווארפן א ווערטל ווו מ'האט געברויכט. און נישט געקוקט דערויף וואס ער איז געווען א שטארק פרומער, א מיטגליד פון אגודת ישראל, דאך איז ער געווען געשעצט און געליבט אין אלע קרייזן פון דער יידישער באפעלקערונג. פון די ציוניסטן ביז די לינקע גרופירונגען. ווייל ער איז געווען פון די עסקנים וואס האבן געארבעט מיט ערלעכקייט און איבערגעבענהייט פארן כלל.

אין ווען ס'איז געשאפן געווארן אין יאר 1914 אין שטאט דער „קאמיטעט", וואס האט געעפענט די קיך ווו די ארעמע באפעלקערונג האט באקומען ברויט און ווארעם עסען, איז ר' מענדל געווען פון די טעטיקסטע טוער אירע, און נישט צו־רו געלאזט די בענדינער גבירים כדי די קיך זאל קענען עקזיסטירן. שפעטער, מיטן אנטשטייען פון דער געזעלשאפט „דאבראטשינאשץ", אנגעפירט פון די אסימילירטע יידן, ווערט ר' מענדל איינער פון אירע ערשטע און טעטיקסטע מיטגלידער, העלפט מיט איר אנטוויקלונג ביז דעם אויפבוי פון דעם גרויסען יתומים־הויז ווו עס האבן זיך דערצויגן עטלעכע הונדערט יתומים.

אינטערעסאנט, אז נישט קוקנדיק דערויף וואס די מיטגלידער פון דער „דאבראטשינאשט" זענען באשטאנען מערסטענטייל פון דער יידישער פויליש־רעדנדיקער" אינטעליגענץ, האט ר' מענדל זיך נישט געשעמט און מיט זיי גערעדט דווקא יידיש, אין דער שפראך פון די מאסן וועלכע ער האט געוואלט העלפן. נישט געווען אין שטאט קיין פילאנטראפישע געזעלשאפט, ווו ר' מענדל זאל נישט מיטארבעטן. חוץ דער אלעם, איז ר' מענדל געווען אן אינסטיטוציע פאר זיך, אן בעאמטע, אן בודזשעטן, אן יעדנס הילף — איינער אליין, האט ער נישט צו־רו געלאזט די בענדינער גבירים, פאדערנדיק פון זיי מאטעריעלע הילף פאר געזעלשאפטלעכע צוועקן, וואס זיי האבן טאקע נישט אפגעזאגט און געגעבן בתשואות חן.

באלד מיטן דערנענטערן זיך פון ווינטער, פלעגט ר' מענדל גלייך זיך נעמען פארשאפן קוילן פאר דער ארעמער באפעלקערונג.

אט קומט ער צום באקאנטן אין בענדין אייזן סוחר ר' יעקב גוטמן, וועלכער פלעגט איר גלייך פרעגן: ר' מענדל וויפיל וועגעלעך ברויכט איר? דערויף האט ער געענטפערט: „דערווייל א 15 וועגעלעך קוילן, אז כ'וועל ברויכן נאך וועל איך ווידער קומען". אט איז ער ביים גרויסן נדבן שמעון פירסטענבערג, וועלכער האט תמיד געגעבן ביד רחבה, און דערביי שטארק הנאה געהאט פון ראזענזאפטס קוילן אקציע.

און אז עס איז געקומען פרילינג און עס האט זיך דערנענטערט דער פסח — לאזט זיך ר' מענדל מיטן רב און אנדערע חשובע בעלי־בתים שאפן קמחא דפסחא. און סוכות — ווי קען מען לאזן א יידן פארשעמט ווערן, אז ער זאל נישט האבן צו עסן צווישן שכנים? האט ער זיך ווידער גענומען צו זיין ארבעט. און אזוי א קייַלעכדיק יאר, תמיד אין שטענדיקער באוועגונג. איין הילפס ארבעט פלעגט יאגן די צווייטע. זיין הויז איז געווארן א גמילת־חסדים קאסע, אן יעדנס הילף, ווייל די מצווה פון מתן בסתר האט ער גאר שטארק אפגעהיטן. געווען משפחות וועלכע האבן באקומען שטיצע נישט וויסנדיק פון וועמען דאס קומט. נישט ליב געהאט מ'זאל אים דאנקען, אנטלאפן פון יעדן כבוד. נישט געוואלט ווערן קיין פרנס אין דער קהלה, הגם די אגודה האט אים דארט גאר שטארק געוואלט האבן; ער האט פארשטאנען, אז דאס וועט איר שטערן אין זיין פילאנטראפישער טעטיקייט.

כדי צו אילוסטרירן זיינע פערזענלעכקייט, גיבן מיר דא איבער א פאקט — דערציילט דורך שמואל ליוועד:

„געווען איז דאס שבועות 1938, איז צו מיר אין ווינונג געקומען ר' מענדל אין דער באגלייטונג פון באקאנטן גביר ר' דוד לאסקער ז"ל. איך האב זיך שטארק געוואונדערט — הייתכן, ר' מענדל ראזענזאפט אין יום־טוב צו מיר? אויף מיין פראגע האט מיר ר' מענדל געענטפערט: איך נויטיק זיך אין געלד. — וואס עפעס אין יום־טוב? — פרעג איך. האט ער מיר דאן אויפגעקלערט: מען מוז ראטעווען א יידן וואס מ'גייט מארגן אויסשטעלן זיין הויז אויף ליציטאציע. אט דאס איז געווען ר' מענדל; כדי צו ראטעווען א יידן אין א עת צרה, איז ער גרייט געווען אפילו יום־טוב צו נעמען געלד..."

אט אזוי שטייט פאר מיינע אויגן לעבעדיק זיין געשטאלט פול מיט טעמפעראמענט, און שטענדיקע באוועגונג, טראָץ זיין עלטער. מיטעלער וווקס, ברייטע פלייצעס, פול פנים מיט מיט דער גרויסער בארד, אנגעטון אין א לאנגער קאפאטע, ריין און ציכטיק, תלמיד חכם שאין רבב על בגדו. געהערט צום טיפ יידן, אין וועלכע ס'האט געברענט דער נר־תמיד, דער עכטער יידישער אייביקער פייער, וואס באהויכט מיט ווארעמקייט און ליכטיקייט דעם גדריקטן און געפלאגטן, נישט געשוינט זיין צייט צו העלפן ארעמע, וועלכע האבן אין אים געפונען א הייס־גליענדיק הארץ, א צארטע עמפינדלעכע נשמה.

א ליכטיק־אידעלע געשטאלט, מיט פאטערלעך פייערדיקער ליבע צו יעדן מענטש.

אין די אוונטן, ווען דאס „געסל" פלעגט זיין איינגעהילט אין שלאף, פלעגט ר' מענדל זיצן אין זיין צימער און לערנען, אדער זיצן ביחידות און שרייבן, און געשריבן האט ער א סך. ליידער האבן מיר נישט זוכה געווען צו זען זיינע כתבים, וועלכע זענען אומגעקומען צוזאמען מיט אים אין די פלאמען פון אושוויץ.

כבוד זיין אנדענק!

פון מענדל ראזענזאפט'ס קינדער איז געבליבן לעבן נאר איין זון יאסעלע, וואס האט אדורכגעמאכט אלע נאציישע גיהנום'ס.

געשפרונגען פון צוג, וואס האט געפירט בענדינער יידן קיין אושוויץ, אנטלויפס פון ארבעטס־לאגער, צום צווייטן מאל פארשלעפט קיין אושוויץ, און צום סוף פון דער מלחמה געפינט ער זיך אין טויטן־לאגער בערגן־בעלזן, ווו ער שטעלט אויף די פיס מיט זיין ענערגיע די האלב טויטע „מוזלמענער". אבער די אלע שווערע איבערלעבונגען האבן אים נישט צעבראכן מאראליש, — געבליבן דער פריילעכער און ענערגישער יאס'ל, וועלכער שפינט ווייטער דעם גאלדענעם פאדעם פון זיין משפחה, און זעצט פאר די גרויסע גייסטיקע ירושה פון זיין גרויסן פאטער.

דוד ליוועד

*

## צירעלע (צעשא) שיין — די „מאמע פון די יתומים"

צו די כאראקטעריסטישע טיפן פון בענדין, וועלכע האבן אקטיוו און שטארק אנטייל גענומען אינם געזעלשאפטלעכן און פאליטישן לעבן פון יידישן בענדין, געהערט אויך די אידעלע פרוי צירעלע שיין, פון די אקטיווסטע טוערינס אויף אלע געביטן, וואס האט זיך אויסגעצייכנט מיט איר מסירות־נפש און ענערגיע. א דאנק איר מיטארבעט האבן א סך בענדינער אינסטיטוציעס דערגרייכט א הויכע מדרגה.

צירעלע שיין איז געקומען פון איינע פון די שענסטע חסידישע היימען אין ווארשע, און באלד נאכן באזעצן זיך אין אונזער שטאט, אלס פרוי פון יצחק שיין (אן אנגעזעענער ציוניסט אין שטאט), האט זי אנגעהויבן ארויסווייזן פאראינטערעסירונג אין געזעלשאפטלעכער ארבעט, געווארן א חשובער מיטגליד אין „טאוואזשיסטווא דאבראצ'ינאשץ", די עלטסטע פילאנטראפישע אינסטיטוציע אונטער דער אנפירונג פון ד"ר ווייגציהער, און מיטגעהאלפן אין שאפן געלד־מיטלען און מעדיצינישע הילף פאר די ארעמע מאסן. געוויס האט די אינסטיטוציע פארמאגט נאך אנדערע מיטארבעטער, וועלכע האבן איר געווידמעט א סך צייט און מי, אבער צירעלע שיין האט איבערשטיגן אלע. זי האט געברויזט מיט ענערגיע, אין נישט בחינם האט מען זי גערופן די „מאמע פון די יתומים". פון דער ערשטער מינוט אן האט זי זיך געווידמעט

דער געוואלדיגער הילפס־ארבעט פאר ארעמע יתומים. דער יתומים־היים האט זיך געפונען לאנגע יארן אין עטלעכע צימערן אין דוד'ל זמיגראד'ס הויז. דארט פלעגט צירעלע קומען טאג־איין טאג־אויס, געטראגן די זארג פאר דער מאטעריעלער און גייסטיקער אנטוויקלונג פון די יתומים. ווי א מאמע, — אליין יואשן און קעמען, אליין געזארגט אז די באשפייזונג זאל זיין א געהעריקע, אז לערער און מלמדים זאלן זיין גוטע, אז די קינדער זאלן באקומען אן אלגעמיינע און רעליגיעזע דערציונג. זי האט געחולמט צו שאפן א מאדערנע קינדער־היים, ווו די קינדער זאלן זיך פילן פרייער, בעסער און גליקלעכער ווי אין די דריי צימערן אויפן דריטן שטאק, צווישן צענדליקער שכנים.

נאך לאנגער אנגעשטרענגטער ארבעט, איז איר חלום מקוים געווארן: עס איז אויפגעבויט געווארן דאס גרויסע יתומים־הויז, א געביידע וואס איז געווען דער שטאלץ פון דער שטאט און א פרייד פאר די וואס האבן געהאלפן דעם פלאן רעאליזירן. אמת, געווען א קאמיטעט ביים „טאוואזשיסטווא דאב־ראצ'ינאשטש", וואס האט זיך פארנומען מיטן בויען דאס הויז, אבער די



צירעלע (צעשא) שיין

טרייב־קראפט איז געווען צירעלע שיין, — זי האט זיך נישט באגנוגנט בלויז מיטן זאמלען געלט ביי די בענדינער גבירים, נאר זיך אליין באשטייערט מיט א גאנץ אנגעזעענער סומע געלד.

נאכן איבערנעמען דאס הויז פאר די יתומים, האט זי זיך מיט ענערגיע אריינגעווארפן אין דער ארבעט. זי איז געווארן די נשמה פון דעם הויז, זי האט אויך באגלייט די קינדער, וועלכע האבן אין א געוויסן עלטער פארלאזן די היים, אין זיי געהאלפן זיך איינארדנען, ווער אין א ביורא, ווער אלס אנגעשטעלטער, יעדער לויט זיינע פעאיקייטן.

די כלל ארבעט פון צירל שיין האט זיך נישט באגרענעצט בלויז אויף פילאנטראפיע. אלס געטרייע און גוטע יידישע טאכטער, איז זי געווען נאענט אויך צו דער ציוניסטישער ארבעט. געווען איינע פון די טעטיקסטע זאמלער פארן קרן־היסוד און אנדערע ציוניסטישע פאנדן. זייער אפט פלעגט זי איינ־ארדנען ביי זיך אין דער היים אוונטן מיטן אנטייל פון קרן־היסוד שליחים, און אונטער איר איינפלוס זענען שטענדיק דערגרייכט געווארן זייער גוטע רעזולטאטן. חוץ דעם איז זי נישט מיד געווען פון באזוכן אליין די קרן־היסוד צאלער, באמיענדיק זיך צו פארגרעסערן די סומען. אלע קרן־היסוד שליחים האבן געוווסט, אז צירעלעס מיטארבעט אין מגבית איז א זיכערער מיטעל צום דערפאלג.

אדאנק איר אינטעליגענץ און חוש פאר יידיש געזעלשאפטלעכער ארבעט, איז זי אויסגעוויילט געווארן אלס ראטמאן אין שטאט־ראט, אלס פארשטייערין פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. אויך אין שטאט־ראט האט זי אנטפלעקט איר ענערגיע, איר גוטע אריענטאציע אין שטאט־ענינים. אירע זאכלעכע רעדעס פלעגן אויסגעהערט ווערן מיט פולן ערנסט. איר געלאסנקייט און פארשטענדניש פאר שטאטישע פראבלעמען האבן ביי אלע, אפילו ביי די קריסטן, ארויסגערופן גרויס רעספעקט פאר איר פערזאן. צירעלע שיין איז געווען אין איר באציאונג צו מענטשן — פשוט און פריינטלעך. מיר געדענקען ווי א טייל יידישע פרויען פון אין שטאנד, דערצויגן אין דער פוילישער שפראך, האבן זיך געהאלטן ווייט פון די יידישע מאסן. צירעלע, דאקעגן, פלעגט שיין אויפנעמען אין איר הויז מענער און פרויען פון די ארעמע שיכטן, וועלכע פלעגן קומען צו איר מיט זייערע דאגות. זי האט אלע פריינטלעך אויפגענומען, גערעדט מיט זיי יידיש, באגלייטנדיק זיי ארויס פון איר וואוינונג, און תמיד מוסיף געווען, אז איר הויז איז שטענדיק אפן פאר זיי.

געווען פראבלעמען וואס זי אליין האט נישט געקענט וועגן זיי דעצידירן, האט זי שטענדיק געזוכט א עצה ביי אנדערע. ווען ס'האט זיך געהאנדעלט וועגן דערציונג פון די יתומים, אדער וועגן רעליגיעזע פראגן, איז איר שטענ־דיקער בעל־יועץ געווען יצחק וויגאדסקי. אים האט זי אלץ אנפארטרויעט. וועלכער לערער אדער מלמד איז גוט פאר די קינדער. אפט פלעגט דער שריי־בער פון די שורות באקומען א טעלעפאן בזה הלשון: „פאניע ליווער, קומט ארויף צו מיר, כ'וויל זיך מיט אייך בעראטן וועגן געוויסע ענינים". נאך איינער צו וועמען זי פלעגט זיך אפט ווענדן איז געווען ד"ר וויינציהער, צו וועלכן זי האט געהאט גרויס רעספעקט און צוטרוי. זי איז געווען פאפולער ביי אלע שיכטן און אלע האבן זיך באצויגן צו איר מיט דרך־ארץ און דאנקבארקייט פאר איר אומדערמידלעכער אקטיוויטעט אויף אלע געזעלשאפטלעכע געביטן. אלץ האט זי געטאן אן רעש, אן רעקלאמע, אבער מיט א פילבאר יידיש הארץ.

זי איז געווען פון דער משפחה שיין, באקאנט אויסער די גרענעצן פון בענדין, וואס האט אלע יארן ארויסגעוויזן פיל פאראינטערעסירונג צו יידישע און אלגעמיינע פראגן, צווישן זיי גרויסע נדבנים און שפענדער פאר ארץ ישראל פאנדן. צירעלע שיין האט אבער געלייסטעט נאך מער — איר צייט, איר ענערגיע, איר לעבן פאר טובת הכלל.

דער בלוטיקער נאצישער מערדער האט אומגעבראכט אויך די טייערע צירעלע, מיט איר מאן און איינציקן זון. זאל איר אנדענק שטיין פאר אונזערע אויגן. מיר, וועלכע האבן זי געקענט פערזענלעך און אויך מיטגעארבעט מיט איר, האבן תמיד באוואונדערט די טייערע יידישע טאכטער, וואס איז א לעבן־לאנג געשטאנען אויף דער וואך צו לינדערן די נויט פון די ארעמע יידישע מאסן, און אין דערזעלבער צייט אויך געהאלפן בויען דעם גרויסן בנין — ישראל.

**אברהם ליווער**

*

## שמעון פירסטענבערג

געבוירן אין אָפּאַטאָוו (קעלצער גובערניע), ווו ער האט זיך באשעפטיקט מיט בוכהאלטעריע און מיט שרייבן „פראשעניעס" צו דער רוסישער מאכט. באקענענדיק זיך מיט זיין צוקונפטיקער פרוי (פון דער היים גאלד־מינץ), האבן זיך אירע עלטערן, וועלכע האבן געזוכט א תכלית פאר זייער טאכטער, אנטקעגנגעשטעלט דעם דאזיקן שידוך, מחמת עס פאסט נישט, אז זייער קינד, וואס שטאמט פון א באלעבאטיש הויז, זאל הייראטן עפעס א „שרייבער". זיי האבן נישט געוואלט גלויבן, אז אט דער נישט איינ־געארדנעטער בחור, זייער צוקונפטיקער איידעם, וועט מיט דער צייט ווערן געבענטשט מיט עשירות, אז ער וועט שפילן די ראל פון א בעל בעמיו און וועט זיין אנגעזען ביי לייטן.

אנפאנגס יארהונדערט האט ער זיך באזעצט מיט זיין פרוי אין בענדין, און איז געווען בוכהאלטער אין דער ביר־פאבריק פון טראפּיווער און שווייצער. אין דער ערשטער וועלט מלחמה האט ער געעפנט א געשעפט פון מעבל און גראמאפאנען, איינפירנדיק, צו יענער צייט, א חידוש אין דער בראנזשע: פארקויפן מעבל אויף אויסצאלן אויף לענגערע ראטן; ער האט זיך טאקע אויסגעטויגט אין האנדל, געהאט הצלחה און

איז באגליקט געווארן אינם מסחר. דערשלאגענדיק זיך צו א פארמעגן האט ער פארלייגט אן אייגענע ברויעריי. אויך דא האט אים דער באשערטער מזל צוגעדינט, אזוי אז אין א קורצער צייט ארום האט ער געבויט א צווייטע גרעסערע ביר־פאבריק אין זדונסקא־וואלא, ביי לאדזש.

נאך דעם ערשטן וועלט קריג האט ער געקויפט אין קעניגס־הוטע (אויבערשלעזיען) א פאבריק פון מעטאל־פראדוקציע, וואס האט גאר שטארק פראספערירט. דא הויבט אן צו שטייגן זיין פארנעם, און א דאנק זיין אונערמידלעכער ענערגיע, ארגאניזאציאנעלע פעאיקייטן און איניציאטיוו, האט ער זיך דערשלאגן צו א גאר גרויסער מדרגה אין דער פוילישער אינ־דוסטרי, אלס אינהאבער פון די גרויסע צינקאווניעס אין בענדין (שעלעצקא גאס) וועמענס אויסארבעטונגען (צינק־ווייס, בלעכן, עמערס, א. ז. וו.) זענען געווארן עקספארטירט קיין אויסלאנד.

זיין אונטערנעמונג האט באשעפטיקט איבער טויזנט מענטשן, פון זיי פיל יידן און ספעציעל די אנפירערשאפט, די בעאמטע, פון וועלכע אייניקע האבן זיך געראטעוועט: דער טעכניקער ג א ל ד מ י נ ץ, בעניעק פ א ג ע־ל ע ו ו י ט ש (ביידע אין ישראל), הענדל ר א ט נ ע ר (אמעריקע), העלא



שמעון פירסטענבערג.

ש י י ע ר (בעלגיע), ברידער ב א ז ש י ק א ו ו ס ק י (שווייץ) און נאך. אין דער פאבריק האבן געארבעט חלוצים פון בענדינער קבוץ פאר וועלכן פירסטענבערג האט זייער פיל געלייסטעט. ער האט געזארגט, אז זיינע באשעפטיקטע ארבעטער זאלן ביי אים געניסן פון גוטע סאציאלע באדינגונ־גען, אויסבויענדיק פאר זיי ספעציעלע וווינונגען נעבן זיין פאבריק. ער האט געקויפט דעם בנין פון דער האנדלס באנק אויף סאַנטשעוסקא גאס, דארט געוווינט און פארלייגט דאס הויפט־ביורא פון זיין גרויסער אונטער־נעמונג.

פירסטענבערג האט נישט נאר געטראכט וועגן עולם הזה, נייערט אויך וועגן עולם הבא. ער איז געווען א פילאנטראפ און כלל־טוער בה״א הידיעה. זיינע דערגרייכונגען זענען געווען וואגיקע. פיל צייט, פיל געלט האט ער אוועקגעגעבן פאר דער יידישער געזעלשאפט און פאר ארץ־ישראל. נישט געווען אין אונזער שטאט א געזעלשאפט — נישט רעדענדיק שוין וועגן פילאנטראפישע אינסטיטוציעס — ווו ער זאל נישט זיין פארטרעטן: עטלעכע יאר פארזיצער פון ספארט־פאריין „הכח״, אנפירער פון „תלמוד תורה״, און עסקן (אויך זיין פרוי) אין „דאבראטשינאשץ״, א געוועזענער פארזיצער פון שטאט־ראט אין די יארן 1927/30, ווו ער האט זיך אויסגעצייכנט אלס פאר־וואלטער מיט די שטאטישע ענינים, געוועזענער פארזיצער פון דער יידישער קהילה, פארזיצער פון „אגודת שוחרי האוניברסיטה בירושלים״, א מיטגליד פון ראט פון יידישער אגענץ, און נאך און נאך.

ווען אין שטאט ווערט פראקלאמירט א געלט־אקציע פאר קרן היסוד און קרן קרן הקיימת, איז ער תמיד געגאנגען בראש פון די אנגעזעענסטע תורמים, צאלענדיק 10% (מעשר) פון די געזאמעלטע געלטער. ער האט אויך על פי רוב געגעבן פאר נישט ציוניסטישע פאנדן: פאר ישיבות, פארשידענע קולטור־אינסטיטוציעס („ייווא״, „תרבות״) הכשרה באדערפענישן, ספארט־צוועקן. ער האט קיינעם נישט אפגעזאגט, ווען מען האט זיך געווענדעט צו אים, און צוליב דעם איז ער געווען דורך אלעמען געשעצט.

איך געדענק אן אינטערעסאנטן פרט: ווען די ציונים כלליים האבן געפייערט אין די צוואנציקער יארן דעם „חנוכת־הבית״ פון זייער נייעם לאקאל אויף קאַלאָנטאַיא גאס, האט ער אין זיין באגריסונג־ רעדע פייערלעך מבטיח געווען, אז ער וועט שטענדיק טראגן די לאסט פון די אדמיניסטרא־טיווע אויסגאבן פון לאקאל (דירה־געלט, ווירטשאפט, ליכט, שטייערן) אבער בתנאי, אז די בעלי־בתים זאלן זיך באשעפטיקן מיט רוחניות און מיט ציוניזם... ער האט זיין צוזאג מקיים געווען.

דער קרוין פון זיינע ווילטעטיקע מעשים איז געווען דער פראכט־פולער בנין פון דער גימנאזיע „יבנה״, וואס ער האט אויסגעבויט און ארייגעלייגט אין איר הונדערטער טויזנטער זלאטעס. תל־אביב וואלט געקענט שטאלצירן מיט אזא קולטור־נכס, וואס איז געווען געבויט מיטן גרויסן פארנעם, לויטן לעצטן ווארט פון דער ארכיטעקטור און שול־באדערפענישן. (לאָמיר נישט פארגעסן, אז דאס איז געווען מיט עטלעכע דרייסיק יאר צוריק).

געווען צייטן, ווען פירסטענבערג איז געווען מאמענטאל פינאנסיעל געענגט צוליב וואס די בוי־ארבעט איז געווארן צייטווייליק איבערגעריסן. נישט זייענדיק ביכולת זי אויסצופערטיקן. ער האט זיך אבער נישט מיאש געווען, געבארגט געלט, געצאלט פראצענטער און ווייטער פארגעזעצט די בוי־ארבעט.

ווען דער בענדינער נדבן און גרויסער האלץ־סוחר, אליעזר באזשי־קאווסקי האט געוואלט פירסטענבערגן ארויסהעלפן, האט ער פארגעשלאגן דעם שול־קאמיטעט פון „יבנה״, אז אויך ער וויל האבן א חלק אין דער נייער געביידע, און וויל שפענדן א באדייטנדיקן סכום. פירסטענבערג איז פון דעם אנבאט נישט נתפעל געווארן, אומגעקערט — ער האט זיך שטארק געפילט געטראפן, זאגענדיק: „א דאנק אייך פאר דער ברייט־הארציקייט, אבער איך נויטיק זיך נישט אין קיין הילף אין אודאי נישט אין קיין שותפים״...

די „יבנה״־שול, וואס האט ארויסגעגעבן טויזנטער אביטוריענטן (פיל פון זיי פראמינענטע אנשי־רוח: דיכטער, שרייבער, מעדיקער, אוניווער־זיטעט־פראפעסארן, קינסטלער, דענקער) האט געטראגן דעם נאמען פון די מעצענאטן „שמעון פירסטענבערג און פרוי״. דאס האט ארויסגערופן א פארוואורף, א פארדרוס און א דיסקוסיע ביי א טייל פון דער געזעלשאפט, וואס האט געזען דערין א חלול השם פין דער פריערדיקן, היסטארישען אזוי סימבאלישן נאמען „יבנה״. פירסטענבערג האט א גערירטער באגרינדעט זיין פארלאנג, וואס אן אמת, מיט א קנאפ איבערצייגענדיקן ארגומענט, אבער מיט א מין ודוי־טאן, ווי ער וואלט פאראויס געזען דעם ביטערען עתיד, וואס איז טאקע, מקויים געווארן: „היות ווי איך האב נישט קיין נחת און קיין שליטה איבער מיינע אייגענע קינדער, וועלכע דערווייטערן זיך פון יידישקייט, פון נאציאנאלער דערציאונג, שפראכלעך און קולטורעל, פון יידישע נייגונגען, זאל מיר לכל הפחות באשעט זיין צו האבן א ביסל גייסטיקן תענוג פון פרעמדע יידישע קינדערלעך פאר וועלכע איך האב געבויט די שול, וואס וועט אויסשטראלן איר געבענטשטע ווירקונג אויף די תלמידים, וועלכע וועלן באקומען א חינוך אין ליכט פון נאציאנאלן אידעאל און באוווסטזיין. זאלן זיי מיך אמאל געדענקן צום גוטן, ווייל איך האב עפעס מיטגעווירקט פאר זייער וווילזיין און אהבת ישראל״.

מיטן אויסברוך פונם לעצטן קריג איז ער אוועק מיט זיינע בני־בית קיין לעמבערג. באגלייט מיט גרויל און שוידער האט ער זיך ערגעץ ווו

אויסבאהאלטן, מורא האבענדיק פאר דער רוסישער מאכט, וועלכע קען אים פארשיקן אויף קאטארגע קיין סיביר אלס געוועזענעם קאפיטאליסט און גרויסאינדוסטריעלער. אין יאר 1941 געלינגט אים צו קומען קיין ווארשע און פון דאנען ווערט ער איבערשיקט קיין בערגן־בעלזן, אין א ספּעציעל לאגער פון אויסלענדער, מיט געפעלשטע אויסלענדישע פאפירן. די יידישע אגענץ אין ירושלים האט זיך פאראינטערעסירט מיט זיין גורל און געוואלט אים ראטעווען, אבער אומזיסט. פון בערגן־בעלזן האבן אים די דייטשן מכלומרשט טראנספּארטירט קיין „אויסלאנד", פארשיקענדיק אים מיט זיין פרוי אין אן אומבאקאנטער ריכטונג — און זיי אומגעבראכט.

**מ. האמפעל**

*

## יצחק וויגאדזקי

געקומען קיין בענדין פון זאַווערטשע פאר דער ערשטער וועלט מלחמה, און איז באלד געווארן געזעלשאפטלעך אקטיוו. היות ווי פאליטישע טעטיקייט איז אין יענע יארן געווען פארבאטן, האט זיך דאס געזעלשאפט־לעכע לעבן קאנצענטרירט אין דעם קולטור־פאריין „הזמיר", וואס האט אויף



יצחק וויגאדזקי.

א פארשטעלטן אופן איינגעארדנט פאליטישע פארזאמלונגען. ער איז גע־ווען אקטיוו אין „הזמיר" אויף אלע געביטן.

מיט דער גרינדונג פון דער העברעאישער געזעלשאפט „עבריה", שטעלט ער זיך צו איר דיספּאזיציע און ווערט איינער פון אירע הויפּט־טרעגער.

ווען די פאליטישע טעטיקייט איז לעגאליזירט געווארן דורך די דייטשן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, עפענען זיך פאר אים ברייטע האריזאנטן פון ציוניסטישער ארבעט, און ס'איז נישטא פארהאן קיין שום צווייג אין וועלכן ער זאל נישט זיין טעטיק. ער ארגאניזירט רעפעראטן, וואל־מיטינגען צו די שטאט־ראט און קהילה־וואלן, אויפקלערונגס־פארזאמלונגען פארן שקל, קרן־קיימת, קרן־היסוד, תרבות און נאך. אומעטום שפּילט ער די ערשטע פידל און גיט א ביישפּיל פון איבערגעגעבענער ארבעט פון א טריין עסקן. אפילו זיינע קעגנער רעספּעקטירן אים, ווייסנדיק, אז ער טוט זיין ארבעט באמונה שלמה און מיט פיל ערלעכקייט.

הגם זיין עקאנאמישער מצב איז געווען פון שטענדיק אָן א שווערער, האט ער נישט פארנאכלעסיקט זיין כלל־ארבעט. ספּעציעל צייכנט ער זיך אויס אלס גוטער פראפאגאנדיסט ביי פארשידענע וואלן, שטאטישע און אלגעמיינע, ווי צום ביישפּיל צום פוילישן סיים. ער באזוכט די ארומיקע שטעטלעך און טרעט ארויס אויף מיטינגען, אפט עטלעכע מאל אין טאג. ווען מיר, ציוניסטן, זענען טעראריזירט געווארן בעת די סיים־וואלן דורך דער פוילישער מאכט, ווען די פאליציי האט אונז שיקאנירט אויף טריט און שריט, ווען שקצים פלעגן זיך אריינרייסן אויף אונזערע פארזאמלונגען און געדראט מיט שטעקנס און אייזנס, — האט ער זיך נישט דערשראקן און אגיטירט פריי און פראנק פון דער בימה.

אן אינטערעסאנט קאפיטל איז די קהילה אין בענדין. אויף דעם געביט איז ער, אלס פרנס, געשטאנען אויפן ערשטן פראנט מיט זיין קעמ־פערישער נאטור, ווייל אין דער גמינע האבן מיר, ציוניסטן, תמיד געהאט צו קעמפן מיט דער „אגודה", וואס איז געווען א שטארקער פאקטאר אין דער שטאט און געוואלט, אז די קהילה זאל זיין א רעליגיעזע אינסטיטוציע.

וויגאדזקי איז טעטיק אויך אויפן געביט פון דערציערישער ארבעט. יארן־לאנג איז ער געווען א נישט באצאלטער אויפזעער איבער די יידישע לימודים אין יתומים־הויז. דער הויכער ניוואָ פון די יידישע לימודים אין דעם אנשטאלט — איז געווען זיין פארדינסט.

ער איז געווען פון די גרינדער פון דער גימנאזיע „יבנה" און ביז די לעצטע טעג א טעטיקער מיטגליד אין אויפזיכטס־ראט פון דער שול. די אנטוויקלונג פון דער גימנאזיע איז אויך געווען פון זיינע דערגרייכונגען.

א שטענדיקער מיטארבעטער פון דער „זאגלעמביער צייטונג", געשריבן איבער אקטועלע ענינים. ספּעציעל באקאנט זיינע מאמרים לכבוד יידישע ימים־טובים, אין וועלכע ער האט אויפגעקלערט זייער באדייטונג פון נאציאנאלן שטאנדפּונקט. מען האט אים גערן געהאט צו לייענען, ווייל ער האט געהאט א לייכטע פעדער און געשריבן קלאר און דייטלעך וועגן די טיפסטע פראבלעמען.

ער האט מיטגעארבעט אין פיל פילאנטראפּישע אינסטיטוציעס, און אומעטום גענאסן אכטונג און כבוד.

30 יאר האב איך געארבעט טאג־איין, טאג־אויס מיט מיין ליבן פריינט וויגאדזקי, ביז עס איז אויסגעבראכן די גרויזאמע מלחמה. דעם צווייטן טאג פון קריג האב איך זיך מיט אים הארציק געזעגנט, ווייל איך האב זיך געגרייט מיט מיין משפחה צו פארלאזן בענדין און זוכן א רעטונג ווייט פון די נאצישע תליינים, און טאקע מצליח געווען. כ'האב דאמאלסט נישט געוווסט, אז דאס איז דער לעצטער האנט־דרוק און לעצטער „שלום" פון מיין אזוי באליבטן נאענטן חבר. כבוד זיין אנדענק!

**א. ליווער**

*

## משה קאמינער

געבוירן 1898 אין בענדין, ביי איינער פון די אנגעזעענסטע און מיוחס־דיקסטע משפחות אין שטאט; דער פאטער, ר' ליפּא קאמינער, א גרויסער למדן און שארפער קאפּ. נישט איינמאל געווארן איינגעלאדן אין בית־דין פון ראבינאט, צו העלפן אדורכפירן א שווערע אין פארוויקלטע דין־תורה. ג'עקענט גאנץ ש"ס אויסווייניק.

די מוטער, לאה, באקאנט אין שטאט אלס מזג־טוב, מיט אירע גוטע מעשים, געווען טעטיק אין „ביקור־חולים", „לינת־הצדק" און ספּעציעל א סך געהאלפן ביים באקליידן די ארעמע תלמוד־תורה קינדער.

משה האט באקומען א טראדיציאנעלע דערציונג, געגאנגען אין „חדר", ווען ער איז געווארן עלטער איז ער באאיינפלוסט געווארן דורך די השכלה ביכער. פון זיין פריסטער יוגנט ארויסגעוויזן גרויס ליבשאפט צום בוך, א סך געלעזן אין יידיש, העברעאיש און פויליש. זיין חלום איז געווען שטודירן, אבער משפחה געפילן האבן אים צוגעבונדן צו זיין חסידישער היים. ליב געהאט די עלטערן און זיי נישט געקאנט מצער זיין, אזוי אז ער האט אליין געלערנט און זיך אויסגעלערנט שפראכן, פון די אינטעליגענטסטע בחורים אין שטאט.

זיין געזעלשאפטלעכע ארבעט האט משה קאמינער אנגעהויבן מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווען די דייטשע ארמיי האט דורכמארשירט די שטאט און אנגעווארפן

א פחד אויף דער באפעלקערונג, דאס עקאנאמישע לעבן איז צעשטערט געווארן, און הונגער האט געהערשט דאן אין שטאט, — איז משה ארויס מיט א רוף צו העלפן לינדערן די נויט. לויט זיין איניציאטיוו האט זיך געגרינדעט א געזעלשאפט „עזרה", וואס האט אונטערגענומען א זאמעל־אקציע אין שטאט און אויך געעפנט א פאלקס־קיך, ווו מ'האט טעגלעך אויסגעטיילט אומזיסטע מיטאגן. באזונדערס איז ווערט צו דערמאנען זיין ארבעט אלס גרינדער פון דער ערשטער יידישע פאלקס־שולע ביי דער תלמוד־תורה אין בענדין.

ער האט אויף זיך גענומען די שווערסטע ארבעט, צוזאמענגעשטעלט א פרייוויליקן לערער־פערסאנאל אונטער דער לייטונג פון ד"ר חיים פ ע ר ל. געבראכט לערן־ביכער פון ווילנע, איינגעקויפט העפטן און שרייב־מאטע־ריאל און עס אומזיסט פארטיילט צווישן די תלמידים.

די שולע האט ארויסגערופן גרויס אינטערעס אין שטאט, און געווארן שטארק אונטערשטיצט דורך די אנגעזעענסטע כלל־טוער, ווי ד"ר ו ו י י נ־צ י ה ע ר, א ר א נ א ו ו י ט ש און פ ס ח ז א ן, ספעציעל האט מיטגעהאלפן די פרוי ז י ס פ ע ל ד ביים פארשאפן קליידונג פאר די תלמידים. די ארבעט איז נישט געווען קיין לייכטע פארן יונגן בחור, וואס האט נאך געהאט אויסצושטיין א קאמף מיט די חסידים וועלכע האבן נישט געוואלט צולאזן אז די קינדער זאלן לערנען יידיש, מורא האבנדיק אז זיי זאלן נישט ארויס לתרבות רעה. און די חסידים האבן געמאכט אן אנפאל אויפן סעקרע־טאריאט פון דער שולע און צוריסן די ביכער.

משה קאמינער איז פון דער פריסטער יוגנט אריינגעצויגן געווארן אין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן פון בענדין. מיטגעריסן מיט די פריי־הייטס־ווינטן וואס האבן געבלאזן אין פוילן, האט ער זיך אנגעשלאסן אין דער פועלי־ציון פארטיי; איך געדענק די ערשטע אומלעגאלע פארזאמלונג, אין א שטוב אָן באלייכטונג אויף די סאנשעווסקא גאס אין ראזענס הויז, ווו עס האבן גערעדט די חברים פ י י נ ע ר און ה א מ ב ו ר ג ע ר, און אויך משה ק א מ י נ ע ר האט מיט זיין שיינעם יידיש באגייסטערט די אנווע־זענדע. שפעטער, ווען די פארטיי האט זיך אריבערגעטראגן אין גרויסן לאקאל ביי ווינערן אין הויז, פלעגט משה דארט האלטן אפטע פארלעזונגען. ער האט זיך אבער נישט געקענט אויסלעבן אין פועלי־ציון, און אויף די פארטיי דיסקוסיעס האט ער פארלאנגט א מער פאזיטיווע באציונג צו ארץ־ישראל און העברעאיש. ער איז דאן שוין געווען א מיטגליד אין „עבריה", וואס האט געהאט די אויפגאבע צו לערנען די יוגנט העברעאיש. ער פאר־לאזט פועלי־ציון און גרינדעט די פאלקס־פארטיי „צעירי־ציון". זיין איינפלוס אויף דער יוגנט אין שטאט איז געווען גאר שטארק. מיט זיין שיינער גע־שטאלט, שווארץ־פייערדיקע אויגן, פייערדיקע רעדעס האט ער באגייסטערט זיינע צוהערער.

און אזוי פלעגט מען אים אפט זען אויפן בארג ביים שלאס ארומגע־רינגלט מיט א גרופע יוגנט, וועלכע פלעגן מיט דורשט טרינקען זיינע ווערטער. גאנץ אפט פלעגט ער אין די זומער־פארנאכטן זיצן איינער אליין, פארחלומ'ט און מאכן פלענער וועגן פארן קיין ארץ־ישראל. געווען דער פארזיצער פון דער „צעירי־ציון" פארטיי וועלכער ער האט אוועקגעגעבן פיל כוח און צייט, געשאפן די פאלקס־אוניווערסיטעט, ווו ער האט רעפע־רירט יידישע ליטעראטור, און זיינע רעפעראטן האבן צוגעצויגן א גרויסע צאל צוהערער. אויך די „קעסטל אוונטן" וועלכע ער האט איינגעפירט יעדן פרייטיק־צו־נאכטס האבן צוגעצויגן באזוכער פון אלע פארטייען. ער פלעגט אויך באזוכן די גאנצע פראווינץ אין האלטן רעפעראטן וועגן „צעירי־ציון".

און נישט באשערט איז אים געווען צו זען די פארווירקלעכונג פון זיין אידעאל. נאך א קורצער און שווערער קראנקהייט איז ער, אין בליענדיקן עלטער פון 24 יאר געשטארבן אין בענדין.

יצחק טענצער

*

## טעוול קליימאן

אייגענטלעך איז טעוול'ס נאמען דוד קליינמאן. נאר אז עמיצער אין בענדין וואלט געפרעגט אויף אזא נאמען, וואלט קיינער — אויסער אפשר געציילטע חברים — נישט געוואוסט וועגן וועמען מען פרעגט זיך.

צו איז געווען טעוול א בענדינער לויטן געבורט, אדער א בעזעצטער, דאס איז נישט באקאנט — מ'ווייסט אבער, אז שוין אין די יארן 5—1904 איז ער געווען אין בענדין. אלע יארן געארבעט אלס שנייד'ער־געזעלן ביי יואל שניידער אין בית־המדרש גאס. אבער דאס שניידעריי אז ביי אים געווען א נעבן־זאך, — זיין לעבן איז באשטאנען פון ציוניזם און העברעאישע קולטור. טעוול האט בעהערשט די העברעאישע שפראך און איז געווען א לייענער און קויפער פון העברעאישע זשורנאלן און ביכער. געווען זייער פאפולער. א געלאסענער, א רוהיקער, אלעמענס פריינד, מיט קיינעם נישט געהאט קיין סכסוכים. וועגן אים קען מען זאגן, אז ער איז געווען א שטיק ציוניסטישע ענציקלאפעדיע. אינפארמאציעס ווי אויך ציפערן וועגן קאלא־ניאל־באנק, קרן קיימת, הכשרת היישוב א. אז. וו. האט מען געקענט בא־קומען ביי טעוולען.

מיט זיינע באשיידענע הכנסות איז ער געווען א שטענדיקער קויפער פון אלע ציוניסטישע און פאלעסטינער אקציעס וואס האבן אין יענע צייטן זיך באוויזן אויף דער יידישער גאס.

ער האט אויסגעטראגן אויף זיינע פלייצעס די אינערלעכע ארבעט פאר די ציוניסטישע און העברעאישע ארגאניזאציעס.

ער איז געווען סעקרעטאר פון „תרבות", פון דער ציוניסטישער אר־גאניזאציע, פאלעסטינע־אמט, שקלים־קאמפיין, און זיין ארבעט איז געווען א נישט־באצאלטע. אויך כבוד האט ער נישט פארלאנגט.

איז מען געקומען צו א זיצונג — איז טעוול שוין געווען ביים טיש מיטן פראטאקאל־בוך, גרייט צו דער ארבעט. בכלל איז ער געווען א ווייני־ק־רעדער, אפילו א שטיקעל כבד־פה. אין דיסקוסיעס האט ער כמעט נישט אנטייל גענומען. ער איז געווען א מענטש פון טאט און מסירות־נפש.

אויסער דאס טרעפען זיך מיט חברים אין ציוניסטישן לאקאל — איז טעוול געווען אן אפגעזונדערט מענטש. ווייניק וואס צו טון געהאט פריוואט מיט מענטשן. דער שרייבער פון די שורות גלויבט, אז ער איז אפשר געווען כמעט דער איינציקער, וועמען טעוול פלעגט באזוכן פון צייט צו צייט, און דאס ווייל מיר זענען געווען אלטע חברים במשך פון לאנגע יארן.

א שבת נאך מיטאג. א שטילער קלאפ אין טיר. טעוול האט זיך אריינ־געוויגט מיט זיין אריגינעלן גאנג. עטלעכע שעה האט געדויערט אזא באזוך. ביי זיין באשיידענהייט איז ער געווען קריטיש געשטימט וועגן א סך פראבלעמען וואס זענען געווען אקטועל אין יענער צייט; נישט בלויז ציוניסטישע ענינים האבן אים אינטערעסירט; ער איז געווען זייער אינ־פארמירט אויך אין וועלט־פאליטיק און ער פלעגט מיט קלארקייט מאכן זיינע אויסטייטשונגען.

זיין ארבעט פארן ציוניזם איז אנגעגאנגען א סך, א סך יארן און מיט גרויס נוצן.

פלוצים, עטלעכע יאר פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז טעוול פארשוואונדן. ער האט אויפגעהערט זיך בעווייזן — אויס סעקרעטאר, אויס פראטאקאל־בוך. מ'האט נאר געוואוסט אז ער פארט יעדן טאג קיין אויבער־שלעזיע. קיינער האט נישט געוואוסט אין וואס איז באשטאנען זיין באשעפטיקונג. ער איז געבליבן דער זעלבער פארשלאסענער ווי אלעמאל. „וואס וועט שוין זיין, אז איר וועט וויסן?" דאס איז געווען זיין ענטפער. מ'האט זיך דערוווסט, אז טעוול, דער אלטער בחור — האט חתונה געהאט. אויף אלע בקשות אז ער זאל ווידער קומען צו אונז, בלויז זיך צו טרעפן מיט אלטע חברים ווי אמאל, האט ער געהאט איין ענטפער: „מ'וועט זען".

קיינמאל נישט געקענט אויסגעפינען, וואס האט טעוול'ן געמאכט אפי־
זונדערן פון זיין אמאליקער טיכטיקער ציוניסטישער ארבעט. בלויז א קורצע
צייט פארן מלחמה־אויסברוך, האט זיך טעוול ווידער באוויזן אין ציוניסטישן
קלוב — נישט אלס מיטארבעטער, נישט אלס סעקרעטאר, בלויז אלס גאסט.
געבלעטערט צייטונגען, וויניק גערעדט. געקומען שטיל, אוועק שטיל. פאר
אים איז דאס רוישיקע לעבן אין ציוניסטישן קלוב געווען אביסעל פרעמד.
אבער מיר זענען געווען צופרידן אים צו זען פון צייט צו צייט ביי אונז.
מיר האבן אים מיט פיל ווארעמקייט אויפגענומען, זיך באמיט ארויסווייזן
א סך חברישקייט.

דער קריג־אויסברוך האט געמאכט א סוף צו זיין לעבן. זאלן זיין די
געציילטע ווערטער וועגן טעוול'ן א שטיקל מצבה פאר אן אלטן גוטן
חבר, וואס האט שטארק געהאלפן פארשפרייטן דעם ציוניסטישן געדאנק
אין יענער „פרע־היסטארישער" איפברויז־תקופה.

כבוד זיין אנדענק.

**אברהם ליווער**

*

## יצחק מרדכי פסחזאן

נישט געווען קיין בענדינער ייד, וואס זאל נישט קענען דעם געווע־
זענעם סעקרעטאר פון דער ארטיקער קהילה, דער איבעראל געאכטעטן
בונדישן טוער, וועלכער האט א האלב יארהונדערט געטריי געדינט דעם
יידישן ישוב און דעם סאציאליסטישן אידעאל.

געבוירן אין רוסלאנד, אין שקלאוו ביים דניעפר, אין יאר 1876. באקו־
מען א רעליגיעזע דערציונג אין פאטערס הויז, און נישט קוקנדיק אויף
דעם וואס ער שטאמט פון א רבנישן יחוס און אויסגעוואקסן אין פרומקייט,
איז ער גאר יונג פארכאפט געווארן פון ראדיקאלע שטרעמונגען.

אין די יונגע יארן קומט ער קיין ווארשע און ווערט טעטיק אויפ'ן
געזעלשאפטלעכן און סאציאליסטישן געביט. ער פארבינדעט זיך מיט יצחק
לייב פרץ און ווערט ביי אים אן איינגייער, ווייל ער איז געווען באהאווענט
אין דער יידישער ליטעראטור און פון צייט צו צייט אויך זיך באנוצט מיט
דער פען אין פארשידענע ליטערארישע אויסגאבן און אין דער פארטיי־
פרעסע.

אין יאר 1893 העלפט ער ארויסגעבן א העקטאגראפירט אויפרוף צום
1־טן מאי, וואס ווערט פונאנדערגעשפרייט און אונטערגעווארפן אין ווער־
שטאטן און פאבריקלעך.

אין יאר 1897, מיט דער אנטשטייונג פון „בונד", שליסט ער זיך באלד
אן אין זיינע רייען, און איז פון די אקטיווסטע טוער ביז זיין לעצטן טאג,
ווען די נאצישע קויל האט אונטערגעהאקט זיין לעבן.

פאר אומלעגאלער טעטיקייט ווערט ער עטלעכע מאל ארעסטירט, זיצט
לענגערע צייטן אין תפיסה. אין 1903 באזעצט ער זיך אין דער שוויץ
(זשענעוו), ווו ער איז געווען טעטיק אין אויסלענדישן קאמיטעט פון „בונד".

ער קומט ווידער קיין פינסק, ווילנע און ווען זיין ערשטע פרוי איז
געשטארבן, איבערלאזנדיק איר מאן און זון, קומט ער אין יאר 1909 קיין
בענדין, ווו ער האט אפגעלעבט 35 יאר ביז צום אומקום.

ער פארבינדעט זיך מיט זיין צווייטער פרוי, און מיט איר געהאט דריי
טעכטער, אלע דריי שפעטער אקטיוו אין דער בענדינער ארגאניזאציע פון
„השומר הצעיר", אויסגעצייכנט זיך אין דער אונטערערדישער טעטיקייט
בעת דער נאצישער הערשאפט און געפאלן העלדיש אויף דער וואך, באזונדערס
עדזשא, וואס איז פארפייניקט געווארן, ווען מען האט זי געכאפט מיט
געווער אין דער האנט, וואס זי האט אריבערגעפירט אלס ארישע פרוי אין
בענדינער געטא.

**נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט פסחזאן סעקרעטאר פון דער**
יידישער קהילה, און אין 1917 ווערט ער געוויילט אלס ראטמאן פון דער
בונדישער ליסטע אין בענדינער שטאט־ראט.

אין דער וואכנשריפט „לעבענס פראגן" און אין דער טעגלעכער „פאלקס־
צייטונג", פארעפנטלעכט ער אין א מייסטערהאפטער פארם און שיינער
שפראך א סך ארטיקלען, סקיצן און זכרונות אונטערן פסעוודאנים „וואגנער"
און דאן „אן אלטער באקאנטער".

לאנגע יארן איז ער געווען א מיטגליד פון צענטראל־קאמיטעט פון
„בונד" אין פוילן און די נשמה פון דער בונדישער ארגאניזאציע אין בענדין.
ער איז געווען שפעריש אויף פארשידענע געביטן אין שטאט, און ספעציעל
זיך געווידמעט דער יידישער שפראך און קולטור, לייסטענדיק פיל פאר ייוו"א.



יצחק מרדכי פסחזון.

נישט קוקנדיק אויף זיינע ראדיקאלע אנטי־ציוניסטישע איינשטעלונגען
און אידעאישע מיינונגס־פארשידנקייטן, איז ער געווען איבעראל געשעצט
און פארערט צוליב זיין ערלעכקייט און מענטשלעכער באנעמונג צו יעדן,
אפילו אין די קעגנערישע קרייזן, וועלכע האבן אפגעשאצט זיין אידעאליזם
און מסירת־נפש פאר יעדער יידישער זאך.

אין לעצטן קריג ווערט ער ווידער אקטיוו אין דער אונטערערדישער
ארבעט קעגן די נאצישע באנדיטן רויבער.

אין בוך „דורות בונדיסטן" (פארלאג „אונזער צייט", ניו־יארק, 1956),
לייענען מיר פאלגענדעס: „אין פעברואר 1940 האט דער שליח פון צענטראל־
קאמיטעט פון „בונד", ארטור נ ו נ ב ע ר ג, געבראכט אין פסחזאנס וווינונג
אומלעגאלע ליטעראטור און געלט, און אפגעהאלטן א זיצונג פון בענדינער
קאמיטעט מיט דער באטייליגונג פון פ ס ח ז א ן, ס ט א פ נ י צ ע ר, ד"ר
פ ע ר ל, פ ר י י ל י ך און ק א ר ע נ פ ע ל ד. צווישן אנדערן איז באשלאסן
געווארן, אז בונדיסטן זאלן זיך נישט באטייליקן אין יודן־ראט".

צו מאראלישער דערהויבענקייט האט ער זיך דערהויבן ביי זיין העל־
דישן טויט, ווען בעת דער לעצטער אויסזידלונג, 1943, האט ער זיך נישט
געלאזט אריינשלעפן אין באן, אויסרופנדיק צו די דייטשע יונקערס, וואס
האבן אנגעפירט מיט גירוש: „איר ברווינע בעסטיעס, איר האט דעם קריג
סיי ווי פארשפילט! דעם קאמף קעגן שוצלאזע יידן וועט אייך גאר נישט
העלפן. מיר וועלן אייך איבערלעבן!"

א נאצישער תליין האט אים גלייך דערשאסן, אויסלעשענדיק זיין
זויבערע נשמה.

כבוד זיין אנדענק!

**מ. האמפעל**

*

## ראזע יאקובאוויטש

**ג**עבוירן 1889 אינם קליינעם שטעטל פראשניק, פלאצקער גובערניע, פוילן, ווו איר פאטער ר׳ ישׂשכר בעריש גרויבארט איז געווען רב. נישט קוקנדיק אויף דער טראדיציאנעלער דערציאונג אין רבנישן הויז, באזוכט ראזע א רוסישע שול אין שעדלעץ, און שפעטער ווען די גאנצע פאמיליע גייט איבער אין יאר 1893 וווינען קיין בענדין, ווו איר פאטער ווערט רב, באזוכט זי אויך די פוילישע שול. ביי איר לערער יעקב בער זאיאנץ, ביי וועמען זי האט געלערנט העברעאיש, קומט ראזע יאקו־באוויטש אין באריירונג מיט דער משׂכילישער יוגנט פון שטאט, הויבט אן לעזן יידישע ביכער. באקענט זיך מיט די יידישע קלאסיקער, מענדעלע, פרץ, שלום עליכם. ספעציעל האט פרץ, וואס האט אויפגעלעבט אין זיינע נאוועלן די ראמאנטישע שיינקייט פון דעם פערגאנגענעם יידישן לעבן, געווירקט און באאיינפלוסט די יונגע יידישע דיכטערין. פרץ האט באשריבן א וועלט אין וועלכער זי האט געלעבט.

ראזע יאקובאוויטש האט פלוצלינג זיך געפונען צווישן צוויי וועלטן. פון איין זייט — דאס פאטריארכאלישע רבניש הויז פון איר פאטער, וועלכער פלעגט צווישן איין בלאט גמרא און צווייטן זיך אפגעבן מיט זיינע קינדער, און אין לאנגע געשפרעכן זיי דערציילן וועגן דער פאלקס־פארגאנגענהייט, וועגן דעם וואס דאס פאלק האט איבערגעלעבט אויף זיינע גלות וועגן, און אונטער דער השפעה פון פאטער האט זי זיך אויסגעלערנט פרי צו דענקען און פילן; און פון דער צווייטער זייט, האט זי געפונען אין דער יידישער ליטעראטור א נייע גרויסע וועלט, אין וועלכער זי האט געמאכט אירע ערשטע טריט, אויפ׳ן געביט פון דער פאעזיע. אזוי שרייבט זי דאס ערשטע ליד: „צו מיין טאטן", וואס ווערט פארעפנטלעכט אין פרץ׳ס זאמלבוך „יידיש", ווארשא 1910. דארט באזינגט זי די גרויסקייט פון איר פאטער, וועלכער זיצט פארטיפט אין דער „תורה בענקשאפט", „אין שטילן גרויען נעפל פון דעם אויפגעוואכטן טאג".

„ווי שטראלט געוואלדיק אין דיין אויג א פלאמענדע וועלט,
אין פארטאגס נעפל איינגעהילט געבוקט אין ג׳ געצעלט,
ווי גרויס ביסטו, אָ טאטע מיין, אָציִנד אויף משה׳ס שטעל".

**(צו מיין טאטן)**

ראזע האט זיך אָנגעשטויסן אין דער נייער וועלט אירער, אין דער יידישער ליטעראטור, אויף נייע שיינקייטן, און דאס ברענגט זי צו א שטילער מרידה קעגן דער אלטער וועלט פון אירע עלטערן. אין איר ליד „כלה סדור" זינגט זי:

„כ׳האב אויפגעריסן ס׳ריגעלע
פון טאטענס מאמעס טיר,
און לייכט ווי אויף א פליגעלע
ארויס אין פעלד צו דיר".

נישט געקוקט אויף דעם ריס מיטן טאטנס הויז, אויף דעם דערווייטערן זיך פון „טאטעס מאמעס וועלט", ציט זי צוריק צום מקור, צו דער שטוב פון איר גרויסן טאטן, ווי זי זינגט אין א שפעטערדיקן ליד:

„דיין טרויער בליק וואס האט מיר אויסדערציילט
מעשׂיות פון צוויי טויזנט יאר צוריק,
אלעס האט דער טויט מיר אפגערויבט
נאר מיין גלויבן אין דיר נישט".

**(אויף קבר אבות)**

א באזונדער שיינקייט פארמאגן אין זיך אירע ביבלישע מאטיוון. זי איז די ערשטע יידישע דיכטערין, וואס האט אריינגעפירט די דאזיקע מאטיוון אין דער יידישער פאעזיע. זי לעבט אויף פאר אונז די אלט־נייע געשטאלטן, ספעציעל די ביבלישע פרויען, ווי רחל, רות, מרים, שולמית, אסתר, און וואס פאר א שיינקייט און שטילער ליריזם שלאגט פון יעדן שיר:

„שטיי אויף מיין שטילע שוואלב קום מיט
אין פעלד וואו אונזער גארטן בליט,
די טירקעלטויב איז מיט איר ליד
שוין דא אין אונזער לאנד".

**(שולמית)**

אדער אין א צווייט ליד:

„איז וואס, אז׳ עס האט מיך די האַרין פארטריבן —
איך פיל נאך די הייליקע שטילקייט,
ווען ס׳האט מיך דער פירשט פון די שטאמען אברהם׳ס
געוועקט צו א זוניק דערוואכן
צווישן זוניקע סנאפעס און גארבן".

**(הגר)**

אין יענער צייט איז דאס געפיל פון ליבע אין דער יידישער ליטעראטור נאך נישט געקומען אזוי שטארק צום אויסדרוק, איבערהויפט ביי דער קליינער צאל פרויען־דיכטערינס. ראזע קומט דאן מיט אירע פרעכטיקע צארטע ליבע — אין לירישע לידער וועלכע זענען שיין, מלא חן און צניעות׳דיק, וואס א יידישע פרוי אין פוילן האט זיך דאן געקענט פארגינען. אירע ליבע און ביבליש־לידער האבן אריינגעבראכט נייע מאטיוון אין דער יידישער פאעזיע.

אין 1924 גייט ארויס די ערשטע זאמלונג פון אירע לידער „מיינע געזאנגען". זי האט אויך פארענדיקט א צווייט בוך „לידער צו גאט", וואס איז נישט דערשינען צוליב דעם מלחמה־אויסברוך.

די לעצטע יארן האט זי געלעבט אין קאליש שפעטער אין ווארשע. אין דער צייט פון דער מלחמה געארבעט צוזאמען מיט פראפעסאר באלאבאן אין דער היסטארישער קאמיסיע. אין 1943 איז זי געווארן פארשלעפט קיין טרעבלינקע.

**דוד ליוועֶר**

*

## אברהם גאלדבערג

**ע**ר איז שפעטעריש אויפן געביט פון מאלעריי אין ישראל. מיר, די אמאליקע יוגנט פון בענדין נאך פון די יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, קענען אים נישט אלס מאלער, נאר אלס התלהבות׳דיקן בחור, וואס האט אריינגעבראכט אזוי פיל לעבן אין אונדזערע קרייזן. כ׳געדענק ווי דאס



אברהם גאלדבערג.

וואלט געווען אָקאָרש נעכטן, די אונטן, ווען מיר, א כאליאסטרע יוגנטלעכע האבן זיך געשארט ארום אים, און ער האט אונדז געלערנט די דאמאלס־דיקע ציון־לידער.

ער ווערט מיטגעריסן און פארכאפט פון ציוניסטישע שטימונגען און נאציאנאלע באפרייאונגס־געפילן, און לאזט זיך קיין ארץ ישראל מיט די ערשטע חלוצים פון דער דריטער עליה. די רעאלעווירקלעכקייט אין לאנד מיט וועלכער ער האט זיך אנגעשטויסן פנים־אל־פנים, איז אבער נישט אזוי אידעאל און ראמאנטיש ווי דער זיסער חלום מיט וועלכן ער האט זיך ארומגעטראגן אין הארצן. נאך א יאר ארבעט אין די ווירטשאפטן פון יק״א אין גליל, פארלאזט ער דאס לאנד, וואס האט אים שטארק באאיינדרוקט, און טראָי אַלע אנטוישונגען אזוי ליב באקומען.

ער פארט קיין אמעריקע זיך לערנען. דא ערשט אנטפלעקט זיך ביי אים אין די שפעטערדיקע לעבענס־יארן די נייגונג צו מאלן. ס׳ווייזט אויס, אז דער קינסטלערישער פונק איז שוין געווען פארבארגן ביי אים פון קינדווייז אן, און איצט איז ער געקומען צום אויסדרוק.

דאן באזעצט ער זיך אין פאריז, ווו ער לערנט מאלעריי. זיינע לערער און פראפעסארן זאגן אים פאראויס א צוקונפט, וואס איז טאקע מקויים געווארן.

זיין ערשטע אויסשטעלונג האב איך געזען מיט 20 יאר צוריק אין תל־אביבער מוזעאום. זינט דאמאלס באזוכט ער אפט ארץ ישראל, ביז ער האט זיך באזעצט אין תל־אביב, ווו ער ארבעט פלייסיק.

ער מאלט זעלטן פייזאזשן און שטיל־לעבנס. ער איז אינדיווידועל און האט זיין ספעציפישע פארם און סטיל. ער באהערשט די טעכניק פון ליכט און שאטן. א שטריך דא אין א שטריך דארט, א פלעק און נאך א פלעק און ס׳דערשיינט פאר דיר א געשטאלט, א וועזן פול מיט לעבן.

גאלדבערג האט זיך אויסגעווילט אן אייגנארטיקע טעמאטיק, וואס לייגט א חותם אויף זיין שאפונג — א מאטיוו פון דער אמאליקער, רומפולער אלטער



איילבילד פון א. גאלדבערג.
ציור שמן מאת א. גולדברג.

היים. די פראגמענטן זענען גענומען פון נאענטסטן עבר, פונם געוועזענעם יידישן לעבנס־שטייגער. ער פארקערפערט אין זיינע שאפונגען די אומ־שטערבלעכקייט פון דער יידישער נשמה, ער פארמאגט א פיינעם חוש פאר די איידעלסטע און ערלעכסטע איבערלעבונגען פונם אלטן דור, וועלכן ער לעכצט צו פאראייביקן.

זיינע שאפונגען שטאמען פון די טיפענישן פון אונדזער פאלקס־לעבן, פון דעם שפרודלדיקן מקור שעפט ער קראפט און שטאף פאר זיין ארבעט. ער צייכנט טיפן פון יידישן בענדין, פון וועלכן ער איז אויסגעוואקסן, פאר־קניפט און פארבונדן ביז׳ן סאמע שורש. דער דאזיקער כח טרייבט אים עד־היום. צו האט ער עפעס געפילט און פאראויסגעזען מיט זיין שארפן קינסטלער־אויג, אז עס דערנענטערט זיך א שקיעה, דער חורבן פון יידישן פאלק אין פוילן, ווען ער האט נאך מיט פיל יארן צוריק פארן אומקום געמאלט די פארשניטענע און אויף אייביק פארלוירענע יידישע פאלקס־טימליכקייט?

אמאל, אין דער מחיצה מיט אים, האבן מיר פארפירט א שמועס איבער היימישע ענינים. מיר מישן אויף זיסע זכרונות פון בענדינער לעבן. מיט וואס פאר א בענקעניש רעדט ער וועגן יענע שיינע צייטן. ער געדענקט אלץ, דעם קלענסטן פרט, וואס איז זיך פארלאפן מיט קרוב א האלב יאר־הונדערט צוריק. ער דערמאנט יעדן איינעם פון די אמאליקע פרנסים, פון די שיינע יידן. פון די גבירים און אביונים צוגלייך. „דאס בענדין, די גלענ־צענדע פארגאנגענהייט, די טיפן און געשטאלטן — אט דאס איז דער ברונעם פון וואנען כ׳שעפ און טרינק; תמיד וועל איך באקומען די השראה און דערקוויקונג פונעם דאזיקן אומדערשעפלעכן קוואל" — זאגט ער מיר.

יא, ער זאגט דאס נישט סתם בעלמא, ווייל צוקוקענדיק זיך צו זיינע



איילבילד פון א. גאלדבערג.
ציור שמן מאת א. גולדברג.

קאמפאזיציעס געמאלט שווארץ אויף ווייס, אדער אין פאסטעל- און אייל־פארבן, דוכט זיך אונז באמת אויס, אז ס'לעבן אויף פאר די אויגן די טאטעס און זיידעס מיט זייער הדרת־פנים'דיקן אויסזען, אונדזערע צערטלעכע מאַמעס און באבעס אין זייער פראכט, אין די פערוקן און קופקעס מיט קאלירטע פראנדזן און קרינאלין־קליידער. און אויף אלעמענס חגוודיקע פנימער רוט די שכינה, די נשמה־יתרה...

זיינע שאפונגען האבן אין זיך עפעס טרויעריקעס און אומעטיקעס, צער און פארבארגענעם יאוש. ווייל גרוילעך איז געווען דאס לעבן אין גלות. דער מאלער האט אין זיך איינגעזאפט דעם דאזיקן טרויער.

יא, ארעם און בלייך איז געווען דאס אויסנוויניקסטע יידישע לעבן אין דער אלטער היים, אבער רייך און גייסטיק — דאס אינעווייניקסטע — און אזוי מאלט עס גאלדבערג.

זיינע רעפראדוקציעס זענען אין ישראל דערשינען אין אלבאָמען, אין פראכט־אויסגאבן: „בתים בישראל" (הוצאת הקבוץ המאוחד), דמויות (הוצאת ספרים צ'צ'יק, תל־אביב) און „ששה עשר ציורי פסטל" (הוצאת „אז", ירושלים). אינעם זעקסטן באנד פון דער העברעאישער קאלאסאלער „אנציקלופדיה העברית" (חברה להוצאת אנציקלופדיות בע"מ, ירושלים) אין דער אפטיילונג „קונסט אין א"י" (זייט 1082/3) ווערט געגעבן אן איבערבליק איבער גאלדבערגס בילדער און סקיצן, וועגן וועלכע מ'שרייבט דארט, אז זיי זענען אין „בצלאל"־מוזעאום אין ירושלים, תל־אביב, „משכן" עין־חרוד און אין חוץ־לארצדיקע מוזעאומס.

נישט אומזיסט האט ער זיך דערוואָרבן אן אנגעזעענעם ארט אין דער קינסטלערישער משפחה פון מדינת ישראל.

מרדכי האמפעל

*

## משה אפעלבוים

משה אפעלבוים איז נישט געבוירן אין בענדין, אבער זיינע לעצטע יארן האט ער פארבראכט אין דער שטאט און איז געווארן צוגעבונדן צו איר. דא האט ער געשאפן איינע פון זיינע שענסטע ארבעטן, דעם באראליעף פון דער מזרח־וואנט אין דער בענדינער שול. לויט ווי אפעלבוים האט זיך אויסגעדריקט, זענען דאס געווען די געציילטע יארן פון זיין לעבן — ווען ער האט נישט געליטן הונגער.

געבוירן אין 1887, זיינע קינדער יארן געלעבט אינם שטעטל אַמשינאָוו, אין א סביבה אין וועלכער מ'האט ניט פארשטאנען דעם זין פון ווארט קינסטלער, דערצויגן אַין אן ארעמער היים, געלעבט מיט א טרוקען שטיקל ברויט, א ביסעל גרינוואַרג — קארטאפעל, ציבעלעס, מערן זענען געווען א לוקסוס. נאך אלס צוועלף־יעריקער בחור פלעגט ער צייכענען ביים ליכט פון א קליין לעמפל, צייכענען מיט ברען, — און דאס נאר דאמאלסט ווען דער טאטע האט נישט געזען ווי ער איז מבטל דאס לערנען. ביי פופצן יאר אנטלויפט ער פון דער היים קיין קאליש, ווו ער ארבעט ביי א שילדך־מאלער. ביי אכצן יאר האט ער אזוי ווייט אוואנסירט אינם צייכענען, אז די ארטיקע טעקסטיל־פאבריק האט אים באשעפטיגט ביי זיך אלס צייכענער פון מוסטערן פאר טעקסטיל־אויסארבייטונגען.

ער לאזט זיך אין דער וועלט אריין, מיט דער האפענונג צו שטודירן מאלעריי. קומט קיין ווין, ווי עס געלינגט אים נישט זיך איינצואָרדענען. ער הונגערט, לאזט זיך צו פוס קיין דייטשלאנד, וואנדערט פון דארף צו דארף, און לעבט דערפון, וואס ער פארקויפט צייכענונגען פאר 50 פעניג ביז איין מארק. אזוי דערשלאגט ער זיך קיין אמסטערדאם, ווו ער גלויבט צו קענען שטודירן, אבער אויך דארט הונגערט דער יונגער קינסטלער, נישטא ווער ס'זאל זיך מיט אים אינטערעסירן. זיינע צוויי פארלאנגען אין יענער צייט זענען געווען: עסן צו דער זעט, און שטודירן מאלעריי.

צו צוואנציק יאר קומט ער קיין ליווערפול. אין דער שטאט פארדינט ער זיין ברויט אלס טרעגער. ער פארברענגט אפט אין די שענקן ווו ס'קומען מאטראזן. ער צייכנט דארט זיינע טיפן פון מאטראזן־לעבן, און פון די פערדינטע גראשענס שלאגט ער זיך אדורך מיט גרויס מי. עס געלינגט אים צו ווערן אנגענומען אין דער ארטיקער קונסט־געווערב־שול, ווי ער שטודירט צוויי יאר, אין די שווערסטע מאטעריעלע באדינגונגען. ער שלעפט משאות, האקט האלץ, און אויף דעם פנים פון יינגען מאלער באווייזן זיך אלץ טיפערע קנייטשן פון נויט און ליידן.

אין 1914 שטודירט אפעלבוים אין דער לאנדאנער קונסט־אקאדעמיע, און צום סוף 1918 שטעלט ער אויס צום ערשטן מאל אין לאנדאן זיינע ארבעטן: מאטיווען פון ווייטשעפל, דעם יידישן קווארטאל, ווי אויך א גרויסע טייל ארבעטן פונם לעבן פון ענגלישן ארבעטער. נישט קוקנדיק דערויף, וואס ער האט געהאט די מעגלעכקייט זיך איינצואָרדענען אין לאנדאן, אדאנק דער אויסשטעלונג וועלכע האט געהאט א גרויסן ערפאלג, באשליסט ער זיך אומקערן קיין פוילן — עס האט אים געצויגן צום גרויסן יידישן קיבוץ, ווו ער האט געהאפט צו געפינען א ברייט ארבעטס־פעלד. קומט קיין ווארשע, ויו ער פארנעמט זיך מיט א פיאנערישער ארבעט, — מאלן דעקאָראציעס פארן יידישן טעאטער, ווו ס'האט דאן געהערשט א גרויסע פאר־



די קאפעליע — אייל בילד פון משה אפעלבוים.
הלהקה — תמונת שמן, צייר משה אפלבוים.

נאכלעסיקונג. דא, אין פוילן, צעוואקסט זיך דער קינסטלער, ער שעפט פון די יידישע פאלקס־מאסן. ער איז געווען א קינסטלער מיט א ברייטן האריזאנט, און ארויסגעבראכט אויפן לייוונט דאס יידישע לעבן מיט זיינע סאציאלע פראבלעמען.

אפעלבוים׳ס טיפן זענען פשוטע מענטשן, יידישע מוזיקאנטן, קבצנים, הענדלער מיט גרינצייג און פרוכטן.

אין יאר 1925 נעמט אפעלבוים אן דעם פארשלאג פון דער בענדינער יידישער קהילה, צו באצירן די שול פון אינעווייניק, און צוזאמען מיט נאך צוויי קינסטלער — דעם סקולפטאר חיים האנפט און דעם מאלער שמואל ציגלער — פון סאסנאוויץ, געלינגט די דאזיקע דריי קינסטלער צו שאפן א גרויס קונסט־ווערק; שטיצנדיק זיך אויף אלטע מוסטערן פון וואנט־מאלעריי אין דער רענעסאנס־עפאכע, האבן זיי געשאפן א פרעכטיק קונסט־ווערק: די מאלעריי אין פלאסטיק פון דער שול איז געשטאנען אויף א הויכן קינסטלערישן ניווא, באזונדערס דער באראליעף פון דער מזרח־וואנט, ווו אפעלבוים האט אריינגעלעגט זיין גאנצן כוח אין קונסט. דאס איז באשטעטיקט געווארן דורך א גאנצע רייע קינסטלער און קונסט־קריטיקער וועלכע האבן די שול באזוכט; רעפראדוקציעס פון די ארבעטן געפינען זיך אין תל־אביבער מוזיי, ווי אויך אין דעם בצלאל־מוזיי אין ירושלים. איבער א יאר האט געדויערט די ארבעט פון די דריי קינסטלער, — און בענדין איז טאקע געווען די איינציקע שול אין פוילן, וואס איז אינערלעך געווארן אויסגעמאלן דורך יידישע קינסטלער. ווען א פרעמדער פלעגט קומען אין שטאט אריין, פלעגט מען אים דאס ערשטע וויזן די מאלעריי פון דער שול. די יידישע פרעסע אין פוילן האט געשריבן, אז ווארשע, לאדז און אנדערע שטעט, דארפן נעמען בענדין אלס ביישפיל אין איר באציונג צו יידישע קינסטלער.

אפעלבוים באזעצט זיך אין נאענטן קאטאוויץ, ווו ער מאלט די נויט פון די פוילישע קוילען־גרעבער. נישט קוקענדיק דערויף, וואס דאס זענען געווען זיינע בעסטע יארן, דאך האבן די צייטן פון הונגער און נויט איבערגעלאזט טיפע שפורן אינעם קערפער פון יונגן קינסטלער, און אין דעם 3־טן יאנואר 1931 שטארבט אפעלבוים פון שווינדזוכט.

דוד ליווער



א יום תהילים — אייל בילד פון משה אפעלבוים.
אמירת תהילים — תמונת שמן, צייר משה אפלבוים.

## אברהם גאלדקארן

געבוירן אין 1908 ביי חסידישע עלטערן. דער פאטער, א געוועזענער חסיד, האט נישט געטראכט אז זיין זון זאל ווערן א מאלער, האט ער אים דערצויגן אין פרומקייט. געלערנט אין חדר, שפעטער ביז 15 יאר אין בית־המדרש, הויבט אן צייכענען, סתם אזוי. געפילט א טיפן דראנג צום צייכענען, ביז דער צופאל האט אים צוזאמענגעפירט מיטן באקאנטן גרויסן יידישן מאלער הענריק גאטליב, וועלכער האט געזען זיינע צייכענונגען, און ער האט איר געראטן צו שטודירן. אין 1928 פארלאזט ער טאטע־מאמעס הויז, און פארט קיין בעלגיע, ווו ער לערנט אין דער קונסט אקאדעמיע מאלעריי.



אברהם גאלדקארן

מאכט דורך שווערע צייטן אין דער גרויסער פרעמדער וועלט, — דער נאטירלעכער וועג פון א קינסטלער, פון וואס אויך גאלדקארן ווערט נישט נתפעל. דער דראנג צו לערנען איז שטארק — ביז ער ווערט איינער פון די אינטערעסאנטע פאריזער מאלער. ער הויבט אן מאלן בילדער מיט סאציאלער טעמאטיק. זיין מאלערישער סטיל האט אדורכגעמאכט פארשי־דענע ענדערונגען, ער זוכט נייע אויסדרוקן אין דער קונסט.

אין 1940 אנטלויפט ער קיין פראנקרייך, ווו ער נעמט אן אקטיוון אנטייל אין דער פראנצויזישער אונטערגרונד־באוועגונג. באזעצט זיך נאכן קריג אין פאריז. אין יאר 1946 האט ער אויסגעשטעלט זיין גרויס בילד, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט דער יידישן קאמף אין ווארשאווער געטא, דער אומגלייכער און אזוי ווונדערפולער געראנגל פון מענטש קעגן דער בעסטיע; דאס בילד האט דאן געמאכט א גרויסן רושם אין דער קינסטלערישער וועלט, און גאלדקארן ווערט בארימט.

ער דערווייטערט זיך פון רעאליזם, זוכנדיק אויסצודריקן די אידיי פון זיין בילד אויף אן אבסטראקטן אופן („אברהם מיט די מלאכים״), ער איז אויך דער מייסטער פון גראפיק — איינס פון זיינע שענסטע ארבעטן זענען די „ספרדישע מאטיוון״ („ל׳אימאזש סעפארדיק״) — אן אלבום מיט 19 ראדירונגען און האלץ־שניטן פון דער שפאנישער גאלדענער תקופה, אין א פראכטפולער אויסגאבע פארזען מיט א פארווארט פון ז׳אן קאסו, היס־טארישע טעקסטן פון סעיל ראט, און איבערזעצונגען פון יהודה הלוי, שמואל הנגיד, אברהם אבולעפיה, רמב״ם, אברבנאל, און אנדערע. פאראן דארט אימפאזאנטע פארטרעטן פון די גרויסע יידישע גייסטער. 14 חדשים — טאג און נאכט האט דער קינסטלער געארבעט איבער דעם ווערק, וואס געהערט זיכער צו די פראכטפולסטע אויסגאבעס. פון די פארטרעטן שטראלט ארויס עטוואס מיסטישעס, דאס וואס דער קינסטלער האט מיט זיך מיט־גענומען פון בית־המדרש אין בענדין, אויף דעם וועג איבער בעלגיע־טאלעדא־פאריז; לאנג האט גאלדקארן געוואנדערט איבער די געסלעך און

שולן פון טאלעדא, סעווילע, און קארדאווא, געזוכט די שפורן פון דער הערלעכער פארגאנגענהייט. דערזען די וואונדערבארע תקופה און אירע גרויסע שעפערס, און זיי אופגעלעבט פאר אונז אין זיין בוך. גאלדקארן איז איינער פון די יידישע קינסטלער וועלכע באגען א נייעם וועג אין דער יידישע מאלעריי.

אבי מנחם



דער יידישער אופשטאנד אין ווארשאווער געטא — אייל־בילד פון א. גאלדקארן.
המרד היהודי בגיטו ווארשה — ציור שמן, צייר א. גאלדקארן.

*

## אברהם שמעון (שימעלע) ראטענבערג

געבוירן אין 1894 אין בענדין. דער פאטער יצחק יהושע האט געהאט א געשעפט פון אויבסט. ווער אין בענדין האט נישט געקענט יהושע ראטענבערג׳ס קעלער, ווו מ׳האט באקומען „רעבעלעך" (ארץ־ישראל ניס), ביר־העקעלעך, באניעקערן, א. אז. וו.?



אברהם שמעון (שימעלע) ראטענבערג.

די מוטער, דאבריש — א מזג טוב, פון די איטערעסאנטע טיפּן אין שטאט. שטיל, און אן רעש האט זי זיך פארנומען מיט העלפן ארימע, וועלכע האבן זיך געשעמט אויסצושטרעקן די האנט, און זיי געהאלפן מיט מתן בסתר. נישט איין ארעמע שטוב איז אויפגעריכט געווארן אויף שבת, א דאנק דאבריש, שימעלעס מוטער.

שימעלע האט באקומען א טראדיציאנעלע דערציונג, געגאנגען אין חדר און אין דער זעלבער צייט געלערנט אין דער היים ביי א פריוואטן לערער עברית.

אין יאר 1924 פארט ער שטודירן קיין ווילנע. נאך אייניקע יאר קומט ער צוריק קיין בענדין אלס אבסאלווענט פון ייוו״א, און ווערט א מיטארבעטער אין דער „זאגלעמביער צייטונג", ווו ער שרייבט ארטיקלען וועגן יידישן קולטורעלן לעבן פון זאגלעמביע, און אויך אלס ליטעראטור־קריטיקער; ארבעט מיט אויך אין דער אמעריקאנער יידישער פרעסע. אין דער פרייער צייט האט ער זיך פארנומען מיט מאלעריי; געווען א גוטער פייזאזשיסט, פלעגט מאלן די קרומע געסלעך פון „אונטער בארג", דעם שלאס, די פשעמשא, די שול. ער האט ליב געהאט צו מאלן זיין היים־שטאט בענדין. שימעלע האט אויך אנטייל גענומען אין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן. געווען פון די פריינט פונ׳ם ארבייטענדן ארץ־ישראל, און א געוויסע צייט פארזיצער פון „ועד למען ארץ ישראל העובדת" אין בענדין.

אין יאר 1929 הויבט ער אן צו זאמלען מאטעריאל פאר זיין גרויסן ווערק: „דער אילוסטרירטער אלמאנאך פון יידישן זאגלעמביע", וואס האט ארומגענומען די געשיכטע פון אלע יידישע קהלות אין זאגלעמביע. ווען זיין בוך איז געווען גרייט צום דרוק ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה, און דער מחבר און זיין ווערק טיילן דעם גורל פון גאנצן זאגלעמביער יידנטום.

דעם 1־טן אויגוסט 1943 ווערט שימעלע ראטענבערג, צוזאמען מיט די לעצטע בענדינער יידן, פארשלעפּט דורך די דייטשע מערדער אין די גאז־קאמערן פון אוישוויץ. ערע זיין אנדענק!

ד. ל.

*

## מרדכי בעריש ראטענבערג

געבוירן אין בענדין אין יאר 1903, ביי זיין פאטער יהושע און מוטער דאבריש, וואס איז געווען באקאנט אלס גוטע דערציילערין פון משלים און מעשיות, וועלכע האבן אן שום ספק באאיינפלוסט אויך די דערציונג פון יונגן מרדכי בעריש. פון דער צווייטער זייט האבן אויף אים געמאכט א שטארקן איינדרוק די אפטע דיסקוסיעס פון דער גרופע ארבעטער אינטע־ליגענץ, וועלכע פלעגן אפט באזוכן דעם פרוכטן־קעלער פון זיין פאטער, און דארט דיסקוטירן מיט זיינע עלטערן און ברידער וועגן ציוניזם און סאציאליזם. זייענדיק 15 יאר אלט ווערט ער אריינגעצויגן אין דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, ווארפט זיך אריין מיט לייב און לעבן אין איר טע־טיקייט און ווערט דער פירער פון דער „באראכאווער־יוגנט". אין דער זעלבער צייט לערנט ער זיך א פאך, און ארבעט אלס סטאלאר.

די לעצטע 10 יאר געווען דער פאקטישער פירער פון דער לינקע־פועלי־ציון אין שטאט, זיך אויסגעצייכנט מיט א שנעלער תפיסה. געווען צווישן די שיינע און שטארקע רעדנער, ארויסגעטרעטן אויף אלע וואל־מיטינגען, פאלעמיזירנדיק מיט די קעגנערישע פארטייען, ספעציעל מיטן „בונד".

זיין איינפלוס איז געווען קענטיק נישט בלויז אין בענדין, נאר אויך אין דער פועלי־ציון באוועגונג אין גאנץ זאגלעמביע.

אין יאר 1925 פארט ער קיין ארץ־ישראל, ווו ער ארבעט אלס גאסן־קערער אין תל־אביב. קומט צוריק קיין בענדין, ווערט אויסגעוויילט אלס ראטמאן אין שטאט־ראט. אלס פרנס פון פועלי־ציון אין דער קהלה, געווען א שטענדיקער דעלעגאט אויף אלע פארטיי־צוזאמענפארן, א מיטגליד אין פארטיי־ראט פון פועלי־ציון אין ווארשא. אין דער לעצטער צייט פון די אקטיווע טוער פון דער דראמאטישער געזעלשאפט „מוזע". אין דער פרייער צייט פלעגט ער מאכן איבערזעצונגען פון דער פוילישער ליטעראַ־טור אויף יידיש.

אין 1942 ווערט ער דורך די דייטשן געשיקט אין אן ארבעטס־לאגער, און קומט מער נישט צוריק.

ליוו.

*

# דוד זיטמאן

געבוירן אין טשעלאדזש ביי בענדין אין 1898, ביי א באלעבאטישער פאמיליע. געלערנט אין חדר, ווו געשמט פאר א גוטן קאפ. געבליבן קינדווייז א יתום פון פאטער, און צו 13 יאר געמוזט ארבעטן, כדי צו פארדינען אויף חיונה. אלס זייענדיק 15 יאר פארט ער קיין לאדזש, געווען אן אנגעשטעלטער, דאן א לערער פון העברעאיש. געפרווט זיך פארנעמען מיט מסחר.

די ערשטע לידער פארעפנטלעכט צו 15 יאר אין א לאדזשער יידישער צייטונג, שפעטער זיך באטייליקט אין די זאמל־העפטן פון די יינגע דיכטער „יונג אידישע געזאנגען", „וועגען", „ס׳פעלד" און אנדערע לאדזשער אויס־גאבן. באטייליקט זיך אויך אין דוד איגנאטאווס זאמל־ביכער „שריפטן". אין 1921 גיט ער ארויס א בוך לידער א. נ. „אויף וויסקייטן קרייצנדע פאל איך". ליידענדיק הונגער און נויט ווערט ער שווער קראנק. זיך געוואלגערט איבער פארשידענע שפיטעלער, געשטארבן עלנט און איינזאם אין א שפיטאל אין ברעסלאו (1921).

ד. ל.

*

# דוד מיצמאכער

געבוירן 1904 נישט ווייט פון בענדין. אלס קינד קומט ער מיט די עלטערן קיין בענדין, גייט אין חדר און שפעטער אין א רוסישער פאלקס־שול. הויבט יונג אן צו ארבעטן. פארט אריבער קיין ווארשע, ווו ער ווערט א האנדלס־אנגעשטעלטער אין א גרויס אייזן־געשעפט.

אין 1924 פארעפנטלעכט די ערשטע דערציילונגען און סקיצן אין „אילוסטרירטע וואך", שפעטער ארבעט ער מיט אין א ריי אויסגאבן פון יונגע שרייבער: „פאר גרויס און קליין", „דאס יידישע וואכנבלאט", ליטעראַרישע זאמעל־העפטן", „שפראצונגען". אין 1926 דערשיינט זיין בוך „שמאטע קלויבער", אין דעם זעלבן יאר באקומט ער א פרעמיע אין ליטע־ראַרישן קאנקורס פון אמעריקאנער „טאג".

דוד מיצמאכער איז די לעצטע יארן געווען שטארק טעטיק אין יידישן ליטעראטן פאריין אין ווארשע. זיין הויז איז געווען א זאמלפונקט פון אלע יונגע שרייבערס. זייענדיק גוט סיטואירט עקאנאמיש, האט ער אונטער־שטיצט ארעמע שרייבערס. פארעפנטלעכט א רייע סקיצן פון בענדינער טיפן אין דער „זאגלעמביער צייטונג". אומגעבראכט דורך די דייטשן.

ד. ל.

*

# יצחק רודאלער

געבוירן 1884 אין בענדין. זיין פאטער הערש־שמעלקע האט זיך באמיט צו געבן אים א דערציונג וואס איז נישט געווען אנגענומען אין יענע צייטן. געגאנגען אין חדר ביז 12 יאר, און גלייכצייטיק האט אים דער פאטער געלאזט לערנען ביי א פריוואטן לערער פויליש און דייטש. ביי 16 יאר האט ער שוין געארבעט אין מעכאנישן ווארשטאט פון הער גאלד־בערג, שפעטער ביי אפאטשינסקי, און אין די גרויסע שלאסער־ווארשטאטן פון הארטמאן אין סאסנאוויץ. אין 1906 ווערט ער מאביליזירט אין רוסישן מיליטער. דריי יאר געפינט ער זיך אין קאווקאז. באפרייט פון מיליטער ווערט ער א מייסטער אין דער אייזן־פאבריק פון סאלאמאן גוטמן.

אין 1914, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־קריג, איז רודאלער געפארן קיין דייטשלאנד כדי זיך צו קוואליפיצירן אלס שטאנצן־מייסטער. ער ארבעט אין די גרויסע פאבריקן אין דיסעלדארף. קומענדיק צוריק, אין יאר 1917, עפנט ער אין בענדין אן אייגענעם שלאסער־ווארשטאט. דאן ווערט ער אויסגעוויילט אלס סעקרעטאר פון בענדינער האנטווערקער־פא־ריין. פאר זיינע פארדינסטן אויפן געביט פון האנטווערקער־וועזן ווערט ער אין א יאר ארום — פרעזעס. ער איז אויך טעטיק אויפן געזעלשאפט־לעכן געביט און פאליטישן לעבן פון דער שטאט. ווערט א קאמיטעט־מיט־גליד פון דער ווילעטיקער געזעלשאפט „דאבראטשינאשץ'", וואס האט א סך געארבעט פאר דער ארעמע באפעלקערונג.

אין 1926 באזעצט זיך רודאלער אין ווארשע. אויך דא ווערט ער באלד איינער פון די אקטיווסטע טוער, און נעמט א לעבהאפטן אנטייל אין האנטווערקער לעבן פון דער הויפט־שטאט, ווי אויך א מיטגליד פון צענטראלן האנטווערקער־קאמיטעט אין פוילן און פרעזעס פון יידישן מייס־



יצחק רודאלער.

טער־צעך אין ווארשע. אין 1933 באקומט ער אן אויסצייכנונג פון דער פוילישער רעגירונג, א בראנזענעם קרייץ, פאר זיינע לייסטונגען. אבער ער לאזט זיך נישט בארוישן פון זיינע טיטלען און אויסצייכנונגען. צוקוקנדיק זיך צו דער דיסקרימינאציע־פאליטיק פון דער פוילישער רעגירונג קעגן יידן האט ער פארשטאנען, אז דער יידישער האנטווערקער האט נישט קיין צוקונפט אין פוילן. און ער באשליסט צו פארלאזן פוילן.

נישט קוקנדיק דערויף וואס ער האט פארנומען אן אנגעזעענע ארט אין געזעלשאפטלעכן לעבן בכלל און האנטווערקער־וועזן בפרט, באשליסט יצחק רודאלער צו פארלאזן זיין היים, זיינע חברים, זיינע אויסצייכנונגען און הויכע פאסטענס, און אין יאר 1934 פארט ער קיין ארץ־ישראל. אויך דא ווערט ער א פיאנער, גרינדעט די ערשטע פאבריק פון פרימוסן „תובל" אין עכו. אין דער צייט ציט ער ארויס פון דער „בורסע" אין ווארשע 20 יתומים, וועלכע ער האט אויסגעבילדעט און קוואליפיצירט אלס גוטע פאכ־מענער; אין יאר 1937 ווערט די פאבריק אין עכו אונטערגעצונדן דורך אראבער, און ווידער הויבט רודאלער אן פון דאסניי, און עפנט אין תל־אביב א שלאסער־ווארשטאט. באזונדערס איז ווערט אונטערצושטרייכן זיין ארבעט פארן „אירגון עולי בנדין", דער 1־טער אין לאנד. רודאלער אז געווען פרעזעס פון אירגון ביזן יאר 1946, ווען ער איז געשטארבן און געקומען צו קבורה אין תל־אביב.

ל. ד.

*

# חיים דוד גראסמאן

געבוירן אין יאר 1863, אין אלקוש, נישט ווייט פון בענדין. דער פאטער זיינער, וואס האט געשטאמט פון א גרויסן יחוס, פון ר׳ דוד׳ל לעלעווער, איז געווען אן הארעפאשניק א בעל־מלאכה, און דווקא אויסגעוויילט זיך א פאך וואס ווייניק יידן האבן זיך דערמיט פארנומען: א מוירער. אויך זיין זון חיים דוד, האט ער דערצויגן אין דעם גייסט, אז א ייד דארף לעבן פון ארבעט און אים טאקע געלערנט א מלאכה. אין 1890 באזעצט זיך חיים דוד אין בענדין, ווו ער האט חתונה. געווען פון די ערשטע בויער פון דער נייער שטאט, זיך פארפולקאמט דורך זעלבסטבילדונג אין א סך פאכן. געווען דער ערשטער פאטאגראף אין בענדין, און ווען ס׳אנטשטייט אין שטאט דער „קינאמאטאגראף״ — איז ער דער ערשטער קינא־אפעראטאר. אבער דאס זענען געווען ביי אים נעבן־פאכן. זיין הויפט־ארבעט איז געווען — וואסער אינסטאלאציע. בעת זיין באזעצן זיך אין בענדין איז נאך נישט געווען קיין וואסער־לייטונג אין שטאט, און חיים דוד האט זיך פארנומען מיט פאריכטן די ברונעס אין שטאט, פון וואנען די בענדינער וואסער־טרעגער האבן פארזארגט די הייזער מיט וואסער. ערשט שפעטער, ווען די שטאט הויבט זיך אן בויען, און עס אנטשטייען נייע גאסן מיט מאדערנע הייזער, ווערט חיים דוד דער ערשטער וואסער־אינסטאלאטאר. ער איז אויך געווען טעטיק געזעלשאפטלעך, מיטגרינדער פון דער „דייטשער״ שול, ערשטער קאמיטעט־מיטגליד אין „הזמיר״. באזונדערס איז ווערט אונטערצושטרייכן זיין ארבעט פאר דעם האנטווערקער־פאריין, און וואס ער איז געווען פון זיינע גרינדער און טעטיקע מיטגלידער ביז זיין לעצטן לעבנס־טאג. אין 1919 איז ער אויסגעוויילט געווארן אלס האנטווערקער־ראטמאן אין בענדינער שטאט־ראט.

געווען געשעצט אין שטאט אלס ערלעכער בעל־מלאכה, גוטער פאכמאן און אויפריכטיקער געזעלשאפטלעכער טוער.

ד. ל.

*

# ד״ר חיים פערל

געקומען מיט דער מוטער פון רוסלאנד און זיך באזעצט אין בענדין. נאך אלס שילער אין דער רוסישער גימנאזיע, אריינגעצויגן אין רעוואלוציאנערע קרייזן. דערצויגן געווארן אין אסימילאטארישן גייסט, האט ער זיך א דאנק דער פאליטישע טעטיקייט זיינער אנגעהויבן אינטערעסירן מיט יידישע פראבלעמען, טרעט אריין אין „בונד״, ווו ער ווערט אין קורצן איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער.

זיין טעטיקייט אין בענדין הויבט ער אן מיטן גרינדן, מיט דער מיטהילף פון א גרופע יונגע טוער א בחינם׳דיקע שולע פאר די תלמוד־תורה קינדער, ווו עס ווערט געלערנט יידיש און וועלטלעכע למודים.

א דאנק זיין פלייס און ענערגיע ענדיקט ער זיין סטודיום אלס דאקטאר. ער האט שטארק ליב באקומען בענדין, און הויבט דא אן זיין מעדיצינישע פראקטיק.

פון אנפאנג האט די באפעלקערונג נישט געהאט צו אים קיין צוטרוי צוליב צוויי טעמים: ערשטנס האט ער גערעדט מיט זיינע פאציענטן יידיש, ווייל ער פלעגט זאגן „בעסער רעדן א גוטן יידיש, איידער א שלעכטן פויליש״. צווייטנס האט ער נישט פארשריבן קיין טייערע רעצעפטן. אבער אין קורצן ווערט ער איינער פון די פאפולערסטע דאקטוירים אין שטאט, ספעציעל ביי די ברייטע פאלקס־מאסן.

ד״ר פערל האט גענומען אן אקטיוון אנטייל אין פאליטישן און געזעלשאפטלעכן לעבן אין שטאט, ווערט דורכן „בונד״ אויסגעוויילט אלס ראטמאן. געווען פון די טעטיקסטע „הזמיר״־טוער ביז דער לעצטע מינוט.

אין 1943 ווערט ער צוזאמען מיט זיין פרוי און זון פארשלעפט און אומגעבראכט אין די גאז־קאמערן פון אוישוויץ.

דוד

*

# הערמאן שער

פון די פאפולערסטע יידן אין שטאט, סיי אלס מענטש און סיי אלס מעדיקער. געקומען קיין בענדין פון נאענטן סאסנאוויץ, ווו ער האט געהאט א גרויסע פראקטיק, דווקא ביי דער קריסטלעכער ארבעטער־באפעלקערונג. זיין קומען קיין בענדין האט ער דערקלערט מיטן ווילן צו



הערמאן שער.

אטמען די לופט פון דער יידישער שטאט. שנעל אנערקענט געווארן אלס איינער פון די בעסטע דיאגנאסטיקער מיט וועלכן גרויסע דאקטוירים האבן זיך גערעכנט. אלס פאלקס־מענטש פלעגט ער ס׳רוב זיך באנוצן מיט דער יידישער שפראך. שוין מיט זיין דערשיינען אין א שטוב פון א קראנקן האט ער געווירקט צום גוטן אויפן פאציענט, צוליב זיין שטענדיקער הייטערקייט און נייגונג צו וויץ. פלעגט קיינמאל נישט אפזאגן צו גיין ווען מ׳האט אים גערופן צו א קראנקן. א ייד א תלמיד חכם און א ציוניסט, א שטענדיקער מיטארבעטער אין „זאגלעמביער צייטונג״ ווו ער האט געשריבן וועגן מעדיצינישע און געזעלשאפטלעכע פראגן.

פארשלעפט מיט די לעצטע בענדינער יידן קיין אוישוויץ, 1943.

ד. ל.

# דוד ליווער / חורבן בענדין

מיר גיבן דא איבער די תקופה פון פיין און פארניכטונג, ווען די פינצטערע וואלקנס פון דער גרויזאמער היטלער נאכט האבן פארדעקט אונזער הימל.

שוין אין יאר 1946, מיט אנקומען פון דער שארית הפליטה קיין ארץ־ישראל, איז ארויס דאס בוך „עיר המתים" פון דוד ליווער, — דאס איז געווען פון די ערשטע ביכער וועגן אונטערגאנג. דאס בוך האט געגעבן א גענויען היסטארישן איבערבליק וועגן אונזער אזוי טראגיש אומגעקומענער שטאט בענדין. נישט געקוקט דערויף, וואס עס איז שוין זינט דאן אריבער 12 יאר, איז נישט פאראן קיין סך צוצוגעבן. מיר ברענגען דעריבער דא אין א קאנדענסירטער פארם די פרשה פון אומקום.

גלייכצייטיק האבן מיר זיך באמיט אויסצוברייטערן די ידיעות און ברענגען נייע קוועלן אין גביות עדות פון דער צייט, אבער כדי צו באקומען א פולשטענדיק און א גענוי בילד, מוז דער לעזער אויך אנקומען צום העברעאישן טייל פון בוך. ליידער, איז אונז צוליב פארשידענע סיבות נישט מעגלעך געווען צו איבערזעצן אלע ארטיקלען פון איין שפראך אין דער צווייטער.

מיר ברענגען אויך אייניקע קורצע אויסצוגן פונם „טאגבוך" פון היסטאריקער — מארטירער ד"ר עמנואל רינגעלבלום, וואס איז געפונען געווארן נאך דער באפרייאונג פון פוילן און פארעפנטלעכט געווארן דורך דער יידישער היסטארישער קאמיסיע אין ווארשע. הגם די פרטים זענען באקאנט, זענען זיי אבער כאראקטעריסטיש פאר די שטימונגען און קלאנגען אין געטא ווארשע, און אין פוילישן יידנטום בכלל אין די אומקום־טעג.

**די רעדאקציע**

בענדין איז געווען פון די וויכטיקסטע און פארוואָרצעלטסטע יידישע קהילות אין פוילן, אין איינעם פון די רייכסטע געביטן פון לאנד — פון דער קוילן־ און אייזן־אינדוסטרי. ביזן יאר 1939 האבן אין שטאט געלעבט ביז 30 טויזנט יידן, בעת דער מלחמה איז די צאל אייסגעוואקסן ביז 40—45 טויזנט.

בענדין האט געשעמט מיט איר גרויסער צאל הארעפאשניקעס, האנטווערקער, קליינהענדלער, פאבריקאנטן. הונדערטער יידישע פאַבריקן האבן געשיקט זייערע סחורות אין נאענטן אויבערשלעזיען. יעדע האלבע שעה איז אהין ארויס א צוג פול־געפאקט מיט יידן און געפעק אן א צאל. די שטאט האט געקאכט און געזידט, אלעס האט געארבעט. און ווען א פרעמדער איז געקומען קיין בענדין, האט ער זיך געוווּנדערט אויף דער געוואלטיקער ענערגיע וואס יוירט אין די בענדינער יידן.

אזוי האט בענדין געלעבט און געשאפן א סך דורות, און זיך געגרויסט מיט אירע אימפאזאנטע דערגרייכונגען פון יידישן אונטערנעמונגס־גייסט, סיי אויפן עקאנאמישן, סיי אויפן קולטורעלן געביט. האט דאך בענדין געהאט איינע פון די שענסטע געביידעס ווו עס האט זיך געפונען די יידישע גימנאזיע, האט זי דאך געהאט די אמביציע צו האבן די איינציקע שול אין פוילן, וואס איז אינערלעך אויסגעמאלט געווארן דורך דריי יידישע קינסטלער — אפעלבוים, האנפטקע און ציגלער; די שטאט איז כמעט געווען קריסטן־ריין. בענדין, וועלכע מ'האט גערופן „ירושלים ד'זאגלעמביע" האט געהאט א גרויסע השפעה אויף אלע ארומיקע שטעט און שטעטלעך סיי גייסטיק, סיי מאטעריעל.

ביז עס איז געקומען דער גרויסער שטורעם — און צוזאמען מיט דעם גאנצן פוילישן יידנטום, איז אויך דאס שיינע יידישע בענדין, וואס האט געהאט הינטער זיך א דורות־לאנגע געשיכטע, איז אין פארלויף פון פיר יאר אפגעווישט געווארן דורך א מערדערישער האנט; ליגנדיק הארט פאר דער דייטשער גרענעץ, איז בענדין געווען פון די ערשטע שטעט וואס די דייטשן האבן באזעצט אן איין שאס.

די יידישע יוגנט האט זיך געגרייט צו שטעלן א ווידערשטאנד, און פארלאנגט געווער פון דער פוילישער מיליטערישער מאכט. אבער ליידער איז דער פארלאנג נישט דערפילט געווארן. די פוילישע פאַליציי און דאס מיליטער האבן נאך פרייטיק פארלאזט בענדין אן קאמף, און שוין זונטיק האבן די דייטשן באזעצט די שטאט. נאך שבת זענען טויזנטער יידן, גאנצע פאמיליעס, ארויס פון שטאט און זיך געלאזט אין וועג צו דער רוסישער גרענעץ, אבער זייער ווייניק האבן זיך צו איר דערשלאגן. ווייל גאנץ פוילן איז ארייגעפאלן אין א שוידערלעכן כאאס. נישט די ציווילע, נישט די מיליטערישע מאכט האבן געקענט באהערשן די לאגע. אלע וועגן, אלע באן־ליניעס זענען פארשטאפט געווארן דורך צענטליקער טויזנטער פליטים; נישט קיין באן, נישט קיין אויטא, אפילו דאס מיליטער האט זיך נישט געקענט פריי באוועגן. אזויארום האט זיך דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג געמוזט אומקערן א היים. נאר א גאנץ קליינע צאל יונגע מענטשן האבן זיך דערשלאגן ביז דער רוסישער גרעניץ.

## דער אנהויב פון דער נאצי־הערשאפט

באלד אין צווייטן טאג פון דער דייטשער הערשאפט אין שטאט, האבן זיי אויפגעהאנגען צוויי יידישע בעקער — ס ט א ו ו ס ק י און כ ץ.

דער ערשטער קרבן פון דער דייטשער טעראר אין שטאט איז געווען מרדכי צ ו ק ע ר מ א ן א ברודער פון אביגדור. דאס איז געווען דעם 8־טן סעפטעמבער 1939. פרייטאג ביינאכט זענען די דייטשן באפאלן דאס הויז אויף דער בערעק יאסעלאוויטש גאס נר. 2, און ארויסגענומען אלע מענער אויף דער וואסער בריק, זיי געשלאגן

מכות רצח און שפעטער אריינגעווארפן מרדכי צוקערמאן אין וואסער. און ווען עס גאלינגט אים אריבערשווימען אויף דער צווייטער זייט פונם טייך, שיסן אים די דייטשן.

א טאג שפעטער דעם 9־טן פארנאכט האבן די דייטשן אונטערגעצונדן די גרויסע בענדינער שול מיטן אלטן גרויסן בית־המדרש, די שול גאס און אלע גאסלעך ביזן שלאס־בארג. מיט דער „ארבעט״ פון אונטערצינדן די שול האבן אנגעפירט די צוויי דייטשע פארברעכער אימהאף און פיאנטעק. עס האבן זיי צוגעהאלפן עטלעכע ארטיקע פאליאקן.

עס האבן זיך עטלעכע יידן, צווישן זיי ר׳ יחיאל שלעזינגער און זיין איידעם ר׳ יחזקאל קאן געווארפן מיט מסירות נפש אין דער ברענעדיקער שול, כדי מציל צו זיין די ספרי תורות, אבער די אונטערצינדער האבן אלע אויסגעשאסן און זיי אריינגעווארפן אין דער ברענעדיקער שול. אלע יידן וואס זענען געלאפן פון די ברענעדיקע הייזער, און אריינגעפאלן אין די מערדערישע הענט זענען לעבעדיקערהייט געווארפן געווארן אין פייער. די גאנצע געגענט איז געווארן ארומגענומען מיט א געדיכטן קארדאן דייטש מיליטער און קיינעם נישט ארויסגעלאזט, נאר א קליינע צאל יידן איז געלונגען זיך צו ראטעווען. 6 יידן זענען אריין אין נאענטן קלויסטער, ווו דער גלח זאוואדזקי האט זיי אויסבאהאלטן.

50 יידישע הייזער זענען אוועק מיטן פייער, און עטלעכע הונדערט יידן זענען דאן אומגעקומען אין דער שרפה. פון זיי האט מען דערקענט בלויז 60 וועלכע זענען געבראכט געווארן צו קבורה אין דעם גרויסן ברידער־קבר אויף דעם טשעלאדזער בית־עלמין.

עס איז א דורך א קורצע צייט און דער דייטשער טעראר אין שטאט האט נישט אויפגעהערט; אט באפאלן די דייטשן מאלאכס הויז אויף פילסודסקי גאס, און אלע מענער — 17 אין צאל — ווערן ארויסגענומען און דערשאסן, און שפעט אין דער פינצטערער נאכט באגראבן אויף דעם פוילישן בית הקברות. אזוי האבן די דייטשן אנגעווארפן א פחד מיט זייער אומאויפהערלעכן טעראר און מארד־אקציעס. יידן האבן מורא געהאט זיך צו באוועגן אין גאס. אין אקטאבער 1939 האבן די דייטשן אונטער טויט־דראָאונגען אוועקגערויבט ביי דער יידישער באפעלקערונג אלע ראדיא־אפאראטן. דאן איז ארויס די גזירה, אז אלע יידן מוזן אנטון אויף דער לינקער האנט א ווייסן באנד מיט א בלויען מגן־דוד, — שפעטער האבן די דייטשן עס געענדערט אויף דעם געלן מגן־דוד, מיט דער אויפשריפט „יודע״ וואס מ׳האט געמוזט טראגן אויף דער ברוסט.

די דייטשע אונטערדריקונגס־מאשין האט געארבעט מיט א גענויער פינקטלעכקייט, לויט פארויס אויסגעארבעטע פלענער. נאכדעם ווי די דייטשן האבן געזען, אז די באפעלקערונג איז צוזאמענגעבראכן פון די טעראר און מארד־אקטן — האבן זיי פארלאנגט אז עס זאל געגרינדעט ווערן דער יודנראט. זיי האבן פארשטאנען, אז אן דער מיטהילף פון יידן וועלן זיי נישט ארויסבאקומען די יידישע פארמעגנס. און דער יודנראט האט געמוזט צושטעלן די דייטשן אלץ וואס זיי האבן פארלאנגט, — און פארלאנגט האבן זיי אלץ — גאלד, זילבער, פעלצן א. ז. וו. און ווען דאס איז נישט גלייך צוגעשטעלט געווארן, האבן זיי אנגעוואנדעט בלוטיקע טעראר־מיטלען. דאן קומט דער יודנראט אונטערהאנדלען — און די דייטשן באקומען וואס זיי ווילן.

סוף 1939 האבן די דייטשן ארויפגעלייגט אויף דער קהלה א קאנטריבוציע פון 5 קילא גאלד און 20 קילא זילבער; און ווען די קאנטריבוציע ווערט נישט באלד צוגעשטעלט — ארעסטירט די געסטאפא 120 יידן, און זיי ווערן אזוי לאנג געשלאגן און געפייניקט, ביז דער יודנראט שטעלט צו די געפאדערטע קאנטריבוציע. עס האט געדויערט א געוויסע צייט ביז דער יודנראט האט זיך סטאביליזירט, נישט יעדער האט געוואלט און געקענט מיטארבעטן מיט די דייטשן. אין אנהויב טוישן זיך טאקע די יודנראט־מיטגלידער, ביז עס געלינגט מאניעק מערינגען, דעם פרעזעס פון דער צענטראלע פון אלע יודנראטן אין זאגלעמביע, צו נאמינירן דעם ה׳ חיים מאלטשאצקי (אליין נישט געווען קיין בענדינער) אלס פרעזעס פון בענדינער יודנראט, וואס האט פולשטענדיק מיטגעארבעט מיט די דייטשן.

אזוי האט זיך אנגעהויבן די סיסטעמאטישע עקאנאמישע, און פיזישע פארניכטונג פון דעם יידישן בענדין.

אנגעהויבן האט עס זיך מיטן צונעמען אנהויב 1940 אלע יידישע געשעפטן און אונטערנעמונגען. ס׳ווערן אין זיי אריינגעזעצט „טרויהענדער״ — קאמיסארן, וועלכע פארוואלטן מיט די יידישע געשעפטן. אלע הייזער ווערן צוגענומען ביי די יידן, און דאס דירהגעלד ווערט אריינגעטראגן אויף די שפער־קאנטעס. דאן האבן די דייטשן פארלאנגט, אז דער יודנראט זאל יעדן טאג צושטעלן א גע־



די גרויסע שול ברענט
בית הכנסת הגדול עולה באש

וויסע צאל ארבעטס־כוחות, צו רייניקן די שטאט; און די פאדערונג איז געווארן וואס א מאל גרעסער. אין יאנואר 1940 האט דער יודנראט געמוזט צושטעלן יעדן טאג 1500 ארבעטער, וועלכע האבן געארבעט פון 12 ביז 14 שעה אן יעדער באלוינונג. די רייכע האבן זיך באפרייט פון דער ארבעט דורך באצאלן א געוויסע געלט־סומע פארן יודנראט. די ארעמע האבן געמוזט גיין צו דער ארבעט; שפעטער האט מען זיך געבעטן מ'זאל נעמען צו דער ארבעט, כדי נישט צו שטארבן פון הונגער, ווייל אזוי האבן זיי באקומען יעדן טאג א ווארעמע זופ און א שטיקל ברויט פון דער קיך ביים יודנראט.

כדי אויספירן די אלע געסטאפא־גזירות, האט דער יודנראט געגרינדעט א אייגענע יידישע פאליציי, וועלכע איז שפעטער געווארן דער הערשער איבער דער יידישער גאס און אנגעווארפן א פחד אויף דער גאנצער באפעלקערונג.

סוכות 1940 האבן די דייטשן געפאדערט א געוויסע צאל ארבעטער פאר די דייטשע ארבעטס־לאגערן. אויף פארלאנג פון יודנראט — וועלכער האט צוגעזאגט גוטע ארבעטס־באדינגונגען, — האבן זיך אין הושענא־רבה געמאלדן פרייוויליק 250 יונגע בחורים וועלכע זענען געשיקט געווארן אין די ארבעטס־לאגערן. די יידישע באפעלקערונג האט נאך נישט געוואוסט וואס עס הייסט א ארבעטס־לאגער. אין קורצן קומען אן די ערשטע גרוסן פון דעם ארבעטס־לאגער, אין וועלכע עס ווערט באשריבן ווי־אזוי די ארבעטער ארבעטן פון זון־אויפגאנג ביזן זון־אונטערגאנג, אן געהעריקע באשפייזונג, אן מעדיצינישע הילף, און ווער ס'פאלט פון די כוחות איז שוין א פארמשפטער צום טויט. און ווען די דייטשן פאדערן נאך טראנספארטן פון ארבעטער — שטעלט זיך שוין קיינער נישט פרייוויליק. דער יודנראט מוז אנווענדן שטרענגע מיטלען כדי צו דערגענצן די דייטשע ארבעטס־קוואטע; אין דער צייט אנשטייען אין בענדין די ערשטע צוויי „שאפן", דער סטאלער־שאפ, וו דער דייטשער אינזשינער קילאף איז געווען קאמיסאר, און דער שניידער־שאפ פון ראסנערן.

אין סטאלער־שאפ האבן געארבעט 200 סטאלערס, אלע קוואליפיצירטע פאכמענער, ביי וועמען די דייטשן האבן צוגענומען די מאשינען און אריבערגעפירט אין דער געביידע פון דער שפירט־גיסעריי פון די ברידער פעדער אויף דער מאנדזשעווער גאס. אין ראסנערס שאפ איז די צאל יידישע ארבעטער דערגאנגען ביז עטלעכע טויזנט. נישט קוקנדיק דערויף וואס די שאפן האבן געצאלט א הונגער־לוין, זענען דאך יידן געגאנגען גערן ארבעטן אין די שאפן, ווייל אזוי־ארום זענען זיי באפרייט געווען פון ארבעטס־איינזאץ אין די ארבעטס־לאגערן. שפעטער האבן יידן נאך צוגעצאלט טויזנטער מארקן, כדי צו קענען זיך אריינבאקומען אין ראסנערס שניידער־שאפ; און אזוי ווי די אויפנאמס־מעגלעכקייט פון ראסנעס שאפ איז געווארן וואס א מאל קלענער צוליב דער גרויסער צאל קאנדידאטן, איז שפעטער אנטשטאנען א גאנצע רייע פון שאפן, ווי ראסנערס שוסטער־שאפ, ביכאטש'ס שניידער־שאפ, גזשיבאווסקי'ס שוסטער־שאפ, וו טויזנטער יידן האבן אוועקגעגעבן זייערע כוחות אן א געהעריקער באלוינונג. בלויז מיט דער האפנונג צו געפינען צייטווייליקע מנוחה, ביז דער שטורעם וועט אריבער. בעת אלע דייטשע אנפאלן אויף יידישע יוגענטלעכע וועלכע מ'האט מיט געוואלט געשלעפט אין די ארבעטס־לאגערן, — זענען ראסנערס ארבעטער מיט די בלויע קארטע געווארן באפרייט.

אין מאי 1940 האט ראסנער געעפנט דעם שאפ מיט עטלעכע מאשינען, אנהויב 1941 האט דער שאפ שוין ארויסגעגעבן יעדן מאנאט טויזנטער מיליטערישע מונדירן. פון צייט צו צייט פלעגן קומען דייטשע קאמיסיעס וועלכע האבן בודק געווען די ארבעט פון ראסנערס שאפ, און אלעמאל זענען זיי געווען פול מיט התפעלות פון דער גוטער קוואליטעט פון דער שניידער ארבעט, און פון דער ביליקייט, וואס קיין שום דייטשע פאבריק מיט די מאדערנסטע מאשינען האט נישט געקאנט נאכקומען. און נישט קיין וואונדער; ווייל יידן האבן געארבעט כמעט בחינם, 15 מארק פאר 14 ארבעטס־טעג. פון דעם איז איין דריטל אראפגענומען געווארן פארן דייטשן אמט — „זאנדערבעאויפטראגטן". אין דער צייט האט א ברויט געקאסט 25 מארק, א קילא פלייש 70 מארק, א קילא טיי 1200 מארק; יידן האבן געלעבט פון דעם וואס מ'האט אויספארקויפט פון שטוב אלץ וואס ס'איז געבליבן נאך פון די גוטע יארן, אדער פון אומלעגאלן האנדל, און נישט קוקנדיק וואס פאר כאפן א יידן מיט מסחר האט געדראט טויט־שטראף. יידן האבן נישט געהאט קיין ברירה, און געהאנדלט מיט אלץ און מיט אלעמען, אפילו מיט דייטשן. כדי אפצושרעקן די באפעלקערונג האבן טאקע די דייטשן ארויסגענומען די צוויי יידן:



מ'פירט יידן צו צוואנגס ארבעט.
יהודים מובלים לעבודת כפייה.

הערשל שטערן און מרדכי שיינערמאן, וועלכע זענען געזעסן אין בענדינער תפיסה פאר אומלעגאלן האנדל, און זיי עפנטלעך אויפגעהאנגען אויפן אלטן בית־עולם, אויף דער זאוואלא־גאס. און געפאדערט אז די יידישע באפעלקערונג זאל זיין ביי דער עקזעקוציע.

אין 1942 האבן אין ראסנערס שאפ שוין געארבעט איבער 12 טויזנט יידן. קינדער פון 12 יאר ביז זקנים פון 70 יאר האבן דארט געארבעט; זעענדיק ווי ראסנער ווערט רייך פון יידישער ארבעט, האבן זיך אנדערע דייטשן מתקנא געווען אין אים, און אזוי איז אנטשטאנען, ווי געזאגט, א גאנצע ריי שאפן פון שוסטער און שניידער וועלכע האבן געהערט צו די דייטשן בראון, מיכאטש, לאדזו, הודל, גראבאווסקי — זיי האבן זיך באנוגנט מיט צונעמען די גרויסע רווחים אין די אייגענע קעשענעס, איבערלאזנדיק די גאנצע אדמיניסטראציע ביי די יידן.

אבער פון די אלע דייטשן וועלכע האבן אויסגענוצט יידישן כוח און שוויס, כדי רייך צו ווערן, איז געווען נאר איין ראסנער וועלכער האט געזארגט פאר זיינע יידישע ארבעטער, זיי נישט געלאזט אויף הפקר, און זיי נישט געלאזט פארשלעפן אין די ארבעטס־לאגערן, געווען א זעלטענער טיפ און א אויסנאם פון אלע אנדערע דייטשן ביי אונז אין שטאט; זיך באצויגן מיט רעספעקט און כבוד און אפגעשאצט די יידישע ארבעטער, און פאר יעדן גירוש האט דער דייטש ראסנער געווארנט „זיינע" יידן וואס עס שטייט פאר, און א סך יידן האבן זיך א דאנק דעם געראטעוועט; די אנדערע דייטשן

האבן אזוי לאנג געגראבן אונטער אים ביז ער איז אין יאנואר 1944 ארעסטירט געווארן דורך געסטאפא — און געווארן אויפגעהאנגען.

אין פעברואר 1941 האבן די דייטשן פארטריבן אלע אַשוויענ־טשימער יידן, וועלכע זענען געווארן אריבערגעפירט צו אונז, קיין זאגלעמביע; אויך אלע פאליאקן זענען דערווייטערט געווארן פון גאנצן אשוויענטשימער קרייז. די דייטשן האבן שוין דאן געהאט צוגעגרייט א פלאן אויפצושטעלן די בארימטע גאז־אויוונס פון אויש־וויץ—בירקענאו, ווו מיליאנען מענטשן זענען שפעטער אומגעקומען. אלע אשוויענטשימער פליטים זענען דאן אין פארלויף פון איין וואך צוטיילט געווארן אין יידישע הייזער פון בענדין—סאסנאוויץ, אזוי אז קיינער איז נישט געבליבן אן א דאך.

אין 1941 האבן די דייטשן אנגעהויבן צו באשווערן די באוועגונגס־מעגלעכקייטן פון דער יידישער באפעלקערונג. פון אנפאנג האבן זיי נישט דערלויבט יידן צו פארן אויף די באנען, נאר מיט די טראמווייען אויף וועלכע עס איז געווען אן אויפשריפט „נאר פאר יודן"; שפעטער איז דערלויבט געווארן יידן צו פארן נאר אויף דער פלאטפארם ביים אויסגאנג. צום סוף 1941 טארן מער שוין יידן אין גאנצן נישט פארן מיטן טראמוואי. כדי צו קענען דורכפירן די גזירות, באפעלן די דייטשן אין סעפטעמבער 1941, אז יעדער ייד אין עלטער פון 14 יאר אן, מוז ארויסנעמען א פאס מיט א בילד, און דערצו טראגן אויף דער ברוסט דעם מגן־דוד מיט דער אויפשריפט „יודע".

אין דעצעמבער 1941 פאראָרדנען די דייטשן, אז דער יודנראט זאל צושטעלן אלע פוטערס וואס זענען אין יידישן באזיץ, און נישט קוקנדיק דערויף וואס עס האט געדראט טויט־שטראף, האט א גרויסער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג פארקויפט פעלצן צו פאליאקן פאר גראשנס, פארברענט, אדער באגראבן אין דער ערד, — זאל עס בעסער פארפוילט ווערן, איידער עס איבערגעבן די דייטשן. דער יודנראט אבער, וואס איז געווען פאראינטערעסירט צו ווייזן די דייטשן זיין געטריישאפט, האט אפגעהיט, אז יידן זאלן נישט פארניכטן אדער פארקויפן צו פאליאקן די פוטערס, און וואס מער יידישע פעלצן זאלן צוגעשטעלט ווערן צו די דייטשן.

## דער ערשטער גירוש

אין מאי 1942 איז פארגעקומען דער ערשטער גירוש פון בענדין. און פארגעקומען איז עס אזוי: דער יודנראט האט ארויסגעשיקט מעלדונגען צו א צאל יידן, אז אין דעם אויבן־דערמאנטן טערמין דארפן זיי זיך שטעלן אויף א געוויסן ארט מיט 10 קילא באגאזש, כדי זיי איבערצוזידלען אויף א צווייט וווינארט. עס וועט קיינעם גארנישט געשען — האבן זיי פארזיכערט — ווייל די סעקרעטארין פון „דער צענטראלע פון יודנראט" פרוי טשארנא וועט באגלייטן דעם טראנספארט, אז אלץ זאל זיין אין ארדנונג. טויזנט יידן האבן זיך דאן צוגעשטעלט, שטיל און רואיק. באגלייט דורך זייערע משפחה־מיטגלידער, זענען די יידן איבערגעפירט געווארן אין די וואגאנען; צומיינסט זענען עס געווען עלטערע מענטשן. זעלבסטפארשטענדלעך, איז די פרוי טשארנא נישט מיטגעפארן. וויפל מיר האבן זיך נישט באמיט (פאר געלד) געוויר ווערן ביי די דייטשן, אין וואס־פארא ריכטונג מ'האט געפירט די יידן, איז עס אונז נישט געלונגען.

דעמזעלבן מאנאט האבן די דייטשן פארלאנגט נאך א טראנספארט יידן. אבער מ'האט שוין מער נישט געגלויבט די מענטשן פון יודנראט, און יידן באשליסן זיך נישט צו שטעלן פרייוויליק. דאן רופט מערין אויף א באראטונג אלע רבנים און דיינים, ווי אויך א צאל כלל־טוער פון בענדין און סאסנאוויץ, צווישן אנדערע די רבנים, ר' מענדל לוין און הרב גרויסמאן פון בענדין און די רבנים פון סאסנאוויץ. אויף דער באראטונג האט זיך מערין געווענדעט צו די פארזאמלטע מיט פאלגענדיקע ווערטער:

— „רבותי! כ'האב אייך איינגעלאדן היינט כדי איר זאלט פסקנען א גרויסע שאלה. אויף אייך, רבנים און כלל־טוער פון דער שטאט ליגט א גרויסע פאראנטווארטלעכקייט; און פון אייער ענטפער היינט אויף מיין שאלה, איז אפהענגיק דאס לעבן פון טויזנטער יידן. דעריבער גיט אייך אפ א דין וחשבון, איידער איר ענטפערט אויף מיין פראגע.

צו מיר אלס פרעזעס פון יודנראט פון גאנצן קרייז, האט



דער יודענראט מיטן מעדיצינישן פערסאנאל.
1) מאניעק מערין, 2) פאניה טשארנה,
3) חיים מאלטשאדסקי, 4) חיים מערין,
5) ד"ר ליבערמאן, 6) ד"ר וויינציהער
7) רעד. לעווקאוויטש.

היודנראט עם הסגל הרפואי.

זיך געווענדעט די געסטאפא מיט דער פאדערונג. איך זאל זיי ארויסגעבן 10 טויזנט יידן צום גירוש. זעלבסטפארשטענדלעך, האב איך נישט באלד מסכים געווען און זיך באמיט זיי איבער־צייגן, אז די יידן זענען א נוצלעכער עלעמענט, וואס ברענגט גרויס נוצן דער דייטשער ווירטשאפט. די געסטאפא האט דאן מסכים געווען אויף 5 טויזנט. לויט די שמועסן מיט זיי בין איך זיכער, אז זיי וועלן מסכים זיין אויף ווייניקער. איצט שטעל איך אייך די פראגע: צי זאל איך אויף מיר נעמען אויסצופירן דעם פארלאנג פון געסטאפא? ווען יא, איז דא א האפנונג, אז א סך יידן וועלן זיך ראטעווען פון גירוש, ווייל מיר וועלן דאן קענען אויסקלויבן די קאנדידאטן צום גירוש וואס מיר וועלן האלטן פאר נויטיק. צ. ב.: מוסרים, גנבים, די וואס פירן זיך נישט ווי געהעריק מאראליש, דאן משוגעים, קראנקע, און דעפעקטיווע קינדער, מענטשן וואס ברענגען קיינעם קיין נוצן. ווען נישט — וועט די געסטאפא באפאלן די שטאט און פארשלעפן וועמען און וויפל יידן זיי וועלן האלטן פאר נויטיק, און עס קען געשען, דא אזוי ווי אין סאסנאוויץ, אז די נכבדי העיר וועלן זיין דווקא די ערשטע קרבנות; מיין מיינונג — אז מיר זאלן זייער פארשלאג אננעמען״.

הרב מענדל לעווין ז״ל, וועלכער איז געווען באקאנט אלס א מזג־טוב און ליב געהאט יידן, האט געזאגט: ישראל אף על פי שחטא ישראל הוא. יידן קראנקע און אומגליקלעכע האבן אויך דאס רעכט צום לעבן. קיינער קען נישט צונעמען זייער רעכט אויף לעבן. און הרב גרויסמאן האט געזאגט, אז מערינס פארשלאג איז קעגן יידישן דת, און די פראגע פאדערט א גענויע באהאנדלונג.

מערין האט דאן ערקלערט, אז ער ווארפט זיך אונטער פון פאריוס דעם פסק־דין פון די רבנים, און ער וועט צווארטן אין צווייטן צי־מער אויף דעם ענטפער. נאך א לענגערער בעראטונג זענען די רבנים ארויס צו מערינען, און הרב גרויסמאן האט דערקלערט:

„לעולם שטייט מערינס פאדערונג קעגן דער גאנצער יידי־שער וועלט־אנשויונג און קעגן יידישן דת; אבער אזוי ווי מערין האט פאר אונז געשטעלט די פראגע, זעט זיך אויס, אז יעדעס יידיש הויז אין שטאט שטייט פאר א גרויס אומגליק, דעריבער דארף מען און מ׳מוז אויסקלויבן פון צוויי שלעכטס דאס קלע־נערע. מיר האפן, אז מערין וועט טון אזוי ווי זיין יידיש הארץ וועט אים דיקטירן, און מיר ווינטשן אים ער זאל זוכה זיין, צו זיין דער רעטער און אויסלייזער פון דעם זאגלעמביער יידנטום״.

אין איין פרימארגן פון חודש מאי האבן די דייטשן געמאכט א איבערפאל אויף צוויי הייזער אין דער מאנדזשעווער גאס, אין א הויז אויף טשעלאדזשער און אין דער שול גאס, און ארויסגענומען אלע יידן און פארשלעפט זיי אין בית־יתומים — צום גירוש. זעט זיך אויס, אז די אקציע איז געמאכט געווארן מיטן וויס׳ן פונ׳ם יודנראט. ווייל וועמען די יודנראט־לייט האבן געוואלט ראטעווען, האבן זיי א טאג פאר דער אקציע צוויסן געגעבן, אז זיי זאלן נישט שלאפן אין דער היים. צומארגנס האבן די דייטשן ווידער געמאכט אן אנפאל אויף דער פאדזאמטשע גאס, דעם אזוי גערופענעם „אונטערן בערג״, דארט ווו ס׳האבן געוווינט די ארעמסטע פון דער יידישע באפעלקע־רונג און דער גרעסטער טייל פון זיי האט באקומען אונטערשטיצונג פון דער סאציאלער אפטיילונג. זעקס הונדערט יידן זענען ארויסגע־שלעפט געווארן פון זייערע הייזער.

אין דעם זעלבן טאג זענען אלע יידן פון גרויצע, א קליין שטעט־טעלע נאענט פון בענדין, פארטריבן געווארן פון זייערע היימען און געבראכט געווארן אין „טרערען אינזעל״ פון בית־יתומים — צום גירוש. עטלעכע טאג זענען די אלע יידן דארט געהאלטן געווארן, א טייל פון זיי איז דורכן יודנראט געווארן באפרייט. און היות ווי דער קאנטיגענט לויט די פאדערונגען פון געסטאפא איז נישט געווען פול, האט דער יודנראט ארויסגענומען אלע אלטע פון זקנים־הויז, ווי אויך אלע משוגעים און דעפעקטיווע מענטשן. טויזנט צוויי הונדערט יידן זענען דאן פארשיקט געווארן קיין אושוויץ. עס זענען נאכנישט פארטריקנט געווארן די לעצטע טרערן פון די פארשיקטע, און ווידער קומט דער יודנראט מיט נייע פאדערונגען — נייע קרבנות — און ער בארוהיקט גלייכצייטיק: יעצט וועט שוין זיין שטיל, עס וועט די בענדינער יידן גארנישט געשען. אלע ארבעטן דאך, און די דייטשן האבן אנערקענט די וויכטיקייט פון די שאָפּן און פון דער פראדוקציע וואס זיי געבן ארויס. נאר איין קלייניקייט — זיי פארלאנגען, אז די יוגנט זאל גיין אין די ארבעטס־לאגערן.

סוף יוני 1942 רופט מערין א פארזאמלונג פון דער יוגנט, אויף וועלכער ער פאדערט אויף זיך מעלדן פרייוויליק צום „ארבעטס־איינזאץ״ אין די דייטשע לאגערן. און ווען די יוגנט וועט ברענגען דעם קרבן, וועלן די עלטערע יידן קענען בלייבן אין שטאט. מערין נעמט צו הילף דעם הרב גרויסמאן, וועלכער האט געזאלט ווירקן אויף דער יוגנט צו הארכן און גלויבן אין מערינס צוזאגן. און ווען דער רב דריקט זיך אויס, „אז ממשה ועד משה לא קם כמשה״ — הויבט זיך אויף א שטורם, די יוגנט פראטעסטירט. „ס׳איז א חרפה און בושה אז א רב זאל אזוי רעדן, אין דער צייט ווען הונדערטער יידן ווערן פארפייניקט דורך הונגער און פאלן פון דער שווערער ארבעט אין די לאגערן. ווי קען מען גלויבן מערינס הבטחות, וועלכע ער האט קיינמאל נישט מקיים געווען?״. די פארזאמלונג האט נישט געבראכט פאר מערינען די געהאפטע רעזולטאטן. די יוגנט באַשליסט נישט צו גיין אין די ארבעטס־לאגערן. יעדער איינער זוכט פארשידענע וועגן ווי זיך צו באפרייען פון דער געפאר. אבער מערין לאזט נישט אפּ. ער ווענדעט זיך צו די דייטשע אנפירער פון די שאָפּן, אז זיי זאלן באפרייען א טייל פון די יידישע ארבעטער כדי זיי צו שיקן אין די ארבעטס־לאגערן. און א פאראדאקס — דווקא די דייטשן האבן דערקלערט, אז זיי קענען נישט באפרייען קיין אר־בעטער, להיפך, עס פעלט זיי נאך ארבעטס־הענט. דאן מישט זיך אריין דער „זאנדערבעאויפטראגטער״, וועלכער איז געווען דער פאקטישער בעל־הבית איבער אלע קאמיסארן אין די שאָפּן און פאר־דערט זיי אויף, אז זיי זאלן זיך שטעלן מיט זייערע ארבעטער אויף א קאנטראל. און עס האט נישט געהאלפן; אין דער בעשטימטער צייט שטעלן זיך די יידישע ארבעטער אויף דער קאנטראל, אין דער סוף איז, אז ווידער ווערן 500 יידישע יוגנטלעכע פארשלעפט אין די דייטשע ארבעטס־לאגערן.

## דער צווייטער גירוש

דעם 8־טן אויגוסט 1942 האט דער פארזיצער פון דעם יודנ־ראט ה׳ מאלטשאדזקי גערופן די נכבדי העיר מיט די רבנים לעווין און גרויסמאן אויף א פארזאמלונג, אויף וועלכער ער האט געהאלטן א פייערדיקע רעדע וועגן ראטעווען די בענדינער יידן. צווישן אנ־דערן האט ער געמאלדן, אז אזוי ווי די געסטאפא האט באפוילן מאכן א ציילונג פון דער באפעלקערונג, דעריבער בעט ער די פאר־זאמלטע אז זיי זאלן העלפן פירן א אַגיטאציע, אז די יידישע באפעלקערונג זאל זיך צושטעלן, און קיינער זאל אין דעם טאג פון דער ציילונג נישט בלייבן אין שטוב. נאר זיך געפינען אויף די אָנגעצייכנטע פונקטן. דעם 10־טן מאי רופט מאלטשאדזקי א פאר־זאמלונג פון אלע אנגעשטעלטע, בעאמטע פון דער קהלה, און ער פאַ־דערט זיי אויף זיך שטעלן מיט זייערע פאמיליעס אויף די אנגעצייכנטע

פונקטן. ער פארזיכערט, אז קיינעם פון די בעאמטע וועט נישט געשען קיין שלעכטס, אזוי ווי ביז היינט וועט דער יודנראט וויסן אויך אין דעם מאמענט צו באשיצן זיינע בעאמטע. און ווער ס׳וועט זיך נאך געפינען פינף א זייגער אין דער פרי אין דער היים, — וועט אנטזאגט ווערן פון דער ארבעט.

דעם 11־טן אויגוסט לאזט דער יודנראט ארויס אן אויפרוף צו דער באפעלקערונג מיט ה׳ מאלטשאדסקי׳ס אונטערשריפט: „יידן טוט אייך אן די יום־טוב׳דיקע קליידער און גייט מיט פרייד אויף די אנגעצייכנטע פארזאמלונגס־פלעצער, זאל קיינער נישט בלייבן אין דער היים. ווער ס׳וועט נישט זיין ביי דער ציילונג, וועט שפעטער זיך נישט טארן געפינען אין זאגלעמביער קרייז”. דאס איז בקיצור.

דעם 12־טן אוגוסט 1942, פינף אין דער פרי, האבן אלע בענדינער יידן פארלאזט זייערע וווינונגען, קינדער און אלטע, מענער און פרויען, אפילו קראנקע און קינדער אין די וויגעלעך. אלע האבן זיך געלאט צו די צוויי „זאמלפונקטן” פון „הכח” און „סאנאציע”. 30 טויזנט יידן האבן פארלאזט זייערע הייזער מיטן גלויבן אין צוזאג פון יודנראט, אז עס וועט חלילה קיינעם גארנישט געשען. ביים איינגאנג צו די פארזאמלונגס־פונקטן האט יעדער באקומען א לויפנומער, און ביי טישלעך זענען געזעסן בעאמטע פון יודנראט, וועלכע האבן פארצייכנט די נעמען פון אלע אנוועזנדע. א זייגער 9 פרי האט זיך די ציילונג פארענדיקט. עס איז פעסטגעשטעלט געווארן, אז 90% פון דער באפעלקערונג האט זיך צוגעשטעלט. א זייגער 10 קומען אן די ערשטע ידיעות. דער גאנצער ספארט־פלאץ איז ארומגענומען געווארן מיט א קייט פון פאליציי און ס. ס. מענער באוואפנט מיט מאשין־געווער. קיינעם איז נישט דערלויבט צו פארלאזן דעם „זאמלפונקט”, אפילו נישט די הויכע בעאמטע פון יודנראט. א שעה נאך א שעה פארגייט, און אלע ווארטן מיט א שטייגענדיקן פחד אויף דעם קומענדיקן. ערשט א זייגער 2 נאכמיטאג זענען געקומען די צוויי פארשטייער פון „זאנדער בעאויפטראגטן” קוטשינסקי און שמעלט, און צוגעטרעטן צו דער „אקציע”. יעדער איינער האט זיך געמוזט שטעלן פאר זיי מיט דער משפחה, מיט דער ארבעט־קארטע אין דער האנט. די באפעלקערונג ווערט דאן דורך זיי איינגעטיילט אין דריי קאטעגאריעס: א) יונגע ארבעטס־פעאיקע, ב) משפחות מיט צוויי קינדער, ג) עלטערע נישט ארבעטס־פעאיקע און משפחות מיט א סך קינדער. ערשט 9 אוונט איז געקומען די געסטאפא און באפרייט די ערשטע קאטעגאריע, די רעשט זענען געבליבן א גאנצע נאכט אונטערן רעגן אויפן פריין פעלד, געהיטן דורך דער דייטשער פאליציי און מיליטער.

צומארגנס דעם 13־טן, האט די געסטאפא באפרייט נאך א טייל, אזוי אז א זייגער 12 נאכמיטאג איז געווארן באוווסט, אז 10 טויזנט יידן זענען געבליבן אויפן פלאץ צום גירוש. און אזוי ווי דאס איז געווען פרייטיק, און אוועקשיקן האט מען זיי געזאלט ערשט צומארגנס שבת, זענען די פארמשפטע צום גירוש איינגעטיילט געווארן אין דריי גרויסע לאקאלן: אין יתומים־הויז, אין לאקאל פון דער „אגודה” און אין הויז פון יודנראט. די יוגנט באשליסט דאן אויסצוניצן די צייט, אין דורך פארשידענע מיטלן צו באפרייען די ארעסטירטע. עס ווערן געמאכט אונטערגראבונגען אונטער די הייזער, מען האקט מויערן דורך די דעכער, און אויך דאס אלטע שוחד מיטל ווערט אנגעווענדעט — מען טרינקט אן די דייטשע שומרים. אזוי ארום איז געלונגען צו באפרייען א העלפט פון דער גרופע.

שבת נאכמיטאג איז די רעשט פינף טויזנט יידן פארשלעפט געווארן אין צוגן קיין אוישוויץ. מיט דער גרופע איז אויך געווען דער רבי ש פ י ר א (דער בריקעווער). די האנט ציטערט — און דאס הארץ קלאפט פון אויפרעגונג — ווען כ׳דערמאן מיך די גרופע קינדערלעך וועלכע זענען די לעצטע, געפירט געווארן צו דער שחיטה. געבליבן א צאל קינדער אין עלטער פון א חודש ביז א יאר, וועמענס עלטערן זענען געגאנגען אין צוג. האבן זיי די קינדער איבערגעלאזט אויף הפקר, געמיינט אפשר אזויארום צו ראטעווען זיי פון אומקום. זענען דאן געקומען די צוויי געסטאפא נבלים, פייקערט און פרייטאג האבן זיי געהייסן, גענומען זעק און אריינגעווארפן די קינדער אין זיי — און אזוי זיי געשיקט אין די וואגאנען קיין אוישוויץ.

און ווידער איז געווארן שטיל אין שטאט. דאס לעבן שטראמט ווייטער, אייגענטלעך איז קיינמאל נישט געווען אזוי שטיל. צווישן איין גירוש און דעם צווייטן געפינען די דייטשן מיטלען ווי צו פארפינצטערן דאס לעבן דורך פארשידענע נגישות. אט למשל, די אזוי גערופענע קליינע אויסזידלונגען. יעדן מיטוואך פלעגט אפגיין דאס „קעטשעל” מיט יידן נאך אוישוויץ. און אזוי 10 חדשים אן הפסקה



מ׳פירט קראנקע אויף וועגעלעך צום אויסזידלונג.
חולים מובלים לגירוש.

**האט דער מולך פארלאנגט א קרבן: 5 אדער 20 יידן, נישט וויכטיק,** א טראנספארט האט מיטוואך געמוזט אפגיין. און א פארשטייער פון יודנראט פלעגט אונטערשרייבן דעם פראטאקאל, אז דאס זענען קרימענעלע פארברעכער. צווישן די דאזיקע „קרימענעלע פארברע־כער" איז אין איינעם א מיטוואך געווען אויך דער מישקאווער רב.

דער יודנראט האט אלץ ווייטער פארזיכערט, אז אונזער לאגע איז וואס אמאל בעסער, א סימן — די דייטשן האבן פארגרעסערט די פארציע לעבענסמיטל־צוטיילונג פאר דער יידישער באפעלקע־רונג. דערוויל פארלאנגט טאקע דער יודנראט ווידער, אז די יוגנט זאל זיך מעלדען צום „ארבעטס־איינזאץ", אין די ארבעטס־לאגערן. די יוגנט באהאלט זיך אויס. עס העלפט נישט דאס ארעסטירן די עלטערן, צונעמען די שפייזקארטן א. ז. וו. ווער ס'קען נאר — באהאלט זיך אויס. ווייל די ארבעטס־לאגערן זענען א זיכערער טויט. און דא פארלאנגען די דייטשן וואס אמאל מער ארבעטס־קרבנות. אין אקטאבער 1942 פאדערט דער יודנראט אויף, אז אלע מענער פון 15 יאר און פרויען פון 14 יאר, מוזן זיך שטעלן צום ארבעטס־דינסט. די דייטשן באפאלן די גאסן און מיט דער הילף פון די יידישע ארדנער, ווערן די קינדער געשלעפט אין „דולאג" ווו עס קומען דייטשע פאבריקאנטן און קויפן די „סחורה", וואס ווערט שפעטער אפטראנספארטירט אין די וועבערייען פון גונטעבריקן—גרינבערג און אנדערע ערטער.

## אין געטא

אין יאנואר 1943 האבן די דייטשן באפוילן, אז די יידישע בא־פעלקערונג זאל ארויס פון שטאט און זיך אריבערטראגן אין געטא; צו דעם האבן די דייטשן באשטימט די פארשטאט קאַמיאַנקאַ, וועלכע איז אלעמאל געווען באוווינט דורך דעם ארעמסטן טייל פון דער פוילישער באפעלקערונג, ווו עס האבן געוווינט די ציגיינער, די אונטערוועלט א. אז. וו. חוץ די עטלעכע ארבעטער־בלאקן, האבן זיך דארט געפונען בלויז קליינע אלטע הייזקעס, וועלכע האבן געקענט אריינעמען נאר א פערט חלק פון דער פארבליבענער יידישער בא־פעלקערונג. שפעטער האבן די דייטשן צוגעטיילט צום געטא אויך די „קליינע שראָדולאַ" וועלכע איז געווען א ריין פויערישע געגנט, און דאס האט טאקע אביסל געהאלפן צו לינדערן די וווינונגס־נויט. מ'האט דאן געוווינט אין שטארקער ענגשאפט, צו צוויי משפחות אין איין שטוב, צו 10 און מער מענטשן אין איין חדר. געווען פאלן ווו מ'האט זיך געטיילט מיט די געלעגערס: א טייל פלעגט שלאפן ביי טאג, א טייל ביי נאכט.

פיר חדשים האט געדויערט דאס איבערגיין אין געטא. סוף אפריל האט שוין קיין ייד נישט געוווינט אויסערן געטא. שנעל האט דער טייל שטאט ווו ס'האט זיך געפונען דער געטא באקומען אן אנדערן אויסזען. יידן האבן געמאכט וועגן און טראטוארן, וועלכע זענען ביז דאן נישט געווען דארט בנמצא, מ'האט איבערגעבויט הייזער, צוגעבויט נייע פליגלען צו די אלטע. די געטא האט געארבעט אין א טעמפא, אזוי ווי מ'וואלט געגרייט זיך באזעצן דא אויף אייביק...

## דער דריטער גירוש

אין מאי 1943 ווערט די יידישע באפעלקערונג אויפגעפאדערט דורכן יודנראט אפצוגעבן דאס גאלד און זילבער. דער יודנראט פירט די אקציע, און מערין גיט אויף אן עפנטלעכער זיצונג פון דער צענטראלע א ביישפיל, און גיט אוועק זיין גאלדענעם ציגארען־טאש, זייגער און רינגעל; און יידן האבן נישט קיין ברירה. אפשר וועט עס טאקע העלפן, אזוי ווי דער יודנראט מיינט. צענדליקער קאסטנס מיט זילבערנע לייכטער, קאנדעלאברעס, בשמים־ביקסלעך, חנוכה־לייכטער, א. ז. וו. האט דער יודנראט אפגעליפערט דער געס־טאפא. אין א קורצער צייט נאך דער אקציע, איז מערין געפארן בא־גלייטן א גרופע יידן, וועלכע די דייטשן האבן מכלומרשט געזאלט איבערפירן אין „אולאַג" פאר אויסלענדער; און ווען ער איז באלד נישט צוריקגעקומען, האט די פרוי פאניע טשאַרנאַ, — זיין סעק־רעטארין, טעלעפאנירט אין קאטאוויץ, אין געסטאפא, האט מען אויך זי און דעם סעקרעטאר ד"ר לעווענשטיין געהייסן קומען גלייך קיין קאטאוויץ אויף א באראטונג. עס האט קיינעם נישט געקענט איינפאלן, אז דווקא די וואס האבן אזוי געטריי געדינט דער געסטא־



בענדינער יידן מארשירן צו צוואנגס ארבעט.
יהודי בנדין בדרך לעבודת הכפייה.

פאַ קען עפּעס געשען. אָבער חיים און מאַניעק מערין, פרוי טשאַרנאַ און ד״ר לעווענשטיין, וועלכע האָבן די לעצטע פיר יאָר געשפּילט אַזאַ טרויעריקע ראָל אין לעבן פון זאַגלעמביער יידנטום, זענען מער פון דער רייזע נישט צוריקגעקומען. זיי האָבן דאָס זייערע אָפּגעטאָן...

אויסגערויבט די יידישע פאַרמעגנס, געהאָלפן אַדורכפירן די גרוי־שים, אויסגעליפערט די יוגנט אין די דייטשע אַרבעטס־לאַגערן. דער נעגער האָט זיינעס געטאָן —

אַזוי האָט די געסטאַפּאָ אָפּגעדינט די וועלכע האָבן איר אַזוי טריי געדינט. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז אויך די דייטשן נויטיקן זיך שוין נישט אין זייערע נאָענטסטע יידישע מיטאַרבעטער — אַ סימן אַז מיר שטייען פאַר די לעצטע טעג...

דעם 22 יוני 1943 זענען די דייטשן 5 פאַרטאָג ווידער באַפאַלן דעם געטאָ, און אַלע יידן צוזאַמענגעשלעפּט אויף איין זאַמלפּונקט. אַלע גאַסן זענען פול מיט די ס. ס. לייט, וועלכע שלעפּן די יידן פון די הייזער. דאַן קומט דער גרעסטער פאַרברעכער, דער פאַקטי־שער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן אומברענגען דאָס גאַנצע זאַגלעמ־ביער יידנטום קאָמיסאַר דרייער. אָנגעטאָן אין ווייסע הענטשקעס, אַ שטעקעלע אין האַנט, מוז יעדער צוגיין צו אים, און ער טיילט די באַפעלקערונג — איינעם רעכטס איינעם לינקס. די דייטשע פּאָליצײ טרייבט אונטער — שנעל, שנעל. איינעם רעכטס, איינעם לינקס. אַ מאַן רעכטס, די פרוי לינקס, אַ קינד רעכטס די עלטערן לינקס א. אז. וו. דאַן ווערט די גרופּע פון לינקס געטריבן שנעל צו דער באַן, און גלייך אין די וואַגאָנען קיין אוישוויץ. פיר טויזנט יידן זענען דאַן מיט דער אַקציע פאַרשלעפּט געוואָרן, נישט געבליבן קיין גאַנצע משפּחה נאָך דעם גירוש. דאָ פעלט אַ פאָטער. דאָרט אַ מאַן, דאָ אַ זון, דאָרט אַ טאָכטער. געבליבן קינדער אָן עלטערן, עלטערן אָן קינדער... אַ סך זענען דאַן געשפּרונגען פון צוג, אָבער נאָר איינ־צעלנע איז געלונגען זיך צו ראַטעווען און קומען צוריק אין געטאָ. דער גאַנצער וועג פון אוישוויץ ביז בענדין איז געווען פאַרשפּרייט מיט טויטע, וואָס זענען געשפּרונגען פון די לויפנדע צוגן.

## דער סוף

זעט זיך אויס, אַז די דייטשן האָבן באַשלאָסן אָפּצומעקן יעדן סימן יידישקייט פון בענדין, פון דער שטאָט וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן דורך יידן. ווייל נישט בלויז די לעבעדיקע, נאָר אויך די טויטע ווערן געשטערט אין זייער אייביקער רו...

נאָך אין 1941 ווערט דאָס אַלטע בית־הקברות אויף זאַוואַלאַ אויסגעגלייכט דורך די דייטשן מיט דער גאַס. איצט האָבן זיי באַשלאָסן צו ליקווידירן אויך דעם גרויסן בית־הקברות ביי דער באַן. דער יודנראַט פּועלט, אַז מ׳זאָל דערלויבן איבערפירן די ביינער אויף דעם טשעלאַדזער בית־הקברות. אַ סך יידן קומען מיט קעסטעלעך, נעמען צענויף די ביינער פון זייערע קרובים און פירן עס איבער אויפן טשעלאַדזער בית־הקברות; אין שטאָט הערשט דאַן אַפּאַטיע. קיינער קלערט נישט וועגן אַרבעט, מ׳זוכט אַ וועג ווי צו לויפן, ווי זיך צו ראַטעווען; אָבער נישט געווען וווּ צי לויפן. אַרומגע־רינגלט דורך אַ פיינטלעכער וועלט און באַפעלקערונג, געלינגט בלויז איינצעלנע יידן זיך אויסבאַהאַלטן ביי זייערע נאָענטע קריסטלעכע באַקאַנטע.

נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג הויבט די באַפעלקערונג אָן צו בויען בונקערס. נישט געווען קיין הויז אָן אַ בונקער. לײדער האָט עס זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ שוואַך געווער קעגן דער ענטגילטיקער אויסזידלונג.

דעם ערשטן אויגוסט 1943 האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער אַקט — די טאָטאַלע אויסזידלונג פון אַלע בענדינער יידן. אַ זייגער צוויי ביי נאַכט איז דער געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך גרויסע דייטשע מיליטער־גרופּן, און ווי נאָר ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, זענען זיי מיט געשרייען און שיסערייען באַפאַלן די יידישע הייזער, טירן, פענסטער זענען מיט כּוח אויפגעבראָכן געוואָרן און די יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די הייזער. מיט דינאַמיט האָט מען אויפגעריסן די בונקערס. די לעצטע בענדינער יידן זענען גע־שלעפּט געוואָרן צו די וואַגאָנען, אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ.

אַזוי איז אונטערגעגאַנגען „ירושלים ד׳זאַגלעמביע״.



צוליב מאַנגל אין דירות אין געטאָ וווינט מען „דערווייל״ אויף דער גאַס.
מחמת המחסור בדירות בגיטו גרים „לעת עתה״ ברחוב.

# דוד ליווער / בענדינער אין דער ווידערשטאנדס־באוועגונג אין טויט־לאגער אוישוויץ

אוישוויץ (פריער אָשוויענצ׳ים) איז געווען דער גרעסטער „קאצעט“, דער גרעסטער מארד־לאגער, ווו די דייטשן האבן אומגעבראכט און פארברענט מיליאנען מענטשן, יידן פון אלע אייראָפּעאישע לענדער, ווי אויך רוסן, פאליאקן, טשעכן און אנדערע. צוליב דער נאענטקייט פון אוישוויץ, זענען די זאגלעמביער יידן געווען די ערשטע קרבנות פון דער היטלערישער חיה, און די גאנצע באפעלקערונג, די הונדערט טויזנט זאגלעמביער יידן זענען דארט פארברענט געווארן אין גאז־אויוונס. נישט קוקענדיק אויף דער שטארקער וואך און שטרענגן רעזשים, דערשעפּט דורך הונגער און שקלאפן־ארבעט, געלינגט דאך צו שאפן דארט אן אונטערגרונט־באוועגונג.

פון אנפאנג איז די ארבעט באשטאנען אין העלפן אנטלויפן יעדן איינעם וואס האט נאר געוואלט און געהאט דעם מוט, — און א סך פרואון אנטלויפן; אמת, דער גרעסטער טייל ווערט געכאפט און צוריקגעבראכט אין לאגער, אבער דאך געלינגט א קליינעם טייל זיך צו ראטעווען. שפעטער האט די אונטערגרונט־באוועגונג אנגעהויבן זיך פארשאפן געווער, און געמאכט פלענער צו א גרויסן ווידערשטאנד. נישט אלע ווידערשטאנד־אקציעס זענען אונז באוווסט. צום גרעסטן טייל איז די דייטשן געלונגען באצייטנס זיי צו דערשטיקן און זייערע אנטיילנעמער צו דערמארדן. מיר גיבן דא איבער איינצעלנע מאמענטן, וואס בענדינער, וועלכע זענען געבליבן לעבן אין אוישוויץ, האבן איבערגעלעבט.

*

אין בלאק 7 אין בירקנאו זענען געווען פארשפארט די יידישע מענער וועלכע מ׳האט סעלעקציאנירט צום גאז. דעם 30־טן דעצעמבער 1943, ווען מ׳האט געעפנט די טיר זיי אוועקצופירן, האבן זיך א 15 יידן א וואָרף געטאן אויף די ס. ס. מענער. מיט הוילע הענט האבן זיי געדראפעט און געביסן די דייטשן. איינעם איז געלונגען אפילו ארויסצורייסן ביי א ס. ס. מאן דעם רעוואלווער. די דייטשן האבן אלארמירט נאך הילף, באזיגט די יידן, און אלע אויסגעטויטעט.

*

סוף אקטאבער האט מען געבראכט פון ווארשע קיין אוישוויץ א גרופע יידן, וועלכע האבן פאר געלט זיך געלאזט פארפירן דורך פאלשע אויסלענדישע פאפירן אלס אמעריקאנער בירגער. לכתחילה האבן די דייטשן זיי באזעצט אין „האטעל פאלסקי“, אזוי אז די יידן האבן געגלויבט, אז די דייטשן וועלן זיי אויסטוישן פאר דייטשע בירגער. שפעטער האבן די דייטשן אלע אינטערנירט אין דער באַרימטער תפיסה פון ווארשע, אין „פאוויאק“, און פון דארט זענען זיי פארשלעפט געווארן אין פארשידענע פארניכטונגס־לאגערן, און דער גרעסטער טייל קיין אוישוויץ. א גרופע פון אזעלכע 1750 „אמעריקאנער“ בירגער זענען אין אקטאבער 1943 געבראכט געווארן קיין אוישוויץ. דא האט מען זיי אן לאנגע הקדמות געהייסן זיך אויסטאן און געמען פירן אין קרעמאטאריום. איין פרוי האט זיך נישט געוואלט אויסטון אין אנוועזנהייט פון ס. ס. מאן, און זיך אקעגנגעשטעלט. ווען דער ראפארט־פירער שילינגער האט מיט כוח גענומען אראפרייסן פון איר די זאכן, האט די פרוי געשטעלט א ווידערשטאנד און אים דערלאנגט א פאטש אין פנים. און ווען ער האט אנגעהויבן זיך מיט איר צו ראנגלען, האט זי ארויסגעריסן זיין רעוואלווער פון זיין האנט און אים דערשאסן. אויף איר קוקענדיק האבן זיך אויך אנדערע פרויען געווארפן און געשטעלט א ווידערשטאנד און פארוואונדעט אייניקע ס. ס. לייט. נאך א קורצן קאמף זענען אלע געפאלן פון די דייטשע מאשין־ביקסן.

*

אין יאר 1943 האבן זיך אנגעהויבן אויסבילדן געהיימע ארגאניזאציעס אין לאגער, וועלכע האבן זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט גרופן אויסערן לאגער, וואס האבן אדורכגעשמוגעלט געלט און געווער. תחילה זענען דאס געווען קליינע גרופעס, — א יידישע, א פראנצויזישע, א טשעכישע. אין סעפטעמבער 1944 האבן די קאנספיראטיווע ארגאניזאציעס שוין געציילט 160 פירנדיקע מיטגלידער, און 2800 ארגאניזירטע ארעסטאנטן, דער גרעסטער טייל פון זיי יידן. איין גרופע איז באשטאנען פון 900 יידן. אבער צו אן אלגעמיינעם אויפשטאנד לויט די אנגעצייכנטע פלענער פון דעם אויספיר־קאמיטעט פון די געהיימע ארגאניזאציעס, איז אין אוישוויץ נישט געקומען. ווייל די געשעענישן האבן זיך אזוי בחפזונדיק אפגעשפילט, אז נישט די תליינים, און נישט זייערע קרבנות, האבן געהאט די מעגלעכקייט אויסצופירן די צוגעטראכטע פלענער; די עטלעכע קליינע אויפברויז־אויסברוכן וואס זענען פארגעקומען אין אוישוויץ, זענען געקומען פון דער „זאנדערקאמאנדא“. („זאנדערקאמאנדא“ — נאמען פון דער גרופע אומגליקלעכע ארעסטאנטן, וואס האבן זיך געמוזט מטפל זיין מיט די קרבנות פון די גאז־קאמערן און קרעמאטאריום׳ס). די ארעסטאנטן וועלכע די ס. ס. האבן געצוואונגען צו דער דאזיקער שרעקלעכער ארבעט, האבן על פי רוב געלעבט נישט מער ווי דריי חדשים. יעדע דריי חדשים האבן די דייטשן פארניכטעט די מיטגלידער פון דער „זאנדערקאמאנדא“, און א צווייטע גרופע האט פארנומען זייער ארט. פון א סך „זאנדערקאמאנדאס“ איז קיין זכר נישט געבליבן, נישט קיין איין איינציקער לעבעדיקער עדות. זיי האבן געלעבט אין באזונדערע באראקן, נישט געקומען אין בארירונג מיט קיינעם, געווען פולשטענדיק איזאלירט. כמעט אין אלע „זאנדערקאמאנדאס“ האט געטליעט דער פונק פון ווידערשטאנד, אבער תמיד איז די דייטשן געלונגען צו ליקווידירן באצייטנס די בונטארן נאך איידער זייער פלאן איז רייף געווארן. בעת די עקזעקוטיווע פון די פאליטישע גרופן, וועלכע האבן זיך געגרייט צו אן עווענטועלער אפענער מיליטערישער אקציע, האט אלץ אפגעלייגט דעם טערמין פון איר אויסברוך, האבן די יידישע גרופן אונטער דעם איינדרוק פון דער שרעקלעכער פארניכטונגס־קאמפאניע קעגן די יידן אין אוישוויץ געדרענגט מ׳זאל גלייך אנהויבן די אקציע, נישט קוקענדיק דערויף וואס די לייטונג פון דער געהיימער ארגאניזאציע האט נישט מסכים געווען, ווייל זי האט געהאלטן די אקציע פאר פריצייטיק. דאך האבן זיי געגעבן א שטילע הסכמה, אז די ארבעטער פון דער „זאנדערקאמאנדא“ זאלן אויף זייער אייגענער האנט דורכפירן א רעוואלוציאנערע אקציע. דער ערשטער פלאן איז געווען — אויפצורייסן מיט דינאמיט אלע פיר קרעמאטאריעס אין בירקענאו, אבער דער פלאן איז אנטדעקט געווארן דורך די דייטשן און צונישט געמאכט. עטלעכע שעה פאר זיין

דורכפירונג. **די דייטשן באשליסן דאן צואיילן דאס אומברענגען דער בונטארישער „זאנדערקאמאנדא".**

**שבת דעם 3 אקטאבער 1944 זענען די ס. ס. לייט געקומען נעמען די 300 מיטגלידער פון דער „זאנדערקאמאנדא", כדי זיי צו ליקווידירן דורך גאז. פאר דער קרעמאטאריע־באדינונג איז דאס געווען א סיגנאל צום אויפשטאנד.** די הייצערס פון דער קרעמאטאריע נומער 4 האבן מיט א האמער דערהרגעט דעם ס. ס. פירער און אונטערגעצונדען די קרעמאטאריע. דער פרווו אויפצורייסן די קרעמאטאריע־איינריכטונג האט זיך איינגעגעבן נאר טיילווייז. גלייכצייטיק האבן די ארבעטער פון דער קרעמאטאריע נומער 1 אריינגעווארפן אין אויוון אריין דעם דייטשן אויפזעער קאול, און דערהרגעט 4 ס. ס. לייט, פארוואונדעט 15 אנדערע ס. ס., איבערגעשניטן די דראטן און אנטלאפן פון לאגער. **באלד האבן די דייטשן געשיקט א גרעסערע ס. ס. אפטיילונג, וועלכע האט אויף א בלוטיקן אופן דערשטיקט דעם אויפשטאנד. נאכן אויפשטאנד האט די געסטאפא גענומען חוקר ודורש זיין, ווער ס'האט די אויפשטענדער באזארגט מיט געווער, אמוניציע און אויפרייס־מאטעריאל.** ס'איז זיי געלונגען צו פאלן אויף די שפורן פון די 4 בענדינער מיידלעך, וועלכע האבן געארבעט אין דער פאבריק פון אויפרייס־שטאפן „אוניאָן", און פון דארט האבן זיי יעדן טאג ארויסגעגנבט דינאמיט און עס איבערגעפירט אין די פאלדן פון די קליידער אין לאגער, אין די הענט פון דער געהיימער ארגאניזאציע, וועלכע האט דאס ווייטער איבערגעגעבן דעם רוסישן פיראטעכניקער באראדין וועלכער פלעגט קאנסטרואירן די באמבעס. די מיידלעך זענען געווען: רעגינא (פאמיליען־נאמען נישט פעסטגעשטעלט), אַלאַ גערטנער, רוזשא און דארקא סאפירשטיין פון בענדין. אין נאוועמבער 1944 זענען די 4 העלדישע מיידלעך מיט דער פארמיטלערין צווישן זיי און דער געהיימער ארגאניזאציע ראָזאַ ראָבאָטאַ, נאך דעם ווי זיי האבן נישט געוואלט אויסגעבן מיט וועמען זיי זענען געשטאנען אין קאנטאקט, געווארן עפנטלעך אויפגעהאנגען.

פון די אנטיילנעמער אין אויפשטאנד זענען אונז באקאנט פאלגענדע בענדינער: ישעיה ארליך, געווען א מיטגליד אין אויפשטאנדס־קאמיטעט אין בירקענאו—אוישוויץ, געבליבן לעבן, געקומען קיין ישראל, געפאלן אין גוש־עציון; משה וויגנאנסקי, דער ערשטער וואס האט מיט א מעסער דערשטאכן דעם דייטשן אנפירער פון קרעמאטאריום, און דאס איז געווען דער סיגנאל צום אויפשטאנד און אויפרייס פון קרעמאטאריום 3. דאן זענען געפאלן בעניעק פערשטענפעלד, וויגאדזקי, 2 ברידער צימבערקנאפ, דוד גוטמאן, גאלדבערג פון סאסנאוויץ, אנגעזעענער טוער פון דער פועלי־ציון—צ. ס. באוועגונג פון זאגלעמביע. טוביה קלמנוביץ, דב זלמנוביץ, חיים גליקסמאן און נאך א סך בענדינער וועמענס נעמען עס איז אונז נישט געלונגען פעסטצושטעלן.

**כבוד זייער אנדענק!**

# שמואל ליווער / א נאכט נאך דער מלחמה אין בענדין

(יוני, 1946)

זייענדיק קרוב זיבן יאר פארוואגלט אין רוסלאנד, פארשיקט אין די ארכאנגעלסקער וועלדער, האבן מיר נישט געהאט קיין שום קלארע ידיעות וועגן דער לאגע פון פוילישן יידנטום. און ווען ס'זענען דערגאנגען צו אונז פארשידענע קלאנגען, האבן מיר אויך נישט געוואלט גלויבן אין דעם גרויסן חורבן. פון בוכארא האב איך געשריבן צום בענדינער מאגיסטראט, אנפרעגענדיק וועגן יידישן בענדין. נאך דריי חדשים האב איך באקומען א ענטפער פון יידישן קאמיטעט, אין וועלכן מען האט מיר מודיע געווען, אז מיין ייִנגערער ברודער יחיאל מ. געפינט זיך אין אויבערשלעזיען. מער איז מיר נישט געלונגען אנצובינדן א קאנטאקט מיט בענדין. דאן האב איך באשלאסן צוריקצופארן קיין פוילן מיט מיין פרוי און זון.

דריי וואכן האבן מיר, 1500 רעפאטריאנטן פוילישע יידן, זיך געשלעפט מיט א ספעציעלן ‚עשאלאן" ביז אויבערשלעזיע. אנקומענדיק קיין מיסלאָוויץ, ווערן מיר געוואר, אז מיר וועלן דא ווארטן א לענגערע צייט. באשליס איך אראפ גיין אויפן סטאציע וואקזאל. איך קען זיך נישט באהערשן — געפינענדיק זיך אין גאנצן פופצן קילאמעטער פון בענדין... ווי קען איך פארן ווייטער, און נישט זיין אין מיין געבוירן־שטאט, ווו איך האב פארבראכט דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן? ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן און כ'בין ארויס פון בענדין, האב איך דארט איבערגעלאזט מיינע עלטערן, ברידער, געשוויסטער, א גרויסע משפחה וועלכע איז אויסגעוואקסן פון איין בוים, פון מיין זיידן ראובן ז"ל, און זיך צעוואקסן איבער הונדערט פופציק מיטגלידער. באשליס איך — און גיי אריין אין פאסט זוכן אין טעלעפאן־ביכל. צוערשט זוך איך מיין געוועזענעם טעלעפאן־נומער, ליידער — נישטא. איך זוך באקאנטע נעמען פון אמאליקע סוחרים וועלכע האבן אלע געהאט טעלעפאנען, און קוים זיך אנגעשטויסן אין א יידישן נאמען: געברידער דאנציגער, מיינע געוועזענע שכנים. כ'קלינג — אבער קיינער ענטפערט נישט. איך דערוויס זיך דעם נומער פון יידישן קאמיטעט, איך קלינג, און א ווײַלע ארום הער איך — „דא רעדט די יידישע געמיינדע בענדין". כ'פרעג ווער ס'רעדט, און כ'באקום א ענטפער, א נאמען וואס זאגט מיר גארנישט. איך זאג דאן מיין נאמען, איך פרעג זיך, צו קען איך קומען קיין בענדין אדער כ'זאל פארן ווייטער, — און צו קען איך נאך אריינגיין צוריק אין מיין וווינונג, אדער איז ווער פון מיין גרויסער משפחה געבליבן, צו וועמען כ'וועל קענען אריינגיין. דער ענטפער איז געווען — נישט געבליבן אין בענדין קיינער פון מיין משפחה, די וווינונג מיינע קען איך נישט צוריק באקומען, מיין ברודער געפינט זיך אין נידערשלעזיע, וואלדענבורג, און אויב כ'וויל קומען, וועלן זיי מיך אפווארטן און אויפנעמען אין רעפאטריאנטן־הויז וואס געפינט זיך אין געוועזענעם לאקאל פון „הכח". דער ענטפער, אז קיינער פון מיין גרויסער משפחה איז נישט געבליבן אין בענדין, האט מיך אַזוי דערשלאגן, אז כ'האב נישט געוווסט ווי אזוי כ'בין צוריקגעקומען אויף דער סטאנציע צו מיין פרוי און זון. אויף זייערע אלע פראגן האב איך נישט געהאט קיין ענטפער. איינס האב איך געוווסט, איך וועל ווייטער נישט פארן, איך מוז זען בענדין נאך א מאל, איך וועל נישט האבן קיין מנוחה ביז כ'וועל נישט זיין נאך א מאל אין בענדין.

מיר פארן קיין בענדין, נעמען אראפ פון עשאלאן־צוג אונזער

קליין געפעק, ווייל דעם גרעסטן טייל האבן מיר איבערגעלאזן אויף אונזער וואנדער־וועג, און מיר לאזן זיך מיטן טראמוויי קיין שאפעניק, און פון דארט ווייטער קיין בענדין — באקאנטע וועגן, נישט איינמאל מיט זיי געפארן.

דער אוונט פאלט צו, מיר דערנעענטערן זיך צו בענדין. דאס הארץ קלאפט פון אויפרעגונג. נאך זיבן יאר וואנדערן בין איך ווידער אין בענדין. דער טראמוויי איז פול געפאקט, איך זוך א באקאנט פנים, א יידיש פנים, ליידער נישט געפונען. פריילעך זענען געוועזן די ארומיקע מענטשן. קיין איין פאר יידישע אויגן. דאקעגן זענען מיר געווארן אבסערווירט דורך די מיטפארער, דערקענט אז מיר זענען „פרעמדע". מיר זענען אין בענדין — עס גיסט א רעגן. די טראמוויי שויבן זענען באדעקט מיט קייקעלעך רעגן וועלכע זען אויס ווי טרערן, יידישע טרערן וועלכע נעמען מיך אויף אין מיין חרוב געווארענער שטאט...

מיר פארן דורך באקאנטע גאסן און שטייגן אויס אויף דער קאלאנטאי גאס, וווּ עס געפינט זיך דאס רעפאטריאנטן־הויז. כ׳קוק מיך ארום: דאס איז בענדין? וואס פאר־א שטילקייט, מ׳זעט נישט קיין מענטש אין גאס, נישט קוקענדיק אויף דער פריער אוונט־שעה. ווער געדענקט נישט בענדין א מאל? ווי די גאסן האבן גערוישט פון יידן, א ליכטיקייט האט געשלאגן פון די שוי־פענסטער — און יעצט? וואס פאר־א ענדערונג? מיר גייען אריין אין טויער פון דוד זמיגראד׳ס הויז. באלד קומט צו א יונגערמאן און פרעגט מיך, צו איך בין ש. ל. — און זיך פארגעשטעלט אלס פארוואלטער פונם רעפאטריאנטן־הויז. ער פירט אונז אריין אין באקאנטן „הכח" זאל. געמיינט צו טרעפן דארט עטלעכע בענדינער, אבער ליידער קיין איין בענדינער. איך קוק זיך ארום אין דעם אזוי גוט באקאנטן לאקאל, צוויי קליינע עלעקטרישע לעמפלעך באלייכטן קוים דעם גרויסן זאל. אויפן ארט פון די טורן־מכשירים שטייען אויסגעשטעלט בעטלעך. עס האט מיך ארומגענומען א מרה־שחורה, איך און מיין פרוי און זון זענען דא די איינציקע בענדינער אינם הויז. געמיינט, אז עס וועלן אונז אפווארטן בענדינער, צו האבן מיט וועמען זיך טוישן מיט ידיעות. און עס געפינט זיך נישט אין שטאט קיין איינער פון אונזערע נאנטע. מיר האבן געגעסן אוונט־ברויט פון די רעשטלעך וואס זענען אונז געבליבן פון וועג. מיד פון די צוויי וואכן רייזע, בעת וועלכער מיר האבן נישט געהאט די מעגלעכקייט צו שלאפן אין א בעט, — זענען מיינע נאענטע גלייך איינגעשלאפן. ליגענדיק אויפן בעט, ארומקוקענדיק זיך איבערן זאל איך וועלכן ס׳ברענט א קליין לעמפעלע, — הויבן אן באווייזן זיך בילדער פון אמאליקע צייטן ווען אין דעם זאל האט געלעבט א יידישע יוגנט, וויפל פריידיקע מאמענטן האב איך אין דעם זאל מיטגעמאכט, וויפיל באנקעטן, בעלער, האב איך מיט חברים, פריינט, אין דעם זאל בייגעווינט, וויפל טויזנטער יידישע לעבנס האבן אדורכשפאצירט אין דעם זאל. פאר מיינע אויגן מארשירן דורך טויזנטער יידישע ספארטלער פון אמאליקער „הכח"־יוגנט, ווי אויך פון עלטערן דור, וועלכע האבן אדורכגעמאכט ספארט־איבונגען אין דעם זאל, פרויען און מענער, לאכענדיקע אויגן, עלאסטישע באוועגונגען — וויפיל פריידיק געלעכטער — א יידיש רוישיק לעבן פון א פאר צענדליק יארן מארשירט דורך פארביי מיינע אויגן... און יעצט זענען מיר די איינציקע בענדינער אין זאל. ס׳ווילט זיך נישט גלויבן, אז פון דעם אלעם איז מער גארנישט געבליבן, אז דאס־דאזיקע יידישע לעבן עקזיסטירט נישט מער. ווי איז דאס מעגלעך, אז דאס יידישע בענדין זאל מיט איינמאל אויפהערן צו עקזיסטירן, וווּ זענען די דרייסיק טויזנט בענדינער יידן?

איך הויב זיך אויף און עפן דאס פענסטער. דער רעגן האט אויפגעהערט. איך גיב זיך אפ א קלארן דין וחשבון, אז ליידער איז עס א טרויעריקער אמת, אז בענדין איז אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע באנדיטן. דאס אמאליקע בענדין האט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די נאכט ציט זיך לענגער ווי די גאנצע זיבן יאר גלות אין רוסלאנד. ס׳וויל גארנישט נעמען טאגן. מיינע ארומיקע שלאפן — פון צייט צו צייט הערט זיך א זיפץ. אפשר לעבן זיי אדורך אין שלאף דאס וואס איך אויף דער וואך? די געדאנקען לויפן כאאטיש. אט בין איך אויפן פליטים־וועג ווו ס׳פאלן די דייטשע באמבעס



און דאס מעבל אויף דער גאס.
והרהיטים — ברחוב.

אזוי נאענט פון אונז; אט בין איך אין די ארכאנגעלסקער וועלדער אדער טאשקענט, בוכארא, — ס'ווילט זיך שלאפן — אבער פון דער צווייטער זייט האב איך מורא פארן שלאף, נישט אדורכצולעבן דאס אלץ נאך אמאל. די נאכט איז שטום און שווארץ, דויערט א אייביקייט, דער טאג וויל נישט אויפוואכן. איך הויב אן שפרייזן און ציילן די טריט, כדי אזוי ארום צו פארטרייבן די צייט ביז — ענדלעך הויבט אן גרויען דער טאג. כ'טו מיך שנעל אן, שטיל פארלאז איך דעם „הכח" זאל און גיי ארונטער אין גאס. וויפל מאל האב איך אט די קאלאנטאיא גאס געזען אין אזא פרימארגן! וויפל מאל האב איך געשפרייזט מיט חברים, פריינט אין די פרימארגן שעהן נאך א אוונט, אדער פון קלוב זש. ט. ק. וואס האט זיך געפונען טאקע דא נישט ווייט אין צווייטן הויז! דאן האב איך געהאט א ציל, געגאנגען א היים זיך אויסרוען, און דאן צו דער טאג־טעגלעכער ארבעט. און איצט, וואס פאר־א ציל האב איך פאר מיר? דאס ערשטע מאל נאך זיבן יאר בין איך ווידער אויף די בענדינער גאסן. כ'בלייב שטיין — ווּ אהין גיין? אבער נישט וויסענדיק אפילו ווי אזוי, געפין איך זיך אויף סאנטשעווסקא גאס נומער 13, ווּ מיינע עלטערן און געשוויסטער האבן געוווינט. איך קוק ארויף צו מיין פאטערס וווינונג, אפשר וועל איך זען די ליבע געזיכטער?

איך גיי צו צום פענסטער פון מיין שוועסטערס וווינונג, איך שפרייז איבערן הויף רואיק — אזוי ווי ס'וואלט גארנישט געשען, אזוי ווי אין די אמאליקע גוטע צייטן, ווען אין יעדער שטוב פון דעם הויז האבן געוווינט היימישע מענטשן, משפחה, ברידער, האבן דאך דא געוווינט זינט 1912, ווען מיין פאטער האט דאס הויז געבויט, 20 יידישע משפחות, — און איצט? איך זוך אויף דער לאקאטארן־טאוול אין טויער, — קיין איין באקאנטער נאמען, קיין איין ייד, בלויז קריסטן. איך פארלאז דאס הויז ווּ כ'האב א שטיק פון מיין לעבן פארבראכט, איך גיי ווייטער אין די שטילע פרימארגן שעהן. אין קורצן געפין איך זיך אויף דער מאלאכאווסקי גאס 36, ווּ כ'האב געוווינט די לעצטע דרייצן יאר און געפירט מיינע אונטערנעמונגען. ס'האט זיך דארט גארנישט געענדערט, אויפן באלקאן פון מיין וווינונג — די זעלבע בלומען־קעסטלעך ווי פאר זיבן יאר. איך גיי־צו צו דער קליינער געביידע ווּ ס'האבן פארן קריג געארבעט און גערוישט 24 שעה אין מעת־לעת די מאשינען פון מיין פאבריק. א שטילקייט, ווי ס'וואלט דארט קיינמאל קיין פאבריק נישט געווען. איך שטיי פארן טיר פון ביורא, גיי ארונטער אין קעלער ווּ ס'זענען געווען די מאגאזינען. וואס האב איך דארט צו זוכן? האט מען מיר דאך געזאגט אין יידישן קאמיטעט, אז כ'האב אין דעם הויז גארנישט צו זוכן. בין איך ארויס וואנדערן איבער דער „טויטן שטאט", ווי דוד ליווער רופט אן בענדין אין זיין בוך. אריין אין די הייזער פון מאלאכאווסקי 58, 52, 33, ווּ ס'האט געוווינט דער גרעסטער טייל פון מיין משפחה. קיינער נישט געבליבן — דאן האב איך פארשטאנען, אז אין דער שטאט וועל איך מער נישט קענען לעבן, און כ'האב באשלאסן באזוכן דאס הויז ווּ כ'בין געבוירן, ווּ מיינע עלטערן און געשוויסטער זענען געבוירן, אין דער רעזידענץ פון דער משפחה ליווער, אין הויז ווּ ס'האט געלעבט מיין זיידע ראובן ז"ל און אויפגעשטעלט א גרויסע פארצווייגטע משפחה, אפשר די גרעסטע אין צאל אין בענדין, אין הויז אויף זאמקאווע 13.

איך קוק זיך ארום — און דערקען נישט דעם וועג. כ'האב געזוכט דאס הויז ווּ כ'בין געבוירן געווארן, אלץ ארום איז אפגעווישט פון אויבערפלאך, אלע הייזער ארום און די שול זענען אויסגעגליכן מיט די ערד. פארברענט די הייזער צוזאמען מיט דער שול און דעם גרויסן בית המדרש, נישט געבליבן קיין צייכן פון די אלע מיר אזוי ליבע קליינע געסלעך ארום דעם זיידנס הויז, ווּ איך האב מיינע שענסטע קינדער־יארן פארבראכט. אזוי בין איך געשטאנען אויפן בארג ביים שלאס א לענגערע צייט און געקוקט אויף די חורבות פון יידישן בענדין, אויף די חורבות פון א פאַר הונדערט יאר בענדינער יידיש לעבן.

די זון האט אויפגעשיינט — אבער מיר איז געווען פינצטער אין מוח, און טרויעריק אויפן הארצן. נישטא מער קיין צייכן פון פיר דורות בני־ליווער, א משפחה וואס האט פון זיך ארויסגעגעבן געזעלשאפטלעכע טוער, פארטיי־פירער, חלוצים, דאַזאָרעס, פרעזעסן פון דער קהלה, ראטמענער, משכילים, שארפע חסידים, חשובע גערער חסידים און ראדאמסקער טיש־זיצער, ווארט זאגערס אין רבנישע הויפן, סטודענטן, באנק בעאמטע, אנפירער פון קאאפעראטיווע בענק, סוחרים, פאבריקאנטן, און וואס נישט? זיי אלע צוזאמען, מיט נאך טויזנטער בענדינער יידן, זענען מער נישטא, פארשלעפט אין די גאז־קאמערן פון אוישוויץ. זייער אש איז געווארן פארשפרייט אויף די פוילישע פעלדער — און קיינער פון זיי איז נישט געקומען צו קבורה. עס האט זיך מיר אויסגעדאכט — אז אט שטיי איך אויף דעם גרויסן קבר, אז אט די חורבות זענען דאס גרויסע קבר פון אלע בענדינער יידן. און א קללה שוועבט דאן ארויף אויף מיינע ליפן — פארשאלטן זאלסטו ווערן בענדין, מיין שטאט, וואס כ'האב אזוי ליב געהאט, פערשאלטן זאלסטו ווערן — אז קיין ייד זאל נער דיין באדן נישט באטרעטן. דיין אויסזען זאל זיין אזוי — ווי איידער יידן האבן דיך אנגעהויבן בויען. אוועק פון דער דאזיקער ערד! אוועק פון דעם בית הקברות, ווּ קיינער איז צו קבורה נישט געקומען — אוועק פון דער „טויטן שטאט"! —

איך גיי צוריק אין קאמיטעט. אין א פאר שעה ארום קומט מיין ברודער מיך ארויסנעמען פון בענדין. „מיר האבן נישט וואס צו זוכן מער אין בענדין" — זאגט צו מיר מיין ברודער. מיר פארען קיין וואלדענבורג, ווּ מיר האבן זיך געפונען דריי חדשים, אבער קיין בענדין בין איך מער נישט געקומען.

אזוי האב איך פארבראכט א נאכט אין טויטן יידישן בענדין.

## ד״ר פייוול ווידערמאן / א דעצידירינדיקע זיצונג

דער מחבר פון בוך PLOWA BESTIA (די בלאנדע חיה) פון וועלכן מיר ברענגען דא אן אויסצוג, שטאמט פון גאליציע (געבוירן 1889). שטודירט רעכט און פילאזאפיע אויפ׳ן קראקאווער אוניווערזיטעט, און באקומען דעם טיטעל ד״ר יורי און א דיפלאם אלס פראפעסאר פון מיטל־שולן. ער האט טאקע גרויסע פארדינסטן פאר׳ן יידישן שול־וועזן אין פוילן פון נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה ביזן סאמע אומקום פון זאגלעמביער יידנטום.

געקומען קיין בענדין אין יאר 1918, און ווערט געוויילט אלס דירעקטאר פון דער „יבנה״ גימנאזיע, אויפ׳ן ארט פונ׳ם פריערדיקן, ערשטן דירעקטאר, ד״ר נח בראון (זינט לענגער יארן אין ירושלים), און אמטירט פינף יאר.

זינט 1923 און ביז׳ן אויסברוך פון קריג, 1939, פירט ער אן מיט דער פריוואט־גימנאזיע אין סאסנאוויץ. אויך בעת דער מלחמה פארנעמט ער זיך מיט אלגעמיינער און פאך־בילדונג צווישן דער יידישער באפעלקערונג.

ער איז דער מחבר פון א בוך געווידמעט פראבלעמען פון דער סאציאלער איבערגעשטאלטונג פון די יידישע פאלקס־מאסן, און אויך פון פיל ארבעטן אויף פעדאגאגישע טעמעס.

אין בענדין איז ער גלייכצייטיק אקטיוו אויפ׳ן געזעלשאפטלעכן געביט, געווען א געוויסע צייט ראטמאן אין בענדינער שטאט־ראט מצד די לינקע פועלי־ציון און פארזיצער פון א גאנצער ריי אינסטיטוציעס, ווי למשל: פון יידישן לאנד־קענטניש־פארייִן אין זאגלעמביע, פון דער געזעלשאפט „האפנונג״ צו ראטעווען דאס געזונט פון קראנקע יידישע קינדער, מיטגליד פון „אגודת שוחרי האוניברסיטה בירושלים״ און נאך.

דער גורל האט געוואלט, ווי ד״ר ווידערמאן זאגט וועגן זיך אליין, אז נאר ער, דער איינציקער, פון אלע דירעקטארן פון די יידישע גימנאזיעס אין פוילן, זאל בלייבן ביים לעבן — אן א היים, אן א פאמיליע, כדי צו טרינקען פונם גיפטיקן כוס ביזן סאמע דנא.

זיין פרוי (די טאכטער פונם באקאנטן בענדינער תושב, אברהם׳לע רעכניץ) און דער איינציקער זון, וועמענס הייליקן אנדענק איז געווידמעט זיין בוך „די בלאנדע חיה״ — זענען אומגעקומען צווישן די זעקס מיליאן קדושים.

מ. ה.

אין דער צענטראלע זענען פארגעקומען יעדן שבת די שטענדיקע זיצונגען פון די רעפערענטן פון פארשידענע רעסארטן, אויף וועלכע דער הויפט־לייטער מאניעק מערין און זיין סעקרעטארין, פרוי פ. טשארנא, האבן איבערגעגעבן א באריכט פון זייער טעטיקייט במשך פון דער וואך. אויף דער דאזיקער זיצונג האבן די רעסארט־רעפערענטן געקענט ארומרעדן פארשידענע ענינים, וואס האבן א שייכות צו דער ארבעט. לכתחילה האט זיך נאך עמעצער געקענט דערוועגן צו זאגן א קריטיק־ווארט, אבער שפעטער האט מען זיך איבערצייגט, אז די קריטיק האט נישט קיין שום השפעה אויפן לייטער מערין, וועלכער וויל פון דעם נישט הערן. יעדע מאכט וויל, אז מ׳זאל איר פראווען שבחים, — און וואס־ערשט מערין און טשארנא?

מערין איז געווען גערעכט, זאגענדיק וועגן זיך, אז ס׳איז נאך קיינמאל נישט געווען א יידישער פירער. וואס זאל האבן אזא השפעה אויף יידן, ווי ער, דער כל־יכול, אבער ער האט נישט איינגעזען, אז ער איז פארבונדן מיט א דינעם פאדעם מיט דער געסטאפא, און אז ער דינט אלס א געצייג, א מאריאנעטקע אין די הענט פון קאמיסאר דרייער. מערין—טשארנא האבן געהאט גערן, אז מ׳זאל זיי לויבן און חנפ׳נען, און דערצו האבן זיי שוין שטענדיק אויסגעפוצטן די פאסיקע מענטשן, וועלכע ס׳איז נישט שווער געווען צו געפינען, ווייל אזעלכע בריות זענען תמיד בנמצא, און ספעציעל אין מלחמה־צייטן.

אמאל האט ער גערופן די רעפערענטן אויף א זיצונג געווידמעט דער „אויסזידלונג״. צו דער דאזיקער זיצונג האט ער אויך אייגעלאדן די פארזיצערס פון די יודנראטן פון בענדין און סאסנאוויעץ און אייניקע פערזענלעכקייטן. 9 א זייגער אוונט זענען זיך צונויפגעקומען א 30 מענטשן, פון די פני־הקהילות. דעם אויבן־אן פארנעמען, זעלבסטפערשטענדלעך. מערין—טשארנא.

— „די היינטיקע פארזאמלונג, — זאגט דער לייטער — האב איך צונויפגערופן, כדי ארומצורעדן די יידישע סיטואציע אין זאגלעמביער־ראיאן, און כדי זיך צו באראטן, וואס פאר א שטעלונג מיר זאלן אננעמען מכוח דער דראענדער אויסזידלונג. איר האט דאך געהערט מסתמא, מיינע הערן, אז איך און פרוי טשארנא האבן מיר באזוכט די גרעסערע יידישע צענטערן, אזוי, אז מיר ווייסן גענוי וואס דארט קומט פאר. מיר זענען געווען אפילו אין בערלין און אין פראג, און וואס האבן מיר דארט געזען? א יאוש, ס׳פעלט א שטארקע האנט, וואס זאל זיין ביכולת צו באהערשן דעם שווערן מצב, און די אנפירער פון דייטשן און טשעכישן יידנטום האבן ממש פארלוירן די קעפ... די אויסזידלונג פון די דארטיקע יידן ווערט אנגעפירט דורך דער דייטשער מאכט אליין, און די קהלות האבן נישט קיין שום השפעה אויפן גאנג פון דער אויסזידלונג. זייענדיק דארט האב איך דערמאנט די אנפירער פון די קהלות אין דייטשלאנד זייער נעגאטיווע שטעלונג צו מיין פארשלאג, וואס כ׳האב זיי פארגעשלאגן מיט א האלב יאר צוריק, אז מיר זאלן גרינדן איין צענטראלע פון אלע קהלות אין דייטשלאנד און פון אקופירטן פוילן. אבער זיי האבן וועגן דעם נישט געוואלט הערן, אלץ צוליב זייער עקל צו פוילישע יידן. אפילו אויך היינט, אין אן עת־צרה, האלטן זיך די דייטשע יידן העכער פון די פוילישע יידן, נישט קענענדיק זיך באפרייען עד היום פון דער דאזיקער משונהדיקער מחשבה. זיי זענען אויך קעגן דער שאפונג פון איין פארבאנד פון אלע קהילות, מורא האבענדיק, אז די השפעה וועט אריבער אין מיינע הענט, פון עפעס א מאניעק מערין, א פוילישן ייד, וועלכער באהערשט נישט די דייטשע שפראך, און אז ער זאל פערטראקטירן אין זייער נאמען מיט דער דייטשער מאכט... צוליב זייערע פעלערן לײַדט היינט אזוי שטארק דאס דייטשע און טשעכישע יידנטום. מיר נויטיקן זיך איצט — רופט אויס מיט פיל התלהבות מערין — אין נייע ענערגישע און געוואגטע מנהיגים, ווייל די אלטע דיפלאמאטיע האט באנקראטירט, און דערמיט דערקלערט זיך מיין גרויסער דערפאלג...

אזוי איז אויפן מערב, אבער אויפן מזרח איז אויך נישט בעסער. אויך דארט הערשט פארלאזנקייט און פארצווייפלונג. און כ׳זע איין, אז אין דער נאענטער צייט וועלן די אלע קהלות אפגעווישט ווערן פון דער אויבערפלאך און קיין זכר וועט פון זיי נישט פארבלייבן. דאס זענען, מיינע הערן, די רעזולטאטן פון דער פאלשער פאליטיק, וועלכע ס׳באגיין די ראשי־קהלות רומקאווסקי פון לאדזש און טשערניאקאוו פון ווארשע, מיט וועלכע כ׳קען זיך נישט צונויפרעדן. אויף א בשותפותדיקער זיצונג מיט זיי און אין מיין

עקספאזע־רעדע, וואס האט געדויערט דריי שעה, האב איך זיי נישט געקענט איבערצייגן אין דער פאלשקייט פון זייער פאליטיק און אין דער ריכטיקייט פון מיין פאליטישער איינשטעלונג. זיי האבן נישט געוואלט, אדער זיי זענען נישט געווען פעאיק מיך צו פארשטיין, און צוליב דעם וועלן די טרויעריקע רעזולטאטן נישט לאזן לאנג אויף זיךווארטן. איצט, מיינע הערן, פארגלייכט דאס אלץ מיט דעם, וואס עס קומט פאר אין אונזער ראיאָן. די זאגלעמביער קהלות זענען שטארק ארגאניזירט און בילדן א כוח, א דאנק דעם, וואס זיי זענען פאראייניקט אין איין צענטראלע, אונטער מיין לייטונג. פון דער צענטראלע באשטימען מיר אלע באפעלן, וואס ווערן פינקטלעך אויסגעפירט. אונזערע פינאנסען זענען געזונטע, און צו אונזער דיספאזיציע שטייען גרעסערע געלד־סומען. דער אדמיניסטראטיווער אפאראט רופט ארויס א פארוואונדערונג ביי די דייטשע מאכט־ארגאנען מיט וועלכע כ׳קום אין בארירונג. אונזער הילפס־דעפארטאמענט דערנערט טויזנטער קינדער און דערוואקסענע. דער „ארבעטס־איינזאץ״ פילט אויס זיין נארמאלן קאנטינגענט, און אין די „שאָפּן״ גייט די ארבעט נארמאל. דאס וויכטיקסטע איז, אז אונזערע באציאונגען מיט דער מאכט שטיצן זיך אויף קעגנזייטיקן צוטרוי, און מיר פון אונזער זייט האבן נישט קיין שום סיבה זיך צו באקלאגן...״

„איצט — זעצט ער ווייטער פאר — שטייען מיר פאר איינעם פון די שווערסטע פאר אונז פראבלעמען. הגם אונזער געגנט געפינט זיך, לעת עתה, אין א פריווילעגירטן מצב, און איז ענלעך צי אן אָאזיס אין א גרויסן מדבר, דראט אונז נאך די סכנה פון אויסזידלונג, וואס וועט טראגן ביי אונז, ווי עס פארזיכערט די מאכט, א מילדן כאראקטער. מיר זענען זיכער, אז אויפ׳ן גאנג פון דער „אקציע״ וועלן מיר האבן די גאנצע השפעה, אזוי ווי עס איז געווען ביי אנדערע „אקציעס״. דער טערמין איז נאך נישט באשטימט, אבער מיר מוזן שוין מאכן פריער די געהעריקע הכנות, צוליב וואס, מיינע הערן, כ׳האב אייך גערופן צו דער היינטיקער בעראטונג. אונזער הנחה איז געווען, אזוי האף איך וועט עס ווייטער זיין, אז אלץ וואס די דייטשן ווילן אויספירן אין באצוג צו יידן — ווערט אויסגעפירט דורך אונז אליין. אזוי איז געווען מיט די פארשידענע זאמלונגען פון פוטערס, וואָל־מאטעריאל, עלעקטרישע מכשירים, נייי־ און שרייב־מאשינען, פאטאגראפישע אפאראטען א. אז. וו. אראָפּ פון דעם וועג טארן מיר נישט, ווייל דאס וואלט געהייסן, אז מיט אייגענע הענט שטירצן מיר א ווערק פון דריי־יעריקער טעטיקייט. כ׳בעט אייך. מיינע הערן, אז איר זאלט נעמען א ווארט אין דער פראגע, און נאך א זאכלעכער דיסקוסיע וועלן מיר רעזומירן די ארויסגעזאגטע מיינונגען אין אנעמען באשלוסן. ווער בעט דאס ווארט?...״

נאך א מיינונגס־אויסטויש, בעת וועלכן אייניקע אנטיילנעמער האבן ארויסגעזאגט דעם געדאנק, אז אונזער היסטאריע ווייסט נישט צו דערציילן פון א עובדה, אז א יידישע קהלה זאל ארויסגעבן דעם שונא אן עדה פון יידן אויף צו פארניכטן זיי, שטיצענדיק זיך אויפן רמב״ם וועלכער האט אונז געלערנט, אז אפילו איין מענטש טאר מען נישט אויסליפערן צום טויט און אודאי נישט א גאנצע געמיינשאפט, הגם עס דראט א סכנה דער גאנצער שטאט, — נעמט דאס ווארט ווידער מערין, זייענדיק אויפגערעגט, דעריבער טאקע האט ער גערעדט אין א שארפן הויכן טאן:

— „פיל געזונט האט עס מיך געקאסט, אז כ׳זאל אויסהערן רוהיק מיינע פאררעדנער און זייערע קינדערישע אויספירונגען. אונז, יידן, האבן תמיד געפעלט מנהיגים, וואס זאלן דענקען פאליטיש־רייף, מיט מוט און שוווּנג. תמיד זענען מיר געווען פארטון אין רבנישער פאליטיק, ווו מיר האבן באוויזן געניג בקיאות. אין יעדער שטאט אין שטעטעל זענען פארגעקומען לענגערע קריגערייען איבערן כסא־רבנות, וועלכע האבן פארשלונגען אונזער גאנצע געזעלשאפטלעכע וואכזאמקייט, פארנאכלעסנדיק וויכטיקע פראבלעמען לטובת דעם כלל. און אויב איך, וואס כ׳האב איבערגענומען מיט א שטארקער האנט דעם רודער פון אונזער פאליטיק, קום צו אייך מיט געזונטע געדאנקען און פלענער, געפין איך נישט צווישן אייך קיין פארשטענדעניש צו דער זאך. וועמענס פארדינסט איז עס, ווען ביי אונז הויבט מען ערשט אן צי רעדן וועגן דער אויסזידלונג, בעת עס זענען שוין לאנג אויסגעזידלט געווארן די יידן פון דייטשלאנד, פון די אקופירטע לענדער און פון גובערנעמענט פוילן? ווען נישט די קלוגע פאליטיק פון דער צענטראלע אונטער מיין לייטונג, וואלט שוין קיין צייכן נישט פארבליבן פון זאגלעמביער יידן. יא. שוין לאנג דראט אונז די אויסזידלונג — כ׳בין זיך איצט מודה — וואס ס׳איז אונז געלונגען לעת־עתה אויסצומיידן, אבער איצט מוזן מיר זיך מיט דער פראגע ערנסט פארנעמען, ווייל זי איז אויך שוין ביי אונז אקטועל. כ׳האב זיך געוואלט מיט אייך, מיינע הערן, באראטן, און אנשטאט צו הערן פון אייך עפעס פאזיטיוועס אין דעם ענין, האב איך געמוזט געדולדיק אויסהערן במשך פון צוויי שעה נארישקייטן און דערצו האב איך נישט קיין צייט...״

„אנשטאט זיך צו פארנעמען מיט רעאלער פאליטיק ראט מען מיך, אז כ׳זאל איצט לערנען דעם רמב״ם און זיין תורה... דאס לאז איך איבער די ראבינער און אנדערע יידישע געלערנטע, ווייל דאס איז זייער פאך און באשעפטיקונג, אבער איך אלס פאליטיקער, מוז שטיין אויף דער וואך און היטן אונזערע אינטערעסן, באשר די ביז־איצטיקע פראקטיק האט באוויזן, אז אונזער פאליטיק איז געווען א ראציאנעלע וואס האט באמת געהאט ערשטקלאסיקע רעזולטאטן...״

„איר זענט אין דער מיינונג, אז אונזערע קהלות זאלן זיך דירעקט נישט פארנעמען מיט דער אויסזידלונג. איבערלאזענדיק דאס דער דייטשער מאכט. כ׳וואלט באגאנגען די גרעסטע נארישקייט, הערנדיק אייערע עצה. וועלכער מיושבדיקער פאליטיקער וואלט געקענט באשליסן, אז מיר זאלן זיך פארלאזן אויף דער דייטשער מאכט גופא, אז זי זעלבסט מיט אייגענע הענט, זאל מאכן איבער אונז אן אפעראציע? אין אזא פאל זע איך איין אונזער באלדיקן סוף. כ׳האב נישט קיין ברירה און כ׳מוז זיך מיט דער אויסזידלונג באשעפטיקן, הגם כ׳ווייס, אז דאס איז נישט קיין דאנקבארער און פאפולערער וועג, אבער כ׳מוז אויף דעם וועג גיין״.

„איך זעלבסט וועל מיט דער אויסזידלונג אנפירן, — רופט ער אויס מיט א גרעסערן פאטאס — אויך ווען איר אלע זאלט זיין קעגן מיר, אפילו מיינע נאנטסטע חברים אין דער ארבעט. די היסטאריע וועט משפט׳ן ווער פון אונז האט געהאט רעכט...״

נאך דער דאזיקער רעדע האט שוין מער קיינער נישט גערעדט, איינזעענדיק אז יעדעס ווארט איז איבעריק און צוועקלאז. קיינער איז שוין נישט ביכולת איבערצוצייגן מערינען, אז זיין וועג אויף וועלכן ער גייט איז א פאטאלער. פאלשער און סכנות׳דיקער.

דער דירעקטאר דרייער, דער „פראטעקטאר״ פון זאגלעמביער יידן און דער „פריינט״ פון מאניעק מערינען און פרוי טשארנא. האט דעם 4־טן אויגוסט, 1943, מודיע געווען דער דייטשער צענטראלער מאכט פאלגענדעס:

„זינט נעכטן דעם 3.8.1943, איז מיין קרייז אפגערייניקט געווארן פון די יידן. מיט דער ליקווידאציע פון יידישע פארמעגנס באשעפטיקן זיך די שטאט־ראטן פון סאסנאוויץ און בענדין, וועלכע כ׳האב באאויפטראגט צו ירשענען די יידישע מיאנטקעס. לשם איינפאר־

# אן א היים*

אָן אַ היים און אָן אַ דאַך —
געוואַנדערט האָבן מיר אַגאַנצע נאַכט,
נישט געוווּסט ווּ אַהין,
וואָס וועט זיין אונזער ציל.

אויף דעם „פונקט" האָט מען אונז צוזאַמענגענומען,
אין מיט אַ קייט פון פּאָליציי ס. ס. אַרומגענומען;
און ווי לאַנג נאָך וועט דויערן אונזער פּיין,
דאָס גיהנום ערגער קען דאָך שוין נישט זיין!

אָן אַ היים און אָן אַ דאַך — — —

קיין ברויט — קיין וואַסער געגעבן,
געהאַלטן האָט מען אונז, אַ טאָג און אַ נאַכט
די קינדער פון די מאַמעס אַוועקגעריסן,
און זיי ערגעץ־ווּ פאַרשלעפּט.

אָן אַ היים און אָן אַ דאַך . . .

מען יאָגט אונז — מ'פּלאָגט אונז,
און נעמען מאַטערט אונז,
אין אַזוי ציט מען אַרויס פון אונז דאָס בלוט,
אוי! אוי! דאָס בלוט — אוי — אוי! דאָס בלוט!

ווייל אָן אַ היים און אָן אַ דאַך — — —

אויף דעם זאַמעל „פונקט" האָט מען אונז געטריבן,
און ווי די שעפּסן אונז געקליבן,
און פון די עלטערן אַוועקגעריסן
האָט מען אונז יוגנט אין די לאַגערן געטריבן.

אָן אַ היים און אָן אַ דאַך,

געוואַנדערט האָבן מיר אַ גאַנצע נאַכט,
נישט געוווּסט ווּ אַהין
וואָס וועט זיין אונזער ציל.

*) דאָס ליד געשאַפן דורך אן אומבאַקאַנטן מחבר דעם 12־טן אויגוסט אויף דעם אויסזידלונג־פונקט, שפּעטער געוואָרן געזונגען דורך אלע אין געטאָ און אויך אויפן וועג צום גירוש.

# אברהם בלאם / מיין תפילה

— צו מיין יוגנט־שטאָט — בענדין.

גאָט. טו געדענקן די העלע נשמות
וואָס שוועבן אין אומרו אויף ווייסטע אומוועגן
וואָס זענען געלייטערט געוואָרן אויף שייטער
אין פוילישע לאָנען און ליטווישע שטעגן.

גאָט! טו געדענקן די נעכט פון קאַשמאַרן,
אויגען ווי היילן, הערצער־רואינען
גופים ווי ווערבעס, בינטלעך פון ביינער
(געבליבן איז קיינער, געבליבן איז קיינער...)

גאָט! טו געדענקען געוויין פון די קינדער
אין אָרעמס געפּרעסטע וואָס זוכן די ברוסטן
(ווי וואַנדער אין מדבר דעם לאַגל, דעם לאַגל,)
אין טונקל פון וועלדער, אין סלאַווישע קוסטן.

יזכור! עס העלט שוין די זון אינעם מאָרגן
אויף גרוזן פון שטיינער אויף חורבות פון היים,
(און עס בליט נאָך דער אומעט אין אונדזערע הייזער,
אויף ווענט וויגן שאָטנס, אין מאָך הילט די שטיין).

יזכור! זאָל אויפגיין געבעט מיינס אין הימל
מיין תפילה ברבים, מיין פליסטער בחשאי,
אין זכות פון מיין ליידן וואָס שטאַמט פונעם חוזה,
מיט שמחה אויף לעפּצן פלעגט טראָגן זיין ווײ.

יזכור! פאַרטרוקנט איז קוואַל פון די טרערן,
און הארץ פליסט ווי קריעס אייז אינעם ווינט
(זיי זענען געגאַנגען אין ריי ווי די לעמער,
צוזאַמען דער טאַטע, די מאַמע, דאָס קינד).

גאָט! טו געדענקן די העלע נשמות
וואָס זוכן די רו אין דיין מלכות פון לויטער,
וואָס האָבן געהייליקט דיין שם בטהרה,
אין פלאַט פון עקדות און קאַמער פון גאַז.

— — — — — — — — — — — —

עס האָבן געקלונגען שוין גלעקער פון פרילינג,
עס לויכטן די פאַקלען פריי און בונטאַר,
ביי אונדז הויערט נאַכט אין אונזערע שטובן.
ווי ביסטו פאַרהוילן? גאָט — דו מיין האַר!

מאַציע זייל איך דערמאַנען, אז אין מיין קרייז זענען געווען אין יאָר 1939 איבער הונדערט טויזנט יידן, פון וועלכע פופצן טויזנט יונגע מענטשן, מענער און פרויען, זענען געוואָרן איינגעגלידערט אין דעם „אַרבעטס־איינזאַץ" און די אַנדערע אכציק טויזנט יידן זענען געוואָרן ליקווידירט דורך אויסזידלונג".

(אַ פריי איבערזעצטער קאַפּיטל און עפּילאָג דורך מ. האַמפּעל פון פּוילישן בוך PLOWA BESTIA (די „בלאָנדע חיה", פון ד"ר פּיוּול ווידערמאַן, מינכן, 1948).

# מ. צאנין / זאגלעמביער קהילות אין אומקום

צווישן די קוילן־שאכטן, אייזן־גיסערייען און הויכע פאבריק־קוימענס אין דאמבראווער באסיין האט זיך געפונען א צענדליק ריינע יידישע קהילות, ווו דאס יידישע לעבן איז געוואקסן מיט דער אנטוויקלונג פון דער שווערער אינדוסטריע אין די שטעט פון אויבערשלעזיע.

אין שכנות פון די גרויסע פאבריקן איז אויסגעוואקסן א יידישע לייכטע אינדוסטריע, וואס האט פראדוצירט מלבושים און וועש, זאקן, שיך, פאראסאלן און טריקאטאזש. אין סאסנאוויץ, ווי אין בענדין זענען שטארק געווען די יידישע פאזיציעס אין דער ווירטשאפט. יידישע דאקטוירים, אדוואקאטן, לערער, גייסטיקע ארבעטער. פופציק פראצענט פון דער יידישער באפעלקערונג זענען געווען ארבעטער און האנטווערקער.

אין די דאזיקע שטעט, וואס צוליב זייער נאענטקייט צו איינאנדער מאכן זיי אייגנטלעך דעם איינדרוק פון א ריזיקן צוזאמענעם כרך, אין וועלכן עס האבן געלעבט העכער זעכציק טויזנט יידן (? די רעד.) — איז דאס יידישע לעבן געווען נאך רעשיקער נאך וואלקאנישער, ווי אין אנדערע יידישע שטעט.

בענדין און סאסנאוויץ האבן דער יידישער ליטעראטור געגעבן עטלעכע טאלאנטפולע שריפטשטעלער, צווישן זיי מאקס ע ר י ק, עסייאיסט און היסטאריקער פון מערב־אייראפעאישן סטיל. עריק איז אומגעקומען אין ראטן־רוסלאנד.

ווען איך בין איצט געקומען קיין סאסנאוויץ, בענדין און קאטאוויץ און מען האט מיר געוויזן אין וואס פאר־א בנינים עס האבן זיך געפונען די יידישע געזעלשאפטלעכע און צדקה־אינסטיטוציעס, האט זיך קוים געגלויבט, אז דאס איז ווען עס איז ווירקלעכקייט געווען. יידישע שולן, שפיטעלער, קינדער־היימען, קלובן, מושב־זקנים און אלץ מיט אזא רחבות און פארנעם, ווי די יידן וואלטן זיך דא געגרייט אויף אן אייביקייט. אפילו די יידישע פראלעטארישע פארטייען זענען דא געווען באזארגט מיט גוטע לאקאלן, מיט ביבליאטעקן און פאריינען, נישט ערגער פון די פוילישע; סאסנאוויץ און בענדין זענען געווען פעסטונגען פון פראלעטארישע סאציאליסטישע באוועגונגען מיט א גרויסן חלוצישן עלעמענט, וואס האט אין די געטאס געשאפן און אנגעפירט די אונטערערדישע באוועגונג.

דער דאזיקער יידישער רוישיקער באסיין איז פאקטיש חרוב געווארן מיטן מאמענט, ווען די דייטשע ארמיי האט פארנומען דאס **פוילישע אויבערשלעזיע.**

קיין סאסנאוויץ זענען די דייטשן אריין דעם פערטן טאג נאכן אויסברוך פון דער מלחמה, דעם 4־טן סעפטעמבער 1939. אין דעם טאג האבן יידן געגעבן די ערשטע בלוט־קרבנות און זיי האבן שוין מער נישט אויפגעהערט צו געבן קרבנות ביז דעם גאנצן אומקום פון דער סאסנאוויצער און בענדינער קהילה.

דעם צווייטן טאג נאך זייער אריינקומען האבן די דייטשן דורכגעפירט די ערשטע „אקציע" פון אפגאלן די יידן די קעפ, כדי מען זאל זיי דערקענען אין די גאסן. מיט עטלעכע טעג שפעטער האבן זיי אונטערגעצונדן די שולן. די טעגלעכע צעשיסונגען און דאס טרייבן די יידן איבער די גאסן האט באלד אין די ערשטע טעג מאראליש דערשלאגן די יידן. אין דער בהלה זענען פון דאנען אנטלאפן די יידן, וועלכע זענען געקומען אהער פון מיעכאוו, וואלבראם און אלקוש. א גרויסער טייל פון דער יוגנט איז אנטלאפן אויף מזרח, צו דעם סאוויעטישן טייל פון פוילן. די אויסרויבונג פונעם יידישן פארמעגן און דאס אנשליסן די געביטן אינעם דייטשן רייך האבן געגנצלעך צוגעצויגן דעם שטריק אויפ'ן האלז פון די יידישע קהילות.

דא האבן די דייטשן פון אנהויב קיין געטא נישט געשאפן, אבער דאס נישט זיין אין געטא האט זיך פארוואנדלט אין א פינצטערער קללה פון כסדרדיקע נגישות און באליידיקונגען. דאס טרייבן מחנות יידן צו דער סאוויעטישער גרענעץ, דאס ארויסווארפן יידישע קינדער פון שולן, די ספעציעלע ערטער פאר יידן אין טראמווייען, דער פארבאט צו קומען אין עפנטלעכע ערטער און צו גיין אין די אווענטן אין גאס, די ספעציעלע שעהן, ווען יידן מעגן קומען אין די אמטן — דאס אלץ איז געווען די פסיכישע צוגרייטונג צום שפעטערדיקן טאטאלן מארד פון די יידן אין סאסנאוויץ, בענדין און אין ארומיקע שטעטלעך.

איבער די דערשלאגענע יידן איז באשטימט געווארן צו קיניגן דעם טרויעריק־בארימטן מאניעק מ ע ר י ן. מיט זיינע הענט האבן די דייטשן אנגעהויבן פארניכטן די יידן. ער איז געווען דער, וואס האט די דייטשן צוגעשטעלט „סעלעקטירטע טראנספארטן" פון יידן קיין אשוויענטשים. צום ערשט די ארעמסטע, די ארבעטלאזע, שפעטער יתומים, אלמנות, קראנקע פון שפיטאל, יידן פון אנדערע קהילות. דער גערמאנישער מולך האט געפאדערט מער און מער קרבנות און מערין האט געליפערט צו טויזנט, צו צוויי טויזנט און צען טויזנט. די אויוונס אין אשוויענטשים האבן ברייט צעעפנט די טירן פאר די יידן און מאניעק מערין האט געליפערט פולע צוגן.

ווען אויף דער פארשטאט פון סאסנאוויץ — און שראָדולאַ, זענען געשאפן געווארן צוויי געטאס פאר די יידן פון סאסנאוויץ און



מען גייט איבער אין געטא.
עוקרים לגיטו.

* א קיצור פונעם קאפיטל „סאסנאוויץ—בענדין—קאטאוויץ" פון בוך „איבער שטיין און שטאק" פון מ. צאנין, פארלאג „לעצטע נייעס", תל־אביב, 1952.

בענדין, האבן זיי שוין געוווּסט, אַז דאָס קלייבט מען זיי בלויז צונויף, כדי עס זאָל לייכטער זיין פון די דאָזיקע געטאָס צונויפצו־שטעלן טראַנספּאָרטן קיין אַשוויענטשים.

דורך דער אונטערערדישער באַוועגונג פון די דריי ציוניסטישע גרופן: השומר הצעיר, הנוער הציוני און גורדוניה איז מערין פאַר־משפּט געוואָרן צום טויט. די יידישע קויל האָט אים נישט דערגרייכט. שפּעטער ווען ער האָט שוין געהאַט כמעט אויסגעליידיקט די געטאָס האָבן אים די דייטשן אָפּגעדאַנקט פאַר זיינע „לייסטונגען" מיט פאַר־שיקן אים קיין אַשוויענטשים. אַהין, וווּ ער האָט די רוצחים מיט־געהאָלפן אויסליפערן די יידישע קהילות פון דאָמבראָווער ראַיאָן.

אַכט אויסזידלונגען זענען די געטאָס אויסגעשטאַנען. מאַנכע האָבן אַכט מאָל איבערגעלעבט דעם טויט ביז דער ווירקלעכער איז געקומען.

אין דער ערשטער אויסזידלונג ווערן יידן אַריינגענאַרט דורך ספּעציעלע אויפּפאָדערונגען געשיקטע דורך דער יידישע קהילה. די אונטערערדישע באַוועגונג וואָרנט די גרופּענע נישט צו שטעלן זיך אויף די באַשטימטע פּונקטן. אַ טייל יידן שטעלן זיך נישט. דער טראַנספּאָרט ווערט קאָמפּלעטירט מיט אַנדערע יידן ביי דער הילף פון מאַניעק מערין.

די צווייטע אויסזידלונג אין יוני, 1942, איז שוין מער נישט קיין באַהאַלטענע. מען זאָגט שוין נישט, אַז די אויסגעזידלטע פאָרן אויף אַרבעט. די קרבנות זענען דאָס גאַנצע אָרעמקייט און די שפּי־טאָל־קראַנקע, וועלכע ווערן אַרויסגענומען פון די בעטן און אויס־געלייגט אויף פּלאַטפאָרמעס. מיט דעם „טראַנספּאָרט" ווערן אויך מיטגענומען אַכציק קינדערלעך פונעם יתומים־הויז, די יונגסטע עופעלעך ביז 5 יאָר. צוזאַמען צוויי טויזנט נפשות.

איצט האָבן שוין יידן אַנגעהויבן גלויבן, אַז די קלאַנגען וועגן די גאַז־קאַמערן זענען ריכטיקע. אָבער די דייטשע טעכניק פון איינ־שלעפערן די אויפמערקזאַמקייט פון אירע קרבנות האָט טויזנטער מיטלען און עס געלינגט די דייטשן צונויפצורופן דעם 12־טן אויגוסט, 1942, 26.000 יידן, וואָס אַ דריטעל פון זיי גייען אַוועק קיין אַשוויענ־טשים אין די שרעקלעכסטע מאָראַלישע און פיזישע ליידן. אויך דאָס מאָל האָט די אונטערערדישע באַוועגונג געוואָרנט די יידן נישט צו שטעלן זיך, אָבער די מאַסע האָט נישט געגלויבט.

די אונטערערדישע באַוועגונג איז באַשטאַנען פון יוגנט פון ציו־ניסטישע גרופּן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דער איינצי־קער וועג, וואָס פירט צו רעטונג, אויב עס איז איבערהויפּט פאַראַן אַ רעטונג, איז — קאַמף. נאָך דעם, ווי מרדכי אַנילעוויטש, דער קאָמענדאַנט פונעם וואַרשאַווער געטאָ־אויפשטאַנד באַזוכט זאַגלעמביע, באַקומט די דאָרטיקע אונטערערדישע באַוועגונג נייעם שוווּנג. זי אַפּעלירט צו די יידן, זי אַפּעלירט צו די פּאַליאַקן. איר טעטיקייט איז אָבער באַשווערט, זי האָט קעגן זיך דעם יידענראַטלער מאַניעק מערין, וואָס זיין שטאַב פון פּראָוואָקאַטאָרן און אַגענטן פאַרפאָלגן די אונטערערדישע באַוועגונג. ווען די יידן ווערן איינ־געקלעמט אין געטאָ, ווערט איר טעטיקייט נאָך שווערער. די יוגנט שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום געפאַר. זי דרוקט אויפרופן נישט בלויז צו דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אַפילו צו די דייטשע פראָנט זעלנער און די אויפרופן ווערן אַריינגעלייגט אין די שיך, וואָס זענען באַשטימט געשיקט צו ווערן פאַר די דייטשע אַר־מייען אויפ'ן פראָנט.

די בעסטע זין פון דער באַוועגונג פאַלן אַריין אין די הענט פון געסטאַפּאָ און קומען אום. דער העלדישער צבי דונסקי, וואָס האָט געזאָלט צוזאַמען מיט נאָך צוויי חברים אויספירן אַן אַטענטאַט אויף מאַניעק מערין, ווערט דערשאָסן נאָך שרעקלעכע פּייניקונגען. ליפּאַ מינץ ווערט פאַרשלעפּט און אומגעבראַכט אין אַשוויענטשים. עס קומט אום די העלדישע העלאַ שאַנצער.

עס איז נישטאָ קיין רעטונג פאַר די זאַגלעמביער יידן. שוואַך און מאַכטלאָז איז די אונטערערדישע באַוועגונג קעגן דער שרעק־לעכער דייטשער מאָרד־מאַשין. פון די געטאָס ווערן אַרויסגעריסן לעבעדיקע שטיקער און מיט זיי גייט אַ טייל פון דער אונטערערדי־שער באַוועגונג, בעת אַנדערע ווערן פאַרפּייניקט אין די אַרבעטס־און קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דייטשלאַנד.

**יהודה פעפער**

## אויף ברידער קברים

א ווייזיק פעלד ערשט געשניטן די תבואות,
וועה האָט עס מיט אָפענע קברים פאַרזייט?
אָן תכריכים, אָן קדיש, קיין שלוכץ, קיין טרער
אָן ודוי, אָן טהרה, אָן לויה־באַגלייט...

אויף ברידער־קברים כ'האָב קריעה געריסן,
אין פינסטערער נאַכט דאָ שבעה געזעסן.
ווי שוואַרצע קראָען מיט קראַ־קראַ געלעכטער,
האָבן ס'פלייש פון פאַרבלוטיקטע קעפּ געפרעסן.

פאַרוואָס לייכסטו לבנה און פינקלט איר שטערן?
איר מאַכט ליכטיק אין נאַכט פאַר קראָען דאָס שפּייז?
און לאָזט פרעסן נאָך וואָרעמע געהירן
פון ברודער און שוועסטער, פון קינדער און גרייז.

אַשאַ, אַשאַ בלוטיקע קראָען, אַוועק!
אַוועק פון הייליקן אָרט אין פינצטערער נאַכט,
לאָזט רוען אונזערע טייערסטע קדושים
ביים שיין פון לבנה אין בלוטיקן פּראַכט.

הימלען פאַרכמאַרעטע פאַרשליסט די טויערן!
וואָס קומערט אייך מיין ביטערע צער און וויי?
אַז קינדערס געוויין און תפילות פון מוטער'ס
דערגרייכן צו אייך ניט, צו גאָט סיי־ווי־סיי.

אַשאַ שוואַרצע קראָען פון מאַמעס קערפּער,
פליט צו די הימלען, טוט זיי צעפּראַלן,
צעשנאַבלט די שטערן די זון און לבנה
זאָלן זיי פאַרלאָשענע אויך צו ערד פאַלן.

אין שאָטן פון ווילד־געוואַקסענע ביימער,
האָבן עמלק'ס ברידער־קברים פאַרזייט,
אָן תכריכים, אָן קדיש, קיין שלוכץ, קיין טרער,
אָן ודוי, אָן טהרה, אָן לויה־באַגלייט.

* געדרוקט אין אָרגאַן פון פּוילישן יידנטום אין דייטשלאַנד „איבערגאַנג", מינכן דעם 10.8.1947, צום פערטן יאָר־טאָג פון דער אַלגעמיינער אויסזידלונג פון בענדין און זאַגלעמביע.

שלמה גראסמאן

# דורות...

(בילדער אין פערזן)

געווען ביי אונז א שטאט בענדין
אזוי ווער דערציילן א פאטער זיין זון
אפגעשטאמט פון גאר אן אלט יחוס
מיט א חורבן־שלאס פאר היסטאריע־זוכערס.
און א טייכל —
וואס איז געשוווּמען א מאל קיין פרייסן,
אין געפירט פון אונטער קראקע
דעם זאלץ דעם ווייסן —
האבן זיך טאקע אונזערע אבות באזעצט ארום דא
געהאנדעלט און געבוירן קינדער מיט נחת און רו,
און אט אזוי —
האבן זיי אכט הונדערט יאר געלעבט ארום דעם שיינעם
שלאס אן זארגן,
געבויט און געשאפן פאר זייערע דורות א מארגן.
ביז —
אנגעפאלן איז פרייסן
אויף אונזער שטעטל בענדין,
און אפגעמעקט זיין נאמען
פאר וועמען?... פאר וואס?...
און אפשר... ווער ווייסט,...
פון גאט א גזר דין?...
און היינט —
געבליבן זיינען מיר דא
נאר איינצעלנע זאנגען,
וואס זאלן דערמאנען
אין א „יזכור"
אין ווייטאג קלאנגען
געדענק!
ווען דו ווילסט געפינען דיין בענדין
זאלסטו פארן גלייך אהין,
דארט —
אויף א הויכן בארג —
נישט ווייט פון אלטן מארק
רוען זיי אלע, —
אין א טיפן שלאף
רייען גאנצע, גוף־ביי־גוף;
זיידעס, באבעס, פון פארצייטן,
מיט נחת כבוד פון אלע זייטן
טאטעס, מאמעס, טעכטער, זין,
דארטן טרעפסטו דיין בענדין.
און דו שמועסט מיט מצבות־שטיינער,
און עס ענטפערט דיר דארט קיינער.
קומען דיר פרערן אין די אויגן
און דו זעסט ווי דורך א רעגן־בויגן...
די גאנצע שטאט צוריק אויף איר ארט
נישט קיין חלום — זיי לעבן פארט —
אלע דורות לויט דער ריי
גייסט דו דארט דורך זיי פארביי
ביז —
דו קומסט צו דער שענסטער צייט,
פון זיין געבוירן שוין באגלייט,
ווו —
עס קלינגט דיר נאך ביז היינט אין אויער:
„לאאפן, קאאפן,[1] פאכן טויער"[2]
ארום דעם אלטן שלאס אין מויער...
ביי נאכט — —
לויפן חדר יינגלעך מיט לאמטערלעך
די „גרייפלעך" „דאלקענס" „צימעס מערלעך"
זיידעס,
מאכן חתונה, אונזער מאמעס,
אויך מיר פיקן זיך אויס
קינדערלעך מיט פארשיידענע גאמעס
שוין נאכן טויער,
און הויכע הייזער
און ס'קלאפט א נייע צייט דער ווייזער —
לעבן זיך דריי דורות.
פול מיט האפנונג זייער שעה
אין אלע עקן פון דער שטאט:
אין דעם אלטן מארק, אין נייעם מארק,
אין דער יאטקע גאס, ארום דער שול ביים בארג
פארבויט די גאנצע דאמבראווע־גאס
שוין פול מיט הייזער די סטאציע־גאס,
און אויך די אלטע מאנדזשעווער־גאס
ביי דער קאלע, און נאך דער קאלע,
פון אלט בענדין ביז העט שראדולע,
דורך די „קאמיאנקער" און אפילו „ווארפיעס"[3]
ביי די „פלאנטן" ווו די „קאזע"[4]
„בוקאווינא" „מאלאבאנדז" „גראבלעס"[5]
ביים קארדאן, ביז העט קא גזשיכעוו,[5]
אין דער אונטערן בערג מיט בענדינער שנארערס,
קאטאריניאזשעס — כאטעס — נארעס,
און עס בויט זיך פון אלע זייטן,
פון נגידים גרויסע מיט שיינע פלויטן,
און עס שפראצט דארט אויף גאר א ניי לעבן
פון דעם דריטן דור, מיט פראגרעס־שטרעבן...
און ליידער...
ביי דעם פלוצימדיקען חורבן
זענען אלע דריי דורות אויסגעשטארבן...
גייען זיי דא שטיל פאר מיינע אויגן
אלע, אלע איינגעבויגן — — —
דו!
קוק ביייזאם זיך איין מיט מיר

1 רעדנס־ארט פון די אלטע בענדינער; 2 די נייע טייל שטאט פון קאלאנטאיא האט געהייסן „פארן טויער".
3 בענדינער פארשטאט; 4 דאס ארעסט הויז; 5 נעמען פון בענדינער קווארטאלן.

זעסט!
בלויז בענדינער אָן א שעור:
וחום צוקערמאן מיטן ריפסן קאפל, —
ישעיהו ראטנער מיטן קידוש־ווייַן,
הענדל נונבערג מיטן נגידיש־געוגל, —
בלומעלע סענדערס מיטן לאנגן הוף,
דוד׳ל זמיגראד מיט סאנדערס־הייזער,
יענקל גוטמאן דער אייזן־קייזער,
שמעון פירסטענבערג מיט מיליאנען וויאדרעס,
יאש סאנטשעווסקי, דער „יידיש רעדער״,
יחיאל ווינער מיט דער מקווה,
פייגעלע־חוה׳לעס מיטן „טריאגאלניק״,
איטשע קויפמאן מיט דער קארסא,
סערצאזש, הערציגער — קוימענס־ביר,
פינטשעווסקי מיט א זון א דאקטער,
פאטאק מיט זיין קאקאס־פוטער,
חיים דוד ראזענבלום מיטן „הזמיר״ —
און אזוי פיל שיינע בעל־הבתים אין דער מיט
גייען נאך טריט ביי טריט . . .
*
ווייטער זעסטו:
חיים דוד גראסמאן דער פלומפן־מאכער,
הערשל רעטמאן מיט עלעקטריטשנע לעמפלעך,
דער בלינדער „יומע״ זאלוזיע־שלאסער,
דער גאלדענער שניידער, דער זילבערנער שניידער,
אויך מיין זיידע הלל שניידער,
שוסטער, בלעכער, סטאלערס אין איינעם,
גייען צוויי מחנות, צוויי פאראיינען — — —
און נאך זיי —
שמואל יידל, מאנטאג, די מיידלעך־לערעס,
פינק מלמד מיט זיין חדר
מאנדעלקארן, שאנצערן,
די „נאוסיטשעלקעס״ פון אונזערע מאמעס,
באיארסקי דער „אדנאקלאסנע־גאראדעסקע״ לערער,
הילשטיין מיטן „פאנדאמיניוס״,
בלומענפרוכט. כוואס, קאיטען־פארקויפער,
און שפיגעלמאן רעדאקטאר פון „טעלעפאן״ —
אלע זיי מיט קאליגראפיע געהאט צו טאן,
קוק ווייטער! . . .
פעטל עפעל־פלאץ מיט בלויז עקלעך,
ביילע דאבעס מיט ביליקע־זיפן,
בארסקי מיט די אויסגעלעקטע טעלער,
מענדזילע מיט די פרישע־בייגל,
רבקה חוה גליקס מיטן לעקעך־קוכן,
און אזוי פיל נעמען, דו ווערסט מיד פון קוקן.
איצט זעסטו קומען אן
די פאפולערסטע טיפן פון אונזער שטאט:
משוגענער מרדכי דער „אייטשישו־זינגער״,
משוגענע שרה וואס לויפט אין די גאסן,
איוואן סטראלאי גייט אהין און אהער,
מויטע מיטן טיפן קאפעלוש,
וואוועלע „ס׳איז נישט אנגעריסט ס׳איז בלויז האר״ . . .
„קליין גערשעלע״ מיטן ציגאר אין מויל,
אנשל דרייקאפ טראגט דאס טהרה־ברעט,
און א הוף־זינגער מיטן „העמערל, העמערל קלאפ״,
שטעלן צוזאמען אונזער משוגענעם גענעראל־שטאב . . .
*
יעצט
דערפילסטו קארבאל ריחות,
געוועזענע מענטשן מיט קרענק א שייכות,
לאזער זעליג — דער קנאבעל דאקטאר,
חאמל פעלדשער מיט דריי טאצן,
הארטמאן מיטן גרויסן אויער,
קזשימאווסקי מיט די קליינע הינטלעך,
און נאך זיי אין ווייסע קיטלען:
דענגל, ווייניציהער, וואסערצווייג,
ד״ר פערל וואס רעדט בונדיסטיש,
זיספעלד דער פעלדשער פון שפיטאל,
אלע פון אונזער שטאט א מאל — — —
*
די זון אין הימל שוין לאנג פארגייט,
און דער סוף איז ווייט נאך ווייט . . .
דאן לעגסטו א שטיין,
אויף זייער רעשט־געביין,
און ווענדעסט דיין בליק
פון דעם הויכן בארג,
דורך דער טשעלאדזשער בריק,
און שוועבסט, אן איינזאמער,
דורך שטומע גאסן.
הייזער — ביימער
און דיין —
בית־עולם שטאט אן מתים
וואס זענען פארשלעפט געווארן,
אן תכריכים, אן טליתים,
פון געטא שראדולע
וואגאנען געפאקטע . .
און דורך קוימענס אלס קדושים
און די טיפע הימלען פארשוווּנדן,
איבערלאזענדיק
די וינדיקע וועלט
אויף דור דורות — — —
זייער איינציק ירושה געלט:
בלויז שיך צעריסענע,
האר בלאנדע און גראע,
זעקלעך פארפלעקטע מיט בלוט,
און ביי די פרלאשענע אויוענס —
בערגלעך מיט אש דארט צושיט . . .
האבן מיר,
דעם אש אלס זכר
אין אייגן לאנד פארהייליקט:
געווען א יידישע שטאט בענדין —
יתגדל ויתקדש . . .

# ד״ר ע. רינגעלבלום / נאטיצן פון ווארשעווער געטא

מיר ברענגען דא אייניקע אויסצוגן פון עמנואל רינגעלבלום'ס נאטיצן געשריבן אין געטא ווארשע און האבן א שיכות מיט אונזער שטאט. נישט געקוקט וואס די ידיעות זענען נישט גענוי, שטימען זיי בכלל מיט דער ווירקלעכקייט. באזונדערס אינטערעסאנט איז די כאראקטעריסטיק פון מאניעק מערין, און די באמערקונג „עס האט אים צוגעשפילט דאס גליק אין א סך פאלן”. יא, מ. מערין איז אזוי לאנג געלונגען ווי לאנג ער האט געהאט צו געבן די דייטשן אלץ וואס זיי האבן פארלאנגט, גאלד, זילבער און אויך מענטשן קרבנות. און ווען מערין האט מער גארנישט געהאט צו געבן האבן אים גלייך די דייטשע פארברעכער ליקווידירט.

דער פאקט וואס רינגעלבלום דערמאנט, אז מערינען איז געלונגען איבערצוזידלען 6 טויזנט יידן אין אשוויענטשים מיט זייער מעבל, איז נישט זיין פארדינסט. די דייטשן זענען געווען פאראינטערעסירט ריין צו מאכן דעם אשוויענטשימער קרייז כדי אויפשטעלן דעם דורך זיי צוגעגרייטן פלאץ פון פעלקער־מארד און די גאז־אויוונס. ריכטיק איז דער פאקט, אז מערין האט געוואלט ווערן דער „פירער” פון פוילישן יידנטום, צוליב דעם איז ער געווען אין ווארשע און לאדזש, קאנפערירט מיט רומקאווסקין, אבער די דארטיקע יידנראטן האבן אים, מיט דער הילף פון זייערע דייטשע פריינט, נישט צוגעלאזט.

די רעדאקציע.

**דעם 26—27 1940 נאטירט עמנואל רינגעלבלום אין זיינע נאטיצן פון ווארשאווער געטא:**

**„געהערט א אינטערעסאנטע כאראקטעריסטיק פון דעם מלך מ. (מערין) ער איז געווען פאר דער מלחמה א שטיקל יורד. פאליטיש זיך איבערגעווארפן פון איין זייט אויף דער צווייטער. א געוויסע צייט א רעכטער פ. צ. דערנאך א ציוניסט. געווען א געוויסע צייט אן אנהענגער פון הרב האמער[1] תמיד געווען א פאליטישער שתדלן. געשפילט אין קארטן און פארשפילט א סך געלטער. געגט זיך מיט דער פרוי, פאר דער מלחמה אנגעהויבן זיך רעהאביליטרן. אין דעם טאג ווען געקומען די אשכנזים (דעם 4 סעפטעמבער) קיין ס. (סאסנאוויץ) האט מען אלע יידישע מאנסבילן אין עלטער פון פערצן ביזן טיפן עלטער צונויפגענומען אין א קעלער אונטערן ראטוש. די ענגשאפט דארט געווען א מוראדיקע, פון די מענטשן זיך געגאסן דער שווייס עמערווייז. ווען עס וואלט נאך געדויערט א האלבע שעה וואלטן אלע דערשטיקט געווארן. מענטשן געווען גרייט אויפצורייסן די וואסער קאנאלן, כדי דערטרונקען צו ווערן. ענדלעך ארויסגעלאזט און איבערגעטראגן אין דער האלע. דארט אויסגעשטעלט די יידן צו 6 אין א ריי, געזאגט, אז די יידן האבן געשאסן אויף די אשכנזים פון די פענצטער. אפגעשארן די בערד און פאות, געשיקט אכט פריזירער נאך די מכשירים און געדראט די יידן, אז אויב זיי וועלן נישט קומען אין פופצן מינוט, וועט מען אויסשיסן די זיבן יידישע אינטעליגענטן, וועלכע זענען אוועקגעשטעלט געווארן צו דער וואנט, אויסגעדונגען ענדלעך אויף א האלבע שעה. די מענטשן שוין געמאכט א חשבון הנפש, יענע רעפעטירט דאס כלי־זין. אין די לעצטע מינוטן די פריזירער געקומען צו לויפן. ביי זיי דעם שווייס גערינען פון די פנימער, אזוי ארום געראטעוועט געווארן, געווען אין לאגער נאך עטלעכע טעג און דערנאך פאמעלעך באפרייט. צום ערשט די בעל־מלאכות, דערנאך אנדערע אין משך פון דריי־פיר טעג פארלוירן איבער צען קילא, אויסגעזען ווי א האלב טויטער. דארט נהרגו שלש מאות יהודים, אין סאסנאוויץ ווייסט מען נישט צו וועמען געהערט דער איינפאל פון די גאלד און זילבער שפענדונג. געווען חשדים, אז דער מלך (מערין רעד.) עס געמאכט. די פוילן האלטן דאס נישט פאר פאסיק, אבער די יידן אויסגעטייטשט, אז דאס דארף פארהיטן פאר רדיפות. די בוכונג פון די באשטייערונגען פון דעם מין א פראבלעם. אין בענדין ווערט עס נארמאל געבוכט. דער מלך, א ווארעם יידיש הארץ. אים זייער גוט אויפגענומען אין מעריש־אסטראוו און פראג[2]. אים געגליקט צו באפרייען די יידן פון מעריש־אסטראוו פון דעם לאגער אין ניסקא, נויטיק געווען דער שטח פאר אן אנדער צוועק, דעריבער אנטקעגן געקומען דער בקשה וועגן באפרייען די יידן פון לאגער. עס האט אים צוגעשפילט דאס גליק אין א סך פאלן. דאך האלט מען, אז צוליב עמיגראציע גרייט צו טאן אלץ און נישט אפשטעלן זיך פאר גארנישט. באמיט זיך לעצטנס וועגן א באפולמעכטיקונג פון די ווארשעווער עסקנים מסתמא נויטיק אים צוליב די דייטשע יידן וועלכע פרעגן: „מה שמך”. לעצטנס זיך קאמפראמיטירט צוליב דעם צוזאג וועגן צוואנציק טויזנט סערטיפיקאטן און פון דעם זיך אויסגעלאזט בוידעם. דאס האט שטארק אפגעשוואכט זיין פאזיציע, דאך אים געלונגען אפצוהאלטן אויף עטלעכע חדשים דעם גירוש־שלעזיע. איצט דעם 26 אפריל דארף דאך פארקומען א גירוש פון ריבניק, אדערבערג, און אנדערע שטעט פון מזרח קיין סוכא, טשעבינא, זאוויערצע. טויזענטער יידן דארפן פארלאזן זייערע היימען. מלך מ. וויל איצט אריבערפארן קיין קראקע און ווערן דער מלך איבער דער גאנצער גובערניע און בכלל איבערן אלטרייך מיטן פראטעקטאראט. מען האט זיך מצד די פוילן ארויסגעזאגט קעגן דעם מלך מ. אין פלוגבלעטל געשריבן וועגן אים און זיין סיסטעם.**

**דעם 8 .28 1940 פון לאדזש באקומען א ידיעה אז מערין זאל ווערן דער אויבערהאר איבער דער לאדזשער געטא.**

**15.1.1941. היינט דעם פינפצנטן יאנואר אנגעקומען די ידיעה וועגן דער אויסווייזונג פון הונדערט פופציק טויזנט יידן פון סאסנאוויץ און בענדין. הם חפצים שאנחנו נעשה את הדבר ובתנאי הזה יהיה האפשרות להציל את הממון של האנשים האלה. דאס איז אן עיקר פראגע. צי זאל מען מיט אייגענע הענט טון אזא זאך.**

**פעברואר 1941. אין בענדין, סאסנאוויץ נעמט מען געלט מיט דער הילף פון „שלעפערס” וואס באזעצן די דירה פון דעם באשטייערטן, ביז וואנען מען באצאלט נישט די פולע סומע.[3]**

**17.4.1941. געווען די טעג מערין. מען האט אים אויפגענומען ווי א מלך, אין טעאטער האבן אים די ארטיסטן באגריסט. אויך ר. מנחם מנדל (קירשבוים?) האט אים פארגעשטעלט פארן עולם. א נייער אויסלייזער פון יידישן פאלק! אין בענדין, סאסנאוויץ געלונגען אויסצומיידן דאס געטא א דאנק זיינע באמיונגען. די שטערבלעכקייט דארט קלענער ווי פאר דער מלחמה, נישטא קיין בעטלער אין די גאסן. מערין האט אין א קורצער צייט ארגאניזירט דאס איבערזידלען 6 טויזנט יידן פון אשוויענצים און סביבה, די יידן האבן אלץ מיטגעברענגט מיט זיך אפילו מעבל. די דירות פראגע איז געלעזט געווארן אויף אזא אופן, אז אין יעדער שטוב זענען אריינגעזעצט געווארן פליטים.**

1 א טעות געמיינט הרב הגר.
2 מערין געוואלט ווערן דער „פירער” פון די טשעכישע יידן.
3 דער יידנראט האט אריינגעזעצט שטראף־קאמאנדעס אין די וואוינונגען ווו עס איז נישט געווען באצאלט די פולע סומע פון די דורך זיי ארויפגעלייגטע שטייערן. (רעד.).

י. אברהמי (לוסטיג)

# דער קבר

איך זע נאך די גאסן
פארשאטן מיט שניי,
איך פיל נאך די בלומען,
וואס בליען אין מאי,
איך בענק נאך מיין שטעטל,
מיין וויג און מיין היים . . .

*

ווען עס וואלט געווען א קבר,
פון מיין טאטן־מאמען,
א בית־עולם פון שטעטל,
פון קדושים צוזאמען,
לייכטער וואלט מיר געווען.

ווען עס וואלט געבליבן
א שטיין, א צייכן,
א בלום, א בוים,
נאך זייער ליידן,
לייכטער וואלט מיר געווען.

נישט די ערד
קען איינזאפן די טרערן,
נישט דער הימל
וועט שטילן דעם ווייטיק,
וואס קען קיינמאל אויפהערן.

יזכור נאכן טאטן,
און יזכור נאך דער מאמען,
יזכור נאכן אש
און יזכור נאך פלאמען . . .

מיין הארץ פארפייניקט
ווייטיקט אין מיין לייב,
און עס וויינט זיך
און עס בענקט זיך
נאך מיין היים, מיין היים . . .

איך זוך אומעטום —
אין מדבריות, אין טייכן,
נישטא קיין זכר,
נישטא קיין צייכן!

יזכור נאכן טאטן,
יזכור נאך דער מאמען,
יזכור נאך קדושים
נאך אש און נאך פלאמען.
. . . זייער קבר בלייבט אין מיין הארץ . . .

מעלבורן, 1958

יהודה פעפער

# לאָזט מיך פריי*

קייטן פאַרזשאַווערטע בינדן מיינע פיס,
קלינגענדיק ברענגען זיי אַ טרויעריקן גרוס,
פון קנעכטשאַפט, פון צאָרן און פינסטערן פּיין,
פון אַ קער מיט דער האַנד: יאָ, צי נישט זיין . . .

אויסגעגלאָצטע אויגן ווילד פינקלען פון שרעק,
אָט גיי איך שוין דאָס מאָל מיין לעצטן וועג?
מיט מערדערישער הנאה, איין בליק פונם האָר
איז גענוג צום פאַרשרייבן מיט בלוט מיין גזר:

צו מאָרגן אָדער היינט נאָך וועט ברענען מיין גוף?
אין דער לופט וועט זשומען אַ שמע־ישראל רוף,
פון חבר'ס אויגן וועט זיך קייקלען אַ טרער
די נאַכט וועט פאַרגיין, מיין קויקע וועט זיין לער,
און מאָרגן וועט קומען אַן אַנדערער ייד,
און זינגען אויף מיין קויקע אַ טרויעריק אַ ליד.

נאָר נקמה האָט מיר האָפנונג געגעבן און מאַכט,
פאַרגיין וועט דאָס אַלעס אין אַ פינצטערער נאַכט,
און אויפגיין וועט טאָג מיט זיין שטראַלנדער זון,
און מאַי וועט טריומפירן: אַלעס אַרום גרין!

אין פרילינג פון פרייהייט, אין פרילינג פון גליק,
מיט געביילטע פויסטן אויף צוריק כ'וואַרף מיין בליק,
כ'דערמאָן זיך מיין קויקע און שבועה נאָך נקמה,
די שבועה בעת מאַמעס יציאת נשמה.

דער איינציגער צוזאָג וואָס עגבערט מיין מוח,
ווען פון העליש פייער געבליבן איז רויך,
ווען נשמות פון קוימען צו הימלען טאַנצן,
און אַ טרער נאָך כוח אין אויג האָט צו גלאַנצן.

אוועק פון פיס מיינע, פאַרזשאַווערטע קייטן,
אַ סוף מאַכט צו יענע פינסטערע צייטן,
לאָזט מיך מיין מאַמען — איר ברענגען נחמה,
עס צאַפּלט מיין הארץ נאָך הייליקער נקמה.

*) געדרוקט אין „אונזער שטימע" בערגן־בעלזן, 17.3.46;
און אין „אונזער וואָרט", זאַמבערג, דייטשלאַנד, 29.3.46.

# שמואל קליינמן / געווען א פאדזאמטשע גאס (הינטערן בארג)...

איינס פון די אינטערעסאנטע געסלעך אין בענדין איז געווען די פאדזאמטשע גאס, אדער ווי מ'פלעגט זי רופן „אונטערן־בערג"; אויב בענדין האט זיך לעצטנס צעוואקסן, און ס'זענען אנט־שטאנען נייע גאסן און די אלטע זענען אויפגעפרישט און איבער־געבויט געווארן און ס'זענען צוגעקומען נייע מאדערנע הייזער, — איז דאס פאדזאמטשע געסל פארבליבן אין איר אלטן טיפיש־פרי־מיטיוון סטיל, מיט איר האלב־דארפישן אויסזען. א לאנג שמאל געסל, קליינע הייזקעס מיט שינדעל דעכער, א טייל פארקרימטע און קרישעלדיקע פון אלטקייט. א טייל ווינונגען האבן זיך גע־פונען אין טיפע קעלערס, וווּ ווינטער איז געווען נאס און פייכט, און זומער איז קיין זונען־שטראל דארט נישט אריינגעקומען. דא האבן געוווינט יידן און קריסטן פון דור דורות הארמאניש צוזאמען.

דער גרעסטער טייל איינוווינער פון געסל זענען געווען הארע־פאשניקעס, טרעגער, שניידערס, סטאלערס, שוסטערס, און סתם ארעמע ארבעטער — וועלכע האבן געארבעט שווער און ביטער צו 16 שעה א טאג אויף חיונה. דא האבן געוווינט די אזוי־גערופענע „ארעמעלייט" — בעטלערס, קונצן־מאכער, קאטארינקאזשעס מיט די פאפאגייען. דא האבן נאך געוווינט יידן וועלכע האבן געדענקט דעם פוילישן אויפשטאנד פון 1863.

ווינטער איז דאס געסל געשלאפן, א דאנק די בלאטעס וואס זענען דארט געווען, וועלכע האבן אויסגעטריקנט ערשט הארט פאר פסח. דאמאלסט האט דאס געסל אויפגעוואכט. קליינע כאפטעס קינ־דערלעך זענען דארט געווען א סך. זומער פלעגן די קינדערלעך זיך געפונען אין גאס. דאס ווייסן די הייזלעך מיט ווייסן און בלאען קאלך, האט אנגעזאגט, אז דער פרילינג איז געקומען. די זון איז צוגעקומען ביז צום פענסטער, און דאס געסל האט אויפגעלעבט. די שארפע לופט פון די לאנקעס און פון טייך, אונזער פשעמשא, האט ארויסגעצויגן די איינוווינער פון די קעלער־שטיבלעך. אויך די תושבים פון דעם צווייטן טייל שטאט האבן זיך אנגעהויבן באוויזן אין געסל, אין די אווענטן פלעגט די יוגנט קומען זיך אדורך־שיפען אין די לאַדקעס, העט־ווייט צווישן די גרינע פעלדער, ווייט אויסער די שטאט.

דאס געסל האט זיך געצויגן פון באזיקאווסקיס וואסער־מיל ביז דער באן־פלאנטע ביי פירסטענבערגער גימנאזיע, פון איין זייט די גורקא און פון די צווייטער זייט די פשעמשא; אויף דעם אפענעם בארג „גורקע", פלעגט די פארטייאישע יוגנט האלטן דיסקוסיעס, זיך געהיצט און געאמפערט וועלנדיק איבערצייגן איינער דעם צווייטן, געפירט שמועסן וועגן קונסט און ליטעראטור, און ווען די נאכט איז צוגעפאלן פלעגן די גרופן אנהויבן זינגען לידער, און לויט די לידער האט מען געוווּסט ווער ס'איז די גרופע; אט דארט זינגט די ציוניסטישע יוגנט ציון־לידער, פון דער צווייטער זייט זינגען די בונדיסטן רעוואלוציאנערע לידער, פון א דריט ווינקעל הערן זיך די פאלקס־לידער פון ראזענפעלד, רייזן, אנסקי. און דאס געזאנג האט זיך געטראגן אין דער טונקלקייט פון דער נאכט ווייט, ווייט, און ווי א עכא זיך אנגעשלאגן אין די קליינע הייזקעס פונ'ם געסל, און זיס איינגעדרימלט אירע איינוווינער נאך דעם שווערן אר־בעטס־טאג. דארט אויפ'ן בארג, צווישן גרויסע שטיינער, פלעגן פאר־ליבטע פארלעך זיך שווערן אייביקע ליבע. און יאסל דער שטאט־שדכן פלעגט טאקע זאגן, אז דער בארג איז זיין גרעסטער קאנקורענט...

א באזונדער וועלט איז געווען די געשלאסענע „גורקע", ווו מ'האט געמוזט צאלן איינטריטס־געלט. דארט האט זיך געפונען דער היסטארישער שלאס מיט א הויכן רונדן טורעם — געשטיצט דורך דריי דיקע מויערן. און ווען מען עס געלינגט זיך ארויפצובאקומען אויף דעם דריטן מויער, האט פאר זיך דעם גאנצן פייזאש פון דער שטאט, די צווי בריקן איבער דער פשעמשא און די וואסער־מיל, ווו דאס וואסער האט זיך געריסן און געבייזערט, דא האט מען געזען ווי די פשעמשא שלענגלט זיך צווישן די גרינע פעלדער, ביז די דאמבראוואר קוילן־גרובן. אין דעם טייל בארג פלעגן קומען גאנץ אנדערע מענטשן; דא איז געווען שטיל רוהיק; דא פלעגט מען זיצן אויף די בענק און לייענען א בוך. דא פלעגט א בחור, אין געהיים פאר די עלטערן — זיך לערנען און גרייטן צום עקזאמען. מיט איין ווארט — די אפענע און די פארמאכטע „גורקע" זענען געווען דאס וויגעלע פון דער בענדינער יוגנט — א יוגנט אוניווער־זיטעט, ווו זי האט זיך דערצויגן, געלערנט דענקען און געחלומ'ט וועגן דער צוקונפט.

*

. . . אפריל 1946. אונזער טראנספארט שלעפט זיך פון ווייטן רוסלאנד. ענדלעך אדורך די פוילישע גרענעץ. מיר זענען אין מיסלאוויץ. דער טראנספארט בלייבט שטיין עטלעכע שעה. איך בא־שליס באזוכן מיין היים, מיין געסל. דורך שאפעניץ—סאסנאוויץ פאר איך מיטן טראמוואי קיין בענדין. איך גיי איבער דער שטאט. איך זוך א ייד — לויטער קריסטן — מאלאכאווסקי—קאלאנטאיא, — דער אלטער מארק, היימישע גאסן, אבער דאך פרעמד. איך זוך דעם גרויסן בית־המדרש, די שול, אלץ חורבות. דער קאפ איז שווער, עס שווינדלט פאר די אויגן — ווייטער, שנעלער! דא ביים בארג האט געזאלט שטיין ראובן ליוועס הויז. אלץ חורבות, קיין סימן פון אלע געסלעך ארום דער שול. אט איז די פלאמפ, וואס האט גע־האט א שם מיט אירע ריינעם קרישטאל־וואסער, דא האבן חסידים גענומען וואסער אויף מצה־שמורה. איצט שטייט זי איינזאם, דאכט זיך ווי דאס וואסער וואלט דארט אויסגעטריקנט... אט איז דער לינת־חולים — וואס פאר א שטילקייט הערשט דא! איך דערנענטער זיך צו אונזער הויז פאדזאמטשע 34, דא האבן מיינע עלטערן פאר־בראכט די לעצטע נאכט. איך עפן אויף די שווערע טיר פון הויז אין בלייב שטיין — גארנישט געבליבן, אפילו קיין פענסטער, אפילו די ברעטער פון דער פאדלאגע, די קאפלעס פון אויוון, אלץ ארויס־געשלעפט .דא האבן די שכנים גערויבט... א שווייס באגיסט מיך...

נישטא מער דאס פאדזאמטשע געסל מיט אירע הארעפאשנע יידן, און מ'וועט שוין מער נישט הערן דאס הויכע געזונטע רעדן פון די בענדינער „באכמאנעס" (טרעגערס). די ברוינע נאצישע חיה האט אלץ אויסגעריסן מיטן ווארצל...

# משה בנימין קליינמאן / א טראגישע רעליגיעזע קהלה

סוף מאי 1945... ווי ערשט פון בוימער־געפאלענע הארבסט־בלעטער וועלכע ווינד האט אויף איין פלאץ צונויפגעטריבן, האבן זיך געבליבענע רעשטן פון אכט־הונדערטיאריקן יידישן קבוץ אין בענדין, ווידער צונויפגעזאמלט אין „זייער" בענדין. זיי האבן געחלומט צו טרעפן נאנטע און ווייטע און צוריקאויפבויען די שיינע יידישע בענדינער וועלט, וועלכע איז אין פייער און אין רויך אוועק אויף אייביק... די אומגליקלעכע רעשטן האבן פארגעסן א נאטור־געזעץ, אז א בוים וועלכער איז אויסגעריסן געווארן מיטן ווארצל, קען מען נישט פארפלאנצן פון דאסניי דורכן פארפלאנצן פארוועלקטע הארבסט־בלעטער...

בענדין, אט די חסידיש־סוחרישע שטאט, וועמענס הייזער, געשעפטן, בענק און פאבריקן זענען געווען עכט יידיש, וועמענס שבת איז געווען כולו קודש, אויף שריט און טריט האט זיך געפילט די הערשאפט פון שבת מלכתא געצירט אין זיידענע בעקעשעס, סאמעטענע היטלען און חסידישע שטריימלען, — האט א אנדערן פנים באקומען. פון אמאליקע יידישע פענצטער בליקן ארויס צלמים. אויף די נגידישע יידישע באלקאנען פאסן זיך ציגן און מעקן ארויס זייערע צונגען צו דעם ביסל יונגלעך און מיידלעך וועלכע דרייען זיך היימלאז אויף די יידן־פוסטע גאסן מיט אויסגעשטארטע אויגן פול בענקשאפט און צער...

עס האבן יידישע דיכטער אין פוילן געזונגען אז די וויסל רעדט יידיש און ראמאנטישע בענדינער יוגנט האט געחלומט, אז די פשעמשאַ רעדט אויך יידיש, אבער די יידן זענען אוועק און מיט זיי איז אין פלאמען אוועק זייער שול, זייער בית המדרש, זייער תלמוד תורה, מקואות, שטיבלעך און אלע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס; אבער די פשעמשאַ איז געבליבן און נישט איינגעטריקנט פאר פראטעסט, ווייל די פשעמשא איז געווען פויליש און געבליבן פויליש, ווייל די ערד איז געווען פויליש און אלעס וואס איז געשטאנען און געבויט געווארן אויף אט דער ערד איז געווען און געבליבן פויליש, נאר מיר, אונזערע עלטערן און זיידעס האבן זיך טראגיש טועה געווען...

צו די איינצעלנע מענטשן וועלכע זענען שוין געווען אין בענדין זינט דער פוילישער באפרייונג — יאנואר 1945, זענען אין מאי צוגעקומען נאך יחידי סגולה וועלכע זענען ערשט באפרייט געווארן פון די קאנצענטראציע לאגערן. די אלע מענטשן וועלכע זענען געקומען פון די קאנצענטראציע־לאגערן זענען געווען באדענלאז, דאכלאז און אויך היימלאז, האבן פשוט נישט געוווסט וואס צו מאכן מיט זיך, ווו ס'פירט זייער וועג ווייטער און ווי אזוי ווייטער צו בויען זייער לעבן. עס האט עקזיסטירט א יידישער קאמיטעט, אנגעשלאסן אין צענטראלן ווארשאווער קאמיטעט, געגרינדעט און אונטערשטיצט דורך דער פוילישער רעגירונג. דער דאזיקער קאמיטעט האט זיך אייגענטלעך פארנומען נאר מיט סאציאלע און ערשטע הילפס־ארבעט, יעדן געקומענעם געגעבן עטלעכע זלאטעס און חינעמדיקע מיטאקן. וווינונגען האט כמעט קיינער נישט געהאט. דער ארטיקער סטאראסטע האט פאר די דאזיקע צוריקגעקומענע מענטשן צוגעטיילט עטלעכע צימערן אין הויז פון יחיאל ווינער, און דארט האבן די מענטשן „געלעבט" א לעבן פון אויסגעשפיגענע וועמען די וועלט האט אויסגעשפיגן, בלויז דערפאר ווייל זיי זענען יידן.

עס איז נישט געווען קיין צייכן פון געזעלשאפטלעכן יידישן לעבן. טרעפן אט דאס ביסל יידן האט מען געקענט ביז 12 מיטאג אין די הקדש־בעטלאך, אין די עטלעכע צימער פון יחיאל ווינערס הויז, אדער שפעטער שטיין אויף דער מאלאכאווסקי גאס ביים הויז פון קאמיטעט, שמועסנדיק און ווארטענדיק, נישט וויסנדיק אויף וואס. די דורכגייענדיקע גויים האבן צוגעווארפן בייזע שנאה בליקן דעם ביסל יידן, באדווערנדיק, פארוואס עס איז די דייטשן, מיט זייער מיטהילף, נישט געלונגען אויך די דאזיקע יידן צו ליקווידירן; זעלטן האט זיך געטראפן א גוי, וואס האט די אומגליקלעכע צוגעווארפן א שמייכל...

דרכי ההשגחה נסתרות הן, — האט די השגחה געוואלט, אז איך מיט מיין פרוי זאלן בלייבן לעבן אין די קאנצענטראציע־לאגערן, און אויך מיר זענען נאך דער מלחמה צוריקגעפארן קיין בענדין, זוכן אייגענע קינדער, שוועסטער־ברידער און קרובים, אבער קיינעם פון דער אייגענער נאענטער משפחה נישט געפונען, נישט קיין לעבעדיקן און נישט קיין קבר ווו א טרער צו לאזן, קיין לעצטן גרוס נישט געקענט געפינען, און קיין לעצטן קרעכץ פון שטיין און מויער נישט געקענט דערהערן, בלויז ריח פון שריפה האט אנגעפילט די לופט...

צוריקצובויען יידיש־בענדין האבן מיר מער נישט געטראכט, אונזערע פיס האבן נישט געקענט טרעטן אויף דער ערד דורכגעווייקטע מיט הייליק־בלוט. מיר האבן געוווסט אז מיר מוזן אוועק. דער כלומרשטער שותפות־גורל צווישן יידן און פאלאקן האט זיך פאר אונז טראגיש געענדיקט אויף אייביק, אבער עטלעכע יאר וועט נאך בענדין בלייבן א טרעף־פונקט פאר די רעשטן פון בענדינער יידנטום, צי קענען אט די יידן איבערגעלאזן ווערן אויף הפקר אָן די עלעמענטארסטע יסודות פון יידישקייט, אָן א שול, אָן כשרות, אָן א נארמאל יידיש פאמיליען־לעבן, אָן קאנסטרוקטיוון ווידעראויפבוי פון יידיש לעבן, אָן צוגרייטונגען צו א נארמאל רעליגיעז־נאציאנאל מענטשלעך לעבן אין ארץ ישראל, — צו זאלן מיר טאקע דערלאזן, אז יעדע שפור פון מאראל זאל פארשווינדן און דעמאראליזאציע זאל אויפפרעסן דאס דאזיקע רעשטל יידן?

מיר האבן דעריבער באשלאסן צו ארגאניזירן א רעליגיעזע יידישע קהלה, א המשך צו דער טויזנט־יאריקער יידישער גלות־געשיכטע, וואס האט געהיטן און דערהאלטן דעם יידישן פאלק.

די ערשטע שריט זענען געווען — דאס ווענדן זיך צום סטאראסטע, אז ער זאל אונז צוטיילן עטלעכע צימערן צו דעם צוועק אין אמאליקן פאטאקס־הויז (שפעטער פאליטיינסקעס). באקומענדיק צוגע־



גרינדער פון דער רעליגיעזער קהילה נאכן חורבן בענדין יולי 1945.
עס זיצן פון לינקס אויף רעכטס: משה הערשפינקעל, יודל סטופניצקי, י. ל. רודאל, הרב יצחק פאראסאל, פארזיצער מ. ב. קליינמאן, סעקרעטאר וואלדמאן. עס שטייען: ניימאן, יעקב אייזנבערג, ל. מערין.

מייסדי הקהילה הדתית לאחר חורבן בנדין.

טיילט די דאזיקע צימערן, האבן מיר געגרינדעט מיט דער הילף פון דזשאינט א וועד הצלה, א כשר'ע קיך, ווו יעדער האט באקומען אומזיסט כשר עסן; דער דאזיקער פלאץ איז אויך פארוואנדלט געווארן אין א בכבודיקן צוזאמענטרעף־ארט פאר אלע אײנזאמע דערוואקסענע יתומים; עס איז איינגעארדנט געווארן א לעזע־זאל, ביבליאטעק, די שבת'דיקע סעודות זענען געפראוועט געווארן געמיינזאם, פאמיליאר, אינטים, מיט זמירות און שמועסן וועגן פרשת השבוע. לאנגזאַם האבן זיך די דאזיקע אומגליקלעכע דערמאנט אין זייערע אמאליקע היימען, און זיי האבן אנגעהויבן טראכטן מיט נארמאלע מענטשלעכע און יידישע קאטעגאריעס. מיר האבן אנגעהויבן אויסלייזן יידישע קינדער וועלכע טאטע־מאַמע האבן פאר זייער אומקומען געוואלט ראטעווען, איבערגעבענדיק זיי צו באקאנטע קריסטן. מיט דער הילף פון הרב אברהם ע נ ג ל א ר ד שליט"א, דער זון פון סאסנאוויצער רב ר' ישעיהו הי"ד, האבן מיר ווידער אויפגעבויט די בענדינער מקוה, וועלכע האט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע היגיענישע און עסטעטישע איינריכטונגען. מיר האבן איינגעארדנט א ביורא מיט ספעציעלע באאמטע, וועמענס אויפגאבע ס'איז געווען צו זארגן און צו העלפן אין אלע היגזיכטן די וועלכע האבן זיך נאר גענויטיקט אין הילף. ר' יצחק פאראסול (היינט אין ירושלים) האט איבערגענומען די אויפגאבע פון סידור חופה און קידושין. מיר האבן זיך געווענדעט צו די שוין־עקזיסטירענדיקע יידישע רעליגיעזע קהלות אין לאדזש, קראקא, ווארשא, און פארגעשלאגן צו שאפן א שותפותדיקע ביורא פארן אויפנעמען גביית־עדות וועגן אומגעקומענע, פון די לעבנגעבליבענע אין קאנצענטראציע לאגערן און צוריקקערנדיקע פון רוסלאנד, וויסנדיק אז די אלע וועלן זיך ווידער ארויסלאזן וואנדערן איבער דער וועלט און טויזנטער פרויען וועלן בלייבן עגונות. אבער ווען די אויבנדערמאנטע קהלות האבן דעם פארשלאג — צוליב אומפארשטענדלעכע טעמים — נישט געוואלט אננעמען, האבן מיר — די איינציקע ווארשיינלעך קהלה אין דער גאנצער וועלט — געעפנט אזא ביורא אין בענדין. מיר האבן געגרינדעט 2 רעליגיעזע קיבוצים, פון פועלי אגודת ישראל און הפועל המזרחי — ביי דער מיטהילף פון זייערע צענטראלעס, ווו די מענטשן האבן באקומען די נויטיקע גייסטיקע און געזעלשאפטלעכע הכשרה פאר זייער עליה קיין ארץ ישראל; די דאזיקע קיבוצים זענען געווען א מוסטער אין אלע היגזיכטן. מיר האבן אין איינעם פון די זאלען געגרינדעט א בית המדרש צום דאווענען און לערנען, וועלכער איז ווידער פול געווארן מיט מתפללים, דער קול תורה איז ווידער געהערט געווארן אין דער לומדישער חרוב־געווארענער בענדין.

זעענדיק, אז שחיטה איז, ליידער, פארגעסן געווארן ביים רוב יידן אין בענדין, האבן מיר געזוכט וועגן ווי אזוי צוריק צוגעוויינען די דאזיקע יידן; מיר האבן דאמאלסט געבראכט דעם שוחט ר' אליהו גד פון סאסנאוויץ (היינט אין חיפה), עטלעכע מאל אין דער וואך קיין בענדין; גלייכצייטיק האבן ארויסגעשיקט א ספעציעלן שליח, וואלף שווייצער (היינט אין חיפה), אין אלע יידישע שטובען צו נעמען די עופות צו שחיטה, נישט נעמענדיק קיין שחיטה געלט, און אלעמען א היים געשיקט די געשאכטענע עופות; מיר האבן געמאכט תפילין, און געטיילט אומזיסט סדורים און אנדערע תשמישי קדושה. חתונה געמאכט יתומים מיט יתומות בכבוד און כדת משה וישראל.

אויך א פאל פון מגייר זיין איז דאמאלס פארגעקומען אין בענדין. מיר האבן זיך דערוווסט, אז א בענדינער יידישער יונגערמאן — פאר דער מלחמה אפילו א חסידישער, וועלכער איז געראַטעוועט געווארן דורך א קריסטן אין אויבערשלעזיען, האט צוגעזאגט דער דאזיקער קריסטן וועלכע האט, אגב, אויך געהאט א טאכטער, מיט איר חתונה צו האבן. האבן מיר דעם דאזיקן יונגערמאן איינגעלאדן אין ביורא. דערוויסענדיק זיך פון אים, אז די קריסטלעכע פרוי וויל זיך מגייר זיין, האבן מיר זי איינגעלאדן, אויפקלערענדיק איר אלע דיני ישראל. זי איז געווען גרייט מקבל זיין אלע דיני ישראל. דאן האבן מיר זיך געוואנדן צו דער גרעסערער קראקאווער רעליגיעזער קהלה, מיט דער בקשה, אז זיי זאלן די דאזיקע פרוי מגייר זיין. באקומענדיק אבער א תשובה, אז זיי האבן דאס מורא צו מאכן, ווייל דער דאמאלסדיקער געזעץ האט דאס נישט דערלויבט, האבן מיר עס אין בענדין אליין דורכגעפירט. מיר האבן פארשטאנען, אז אויב מיר וועלן דאס נישט מאכן — וועט דער דאזיקער יונגערמאן חו"ש נישט ביישטיין דעם נסיון, און אויך אנדערע קענען גיין אין אט דעם וועג. מיר וועלן דאמאלס קומען צו א לאגע, אז וואס חורבן און שריפה האבן איבערגעלאזט, וועט שמד אויסענדיקן...

אונזער ארבעט איז פארצווייגט געווארן און האט זיך אויסגעברייטערט. פון א סך שטעט און שטעטלעך זענען געקומען עסקנים זען אלעס וואס מיר האבן געשאפן, זען ווי־אזוי מיר האבן באזונדערע איברים פארוואנדלט אין א אינטימע משפחה, צוריקגעבענדיק די אלע מענטשן דעם פארלוירענעם צלם אלקים, מענטשלעך־יידישן שטאלץ און א געפיל, אז עס איז כדאי צו בלייבן לעבן...

אבער באנייטער אנטיסעמיטישער כוליגאניזם האט אנגעהויבן בושעווען אין פוילן. יידן זענען געמארדעט געווארן אויף די באנען און אין זייערע ערשט צוריק־געבויטע שטובן, אין דעם דערבייאיקן שטעטל טשעלאדז, איז טראגיש דערשאסן געווארן מיין קרוב גראסמאן הי"ד, ווייל ער האט געוואלט באקומען א קליינעם טייל פון זיין פאטערס פארמעגן. אויפן וועג פון לאדזש קיין קראקא זענען פון א גייענדיקן צוג ארויסגענומען געווארן 3 יידישע לעבנגעבליבענע בחורים, חברים פון א קיבוץ פון הפועל המזרחי, וועלכע זענען געפארן אויף א צוזאמענפאר קיין קראקא, און בעסטיאליש דערמארדעט געווארן. דער שטאב פון אנדערס ארמיי אין ענגלאנד האט מיט א ברייטער האנט געשטיצט די דאזיקע אנטיסימיטיש־כוליגאנישע באוועגונג מיט דעם אויסרייד, אז זיי קעמפן קעגן דעם לינקן רעזשים אין פוילן און קעגן רוסלאנד. די פוילישע רעגירונג איז געווען מאכטלאז, ווייל דער רוב פון פוילישן פאלק האט געשטיצט דעם אנטיסעמיטיזם. אויך דער שרייבער פון די שורות, וועלכער האט געוווינט ביי די מיליטערישע קאשארן אין בענדין, ווו עס האבן סטאציאנירט טויזנטער פוילישע זעלנער, איז צוויי מאל אפגעווארט געווארן דורך כוליגאנעס מיט רעוואלווערן אין די הענט און איז על פי נס ניצל געווארן פון טויט.

אין מערץ 1946 האב איך באקומען א עקספרעס בריוו ארויסגעשיקט פון קאטאוויץ און אונטערגעשריבן דורך אן אפיצער פון אנדערס באנדע, אז אין משך פון 48 שעה דארף איך פארלאזן פוילן, — אין קעגנפאל וועל איך דערמארדעט ווערן. די דאזיקע מערדערישע ווארנונג האט נישט איבערגעלאזט קיין שום ספקות, אז דאס ווייטערדיקע זיצן אין בענדין איז געפערלעך, און דער איינציקער וועג איז — פארלאזן וואס שנעלער פוילן, דעם טראגישן פאמיליען־קבר פון א דריטל יידיש־פאלק.

אבער די רעליגיעזע אינסטיטוציע האט שוין עקזיסטירט, און איז א ריי יארן געבליבן די היים און דערציאונגס־ארט פאר אלע צוריקוואנדערנדיקע בענדינער יידן, הויפטזאכלעך די פון רוסלאנד צוריקגעקומענע.

אין דער היסטארישער עפאפיי פון די יידישע קהלות אין גלות, וועט די דאזיקע קורץ־עקזיסטירנדיקע, טראגישע רעליגיעזע יידישע קהלה אויך פארנעמען איר באשיידענעם פלאץ.

# אליעזר מערין / נאך דער באפרייונג

איך, דער ערשט נישט־לאנג אנגעקומענער קיין ישראל, און מיינע ברידער, וועלכע זענען לעת עתה פארבליבן אין בענדין, זענען כמעט די איינציקע בענדינער תושבים, וואס זענען געבליבן לעבן, זייענדיק פארשטעקט און אויסבאהאלטן די גאנצע זעקס יאר פון דער מלחמה אין אונזער שטאט, וועמענס חורבן כ'האב, צו מיין פיינליכסטן ליידן, געזען מיט מיינע אייגענע אויגן.

אויך נאך דער באפרייאונג בין איך פארבליבן אין דער חרוב־געווארענער שטאט, וואס איז איצט לחלוטין „יודן־ריין", ביז כ'בין עולה געוועזן קיין ישראל, 1957, ווען ס'איז פארשטארקט געווארן די עליה פון די לעצט־פארבליבענע יידן אין פוילן, איינזעענדיק, אז זיי זענען דארט איבעריק און קענען זיין דער שעיר־לעזעזל, ווי תמיד, ביי יעטוועדער פאליטישער ענדערונג.

כ'האב נישט בדעה צו שילדערן כראנאלאגיש די געשעענישן אין בענדין זינט דעם אויסברוך פון קריג, 1.9.1939, ביז צום לעצטן גירוש, 1.8.1943, ווייל וועגן דעם איז שוין פיל געשריבן און גערעדט געווארן. ס'איז בלויז א מזל־זאך, וואס מיין משפחה איז ניצל געווארן פון דער קאטאסטראפע, און מיר זענען כמעט די איינציקע פון די זעקס טויזנט פארשניטענע יידישע משפחות, וואס בענדין האט געציילט פארן אומגליק.

אונז, מיינע ברידער און שוועסטער, איז געלונגען זיך אויסצובאהאלטן אויף בוידעמס און אין קעלערן, ווי די מייז אין די נארעס, ביי קריסטן, וועלכע האבן אונז גוט שאנטאזשירט און צוגענומען ביי אונז דעם לעצטן גראשן און ווערט־זאכן מיט וועלכע מיר האבן זיך געקענט אויסקויפן. מיר האבן געהאט דערביי גאר פיל גליק, וואס מ'האט אונז נישט אויסגעליפערט אין די הענט פון דער געסטאפא, וואס ס'האט באמת פאסירט מיט אנדערע פארשטעקטע פאמיליעס, ביי וועלכע מ'האט פריהער אלץ צוגענומען און דאן ארעסטירט און אומגעבראכט. טויט־שטראף האט געדראט יעדן קריסט, וואס האט ביי זיך אויסבאהאלטן א יידן, דאקעגן האט ער באקומען א פרייז־לוין, ווען ער האט א יידן פארראטן און געמסר'ט.

על כן האלט איך פאר א מאראלישן חוב צו דערמאנען לשבח צוויי ערלעכע קריסטן פון בענדין, די הערן פאוועל שולץ און מאַריאַן סטאנעק, פון די חסידי אומות העולם, וועלכע האבן נישט פארלוירן דעם צלם אלקים אין די מלחמה־יארן, ווען די עטיק און הייליקע מענטשלעכע ווערטן זענען געטראטן געווארן מיט די שמוציקסטע לאפעס פון דער נאצישער בעסטיע און דאס יידישע פאלק איז דערטרונקען געווארן אין א מבול פון בלוט. די צוויי טייערע פאליאקן, הגם זיי אליין זענען געווען נישט איינמאל אין לעבנס־געפאר, האבן אונז בייהילפיק געווען אין אן עת־צרה, נישט וועלנדיק די קלענסטע באלוינונג, און אונז געמונטערט, אז מיר וועלן באפרייט ווערן און זען היטלער'ס שווארצן סוף.

אויך דער בענדינער גלח פּראָבאָשטש זאַוואַדזקי האט זיך פארדינט אן עפנטלעכן דאנק פאר ראטעווען יידן בעת דער שרפה פון דער שול, וואס די דייטשע מערדער האבן אונטערגעצונדן אין די ערשטע טעג פון דער אקופאציע, און זיי אויסבאהאלטן אין דער קירכע.

דעם 27.1.1945 איז בענדין דעראבערט געווארן דורך דער רוסישער ארמיי, וואס האט מארשירט זיגעריש אויף בערלין. די דייטשן זענען אין א גרויסער בהלה שנעל אפגעטראטן פון דער שטאט, ניט באוויזנדיק אויסצורוימען די קראמען און מיטצונעמען די שטוב־זאכען, — דאס אלץ וואס האט געהערט אמאל צו אונז. די קריסטלעכע באפעלקערונג נוצט אויס דעם תוהו־ובוהו באפאלנדיק מיט גרויס חשק די אמאליקע יידישע, דורך די דייטשן רעקווירירטע וווינונגען און געוועלבער, ראבירנדיק יידיש האב און גוטס, וואס מיר האבן געגלויבט, אז נאך דער מלחמה וועט עס ווידער געהערן צו אונז.

די יידישע שטאט איז נישט צו דערקענען. די אמאל באוווינטע יידישע גאסן: פאדזאמטשא, זאוואלע, ריבנע רינעק, באזשניטשנא זענען לחלוטין אפגעמעקט געווארן נאך אין די קריגס־יארן, ווען מיר זענען פארטריבן געווארן אין געטא אויף דער קאמיאנקא און גרויס־שראדאלא. דאקעגן די הייזער אויף סאנטשעווסקעגא, קאלאנטאיא און א טייל פון מאלאכאווסקעגא זענען געשפאלטן און געפלאצט, אזוי אז מען מוז זיי אונטערשטיצן און אונטערהאלטן מיט אייזערנע פילארען, באשר ס'איז א סכנה, אז זיי זאלן איינפאלן, מחמת דעם, וואס די הייזער האבן זיך געזעצט און געזונקן, ווייל אונטער דער ערד פון די דערמאנטע גאסן גראבט מען גאר איננטענסיוו קוילן.

דער אפגערוימטער פלאץ, ווו ס'איז בשעתו געשטאנען די גרויסע שול, וואס איז אויך אוועק מיטן רויך בראשית פון דער מלחמה, דינט איצט אלס א צוטריט צו דער גורא־זאמקאווא, ווו ס'געפינט זיך דער שלאס, וואס איז לעצטנס געווארן רעסטאַווירט, אויפגעפרישט און פארוואנדלט אין א מוזיי.

אין בענדין באוויזן זיך נאכ'ן קריג די על־פי נס אפגעראטעוועטע יידישע איינוווינער, וואס קריכן ארויס פון די בונקערס, פון די באפרייטע קאצעטן און טויטן־לאגערן, און דאמאלסט ווערט אונז קלאר, אז גאר ווייניק, כמעט יחידים, זענען פארבליבן פון רבים...

כ'ווייס צו דערציילן פאקטן, ווען די ווייניק פארבליבענע בענדינער יידן, די רעשטלעך פון נישט־דערברענטע ברידער און שוועסטער, האבן זיך געמאלדן, קומענדיק אין שטאט, אויף דער פאליציי, בעטנדיק אן ארט צום איבערנעכטיקן און א דאך איבערן קאפ, וואס איז געווארן פון זיי צוגערויבט, — האט מען צו זיי געזאגט: וואס נאך וועט איר פאדערן פון אונז? אפשר זאל מען לכבוד אייך באפוצן די שטאט־טויערן מיט קרענץ?

דאס איז טאקע געווען באלד נאך דער באפרייאונג, אבער שפעטער האט זיך די באציאונג פון דער שטאט־מאכט צו אונז געענדערט לטובה. ס'איז געוויילט געווארן א יידישער קאמיטעט, וועמענס ציל און אויפגאבע איז געווען צו העלפן די אנגעקומענע לאנדסלייט מיט אלעם מעגליכן, אבער דער קאמיטעט האט אנטוישט, ווייל בתוכו זענען פארגעקומען אינערלעכע רייבונגען און שטרייטן צווישן די קאמוניסטיש־ און ציוניסטיש־געשטימטע מיטגלידער. ס'איז געווען, כ'לעבן א חרפה און א שאנד פאר די פוילישע רעגירונגס־ארגאנען, וואס האבן געטענה'ט: א הייפל יידן זייט איר פארבליבן און איר רייסט זיך צווישן זיך אזוי פיל ארום... היינט־צו־טאג איז אינם יידישן קאמיטעט קיין ציוניסט נישט בנמצא, ווייל די ציוניסטן וואס זענען דארט געווען לכתחלה פארטרעטן, און די אין וועמענס הערצער ס'האט נאך געטליעט א נאציאנאלער פונק, געפינען זיך איצט אין מדינת ישראל.

אינטערעסאנט איז, אז כ'האב זיך אין תל־אביב, ווו כ'געפין זיך ערשט אייניקע חדשים, אנגעטראפן אויך מיט אזעלכע בענדינער קאמיטעט־לייט, וועלכע האבן בשעתו געשאטן פעך און שוועבל אויף

די ציוניסטן און יידישן לאנד... קען מען דערגרונטעווען א יידישע נשמה ?...

ווען די גויים האבן דערזען אונז, די פאר נישטיקע אויסגעשעפטע פארבליבענע יידן, האבן זיי זיך איבערגעצלמט און התפעלותדיק געפרעגט, ווי מיר וואלטן אויפגעשטאנען תחית־המתים: „קאכאני באזשע, איר לעבט נאך ?...” זעט אויס, אז די פאר יידן זענען אויך געווען איבעריק אין זייערע אויגן און זיי האבן געוואלט פטור ווערן פון אונז, ווי אמשנעלסטן, ווארים אזוי ווייט איז דערגאנגען די אנגעזאמלטע שנאה צו יידן, וואס איז געווארן געפריידיקט, שעה איין שעה אויס, דורכ׳ן אבי אבות הטומאה.

לאנג האט עס נישט געדויערט און מיר האבן געפילט די רעזולטאטן פון דער דאזיקער שנאה, און זיי האבן אונז געדינט פאר אן התראה: צוויי יידישע בחורים פון טשעלאדז׳, וועלכע האבן זיך בדרך נס געראטעוועט פון די נאצישע פארטיליקונגס־לאגערן, שטייענדיק ממש אויפן ראנד פונם טויט, דער זון פון יאסעלע גראסמאן און דער זון פונעם בעקער געלבהארט, זענען דערמארדעט געווארן דורך פאליאקן.

בענדין איז פארוואנדלט געווארן אין אן עיר־המתים, אין א גרויסן בית־הקברות, נישט איבערלאזענדיק קיין שפור פון דער יידישער רומפולער טראדיציע פון דורות־לאנג. דער גורל האט געוואלט, אז אויך די שוכני עפר זאלן נישט האבן קיין מנוחה, ווייל די בתי־הקברות זענען חרוב געווארן און די ביינער — פאראקערט.

דער בית־החיים אויף דער זאוואלע־גאס איז איינגעלייגט געווארן לגמרי, און מיט די מצבות האט מען געפלאסטערט טראטוארן. פונם בית־עלמין ביי דער סטאציע האט מען ארויסגעריסן די מצבות און געגראבן שטיינער, פארנוצנדיק זיי פאר קאַלך, ווייל גאנץ נאענט געפינט זיך דער קאלך־אויוון, וואס האט פאר דער מלחמה אנגעהערט צום ה׳ פישל זיגרייך פון זאמבקאוויץ (היינט אין ישראל).

דאס לעצטע „גוטע ארט” אויף טשעלאדז איז געשענדעט געווארן לחלוטין. פארן קריג האט דער באקאנטער בענדינער נדבן יעקב גוטמאן געלאזט דארט אויפבויען א צוים, א ציגל־מויער פון דער הויפטזייט און א האלץ־צוים פון די אנדערע דריי — האבן עס קריסטן איינגעלייגט און פארנוצט פארן אייגענעם געברויך. די מצבות ווערן צעטראגן, קברים ווערן אויפגעגראבן, זוכענדיק ביי די מתים גאלדענע ציין. כ׳האב דאס אליין געזען.

בענדין ציילט היינט־צו־טאג א מנין יידן פון וועלכע בלויז אייניקע זענען פון די אלט־איינגעזעסענע און דארט געבוירענע. מיר האבן זיך ארומגעקוקט אויף וואס פאר א וועלט מיר זענען און האבן איינגעזען באשיינפערלעך, אז מיר מוזן פארלאזן פוילן. אייניקע האבן אויסגעוואנדערט מעבר לים אנדערע האבן געפונען זייער היים אין ישראל.

# מאטל גאלד / דער בענדינער פליטים־קאמיטעט פאר ארויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאנד

ווען דער היימישער און אימפארטירטער דייטשער אנטיסעמיטיזם האט שטארק געבושעוועט, אין 1938, אין סאנאציע־פוילן, איז די יידישע באפעלקערונג אויפגעציטערט געווארן פון אן אומגלויבלעכער ידיעה, — אז פוילישע יידן, וואס האבן זיך באזעצט אין דייטשלאנד, זענען אויף א גרויזאמען אויפן ארויסגעיאגט געווארן פון דייטשלאנד אויף דער פוילישער גרענעץ, געטריבן דורך אויפגעהעצטע הינט און אפילו שיסענדיק אויף זיי. די ידיעה האט געמאכט א פיינלעכן רושם אפילו אויף דער פוילישער שלעזישער באפעלקערונג, וואס האט ארויסגעוויזן א סך מיטלייד מיט די אומגליקלעכע יידן און זיי געקומען צו הילף אויף פארשידענע אופנים.

נישט קענענדיק דאמאלסט די היטלער־מעטאדן, האט קיינער נישט געקענט באגרייפן, אז די אויסזידלונג פון פוילישע יידן, וועלכע האבן לאנגע יארן געלעבט אין דייטשלאנד זאל אדורכגעפירט ווערן מיט אזא ווּט און פארנעם, און נישט רעכנענדיק זיך מיט דער געזעלשאפטלעכער מיינונג.

ווען די דאזיקע ידיעה איז דערגאנגען אין אונזער שטאט, איז לויט דער איניציאטיוו פונם קהלה־סעקרעטאר י. פרילעך, צונויפגערופן געווארן א זיצונג פון עלטערע עסקנים צו באהאנדלען די פראגע. ס׳איז געשאפן געווארן אן ארגאניזיר־ און א פרויען־קאמיטעט מיט דער פרוי פאראדיסטאל בראש, מיטן צוועק צו באזארגן די אנגעקומענע פליטים מיט פארשידענע באדערפנישן: שפייז־פראדוקטן, מלבושים, בעטצייג און אפילו מיט דירות. דידאזיקע זאמעל־אקציע איז אדורכגעפירט געווארן סטיכיש, אן יעדער פראפאגאנדע, ווייל די בענדינער פרויען, צו זייער גרויסן רום, האבן בייגעטראגן אלץ וואס איז געווען נויטיק, מיט פיל ווילן און הארץ.

אין דער צווישנצייט וואקסן די פליטים־מחנות אלץ מער און מער, און ס׳זענען שוין דערגאנגען ידיעות, אז במשך פון צוויי טעג זענען דורך די אויבער־שלעזישע גרענעצן, לרוב דורך ראדזיאנקא, פארטריבן געווארן א דריי טויזנט משפחות, און דורך דער זבאנשינער גרענעץ — א צוואנציק טויזנט מענטשן, בערך.

אויך אין דער שכנותדיקער שטאט קאטאוויץ איז געשאפן געווארן א הילפס־קאמיטעט, וועלכער האט צוגלייך מיט בענדין געטון אלעס מעגלעכע, כדי צו פארלייכטערן דעם מצב פון די ליידנדיקע יידן.

אויף אן אספה וואס איז פארגעקומען אין בענדין מוצאי־שבת, 29.10.1938, צו וועלכער ס׳איז געקומען אן יעדער אגיטאציע א גרויסער עולם פון אלע שיכטן, זענען געווארן ברייט באהאנדלט די וועגן און מעטאדן פון אונזער הילפס־אקציע. ס׳איז געוויילט געווארן א סטאבילער קאמיטעט מיט ה׳ פירסטענבערג אלס פרעזעס, יצחק וויגאדזקי (וויצע־פרעזעס), מארקוס גערטנער (סעקרעטאר), ישראל גאטהייל (קאסירער), בנימין גרויבארד, פרוי פאראדיסטאל (אלע טראגיש אומגעקומען), אברהם לייוער (איצט אין אמעריקע) און מאטל גאלד (צווייטער וויצע־פרעזעס), וועלכער איז לעצטנס געקומען מיט זיין משפחה פון רוסלאנד קיין ישראל.

איך בין דעלעגירט געווארן קיין זבאנשין צו העלפן די דארטיקע פליטים און אין דער ארבעט פון „דזשאינט”. זייענדיק דארט א צייט האב איך געשילדערט אין א באריכטס־קארעספאנדענץ פון זבאנשין אין דער „זאגלעמביער צייטונג”, פאלגענדעס:

„דאס קליינע שטעטעל זבאנשין איז פארוואנדלט געווארן אין א גרויסן לאגער פון פליטים, וועלכע זענען „איינגעארדענט” געווארן אין פערדשטאלן פון די פריערדיקע דייטשע פריצים. די סא־

ניטארע ארדנונג — א צופרידנשטעלענדע. דער „דזשאינט" דאגה׳עט אויף אלע געביטן, גרינדנדיק א קינדערהיים, זארגנדיק פאר מעדיצינישע הילף א. אז. וו. דער „דזשאינט" דירעקטאר גיטערמאן (אומגעקומען אין ווארשאווער געטא, די רעד.) האט אויסגעדריקט אנערקענונג מחמת דעם, וואס בענדין האט ארויסגעוויזן אזא פארשטענדניש אויפ׳ן געביט פון לינדערן די ליידן פון די פאריאגטע פליטים. כ׳בין געווארן צוקאאפטירט צו דער ווירטשאפטלעכער אפטיילונג, וואס האט געפאדערט פיל ארבעט, ווי למשל, צו פארשאפן פארשידענע פראדוקטן און אנדערע קעגנשטאנדן און זיי פונאנדערטיילן אין פאלקס־קיך, קינדער־היים און צווישן פריוואטע מענטשן.

„פון בענדין איז אהער אנגעקומען א ספעציעלער אויטא מיט די געזאמלטע זאכן און מעדיקאמענטן. אויך א גרופע פון אונזערע דאקטוירים און סטודענטן־מעדיקער מיט׳ן ד״ר טייכנער אין דער שפיץ איז געקומען אהער, צוטרעטנדיק תיכף צו זוכן ערגעץ־ווו א מקום־מקלט. יעדער פאסאזשיר, פארלאזענדיק די שטאט, ווערט לעגיטימירט, צי ער איז נישט קיין פליכטלינג".

דער יידישער צבור אין פוילן האט ארויסגעוויזן א גרויסן אינטערעס לטובת די פארטריבענע יידן, אויך אין פאליטישן און געזעלשאפטלעכן פארנעם, און געפאדערט פון דער פוילישער רעגירונג, אז זי זאל איבערנעמען אויף זיך איינצוארדענען און אויסהאלטן די אלע יידן, וועלכע זענען פארטריבן געווארן אלס פוילישע בירגער.

קיין זבאנשין קומען אן דער סיים־דעפוטאט ל. מינצבערג און דער פרעזעס פון דער קראקאווער קהלה ד״ר לאנדוי מיט א גרופע דאקטוירים, טוישנדיק די בענדינער מעדיקער.

קיין בענדין קומען אן א טויזנט נפשות פון די פליטים, פאר וועלכע די שטאט האט ארויסגעוויזן א סך הארציקייט און ווארעמקייט. פיל פליטים ווערן איינגעארדנט אויף ארבעט אין זייער בארוף, אנדערע באקומען מאטעריעלע הילף צו דערמעגלעכן א זעלבסטשטענדיקן קיום און פרנסה. די געזעלשאפט „ארט" פארלייגט קורסן פון צושניידעריי, קינדער אין שול־עלטער ווערן באזארגט מיט שול־בילדונג, אזוי אז אונזער הילף פארצווייגט זיך אויף אלע געביטן.

אין ווארשע קומט פאר א לאנדעס־צוזאמענפאר אונטערן פאר־זיץ פון ראבינער פראפעסאר משה שאר, געווידמעט דעם פליטים־פראבלעם. די שליחים פון בענדין — פריילעך און דער שרייבער פון די שורות, האבן געפאדערט אויף דער קאנפערענץ, אז די הילף פאר די פליטים זאל איינגעריכטעט ווערן אויף א פראדוקטיוון און קאנסטרוקטיוון אופן און וואס שנעלער, פארזארגנדיק זיי מיט ארבעט אין פאבריקן און אין ווארשטאטן און מיט האנטווערקער־שולן — פאר דער יוגנט.

פרילינגס־צייט, 1939, באווייזן זיך אין בענדין נייע פליטים פון סלאוואקיע, נאך דער באזעצונג פון היטלערן, ימח שמו וזכרו. אונזער קאמיטעט איז געווען טעטיק זייער פאזיטיוו ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואס האט אונז אלע פארוואנדלט אין פליטים און מתים.

כ׳קען נישט פארענדיקן דעם ארטיקל, נישט ווידמענדיק אייניקע שורות דעם הייליקן אנדענק פון דער אומגעבראכטער עדה־יידן פון בענדין און מיינע חברים, מיט וועלכע כ׳האב געארבעט אינם פליטים־קאמיטעט.

נישטא מער אונזער שטאט מיט איר ברויזנדיקן אימפולסיוון כאראקטער אויף אלע יידישע געזעלשאפטלעכע געביטן, די שטאט וואס האט רעאגירט אויף אלע אומגערעכטיקייטן און עוולות, די שטאט מיט אירע רבנים, לומדים און וועלטלעכער יידישער קולטור, די שטאט מיט אירע ברייט־הארציקע נדבנים און גוטהארציקע מענטשן.

זאלן דערמאנט ווערן אין יזכור־בוך פון בענדין די טייערע נעמען פון דער איידעלער און מיטן גאנצן הארצן איבערגעגעבענער טוערין פרוי פאראדיסטאל, פון די ערלעכע עסקנים יצחק ויגאדזקי, מארקוס גערטנער, בנימין גרויבארד, ישראל פריילעך עליהם השלום, וועלכע האבן נישט נאר געהאלפן צו לינדערן די נויט פון די פארטריבענע ברידער פון בעסטיאליש־היטלערישן דייטשלאנד, נאר זיי האבן מיט זיי פשוט מיטגעליטן פיזיש און גייסטיק, און ווי פארויסגעזען דעם אייגענעם ביטערן גורל און טראגישן סוף...

כבוד דעם אנדענק פון די צענטליקער־טויזנטער בענדינער מארטירער און קדושים!



נישטא קיין ארט פאר מעבל אין די געטא־הייזער...
אין מקום לרהיטים בבתי הגיטו...

